# אַ דאָרף ווערט געבוירן

הקדמה צו „ערד און גוטס"

אמר הכותב: יוסף ערליך, האָט דאָס בוך, וואָס ליגט פאַר אונדז, אין יידיש־אָריגינאַל, מיט פיל יאָרן צוריק (תשי"ב) אַרויסגעלאָזט אין מיין העברעיִש־נוסח, צו וועלכן איך האָב געשריבן אַ הקדמה, וואָס איך האָב זי איבערגעדרוקט אין מיין בוך „אבני מפתן" (באַנד 1 תשכ"ב, ז"ז 190־191). ברענגענדיק איצט די הקדמה אין יידיש־נוסח, שטרייך איך אונטער די דערמאָנטע ווערטער: מיט פיל יאָרן צוריק, ווייל דערווייל האָט דער מחבר אַרויסגעגעבן אַ לייסטער ביכער, אין ביידע לשונות, און האָט זיך איינגעקויפט אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטן פּראָזאַיִקער, וואָס האָלט אין סאַמע מיט פון זיין שרייבן, דאַריבער זע מיין הקדמה צו זיין מאָנאָגראַפיע וועגן זיין געבוירן־שטעטל, וואָלבראָם (תשכ"ג) איבערגעדרוקט אין מיין בוך „היימישע כתבים" (תשל"ג, באַנד 1 ז' 238־241) און מיין הקדמה צו זיין בוך „שבת", וואָס איז אַרויס דריישפּראַכיק (יידיש, העברעיִש, פראַנצויזיש, און איז איבערגעדרוקט אין מיין בוך „היימישע כתבים" (כנ"ל, ז"ז 241־242), און אין מיין בוך „אבני מפתן" (תשל"ב, באַנד 3, ז"ז 230־231).

2

יוסף ערליך — האָב איך געשריבן אין דער הקדמה צו „טוב הארץ" איז געקומען, אַ יינגל אַ חלוץ, אין אונדזער לאַנד אַריין און האָט געאָטעמט מיט זיין אויפבוי און זיינע מאַטעריעלע און פּסיכישע ווידעראַנאַנדן, און האָט געפּרוווט דעם פּראָצעס אויך שרייבעריש צו באַוועלטיקן, און דערצו האָט אים פאַרהאָלפן די סגולה וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידיש־ליטעראַטור — די סגולה פון גרונטיק־עלעמענטאַרן קוק, וואָס ווייסט גישט פון קיין איבעריקער מחיצה, בעיקר אַ למדנישער מחיצה — צווישן דעם זעענדיקן און דעם געזעענעם. די דאָזיקע סגולה וואָרצלט אין זיין מענטאַליטעט און כאַראַקטער און די לערערס אויף דעם שרייבערישן וועג זיינעם, זענען איטשע מאיר וויסנבערג און אַברהם משה פוקס, וואָס די קריטיק קווענקלט זיך צו דעפינירן דעם דרך און סאָרט פון זייער שרייבן, ווייל רעאַליזם ווייזט זיך אויס ווי אַ נישט באַנוגנדיקע דעפיניציע,

בשעת נאַטוראַליזם ווייזט זיך אויס אַ פּגימהדיקע דעפיניציע. לעצטנס האָט יחיאל האָפּער געפּרוּווט גובר זיין די שוועריקייטן, אָנרופנדיק דעם דרך פון א. מ. פוקס: סורנאַטוראַליזם.

אָט די סגולה איז ביי אונדזער דערציילער געוואָרן ווי אַ געצייג פון אָבסער־וואַציע און באַשרייב, וואָס האָט אויפגעכאַפּט און אַריינגעכאַפּט שטיקער לעבן ביי אונדז אין לאַנד. וואָס שייך אונדזער בוך איצט איז דער הויפּטפאַרשוין בעצם דאָס באַשריבענע דאָרף, דאָס גאַנצע דאָרף. בשעת דאָס געזעמל פון די האַנדלענ־דיקע פּאַרשוינען, די באַזונדערע מענטשלעכע טיפּן, אַ יעדער לויט זיין גרונט און כאַראַקטער, ווערט דערלאַנגט אין יענעם ליכט פון געשעעניש און אַקציע, ווו די פאַרשיידנקייט זייערע ווערט, אין אַ שפּיל פון צוטי און אָפּשטויס, פאַרשלינגען אין געוועב פונעם דאָרף, אין גאַנג פון זיין מי און רו און אין צוזאַמענמיש פון זיין נאַטור און לאַנדשאַפט. און דער עיקר פון דער דערציילונג שטעקט אינעם באַגעג־געניש צווישן צוויי נפשות — פון איין זייט דאָס נפש פונעם מענטשן, אַ שפּליטער־אָנהויב פון כלערליי מיני גלותן: אַ יעדער שפּליטער לויטן סאָרט מעטאַל זיינעם. פון דער אַנדערער זייט דאָס נפש פון דער נאַטור־לאַנדשאַפט וואָס דער אַנטבלויז פון אירע פאַרבאַהאַלטענע רוחות פאָדערט אַ צוזאַמענגוס און צוזאַמענשמעלץ פון די אַלע שפּליטערס ווי אַ צוזאַמענגעראַלטער בלאָק פון אַ בכיוונדיקן אויפטו. אויב מיר ווילן זיך עפּעס פאַרטיפן, וועלן מיר זאָגן, אַז די ליידנשאַפט איז זיי ווי מחויב, זיך צו דערמאָנען יענע אונטערשטע שיכט פון דעם גרונט־אַלטן געדעכעניש, ווען עס איז פירגעקומען דאָס באַגעגעניש צווישן זיי און דער קדמון־ערד אין די היסטאָרישע מרחקים פון זייער פאָלק.

דער דערציילער, וואָס ווייזט נישט אָן מיטן פינגער, ווייזט אויך נישט אָן אויף יענער שיכט, אָבער אירע רמזים בלינצלען, ווי פון זיך אַליין, אַפּיר בשעת די באַוווּסטע און בכיוונדיקע אויפגאַב פון דער דערציילונג ווייזט באַשיינפּערלעך דעם ווּקס פונעם דאָרף אין סאַמע צוזאַמענטרעף און צוזאַמענשטויס פון די פאַרשיידענע און משונהדיקע עלעמענטן, ווי נאָענטקייט און ווייטקייט מישן זיך פאַראַנאַנדער און מיטאַנאַנדער.

אָט האָבן מיר פאַר זיך אַ געבוירענעם אין ליטע, וואָס דאָס געשטאַלט פון דער שטוב פון זיין טאַטע־מאַמע ליגט אים אין בלוט, פונקט ווי דער מישמאַש פון זיינע פּרנסות אין אַמעריקע ליגט אים אין זכרון. און אָט האָבן מיר אַ געבוירענעם אין פּוילן וואָס טראָגט אין זיך דעם שטייגער פון יראים ושלמים און וויל אים ווייטער שפּינען. אָט האָבן מיר צוויי עולים פון דייטשלאַנד, וואָס זענען ווי אַן ענקלאַווע אין דעם זיך שאַפנדיקן ציבור, און זיי דערהאַלטן אַ באַזונדער־קייט אין תחום פון רשות און אַ בשותפותדיקייט אין תחום פון חוב, אָבער ביי די קינדער זייערע, פונקט ווי ביי די קינדער פון די אַנדערע עולים, פאַרטושן זיך די אַנדערשקייטן און וואָס מער זיי לאָזן זיך באַהערשן פון דער נאַטור פון דאָרף און זיין לאַנדשאַפט, אַלץ מער ברעכן זיי איין דעם אָפּשטאַנד צווישן די שבטים. דער דערציילער האָט באַזונדערס אויסגעבולט די געשטאַלט און שטעל

פון אַ פֿאַרשױן, אַ יונגער־מאַן, װאָס איז װי אַ מין אחדות־אידעאַל פֿון נאַטור און פּסיכע, פֿון לאַנדשאַפֿט און מענטש. און ער לאָזט אים נאָכיאָגן אַ בהמה, װאָס איז אַנטלאָפֿן פֿון ענגקײט צו װײטקײט, באַגעגענען אַן אַנדערן מענטש, אַ מײדל, און זײ װערן אַן אַרבעטנדיק פּאָר־פֿאָלק. אַ סימבאָל פֿאַרן אַבסאָלוטן באַהעפֿט צװישן אַ האָרעפּאַשניק און זײַן ערד־טיף אונטן און זײַן הימל־ברײט אױבן — צװײ יסודות װאָס האָבן קײן פֿאַרבײַט נישט.

כּללו של דבר: אַן אַלטער שרײַב־נוסח, װאָס איז נײַ און באַנײַט — אַ קלײנע מגילה, װוּ דער שרײַבער האָט אַרײַנגעשפּאַרט אַ גאַנצע עפּאָפּײע.

**דב סדן**

# א

די ערדפלאַך איז געלעגן פונאַנדערגעלייגט לענגאויס דער פעלזנוואַנט פון די הרי־יהודה און זיך געצויגן ווי אַ גרענעץ־פּאַס. דער שטח צווישן דער ערד־פלאַך און די בערג איז געווען אַ געמיש פון ערד און שטיינער. דאָך האָט אויף דער גרענעץ ווו עס טרעפט זיך צונויף די פונאַנדערגעלייגטע ערדפלאַך און דער שיפּער באַרג געקלונגען דער אָפּהילך פון דעם וועלט־אַנטשטיי. אין זיי האָט זיך באַוועגט די מעת־לעת אָפּוועקסלונג. אינעם נעפּל שלייער פון דעם דורכזיכטיקן רוים איז פאַראַן די באַהעפטונג פון דער פולקאָמער גאַנצקייט.

ווי צעשפּליטערט, אויסגעריסן פונעם ערדפלאַך און דעם באַרגקייט־צונויפ־טרעף שטייט אָפּגעזונדערט דער באַרג. אַ צעפּלאַטשעטער ווי דער לופטדרוק זאָל האָבן צעשפּאָלטן זיינע אור־כוחות. די ווינטן האָבן אויף אים אָנגעטראָגן אַ שיכט שטויב און ער זעט אויס ווי אָנגעטאָן אין אַ בגד וואָס האָט פאַלדן מיט פאַלדן. די צעוואָרפענע שטיקלעך ערד און זיינע פאַלדן־איינגעווײדן האָבן אין די רעגן־טעג אים באַדעקט מיט אַ גרין פון אַ זעקסבלעטלדיק שטענגל־געוויקס. די זונענשיין און לבנה ליכט האָבן נישט פאַרלאָזן זייער קעניגרייך ביז זיי האָבן דערגרייכט די ליניע ווו עס טרעפן זיך צונויף די ערד מיט דעם באַרג. אויף דער פעלזנוואַנט איז זייער ליכט ווי הענגען געבליבן, פאַמעלעך זיך אַראָפּגע־גליטשט, און זיך איינגעצויגן און פונאַנדערגעשפּרייט איבער דער בלענדנדער העלקייט אין דער סביבה. די צונויפגעזאַמלטע פון די האַרבסט־רעגנס וואַסער־פלוסן האָבן געשטראָמט פון די בערג און אין משך פון דער צייט אויסגעביסן אין דער ערדפלאַך און אין דער לינקער זייט, נאָענט פון באַרג, אַ טיפע וואַדי וואָס אין ווינטערצייט פילט זי זיך אָן מיט דעם שטראָמיקן וואַסער וואָס פליסט אין ים אַריין. די שטאַרקע ווינטן האָבן אין משך פון דער צייט אָנגעטראָגן אין דער רעכטער זייט פון באַרג אַ דיקן האַרטן זאַמד און אויף אים אָנגעזעצט אַ ליידיקע וויסטעניש אָן שום לעבן. דעם גרויסן ערד־שטח וואָס האָט זיך אַריינגעשטופּט צווישן די פעלזנווענט און צווישן דעם צוגעפּלאַטשטן באַרג האָט די וואַדי אָפּגעשיידט די ערד פון דעם זאַמד. די בערג פון ביידע זייטן וואַדי האָבן דורות לאַנג געהיטן דעם ערדקלין פון פאַרניכטונג וואָס איז געווען ווי אַן אַרויסגעשטעקטע צונג צווישן די ברייטע, פונאַנדערגעשפּרייטע ערד־שטחים וואָס די דורות פאַרוואָרלאָזונג האָט פאַרדעקט מיט אַ דיקער, טרוקענער שיכט. דורות־לאַנג האָט אויף אים נישט געטראָטן נישט קיין מענטשנפוס און נישט קיין בהמה־קלאָ.

אָבער די שפּאַרנדע זיך דורות לאַנג ווילדעניש וואָס האָט כסדר אַלץ מער און מער באַהערשט די פּרוכטבאַרקייט איז פון לאַנג שוין געווען געצוימט. דאָס פאָלק וואָס האָט זיך אומגעקערט, צונויפגענומען זיך פון אַלע עקן וועלט האָט זיך איר אַנטקעגנגעשטעלט. אָט איז פאַרשוווּנדן דער ערדקלין. אַקראַייזן־מעסערס האָבן אים איבערגעאַקערט.

די פעלדער צום ים, אויף וועלכע עס האָבן דורות לאַנג די ים־ווינטן אָנגע־טראָגן כוואַליעס זאַמד, זענען געוואָרן אָפּגעהאַלטן. שורות אויסגעפּלאַנצטע טאַמאַריסק־ביימער האָבן זיי פאַרשטעלט דעם וועג. דער ברונעם פון דער דורכ־געבויערטער ערד־טיפעניש האָט דערמעגלעכט פאַרלייגן אַ וואַסערנעץ מיט אַ רערנקנופּ וואָס צעגייט זיך אין עטלעכע ריכטונגען און זעטיקט די ערד־שטחים וואָס אויף זיי איז געבויט דאָס דאָרף רימונה.

דאָס דאָרף באַשטייט פון צוויי רייען הייזער, וואָס שניידן איבער אַ ברייטן, האַרטן קוקאַר־וועג. די צוויי שורות הייזער זענען געבויט ווי אַ דל״ת. אַלע זענען זיי איינשטאָקיקע מיט רויטע קאַרמיטענע דעכער. זיי זענען אַרומגענומען מיט אַ גאָרטן־גאַרטל וואָס טונקט זיך אין גרינס. שורות ביימער פאַרשטעלן די הייזער פאַר דער גליענדיקער היץ וואָס ברעכט זיך אויף דעם ווידערשטאַנד פון די גרינסן.

איבערן דאָרף איז געווען פונאַנדערגעשפּרייט די זאַטקייט. פון די שטאַלן אַרויס אונטער די הייזער האָט זיך כסדר געטראָגן דער ווידערקול פון די בהמות מ־ו־ו־ו־ו! די בהמות זענען געשטאַנען אויף זייערע ברייט צעשטעלטע קלאָ־פיס און געמעלה׳גרהט, געוואַרט מען זאָל ביי זיי קומען, אָפּנעמען די לאַסט פון זייער אָנגעזאַמלטער מילך. אויך די הענער אין די שטייגן, וואָס האָבן פון ווייטנס אויס־געזען ווי ווייסע באַוול־באַלעמלעך, האָבן זיך אומרויִק אַרומגעדרייט און געקוואַ־קעט. נאָר די, וואָס האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעבן זייער בויכפּרוכט זענען מערסטנ־טייל געשטאַנען אויף איין פוס, מיט אַ פאַררוקט קעפּל צווישן די פליגל און געדרימלט. די נישט געשפּאַנטע אין דער אַרבעט אייזלען, האָבן פון לאַנגווייליקייט געהירזשעט, געקלאַפּט מיט די פיס, אָפּגעיאָגט פון זיך די פליגן. פון צייט צו צייט האָט אויך אַן אָקסן־מרוק אויפגעריסן די זעטיקע רויִקייט אין רימונה.

די אַרויסגעריסענע וואַסערנעץ פון דער ערד־טיפעניש איז געפלאָסן רעגל־מעסיק. רערן פונאַנדערגעלייגטע איבערן דאָרף האָבן מיט אַ פלוס־שאָרך געזע־טיקט מיט שפע די שטחים פון רימונה. די לבנה און זונענשיין האָבן אַריינגע־שטראַלט דורך די פענצטער און באַלויכטן דעם שטובנרוים מיט לויטערער העלקייט אין וועלכער עס האָט זיך געפילט פרישקייט. די געוויקסן הינטער די פלויטן אַרום די הייזער האָבן פאַרשפּרייט רחבות און רו.

אָבער דאָס גרעסטע רחבות אין דאָרף האָט געהויזט אין די ווירטשאַפטן פון אַרצין און כאַלאַמין וואָס האָבן זיך געפונען אין צוויי באַזונדערע גאַסן. יעדער פון זיי איז געווען דער הערשער אין דער גאַס ווו ער האָט געוווינט, אָבערביידנס אָנהענגער זענען געווען צעשפּרייט איבערן דאָרף ווייל ביידע זענען געווען

געװײלטע דאָרפֿס־פֿאַרװאַלטערס. בײדע האָבן אַחוץ זײער טאָג־טעגלעכער אַרבעט זיך באַמיט געבן דעם דאָרף אַן אױסזען לױט זײערע אױפֿפֿאַסונגען.

אָבער דעם אױסזען און מהות פֿונעם דאָרף האָט געשאַפֿן די װירקלעכקײט, די אײנגעזעסנקײט פֿון די מענטשן און זײער אַרבעטסזאַמקײט.

# ב

דער שטח פֿון אַרציס װירטשאַפֿט, װאָס ער האָט פֿאַרלײגט מיט יאָרן צוריק, האָט זיך געפֿונען אינעם גאַסן־אױסגאַנג, דעם לאַנגן אָרעם פֿון דל״ת. נאָר עטלעכע הונדערט מעטער איז געלעגן אָפּגעלײגט זײן װירטשאַפֿט פֿונעם הױפּט־טראַקט, דעם אַספֿאַלט־װעג תל־אביב — חיפה. נאָר אַ פּאָר הונדערט מעטער נישט געפֿלאַסטערטער װעג האָבן דאָס דאָרף אָפּגעריסן פֿון דעם רױשיקן צװישן־שטאָט־פֿאַרקער.

דער קאַנטיקער, לאַנגער, ברױן־פֿעטער ערד שטח — אַרציס װירטשאַפֿט איז געװען באַדעקט מיט אַ דיװאַן פֿון גרינס. כל מיני קוסטעס און בײמער האָבן פֿאַרשטעלט די װענט פֿון די הײזער. עס האָבן זיך בלױז געזען די דעכער. נאָר אין די פֿאַרנאַכטן װען עס האָט אַ װײַע געטאָן אַ װינט, װאָס האָט אַ װיג געטאָן די בײמער־צװײַגן האָבן זיך אָפּגעדעקט די װענט פֿון די הײזער און אין די פֿענצטער האָט אַ בלאַנק געטאָן דער אײביקער גלי, די אונטערגײענדע זונען־שטראַלן. דער קלאַנג פֿון די װיברירנדע װאַסער־שלײדערער האָט װי אײנגעװיגט אין דער נאַכט אַרײן די גלײַענדיקע פֿענצטער־שױבן און די קאַראַמיט־דעכער.

דער שיף פֿונאַנדערגעלײגטער קאַראַמיטענער דאַך איז געלעגן אױף פֿירקאַנטיקע פּילאַרן פֿון רױט געפֿוגעטע ציגל. די טירן און די פֿענצטער זענען געװען ברײטע, טיפֿע מיט אַ סך ליכט און זונענשײַן. דער פֿראַנט פֿון הױז, לענג־אױס דעם באַלקאָן האָבן געצירט פּירקאַנטיקע בײטן און קלאָמבן. דער אַרײנגאַנג האָט געפֿירט אין אַ ריזיקן, פּירקאַנטיקן האָל אַרײן און װעלכן דער פּאָל איז געװען אױסגעלײגט מיט מאַרמאָר־פּלאַטן. טירן האָבן געפֿירט אין אַלע צימערן אַרײן. אין די צימערן זענען געשטאַנען איסטע מעבלשטיק און עס האָט געשמעקט אין זײן משפּחה־רױקײט.

די הױז־אײנריכטונג איז געװען לױטן געשמאַק פֿון דער פֿרױ. זי איז געװען אַ הױכע, קאָרפּולענטע ברונעטין. אירע טריט און בליק האָבן אָנגעדײַט חשיבות.

די קיך איז געװען געבױט נישט װי די קיכן אין לאַנד. די קיך איז געװען אַ ברײטע, גרױס צימער אין װעלכן עס זענען געשטאַנען לאַנגע, פּראָסט געהיבלטע טישן און בענק. דאָ האָבן די אַרציס געגעסן װען די משפּחה איז געװען אַלײן. די אײנריכטונג איז געװען לױטן שטײגער פֿון די פֿויערים אין אַמעריקע.

אין די צימערן האָט געהױזט דער געשמאַק װאָס איז געװען אַ געמיש פֿון

זאַטער פּרוכטבאַרקייט און דעם ריח וואָס האָט זיך געטראָגן פון נאָענטן פּרדס און זיך געמישט מיט דעם יערנדן ריח פון די שטאַלן און מיסט־גריבער. לויט דער גרויס פּונעם שטאַל איז די הינערשטייג געווען אַ קליינע. דער אייער־לייג האָט נאָר געקלעקט פאַרן אייגענעם געברויך און אויף מתנות, וועלכע פרוי אַרצי האָט כסדר געשיקט אין שטאָט אַריין צו אירע באַקאַנטע. מיט פאַרנעם און שווונג איז געווען די קושטאַל. דאָס איז געווען אַ לאַנגע פון בעטאָן געגאָסענע געביידע, געדעקט מיט אַן אַזעבסטדאַך. די איינריכטונג איז געווען אַ מוסטערהאַפטע. יעדע קו האָט געהאַט איר שטייפלאַץ וואָס איז געווען אָפּגעצוימט מיט אַן אייזערנער באַריערע און אַ טאָוול מיט איר נאָמען. זייער אויסגעגעסן פעטער אויסזען און זייערע גרויסע אויגן האָבן תמימותדיק געקוקט, אָנגעזאָגט, אַז זייער ראַסע איז אַ פריזלענדישע אָדער פון האָלאַנד. פיר צענדליק באַאייטערטע קי און צוויי צענדליק קעלבער אין פאַרשידענעם עלטער האָבן שטיפעריש גע־האָצקעט און אַרומגעשפּרונגען.

אָפּגעזונדערט אינעם לינקן פליגל איז געווען דער שטאַנד פון דעם ווילדן, האָלענדער אָקס. ער איז געווען ווי צוזאַמענגעקלעפּט פון פאַצענעס, אויסגעקנע־טענעם פלייש. מיט דער אייזנרינג אין דער נאָז האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין זיין אָפּגעצוימטן שטח און זיך געשלאָגן מיטן וויינדל, שווער געפרייכט און געניוכעט. די אַרציס האָבן אויך געהאַט שטיין אַ פערד אויף דינע פיס פון אַ טונקעלן קאַשטאַן קאָליר, מיט אַן אונטערגעהאַקטן עק און אַ צוגעשוירענער ווי אַ באַרשט גריווע. דאָס פערד האָט געדינט צום רייטן און שפּאַצירן, צו דער אַרבעט אין פּרדס. צום ערדאַקער האָט אַרצי געדונגען מוילאייזלען, פונקט ווי ער האָט כסדר געדונגען מענטשן צו זיינע פאַרשיידענע אַרבעטן, וואָס האָבן באַדאַרפט געמאַכט ווערן. די אַרציס האָבן אויך געהאַט צוויי הינט. איינער איז געווען אַ גרויסער, בייזער, ברוינער, קרום־פיסיקער און שאַרף־צייניקער בולדאָג — באַראַק. באַראַק איז דעם גאַנצן טאָג געווען אויף אַ קייט. נאָר אין אָוונט האָט מען אים אָפּגעלאָזט ער זאָל היטן דיווירטשאַפט. דער קליינער, האָריקער פודעל „באָבי״ האָט זיך געפונען אין שטוב. באָבי איז גאַנצע טעג געלעגן צעלייגט אויף דער טעראַסע און זיך געוואַרעמט אויף דער זון. ער האָט זיך נאָר געריסן צום לויפן ווען ער האָט דערשפּירט ערגעצוו קריכן אַ קאַץ.

אַרצי אַליין איז געווען אַ מיטלוווקסיקער, ברייטבייניקער. רויטע האָר האָבן איבערגעדעקט זיין פליישיקן קאָפּ אין וועלכן עס איז געווען ווי אויסגעטעסעט אַ דיק ענערגיש פּנים. פונעם פּנים האָבן אַרויסגעקוקט צוויי טיף איינגעזעצטע, שאַרף בליקנדיקע, העל בלויע, וואַסערדיקע אויגן.

אַרצי האָט אין זיין קעניגרייך־ווירטשאַפט געהאַט שפע, רו און זעט. ער און זיין משפּחה זענען געווען די איינציקע הערשער אויף זייער ערד. אין דער סביבה איז ער געווען געשעצט פאַר זיין גוטהאַרציקייט. אַ געשעצטער און געאַכטער האָט ער נישט פאַרגעסן זיין פאַרגאַנגענהייט. ער האָט געדענקט זיין קינדהייט, דאָס בעל־הביתישע הויז פון זיינע עלטערן אין ליטע, דאָס נידעריקע, לאַנגע, ווי אין

דער ערד אַריינגעוואַקסענע, הילצערנע הויז מיט די קליינע פירעקיקע פענצטער דורך וועלכע עס איז זעלטן ווען אַדורכגעדרונגען אַ זונענשטראַל. זייענדיק אַריינגעדרונגען אינעם וועלטלעכן שטייגערלעבן איז אין אים פֿאַרבליבן איינגעוואָרצלט די געשטאַלט פֿון דעם הויכן, קרעפּטיקן ייִד מיט דער לאַנגער שוין גרייזגרויער, זיידוויכער פּאַטריאַרכאַלישער באָרד — זיין פֿאָטער. אַרצי האָט נישט פֿאַרגעסן. ער האָט זיך אויך נישט באַמיט צו באַפֿרייען פֿון דער געשטאַלט אין דער לאַנגער, אַרומגעגאַרטלטער איביצע, וואָס איז גאַנצע טעג געווען פֿאַרטאָן אין די הייליקע ספֿרים, פּונקט ווי ער וויל נישט פֿאַרגעסן זיינע ניין עלטערע און ייִנגערע פֿון אים ברידער און שוועסטער וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין שטוב. ער האָט אַלע געדענקט; די עלטערע פֿון אים אין זייערע אַלטע, אויסגעדרייטע שיך; די ייִנגערע פֿון אים וואָס זענען געגאַנגען באָרוועס. ער האָט שטענדיק פֿאַר זיך געזען זיין מאַמען און באַדויערט די ברייט־דיקלעכע געשטאַלט מיט אָנגעשוואָלענע פֿיס פֿון וויטאָג. ער האָט זי געזען אין איר געבלומט קאָפּטיכל מיט וועלכן עס זענען געווען אַרומגעבונדן אירע לאַנגע, שוואַרצע האָר, פֿרעמדע אויגן זאָלן זיי נישט זען. ער האָט נישט פֿאַרגעסן ווי די מוטער האָט זיך געפּאָרעט ביים איינקויפֿן און פֿאַרקויפֿן עטלעכע קערץ תּבֿואה עס זאָל זיין חיונה. כאָטש דאָס לאַנגע, גרויסע צימער איז געווען די ווינשטוב און דער תּבֿואה־שפּייכלער האָט די משפּחה נישט געגעסן צו דער זעט. מער ווי אויף אַ טעפּל קאַרטאָפּל מיט אַ לאַבן ברויט האָט קיינמאָל נישט געסטייעט.

דערפֿאַר, ווי נאָר אַרצי איז אַלט געוואָרן פֿופֿצן יאָר האָט ער איבערגעריסן דאָס לערנען אין דער ישיבֿה און פֿאַר די קוים צונויפֿגעקליבענע ביי דער מוטער עטלעכע גילדן אַוועקגעפֿאָרן פֿון זיין שטעטל. ער איז געפֿאָרן קיין אַמעריקע אויף אַ דעק פֿון אַ לאַסטשיף וווהין עס זענען געפֿאָרן מערסטנטייל ייִדן פֿון ליטע זוכן פּרנסה.

ער האָט נישט פֿאַרגעסן זיין געבורטס־שטאָט. ער האָט געדענקט דעם ברויזנד־פֿליסנדן טייך, די וועלדער, טראַטוועס, די היים. די גאַנצע צייט פֿון זיין שווערן קאַמף פֿאַר עקזיסטענץ אין דער פֿרעמדער, אין דער גרויסער אַמעריקע איז ער מיט זיינע געדאַנקען געווען אין דער היים, ביי די עלטערן מיט די געשוויסטער.

די ערשטע צייט האָט ער געאַרבעט אין אַ קעלערשטוב אַלס פּרעסער, נישט זעענדיק פֿאַר זיך די טאָגנשיין. דערנאָך האָט ער געאַרבעט אַלס ברויט־צעפֿירער און איז ווידער נישט דערשלאָפֿן די נעכט. נאָר ווי ער האָט אָפּגעשפּאָרט פֿון דער אַרבעט אַ ביסל געלט, נאָך דעם ווי ער האָט יעדן חודש רעגלמעסיק געשיקט שטיצע די עלטערן, האָט ער זיך געקויפֿט אַ פֿערד מיט אַ וואָגן. אַ לאַנגע צייט איז ער אַרומגעפֿאָרן איבער די ניו־יאָרקער פֿאָרשטעט און דאָרט פֿאַרקויפֿט כּל־מיני אויבסטן. ווען ער האָט צונויפֿגעזאַמלט אַ סכום געלט, האָט ער זיך געדונגען אַ קראָם אויף איינער פֿון די ברוקלינער גאַסן אין צפֿון, אין וועלכער ער האָט פֿאַרקויפֿט פּרוכטן. ווען ער האָט מצליח געווען אַלס קרעמער האָט ער

חתונה געהאַט מיט דעם מיידל, וואָס האָט ביי אים געאַרבעט אַלס פּאַרקויפערין. עלי האָט אויך געשטאַמט פון ליטע. אירע עלטערן האָבן זי גאַנץ פרי געבראַכט קיין אַמעריקע אָבער זיי זענען פריציייטיק געשטאָרבן און זי געלאָזט אַ יתומה.

פרוי עלי, די שוואַרץ־באַחנטע, האָט איר רויטהאָריקן מאַן געבוירן אַ האַר־ציקן זון. דאָס איז דאָס שאַטינענע יינגל מיט די בלויע אויגן וואָס זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן קלמן נאָכן פּאָטערס פאָטער. גערופן האָבן זיי אים אָבער קלאַרק.

מיטן געבורט פון זון איז איינגעטרעטן אַן ענדערונג אינעם לעבן פון דער משפחה. דער פּאָטער האָט געהאַנדלט און גוט פאַרדינט. זייער וווינונג האָבן זיי איינגעאָרדנט מיט קאָמפּאָרט. דער זון האָט געלערנט און אויך זיי האָבן צווישן זיך שוין גערעדט ענגליש.

דאָך איז דעם הער פעלדמאַן, אַזוי האָט ער געהייסן פון דער היים, איצט נמאס געוואָרן די זאַטע אָנגעגעסנקייט. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן מער זיין פרעמדקייט. וואָס ווייטער, אַלץ מער און מער איז זיי געוואָרן צו לאַסט דאָס מוזן אויסבאַהאַלטן זייער אָפּשטאַם צוליב דער אַטמאָספערע און די סביבה. אין אַ געוויסן טאָג האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט זיין פרוי און מיטן זון, וואָס איז שוין געווען אויפן צווייטן סעמעסטער כעמיע, און באַשלאָסן פאַרלאָזן אַמעריקע. זיי האָבן פאַרקויפט זייער פאַרמעגן און זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל, זייער אַלט־נייע היים.

דאָ אין לאַנד האָבן זיי אָנגעהאַלטן אַ שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט אַמעריקע, אויך נאָך אַבאָנירט די דאָרטיקע צייטשריפטן און זיך דורכגעשריבן מיט פריינט און באַקאַנטע, אָבער מיט זייער גאַנצן וועזן האָבן זיי געוואָרצלט אינעם היגן לעבן, געאַנקערט אין דערווירקלעכקייט.

פרוי אַרצי האָט געפירט איר שטוב־ווירטשאַפט. איר האָט מיטגעהאָלפן דער שלאַנקער ווי אַ צעדער שוואַרץ־הויטיקער אחמד. ער האָט געשטאַמט פון ערגעץ אַ וויטן אַראַביש־נעגערישן שבט. ער האָט געהאַט דיקע פליישיקע ליפּן און אויסגעגלאָצטע אויגן וואָס האָבן געקוקט ווי זיי וואָלטן זיך נישט זאַט אָנגעקוקט אויף דער סביבה.

אַרצי האָט געפירט די ווירטשאַפט נאָר דער פאַקטישער אַרבעטס־מענטש איז געווען זייער זון קלאַרק וואָס האָט זיך ווידער גערופן קלמן. אין שטאַל האָבן געאַרבעט מענטשן פון דאָרף וואָס זענען טאָג טעגלעך געקומען צו דער אַרבעט. דער הויפּט־אַרבעטער איז געווען גדעון, אַ שלאַנקער, קרעפטיקער בחור מיט אַ פאַרברוינטער פון דער זון בראָנז־הויט. ער האָט געשטאַמט פון אוקראַיִנע. זיינע עלטערן האָט ער כמעט ווי נישט געקענט. אַלט זייענדיק פיר יאָר האָבן די פעטלוראַ־באַנדעס זיי געהרגעט, דער אַמעריקאַנער יידישער הילפס־רעטונגס־פאַרבאַנד וואָס איז דעמאָלט געווען טעטיק אין די פּאָגראָמירטע שטעטלעך און געראַטעוועט וועמען מען האָט געקענט, האָט אים אַלס קינד געשיקט קיין ארץ־ישראל. ער געדענקט גאָרנישט פון זיינע ערשטע פיר לעבנסיאָר. פּונקט אַזוי

געדענקט ער גאָרנישט פון זיין ים־רייזע. ער געדענקט נאָר גוט זיין קומען אין לאַנד אַריין, זיין דערציִען זיך אינעם קינדער־דאָרף לעבן עפולה.

ווי נאָר ער האָט געענדיקט די פאָלקסשול איז ער אַוועק קיין נחמיה צו אַ מתישב אַרבעטן. דאָ האָט ער געאַרבעט דריי יאָר און געלערנט זיך ווירטשאַפטן און באַאַרבעטן די ערד. אין דער צווישנצייט איז ער אויסגעוואַקסן אַ לעבנס־לוסטיקער, דרייסטער בחור. זיין קויל־שוואַרצער, געדיכטער טשופּרינע־לאָק איז אים אַריבערגעהאַנגען איבער זיין ברייטן גלאַטיקן ווי שטאָל פּאָלירטן שטערן און האָט זיין לענגלעך, גוטמוטיק פּנים צוגעגעבן דרייסטקייט. זיינע שאַרפע אַרויס־שטאַרנדע קינבאַקן האָבן ביי יעדער קלענסטער פּנים־באַוועגונג אַ צאַפּל געטאָן און עדות געזאָגט וועגן זיין אַנטשלאָסנקייט. זיין דורכדרינגלעכער אָדלער־בליק פון זיינע גרויסן וואַסער־אויגן, זיינע עלאַסטישע און באַחנטע באַוועגונגען האָבן דעראָבערט מיידלערישע הערצער, אַנגעוואָרפן אַ נישט־דרייסטקייט. זיי זענען שטענדיק גרייט געווען זיך לאָזן מיט אים אויף אַ שפּאַציר איבער וויטע פעלדער. דער שטורעם פון זיינס אַ טאַנץ, אַ הורה אָדער אַ דעפּקע האָט אים צוגעגעבן חן און רייץ.

ענלעכע אייגנשאַפטן האָט ער אַרויסגעוויזן ביי דער אַרבעט: פלייס און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אַרומאַרבעטן אַ צענדליק קעפּ בהמות, זיי אַרומרייניקן, אונטערבעטן שטרוי, אָנזעטיקן זיי, אָנטרינקען און אויסמעלקן איז פאַר אים געווען אַ נאָרמאַלע אַרבעט. די בעלי־חיים האָבן אים גערן געהאַט. דאָס איז געווען קענטיק אין זייערע גרויסע, תמימותדיקע אויגן וואָס זענען פאַרלאָפן מיט אַ שפּיגלנעץ. ווען ער האָט עפּעס געטאָן האָבן זיי אויסגעשטרעקט זייערע קעפּ אויף די גוידערדיקע העלדזער, געמרוקעט, ווי אים גערופן מיט זייער טיפן האַלדזיקן מ־מ־ו־ו־ו. צופרידענע פון זעט האָבן זיי אים געגלעט מיט זייערע סאַמעט ווייכע פּיסקעס און לאַנגע פליישיקע צונגען ווען ער האָט זיך צו זיי דערנענטערט. יעדע קו איז פאַר אים געווען אַ לעבן פאַר זיך וואָס נויטיקט זיך אין אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. פון זיין געהער איז נישט אַנטקומען קיין איין ציטער און שרעק־געשריי זייערער. אַפילו דער אָקס וואָס האָט צו זיך קיינעם נישט צוגעלאָזט איז געשטאַנען רויִק ווען גדעון האָט אים געריייניקט.

גדעון דער דרייסטער, שלאַנקער, אַרבעטסזאַמער וואָס איז געווען דער ליבלינג פון די רימונה׳ער מיידלעך איז אויך געווען באַליבט ביי דער משפחה אַרצי. פרוי אַרצי האָט באַדויערט פון גאַנצן האַרץ וואָס זי האָט נישט קיין טאָכ־טער: גדעון איז ביי די אַרציס געווען ווי אַן אייגענער. אַרצי אַליין, וואָס האָט גוט געדענקט זיינע קינדעריאָרן און די יאָרן אין אַמעריקע, זיינע דערנידעריקונ־גען דאָרט, האָט געשעצט דעם יונגן און דרייסט־שטאָלצן בחור.

# ג

אין דער צווייטער גאַס, דער אַנדערער העלפט דל״ת איז געווען כאַלאַמיס ווירטשאַפט. כאַלאַמי אַליין האָט די צוויי דאָרפסגאַסן מיט הייזער נישט גערופן אַזוי ווי די רעשט דאָרפס־איינוווינער „דער דל״ת״, נאָר די רי״ש. כאַלאַמי האָט געשטאַמט פון אַן אינדוסטריע־געגנט אין פוילן, ווו די אויסשפּראַך פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַ האַרטע מיט אַ רי״ש. אויך כאַלאַמיס עברית איז געווען אַ שאַרף קאַנטיקער מיט אַ גרילציק פאַרצויגענעם רי״ש. אַפילו זיין ערד־שטח, אויף וועלכן ס׳האָט זיך געפונען די ווירטשאַפט איז געווען שאַרפעקיק און די גרענעצן פון זיין ערד האָבן אויסגעזען קרום. דער אָנהויב פון זיין ערד איז געווען די גאַס און זיך געצויגן באַרג־אַרויף. זיין הויז — אַ לענגערע, פירקאַנטיקע, גלאַטע, ווי אַ קאַזאַרמע־מויער, געביידע האָט געהאַט אַ סך קליינע פענצטער און טירן. אונטער די ווענט פון דעם גרויען און שיפן דאַך וואָס איז געווען ענלעך צו אַן אָפּגערוקטע שטאַרץ אויף אַ זודיקן קעסל וואַסער האָט געוווינט כאַלאַמיס גאַנצע משפחה: זיינע זין און טעכטער מיט די אייניקלעך.

כאַלאַמי, דאָס קליינע, דאַרע יידל, מיט זיין לאַנגער, געדיכטער צעפּלאָסענער גרויער באָרד און לענגלעך געדרייטע פאות איז ביי זיך אין שטעטל געווען שטאָט־שוחט און צוגעהאַנדלט מיט די געפליקטע פעדערן וואָס ער האָט געשיקט קיין אויבערשלעזיע צו די דאָרטיקע סוחרים. אין זיין טיפן סאַמעטענעם קאַפּל אויפן קאָפּ און איביצע וואָס איז איצט אונטערגעשניטן האָט ער טאָג, טאָג געדאַווענט: „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״, ביז ער האָט ענדגילטיק באַשלאָסן אַלץ צו פאַרקויפן: זיין נידעריק, הילצערן מיט מאַך באַוואַקסן הויז, דעם אָנגעשטאָפּטן שפייכלער מיט פעדערן, אויך דעם זכות אויף דער שטאָט־שחיטה האָט ער פאַרקויפט אַ יינגערן שוחט פון אַ צווייטער שטאָט. ווען ער האָט פאַרקויפט און ליקווידירט אַלע זיינע געשעפטן איז ער מיט זיין פרוי, אַ נידעריקע מיט אַ בויך, אַ טאָכטער פון אַ פאַכציאַזש, געקומען זיין פון די ערשטע מתישבים אין רימונה. ער האָט אין דאָרף אָנגעהויבן פון בראשית. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט מיט אַן אַקראַייזן אויפגעשניטן די ערשטע סקיבע אין דער האַרטער פאַרשטיינערטער דורך דורות פאַרלאָזטער ערד.

ער מיט זיינע כמעט שוין זעקס צענדליק יאָר איז אויך געווען דער ערשטער וואָס האָט געגראָבן דעם ברונעם. ער איז נישט אָפּגעשטאַנען און געגראָבן. זיינע דינע, אָבער האַרטע הענט האָבן געטאַפּט די ערד פון יעדן אַרויסגעצויגענעם בויערער — אפשר וועט ער דערפילן אַן אָנדייט פון פייכטקייט, די האָפענונג אויף וואַסער. אַז מען האָט זיך דערגראָבן און עס האָט אַ פליס געטאָן דער ערשטער וואַסערשטראָם האָט כאַלאַמי זיך געלאָזט אין אַ טאַנץ לויט אַ מאַדזשיצער ניגון. כילה זיין ווייב, האָט געברענגט פאַר די פאַרהאָרעוועטע ברונעם־אַרבעטער — דעם שוין פון אַ פאָר טעג פריִער צוגעגרייטן כיבוד: אָקאָוויט מיט אייער־קיכלעך.

זייערע קינדער, די צוויי זין און איינציקע טאָכטער זענען דערווייל געבליבן

אין פּוילן און זיך װײַטער באַשעפטיקט מיט פֿאַרקױפֿן גאַלאַנטעריע. זײ האָבן כּסדר איבערגעשיקט די עלטערן די רװחים. דער פֿאָטער האָט געקױפֿט הונדערט דונאַם ערד און געפֿלאַנצט אַ פּרדס פֿון פֿיר גלײַכע חלקים מיט מאַראַנצן און ציטרינען. װער עס האָט נישט געזען כאַלאַמיס פֿרײד װען ער האָט געפֿלאַנצט דעם פּרדס האָט קײן שׂמחה נישט געזען. ער האָט געשװיגן אָבער איבער זײַן לענגלעך געל, דאַר פּנים איז געװען אױסגעגאָסן פֿרײד. פֿון פֿרײד און נחת האָט ער זיך אונטערגעברומט פֿאַרשײדענע חסידישע ניגונים. ער האָט מיט יראת־הכּבוד דערלאַנגט די אַרבעטער די בײמלעך־פֿלאַנצן און זײ האָבן זײ פֿאַרזעצט אין די שױן צוגעגרײטע גריבער.

װען די פֿלאַנצן זענען אַ ביסל אונטערגעװאַקסן האָט ער זיך אַװעקגעשטעלט בײַ יעדן בײמל און געגלעט זײערע בלעטלעך, װי ער זאָל גלעטן יונגע קינדער־קעפּלעך. זײַן הױז מיט אַ גרױסן הױף איז געװען געבױט לענגאױס דער גאַס. אײַנגעאָרדנט איז דאָס הױז געװען לױט דעם װילן פֿון דער פֿרױ. זי האָט אים געזאָגט ער זאָל באַפּוצן דעם פּלױט אין גאַס אַרײַן מיט דעקאָראַטיװע בײמער; צעדערן און פֿיקוסן. אַרום דעם הױז האָט זי געזײט אַ סך זון־ און מאָן־בלומען, עס זאָל אױסזען אַזױ װי זי האָט געדענקט פֿון דער הײם אין פּױלן.

דער לאַנגער הױזדאַך האָט פֿון װײַטנס אױסגעזען װי געטונקט אין דער מענגע בלומענקעפּ. איבערן הױף האָבן זיך אַרומגעדרײט עטלעכע צענדליק הינער, פֿרײַ אָן אַ צױם, אױך װי זי האָט עס געדענקט פֿון דער הײם בײַ אירע עלטערן. עס איז אױך אַרומגעגאַנגען אַ גרױסע ציג מיט אָפּגעהאַקטע הערנער, לאַנגע אױערן און פֿאַרקאָלטנט בערדל. די בעל־הבית׳טע האָט זי געמאָלקן. אױך כאַלאַמי האָט זיך אױסגעלערנט זי מעלקן אָבער יעדעס מאָל װען ער האָט זי גענומען מעלקן איז זי געשפּרונגען, געװאָלט אים דערלאַנגען מיט די הינטערשטע פֿיס און אים געדראָט מיט אירע אָפּגעהאַקטע הערנער. דערפֿאַר האָט ער באַװאָסערט די זון־ און מאָן־קעפּ און אַרײַנגעקוקט אין אַ ספֿרל. דאָס איז געװען אַן אױבערפֿלעכלעכער אַרײַנבליק. פֿאַרטיפֿט האָט ער זיך אין ש״ס געבונדן אין לעדער װאָס ער האָט געבראַנגט מיט אַלע זײַנע זאַכן. דער פּרדס האָט פֿאַרלאַנגט פֿלעגע. געהאָלפֿן אים האָט זײַן שכן בן־חיים װעמען ער האָט געהאַלטן אַלס אַרבעטער־לײַטער.

אַזױ האָט זיך געפֿירט כאַלאַמיס װירטשאַפֿט, ביז זײַנע קינדער האָבן ליקװי־דירט אין פּױלן זײערע געשעפֿטן, זענען אױך עולה געװען און געװױנט צוזאַמען אין זעלבן הױז, יעדער זון מיט זײַן משפּחה. נאָר לאה די ייִנגסטע און נאָך פֿרײַ־לײדיקע האָט געװױנט צוזאַמען מיט די עלטערן.

זי איז געװען אַ דאַר, מיטלװוּקסיק מײדל מיט אַ דאַר אָבער באַחנט פּנימל און שװאַרצע, געקרײַזלטע האָר. איר װאַרצעלע אױף דער לינקער באַק האָט איר צוגעגעבן מוטערלעכע גוטמוטיקײט כאָטש זי איז נאָך געװען יונג. איר חלק פּרדס איז באַאַרבעט געװאָרן אױפֿן חשבון פֿון דער אַלגעמײנער קאַסע. זי װידער האָט בלױז געפֿירט די הױז־װירטשאַפֿט. די עלטערן האָבן אױפֿגעפּאַסט אױף דעם הױף.

דער אַלטער, כאָטש ער האָט געמוזט ענדערן אַ סך פון זיינע מנהגים, איז זיך צעגאַנגען פון נחת און פרייד זעענדיק ווי די משפחה־ווירטשאַפט פאַרצווייגט זיך און דאָס דאָרף פאַרגרעסערט זיך מיטן צופלוס פון די ניי צוגעקומענע מתישבים.

ער האָט זיך געכליניעט פון נחת, זעענדיק ווי זיינע זין זענען פאַרטאָן אין עול פון אַרבעט. זיינע אויגן האָבן געפינקלט מיט גליק פון יעדן צוגעקומענעם אין דער ווירטשאַפט בעל־חי און כלי.

יעדן פרימאָרגן האָט ער אַרומשפּאַצירט איבערן הויף אין טלית און תפילין. שפּאַצירנדיק האָט ער געדאַוונט און אָנגעטאַפּט יעדן זאַק און יעדע אַרבעטס־כלי. ער האָט זיך געפרייט ממש ווי אַ קינד ווען די קי האָבן אים תמימותדיק אָנגע־קוקט ווי זיי זאָלן פאַרשטיין, אַז ער דאַוונט. ווען ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט מיט פאַרמאַכטע אויגן, צו „שמונה עשרה" האָט ער שטיל געפּליסטערט ווי אַן אַלטער וואָס איז זאַט און צופרידן. ווען ער האָט געענדיקט דאַוונען איז ער נישט אַריין אין שטוב ביז ער האָט בודק געווען ס׳געשפּאַן פון די מוילאייזלען, מיט וועלכע איינער פון די זין האָט געאַרבעט אין דאָרף אויף טאָגלוין.

דער אַלטער האָט געהאַלטן פאַר זיין פליכט צו בויען אַ שול אין דאָרף. דאָס שטיק ערד אין צענטער פון דאָרף, וווּ די צוויי גאַסן האָבן זיך צונויפגע־טראָפן אין שכנות מיט דער פאָלקסשול, האָט אים געפּאַסט פאַר זיין צוועק. ווען די דאָרפס־פאַרוואַלטונג האָט עס אים באַשטעטיקט האָט ער אָפּגעגאָסן אַ בנין־פונדאַמענט — אַ שול־בנין. דעם פונדאַמענט האָט ער אָפּגעגאָסן פאַר אייגן געלט. איצט האָט ער גענומען זאַמלען געלט ביי אַלע. ער האָט נישט אַדורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט, אַ שמחה אָדער סכסוך כדי צו זאַמלען פאַר דעם צוועק. ער האָט געמאָנט ביי אַלע. ער האָט געפאָדערט און פאַרלאַנגט דאָס דאָרף זאָל זיך באַטייליקן, געשריבן און נאָך אַ מאָל געשריבן צו די רבנים קיין ירושלים, באַ־לעסטיקט און נאָך אַמאָל באַלעסטיקט די סוכנות. זיין סטראַטעגיע איז געווען: איך פאָדער פון אייך נאָר די ווענט. מען האָט אים געגעבן, ווער מיט ווילן און ווער בעל־כורחו, אָפּיציעל האָט קיינער אים נישט אָפּגעזאָגט חוץ איינער — עברוני דער דאָרפס־לערער.

עברוני, אַ הויכער, דאַרער יונגערמאַן מיט אַן איינגעפאַלענער ברוסט, שטאַרק קורצזיכטיק וואָס האָט אָפּגעקוקט פון זיינע ברילן ווי ער זאָל זיך באַמיִען זען פון די זייטן. זיין לענגלעך בייניק פּנים האָט אויסגעדריקט מעלאַנכאָליע און ערנסטקייט. זיינע אויף אַרויף פאַרקעמטע זילבער־גרויע האָר זענען אים שטענ־דיק געפאַלן איבער די אויגן ווי זיי זאָלן וועלן פאַרשטעלן זיין לענגלעך שפּיציקע נאָז ווי אַ האָקן.

ער האָט זיך געמיט צו צעשטערן דעם אַלטנס פּלאַן. ער איז געגאַנגען פון איין מתישב צום אַנדערן, און איינגערעדט ער זאָל נישט שטיצן די שולבוי. זיין טענה איז געווען: אויב ווילט איר שפּענדן איז פאַרן קינדער־גאָרטן וואָס געפינט זיך אין אַ געדונגענער דירה.

דער אַלטער האָט אים אָפּגעדינט. זײַענדיק אַ חבר אין דער דאָרפס־פּאַר־װאַלטונג האָט ער אױסגענוצט זײַן חשיבות אין דער בילדונגס־אָפּטײלונג, מען זאָל דעם לערער איבערפירן אין אַן אַנדער דאָרף. ער װאָלט געװען אפשר געפּועלט װען נישט די יוגנט װאָס איז געװען װי אַ פּעסטונג־מױער פאַר דעם לערער.

דער לערער װאָס איז שױן געװען אַן עלטערער, פרײלײדיקער בחור, האָט טאָג און נאַכט, יעדע פרײַע שעה געװידמעט דער יוגנט. ער האָט אָרגאַניזירט אױספלוגן, ספּאָרט־אימפּרעזעס, פאַרשײדענע פאָלקסטענץ און צוזאַמענטרעפן אױף װעלכע ער האָט זיך באַמיט דערנענטערן די יוגנט צו די מקורות פון דורות. צוליב דעם האָט ער געגרינדעט די גרױסע, פאַרצװײַגטע ביבליאָטעק. אָבער זײַן גאַנצע אָנשטרענגונג איז געװען געװידמעט די שבתדיקע לעקציעס פון תנ״ך פאַר דער יוגנט. דער לעקטאָר פון די לעקציעס איז געװען דער דאָרפס־דאָקטאָר װאָס האָט געהינקט אױף אַ פוס און גערעדט מיט אַ פאַרצױגענעם „שי״ן״ װי אַן אָפּשטאַמיקער פון ליטע.

געשטיצט דעם לערער האָט אַרצי. דעריבער איז דער אַלטער כּאַלאַמי כּסדר אַרױס מיט פאָרװורפן אױף די פאַרװאַלטונגס־זיצונגען. דערפאַר האָט ער אָפט װי אַדורכגעשטופּט דורך זײַנע שױן שיטערע צײן אַ בינטל װערטער װי ער זאָל רעדן צו זיך: „דער אַמעריקאַנער װאָס האַלט זיך אַ נעגער צו שטוב־באַדינונג״.

מיט דער צײַט האָט זיך בײַ אים אױך געשאַפן פאַרדרוס צו די רעשט שכנים און דערפאַר האָט ער זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אַלע. אָבער דער ברוגז האָט אים נישט געשטערט זיך באַפרײַנדן מיט דעם יונגן גדעון. אָפט האָט מען געזען דעם אַלטן ייד מיט דער גרױער באָרד און קאַפּל אױפן קאָפּ זיצן פאַר זײַן טיר מיט אײן אױג אַרײַנגעקוקט אין ספר און מיט דעם אַנדערן אױסגעקוקט דעם „סאַברע״. מיטן צעשױבערטן קאָפּ און צעכראַסטעטן העמד פון װעלכן עס האָט אַרױסגעשימערט אַ גלאַטע בראָנדז־ברוסט. אַ מחשבה װאָס האָט אים נישט אָפּגעי־לאָזט האָט דעם אַלטן געמאַטערט: אָט אַ חתן פאַר מײַן לאה. דאָס האָט געטראַכט דער שוחט פון פױלן, װאָס האָט שטענדיק פאַרקנעכט אַראָפּגעבױגן זײַן רוקן פאַר יעדן היטל פון מלכות און יעדן שטערן און עפּאָלעט פון אַ גוי. ער האָט געװאָלט אין זײַן משפּחה אױך האָבן דעם בחור װאָס איז דאָ אױפגעװאַקסן אין די בערג און טאָלן־פּלײנען און גלײַענדע חמסינען. יעדעס מאָל, װען ער האָט געטראָפן גדעונען האָט ער אים אַרײַנגעבעטן צו זיך אין שטוב. װען גדעון האָט אָנגע־נומען די אײַנלאַדונג האָט זײַן אַלטע יידענע, װאָס האָט זיך געװאַקלט אין גײן װי אַ קאַלערנדיק זיך פעסל, פון איבערראַשונג זײ אײליק פאַרבעטן און דער־לאַנגט כּיבוד: „זײַט אײך מכבד״. דער כּיבוד איז באַשטאַנען פון בלאַסע, מאַרביקע קיכלעך װאָס זי האָט אַלײן געבאַקן, אױסגעשניטענע מיט אַ װײַנגלעזל.

אין דער אָנװעזנהײט פון אַלטן איז דער פאַרנעם פון דעם בחורס באַװעגונגען געװאָרן װי באַשרענקט. אױפן אָנבליק האָבן זײ געמיטלעך געשמועסט. דער אַלטער כּאַלאַמי האָט מיט אים גערעדט װעגן אַרבעט, װעגן קי און פעלדער. גדעון האָט

אים אָפּגעענטפערט, דאָך האָט זיך געפילט אַז זיי האָבן נישט געפונען קיין גע־מיינזאַמע שפּראַך. עס האָט צווישן זיי געפעלט דער דורות־המשך, דער איבער־גאַנגס־קאָנטאַקט פון דער צייט. עס איז געווען קאָנטיק, אַז גדעון זוכט די געלעגנ־הייט צו קירצן דעם שמועס און וואָס שנעלער זיך אָפּגעזעגענען. אַפילו ווען לאה איז אַריין האָט ער נישט געלייגט קיין אַכט אויף איר און זיין אָפּשייד איז געווען אַן אייליקער.

ער האָט שטענדיק געזאָגט, אַז מען וואַרט אויף אים אין דאָרף. ביים אַוועק־גיין האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ ווילדן בליק און פאַרצויגן זיינע מויל־ווינקלען ווי ער זאָל חוזק אָדער שמייכלען.

אין די אָוונטן האָט זיך פון ערגעץ אַ שטאָפּל געפּרעסט שטרוי געטראָגן דער הילך פון אַ כאָר־געזאַנג, פון פלייטן־ און האַרמאָשקע־טענער און פרויען־שטימען וואָס האָבן אָפּגעהילכט אין דער שלענגלדיקער זיך וואָדי ווו עס טרעפט זיך די פלאַך מיטן באַרג.

# ד

די פעלדער אין רימונה זענען כסדר פעטער געוואָרן. די מתישבים האָבן זיך נישט געשפּאָרט קיין אַרבעט. יעדער שפּאַן האָט געפּאָדערט זייער פּראַצע. מען האָט געמיסטיקט און געאַקערט. די ערד איז געוואָרן פרוכטבאַר, זיי געגעבן שפע גערעטעניש.

אויך די ביימער־שטאַמען אין די פּרדסים זענען כסדר שטאַרקער געוואָרן. זייערע צווייגן האָבן זיך צעשפּרייט ווי שירעמס באַוואָקסענע מיט פעטע בלעטער. פון צווישן זיי האָט געשימערט, זיך געפּרייט אין דער זון די גינגאָלדענע פרוכטן.

אויך אין די שטאַלן זענען צוגעקומען שטיפערישע אַרומשפּרינגענדע קעל־בער, אין די שטייגן האָבן זיך כסדר געמערט די בלאַנק־ווייסע הינער. אויך די צאָל פון אויסגעפּרעסענע בייזע הינט האָט זיך פאַרגרעסערט, ווי עס האָט זיך פאַרגרעסערט דאָס פאַרמעגן וואָס זיי האָבן געדאַרפט היטן. נאָר די ווילדע, אַראָפּגעקומענע קעץ פון די בערג און די פעלד־מייז זענען וואָס אַ מאָל קנאַפּער געוואָרן.

איבערן דאָרף זענען כסדר געפלויגן סטאַדעס פאַרשידענע פייגל. עס איז נישט געווען קיין דאַך אָדער צווייג ווו זיי האָבן זיך נישט אויסגעבעט קיין נעסט. די דאַרפסטויבן וואָס האָבן זיך זאַט אָנגעגעסן אין די פעלדער זענען געפלויגן און זיך געדרייט איבער די דעכער, געוואָרקעט און אָנגעפילט דעם דאַרפסרוים מיט פריידיקע קלאַנגען. די וואָס האָבן זיך צו זיי צוגעהערט האָבן געזאָגט: „ממש ווי פון נאָטן".

די קוסטן־געדיכטעניש, די באַוואַקסענע פלויטן און די צעצווייגטע ביימער

האָבן אַלץ מער און מער געצוימט די הייסע מדבר־ווינטן. אונטער דער אָנגע־גליטער, הייסער זון — זענען געלעגן די דעכער אויף די ווענט וואָס האָבן געשיצט די באַקוועמע רו אין שטוב.

די רו און זעט זענען געווען דאָס וועזן פון די מתישבים. אָבער די וואָס האָבן זיך אָנגעשטרענגט אַריינוואַקסן אין דעם שטייגערלעבן זענען נישט געווען ענלעך צו די וואָס זענען במילא פון אים אַרויסגעוואַקסן. און אַזאַ איז געווען — גדעון.

ווען עס וואָלט אים ווער פאַרהאַלטן און אים געפרעגט צי די אַרבעט באַפרידיקט אים וואָלט ער יענעם אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג ווי ווען ער זאָל אים פרעגן צי די לופט באַפרידיקט אים, ווייל אַ קו איז פאַר אים געווען נישט נאָר אַ לעבעדיק באַשעפעניש, נאָר אַ באַשטאַנדטייל פון זיין לעבן. יעדער שאָרך און קרעכץ אירער איז ווי זי זאָל זיך פון אים אַליין האָבן אַרויסגעריסן. די שוואַך געבוירענע קעלבער וואָס האָבן נאָך נישט פאַרשטאַנען אָנכאַפּן די מוטערס אייטערס און זייגן, האָט ער אַליין געקאָרמעט פון אַ זויגפלעשל. די קי האָבן תמימותדיק געקוקט אויף אים — אויף זייער באַשיצער. עס האָט געניגט ער זאָל אַרויפלייגן אַ האַנט אויף זייערע נאַקנס און זייערע פעלן זאָלן אָנהייבן ציטערן פון פרייד, האַקן מיט די קלאָען אין דעם אונטערגעבעטן מיט שטרוי בעטאָן־פּאָל און זיך שמייסן מיט די ווידלען. ווען ער איז אַריין אָדער אַרויס פון שטאַל האָבן זיי אויסגעדרייט זייערע פּירקאַנטיקע קעפּ אויף זייערע סאַמעטענע העלדזער און אים אָנגעקוקט מיט תמימותדיקע אויגן.

אָבער אין זיין אַרבעטס־שטייגער וואָס איז געווען איינגעשטעלט איז אַריינגעטרעטן אַן ענדערונג. אַרצי דער ייד פון ליטע, וואָס האָט יאָרן געלעבט אין אַמעריקע האָט כסדר געחשבונט. יעדער בוים אין זיין פּרדס, יעדער קאָפּ אין זיין שטאַל זענען אַריין אין זיין רעכענונג. ער האָט די קי נישט געהאָדעוועט צו האָבן מילך, נאָר צוליב דעם מיסט פאַרן פּרדס. די מילך האָט אים ווייניק אַריינגעברענגט צוליבן מרחק צווישן דאָרף און שטאָט. אַרצי האָט געזוכט אַן אויסוועג און אים געפונען אין פיינען.

פיין, אַ בחור פון אַ פּאָר און צוואַנציק יאָר מיט אַ שיפער, דינער נאָז און אַ פליכקאָפּ ווי פון אויסגעקנעטענעם טייג האָט געשטאַמט פון ברעסלאַו, די הויפּטשטאָט פון נידערשלעזיע. דאָרט האָבן זיינע עלטערן געפירט אַ גרויס גאַלאַנטעריע־געשעפט.

רודאָלף זייער זון האָט נישט געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט מסחר. ארץ־ישראל און ערדאַרבעט זענען געווען זיין שטרעבונג פון קינדווייז אָן. ווען ער האָט געענדיקט די רעאַל־שול איז ער אַוועק אַרבעטן אין אַ מילך־פאַרם אין דער געגנט ווו ער האָט זיך ספּעציאַליזירט.

די משפחה פיין מיט זייערע קינדער, נאָך צוויי זין און אַ טאָכטער, זענען געווען ווייט פון דעם יידישן שטייגערלעבן. מער ווי ראש־השנה און יום־כיפור זענען זיי נישט געגאַנגען אין דער סינאַגאָגע. זיי זענען געווען איינגעלעבט אין דעם דייטשן שטייגערלעבן. נאָר רודאָלף, דער ייִנגסטער זון איז שוין געווען

באַאײנפלוסט פון זײנע חברים, װעלכע האָבן אים אַרײנגעצױגן אין דעם בלוי־װײס־פאַרבאַנד. זײן װעג איז געװען אַרבעט און ספּעציאַליזירונג. דאָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ װענדונג צום פאָטער ער זאָל אים געבן געלט עולה צו זײן.

די עלטערן און ספּעציעל דער פאָטער זענען נישט געװען צופרידן מיט דעם זונס באַשלוס. זײ האָבן די גאַנצע צײט געמײנט, אַז דאָס איז בײ אים אַ קינדער־אײנבילדונג, װאָס װעט מיט דער צײט איבערגײן. דער פאָטער האָט געפּרוּװט מיט אים רעדן, כדי אים אײנצוהאַלטן בײ זיך, אָבער אָן הצלחה. דער פאָטער האָט אים געגעבן אַ חלק ירושה װאָס װעט אים קומען נאָך זײן טויט. נאָר אײן בקשה האָט ער געהאַט צום זון אויף װעלכער ער האָט מסכים געװען — זײן אָפּפאָר זאָל זײן אַ שטילער, די שכנים זאָלן נישט װיסן.

קומענדיק אין לאַנד האָט דער יונגער פײן די ערשטע צײט געװוינט אין חיפה אויפן הדר־הכרמל אין אַ מעבלירט צימער בײ אַ משפּחה װאָס האָט גע־שטאַמט פון דײטשלאַנד. פון מאָל צו מאָל איז ער אַרויסגעפאָרן פון שטאָט, אַרומ־געפאָרן איבערן לאַנד. ער האָט באַזוכט די קיבוצים און דערפער, די מילך־װירטשאַפטן װאָס זענען געװען אָנגעשלאָסן אין דער „תנובה״ און די פּריװאַטע אונטערנעמונגען. זײענדיק איבערצײגט, אַז ער איז שױן בקי אין אַלע מילך־פּראָבלעמען האָט ער זיך געװאָנדן צו אַרצין מיט זײן פאָרשלאַג. ער איז געװען איבערצײגט, אַז זײן אויסװאַל פונעם אָרט און די אָרטיקע מעגלעכקײטן זענען די ריכטיקע.

אַרצי האָט פײנען אָפּגעגעבן אײנס פון זײנע צימערן צו װוינען און אַ שפּײכלער מיט אַ קעלער צו דער אַרבעט. ער האָט אין דעם קעלער אײנגעאָרדנט עטלעכע פאַרשידענע בירקעס, אַרײנגעשטעלט אַ גרויסן, עלעקטרישן קיל־קאַסטן און אַלומיניום־כלים לױט די לעצטע פאָרשריטן פון דער טעכניק. די דאָרפס־אײנװױנער זענען צופרידן געװען װאָס אין זײער דאָרף איז פאַראַן אַן אינדוסטריע־אונטערנעמונג. אַלע דאָרפס־אײנװױנער האָבן זיך באַמיט װי נאָר מעגלעך אים צוצוהעלפן, אַרײנגעצױגן אים אין די פּראָבלעמען פונעם דאָרף, געװאָלט ער זאָל זיך באַזעצן, װערן אַ תושב אין דאָרף. זײ האָבן געהאָפט, אַז מיט דער צײט װעט ער די קעז־אונטערנעמונג פאַרװאַנדלען אין אַ גרויסן קאָאָפּעראַטיװ, װאָס װעט פאַראַרבעטן די גאַנצע מילך פון די רימונה'ער שטאַלן.

ער האָט זיך אָבער געהאַלטן פון די דאָרפס־אײנװױנער מיט דיסטאַנץ. זײן באַציִונג צו די דאָרפס־אײנװױנער איז געװען װי פון אַן אינדוסטריע־כעמיקער צו פּױערים — פון אויבן אַראָפּ. אויך גדעונען האָט ער באַטראַכט נאָר װי אַ שטאַל־אַרבעטער מיט װעלכן ער האָט זיך געװאָלט שאַפן און באַפעלן. אָבער דער דרײסטער, גוטמוטיקער און אָפנהאַרציקער „סאַברע״ האָט באַלד אים געגעבן צו װיסן מיט װעמען ער האָט צו טאָן. אײן מאָל װען ער האָט אים געברענגט די קאַנען מילך פון זײן שטאַל און דער כעמיקער האָט אים געהײסן זי אַרײנגיסן אין אַ בירקע האָט גדעון אויפגעהויבן זײן קאָפּ מיט דער צעשױבערטער טשופּרינע, אָנגעשטעלט אויף אים די אויגן און װי ער זאָל צײלן יעדעס װאָרט אים צו װיסן

געגעבן: „בײַ אונדז מאַכט יעדער זײַן אַרבעט. מײַן אַרבעט איז אין שטאַל. אויב דו דאַרפֿסט הילף אַנגאַזשיר דיר אַרבעטער".

פֿון דעם מאָמענט אָן האָבן בײדע מער נישט גערעדט צו זיך. אײנער האָט דעם אַנדערן נישט פֿאַרטראָגן. זײ האָבן זיך אַפֿילו קעגנזײַטיק געהאַסט. גדעון, וואָס האָט שוין בײַ אַרצין געאַרבעט עטלעכע יאָר און געקענט נישט נאָר יעדע קו, אירע קאַפּריזן, נאָר אויך יעדן שטײנדל אונטער די פֿיס האָט זיך מער נישט געפֿונען קײן פּלאַץ אין דער ווירטשאַפֿט. די פּרדס־דופֿטיקײט, די פֿעלדער־ריחות און מיסט־גערוך אין שטאַל מיט וועלכער ער האָט ביז איצט געאָטעמט זענען אים געוואָרן מער ווי פֿרעמד. די יוירנדע זויערקײט וואָס האָט זיך איצט געטראָגן פֿונעם קעלער אַרויס האָט אָנגעפֿילט אַלע הײַזער אין דער סביבה און אַדורכ־גענומען די לופֿט. אַ לאַנגע צײַט האָט ער געשוויגן. אָבער אין אײנער פֿון די זומערנעכט וועגן פֿון דעם מדבר האָט זיך געשפּאַרט אַ גליִענדע היץ, וואָס האָט געפּרוווט פֿאַרניכטן יעדע פֿלאַנץ און אויסטריקענען די פֿײכטקײט — איז געפֿאַלן די אַנטשײדונג.

די קי אין שטאַל זענען געשטאַנען מיט פֿאַרטריקנטע צונגען און נאָזלעכער, באַשווערט זײ דעם אָטעם. פֿון אימה האָבן זײ אומהײמלעך געמרוקעט ווי אײנע זאָל פֿרעגן די אַנדערע, ווי זײ זאָלן זיך ווען פֿאַרזיכערן, אַז יעדע באַזונדער געפֿינט זיך נישט אַלײן אין שטאַל. אויך די מענטשן האָבן זיך אין דער נאַכט געדרײט אויף זײערע געלעגערס, פֿון אײן זײַט אויף דער אַנדערער און נישט געקענט אײַנשלאָפֿן.

גדעון האָט שוין אין די ערשטע נאַכט־שעהן ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן ווײען דער חמסין פֿאַרמאַכט אַלע טירן און פֿענצטער און געעפֿנט אַלע וואַסער־קראַנען כדי דאָס וואַסער זאָל רינען און קילן די לופֿט אין שטאַל. ער אַלײן האָט זיך געדרײט צווישן די קי און זײ צאַרט געקלאַפּט איבער די פּאַשלאַדקעס. אויך פֿײַן האָט נישט געקענט שלאָפֿן. ער האָט זיך געפּאָרעט אַרום זײַנע קעזן, נאָכגעקוקט, געפּאַרשט און געפּרוווט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך אײנער אָנגעשטויסן אויפֿן אַנדערן אין אַ דורכגאַנגסטיר בײַ אַ שפּײַכלער.

פֿײַן איז שטײן געבליבן, געוואַרט גדעון זאָל אים אַדורכלאָזן דעם ערשטן. גדעון איז אויך שטײן געבליבן. אַ װײַלע האָט ער געצווײפֿלט, אָבער באַלד האָט ער אַ זאָג געטאָן אײן וואָרט וואָס האָט אַרײַנגעדרינגען אין דער הײסער, אויסגע־שפּרײטער נאַכט אַרײַן — „יעקע".

ער האָט געזאָגט דאָס וואָרט און געלאָזט שטײן דעם כעמיקער אַ צעטומלטן. אַלײן איז ער אַוועק צו זיך אין שטוב, זיך אַוועקגעלײגט אויפֿן בעט און געפּרוווט דרימלען.

צומאָרגנס ווי נאָר דער טאָג האָט געגרויט, די זון איז אַפֿירגעקומען פֿון איבער די בערג, די בלאַסע שטראַלן זענען הענגען געבליבן צווישן דער פֿעלזנוואַנט און דעם ווי צונויפֿגעקוועטשטן באַרג ווי אַ פֿײַער־מאַסע און איז גרײט געווען זיך פֿונאַנדערשפּרײטן, האָט גדעון זיך איבערגעוועקט פֿון שלאָף וואָס האָט נאָר גע־

דויערט די לעצטע צוויי שעה פון דער נאַכט. די מאָרגן־מרוקען פון די קי האָבן אים וואַך געמאַכט. אייליק האָט ער אַרויפגעזעצט אויפן צעשויבערטן קאָפּ זיין געשטריקט היטל און אין דער אונטערוועש, אינעם לייבל און די קורצע הייזלעך אַרויס פון שטוב. אין דרויסן האָט ער אויסגערעגנגט זיינע גלידער. אַ צעגענעצטער האָט ער זיינע באָרוועסע פיס אַריינגערוקט אין די מיט מיסט אַרומגעקלעפּטע שטיוול, וואָס זענען געשטאַנען פאַר דער טיר און איז אייליק אַוועק אין שטאַל. אין גאַנג האָט ער זיך דערמאַנט אַלץ וואָס איז זיך פאַרלאָפן צווישן אים און פיינען. קלמן האָט אים פאַרהאַלטן אַ פאַרטראַכטן. ער האָט אים קוים באַוויזן אונטער־שטעלן אַ פוס ער זאָל זיך פאַרהאַלטן. ער האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געזאָגט:

— חלומסט? דערקענסט נישט קיין מענטש?

גדעון איז אויף אַ ווײַלע געבליבן שטיין. ער האָט אים אָנגעקוקט מיט זיינע שאַרפע, דורכדרינגלעכע אויגן ווי ער זאָל אים באַלויכטן מיט אַ לאָמטער. ער האָט איינגעביסן די ליפּן און אים געפרעגט:

— ווילסט אַרבעטן אין שטאַל? איך מאַך די לעצטע געמעלק — און נישט וואַרטנדיק אויף אַ תשובה איז ער געגאַנגען ווייטער.

קלמן אַ דערשטוינטער און איבערראַשטער האָט אים נאָך געפּרוווט נאָכשרייען אָבער גדעון האָט שוין נישט געהערט. ער איז שוין געווען אין שטאַל ביי די קי. די קי האָבן אויסגעדרייט צו אים די קעפּ מיט אַן אויסגעצויגענעם מו־ו־ו־ו ווי געזאָגט אים „גוט־מאָרגן". ער האָט געמאָלקן שנעל, אַפילו האַסטיק. ביי יעדער קו וואָס ער האָט זיך אַוועקגעזעצט מעלקן האָט ער אַוועקגעקוקט, ווי זיך געשעמט פאַר זיין באַשלוס.

אַ פאַרטראַכטער האָט ער נישט געהערט קלמנס קול וואָס האָט אים גערופן פון יענער זייט שטאַל. אויך ווען ער האָט געענדיקט מעלקן און אַריינגעגאָסן די מילך אין די קאַנען, זיי צונויפגעשטעלט גרייט פאַר פיינען און שוין יאָ געהערט קלמנס רוף האָט ער אים אויך נישט געענטפערט. ער האָט נישט פאַרלוירן קיין צייט. ער איז פון שטאַל נישט אַריין עסן. ער האָט אַפילו נישט אָפּירגערייניקט פון אונטער די קי, נאָר אַזוי ווי ער איז געווען אין די שטאַל־בגדים איז ער אַוועק אין דאָרף. קלמן וואָס האָט נאָך אים געענדיקט די אַרבעט האָט איבערגעגעבן דעם פאָטער וועגן גדעונס רוגזה און זיין גיין אין דאָרף.

אַרצי איז געבליבן אַ געפּלעפּטער פון דערשטוינונג. דערנאָך האָט ער חוקר ודורש געווען דעם זון, צי ער איז זיך מיט אים נישט באַגאַנגען ברוטאַל. נישט קלמן און נישט דער פאָטער האָבן געוווסט וואָס עס איז געשען.

אַרצי מיטן זון האָבן געוואַרט פיין זאָל קומען נעמען די מילך כדי אויך אים פרעגן וואָס עס האָט פּאַסירט. אָנגעקומען איז גדעון צוזאַמען מיט חסונען, אַ זון פון אַ רימונה'ער מתישב. חסון איז געווען אַ גרויסער, ברייטבייניקער מאַן, מיט אָברים וואָס זענען געוואַקסן אַן וועלכער עס איז פּראָפּאָרץ. שוין פון ווייטנס האָט גדעון אַ זאָג געטאָן:

— כ'האָב אייך געבראַכט אַ מענטש צו דער אַרבעט, איך אַרבעט נישט מער...

אַרצי מיטן זון האָבן דערשטוינטע געשוויגן. זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס זיי זאָלן זאָגן. נאָר ווען דער לאַנגער ווי צונויפגעלייגטער חסון האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— נו, אַרצי, זאָל איך זיך נעמען רייניקן די שטאַל?

האָט אַרצי איבערגעשטעלט אַ פּוס און געפרעגט:

— בעצם, וואָס איז געשען?

— אויך איצט האָט גדעון ווי אָפּגעהאַקט:

— איך אַרבעט מער נישט מיט דעם יעקע.

אַרצי וואָס האָט געוווּסט וועגן די רייבונגען צווישן זיי און איצט נישט געוווּסט ווי זיך אַן עצה געבן, האָט געשוויגן. נאָר קלמן וואָס האָט באַשולדיקט זיך און פיינען איז פון פאַרדרוס אַריינגעלאָפן אין שטאַל אונטערבעטן די קי פרישע שטרוי. אַרצי האָט געפּרווּווט רעדן מיט גדעונען, געוואָלט אים איבעררעדן אָבער אין האַרצן האָט ער געוווּסט, אַז גדעונס באַשלוס איז נישט צום ענדערן. ער האָט אויך נישט געקענט און אויך נישט געוואָלט פאַרציכטן אויף פיינען. ער האָט מיט זיין קעז־פאַבריקאַציע געהאַפּט אַנטוויקלען זיין שטאַל און ער האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו חסונען:

— גיי אין שטאַל אַרבעטן!

אַרצי מיט גדעונען האָבן זיך נאָר אַ ווײַלע איבערגעקוקט און געשוויגן. פאַר ביידע איז שווער געווען דער פּלוצימער אָפּשייד. דאָס שווייגן האָט איבערגעריסן אַרצי. ער האָט געזאָגט גדעונען וואָס איז געשטאַנען מיט צונויפגעפּרעסטע קינבאַקן פול כעס און פאַרדרוס:

— קום אין שטוב מאַכן דעם חשבון.

גדעון האָט געענטפערט אַרצין נישט קוקנדיק אים אין פּנים אַריין:

— מיר קומט זיבן פונט.

ער האָט געלאָזט שטיין אַרצין און איז אַריין צו זיך אין צימער. איצט האָט גדעון גענומען צונויפלייגן זיינע זאַכן. ווען ער האָט געענדיקט האָט ער אַראָפּגע־נומען פון דער וואַנט אַ גערעמטע פאָטאָגראַפיע פון אַ. ד. גאָרדאָן און אַ קאָלירט בילד פון אַ יונגן מאַן מיט אַ מיידל. אַ באַלאָדנטער מיט אַ רוקזאַק און אַ טאַש וואָס זענען געווען אָנגעשטאָפּט ווי געשוואָלן, איז ער מיט גרויסע אָבער שוין נאַכלעסיקע טריט אַריין צו דער משפחה אַרצי.

פרוי אַרצי האָט גדעונען באַגעגנט מיט אויפגעבראַכטער פאַרוווּנדערונג און אים באַשיט מיט אַ האָגל פון ווערטער אין וועלכע עס האָט זיך געפילט די פלייִשי־קייט פון דער אַמעריקאַנער אויסשפּראַך:

— אַזוי טוט מען נישט. נישט שיין. איך האָב עס נישט דערוואַרט פון דיר...

אירע אַלע רייד האָבן אויף אים נישט געווירקט. נאָר ווען זי האָט אים אַ פרעג געטאָן — „אַזוי לאָזט מען איבער אַ קי־שטאַל?" — האָט זי אים ווי אַריינ־געשטאָכן אַן אָל אין האַרץ. אַ ווײַלע איז ער געבליבן אין פאַרלעגנהייט. אָבער

באַלד איז ער צוגעגאַנגען צו אַרצין וואָס איז געזעסן ביים טיש. ער האָט גענומען ס׳געלט וואָס איז געלעגן גרייט און איז אַרויס ווי דער אָפּהילך פון זיין „שלום״ זאָל אים נאָכגיין.

אַרצי מיטן וויב האָבן זיך איבערגעקוקט און געשוויגן.

גדעון איז אויפן וועג אַריין אין שטאַל. ער האָט נאָר אויסגעמיטן פּיינען וואָס האָט גענומען די קאָנען מילך. ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַלע קי, אָפּילו די מיט וועלכע ער האָט זיך נישט מטפּל געווען. ער האָט יעדע אַ גלעט געטאָן און צוגע־לייגט זיין קאָפּ צו יעדער באַזונדער. זייערע מרוקען זענען געווען קורצע און ער האָט אין זיי געהערט אַ מין אויסדרוק פון צער און מיטלייד צוליב דעם אָפּשייד. ווען ער איז צוגעקומען צו אַ טיר פון שטאַל האָט ער שנעל איבערגעטרעטן די שוועל, ווי אַוועקגעלאָפן וואָס שנעלער פון שטאַל. גדעון איז געגאַנגען האַרט ביי די פּלויטן, געוואָלט מען זאָל אים נישט באַמערקן. נאָר ווען ער איז אַרויס אויפן פעלד איז צו אים דערגאַנגען קלמנס רוף: „גדעון שלום!״

# ה

ווען אין רימונה איז באַקאַנט געוואָרן אַז גדעון האָט זיי פאַרלאָזט איז נישט געווען קיין מענטש וואָס זאָל עס נישט באַדויערן. אַממערסטן האָט זיך מצער געווען די יוגנט. קלמן וואָס איז געטראָפן געוואָרן פּערזענלעך איז געשטאַנען פאַר זייער הויז און ווען ער האָט דערזען האָט ער צו אים אַריבערגעשריגן איבערן פּלויט:

— גדעון האָט פאַרלאָזט דאָס דאָרף!

כאָטש די יוגנט איז געווען פאַרנומען יעדער ביי זיין אַרבעט האָבן זיי שנעל וועגן דעם געשעעניש איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן:

— גדעון האָט פאַרלאָזט רימונה...

נאָך דעם זעלבן אָוונט ווען די דאָרפסיוגנט איז זיך ווי יעדן מיטוואָך צונויפ־געקומען ביים וואַסער־טורעם צו דעם שטעקן־געפעכט — איז דאָס געשפּרעך נאָר געווען וועגן גדעונען. ווי עס האָט זיך מצער געווען די יוגנט אַזוי האָט זיך מצער געווען דער אַלטער כאַלאַמי און נישט אויפגעהערט בורטשען:

— אָפּילו זיך נישט געקומען מיט מיר געזעגענען...״

אָבער אין זיין בורטשען האָט ער אויסבאַהאַלטן זיין כעס וואָס זיין משפּחה־פּלאַן איז זיך פונאַנדערגעפאַלן. און ער, וואָס האָט געטראָגן אין האַרצן כעס אויף אַרצין פאַר די פאַרשידענע דאָרפס־ענינים, האָט אים אָפּילו חושד געווען אַז ער האָט אים בייזוויליק אַוועקגעשיקט.

דאָס דאָרף האָט זיך געפירט לויט זיין שטייגער. יעדער טאָג איז געווען

איבערפולט מיט אַרבעט. די ערד איוף וועלכער עס האָבן געגלימערט די גרינע קאָלירטע בייטן, די הייזער ביי די זייטן וואָס האָבן געבלאַנקט מיט זייער ווייס־קייט, די זאַפטיקע בלוט־רויטע טאָמאַטן, די גראַנאַט־בייכיקע באַקלאַזשאַנען און די כל־מיני עליפּסן און קיילעכיקע פּרוכטן איבער דעם ברייטן גרינעם דאָרפס־דיוואַן האָבן אַנגעזאָגט די געבענטשטע שפע. אויך אין די שטאַלן זענען כסדר צוגעקומען קעפּ. דאָס רעווען פון די קי איז געוואָרן נאָך שטאַרקער, הילכיקער. זייער זאַטער און תאווהדיקער אָפּהילך האָט זיך געטראָגן איבער די בערג. צו דער גרויסער בהמה־סטאַדע אין דאָרף איז אויך צוגעקומען אַן אָקס. ער איז געווען אַ לאַנגער, דיק, לייביק מיט קורצע, דיקע פיס, פּירקאַנטיקן קאָפּ מיט ווילדע אויגן. זיין יחוס איז געווען פון אַ האָלענדישער בהמה־משפחה. ער איז געווען שטאַרק, געמוזט טראָגן צוויי נאָז־רינגען, דאָך האָט בן־חיים, אַ בעל־כוח, נישט געוואָגט צו אים צוגיין. נאָכן פאַל מיט יצחק דעם שכנס קו, וואָס דער אָקס האָט זי אומגעוואָרפן און צעבראָכן איר דעם נאַקן, האָט ער אויפגעפּאַסט און נישט צוגעלאָזט יעדע קו צו אים.

אין די הייף פון די מתישבים האָבן שוין אויך אַרומשפּאַצירט סטאַדעס קאַטשקעס. כמעט אין יעדן צווייטן הויף האָט זיך געפונען אַ קינסטלעכער באַסיין פון איבערגעשניטענע און צונויפגעשווייסטע בלעכערנע פעסער אָנגעפילטע מיט וואַסער. די קאַטשקעס האָבן זייערע פעדערן אויסגעריבן זיך, געטובלט אינעם וואַסער, צופרידענע געקלאַפּט מיט זייערע אויסגעשפּרייטע פליגלען און אַריינגע־שטעלט זייערע געלע שנאָבלען אין דער ערד.

די גרינסן, וואָס זענען געוואַקסן אין דאָרף און אין דער סביבה האָבן געזאַמלט אונטער זייערע וואַרצלען היץ־וואַרעמקייט און וואַסער־פייכטקייט. זיי האָבן פונ־אַנדערגעשפּרייט גרינקייט און שאָטן, וואָס האָט געזאַמלט זאַטע, מילדע שעפעריש־קייט, ביז די נאַטור און די בערג האָט פאַרלוירן איר שאַרפע אורוּויקייט. אַפילו דער באַרגשפּיץ און פעלזן־נאַקן האָבן איצט אויסגעזען ווי אַ מענטשלעכע האַנט זאָל זיי האָבן אַ גלעט געטאָן. די ווירטשאַפטן אין דאָרף זענען שוין כמעט דערגאַנ־גען ביז דער וואַדי, די וואַסער־רערן האָבן דערגרייכט די בערג. די לעצטע ווירט־שאַפט איז געווען דעם דאָקטאָרס, ווי מען האָט אים גערופן. ער איז געווען הויך און שטאַרק מיט אַ קיילעכיקן קאָפּ אָן האָר. ס'איז שווער געווען זיך משער זיין וואָס פאַראַ קאָליר האָר ער האָט געהאַט אַמאָל.

ער האָט געשטאַמט פון ראַטיבאָר, אַ שטאָט אין דייטשלאַנד אויפן אָדער־טייך. אין דער שטאָט האָט ער פּראַקטיצירט און געווען געשעצט דורך דער דאָרטיקער באַפעלקערונג פאַר זיין פילפאַכיק וויסן אין דער מעדיצין און דערפאָלגרייכער מעדיצינישער אַרבעט, האָט ער פון דער מלוכה באַקומען דעם טיטל קרייזאַרצט. ער איז אויך געווען מיטגליד אין דער קרייז־געזונטהייטס־פאַרוואַלטונג און גע־זאָרגט פאַרן געזונט פון דער באַפעלקערונג. ער האָט געוווינט אין אַ צוויישטאָקיקע ווילע מיט אַ גאָטישן טורעם, אין אַ ברייט צעלייגטן, געפלעגטן גאָרטן וואָס איז געלעגן ביים טייך. ער מיט זיין משפחה זענען אויך געשוווּמען אין אַ פּראַכט־

יאַכטע. אָבער ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט איז געקומען זיין ירידה ווי ביי אַלע יידן דאָרט.

ער האָט געמוזט איבעררייסן זיין שטייגערלעבן, ליקווידירן דאָס אָפּגעשפּאָרט פאַרמעגן פון דער פּראַקטיק זיינער. די ווילע מיט דער יאַכטע, וואָס זענען פאַר זיין ווייב און טאָכטער געווען אַ מין לעבנס־באַדערפעניש, האָט ער פאַרקויפט פאַר אַ קלייניקייט אַבי ער מיט זיין משפחה זאָלן קאָנען אַרויספאָרן פון דייטשלאַנד.

ווען דער דאָקטאָר מיט זיין משפחה זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל האָבן זיי געוווינט אין די האָטעלן פון תל־אביב. זיי האָבן זיך געפילט ווי גוט אַקלימאַטיזירטע אין דער שטאָט־אַטמאָספער. וואָס עס האָט זיי יאָ געשטערט און געווען זיי פרעמד זענען עס געווען די זיטן און דאָס באַנעמען זיך פון די איינוווינער. פון אָנפאַנג האָט דער דאָקטאָר געהאַט בדעה צו וואַרטן אויף אַ פאַרמעלע דערלויבעניש פון דער מאַנדאַט־רעגירונג, ער זאָל קאָנען ווייטער פּראַקטיצירן. צוליב דעם איבערפלוס פון דאָקטוירים וואָס זענען געקומען פון דייטשלאַנד און די שוואַכע אויסזיכטן ער זאָל זיך קענען צוריק איינאָרדענען אַ פּראַקטיק, האָט ער מיט זיין משפחה באַשלאָסן גיין אין דאָרף.

ער האָט געקויפט אין רימונה אַ שטח ערד, די לעצטע פינף און צוואַנציק דונאַם גלייכע ערד וואָס איז נאָך געבליבן ביי דער וואַדי. אויך דאָ אויף זיין ערד אין דאָרף האָט ער זיך אויסגעבויט אַ ווילע, פיר לאַנגע צימערן — יעדעס צימער באַזונדער איז געווען אַ פּליגל. איבערן הויז זענען געלעגן פיר שטיינערנע, רויטע דעכער. די טירן און פענצטער זענען געווען געשניצט און געקאָוועט. דאָס הויז איז געווען געבויט לויטן סטיל ווי די פּויערים־הייזער אין אַמעריקע. דעם מאָדעל האָט ער גענומען פון די אַמעריקאַנער זשורנאַלן. דאָס שלאָפצימער איז געווען צוויי טרעפּ העכער. דאָס צימער האָט אויסגעזען ווי אַ תבואה־שייער.

דער דאָקטאָר האָט זיך באַלד איינגעשאַפט אַ גרויסע קי־שטאַל און צוגענומען צו דער אַרבעט אַ שטאַל־אַרבעטער און ביי אים געלערנט די מלאכה. ער האָט אויך דער ערשטער אין דאָרף פאַרלייגט אַ שטייג מיט קיניגלעך. אויף דער גרעסטער טייל פון זיין ערד האָט ער, לויט דער עצה פון אינסטרוקטאָר פונעם אַגראַר־אינסטיטוט אין רחובות, געפלאַנצט אַ פּרוכט־סאַד, וואָס איז געווען אַ נייער צווייג אין רימונה.

דער סאַד איז געווען פונאַנדערגעטיילט אין חלקים. יעדע פּרוכט אויף איר חלק. עס האָט אין דעם סאַד כמעט נישט געפעלט קיין פּרוכט וואָס איז געוואַקסן אין לאַנד. די גראָדע, אויסגעשטעלטע שורותביימער זענען דערגאַנגען האַרט ביז דעם באַרג און אים ווי אַרומגערינגלט מיט זייערע ווייס־געקאַלכטע שטאַמען, ווי מען זאָל זיי האָבן געפלאַנצט אָפּצוהיטן די באַרג־קיילעכדיקייט.

דער דאָקטאָר האָט באַשעפטיקט אַרבעטער אָבער ער אַליין איז געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט איבער אַגראַר־ביכער וואָס ער האָט אויסגעשריבן פון דער שווייץ און פון אַמעריקע. ער האָט מיט זיכערקייט און פלייס זיך דערוואָרבן בקיאות אין דער אַגראַר־וויסנשאַפט ווי אַמאָל אין דייטשלאַנד אין דער מעדיצין.

געהאָלפן האָט אים בן־חיים, דער נידעריקער, ברייטבייניקער ייד וואָס האָט פון ווייטנס אויסגעזען ווי אַן אייקאַליפּטוס־פּניאַק. ער האָט געשטאַמט פון רוסלאַנד און געווען אַן אַגראַנאָם. ער איז אויף דער ערד אויסגעוואַקסן, געווען מיט איר אויסגעבונדן און זיך באַצויגן מיט כבוד צום דאָקטאָר וואָס האָט איבערגעלאָזט די מעדיצין און געוואָרן אַ מתישב. דאָסגלייכן האָט ער אים געשעצט פאַר זיין פלייס און מי. נישט געווען דער טאָג וואָס בן־חיים מיט זיין שטענדיק אָפן מויל אין וועלכער עס האָבן געפעלט די צוויי פאָדערשטע ציין, זאָל נישט אַריינגיין צום דאָקטאָר כאָטש אויף אַ ווײַלע און אים העלפן מיט אַן עצה און מיט זיין דערפאַרונג. דער דאָקטאָר האָט במכוון גערעדט אַ שלעכטן דייטש און געמיינט, אַז ער רעדט יידיש. בן־חיימען האָט הנאה געטאָן זיין רעדן און אין זינען געהאַט „אַ דאָקטאָר".

דער דאָקטאָר האָט זיך באַמיט צופּאַסן צו זיינע איצטיקע לעבנס־באַדינגונגען. ער האָט דורכגעמאַכט אַ קריזיס, דעם אָפּשייד פון זיין לעבנסשטייגער און קולטור מיט וועלכער ער איז אויפגעוואַקסן און געווען אַריינגעוואַקסן. דאָס האָט אויף אים געלאָזן סימנים פון דעפּרעסיע. ער האָט מיט זיך געקעמפט און געווידמעט זיין מי און פלייס אין בויען זיין ווירטשאַפט, געווען גליקלעך, אַז ער האָט ביי וואָס צו פאַרווענדן זיין ענערגיע.

פון מאָרגן פרי ביז אין דער נאַכט אַריין האָט ער געשפּאַנט אין זיינע געשנורטע שטיוול פון וועלכע עס האָבן זיך אַרויסגעזען זיינע נאַקעטע קני׳ען ביז די קורצע הויזן. אויף דעם שפּיציק פילצערנעם הוט, וואָס ער האָט געברענגט פון דייטשלאַנד, האָט ער נישט אַראָפּגעלאָזט פון קאָפּ. ער האָט אויך געאַרבעט פיזיש. ער האָט זיך מטפּל געווען מיט די פּאָר בייטן גרינס און דעם קלאָמב בלומען אַרום דער שטוב. אים געהאָלפן אין דער אַרבעט האָט זיין ווייב, גערטאַ, אַ הויכע, שלאַנקע, קרעפּטיקע פרוי מיט אַ שפּיציק פּנים און צוויי קליינע אויגן. כאָטש זי איז געווען נאָך יונג און אין די כוחות, האָבן אירע שטייפע, אויסגעצויגענע האָר שוין געגרויט.

אויך זייער טאָכטער, טרודע, וואָס איז געווען ענלעך צו דער מוטער, נאָר געהאַט רויטע, געלאָקטע האָר און אַ געשפּרענקלט פּנים און אין דאָרף זיך גערופן רות, האָט זיך שנעל צוגעוווינט צו די פאַרהעלטענישן אין דאָרף. זי האָט לייכט דערוואָרבן די העברע׳ישע שפּראַך און זי באַהערשט נישט ערגער ווי זי האָט באַהערשט ענגליש אָדער פראַנצויזיש. זי איז מיט איר גאַנצן מהות אַריינגעדרונגען אינעם לעבנסשטייגער פון דאָרף — פון די איינוווינער — די מתישבים. האָבנדיק געענדיקט אַ פּרויען־ליצעום און אַ גוטע היים־דערציִונג איז זי דאָך אַרומגעגאַנגען אין שווערע אַרבעטסשיך אויף דיקע וואָלענע זאָקן. איר טעגלעכע קליידונג איז באַשטאַנען פון קורצע בלויע הייזלעך און אַ געבלימלט העמדל פון וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעזען אַ ברייטער גאַרטל פון איר נאַקעט לייב.

צו דער אַרבעט איז זי געגאַנגען אַן אַ העמד, נאָר אין אַ ברוסטהאַלטער. אירע האָר זענען געווען אַרומגעבונדן מיט אַ דרייעקיק קאָפּטיכל. זי האָט געאַרבעט

ביי פֿאַרשידענע אַרבעטן; אין שטאַל, אין גאָרטן און אויך ביי שטובאַרבעטן. אָבער איר פֿאַסיע איז געווען ווי ביים פֿאָטער — דער קלאָמב בלומען. די אַרבעט האָט זי געמאַכט אין אָוונט. אין איר צימער אין אונטערשטן פֿליגל זענען די אויסער־לעכע ווענט געווען באַדעקט מיט קלעטער־צווייגן און זייערע בלומען האָבן אַריינ־געשטאַרט דורכן פֿענצטער.

דאָס צימער איז געווען איינגעריכטעט לויט איר געשמאַק. אַ נידעריקע, גענוג פּראָסטע סאָפֿע. אויף איין וואַנט איז געהאָנגען אַ בונט געקעסטלטער דיוואַן. אַנטקעגן איז געשטאַנען אַן עטאַזשערקע מיט ביכער. איבער דער סאָפֿע איז געהאָנ־גען אַ רעפּראָדוקציע „די אַקראָבאַטן־פֿאַמיליע" פֿון פּיקאַסאָ. אונטערן פֿענצטער אויף אַ טישל איז געשטאַנען אַ קליינער ראַדיאָ־אַפּאַראַט.

זי האָט אויך באַזוכט יעדע פֿאַרלעזונג וואָס איז פֿאָרגעקומען אין דאָרף און אָנטייל גענומען אין די תנ"ך־לעקציעס. אָפֿט האָט זי זיך אויך געפּרוּווט דערנענ־טערן מיט אַ געשפּרעך צו ווען פֿון די יונגע דאָרפֿס־איינוווינער. זי האָט געוואָלט אָנקניפּן פֿריינדשאַפֿט מיט דער דאָרפֿסיוגנט אָבער דער קעגנזאַץ פֿון די צוויי קולטורן — די מזרח־אייראָפּעיִשע און די מערבדיקע האָט געשטערט. מערסטנטייל נאָך דער אַרבעט איז זי געבליבן אַליין, געזעסן אין גאָרטן אָדער אין צימער און געלייענט אַ סך דייטשע און ענגלישע ביכער וואָס מען האָט איר כסדר געשיקט פֿון אַ ביבליאָטעק. אַ סך מאָל זענען אירע עלטערן שוין געשלאָפֿן און זי איז געזעסן ביי זיך אין צימער אין דער פֿינצטער און געהערט מוזיק וואָס די ראַדיאָ־וועלן האָבן געבערענגט פֿון אַלע עקן וועלט.

אין הויז, אין דער סביבה האָט זיך נאָך געפֿילט דער פּערמענט פֿון טינק און קאַלך און עס האָט נאָך געשוועבט די פֿרישקייט פֿון ערשט ווערן. אָבער לאַנגזאַם האָט אין זייער ווירטשאַפֿט זיך געשטאַרקט די איינגעפֿונדיקייט פֿון אַרבעט און שאַפֿן. די דאָרפֿס־איינוווינער האָבן געשעצט די בני־הבית פֿאַר זייער מי.

פֿיין, דער מילך־כעמיקער, האָט זיך געפֿלייסט, געמיט ביי זיינע קעזן, געוואָלט זיך דערשלאָגן צו אַ בכבודיקער עקזיסטענץ. ער האָט קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן אָנטאָן זיינע גומי־שטיוול מיטן ווייסן כאַלאַט, באַטאָנט אַז ער איז דיפּלאָמירט. מיט פֿלייס האָט ער כסדר אונטערזוכט אונטערן מיקראָסקאָפּ די פּראָבן און גלעז־זערנע רערלעך. אָבער זיין וויסן און פּינקטלעכקייט האָבן אים נישט געהאָלפֿן. די קעז־בלאָקן אין קעלער האָבן געיוירן, פֿערמענטירט און זיך צעגאָסן. שנעל איז געוואָרן קאָנטיק זיין דורכפֿאַל, נאָר ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, זיך געהאַלטן ביי זיינע פֿאָרמולן וואָס זענען געווען פּאַסיק אין אייראָפּע. ער האָט נישט געקענט פֿעסטשטעלן די קלימאַט־אייגנשאַפֿטן אין לאַנד. זיין דורכפֿאַל איז געווען דער גורם צו דער פֿריינדשאַפֿט וואָס האָט זיך פֿאַרבונדן צווישן אים און דעם דאָקטאָרס משפּחה.

די געמיינזאַמע קולטור און מענטאַליטעט האָט זיי צונויפֿגעפֿירט. אָפֿט איז ער געבליבן עסן ביי זיי און פֿאַרפֿירט אַ שמועס איבער די פֿאַרשידענע דאָרפֿס־ און ווירטשאַפֿטס־ענינים. דער דאָקטאָר איז געווען פֿאַראינטערעסירט פֿיין זאָל בלייבן

אין דאָרף, געווען גרייט אים העלפן מיט געלט ער זאָל ממשיך זיין זיינע קעז־אונטערזוכונגען. אויך רות וואָס איז געווען יינגער פון פיינען מיט זעקס יאָר האָט אין אים געפונען אַ נאָענטן מענטשן. זיי האָבן כסדר זיך געטראָפן און געשמועסט אַ סך שעהן ביז זיי זענען דערגאַנגען צו אינטימע שמועסן אין יעדער פרייער צייט. אין זיין אָנוועזנהייט האָט זי זיך באַמיט דערמאָנען איר פאַרגאַנגענהייט. די ריינהאַרדט־פאַרשטעלונגען און כדומה. אין אמתן איז אַלץ ביי איר געווען ווי אַ פאַרטושטע פאַרגאַנגענהייט. זי האָט דאָס אַלץ געזען אין דער באַגלייטונג פון פאָטער נאָך אַלס אַ קליין מיידל.

אויך דעם דאָקטאָרס פרוי האָט זיך פון מאָל צו מאָל באַטייליקט אין אַ שמועס. זי ווי אויך די טאָכטער האָבן אין אָנוועזנהייט פון גאַסט דערמאָנט זייערע זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר מיט מער פאַרנעם און אויסדרוק. זיי האָבן גערעדט נישט וועגן די פעסטיוואַלן און פאַרשטעלונגען, נאָר וועגן די וועגט אין די מוזייען, וואָס זענען געווען באַהאַנגען מיט בילדער פון מיטלאַלטער, וועגן דער גרויקייט אין די קלויסטערס וואָס אַנטפּלעקט די בילדער־פּראַכט.

פיין האָט מיטגעשמועסט מיט טאַקט און פאַרשטענדעניש. די אַלע ענינים זענען אים נישט געווען פרעמד און ער האָט אויך צוגעגעבן אַ שטריך און באַמער־קונג אָבער פאַראינטערעסירט אין די שמועסן איז ער נישט געווען. אים האָט געמאַטערט זיין דורכפאַל, די פערמענטירנדע און צעגאַסענע בלאָקן קעז האָבן אים געשראָקן. אַ פּחד איז אים באַפאַלן ביים געדאַנק, אַז ער וועט אפשר דאַרפן גיין אַרבעטן ביי יענעם. דער פּחד טאַקע האָט אים דערנענטערט צו דעם דאָקטאָרס משפחה און זיי, וואָס זענען געווען איינגעלעבט אין דאָרף און אין דער סביבה, האָבן זיך געפרייט וואָס אַזאַ מענטש ווי פיין וואָס איז זיי נאָענט מיט דער קולטור וועט אַריינקומען צו זיי אין דער משפחה.

פיין איז צו זיי געקומען יעדן אָוונט. ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער מוז ליקווידירן זיין קעז־אונטערנעמונג, האָט ער אין איינעם פון די אָוונטן פאַר־געשלאָגן רותן — „האָב מיט מיר חתונה". פון זיין פאַרשלאַג האָט איר האַרץ נישט שנעלער אַ טיאַכקע געטאָן ווי ביי אַנדערע יונגע מיידלעך אין אַזאַ פאַל. איר האָט נישט אויסגעפעלט קיין אָטעם. זי האָט אים אויסגעהערט און זיין דער־קלערונג אויפגענומען ווי אַ פאַרשטענדלעכקייט, ווי דעם המשך פון איר לעבן וואָס דאַרף און מוז אַזוי זיין. זי האָט אים געענטפערט געגוג געלאַסן: „גוט" און צוגעגעבן: „איך מיין מיר וועלן זיך פאַסן".

צו מאָרגנס פרי, איידער זי איז אַרויס צו דער אַרבעט האָט זי די עלטערן איבערגעגעבן פיינס באַשלוס.ביידע האָבן איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צופרי־דענע אָבער נישט איבערראַשטע. סיי דער פאָטער, סיי די מוטער האָבן איר אַ קוש געטאָן אין אַ באַק אַלס צייכן, אַז זיי זענען מסכים.

די צווייטע וואָך דינסטיק האָבן די עלטערן מיט איר הסכמה פאַרבעטן פיינען צו אַ נאָכמיטאָג־קאַווע. דאָס קאַווע־טרינקען איז אויך דאָס מאָל פאַרגעקומען ווי יעדן טאָג אָבער דאָס מאָל האָבן אים די עלטערן אָפּגעוואַרט ביי דער טיר און

אים באַגריסט, אויסגעדריקט זייער פרייד פון רות׳ס מיטטיילונג, אים אַ קוש געטאָן ווי זיי קושן רותן, אַ סימן, אַז זיי נעמען אים אויף ווי זייערס אַ זון. אַלע האָבן זיך געזעצט צום סערווירטן טיש. אַלע זענען געווען אין די וואָכעדיקע בגדים, נאָר די קאַווע וואָס מען האָט דערלאַנגט האָט מען נישט צוגעגעבן ווי שטענדיק אין קעראַמיק, נאָר אין פּאָרצעליי־שאָלן מיט אַ גאָלדענעם ראַנד. דאָס טרינקען האָט נישט פאַרנומען מער צייט ווי יעדעס מאָל. פאַרשטענדלעך, אַז מען האָט גערעדט מיט פרייד וואָס פּיין קומט אַריין אין דער משפּחה. ספּעציעל האָט זיך געפרייט די מוטער: — ,נאָך אַ מאַן אין דער משפּחה׳. זיי האָבן גערעדט און באַשלאָסן, אַז דעם צווייטן פרייטיק, וועלן זיי פאָרן קיין חפציה, דעם דערבייאיקן דאָרף און ביים דאָרטיקן רב שטעלן די חופּה.

פּיין האָט ליקווידירט זיין קעז־אונטערנעמונג. די פאַבריקס־איינריכטונגען האָט ער איבערגעטראָגן צום דאָקטאָר אין הויז. ביז דעם טאָג פון דער חתונה האָט ער די אַרבעט געפירט ווי געוויינלעך, אַזוי ווי עס זאָל גאָרנישט דאָרפן פּאַסירן. נאָך פרייטיק גאַנץ פרי איז פאַר זייער הויז־איינגאַנג געשטאַנען אַ רייַנער וואָגן מיט צוויי געשפּאַנטע פערד פאַרפּוצטע מיט גרין. אינעם וואָגן האָט זיך אַריינגעזעצט: דאָס יונגע פּאָרל, דער כלהס עלטערן, אַרצי מיטן ווייב און בן־חיים.

דעם גאַנצן וועג האָבן זיי געשמועסט וועגן ערד און בהמות, וועגן געררעטע־ניש און וואַסער. פאַרבייפאָרנדיק די בעדואינער־געלטן האָט בן־חיים עטלעכע מאָל אויסגעשריגן הו־הו! ער האָט געוואָלט די בעדואינער זאָלן וויסן, אַז זיי פאָרן צו אַ חופּה; די בעדואינער, וואָס זענען אַרויסגעלאָפן פון זייערע געלטן האָבן פון וויטנס, פון איבער זייערע שיטערע, נישט געאַקערטע פעלדער, זיי באַגעגנט מיט אַ יללה און געפילדער; די פאַסאַזשירן אין וואָגן האָבן זיי געענטפערט מיט אַפּלאָדיסמענטן. נאָר אַרציס ווייב איז געזעסן און געשוויגן.

די חופּה־וקידושין ביים רב וואָס האָט שוין אויף זיי געוואַרט האָט לאַנג נישט געדויערט. מען האָט אַוועקגעשטעלט די פיר דרענגלעך צו וועלכע עס איז געווען צוגעבונדן אַ פונאַנדערגעשפּרייטער טלית. אַרצי און בן־חיים האָבן אונטערגע־שריבן די כתובה אַלס עדות. דער רב, אַ דיקלעכער מיט אַ לענגלעכער, געלער באָרד, וואָס איז שוין געווען אַדורכגעוועבט מיט זילבער־האָר האָט געזאָגט די ברכות. פּיין האָט מקדש געווען זיין כלה. זיי האָבן אָפּגעטרונקען פון בעכער און דער רב האָט אויסגערופן „מזל טוב!" די פאַרזאַמלטע האָבן געענטפערט „מזל טוב!" ווי זיי זאָלן זיך קעגנזייטיק איבערשרייען. דאָס יונגע פּאָרל האָט זיך צעקושט מיט די עלטערן, דער דאָקטאָר האָט באַצאָלט דעם רב און אַלע האָבן זיך צוריק אַריינגעזעצט אין וואָגן און אַוועקגעפאָרן.

איצט האָבן זיי זיך אַדורכגערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון פלאַסטערן דעם וועג, כדי די פאַרבינדונג מיט דער שטאָט זאָל זיין לייכטער און באַקוועמער. בן־חיים האָט אַפילו אַ פּאָר מאָל זיך געפּרוווט טשעפּען צו פּיינען, אָבער פּיין האָט נישט רעאַגירט. דער וואָגן איז פאַרפאָרן און געבליבן שטיין פאַר דעם אַריינ־גאַנגס־טויער פון דאָקטאָר. אַלע זענען היפּקע אויסגעשטיגן און נאָר דער פרוי

אַרצי האָט דער דאָקטאָר געהאָלפֿן אויסשטייגן. אין שטוב האָט מען מכבד געווען די אַרציס און בן־חיימען מיט אַ לייכטן כיבוד, אַ גלעזל ווײַן מיט אַ שטיקל קוכן. דאָס אויפֿנעמען די געסט האָט נישט געדויערט מער ווי אַ פֿערטל שעה. ווינטשנ־דיק זיך קעגנזײַטיק האָבן אַלע זיך גענומען אײַלן, יעדער צו זײַן אַרבעט.

נאָר דער מיטאָג, וואָס דעם דאָקטאָרס פֿרוי האָט צוגעגרייט אַ טאָג פֿריִער און געהאַלטן אין קילשאַנק, איז געווען אַ פֿייערלעכע סעודה. צו דער סעודה זענען געווען אײַנגעלאַדן אַלע פֿיר סטאַבילע אַרבעטער. אַלע זענען זיי געקומען אין די אַרבעטס־קליידער נאָר אַרומגעוואַשן. דער טיש איז געווען געדעקט מיט אַ ווײַס טישטעך און סערווירט מיט זילבער־באַשטעק. די מאכלים האָט מען דער־לאַנגט אין פֿאַרצעלײַן געפֿעס. אַלע זענען געזעסן בײַם טיש נאָר יוחנן, דער שטאַל־אַרבעטער, אַן אויסגעהאָרעוועטער ייִד וואָס אין זײַן מויל האָבן געפֿעלט די צוויי פֿאָדערשטע ציין, איז שטיין געבליבן, זיך נישט אַוועקגעזעצט. יוחנן, דער אײביי־קער פֿרײליידיקער בחור, ווי מען האָט אים גערופֿן, האָט גענומען אין זײַן אויס־געאַרבעטער האַנט אַ גלעזל ווײַן, באַגריסט דאָס יונגע פּאָרל מיט „אין אַ גוטער שעה" און די בעל־הבתים מיט „הצלחה און גליק".

צו עסן איז געווען אַ סך: איטאַליעניש סאַלאַטן מיט מאַיאָנעז, ווײַס ווייצן־ברויט, געדונצטע קאַרטאָפֿל, רויטער באָרשטש און געבראָטענע הינער. אַלס קאָמפּאָט האָט יעדער באַקומען אַ גרויסן עפּל. בשעת דעם עסן האָט מען נישט גערעדט. יעדער איז געווען פֿאַרטאָן אין זײַן טעלער פֿון וועלכן ער האָט געגעסן מיט אַפּעטיט. נאָך דער סעודה האָבן די אַרבעטער נאָך אַ מאָל געווונטשן דעם יונגן פּאָרל גליק, געדאַנקט דעם דאָקטאָרס פֿרוי פֿאַר אַלץ און זיך אומגעקערט צו זייער אַרבעט. אויך פֿײַן מיט רותן זענען געגאַנגען אין גאָרטן צו זייער אַרבעט.

דער נאָכמיטאָג איז אַריבער בײַם פֿלעגן די בלומען און אויף פּלוידערײַ. דערבײַ האָט זיך אין זייערע רייד געפֿילט דערוואַרטונג און אומגעדולד. צוליב דער חופּה איז די פֿרײַטיק־צו־נאַכטס־סעודה פֿאַרגעקומען אַ ביסל פֿריִער. מען האָט זיך געזעצט צום טיש גלײַך ווי עס איז טונקל געוואָרן. די סעודה איז באַ־שטאַנען פֿון די רעשטלעך עסן וואָס זענען געבליבן פֿון מיטאָג מיט אַ קאַווע און קוכן אַלס צוגאָב. אָפּעסנדיק האָבן זיך פֿײַן מיט רותן אויפֿגעשטעלט פֿון טיש און אָן צו זאָגן אַ וואָרט אַוועק צו זיך אין צימער. אויף דער שוועל זענען זיי שטיין געבליבן אַ ווײַלע. אײנער האָט דעם אַנדערן אָנגעקוקט ווי ערשט איצט זאָלן זיי זיך האָבן דערצידירט. די עלטערן האָבן פֿון איבערן טיש אַריבער זיי געווונטשן „אַ ליבע נאַכט".

אינעם צימער האָט זיך גאָרנישט געענדערט. עס איז נאָר צוגעקומען די וואַזע מיט די ווײַסע דאַליעס וואָס די מוטער האָט אַוועקגעשטעלט נאָך בײַם מיטאָג. פֿײַן האָט צאַרט זי אַדורכגעלאָזט דורך זײַן אויפֿגעהויבענעם אָרעם אין צימער אַרײַן און פֿאַרשלאָסן די טיר. די עלטערן זענען נאָך געזעסן אַ ביסל, דער דאָקטאָר האָט זיך אָנגעצונדן אַ דיקן ציגאַר וואָס ער האָט אַרויסגענומען פֿון אַ פּושקע

אויפן שרייבטיש. בשעת ער איז געזעסן און זיך געקוויקט מיטן אַראָמאַט האָט זיין פרוי צונויפגענומען די כלים.

ערשט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט די דאָקטאָר־משפּחה צוזאַם מיט פיינען צו וויסן געטאָן אין אַ מודעה אין דער דייטשער צייטונג אַז רות מיט פיינען האָבן חתונה געהאַט. זייערע אַמאָליקע באַקאַנטע וואָס האָבן נישט געוווּסט, אַז דער דאָקטאָר געפינט זיך אין ארץ־ישראל האָבן אים גראַטולירט, ווער שריפטלעך און ווער אויף די שפּאַלטן פון דער זעלבער צייטונג. אויך דער ראַבינער פון ראַטיבאָר וואָס איז מיטן דאָקטאָר געווען שוין לאַנג באַפריינדעט און נישט געוווּסט, אַז דער דאָקטאָר געפינט זיך אין לאַנד האָט צוגעשיקט אַלס מתנה אַ דערשינען אין בערלין איבערזעצטן תנ״ך, געבונדן אין לעדער.

# ו

ווען גדעון האָט פאַרלאָזט רימונה האָט די יוגנט זיך געניויטיקט אין אַ נייעם דאָרפס־העלד. זיי האָט געפעלט אַ ראש־המדברים וועמען זיי זאָלן אָנערקענען און שעצן. זיי האָט געפעלט אַ העלד וואָס זאָל קאָנען אַדורכשווימען דעם כנרת אין דער ברייט און רייטן גאַלאָפּ ליגנדיק אויפן רוקן פון פערד. זיי האָבן געזוכט און געפונען ראָזענען וואָס האָט געאַרבעט ביי בן־חיימען אין דער ווירטשאַפט.

ראָזען איז געווען אַ הויכער, ברייטפּלייציקער בחור מיט אַ ווילדן, דורכ־דרינגלעכן בליק אין גרין־גרוילעך צאַפּלדיקע אויגן. איבער זיין ברייטן, גלייכן שטערן איז שטענדיק אַריבערגעהאַנגען אַ האָר־שויבער וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אָנגעוואָרפענער הויפן שטרוי. זיין געשטאַלט איז געווען עטוואָס איבערגעבויגן אויף פאָרויס ווי זיין ענערגיע זאָל אים שפּאַרן. זיינע פּעסטע, אויסגעצויגענע שריט און זיינע טונקעלע אויגן האָבן אים צוגעגעבן אַנטשלאָסנקייט. ער האָט שוין געהאַט אָנזען נאָך אין גדעונס צייטן. שוין דעמאָלט האָבן אייניקע פון דער דאָרפס־יוגנט אים פאַרערט אַלס העלד. דאָס זענען געווען פּנחס און אורי, צוויי שטאַרקע און דרייסטע בחורים וועלכע זענען צו אים צוגעשטאַנען און געשאַפן אַ דריילינג.

ראָזען איז געווען אַמביציעז. ווייַ צו דעם וואָס האָט געוואָלט אים איבעריאָגן מיט זיין וואָגן. באַלד האָט זיין בייטש גענומען פייטשן און זיינע מוילאייזלען האָבן אַ ציי געטאָן, נישט געלאָזט אים איבעריאָגן. אויך ווי איז געווען צו דעם וואָס האָט געפּרוּווט אים בייקומען אין די אַטלעט־פאַרמעסטונגען. קיינער פון דער דאָרפס־יוגנט, פון די שטאַרקע, האָט אים נישט געלייגט. די פאַרמעסטונגען זענען פאָרגעקומען צווישן כל־מיני פאַרלעך, נאָר נישט צווישן ראָזענען און גדעונען. ביידע האָבן זיך נישט געטרויט איינשטעלן זייער פּאָפּולאַריטעט.

זיי האָבן זיך יאָ פאַרמאָסטן, אַדרבה, באַרימט איז געווען זייער געוועט ווער פון זיי וועט דער ערשטער איבעראַקערן מיט דער טוריע זיין שנורבייט אין פּרדס.

ביידע האָבן געענדיקט אינאיינעם. צווישן זיי איז אויך געווען אַן אַנדערע געַ־שפּאַנטקייט. גדעון האָט געהאַלטן, אַז דער מתישב מעג האָבן אַזוי פּיל ערד וויפל ער קאָן באַאַרבעטן. ראָזען האָט געהאַלטן, אַז דער מתישב מעג האָבן אַ סך ערד און זי באַאַרבעטן מיט געדונגענע הענט. דערפאַר האָט גדעון אים גערופן — דער פּעטלייביקער, ראָזען אים — די נאַקעטע סטראַשידלע.

גדעון איז אויסגעוואַקסן אונטער די הייסע זונענשטראַלן אויף דער ברוין־זאַמדיקער ארץ־ישראל־ערד. ראָזען האָט געשטאַמט פון קון, אַ שטעטל אין וועסט־פּאַלן, וואָס איז געווען דער האַנדלס־צענטער פון דער דאָרטיקער תבואה. די דאָרטיקע יידן האָבן געקויפט די קערנער און זיי פונאַנדערגעשיקט איבער דייטש־לאַנד. נישט אַזוי ראָזענס עלטערן. ראָבערט זיין פאָטער, האָט געפירט דאָס גרעסטע געשעפט פון שיך אין צענטער פון שטאָט. צו אים זענען די פּויערים געקומען קויפן נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרקויפט זייער תבואה.

ראָזען דער זון, האָט פון קינדוויַז אַן זיך געפונען צווישן צוויי וועלטן — די זאַטע פּויערים פון איין זייט — דאָס ביסל יידישע משפחות פון דער צווייטער זייט און דער תהום צווישן זיי. די קליינע קהילה מיט דעם רב, שוחט, חזן — אין איין פּערזאָן וואָס האָט יעדן פרייטיק, פּונקט צוועלף אַ זייגער איבערגעגעבן די סינאַגאָגע־שליסלען דעם שמש אַנטאָן, אַ פּראָטעסטאַנט, ער זאָל זי אויפרוימען מען זאָל קענען שבת דאַוונען — איז געווען איין זייט; דער שולבאַנק, די שפּיל־פּלעצער, דאָס טרעפן זיך טאָג, טאָג מיט די מנהגים און שטייגער פון דער פּראָ־טעסטאַנטישער שטאָט־באַפעלקערונג — איז געווען די צווייטע זייט.

די קעגנזאַצן האָבן דערפירט ער זאָל זוכן אַן אויסוועג. ער איז צוגעשטאַנען צו דעם קליינעם החלוץ־פאַראיין און זיך געטראָפן מיט חברה אין אַן אונטערשטן צימער אין דער סינאַגאָגע. דאָרט האָבן זיי געזונגען ארץ־ישראל־לידער, געלייענט בראָשורן און געגעבן געלט פאַרן קרן־קימת.

דער בידעריקער ראָבערט ראָזען מיט זיין פאַרשפּיצטער וואָנסע און גלאָט ראַזירטן קאָפּ זומער און ווינטער, איז גאָרנישט געווען צופרידן, ווען ער האָט זיך דערוווּסט דעם זונס דרכים. ער האָט געוואָלט דער זון, זיין יורש, זאָל אַריין אין געשעפט, אים העלפן, אים אַ ביסל פאַרגרינגערן זיין האָרעוואַניע. ווען דער זון איז צו אים געקומען ער זאָל אים דערלויבן מאַכן אַן אויספלוג קיין ארץ־ישראל האָט ער אויפגעציטערט פון שרעק, ווייל ווען ער האָט נאָר דערהערט פון ווּעמען דאָס וואָרט „פּאַלעסטינע" האָט ער געקריגן גערינצלטע הויט.

ער האָט געפילט די געפאַר פון זיין לייכטזיניקן באַשלוס. און אויב יאָ, באַדייט פּאַלעסטינע — אויסוואָרצלונג, איבעררייס. איז וואָס וועט ווערן מיט זיין גרויס שיך־געשעפט וואָס איז באַקאַנט אין דער גאַנצער סביבה. נאָר די מוטער, די הויכע, דאַרע פּרוי וואָס זעט אויס ווי אַן אָפּגעטעסעטער בוים און אירע העלע, שטייפע האָר האָבן זיך קיינמאָל נישט געוואָלט איינלייגן אין אַן אָרנטלעכער פריזור, האָט געשטיצט דעם זון. זי האָט איינגעטענהט מיטן מאַן, אים איבערצייגט, אַז דעם זון קומט אַ פאַרגיטיקונג פאַר זיין שווערער אַרבעט ביים לערנען און פאַר

זיין דערפאַלגרייכן ענדיקן די שול. עס קומט אים זען די וועלט און פאַרברענגען איידער ער גייט אַריין אינעם עול פון דער אַרבעט. שווער וועו צוויי זענען קעגן אינעם, האָט געזאָגט דער פאָטער און מסכים געווען.

די שטאָל־בייכיקע שיף, וואָס האָט געשניטן די ים־וואַסערן האָט געברענגט דעם יונגן ראָזען צו די ברעגן אין לאַנד. ווי נאָר ער איז אַריבערגעטרעטן די ערד האָט זיין אָטעם דערפילט די פרייע, נישט געצוימטע ווייען פון די ווינטן וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די פרעמדע פאַר אים ערדפלאַכן. שוין פונעם ערשטן מאָמענט, נישט האָבנדיק קיין באַקאַנטן און נאָענטן האָט ער באַשלאָסן: דאָ בלייב איך. ער האָט באַשלאָסן נישט רעכענען זיך מיטן כעס פון די עלטערן, ווייל זיי האָבן געמוזט פאַרלירן די געלט־קויציע וואָס זיי האָבן איינגעלייגט ביי דער רעגירונג, אַז ער וועט פאַרלאָזן ס׳לאַנד אין דער צייט, ווען זיין וויזע וועט זיך ענדיקן. אָבער ווי ער האָט פון אָנהויב נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אַזוי האָט ער איצט נישט געקענט עס פאַרלאָזן. אים האָט פאַרכאַפּט די נאָך רויע, נישט געצוימטע נאַטור, די קנאַליקע זונען־העלקייט וואָס האָט פון אַלעם אויסגעזויגן דעם קאָלאָריט און אַלץ איבערגעצויגן מיט אַ ווייסן שלייער.

די אויסגעצויגענע איבער דער ערד שאָטן־גרויקייט האָט אויך זיין וועזן איינגעהילט, דער קאָלאָריט פון די דערפער און קיבוצים וואָס ער האָט באַזוכט האָט אים באַשאָנקען מיט פרישקייט און פרייהייט וואָס האָט אים געפעלט דאָרט אין דייטשן שטעטל. ער האָט נאָר אויסגעקוקט אַ מעגלעכקייט ער זאָל קענען באַהעפטן זיין „איך" מיט דער ערד־געדעטעניש אין די צעוואָרפענע ישובים. פון חיפה, די שטאָט וווהין ער האָט עולה געווען, האָט מען אים געשיקט אַרבעטן צו בן־חיימען אין רימונה. בן־חיים מיט זיין ווירטשאַפט און פאַכמענישקייט האָט דערמעגלעכט ראָזענען לערנען אַלע אַגראַר־אַרבעטן. זיין לערע איז געווען די אַרבעט פאַר וועלכער ער האָט באַקומען עסן, שלאָפן און צוגאָב פון עטלעכע פיאַסטער טאַשנגעלט.

ער איז געווען פלייסיק, געאַרבעט פון מאָרגנגרוי ביזן זון־אונטערגאַנג, געוואָלט וואָס שנעלער דערוועבן זיך די ערד־חכמה, געוואָלט אָניאָגן דאָס וואָס ער האָט פאַרנאַכלעסיקט ביי די עלטערן אין שטוב.

בן־חיים וואָס איז נאָך געווען אַן ערד־אַרבעטער אין רוסלאַנד האָט געשעצט און דערמוטיקט זיין ווילן, אים געלערנט ווי אַ טאַטע אַ זון, אים געוויזן ווי אַזוי מען שפּאַנט, ווי מען מעלקט, אַקערט און בראָנעוועט. ער האָט אים אויך איבערגעגעבן דעם פאַרנעם און שווונג. אָפט האָט מען געקאָנט זען ווי בן־חיים שטייט און קוקט זיך צו ווי ער גייט זיך אום מיט די בהמות און ווי ער פירט זיך אין פעלד. אַ צופרידענער האָט ער יעדעס מאָל זיך איינגעצויגן דעם אויפגעלאָזענעם איבער זיין אַרויסשטאַרנדן בויך, הויזן־רימען און זיך געקראַצט זיין געלע, נישט ראַזירטע באָרד. ער האָט ראָזענען אַפילו געשטעלט אַלס מוסטער פאַר זיינע צוויי זין. אויך צווישן די מתישבים אין דאָרף האָט ער אים געלויבט פאַר זיין אַרבעטס־קראַפט און ווילן.

ווען די פויערים האָבן געפּרוווט אויסרעדן אויף די דייטשע יידן, אַז זיי זענען נישט דער פּאַסיקער עלעמענט פאַרן לאַנד, ווייל דער רוב פון זיי וויל גיין אין שטאָט, האָט בן־חיים זיי באַלד אָפּגעענטפערט:

— איך האָב שוין געהערט דעם ניגון. אַ ייד איז אַ ייד פון וואַנען ער זאָל נישט קומען. יעדער ייד וויל אַרבעטן. ער דאַרף נאָר פאַרשטיין די אַרבעט.

אַז ער איז אַריין אין עקסטאַז פון רעדן פלעגט ער יעדעס מאָל אַ פרעג טאָן די צוהערער:

— נו און ראָזען?

ראָזען איז ביים בעל־הבית געווען אַ דריטער זון. אָבער דאָס זאָגט נישט, אַז בן־חיים האָט נישט געהאַט קיין טענהס צו די יידן פון דייטשלאַנד. אַדרבה. ער האָט געהאַט אַ וויכטיקע טענה צו זיי — דער לוקסוס. ער האָט געטענהט אַז ווי לאַנג מען בויט דאָס לאַנד דאַרפן די מענטשן זיך באַשרענקען און זיך באַנוגענען מיט ווייניק. אַזעלכער איז ער געווען פון דער נאַטור, געניינגט צו פרימיטיווקייט. נישט קוקנדיק וואָס ער האָט ביי זיך אין הויז געהאַט אַ קלאָזעט מיט שווענק־וואַסער איז ער אַליין געגאַנגען אונטער אַ בוים אַרונטער און זיך אָוועקגעזעצט מיט אַראָפּגעלאָזטע הויזן. ער איז געווען איבערצייגט, אַז אויך ראָזען האָט פיינט לוקסוס. דאָס איז געווען די סיבה פון מקרב זיין אים. אָפט אין די שבתים האָט מען אים געזען אַ באַרוועסן מיט אַ טריקאָ־לייבל אויפן קערפּער און אין לייוונטענע הויזן ווי ער זיצט אונטער אַ בוים מיט ראָזענען, פאַרטאָענע אין אַ שמועס. יעדן ווירטשאַפטס־פּראָבלעם האָבן זיי באַהאַנדלט אין פיר אויגן. בן־חיים האָט גערעדט פאַמעלעך. ער האָט די ווערטער געזאָגט געלאָסן לויט אַ סדר, ווי די טראָפּן וואַסער וואָס האָבן געקאַפּעט פון פאַרדרייטן וואַסערקראַן. דאָס האָבן זיי געשמועסט, געמאַכט דעם אַרבעטספּלאַן אויף דער גאַנצער וואָך. בן־חיים איז געזעסן מיט זיין אויבערקערפּער איבערגעבויגן איבער זיינע איינגעבויגענע קני: מען דאַרף די רויטע, געפלעקטע קו פירן צום אָקס, מען דאַרף אונטערקאָווען די מוילאייזלען און איבערשמידן די וואָגן־רעדער.

ווען ראָזען האָט זיך איינגעאַרבעט, געוווּסט אַלע מלאָכהס, האָט זיין בעל־הביתטע געוואָלט ער זאָל בלייבן אין דאָרף, ווערן אַ תושב און זי האָט זיך גענומען אַרומקוקן וועלכער פון די דאָרפס־טעכטער איז פאַר אים פּאַסיק. אָבער אין צווישן האָט ראָזען אַליין זיך דערנענטערט צו אַ רימונהער מיידל, כאַלאַמיס טאָכטער, די קליינע, צאַרטע, שוואַרצע לאה. זי איז געווען כמעט ווי אָפּגעזונדערט פון דער דאָרפס־יוגנט. דאָס איז געווען איר כאַראַקטער און די השפעה פון אירע עלטערן.

ראָזען, דער יונגער, דרייסטער שטאַרקער בחור, וואָס די מיידלעך האָבן אים נאָכגעקוקט און געטרוימט וועגן אים, האָט זיך טאַקע פאַראינטערעסירט מיט דער קליינער, צאַרטער לאה. אַפילו אסתר, די יונגע לערערין וואָס איז נישט לאַנג צוריק געקומען קיין רימונה העלפן די לערער און געוואָרן אַ שם־דבר איז אים נישט געפעלן. זיי האָבן זיך אַפילו עטלעכע מאָל געטראָפן, פאַרבראַכט און אַפילו געפונען געמיינזאַמע לעבנס־אינטערעסן, אָבער זיינע געפילן האָבן אים געפירט

צו לאהן. דורך איר האָט ער געהאַפּט דערגרייכן אַן אויפגעאַקערטע, גלימערדיקע גרודע ערד. פון זינט ער האָט זיך געטראָפן מיט לאהן האָט ער פאַרנאַכלעסיקט נישט נאָר די חברה נאָר אַפילו זיינע צוויי בעסטע חברים: פנחסן און אוריען.

נאָר איין מאָל, ווען ראָזען איז פאַרבייגעפאָרן דעם האַלבן באַרג־קרייז מיטן וואָגן וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט קוקורוזע, איז אים אַנטקעגנגעקומען פנחס. ער האָט געטראָגן שווערע שיך, באַקלעפּטע מיט ערד און מיסט און אויפן אַקסל געהאַט דעם מיסטגאָפּל.ביידע האָבן זיך פאַרהאַלטן. ראָזען איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן. פנחס האָט אַרויסגענומען פון אונטערן בוזעם אַ שאַכטל ציגאַרן. זיי האָבן פאַררויכערט. ראָזען האָט אַ שמיץ געטאָן די מוילאייזלען. דער וואָגן האָט זיך געגומען קאַטשען און וויגן איבער דעם נישט גלייכן צעפאָרענעם זאַמדשטעג. זיי זענען נאָכגעגאַנגען נאָכן וואָגן און זיך איבערגעשמועסט וועגן פאַרשידענע ענינים און זיך געפרייט וואָס זיי האָבן זיך געטראָפן.

— אסתר פרעגט זיך כסדר אויף דיר — האָט פנחס אים אַ זאָג געטאָן.

— נישט וויכטיק — האָט ראָזען אים געענטפערט. אָבער פנחס האָט אים נישט אָפּגעלאָזט.

— דיינע, די איצטיקע, איז קליין און צו דאַר...

ראָזען האָט פאַרזשמורעט די אויגן. פון כעס האָט זיך זיין פנים אויסגעצויגן. ער האָט אים צוגעוואָרפן אַן ענטפער „עס וועט גוט זיין!", געגעבן אַ שמיץ די מוילאייזלען, אַרויפגעכאַפּט זיך אויפן וואָגן און איבערגעלאָזט פנחסן. דער אָנהויב און די ענדע פון דער טרעפונג האָט גורם געווען אַז ער האָט זיך אויפגעהערט טרעפן מיט זיין חברה. זיין ווערן איז געווען איבערפולט און געלעכצט נאָך פרויען־צערטלעכקייט. אַפילו די מוילאייזלען האָבן איצט געפילט אַז זיינע פּייטשן זענען איצט איידעלער און זיינע לייצעס ציִען מער געלאָסן. אַפילו באַראַק, דער גרויסער קודלאַטער הויף־הונט וואָס האָט שטענדיק געמיטן ראָזענען האָט איצט זיך צו אים געלאַשטשעט.

אינעם מי פון דעם טאָג און אין זיין יעדער אַרבעטס־באַוועגונג האָט ראָזען געזען אינעם געדאַנק די קליינע פרויען־געשטאַלט. זיין מענער־באַגער האָט כסדר פאַר אים אויסגעבילדעט אירע קערפּער־קאָנטורן. ווי נאָר ער איז אָפּגעקומען מיט דער טאָג־אַרבעט האָט ער זיך אַרומגעוואַשן, איבערגעטאָן און געאיילט צו לאהן. ער איז פון איר נישט אָפּגעטרעטן. מער ווי זי האָט געגאַרט צו אים האָט אים געצויגן צו איר. געלאָקט איר צוריקגעהאַלטענע שעמעוודיקייט, איר רעאַגירן אויף זיינע צערטלעכקייטן. אים האָט גערייצט איר סאַמעט ווייכער פרויען־בליק־צוזאָג, אירע קליינע טריט, אירע געלאַסענע קערפּער־באַוועגונגען האָבן אויפגע־טרייסלט זיין געמיט. ער האָט זיך באַמיט נישט נאָר צופּאַסן צו אירע רעליגיעזע פאַרלאַנגען, נאָר אויך צו די טראַדיציאָנעלע מנהגים וואָס האָבן געהערשט ביי זיי אין הויז וואָס זענען אים בכלל פרעמד געווען.

ביי אירע עלטערן אין הויז האָט ער ס׳ערשטע מאָל געזען די תלמוד־ספרים וואָס זענען געשטאַנען אין אַ שאַנק. אַזוי האָט ער אויך ביי זיי געזען שבת־לייכטער

און די אין מעש געהעמערטע חנוכיה, איבער וועלכע צוויי לייבן מיט אויסגע־שפּיצטע אויערן האָבן געהיטן די קרוין פון „יידישן מלכות״. איר פאָטער, דער אַלטער כאַלאַמי, האָט אים געלערנט לייגן תפילין און זיך איינהילן אין טלית. פּאַר ראָזענען איז דאָס אַלעס געווען נאָר עקזאָטיק. ער האָט געשמייכלט און געשוויגן. די אַלע פאַרשריפטן האָבן אים נישט אינטערעסירט, נאָר די קליינע, צאַרטע פרויען־געשטאַלט און אַן אייגענע אויפגעשניטענע און איבערגעדרייטע שנורבייט ערד וואָס גלימערט אַנטקעגן דער זון.

גאַנץ אָפט איז ראָזען געבליבן ביי די כאַלאַמיס צו אָוונטברויט און דערנאָך געהאָלפן לאהן צעוואַשן די כלים. ביי יעדער אַזאַ אַרבעט האָט ער שפּאַסיק זי געפרעגט ווו ער זאָל שטעלן דעם טאָפּ אָדער די שיסל, ער זאָל חלילה נישט אויסמישן די מילכיקע מיט די פליישיקע כלים.

לאה האָט אים יעדעס מאָל געלאָסן געוויזן ווי צו שטעלן די כלים, אָבער מיט דער צייט האָט ער דערפילט אַז די משפחה־נאָענטקייט איז אים געוואָרן אַ לעבנס־נויטווענדיקייט.

# ז

שוין אַ סך טעג ווי דער הימל איז געדיכט, טונקל און שווער גרוי. די לופט איז אָנגעזאָפּט מיט נעץ. באַלד באַגינען פאַלן געדיכטע רעגן־טראָפּנס, ווי דער אָנגעלאָפענער הימל זאָל וועלן מיט אַ מאָל אויסגיסן די אָנגעשוואָלענע וואָלקנס און דאָס וואַסער זאָל אַריינדרינגען טיף אין דער ערד. ווען דער רעגן האָט אָנגע־הויבן פאַלן איז ראָזען נישט אַרויס אין די פעלדער. פול פרייד האָט ער זיך אַריינגערוקט אין דער אָפענער טיר פון דער שטאַל און אַ לענגערע צייט געשטאַנען פאַרגאַפט אינעם בלייַיִקן האַריזאָנט, געקוקט ווי דאָס וואַסער זעטיקט יעדעס בלעטל און גרעזל און פרישט אָפּ זייער פאַרשטויבטן, גרינעם קאָלאָריט. ער האָט געגאַפּט און מיט זיינע צעצויגענע לונגען איינגעאָטעמט אין זיך די פייכטע פריש־קייט וואָס האָט זיך געטראָגן אין דער לופט. אָט שטייט ער פול הנאה און די מויל־אייזלען אונטער אים האָבן זיך צעהירזשעט ווי אים באַגלייט, און פון תענוג מאַר־שטשעט זיך די פעל אויף זייערע קיילעכיקע בייכער. ראָזען האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. די נעץ האָט אים אַדורכגענומען און ער איז אַוועק אין שטוב.

בן־חיים האָט אים דערזען. ער איז געשטאַנען אויף אַן אָפענעם באַלקאָן און גערייניקט די צענטריפוגע. אין פענצטער איז געשטאַנען זיין פרוי פנינה, אַ הויכע, דאַרע קרענקלעכע פרוי מיט אַ פאַרמעט־פּנים פול יסורים, מיט גלאַטע ווי צונויפגעקלעפּטע צום קאָפּ שוואַרצע, גלאַנציקע האָר. אירע אויגן זענען געווען אויפגעריסן, פול אימה און געקוקט פאַר זיך. עס איז שווער געווען צו וויסן וואָס איר אימה איז; צי זי שרעקט זיך פאַר דעם שטאַרקן רעגן, צי פאַר בן־חיימען

וואָס פּאַרעט זיך ביי דער צעשרויפּטער מאַשין, צי גאָר פּאַר ראָזוענען וואָס גייט פאַרביי. בן־חיים, ווי נאָר ער האָט דערזען ראָזוענען, האָט ער שוין פאַרשטאַנען ווו אַהין ער גייט און אים אַ פרעג געטאָן מיט אַזאַ טאָן ווי ער אַליין זאָל אים געבן די תשובה. „די בהמות זענען אין אָרדענונג?" — בן־חיים האָט אַ שמייכל געטאָן, אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ וואָס האָט איצט אונטער דעם גרויען הימל אין זיין נעץ אויסגעזען ווי אַ קאַלאַוואַסע און צוגעגעבן:

— נו, גיי צו איר...

ראָזוען האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט נאָר אַריינגעשטופּט די נאָגאַווי־צעס אין די זאָקן אַריין, אַריבערגעצויגן זיך איבערן קאָפּ אַ באַשלאַק, געמאַכט פון אַ ריינעם זאַק, און זיך געלאָזט גיין פאָרויס מיט ברייטע, רעגלמעסיקע טריט וואָס האָבן געזונקען אין דער פולכנער, קערנדיקער ערד. גייענדיק מיט דעם ליידיקן וועג, ווו עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס כלופּען פון דעם רעגן־וואַסער, האָט ראָזוען דערפילט אין דער שטילקייט זיין קערפּער און די קליידער אויף אים — ווי ער זאָל ערשט איצט זיך האָבן דערוווּסט אַז ער עקזיסטירט. ער האָט גענומען טראַכטן, געפּרוּווט זיך פאָרשטעלן ווי וועט דאָס זיין — ער מיט לאהן אויף זיין ערד.

נאָך דער וועג איז געווען אַ צו קורצער פאַר זיינע געדאַנקען. ער איז צוגעקומען צו כאַלאַמיס הויז. ער האָט איבערגעשפּרייזט צוויי טרעפּ און שוין אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, זי אַ שטופּ געטאָן — געעפנט מיטן פוס. ער איז אַריין, אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און שטיין געבליבן אין מיטן צימער. דער ווינטער האָט אים איינגעהאַלטן אין שטוב. די טירן און פענצטער זענען געווען פאַרמאַכט. דאָס אַלטע פּאָרל איז געזעסן פאַרבאַבלט, ער אין אַ סוועטער, שטיוול און אַ טורבאַן איבער די אויערן, זי אין אַ וואַטענעם פידזשאַק מיט אָפענע, אָן פינגער געשטריקטע הענטשקעס. זיי האָבן זיך געוואָרעמט ביי אַ נאָפט־אייוועלע.

די זומער־זון האָט שוין געהאַט אַדורכגעוואָרעמט דעם מאַרך אין זייערע אַלטע ביינער און זיי איז שווער געווען איבערטראָגן די ווינטערדיקע רעגן־נעץ. ראָזוענס אַריינקומען האָט נישט נאָר דערפרייט לאהן וואָס איז געשטאַנען ביי דעם נאָפט־אויוון און געגרייט פלייש־קאָטלעטן און אַ קרויטבאָרשטש נאָר אויך אירע אַלטע עלטערן. זיי האָבן אים געבעטן זיצן אָבער ער האָט זיי נישט צו ליב געטאָן. ער האָט נאָר אייליק זיי אַ זאָג געטאָן „שלום!" און צוגעפאַלן צו לאהן, זי האַרציק אַרומגענומען אין דער טאַליע און צוגעדריקט צו זיך מיט כוח. לאה — פון בושה פאַר די עלטערן האָט אַ צאַפּל געטאָן. דאָס בלוט האָט איר אַ זעץ געטאָן אין פּנים. זי האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון זיינע אָרעמס. די מוטער האָט זיך אַוועקגעזעצט איבער דער ברייט פון גאַנצן בענקל. אירע צונויפגעפּרעסטע קלייד־פאַלדן האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרייט. זי האָט איבערגעלייגט די הענט איבערן בויך אירן, איבער וועלכן עס זענען אַריבערגעהאַנגען אירע אַראָפּגעלאָזטע ברוסטן און מיט מוטערלעכער צופרידנקייט אַ זאָג געטאָן:

— פון אַ מאַן מוז מען זיך לאָזן אַרומנעמען.

דער פֿאָטער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, געשמייכלט אין די וואָנסעס אַרײַן און שטיל מיט די פֿינגער געקנאָטן אַ שטיקל ברויזן פֿון ברויט. ראָזען, אַן אויפֿגעמונטערטער פֿון דער מוטערס רייד און לאהס קליינעם, צאַרטן קערפּער, וואָס איז ווי געהאָנגען אין זיינע אָרעמס, האָט זי אַ קוש געטאָן מיט זיין גאַנצער מענער־ליבע, ווי ער זאָל האָבן אויסגעזויגן אירע ליפּן. ער האָט זי אָפּגעלאָזט. זי האָט זיך באַפֿרייט פֿון זיינע אָרעמס, אַ לויף געטאָן ווי אַ שכורע און אַרויסגעלאָפֿן פֿון צימער. ראָזען איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַ צערייצטער און אַ באַרוישטער. די בלוטן אין אים האָבן געברויזט, אָבער באַלד האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו די אַלטע לייט:

— איך וויל דאָך אייער טאָכטער פֿאַר אַ ווייב.

כאַלאָמי האָט איבערגעריסן קנעטן דאָס שטיקל ברויזן און אויפֿן קול, אַ קול פֿון אַ זקן, גערופֿן:

— לאה! לאה! לאה!

לאה איז אַרײַן אין שטוב נאָך אַ פֿאַררויטלטע און אַ פֿאַרשעמטע. זי איז שטיין געבליבן ביי דער טיר און ווי געוואַרט אויף עפּעס. די מוטער איז צו איר צוגעגאַנגען, זי אָנגענומען ביי דער האַנט, צוגעפֿירט צו ראָזענען און אַריינגעלייגט איר האַנט אין זיינע. דער פֿאָטער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און עטלעכע מאָל אויסגערופֿן „מזל־טוב!" פֿון פֿרייד האָט ער געפּאַטשט מיט די הענט און מיט די פֿיס צעטרעטן אַ גלעזערן טעלערל וואָס ער האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון טיש. די מוטער, אַ גליקלעכע פֿון פֿרייד, ווי דאָס נחת זאָל זיך שיטן פֿון איר ברייטער, געפֿאַלדעוועטער ספּאָדניצע, איז אַרויסגעלאָפֿן אויפֿן הויף און צונויפֿגערופֿן די רעשט משפּחה.

די צוויי זין, וואָס זענען אויך היינט נישט אַרויס צו דער אַרבעט נאָר זיך געפּאָרעט אין די שפּייכלער און שטעלער, זענען געקומען אייליק דערהערנדיק אַז די מוטער רופֿט זיי. ביידע האָבן געמיינט, אַז עס האָט עפּעס פּאַסירט ביי די עלטערן אין שטוב, נאָר דערהערנדיק אַז די מוטער זאָגט „מזל־טוב!" און אַז לאה איז „אַ כלה געוואָרן", זענען זיי מיט איסטע שנעלע טריט אַרײַן אין שטוב. ביידע האָבן זיי האַרציק באַגריסט ראָזענען, אים אַריינגערוקט זייערע דיקע, אויסגעאַרבעטע מיט מאָזאָליעס הענט. יעדער באַזונדער האָט זיין צוקונפֿטיקן שוואָגער געווונטשן „מזל־טוב!" דער פֿאָטער האָט אין צווישן אַוועקגעשטעלט אויפֿן לאַנגן מיט דער ווייסער צעראָטע באַדעקטן טיש אַ פֿלאַש אָקאָוויט מיט פֿיר גלעזלעך. אויך די מוטער האָט דערלאַנגט אַ שטויס ביסקוויטן אויף אַ גרין באַקאַליט־טעצל. די פֿיר מענער האָבן זיך געזעצט צום טיש. דער פֿאָטער האָט אָנגעפֿילט די גלעזלעך. באַלד האָט ער זיך פֿאַררוקט ס׳היטל אויף הינטן — אַ סגולה אויף מזל, קעגן אַן עין־הרע — און אויפֿן קול געזאָגט:

— לחיים! מיט מזל און גליק!

ער, דער ערשטער, האָט מיט איין שלוק אויסגעטרונקען דאָס גלעזל אָקאָוויט. אַלע דריי האָבן אים נאָכגעטאָן. נאָכן ערשטן גלעזל האָט יעדער פֿון זיי אָפּגע־

אָטעמט ווי ער זאָל אויסהויכן די שאַרפע האַרבקייט. דער אַלטער מיט די זין האָבן ראָזענען ווידער געווונטשן מזל־טוב. ראָזען האָט זיך געוואָנדן צו לאהן וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט אָנגעלענט אין דער שאַנק:

— עס זאָל זיין מיט מזל!

אַלע האָבן פאַרביסן מיט אַ ביסקוויט און דער פאָטער האָט ווידער אָנגעגאָסן די גלעזלעך. פאַמעלעך האָט זיך אין צימער דערפילט די אַלקאָהאָל־זויערקייט וואָס האָט זיך צונויפגעמישט מיט דעם שווערן רויך פון די ציגאַרן, וואָס דער עלטסטער זון נחום האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. צום איבערבייס האָט מען די ווייבער נישט פאַרבעטן. לאהן האָט די מוטער אַרויסגעשיקט אין קיך אַריין זי זאָל אויפפאַסן אויפן מיטאָג וואָס האָט זיך געקאָכט. זי אַליין איז געזעסן אויף דער סאָפע אין ווינקל. איר פנים איז איצט געווען גלאַטער, פולער ווי אויסגע־פילט מיט דער פרייד. זי איז געזעסן און געשוויגן נאָר אירע אויגן האָבן נישט גערוט. איר בליק האָט נאָכגעפאָרשט נאָך יעדן פנים־אויסדרוק פון די מענער ביים טיש. זי, די מוטער, האָט געוואַרט אויף זייער ענדגילטיקן באַשלוס.

אין דער אָנגערויכערטער לופט פון דער שטוב האָט זיך געוויגן די טראַדיציע און אייניקייט פון דער משפחה. די פיר מענער, זייערע שווער אויסגעהאָרעוועטע לייבער זענען פון אַריבער די בענקלעך געלעגן איבערגעלייגט איבערן טיש. זיי האָבן פאַמעלעך פאַרצערט דעם אָקאָוויט און ניקאָטין. נאָכן פערטן גלעזל האָט דער אַלטער אַ בגילופינער פינקלענדיק מיט די אויגן זיך אַ ווענד געטאָן צו די דריי מענער:

— די צייט גייט. מען דאַרף נישט פאַרלאָזן די סטאַדעס. על־כן וועט מען עס מאַכן בקיצור.

ער האָט זיך אָפּגעווישט די ליפּן וואָס האָבן לייכט געציטערט און מיט אַ פאַלשן אַלט־טאָן וואָס איז געווען ענלעך צו אַ קינדערישער שטימע געזאָגט ווי ער זאָל אויסזינגען די ווערטער:

— איצט זענט איר אַלע שוין מיינע קינדער, יעדער און זיין חלק ערד, אויך ער, ווייזנדיק מיט דער האַנט אויף ראָזענען, וועט באַקומען אַ חלק ערד...

ראָזען דערהערנדיק דעם אַלטנס רייד, אַז ער באַקומט אַ חלק ערד, האָט זיין שווערן פון טרינקען קאָפּ אַ הייב געטאָן ווי אַ פאַרמאַטערט פערד ווען ער דער־פילט דעם ריח פון וואַסער. אַ שווייס האָט באַדעקט זיין שטערן. ער האָט געפינקלט מיט די אויגן און שווער געסאַפּעט. די פרייד פון ערד האָט אים פאַרהאַלטן דעם אָטעם. אָבער אויך דעם אַלטנס פנים האָט נאָכן אָפּזאָגן די דאָזיקע ווערטער באַקומען אַ פאַרביסענעם אויסדרוק. מיט אַ טיפער שטימע האָט ער צוגעגעבן:

— אָבער זאָלסט זיין אַ גוטער בעל־הבית און אַ גוטער מאַן. ווויגען וועט איר ביי אונדז אין הויז.

די מוטער האָט זיך שטיל אויסגעווישט אירע פאַרטרערטע אויגן.

ישראל, זייער זון, וואָס איז געזעסן און געשאָקלט זיין שווערן קאָפּ אַהין און

צוריק איז מיט אַ מאָל געבליבן װי פֿאַרשטײפֿט, נאָר באַלד האָט ער גענומען רעדן פֿאַמעלעך, באַטאָנט יעדעס װאָרט, װי ער זאָל עס איבערטראַכטן נאָך אַמאָל.

— אָבער דאָס הױז אין װעלכן ער װעט װױנען מיט אונדזער שװעסטער געהערט צו אונדז אַלעמען ? !

דער פֿאָטער האָט אױף אַ װײַלע פֿאַרמאַכט זײַנע אױגן װאָס זענען איצט געװען װי פֿון בלײַ, װעלנדיק באַגרײַפֿן דעם זונס רײד. װען ער האָט זײ תּופֿס געװען האָט ער אַ שרײַ געטאָן מיט כּעס :

— איך לעב נאָך !

נישט װאַרטנדיק אױף קײן ענטפֿער האָט ער ממשיך געװען :

— פֿון הײַנט אין פֿיר װאָכן אַרום, דינסטיק, מען זאָל עס דערלעבן אין פֿרײדן, װעט מען שטעלן די חופּה.

אַלע פֿאַרזאַמלטע אין שטוב, דערהערנדיק דעם פֿאָטערס באַשלוס, האָבן מיט אַ מאָל צוזאַם אַ זאָג געטאָן :

— מיט מזל און ברכה.

די זין מיט ראָזענען האָבן פֿאַמעלעך אונטערגעהױבן זײערע שװערע קער־פּערס און אַװעק צו דער טיר. די מוטער האָט געװאָלט אונטערפֿירן ראָזענען, מיט אים רעדן.

אָבער ער איז צוגעגאַנגען צו דער קיך־טיר, עפּעס אַ פֿליסטער געטאָן לאהן און מיט פֿאַמעלעכע און שװערע טריט אַרױס פֿון הױז.

ס'האָט אױפֿגעהערט רעגענען. דער טונקעלער הימלגרױ האָט זיך אָנגעהױבן אױסלײַטערן, װערן העל. ראָזען האָט געשטעלט שװערע טריט װי ער זאָל זיך װאַקלען. גײענדיק איבער דעם נאָסן, זאַמדיקן דאָרפֿסשטעג האָט ער אין זײַן שׂכרות דערזען די פֿאַרגרעסערטע געשטאַלט פֿון לאהן, אַן אױסגעצױגענע איבער זײַן חלק ערד.

# ח

גדעון האָט פֿאַרלאָזט די אַרבעט בײַ אַרצין און פֿאַרלאָזט דאָס דאָרף. ער האָט עס געטאָן װײַל ער האָט געװוּסט אַז אױב ער פֿאַרדינגט זיך צו אַ צװײטן מתישבֿ אין דאָרף װעט ער זיך נישט קענען באַהערשן און מוזן אַרײַן צו אַרצין זען די קי אין שטאַל. אַפֿילו נאָך איצט, אַ סך טעג נאָך דעם װי ער איז אַװעק, געדענקט ער יעדן פֿלעק און לאַטע בײַ יעדער קו אױף איר פֿעל. פּונקט װי ער זעט נאָך זײערע תּמימותדיקע בליקן אַזױ הערט ער נאָך זײער מרוקען, זײער לעקן מיט די צינגער און דעם שאַרך פֿון מילך־שטראַם. אָבער ער האָט נישט געקענט איבערטרעטן די שװעל פֿון אַרציס װירטשאַפֿט װײַל ער האָט זיך נישט געװאָלט טרעפֿן מיט דעם מענטשן װאָס האָט אים אָפּגעריסן פֿון די בעל־חי־סטאַדעס װאָס

זענען אים נענטער פון אַלע נאָענטע. ער איז נישט געגאַנגען אין קיין אַנדער דאָרף. עס איז אים געווען שווער דאָס צעשיידן זיך מיט די רימונהער ערד־שטחים וואָס ציִען זיך גראָדליניק און האָבן זיך איבערגעהאַקט אונטערן באַרג וואָס שטאַרט מיט זיין פאַרגליווערטער הויך ווי ער וואָלט אויפגעפּאַסט אויף דער גערעטעניש פון די פונאַנדערגעוואָרפענע פעלדער אַרום אים.

ער איז געגאַנגען אין שטאָט, אָבער ער האָט געפילט, אַז זיין דראַסטישער באַשלוס נעמט אים אַראָפּ פון זיינע שטאַפּלען אין אַ ברייטער, טיפער ליידיקייט, אַן זיכערקייט, ווי ער זאָל שוועבן. שוין דאָס גיין איז אים שווער אָנגעקומען. ער איז נישט געגאַנגען מיט זייטיקע פעלד־שטעגן נאָר מיט אַ געפּלאַסטערטן אַספאַלט־וועג. זיינע פיס האָבן זיך געגוויטיקט אין דער ערד־עלאַסטישקייט צו וועלכער ער איז געוווינט געווען. ער איז געגאַנגען מיט קליינע טריט ווי ער זאָל וועלן פאַרלענגערן די צייט. גייענדיק האָט ער איינגעזאַפּט די פרישע, זאַטע ריחות וואָס האָבן געוויייעט פון די ברייטע ערד־שטחים. דער שאָרך פון זיין ראָק־זאַק און בגדים־פאַלדן, דער רייב פון איין שוך אין אַנדערן האָבן אים ווי אויס־געשפּילט אַ באַדויער־ניגון.

ווען ער איז אָנגעקומען אין שטאָט און דערזען פון וויטנס די גרופּע דעכער פון רויטע דאַכלקעס, וואָס זענען געלעגן געשטאַפּלט ווי טרעפּ, האָט ער זיך פאַרקערעוועט שיף. ער איז אַרויף אויף אַ ליידיק נישט־באַארבעט און מיט פּיס אויסגעטרעטן פעלד. ער האָט זיך פאַרהאַלטן און אָנגעקלאַפּט אין דער ערשטער טיר פון באַראַק וואָס איז געשטאַנען אויפן ראַנד פון פעלד. אַ נידעריקע, דיקע פרוי מיט אַרויסשטאַרנדע ברוסטן וואָס האָבן זיך ווי געריסן פון איר טובראַלקע קלייד אַרויס, מיט אויסגעאַרבעטע, רויטע, אויסגעווייקטע הענט אין זייפנוואַסער און אין אַ קראַטן־טיכל אויפן קאָפּ, האָט אים געעפנט די טיר און בייגעריק אָנגעקוקט. די פרוי האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרפאַקט פעקל צום אַפּשיקן. איינזעענדיק אַז עס שטייט פאַר איר אַן אַרבעטער, האָט זי אים אַריינגעבעטן. ער, נישט וואַרטנדיק אויף קיין פראַגן, האָט איר געזאָגט, אַז ער איז געקומען אין שטאָט אַריין אַרבעטן. אפשר קאָן זי אים איינקוואַרטירן.

די פרוי, אַן אַלמנה, האָט געהאַט צוויי זין אין קיבוצים. זי האָט זיך מפרנס געווען פון וואַשן וועש. זיין פאַרשלאַג האָט זי דערפרייט. זי האָט אים גלייך געוויזן אַ קליין, לאַנג צימערל ביי דער קיך וואָס זי איז אים גרייט צו פאַרדינגען. דאָס צימערל איז געווען אויסגעקאַלכט און געהאַט נאָר אַ פענצטער־עפענונג אָן אַ פוטרינע און אָן שויבן. עס האָט זיך פאַרמאַכט מיט אַ ברעט וואָס איז געווען אַ חלק פון דער וואַנט. אינעם צימערל איז נאָר געשטאַנען אַן אייזערן בעטל אויף וועלכן עס איז געלעגן אַ שטרויזאַק וואָס איז געווען איבערגעדעקט מיט צוויי קאָצן און אַ רוי נישט־געהיבלט טאַבאַרעטל.

פאַר דעם צימער האָט מרים פאַרלאַנגט זיבעציק פּיאַסטער אַ חודש דירה־געלט.

גדעון האָט מסכים געווען. אָן צו פרעגן און אָן צו וואַרטן אויף אירע אָנווייז־

זונגען האָט ער פון זיך אַראָפּגענומען זײַן רוקזאַק און אין די מלבושים זיך אָװעק־געלײגט אויפן בעט און באַלד אײַנגעשלאָפן. פון מידקײט און אויפרעגונג איז ער אַדורכגעשלאָפן נישט נאָר דעם אָװנט מיט דער נאַכט נאָר אויך דעם אַנדערן מאָרגן ביז מיטאָג. װען ער האָט זיך אויפגעװעקט איז ער געװען אויסגערוט, זײַנע נערװן און געמיט זענען געװען אָנטשפּאַנט.

אין שטוב איז קײנער נישט געװען. ער האָט זיך אָפּגעװאַשן די הענט מיטן פּנים. ער האָט דערפילט הונגער. ער איז אַרויס און געקויפט אַ ברויט. דעם לאַבן ברויט האָט ער אויפגעגעסן אין אײן מאָל און אים פאַרטרונקען מיט אַ טעפּל װאַסער. אין צװישן איז אָנגעקומען מרים. װען גדעון האָט געענדיקט עסן האָט ער דערפילט אַ באַדערפעניש זיך צו פאַרצײַען מיט אַ ביסל רויך. ער האָט אָבער נישט געהאַט קײן סיגאַר. ער האָט אַרויסגענומען פון רוקזאַק זײַן פלײט, אָװעק־געזעצט זיך אויפן בעט, אָנגעלענט זײַן אויבערקערפּער אין דער װאַנט, פאַרלײגט אײן פוס איבערן אַנדערן און גענומען פלײטן.

אויף מאָרגן אין דער פרי איז ער געגאַנגען זוכן אַרבעט. ער איז אַדורכגעגאַנגען דעם גאַנצן דרום פון תל־אביב אָנהײבנדיק פון שכונת הרכבת װוּ ער האָט געװוינט. אומקערנדיק זיך װען ער איז אַריבערגעגאַנגען די באַן־שינעס איז ער פאַרבײַ־געגאַנגען אַ פאַבריק װאָס אַרבעט אויס בלעכענע פּושקעס. ער איז אַרײַן בעטן אַרבעט. װען ער איז אַריבער די שװעל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ הויכן, דאַרן פאַרשוין װאָס האָט געהאַט אַ פאַרשיפּטן אויף אַראָפּ אַקסל. פונעם ערשטן אָנבליק האָט זיך באַקומען דער אײַנדרוק אַז זײַן לינקע האַנט איז לענגער פון דער רעכטער. גדעון האָט זיך צו אים געװאַנדן װעגן אַרבעט. אין זײַער שמועס האָט זיך אַרויסגעװיזן אַז דער פאַרשוין איז אײנער פון די פאַבריק־לײטערס. ער האָט גדעונען אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ. װײַזט אויס, אַז גדעונס ענערגישער בליק און זײַן װילד צעשויבערטער קאָפּ איז אים געפעלן. ער האָט גדעונען נאָר געשטעלט צװײ פראַגן: פון װאַנען ער קומט און צי ער איז אַ חבר אין הסתדרות. באַקומענדיק דעם ענטפער, האָט ער אים געהײסן קומען מאָרגן זיבן אַ זײגער אין דער פרי צו דער אַרבעט.

דעם טאָג האָט גדעון זיך געשלײכט איבער די גאַסן אָן אַ ציל. ער האָט באַטראַכט די הײַזער, די געשעפטן און שויפענצטער. כאָטש קײנער האָט אים נישט פאַרהאַלטן און נישט געשטערט האָט ער געפילט אַ מין ענגשאַפט. ער האָט זיך געגנויטיקט אין מרחקים. די מויערן און װענט, די גאַסן און דער אַספאַלט, די שטײן־ און בעטאָן־האַרטקײט האָבן אים געהאַלטן געפאַנגען, װי אין אַ טורמע־צעלע. פשוט, די לונגען זײַנע האָט געפעלט דער מרחב ער זאָל קענען אָטעמען.

ער האָט געשפּרײַזט איבער די גאַסן פון שטאָט און מיט די געדאַנקען געװען אין רימונה. ער האָט זיך געפילט איבעריק צװישן דעם מענטשן־װירװאַר און רעש. ער האָט זיך געפילט פרעמד. ער האָט געהאַט דאָס געפיל װי זײַן קערפּער זאָל זיך אים האָבן אויסגעלײדיקט, װי די קישקעס זאָלן אים האָבן אַרויסגעפאַלן פון בויך. פאַרנאַכט, אַ פאַרמאַטערטער פון אַרומשלעפּן זיך און בטלענען איז ער אַרײַן

אין דער פּאַלקסקיך וואָס האָט זיך געפונען אין אַ זייטיק געסל און באַשטעלט עסן. ער איז געזעסן ביים טישל אָן יעדן אינטערעס, אָן ווילן און אָן געשמאַק, כאָטש ער איז געווען הונגעריק. אָבער נישט נאָר אין עסן האָט ער נישט געפילט קיין טעם. ער האָט אַפילו נישט באַמערקט, אַז דאָס הויכע, שלאַנקע, בלאָנדע מיידל וואָס האָט דערלאַנגט דאָס עסן האָט אים שטאַרק באַטראַכט.

ער האָט אָפּגעגעסן, באַצאָלט פאַר די צוויי טעלער זופּנגריינס און דעם האַלבן ברויט און אַוועק אין זיין וווינונג. אויפן וועג איז ער אַריין אין קראָם און געקויפט אַ קליין לאַבן ברויט, געוועגדזלטע לאַקערדע, אַ פּעקעלע שמירקעז און געגאַנגען אַהיים שלאָפן. ווי נאָר ער איז אַריין אין שטוב האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויפן געלעגער, געוואָלט זיין מאָרגן אויסגערוט צו דער אַרבעט.

אין דער פרי, פינף פאַר זיבן, ווען פון דער פאַבריק האָט זיך דערהערט דער גאַנג־קלונג און די אַרבעטער אין זייערע טונקעלע, גראַנאַטענע מיט אייל אויס־געפּעטסטע בגדים זענען אַריין יעדער צו זיין אַרבעט, איז אויך גדעון אַריין מיט דעם מענטשן־שטראָם. שוין ביי דער טיר האָט אים באַגעגנט דער מייסטער — דער פאַרשוין וואָס האָט אים נעכטן באַשטעלט צו דער אַרבעט. דער מייסטער, וואָס איז פון נאַטור געווען באַשרענקט אין זיינע קערפּער־באַוועגונגען און אויך קאַרג אין ווערטער, האָט אים נאָר אַ זאָג געטאָן: „קום!" און געגאַנגען ווייטער. גדעון איז אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט אים צוגעפירט צו אַ קופּע בלעכענע פודלען און אים געזאָגט:

— נעם די שמאַטע און שמיר זיי אויס מיט דעם אייל.

גדעון איז געשטאַנען און געאַרבעט. ער האָט געפילט די זעלבע ענגשאַפט אין קעל וואָס ער האָט דערפילט בעתן איבערטרעטן די פאַבריק־שוועל. אַדרבה, איצט האָט ער אויך געפילט די זשאַווער־זויערקייט פון אייזן, דעם אייל־ און נאַפט־ריח. זיין געדאַנק איז געווען טעמפּ, דער קאָפּ האָט אים ווייי געטאָן ווי מען זאָל אויף אים האַקן מיט אַ האַמער. עס האָט אים געאיבלט, עס איז אים שווער געווען צו אָטעמען. ער האָט מיט דער אָנגעאיילטער שמאַטע אויסגעווישט איין פושקע נאָך דער אַנדערער אָבער געמאַכט די אַרבעט אָן חשק, ווי אַן אויטאָמאַט. ער האָט מיט דער שמאַטע אין דער רעכטער האַנט אויסגעווישט די פושקע און מיט דער לינקער זי איבערגעשטעלט. ער האָט געווישט, גערייניקט די פושקעס און געפילט ווי דער זשאַווער־זויער־ריח טרייבט פון אים אַרויס די נאָך געבלי־בענע אין אים רעשטלעך ריינע דאַרפסלופט. ער, דער העלד, האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, פשוט געווען קראַנק.

ער האָט נישט פאַרטראָגן און נישט געקענט אויסהאַלטן די פאַבריק־אַטמאָס־פערע. אַפילו עסן איז ער נישט געגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטער. ער האָט כסדר נאָר געטרונקען פון וואַסערקראַן, ווי ער וואָלט וועלן פון זיך אַרויסשווענקען דעם אייזן־זשאַווער־ריח. ער האָט אויסגעקוקט די מינוט ער זאָל שוין קענען פאַר־לאָזן די פאַבריק.

האַלב פינף, ווען דער גאַנג האָט ווידער געקלונגען, אָנגעזאָגט דעם סוף פונעם

אַרבעטסטאָג, איז ער אַוועק צום מייסטער און געבעטן דעם לוין פאַר זיין אַרבעטס־טאָג.

דער מייסטער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז גדעון וויל נישט ממשיך זיין די אַרבעט און אים געזאָגט:

— מיר צאָלן נאָר איין מאָל אין וואָך. פרייטיק.

גדעון האָט אים געענטפערט:

— איך וויל נישט בלייבן ביז פרייטיק. איך האָב שוין גענוג דעם היינטיקן טאָג.

דער מייסטער האָט אים נישט געענטפערט נאָר אים אַ באַטראַכט געטאָן אַזוי ווי ביים צונעמען צו דער אַרבעט. ער האָט אים אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ און אַ שריי געטאָן:

— עדה!

אין לײדיק, נישט געגלעזט ביוראָ־פענצטערל האָט זיך באַוויזן אַ קײלעכיק פליישיקער פרויען־קאָפּ. אָנווייזנדיק אויף גדעונען האָט דער מייסטער איר אַ זאָג געטאָן:

— פינף און דרייסיק פּיאַסטער.

# ט

צו מאָרגנס אַ גאַנצן טאָג האָט גדעון געכראַקעט און געשפּיגן ווי ער וואָלט וועלן פון זיך אַרויסהוסטן דעם אָנגעזאַמלטן שמוץ פונעם אַרבעטסטאָג. ער האָט זיך געשלייכט איבער דער סביבה פון זיין וווינונג, די פּלעצער אַרום די הייזער, איבער די מיט ווילדגראָז באַוואַקסענע שטיקער פעלדער און שאָטן פון דיביימער אין דעם שיטערן אייקאַליפּטוס־וועלדל. די ביימער זענען אין זיינע אויגן געווען משונהדיק דאַר, ווי אָפּגעהאַקטע צווייגן וואָס מען האָט אַרייַנגעהאַקט אין דעם זאַמדיקן באָדן. שלייכנדיק זיך איז ער צוגעקומען ביז צו דער וואַדי, צו אירע ברעגן, וואָס זענען איצט אין די רעגנסטעג געווען ווייך, פולכנע, אַזוי ווי די ערד־שטחים אין די דערפער.

פּלוצים האָט ער דערפילט דעם ריח פון בהמה־מיסט. ער האָט מיט זיינע צעצויגענע נאָזלעכער איינגעאָטעמט אין זיך דעם ריח און באַלד אים נאָכגעגאַנגען ביז ער איז צוגעקומען צו אַ לאַנגער ריי הילצערנע שטאַלן וואָס זענען געווען געדעקט מיט רויטע קאַראַמיט־דעכער. די שטאַלן זענען געווען אָפן, ליידיק, אַן אַ פערד און אַן אַ מוילאייזל. איבער די זשלויבן זענען געפלויגן פייגל, געזוכט קערנער. פון אונטער אַ וואַנט אַפּיר אין אַ ווינקל האָט אַ בלענד געטאָן אַ לענג־לעכער פּיסק פון אַ ראַט, וואָס האָט זיך איינגעקוקט אין דער שטאַל־שיין און שנעל צוריק פאַרשוווּנדן אין זיין נעסט.

די שטאַלן האָבן געהערט צו דעם בעל־עגלה־קאָאָפּעראַטיוו וואָס פירט אויס פאַרשידענע אַרבעטן אין שטאָט. דער עלטסטער בעל־עגלה איז געווען קראַסנער, אַ נידעריקער, ברייטבייניקער ייד וואָס האָט אין גיין אויסגעזען ווי אַ פּניאַק וואָס קאָלערט זיך. איבער זיין פליישיק פּנים איז געווען אויסגעגאָסן האַרעוואַניע פון צענדליקער יאָרן. ער אַליין האָט שוין נישט געאַרבעט. אַלס בעל־עגלה האָט ער נאָר פאַרוואַלטעט מיט די שטאַלן און אויפגעפּאַסט אויף די אַרבעטס־פלעצער. איינזעענדיק פון ווייטנס גדעונען איז ער צו אים צוגעגאַנגען, צוגעטראָגן אים אַ טיפן, ברייטן „שלום".

גדעון האָט אים געענטפערט „שלום" און געפרעגט צי זיי דאַרפן אַ מענטש צו דער אַרבעט. קראַסנער האָט אים נישט באַלד געענטפערט. ער האָט אים נאָר באַטראַכט און ווייזט אויס אַז ער האָט מיט זיין טביעת־עין דערקענט אַז ער קען האַלטן אין האַנט אַ לאָפּאַטע און מאָטיקע. ער האָט אים געזאָגט:

— קום מאָרגן.

די ערשטע אַרבעט וואָס מען האָט אים געגעבן צומאָרגנס איז געווען צו זיין אַ געהילף ביי אַ בעל־עגלה. ער האָט באַדאַרפט אָנגראָזעווען און אויסלאָדעווען וועגענער ערד מיט וועלכע מען האָט אָנגעפילט אַן אויסגעגראָבענע גרוב ביי אַ בנין. ער האָט געאַרבעט פלייסיק מיט שוווּנג און זיין גאַנצן כוח. די אַרבעט איז אים געגאַנגען. ער האָט געאַרבעט שנעלער ווי די רעשט אַרבעטער ביי אָט דער אַרבעט.

זיינע אַרבעטסגעבער זענען פון אים געווען צופרידן און אים געצאָלט אַ האַלבן שילינג מער אויפן טאָג. אָבער גדעון אַליין איז נישט געווען צופרידן. ער האָט זיך נישט געקענט צוגעוווינען צו דער טויטער ערד וואָס ער האָט געגראָבן. אים האָט געפעלט די שפּראָצנדע לעבעדיקייט פון אויפגעאַקערטער ערד. נישט איין מאָל האָט ער גענומען אַ זשמעניע ערד און צו איר געשמעקט אָבער ער האָט זי שנעל אַוועקגעוואָרפן ווי אַ פּגר. די אַלע ריחות זענען אים נאָכגעגאַנגען. כדי זיי צו פאַרטרייבן פון זיך איז ער געגאַנגען אין קינאָ, אויף לעקציעס און כל־מיני פאַרווייליונגען, אַבי פּטרן זיין פרייע צייט. ער איז אויך אַ סך אַוונטן אָפּגעזעסן אין דער אַרבעטער־קיך. טראָץ די אַלע אָנשטרענגונגען איז נישט פאַרשוווּנדן די מחיצה צווישן אים און זיין איצטיקן לעבנסשטייגער.

ער האָט איצט זיין גאַנצע מענטשן־ליבע אַוועקגעגעבן די בעל־חי. אָפּט, נאָך דער אַרבעט, איז ער נישט געגאַנגען אין שטאָט אַריין נאָר געבליבן אין שטאַל און געהאָלפן רייניקן די מוילאייזלען. ער האָט זיי געפּוצט און געוואַשן און אויפגעפּאַסט אויף יעדער וווּנד פון אַ באַקומענעם שמיץ, עס זאָל זיך נישט אָנקלייבן קיין אייטער. די בעל־עגלות האָבן אים איבערגעגעבן אַ פּאָר מוילאייזלען ער זאָל מיט זיי אַליין אַרבעטן. דאָס זענען געווען ווילדע מוילאייזלען וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט שפּאַנען. אָבער צו אים זענען זיי געווען צוגעלאָזן, אים נישט געקאָפּעט.

אָבער אויך די אַרבעט האָט אים נישט באַפרידיקט. אים האָט געפעלט די ערד־גוטס, די אויפגעאַקערטע שנורבייט וואָס גלימערט אַנטקעגן דער זון. ער

האָט זיך אויסגעזוכט אַ צווייטע אַרבעט — אין שטאָטראָט ביי גערטנעריי. דאָס איז געווען די פאַרגיטיקונג פאַרן דאָרף. גערטנעריי איז נישט געווען זיין פאַך, אָבער זיי זענען פון זיין אַרבעט געווען צופרידן.

זיין ליבע צו דער ערד, צו יעדן גרעזל און געוויקס האָט איבערגעוויגן יעדע טעאָרעטישע קענטעניש פון די געשולטע גערטנער, די גערטנער און די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער אַרבעט האָבן אים געשעצט. אָבער די צוואָרפענע צווישן די שטאָטישע שטיינער ברעקלעך ערד, דער געפילדער און רעש, דער רויך און שטויב האָבן פאַר אים נישט געקענט זיין מער ווי זיי זענען געווען — ברעקלעך. אָפט אַ געבוקטער איבער אַזאַ ברעקל ערד האָט ער נאָר געזען די גרינקייט. ווען ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ האָט זיך אים געדאַכט אַז ער זעט אַ באַרג און פּילט אַ מילדן פרייען ווינט־ווײי איבער אַ פעלד וואָס פלווישט און שאָרכט.

אין איינעם פון די טעג איז ער ווי שטענדיק אויפגעשטאַנען באַגינען, אָבער ער האָט זיך אָנגעטאָן און צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. אייליק האָט ער אויף זיך פאַרוואָרפן דעם רוקזאַק איבערן אַקסל, נישט געזאָגט קיין „שלום" דער בעל־הביתטע און איז אַוועק מיט גרויסע טריט ווי ער זאָל זיך איילן קומען אויף יענער זייט שטאָט־גרענעץ. אַ גליקלעכער און צופרידענער איז ער איצט געגאַנגען. זיינע טריט האָבן נישט אָפּגעהילכט פון אַספאַלט. ער איז געגאַנגען מיט פעלדער־שטעגן און געפילט אונטער די פיס די ערד־ווייכקייט. ער האָט זיך געזעטיקט מיט דער העלקייט פון דער פייכטיקייט וואָס האָט זיך געטריקנט אין דער ווינטערדיקער זון. ער האָט זיך געכליניעט מיט די ריחות פון אַרום. זיינע אויגן האָבן געטונקען אין דעם פאַרבן־קאָלאָריט. זיין ראיה איז ווי שאַרפער געוואָרן; געזען יעדעס שטענגל און גרעזל, יעדעס בלעטל און קוסט.

ער האָט אין זיך איינגעאָטעמט די לופט. פון צופרידנקייט האָבן זיך פון אים געריסן כל־מיני ניגונים וואָס ער האָט זיך נישט דערמאַנט די גאַנצע צייט בעתן זיין אין שטאָט. ער איז געגאַנגען פאַמעלעך מיט רעגלמעסיקע שריט, ווי ער זאָל נישט האָבן קיין ציל. אָבער ביי אים אין געדאַנק איז געווען רימונה.

ו

ווען ער איז צוגעקומען צו דער וועג־קרייצונג ווו עס טרעפן זיך דער געפלאַסטערטער דאָרפסוועג פון רימונה מיט דעם הויפּט־טראַקט, איז ער שטיין געבליבן און זיך אַרומגעקוקט איבער דער סביבה. פון אַ פעלדשטעג איז אַרויסגעפאָרן אַן אָנגעלאָדנטער וואָגן מיט קוקורוזע־שטאַנגען און אויף אים שמשי. גדעון, דערזעענדיק אים פון ווייטן, האָט גענומען לויפן מיט אימפעט, אָן אָטעם, ווי דער ווינט זאָל אים טראָגן און איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן. שמשי האָט זיך מיט אים דערפרייט און באַגריסט אים מיט אַ קורצן, אָפּגעהאַקטן אָבער

פריילעכן „שלום!" ווי ער זאָל זיך ערשט נעכטן אין אָוונט האָבן געזען מיט אים אין דאָרף. ער האָט אַפּילו די פערד נישט פאַרהאַלטן. דער וואָגן האָט זיך גע־טרייסלט און זייביידן געטרייסלט. ערשט אַ ביסל שפּעטער האָט שמשי אים געפרעגט:

— נו, ווי איז געווען אין שטאָט?

ווען ער האָט נישט באַקומען קיין תשובה האָט ער ווייטער גערעדט מיט אַ טאָן אין וועלכן עס האָט זיך געהערט פאַרדראָס און מוסר:

— נישט נייטיק געווען פאַרלאָזן ס׳דאָרף. געדאַרפט איבערגיין אין אַ צוויי־טער ווירטשאַפט, אַרבעטן און פּטור.

גדעון האָט נישט געענטפערט. דאָס מאָל האָט ער אָנשטאָט אַן ענטפער גע־געבן אַ מאַך מיט דער האַנט וואָס האָט באַדייט ביטול און גרינגשעצונג צו זיין פאַרלאָזן ס׳דאָרף. ער האָט זיך אויסגעצויגן מיט זיין גאַנצן קערפּער איבער די קוקורוזע־שטאַנגען און געקוקט אין דער לויטערער הימל־דורכזיכטיקייט, זיך איינגעהערט אין דער שטילקייט פון אַרום, וואָס נאָר דאָס קאָטשען זיך פון וואָגן־רעדער און די בייטש־פייטשן האָבן זי איבערגעריסן.

שמשי דער מתישב, הויך און אַ ביסל קיילעכיק, מיט זיין ווי אויסגעבויגענע פּלייצע אויף הינטן, האָט געשטאַמט פון ליטע. זיין קנאָכיק פּנים איז געווען פאַר־שפּיצט מיט אַ לענגלעכער באָרד, מיט קלוגע, טיף איינגעזעצטע אויגן. ער האָט זיין וועלטלעך און יידיש וויסן זיך אַליין דעראָבערט ווי אַ טיפּישער אויטאָדידאַקט. שוין איבער צוואַנציק יאָר ווי ער האָט איבערגעלאָזט זיין היים און גלות און געקומען אַהער. די ערשטע עטלעכע יאָר איז ער געווען ביי די מתישבים אין גליל, אַן אַרבעטער אויף טאָג־לוין. דאָרט האָט ער אויך חתונה געהאַט מיט זיין חנהן, אַ דיקע, געזונטע פרוי וואָס האָט געשטאַמט פון פּאַלעסיע. ווען זי האָט חתונה געהאַט איז זי געווען אַ דורכשניטלעך מיידל וואָס איז אין פאַרגלייך מיט אים געווען גייסטיק הינטערשטעליק, ער האָט אין איר געזען דעם פּאָלקסטיפּ. ער האָט דווקא געוואָלט די פּראָסטע, געזונטע מאַמע, געזונטע פּראָסטע קינדער, אַ געזונטן פּשוטן שטאַם. די פּאָר און צוואַנציק דונאַם ערד האָבן זיי דערוואָרבן מיט מי און שווייס און אויסגעבויט אַ פאַרצווייגטע, רחבותדיקע ווירטשאַפט. די יאָרן זענען זיי נישט לייכט געווען. דעמאָלט איז דאָס ווייב געווען זיין הויפּט־אָנלען. האָבן זיי געגעבן דער ערד ביז זי האָט זיי צוריקגעגעבן אַלץ, אַלץ.

דורך דער צייט האָט חנה געבוירן פינף קינדער, דריי טעכטער און צוויי זין. זייער ווירטשאַפט איז געווען איינגעוואָרצלט. אין די שטייגן האָבן אַרומגעשפּאַ־צירט און אַרויסשפּאַצירט ווייסע און קאָליר־געפלעקטע הינער מיט אָנגעגעסענע ווייִשיטן און אויסגעטראָגן זייערע אייער. זייער הויז, ענלעך צו אַ גרויסן, פּירעקיקן קאַסטן, העל קרעם געפאַרבט, איז געווען אָפּגערוקט פון וועג. דער איינגאַנג, די צוויי טרעפּ האָבן געטונקט אין אַ פאַרבן־קאָלאָריט — געלע, רויטע, בלויע, ראָזע קעמפעס בלומען וואָס זיי האָבן געצויכטעט פאַר דער שטאָט. פון הינטערן הויז אַפּיר

האָבן געשטאַרט, ווי אַרויסגעקוקט, די געדיכטע באַבלעטערטע ביימער־צווייגן ווי געעפנטע שירעמס.

אויף שמשיס צעבליטע פעלדער און פּרדסים האָבן כסדר געלויערט רווישיקע בינען־סטייעס וואָס האָבן געזויגן די זיסקייט און זי געטראָגן צו זיך אין די שטאָקן וואָס זענען געשטאַנען צעשטעלט אויפן ראַנד פון זיינע פעלדער. די פעלדער אַליין, שוואַרצלעכע, ברוינע ערד, זענען געווען פונאַנדערגעטיילט אין קליינע און גרע־סערע בייטן. זיי זענען געווען באַלייגט מיט פאַרשידענע גרינסן און קאַרטאָפל. אין זיין שטאַל זענען געשטאַנען פיר צעקראַטשעטע, געפלעקטע קי. פון זייערע ווייך־סאַמעטענע פּיסקעס האָט געטריפט אַ פעטלעכער שליים. זייערע תמימותדיקע אויגן האָבן געקוקט פאַרוווּנדערט ווי זיי וואָלטן ערשט נעכטן האָבן געבוירן גע־וואָרן. זיין פערד, דער גלאַנציקער שימל, איז געשטאַנען אין אַ באַזונדערער שטאַל. אַוונט־אַוונט נאָך דער אַרבעט, נאָכן אויסשפּאַנען, איז ער אַליין אַריין אין שטאַל, אַוועקגעשטעלט זיך ביים זשלויב עסן די צוגעגרייטע קערנער. ער האָט געגעסן אויף אַלע ציין און מיטן וויידל אָפּגעיאָגט פון זיך די פליגן. מיט די פאָדקאָוועס האָט ער זיך לוסטיק צוגעקלאַפּט.

נאָר איין באַשעפעניש האָט נישט געהאַט קיין מנוחה. באָב, דער נידעריק־באַהאַרטער הונט, וואָס האָט כסדר געשיקלט איבער די פּלויטן אַרום דער ווירט־שאַפט, טאַמער שפּריינגט אַריבער אַ קאַץ און פון דער אָפענער טיר געבילט צום פערד פון מורא.

שמשי האָט מיט פלייס און וויסן זיך דערוואָרבן אַנזען און אַ גוטן נאָמען אין דאָרף. פּאַקטיש איז ער געווען דער אויטאָריטעט אין רימונה. נישט געווען קיין דאָרף אין לאַנד וואָס ער האָט נישט געקענט זיין באַשטאַנד און צוגאַנג. ער איז געווען באַפריינדעט מיט די אַראַבער וואָס זיצן אין די געצעלטן פון יענער זייט וואַדי. ער האָט נישט נאָר געקענט זייער לשון נאָר אויך געוווּסט זייערע מנהגים. ער איז אויך געווען דער מורה־דרך פון יידישקייט ביי די פון דייטשלאַנד שטאַ־מענדע מתישבים. נישטאָ קיין מועד וואָס ער האָט פאַר די דאָזיקע מתישבים נישט אויסגעטייטשט און אויפגעקלערט די באַדייטונג פון דעם יום־טוב. דאָס אַליין האָט אים נישט געשטערט אין די שבתים אָנצינדן פייער און געפינען אויף דעם אַ היתר. ווייל ער איז געווען אַ מענטש פון גלויבן. יעדע געשעעניש האָט ער זיך אויסגע־טייטשט לויט זיינע באַגריפן.

דאָס וואָס ער האָט איצט געטראָפן גדעונען איז פאַר אים נישט געווען קיין צופאַל. אַדרבה, ער האָט געגלויבט, אַז די טרעפונג האָט אַ געוויסע באַדייטונג. ער האָט אים נישט געלאָזט אַוועקגיין, אים פאַרהאַלטן און פאַרגעלייגט ער זאָל ביי אים אַרבעטן. דאָס איז מקוים געוואָרן.

שמשי, וואָס איז בטבע געווען אַ מיושבדיקער, איז געוואָרן נאָך געלאַסענער. אים איז איצט געווען גרינג אויפן געמיט און ער האָט זיך אונטערגעברומט חסידישע ניגונים. ער האָט געאַרבעט און געשוויגן אָבער אין קאָפּ האָט ער גע־

וועבט אַ געדאַנק: גדעון וועט בלייבן ביי אים אין דער משפּחה, וועט חתונה האָבן מיט זיין עלטסטער טאָכטער.

גדעון האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פאַרגאַנגענהייט פון שטאָט און די ענגשאַפט פון די הייזער און געסלעך. ער איז ווידער געווען באַצווּנגען פון די ווינטווייען און פון די זונענשטראַלן. ער איז געווען באַהערשט פון געפיל, אַז ער האָט זיך אַליין געוואָלט אומברענגען און לסוף זיך צוריק אָפּגעפונען. ער האָט געאַרבעט מיט אימפּעט, פון זונען־אויפגאַנג ביז פינצטער, ווי ער זאָל וועלן פאַר־גיטיקן רימונה וואָס ער האָט זי פאַרלאָזט. ער האָט ביי שמשין געאַרבעט פאַר צוויי מענטשן. ער האָט געאַרבעט סיי אין שטאַל ווו עס זענען געשטאַנען די פיר קי און סיי אין שטאַל ווו עס איז געשטאַנען דאָס פערד. דער אויסגעגלאַנצטער שימל האָט איצט נאָך מער געגלאַנצט און געגאַנגען שנעלער. אויך די מיסטגרוב האָט ער גענומען אין זיין רשות. ער האָט דאָס מיסט אָנגעלייגט אין שיכטן עס זאָל פערמענטירן און גרייט זיין ווען מען וועט עס דאַרפן. אויך ווען מען האָט אויסגעקאָפּעט די קאַרטאָפל איז ער געקומען אַרבעטן, זיי אָפּגעדעקט און אָפּגע־האַקט פון שטאַמבינגטל. שמשיס קינדער האָבן זיי סאָרטירט און געפּאַקט אין זעק.

ביי די שמשיס אין שטוב איז ער געווען ווי איינער פון די זין. ער האָט צוזאַמען מיט זיי געוווינט און געשלאָפן. חנה, שמשיס ווייב, האָט פאַר אים געוואַשן און פאַרראַכטן זיין וועש ווי פאַר אירע אייגענע זין. אַזוי ווי מען האָט זיך צו אים באַצויגן ביי שמשין אין שטוב, אַזוי האָט זיך באַצויגן צו אים דאָס גאַנצע דאָרף. ער איז ווידער געווען דער דרייסטער, געשיקטער בחור.

אַ גאַלאָפּ זיינער לענגאויס דעם דאָרף איז ווידער געוואָרן באַוווּנדערט, ווען דאָס פערד האָט פאַרבייגאַלאָפּירט מיט אויסגעצויגענע פיס ווי עס זאָל מיטן בויך דערגרייכן די ערד און געטראָגן אויף זיך גדעונען מיט זיין צעשויבערטער טשו־פּרינע. ער איז כסדר באַגלייט געוואָרן מיט אַן אַנטציקונג — „י־אַ־ה־ה־ה!" — פון די רימונהער בחורים.

צו די יוגנט־צוזאַמענטרעפן איז אויך געקומען רינה, שמשיס עלטסטע טאָכ־טער. אָפט האָט גדעון מיט איר אָוועקשפּאַצירט ביחידות, העט וויט איבער די פעלדער. אויך צו ראָזענס מיט לאהס חתונה האָבן זיי זיך געקליבן גיין צוזאַמען. וועגן דער חתונה האָבן אַלע אין דאָרף גערעדט. אַלע זענען געווען איינשטימיק. אַ פּאַסיק פּאָרפּאָלק. יעדער האָט געוווּסט, אַז ראָזען קען אונטערשטעלן אַן אַקסל ביי אַ וואָגן וואָס זינקט. אַלע אין דאָרף, נישט נאָר די פּרויען, האָבן געוווּסט, וויפל קוכנס און פלעשער געטראַנק האָבן צוגעגרייט די כאַלאַמיס. אין טאָג פון דער חתונה האָבן זיי צעעפנט אַלע טירן אין הויז, ווי ס'הויז זאָל זיין איין חדר מיט צעשטעלטע טישן און בענק וואָס מען האָט געברענגט פון שול. איבער די טישן האָט דער אַלטער כאַלאַמי אַליין אויסגעשפּרייט ווייסע, יום־טובדיקע טישטעכער און צעשטעלט געניקלטע לייכטער וואָס ער האָט צונויפגענומען ביי אַלע אין דאָרף.

די מוטער מיט אירע שנורן האָבן סערווירט די טישן מיט די געבעקסן און געטראַנקען וואָס זיי האָבן אַ גאַנצן מעת־לעת געגרייט.

פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקומען די געסט. די ערשטע זענען געקומען ס׳קליינוואַרג — די קינדער. דער אַלטער כאַלאַמי האָט זיי באַגעגנט מיט אַ צעשטראַלט פּנים און מיט אַ פולער האַנט זיי געטיילט ניסלעך און צוקערלעך פון צוויי זעקלעך אַרויס. באַלד האָט זיך אין רוים פון הויז דערהערט דער צוקערלעך־מליאַסק און ניסלעך־קנאַק. שפּעטער איז געקומען די יוגנט. ביי אַלע בחורים זענען די פיס געווען אַרומגעוויקלט מיט פּאַטעס און זייערע לענדן אַרומגעגאַרטלט מיט אַ ברייטן רימען. זייערע האָר נאַס און פאַרקעמט, זייערע העמדער פילפאַרביק. די מיידלעך זענען געקומען גרופּנווייז, אָנגעטאָן אין ברייטע סאַראַפאַנען מיט סאַנדאַלן אויף נאַקעטע פיס. צום לעצט זענען מיט פאַמעלעכע שווערע טריט געקומען זייערע עלטערן — די מתישבים.

כאַלאַמי האָט אָנגעצונדן די ליכט. אין הויז און סביבה האָט אַ פלאַקער געטאָן זייער ליכט. פון די צעעפנטע טירן און פענצטער האָט זיך געשפּאַרט די ווינטער־דיקע ערד־פרישקייט. די עלטערן זענען געזעסן אין קרייזלעך און זיך דערמאָנט אין דער פאַרגאַנגענהייט, אין די ערשטע טעג פון זייער עליה. אויך די יוגנט האָט זיך גרופּירט אַרום די עלטערן און זיך דערציילט זייערע זכרונות. בן־חיים איז אַרומגעגאַנגען און זיך געוויצלט.

ביינאַכט איז געקומען דער דאָרפס־שוחט: אַ לאַנגער, דאַרער, מיט אַ ברייטער, גרויער געקעמטער באָרד. ער האָט האַרציק אָנגעוווּנטשן כאַלאַמין און דעם יונגן פּאָרפאָלק: „מזל־טוב, מזל־טוב". ער האָט פאַרבעטן פיר בחורים זיי זאָלן אַוועק־שטעלן די חופּה־שטאַנגען. די יוגנט האָט זיך אַרומגעשטעלט אַרום דער חופּה און באַטראַכט דעם חתן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייס העמד און אין לאַנגע האַקי־הויזן ווי אין אַ שבת. וועלנדיק אויסזען ווי אַ מתישב, אַן ערד־באַזיצער, האָט ער זיך פאַרלאָזט אַ וואָנסע.

די כלה איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייס קלייד און אין אַ שלייער. דאָס מקדש זיין האָט זיך נישט פאַרצויגן. באַלד האָט זיך דערהערט דער טראַדיציאָנעלער „מזל־טוב" און ראָזען האָט זיך צעקושט מיט לאַהן.

דער עולם האָט זיך פונאַנדערגעזעצט אַרום די טישן. אויבן אָן דער חתן מיט דער כלה, ביי זיי, פוןביידע זייטן, דער אַלטער כאַלאַמי מיטן ווייב. שמשי איז געבליבן שטיין און גענומען דרשנען. ער האָט גערעדט אין נאָמען פונעם דאָרף, כאָטש קיינער האָט אים נישט געבעטן. ער האָט באַגריסט די נייע, יונגע פויערים־משפחה, זיי געוווּנטשן גליק און אַז זייער ערד זאָל זיין פּרוכטבאַר. ווען שמשי האָט געענדיקט זיין דרשה האָט דער אַלטער כאַלאַמי צוגעטראָגן זיין איידעם אַ שוואַרץ זיידן זעקעלע מיט אַן אויסגעהאַפטענעם מגן־דוד און אַן אויפשריפט — „ציון־קדש" — דעם טלית מיט תפילין און אים צוגעוווּנטשן:

— צו דער ערד, ביז דער ערד, מיט אַ דור יורשים.

אַלע האָבן געזאָגט „אָמן".

די עלטערע יוגנט, ראָזענס חברים, האָבן אָנגעהויבן צונויפלייגן זייערע מתנות. אויף דער סאָפע האָט מען אַוועקגעלייגט: אַ טישטעך, טעפּלעך, טעלער, אַ בילד,

אַן אַלבום און ביכער. אויך בן־חיים האָט געברענגט אַ דרשה־געשאַנק: אַ זאָטל און אַ בונטע דעק מיט אַראָפּגעהאָנגענע פאַרביקע טראָלדזן. ער האָט די מתנה נישט אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפּע נאָר ער האָט צוגערוקט אַ בענקל ראָזענען און אַוועקגעלייגט דעם זאָטל ווי ער זאָל ליגן אויף אַ פערד — אַן אָנדייט, אַז ער ווינטשט ראָזענען ער זאָל זיך קויפן אַ פערד.

נאָכן צונויפלייגן די מתנות האָט דער שול־לייטער זיך אויפגעשטעלט, לייכט אָפּגעהוסט און געוואָלט רעדן פאַרן עולם. ער האָט אָבער נישט געפונען די פּאַסיקע ווערטער און אָנגעהויבן זינגען: „יפים הלילות בארץ כנען”, געוואָלט דער עולם זאָל אים צוהעלפן. אָבער דער עולם האָט זיך געפּאַרעט ביי די פלעשער, זיך געפּלייסט זיי אויסליידיקן און אָפּרייניקן די טעלער, געגעסן און געטרונקען, געפילט די הנאה פון ביס.

אַרצי, דער קרן־קיימת־פאַרשטייער אין רימונה, איז אַרומגעגאַנגען צווישן עולם און געזאַמלט געלט און פאַרפליכטונגען אויף ביימער־שפּענדונגען. מיט אַ מאָל האָבן די טישן מיט די בענק זיך גענומען פונאַנדעררוקן ווי פון זיך אַליין און חברה יוגנט זענען אַרויס אין טאַנץ. געטאַנצט הורהס און פּאָלקעס און נישט פאַרגעסן דעם „קראַקאָוויאַק” און „סקאָט”. די חברה האָבן געוויזן זייער כוח אינעם שווונג און ריטם. די פרייד האָט זיך געשפּאַרט פון זיי מיט געשריי: „אר־ה־ו־ר־ו”.

די עלטערן האָבן זיך צוגעקוקט צו זייערע טענץ מיט נחת־רוח און געקלאַטשט מיט די הענט. אַמבולטסטן פון אַלע טאַנצנדיקע פאַרלעך איז געווען גדעון מיט זיין צעשויבערטער טשופּרינע וואָס האָט מיטגעריסן רינהן אין אַ ווילדן טאַנץ.

אירע העלע פלאַקסענע האָר זענען געווען צעשויבערט און זיך ווי צונויפגעגאָסן מיט איר פאַרטנערס געשטאַלט.

ביז דעם מאָרגנגרוי האָט איבער די רימונהער פעלדער און שטעגן זיך געטראָגן די פרייד און שמחה פון דאָרף. דאָס געזאַנג מיט די האַרמאָשקע־טענער האָבן זיך צונויפגעמישט מיט דעם שאַקאַלן־יאָמער; דאָס ווידערקול פון דער פרייד האָט אָפּגעשלאָגן און זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער מרחקים.

# יא

די רימונהער איינוווינער האָבן שנעל פאַרגעסן די חתונה. זייערע לעבנס־אָנגעלעגנהייטן און די פּראַצע זענען געווען זייער טאָג־טעגלעכקייט. עס זענען אָנגעקומען די ווינטער־טעג. די געבענטשטע רעגנס וואָס זענען אַראָפּ, האָבן שוין געזיכערט די גערעטעניש. די פאַרזייטע קערנער זענען שוין פון לאַנג אויפגעשוואָלן, געשפּראָצט און אויפגעגאַנגען. די אָנגעזאַפּטע ערד מיט פייכטקייט איז שוין באַוואַקסן מיט אַ באַשטענגלטער פלאַך וואָס האָט זיך געטריקנט אין דער ווינטן־שאַרפקייט. דער איבערגעצויגענער מיט גרין ערד־דיוואַן האָט גענומען זיך

ווייסן. אין איינער פון די נעכט האָט אַ ווייע געטאָן אַ וואָרעמקייט. דער אויסגעַ־לייטערטער הימל איז געוואָרן ווי דורכזיכטיק. עס האָט אַ שפּריי געטאָן אַ וואָרע־מער ווי אַ טוי רעגן — דער מלקוש. די לופט האָט זיך אַדורכגערייניקט, דער ווינטער מיטן פרילינג האָבן זיך געמישט. די מענטשן אויף די געלעגערס האָבן נאָך אַ טאָג האָרעוואַניע איינגעאָטעמט אינעם שלאָף דעם נאָר וואָס געבוירענעם פרילינג.

אויף די פערד און די קי האָבן אויסגעשטרעקט זייערע העלדזער און מיט זייערע צעשפּרייטע נאָזלעכער געשנאַפּט דעם שאַרפן ריח פון די רייפנדע זיך תבואות. אביבה, איינע פון די פיר קי אין שמשיס שטאַל, די דאַרסטע, וואָס האָט געגעבן אַממערסטן מילך, איז נישט בייגעשטאַנען דעם ריח וואָס האָט איר געשיכורט און זיך גענומען אַמפּערן, געוואָלט זיך אַרויסרייסן פון איר פאַרצוים. ווען זי האָט מצליח געווען איז זי אַ באַפרייטע געלאָפן מיט איילִיקע, צעקראַטשעטע טריט און איז אַוועק אויף די ווייטע פעלדער. באַגינען האָט זיך דער קילער פרילינג דער־וועקט. גדעון איז אויפגעשטאַנען צו זיין טעגלעכער אַרבעט.

ווי נאָר ער איז אַרויס און די מאָרגן־קילקייט האָט אים אַרומגענומען, האָט ער פון ווייטנס באַמערקט קלאָ־טריט אין דער ווייכער ערד. ער האָט באַלד פאַר־שטאַנען — עפּעס איז אין דער נאַכט געשען. ער איז שנעל אַריין אין שטאַל און דערזען אַז אביבה איז נישטאָ. ער האָט האַסטיק אָנגעקלאַפּט ביי שמשין אין פענצטער, געמיינט, אַז ער שלאָפט, אָבער שמשי איז שוין געווען אָנגעטאָן. דער־הערנדיק, אַז אביבה איז נישטאָ, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן. ער האָט גע־מיינט, אַז מען האָט זי אַרויסגעגנבעט פון שטאַל. אָבער גדעון האָט אים באַרויִקט, אַז זי איז אַוועקגעלאָפן, אים געוויזן די קלאָ־שפּורן און צוגעגעבן, אַז ווען אַ פרעמדער זאָל זי שלאָגן וואָלט זי געמרוקעט, געדופן הילף. שמשי האָט תיכף געוואָלט שפּאַנען און פאָרן זוכן די קו. גדעון האָט אים אָפּגעהאַלטן.

— דו פאַרנעם זיך מיט דער רעשט קי אין שטאַל, איך וועל זי זוכן.

ער האָט גענומען אַ שטריק און אַרויסגעפירט דאָס פערד. ער האָט זיך אַרויפ־געזעצט אויף זיין נאַקעטן נישט־געזאָטלטן רוקן און מיט גאַלאָפּ זיך געלאָזט רייטן. ער איז געריטן לויט די קלאָ־שפּורן פון דער קו. געריטן איז ער ליגנדיק אויפן פערד און מיט די הענט זיך געהאַלטן אין דער גריווע. ער איז געריטן מיט די פעלדשטעגן, דערוויטערנדיק זיך וואָס מער פונעם הויפטוועג. די שפּורן פון דער קו זענען געווען אָנזעעוודיק און האָבן אָנגעוויזן, אַז זי איז אַנטלאָפן אין די בערג. ער איז געריטן מיט די שטעגן כדי נישט צעטרעטן די תבואה אין די פעלדער און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון די קלאָ־שפּורן. ער האָט פון לינקס אַרומגעריטן דעם אויסגעשטאַרטן באַרג־בויך און צוגעקומען צום פלויט פון משק הפּועלות. דאָ זענען די שפּורן געווען צעטראָטן און צעפּאָרן מיט פוסטריט און רעדער פון וועגענער. ער האָט לאַנג נישט געטראַכט און דורכן הינטערשטן טויער וואָס גייט אַרויס אויף די פעלדער אַריינגעריטן אין משק. זיצנדיק אויפן פערד האָט ער געשריגן, גערופן און געפרעגט, כאָטש ער האָט קיינעם נישט געזען:

— געפינט זיך ביי אייך אַ פרעמדע קו?...

ער איז שוין גרייט געווען רייטן ווייטער, נאָר אַ הויכע, דאַרע פרוי אין אַ גרינעם סוועטער און בלויע אַרבעטס־הויזן מיט אַריינגעלאָזטע נאַגאַוויצעס אין די שטיוול, איז שטיין געבליבן אויף אַ באַראַק־באַלקאָן און געזאָגט:

— יאָ.

גדעון איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד. די הויכע, דאַרע פרוי וואָס אירע אונטערגעשוירענע געלבלעכע האָר האָבן זיך שוין געגרויט, מיט אַ לענגלעכע, שפּיציקע נאָז אויף וועלכער עס זענען געזעסן ברילן געפּאַסטע אין אַ שטאָלן רעמל, האָט אים געזאָגט מיט אַן ענערגיש קול:

— וואַרט!

זי האָט אים אָנגעקוקט און געפרעגט:

— פון וואַנען ביסטו?

גדעון האָט איר געענטפערט:

— פון שמשיס ווירטשאַפט אין רימונה.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שאַרפן בליק און געפרעגט:

— וואָס זענען די סימנים פון דער קו?

גדעון האָט איר געענטפערט:

— איר פעל איז שוואַרץ מיט ווייסע לאַטעס, איר קאָפּ איז שוואַרץ מיט אַ ווייסן פלעק פון פאָרנט, אויף איר בויך נאָענט צום אייטער האָט זי אַן אָנוווּקס וואָס איז גרויס ווי אַ וועלטשענע נוס.

זי האָט מיט נאָך אַ מער ענערגישן טאָן פון באַפעל אים אַ זאָג געטאָן:

— קום מיט מיר!

גדעון האָט צוגעבונדן ס׳פערד צו אַ בוים און נאָכגעגאַנגען נאָך דער דאַרער פרוי, די פאַרוואַלטערין פון משק־הפּועלות. אביבה איז ווי אַ פרעמדע קו געשטאַנען אָפּגעזונדערט פון די איבעריקע קי אין שטאַל, זי זאָל זיי חלילה נישט אָנשטעקן אין פאַל ווען זי איז קראַנק. פאַר איר איז געלעגן אַ קופּע גרינס, אָבער איר קאָפּ איז געהאָנגען מאַכטלאָז ווי זי זאָל בענקען צו זיך אין שטאַל. ווען זי האָט דערפילט גדעונען האָט זי זיך צעמרוקעט מיט אַ טיפן און ווייכן: „מ־ו־ו־ו". אויך גדעון האָט זיך מיט איר דערפרייט ווי זי זאָל זיין אַ פריינד און אַ באַקאַנטע וואָס ער האָט שוין לאַנג נישט געזען. ער איז ממש צו איר צוגעלאָפן און זי באַטראַכט פון אַלע זייטן, צי עס איז איר עפּעס נישט געשען אין דעם נאַכט־געיעג.

ער האָט זי אָנגעבונדן מיטן שטריק וואָס ער האָט געבראַכט. זי האָט געלעקט מיט איר פליישיקער, לאַנגער צונג זיין פאַרמאָזאָלעטע האַנט. אויף דער שוועל פון דער טיר האָט ער זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַלע און געגאַפט. אים איז אַנטקעגנגעגאַנגען אַ הויך, שלאַנק, שטאַרק מיידל מיט אַ גוטמוטיק, קיילעכיק פּנים פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט צוויי העל־בלויע אויגן. אירע העל־בלאָנדע, געדיכטע האָר זענען געווען אַרומגעלייגט אַרום איר קאָפּ און זיך געענדיקט אויף איר ברייטן, דיקן נאַקן מיט אַ גרויסן, קיילעכיקן קאָקס. אויך זי איז שטיין גע־

בליבן. אַ צייט לאַנג איז איינער געשטאַנען אַנטקעגן דעם אַנדערן אָן צו זאָגן אַ וואָרט.ביידע האָבן זיך באַטראַכט און געשוויגן. די צוויי מענטשן האָבן זיך מיט די בליקן געזען און זיך געפונען.

אַ הילכיקער רוף — „מיטאַ!" — האָט איבערגעריסן זייער שווייגן. דאָס איז געווען דאָס קול פון איר חברטע מיט וועלכער זי האָט געאַרבעט. גדעון האָט איר געזאָגט „שלום!". ער האָט זי אָבער ווידער אָנגעקוקט מיט זיין דורכדרינגלעכן בליק און געגאַנגען זיין וועג מיטפירנדיק מיט זיך די קו.

מיטאַ האָט דעם בליק אויפגענומען — פאַרשטאַנען.

אַ ווײַלע איז מיטאַ נאָך געשטאַנען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און זיך נישט געריררט פון אָרט, ווי זי זאָל זיך איינקריצן אין געדאַנק: זיין ענערגיש, עזותדיק פּנים, זיין געשטאַלט, צעשויבערטע טשופּריגע און גליִענדיקן בליק.

דעם גאַנצן וועג איז גדעון געווען אַן אויפגעטרייסלטער און זיין האַרץ האָט געטיאַקקעט שנעלער. פון אויפרעגונג האָט ער אַפילו אַ פּאָר מאָל צוגעדריקט מיט די קני דעם פערדס בויך, אים אונטערגעאיילט. ער האָט אַפילו קיין אַכט נישט געלייגט, אַז ער שלעפּט נאָך זיך די קו. ווי נאָר ער איז צוגעריטן צום טויער פון שמשיס ווירטשאַפט האָט ער דערזען שמשין שטיין און וואַרטן אומגעדולדיק. שמשי האָט געזאָרגט טאָמער געפינט ער נישט די קו. אַז שמשי האָט דערזען גדעונען אויפן פערד און די קו הינטער אים איז ער אונטערגעשפּרונגען פון פרייד. גדעון האָט אים אַ וואָרף געטאָן די שטריק, איבערגעגעבן אים די קו. שמשי האָט ערנסט זי באַטראַכט פון אַלע זייטן, זי געגלעט, צו איר גערעדט ווי ער זאָל זי מפייס זיין: „וואָס איז דיר, שלעכט איז דיר ביי מיר?"

ווען ער האָט זי געפירט אין שטאַל אַריין, האָט ער מיט פרייד געשריגן, צו וויסן געטאָן דעם ווייב מיט די קינדער: „אביבה איז געקומען צוריק!"

גדעון ווידער האָט זיך פאַרשאַרצט די אַרבל, איבערגעביטן די אַרבעטסשיך אויף די מיסט־שטיוול, גענומען דעם גאָפּל אין די הענט און זיך געשטעלט אָנטלאָ־טשען ס'אָנגעזאַמלטע מיסט אין גרוב. ער האָט געאַרבעט מיט אַ מין שטורמישע תאווה נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט.

# יב

מיטאַ, וואָס האָט זיך געלערנט ווירטשאַפטן אין משק־הפּועלות, האָט געשטאַמט פון קושוואַרדאַ אין אונגאַרן. אירע עלטערן, רייכע לעדער־סוחרים זענען געווען אָנגעזעענע בעל־הבתים אין שטאָט. איר פאָטער, אַ הויכער, שטאַרקער מאַן, איז געווען געשעצט אויך ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. ער, הער בריגער, איז געווען באַוווסט אין דער סביבה אַלס געניטער יעגער. איר מוטער, פרוי מאַרי, אַ הויכע, בלאָנדע פרוי, האָט געשמט אַלס שיינהייט אין דער סביבה. מיטאַ איז

געווען ענלעך צו איר. די פאַמיליע בריגער איז געווען איינע פון די געציילטע יידישע משפּחות וואָס זענען געווען צונויפגעלעבט מיט דער אָנגעזעענער שטאָטישער געזעלשאַפט, אַז עס איז שווער געווען אונטערשיידן צווישן זיי און דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אָבער אין שטוב ביי זיך זענען זיי געווען יידן וואָס באַגנוגענען זיך נישט נאָר מיט פאַסטן יום־כיפּור. אויך אין זייער טאָכטער האָבן זיי איינגעוואָרצלט דעם באַוווסטזיין פון „ייד״. דער פאָטער האָט אַבאָנירט די בערלינער „יידישע רונדשאַו״. ווען מיטאַ האָט געענדיקט דעם זעקסטן קלאַס גימנאַזיע, האָט דער פאָטער זי אַרויסגענומען פון דער שול און אַוועקגעשיקט קיין ארץ־ישראל אין משק־הפּועלות זי זאָל לערנען ערדאַרבעט און זיין אים אַ הילף ווען ער וועט ליקווידירן זיינע געשעפטן און אויך עולה זיין.

זי האָט זיך שנעל אַקלימאַטיזירט, איר יונגקייט האָט איר דערין געהאָלפן. ווי דורך אַ צויבער איז זי באַלד אַריין אינעם שטייגערלעבן, ווי זי וואָלט פריִער נישט געהאַט אַלע באַקוועמלעכקייטן ביי אירע עלטערן אין שטוב נאָר געוווינט געווען צו אַרבעטסיאָך שוין לאַנג. אין אַ גאַנץ קורצער צייט איז זי שוין געווען איינע פון די געשיקטע מיידלעך אין משק־הפּועלות. זי האָט געטראָגן קורצע, בלויע הייזלעך און שווערע באַנאַגלטע שיך. זי איז אויפגעשטאַנען מיטן זון־אויפגאַנג און געאיילט צו דער אַרבעט וואָס איז געווען פאַרשידנאַרטיק: ביי די פּרוכטביימער, ירקות, בלומען, קי און עופות. נישט איין מאָל איז איר בלוזע נאַס געוואָרן פון שווייס ווי נאָך אַ וועש. אָפט, נאָך אַ שווערן אַרבעטסטאָג, האָט זי זיך אומגעקערט אַ פאַרמאַטערטע מיט שווער פאַרבלאָטיקטע שיך און געשלעפּט אירע מידע פיס. אין די אָוונטן האָט זי אַוועקגעלייגט איר פאַרמאַטערטן קערפּער, זיך אויסגעצויגן אויף איר בעט, געררוט.

אָבער די אַרבעט און דער קאָנטאַקט מיט די בעל־חי האָבן געטאָן זייערס. זי איז שוין נישט אַ מיידל, נאָר אַ רייפע פרוי וואָס רוט אין די אָוונטן און נישט איין מאָל געחלומט, אַז זי ליגט אין דרייסטע, שטאַרקע אָרעמס פון אַ מאַן.

פול מיט מוט און לעבן האָט זי אין די פרייטיק צונאַכטסן נישט אַדורכגעלאָזט אַ מסיבה אָדער הורה, פונקט אַזוי האָט זי נישט אַדורכגעלאָזט אַן אויספלוג אָדער שפּאַציר. זי איז געווען די פריילעכסטע צווישן אַלע און געווירקט אויף זיי מיט איר פריילעכקייט. אויך אין דעם צימער ווו זי האָט געוווינט מיט נאָך צוויי מיידלעך פון משק, האָט געהערשט אַ האַרציק־שטוביקע אַטמאָספער.

דאָס צימער איז געווען אַ מין פירקאַנטיקער קאַסטן מיט צוויי עפענונגען, אַ טיר און אַ פענצטער. די דריי בעטן, ווי אַ חי״ת, האָבן פאַרנומען די דריי ווענט. אויף דער פערטער וואַנט איז געשטאַנען דאָס שמאָלע בגדים־שענקל. אין מיטן חדר, אויף דער גרוי־ווייסלעכער פאַלפלאָך, איז געשטאַנען אַ בלוי, געפאַרבט קיילעכיק טישל און דריי מיט שטרוי געפלאָכטענע, נידעריקע טאַבורעטן.

די צוויי בעטן פון אירע חברטעס זענען געווען פאַרבעט מיט ווייניק בעטצייג, נישט אַזוי ווי איר בעט וואָס איז געווען פאַרבעט מיט אַ סך בעטצייג, ווי אַ הויכע

װאַנט, װי אין אונגאַרן. די בעט־צודעק איז באַשטאַנען פון צװײ דעקן, אַ מין ראָזע אונטערדעק און אויף איר אַ קרעם טיולענע איבערדעק. אויפן בעט איז געלעגן אַ קײַלעכיק געבלומט קישעלע און אויף אים צװײ גרויסע פון סחורה אויסגע־שטאָפּטע לאַלקעס. אײן לאַלקע איז געװען פריזירט װי אַ מאַדאַם אין אַ ברייטער קרינאָלינע, די צװייטע לאַלקע אַנטקעגן האָט פאַרגעשטעלט אַ מאַן װאָס האָט פון איבער זײַן שװאַרצער װאָנסע חוצפּהדיק געקוקט אויף דער מאַדאַם אין דער קרינאָלינע.

אין װינקל, צװישן איר בעט און דעם שמאָלן בגדים־שענקל, האָט זי אַװעק־געשטעלט אַ בענזין־בלעך און זי איבערגעצױגן מיט אַ רויטע סאַטין װאָס האָט איר געדינט פאַר אַ טישל, אויף װעלכן זי האָט געהאַלטן כל־מיני מיניאַטורן: פאַרצעלײַ־שיכלעך, אַ פרײַלעכן נעגער, װאָס שפּילט אויף אַ סאַקסאָפאָן, אַ העל־פאַנט אויסגעשניצט פון בײן, און אַ קלײנע, פאַרביקע, גלעזערנע בלומען־װאָזע. זי, מיטאָ אַלײן, האָט נאָך דער אַרבעט אָנגעטאָן אַ ברייט קלײד מיט פאַלדן, הויכע ספּאָרטזאָקן און געבליבן מיט נאַקעטע קני. איר געשטאַלט און שטאַנדהאַפטיקייט איז אויפגעפאַלן יעדן געטראָפענעם בחור, װעלכער איז נישט געבליבן גלײַכגילטיק. אַ סך בחורים פון די אַרומיקע דערפער, װאָס האָבן זיך מיט איר באַקאַנט, האָבן געזוכט איר פרײַנדשאַפט. זי האָט זיי נישט אָפּגעשטויסן, אָבער לגבי אַלע זיך געהאַלטן אין רעזערװ.

אויך ראובן, דער בעל־עגלה פון משק־הפּועלות, איז דורך איר געװען געפאַנ־גען, געװאָלט זײַן איר פרײַנד. יעדע פרײַע צײַט פון דער אַרבעט האָט ער פאַר־בראַכט בײַ איר און זיך באַמיט װי װײַט מעגלעך נאָר איר העלפן און פאַרלײַכטערן. זי האָט אים נישט אָפּגעשטויסן; פון אים גענומען מתנות: זײַדענע זאָקן, אַ בלויע לענטע און נאָך כל־מיני זאַכן. אַז ער האָט זי אײַנגעלאַדן פאַרברענגען אַן אָװנט אין שטאָט האָט זי עס אָנגענומען און הנאה געהאַט. אָבער זי האָט זיך נישט באַצויגן ערנסט צו זײַנע געפילן. ער האָט געשטאַמט פון פּאָדאָליע. אין לאַנד האָט ער זיך שוין געפונען אַ צװײ צענדליק יאָר און געאַרבעט בײַ פאַרשידענע אַרבעטן: אין גליל געפלאַסטערט װעגן, אין שומרון זומפּן געטריקנט. ער איז געװען בקי און געניט אין אַ סך אַרבעטן און געהאַט אײן ציל — אַן אײגן שטיקל ערד װאָס ער װעט באַאַרבעטן מיט זײַן שװײס און עסן איר ברויט — זײַן ברויט.

זײַן ציל האָט זיך פון אים דערװײַטערט װען ער האָט באַקומען נאָך אַ מאָטיװ: אַז אויף זײַן שטיקל ערד זאָל ער זיצן מיט איר. זײַן באַגער האָט װי אַרויסגעקוקט פון זײַנע גרויע, פאַרגלײזטע אויגן און פון זײַן גלאַנציקן פּליך, װאָס מער זי האָט עס געזען, אַלץ מער האָט זיך אין איר געשטאַרקט איר מיטגע־פיל צו אים.

פון יענעם צוזאַמענטרעף פּנים בפּנים מיטן גאַסט אויף אַ װײַל, װען ער איז געקומען נעמען די קו, האָט איר דערװעקט האַרץ געטיאַכקעט. פון דעם מאָמענט װען זי האָט אין געאײַל אים דערזען און נאָר געהערט זײַן אײן זאַץ, האָט זי זיך נישט געפונען קײן אָרט — זי האָט געאָטעמט שװער װי איר צעברויזט בלוט זאָל

זי שטיקן. איר געהער איז געווען אָנגעשפּיצט, געהאָרכט, ווי געוואָרט. אַזוי אויך גדעון ווען ער האָט געבערענגט די קו. זיינע חושים האָבן געצאַפּלט, געזוכט אַן אויסוועג. ווען נישט די אויסמאַטערנדיקע אַרבעט, טלאָטשן מיסט אין גרוב — וואָלט ער נישט אויסגעהאַלטן. אויך בעת דער אַרבעט האָט ער געמוזט זיך באַ־הערשן, האַלטן זיינע באַרוישטע חושים און גלייכגעוויכט. ער האָט דעם טאָג מיט קיינעם נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, נישט געגעסן, זיך נאָר פאַרצויגן מיט רויך פון די ציגאַרן און אים אַרויסגעלאָזט, געטרונקען אָן אויפהער וואַסער פון קראַן, ווי דאָס וואַסער זאָל קענען שטילן דעם דורשט פון זיינע חושים.

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן גרויען האָט ער איבערגעריסן זיין אַרבעט, זיך שנעל אַרומגעוואַשן און איבערגעביטן די בגדים. ער האָט מיט געאייל אויפגע־געסן אַ שטיק טרוקן ברויט און זיך אַרויסגעשלייכט, נעלם געוואָרן, קיינער פון די שטוביקע זאָל עס נישט מערקן. ער האָט זיך געאיילט אין משק־הפּועלות. ער האָט געשפּאַנט מיט שנעלע טריט אָבער זיין האַרץ האָט נאָך שנעלער געטיאָכקעט. די שטעגן האָבן זיך שוין געטונקלט און עס איז וואָס אַ מאָל גרויער געוואָרן. פון דער זיך פונאַנדערשפּרייטנדיקער נאַכט האָבן אַרויסגעשיינט די ערדפלאַכן, וואָס האָבן זיך געצויגן ווייט, ווייט ביזן ראַנד וווּ די ערד מיטן הימל האָבן זיך צונויפגעטראָפן. די קעלט האָט זיך כסדר געשטאַרקט.

גדעון האָט געשפּאַנט און פאַר זיינע אויגן האָט געשוועבט מיטאַ, איר פּולע, דינאַמישע געשטאַלט. ער איז געגאַנגען דורך דער טונקעלער נאַכט און זיך געפרעגט שטיל אין גדאַנק: — אויך מיטאַ וואַרט אויף מיר ?... און נישט איין מאָל איז ער שטיין געבליבן. אין מיטן וועג איז אים באַפאַלן די מורא, וואָס האָט אים געפרעגט: — אָבער זי, מיטאַ, ווייסט דאָך פון גאָרנישט ?... יעדע פראַגע האָט געבערענגט מיט זיך נאָך אַ פראַגע: — וווּ אַהין אייל איך ?... ער האָט געאיילט ווייטער פאָרויס, זיך נישט געקענט אומקערן.

אויך מיטאַ איז אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטע פון ווען זי האָט זיך מיט אים געטראָפן: זי האָט מיט אַ מאָל דערפילט די שווערקייט פון אירע אָברים און די לאַסט פון אירע ברוסטן. איר בלוטברויז האָט דעם אָוונט אויך זי געטריבן איבער די פעלדשטעגן. זי האָט זיך געשלייכט איבער זיי און אירע פּיאַטעס האָבן געזונקען אין דער ווייכער ערד. זי האָט נישט געהערשט איבער זיך און נישט איבער איר צעברויזט געמיט, נאָר דער פּחד וואָס זי איז אַליין אין דער טונקעלער נאַכט, האָט זי באַהערשט. אָבער איר בלוטפלאַקער און איר פרויענדורשט נאָך קערפּערזעט האָט זי געפירט. אויך די פאַרשידענע שאָטנס וואָס האָבן געדראָט און געקראָכן אַרום איר האָבן זי נישט אָפּגעשטעלט. אָבער די נאַכט האָט אויסגעשיילט פון איר טונקל אים און זי — זייערע שאָטנס. זי האָט זיי צונויפגעפירט, אויף דעם גרויסן ערד־שטח פון וועלכן מען האָט ערשט נישט לאַנג אויסגעגראָבן די קאַרטאָפל.

אַ מאָמענט זענען זיי געשטאַנען זיך אַנטקעגן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און אָן צו רעדן זענען זיי זיך געפאַלן אין די אָרעמס. ווי פון זיך אַליין זענען זיי אַוועק אין אָליוון־וועלדל וואָס איז געווען ווי אַ מחיצה צווישן זיי און דער סביבה. די

ערדקראַפט האָט זיי אַראָפּגעצויגן צו זיך. זייער צעגליטער אָטעם האָט זיי צונויפ־געפּרעסט און פאַרפלאָכטן ווי אין אַ פאַרזעצטן שטאָמוואָרצל אין מיטן דער נאַכט און אין מיטן דער וועלט. די פינצטער האָט זיך ווי געלייטערט, ווי אַוועקגערוקט זיך. אין דער רגע זענען אַפילו די ביימער־שאָטנס ווי שוואַכער געוואָרן, זיך ווי אָפּגערוקט פון דער הייליקייט וואָס האָט געשוועבט אין רוים, פון דער הייליקייט פון בלוטן־געמיש — דעם נצח־יסוד.

איבערפולטע מיטן ערשטלינג־צאַפּל און יוגנט־פלאַקער זענען זיי געבליבן ווי צייטיקע פירות וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן פון בוים. זיי זענען געלעגן און זייערע חושים האָבן געהערט די נאַכט־שטילקייט, דעם טיאַך פון זייערע הערצער און זייער בלוטברויז וואָס האָט זיך נאָך נישט געהאַט איינגעשטילט. זיי האָבן געצי־טערט פון קעלט. אָבער די קעלט האָט זיי אויך באַרויִקט. גדעון איז געוואָרן מונטער און דער ערשטער זיך אויפגעשטעלט. ער האָט געהאָלפן מיטאַן זיך אויפ־שטעלן. אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען ווי דערשראָקענע און פאַרשעמטע געקוקט איינער אויפן אַנדערן. אָבער באַלד האָבן זיי זיך ווידער אַרומגעאָרעמט און זיך געלאָזט גיין. זיי האָבן געטראָטן די ווייכע ערד און די נאַכט האָט זיי באַגלייט אויף זייער וועג.

# יג

דער נאַכט־צוזאַמענטרעף האָט גורם געווען צו אַ צווייטן נאַכט־צוזאַמענטרעף. זיי האָבן אויך געפונען אַ צייטווייליקע וווינונג, אַ ליידיק, פאַרלאָזן הויז אין אַ פּרדס. דאָס הויז איז באַשטאַנען פון אַ שיפּן, רויטן קאַרמיט־דאַך וואָס איז געלעגן אויף פיר ווענט פון בלאָקן אָן פאַלעטע. אין איין וואַנט זענען געווען צוויי עפענונ־גען, אַ טיר מיט אַרויסגעריסענע זאַוויאַסעס און אַ פענצטער אָן שויבן. גדעון האָט די עפענונגען באַהאַנגען מיט זעק. די אַנגעוואָרפענע ברעטער זענען געוואָרן צייטווייליקע שטוב־חפצים.

עס האָט געדויערט. טעג זענען פאַרביי ביז מיטאַ איז געקומען צו דער פאַר־וואַלטערין און צו וויסן געטאָן:

— איך פאַרלאָז די ווירטשאַפט.

די פאַרוואַלטערין האָט אַנגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר דערשטוינטע אויגן — האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס מיט איר איז געשען. געלאַסן, נאָר דרייסט, האָט זי געפרעגט:

— ווו אַהין גייסטו? וואָס פאַרואַ אַרבעט האָסטו געפונען?

מיטאַ האָט געשוויגן, נישט געענטפערט. די פאַרוואַלטערין, פון מורא זי זאָל טאָן אַ לייכטזין, האָט איר פאַרגעשלאָגן:

— בלייב ביז שבת, געזעגן זיך מיט די חברטעס.

מיטאַ האָט איר געענטפערט וואָרט נאָך וואָרט, ווי צעצויגן די רייד:

— איך קען נישט, איך מוז שוין גיין.

מיטאַ האָט נישט געוואָלט אַז די פּאַרוואַלטערין זאָל ווייטער פרעגן און האָט זי געבעטן זי זאָל מיט איר גיין אין צימער און זען ווי זי נעמט זיך אירע זאַכן. די פּאַרוואַלטערין האָט זי מער נישט געפרעגט. אַ באַליידיקטע, איז זי אויפגעשטאַנען פונעם בענקל און ביידע זענען אַרויס פון צימער. ווען זיי זענען אַרויס אויף דער טעראַסע האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף גדעונען.

מיטאַ, אַ צעטומלטע, האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר דער פּאַרוואַלטערין:

— מיין חבר.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— איך הייס גדעון — אָבער איר נישט אויסגעשטרעקט די האַנט.

די פּאַרוואַלטערין איז געבליבן שטיין. זי האָט אין אים דערקענט דעם בחור וואָס איז געקומען אָפּנעמען די קו. זי האָט געוואָלט גיין ווייטער אָבער זיך נישט געקענט איינהאַלטן און געפרעגט מיטאַן:

— איר קענט זיך שוין לאַנג?

עס איז געווען קאָנטיק, אַז זי איז באַאומרויִקט מיט דעם מיידלס שנעלן באַשלוס. מיטאַ האָט פאַרשטאַנען דער פּאַרוואַלטערינס פראַגע. פאַרשעמט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי די טאָגשיין זאָל זי בלענדן, האָט זי שנעל אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער, וואָס זי האָט ס׳ערשטע מאָל געברענגט איבערן מויל:

— ער איז מיין מאַן.

פון דערשטוינונג האָט די פּאַרוואַלטערין פאַרלוירן דאָס לשון. איר האָט פאַרדראָסן, וואָס אַ מיידל, וועלכע האָט זיך דערצויגן ביי איר אין דערווירטשאַפט, פאַר וועלכער זי איז איר געווען ווי אַ מאַמע, באַהאַלט פאַר איר אויס איר גליק אָדער גאָר איר אומגליק, חלילה. זי האָט פאַרשנעלערט אירע טריט. דאָס יונגע פּאָרל איז איר נאָכגעגאַנגען.

זאַלבעדריט זענען זיי אַריין צו מיטאַן אין צימער. אָן צו זאָגן אַ וואָרט האָט מיטאַ אים דערלאַנגט אַן אויסגעוואַשענעם זאַק ער זאָל אין אים פאַרפּאַקן איר בעטציייג. אין דער זעלבער צייט האָט זי געפּאַקט אין די וואַליזעס איר וועש און מלבושים. די צוויי לאַלקעס האָט זי פאַרפּאַקט אין אַ באַזונדער פּעקל און צוגעלייגט צו דער וואַליזע. די פּאַרוואַלטערין איז געשטאַנען און געשוויגן, נאָר ווען זיי האָבן געענדיקט פּאַקן און גדעון האָט גענומען דעם זאַק אויף דער פּלייצע, האָט מיטאַ געזאָגט צו דער פּאַרוואַלטערין:

— איך דאַנק אייך פאַר אַלץ וואָס איר האָט פאַר מיר געטאָן.

גדעון האָט שוין געוואָלט אַ שפּאַן טאָן אָבער דערהערנדיק מיטאַס רייד האָט ער זיך פאַרהאַלטן און מיט אַ צעשמייכלט פּנים געזאָגט:

— איך האָף, אַז איר האָט זי אויסגעלערנט זיין אַ גוטע בעל-הביתטע.

די פאַרוואַלטערין האָטביידע אָנגעקוקט און געשוויגן. איר קוק האָט געפרעגט אָן אויפהער, דערביי אָבער געווען האַרציק. זי האָט געזאָגט:

— זייט גליקלעך...

ביידע אין איינעם האָבן איר געענטפערט:

— אַ דאַנק.

זייער שנעלער ענטפער האָט עדות געזאָגט, אַז זיי זענען גערירט פון דער פאַרוואַלטערינס ברכה און זיי זענען אַרויס פון צימער.

# יד

זייער ערשטער שותפותדיקער וועג נאָכן פאַרלאָזן דעם משק־הפועלות איז געווען קיין רימונה. זיי זענען געגאַנגען מיט די פעלדשטעגן מיט די פעק אויף זיך און מיט אַ מונטער געמיט. די שטעגן האָבן זיי געפירט און זיי האָבן גע־שטראַלט פון גליק. נישט ער און נישט זי האָבן געטראַכט וועגן זייער צוקונפט. זיי האָבן זיך באַנוגנט מיט זייער יוגנט־שיכרות. איבערטרעטנדיק דעם תחום פון רימונה האָט פון אַנטקעגן דעם רוים פון צוויי גאַסן־צונויפקום אויף זיי אַ ווייע געטאָן די איינגעזעסנקייט.

מיטאַ, וואָס האָט דאָס ערשטע מאָל געזען דאָס דאָרף, האָט אַ באַטראַכט געטאָן די פעלדער און געזאָגט: „גוטע ערד". גדעון האָט זי אַ גלעט געטאָן מיט אַ בליק פון דאַנקבאַרקייט און פאַמעלעך איר געענטפערט, באַטאָנענדיק יעדעס אות: „דאָ וועלן מיר לעבן!"

ווי אויף פליגל האָט זיך איבערן דאָרף צעטראָגן די ידיעה: גדעון האָט זיך געבראַכט אַ ווייב. אַלע זענען געווען בייגעריק וועמען, פון וואַנען, ווער? אָבער אַלע האָבן זי אויפגענומען פריינדלעך. איר געשטאַלט, אירע העל בלאָנדע האָר, איר פרויען־רייפקייט און געזונט וואָס האָט פון איר געשפּראָצט, האָט אויף אַלע געווירקט. די יוגנט צווישן זיך האָט זיך געשושקעט. גדעון איז גדעון. די עלטערע חברים זיינע האָבן געוואָלט זיי העלפן זיך איינאָרדענען, אָבער גדעון האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די חברה. ער האָט מיט לייב און לעבן זיך איבערגעגעבן זיין ליבע. ער און זי זענען געווען פאַרנומען נאָר מיט זיך און זיך נישט געניויטיקט אין די מענטשן פון אַרום.

זיי זענען געזעסן אין צימער וואָס זיי האָבן געדונגען ביי בן־חיימען אין אַן אָפּגעזונדערט הויז. דאָס פענצטער אין שטוב איז אַרויסגעגאַנגען אויף די פעל־דער, דערפאַר איז דער ליכטגלימער געווען אַ גאַנצן טאָג בלוי וואָס פאַלט אַריין אין גרין. אינעם צימער איז געשטאַנען אַ שמאָל אייזערן בעט וואָס זיי האָבן געבאָרגט ביי בן־חיימען, צוויי אָנגעשטעלטע וואַליזעס איינע אויף דער אַנדערער. אויפן פענצטער־הענטל איז געהאָנגען גדעונס רוקזאַק. אין אים זענען געלעגן פאַר־

פֿאַקט אירע גלאָז־ און פּאָרצעליי־מיניאַטורן. אויפֿן פֿענצטער איז געלעגן זייַן פֿלייט מיט דער האַרמאָשקע. זיי אַליין — אָפּגעריסן פֿון זיך אַ גאַנצן טאָג, זייענדיק פֿאַרטאָן, ער אין זייַן אַרבעט — זי אין איר אַרבעט, האָבן זיך אויסגעקוקט.

זיי, זייערע וועזנס זענען געווען אַדורכגענומען מיטן משפּחה־ציטער. ערשט נישט לאַנג ווי זיי האָבן זיך באַגעגנט דאָס ערשטע מאָל, און שוין נישט באַגריפֿן: זי — ווי וואָלט זי אויסגעקומען אָן אים, ער — ווי וואָלט ער געקענט אָן איר אויסקומען? דאָס זענען געווען זייערע נאָכטראַכטונגען. זייַנע — ביי די פֿאַר־שידענע פֿעלדאַרבעטן אויף די פֿעלדער פֿון די מתישבים; אירע — אין נחום כאַלאַמיס גרויסער ירקות־פּלאַנטאַציע.

אָוונט־אָוונט, נאָך דער אַרבעט, האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט אויפֿן שטיינערנעם פּאָל אין צימער און פֿון אַן אַלומיניום־מאַנאַשקע אַרויסגעגעסן זייער געקעכץ — אַ שטיק פֿלייש אויסגעקאָכט אין דער זופּ, וואָס איז געווען פֿאַרקאָכט מיט גריפֿן אָדער קאַרטאָפֿל און זיך געקאָכט אַ גאַנצן טאָג אויף אַ נאַפֿט־אויוון. דער אויוון, די אַלומיניום־מאַנאַשקע, אַ טעלער מיט צוויי טעלערלעך און צוויי לעפֿל זענען געווען זייער גאַנצע ווירטשאַפֿט. דאָס טאַשן־מעסערל האָט גדעון ס׳רוב געהאַלטן ביי זיך אין טאַש. שבת איז געווען דער טאָג פֿון רוימען און וואַשן וועש. צייטנ־וויַיז האָבן זיי אין די אָוונטן שפּאַצירט איבער די פֿעלדער, אָבער לרוב האָט גדעון גענומען ביי בן־חיימען די צייטונג צו לייענען. ער און מיטאַ האָבן זיך אויסגעצויגן אויפֿן בעט. ער האָט איר פֿאָרגעלייענט ביז זיי זענען איינגעשלאָפֿן. צוערשט זי, דערנאָך ער, זאַט, אָן זאָרג און אָן דאגות. ווען זיי האָבן זיך איבער־געוועקט האָבן זיי זיך אויסגעטאָן און ווייטער געשלאָפֿן.

אַזוי האָבן זיי געלעבט אָפּגעזונדערט פֿון די מענטשן אין דאָרף, אין זייערע פֿיר ווענט, ווו זייער גליק האָט געבליאַסקעט ווי ריינער קרישטאָל.

אָבער די באַפֿעלקערונג אין דאָרף האָט נאָכגעפּאָלגט דאָס יונגע פּאָרל, גדעונען מיט מיטאַן, וואָס זענען געווען פֿאַרנומען מיט זיך, געשעצט זייער אָפּזונ־דערן זיך מיט ליבע און פֿאַרשטאַנד. אויך די יוגנט, מיט וועלכער ער האָט פֿאַר־ברענגט אַמאָל האָבן געהאַלטן דיסטאַנץ, נישט געוואַגט אַריינדרינגען מיט זייער נייגער. צווישן זיך, ווען עס איז דערמאָנט געוואָרן גדעונס נאָמען, איז געקומען דער ענטפֿער: „זיי האָבן זיך!״ — דאָס איז געווען דער אָנדייט, אַז זיי זענען נאָך פֿאַרנומען מיט זיך; אַז מען דאַרף זיי נאָך נישט שטערן. אַפֿילו די צוויי מתישבים וואָס האָבן פֿאַרטיילט די שמירה האָבן נישט איין מאָל איבערגעהיפּערט זייַן ריי. אויך שמשי, וועמען ס׳האָט פֿון אָנהייב פֿאַרדראָסן אויף אים, הלמאי ער האָט פֿאַרלאָזט ביי אים די אַרבעט און צעשטערט זייַן גאַנצן משפּחה־פּלאַן, איז איצט געווען אַ שטענדיקער איינגייער ביי זיי און שטענדיק געקומען מיט עפּעס אין דער האַנט: אַ ביסל האָניק, אַ גלעזל מאַרמעלאַדע, אַ טאָרבעלע צוקער.

דאָס פּאָרל איז געווען באַליבט ביי אַלע אין דאָרף. נישט געווען דער פֿאַל, אַז מיטאַ זאָל גיין אין קאָנסום־הויז איינקויפֿן און יעדע באַגעגנטע פֿרוי זאָל זי נישט פֿאַרהאַלטן און זי פֿרעגן: „וואָס הערט מען? וואָס מאַכט איר?״ — ווייל

יעדע פרוי איז גרייט געווען העלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך. אָבער מיטאַ האָט אַלעמען האַרציק געדאַנקט, זיך צוגעאײַלט ביים איינקויפן און זיך אומגעקערט אין שטוב. זיי זענען אַזוי געווען פאַרנומען מיט זיך, אַז זיי האָבן כמעט נישט געמערקט ווי דער פרילינג דערנענטערט זיך צו ענדע. יאָ, זיי האָבן געזען ווי די תבואות אויף די פעלדער זענען רייף געוואָרן, אָבער אין זיי האָט דער פרילינג ווייטער אָנגעהאַלטן, ווייל די תבואה־רייפקייט איז אויך געווען זייער אייגענע רייפקייט — ער, אַ שטאַרקער, פעסטער, ברייטפּלייציקער מאַן, זי, אַ פולע, קיילע־כיקע, בלענדנדע פרוי. זי, אין איר רייפנדיקער זיך מוטערלעכקייט, איז געווען דאָס ליכט אַליין וואָס האָט אים באַשטראַלט, אויסגעפולט זיין וועזן, ווען נישט דער קאָנטיקער אויף אים שאָטן־שטריך: ערד, זייער ערד, וואָס איז נישטאָ.

# טו

זיין חשק צו אַן אייגן שטיקל ערד האָט צעשטערט זיין לייטזעליקייט. אומ־דערטרעגלעך זענען פאַר אים געווען די פרימאָרגנס ווען ער איז געגאַנגען אַרבעטן אין פעלד צו יענעם.

כמעט יעדן שבת האָט ער שפּאַצירט איבער די פעלדער. זיי אַרומגענומען מיטן בליק, ווי ער זאָל וועלן זען זייער ענדע. יעדעס מאָל האָט ער גענומען אין זיינע פאַרמאַזאָליעטע הענט אַ זשמעניע ערד און זיך געשפּילט מיט איר. טאָג־טאָג האָבן ביידע געהאָרעוועט, געשוויצט; אין די אָוונטן האָבן זיי די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס אַריינגעלייגט אין אַ לייוונטן זעקעלע, וואָס זיי האָבן אויסבאַהאַלטן צו־קאָפּנס אונטער דעם מאַטראַץ. אַ מאָל, אין אַ שבת־שפּאַציר ביי דער וואָדי וואָס האָט זיך געצויגן לענגאויס דעם דאָרף, האָט ער פאַרהאַלטן זיין בליק אויף אַ מקום ווו די ערד איז מאָגער געוואָרן. די רעגן־וואַסערן האָבן זי צעקרישלט. דער מקום האָט אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ גרויסער קלין. ער איז אַרומגעגאַנגען, באַטראַכט דאָס מקום פון אַלע זייטן און דעצידירט — דאָס שטיק ווילדע, נישט־באַאַרבעטע ערד וועט אים זיין אַן אָנלען. ער האָט דערפילט אין זיך דעם כוח ווידער פעט מאַכן די מאָגערע ערד.

זיין באַשלוס האָט ער געבראַכט פאַר דער דאָרפס־פאַרוואַלטונג. דערשטוינטע האָבן זיי אויסגעהערט זיין בקשה: וואָס וועט ער טאָן מיט דעם זאַמדיקן, צערי־סענעם בערגל? נאָר אַז ער איז באַשטאַנען אויף זיינס, האָבן זיי מסכים געווען, אַרויסגייענדיק פונעם שטאַנדפּונקט אַז אויב עס וועט נישט העלפן וועט עס נישט שאַטן. אָבער ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז זיין יסוד. דער רוקן פון בערגל איז יאָר־יאָר געווען הפקר פאַר די וואַסער־פאַרפלייצונגען וואָס זענען מיט שטראָם געפלאָסן פון די בערג אַראָפּ. אַ ביסל פון די רעגן־וואַסערן האָבן זיך פאַרהאַלטן און אַריינגעדרונגען אין די ערד־שפּאַלטן, זיי פאַרטיפט און פאַרברייטערט.

אין איינעם פון די אָוונטן, זיצןביידע מידע און עסן זייער מאָלצייט. פּלוצים קומט אַריין אַרצי. דאָס איז געווען זייער ערשטע טרעפונג נאָכן סיכסוך מיט פיינען. אַרצי האָט אים נישט פאַרגעסן זיין פּלוצים אַוועקגיין: ווייל, ווי נעמט אַ מענטש און לאָזט איבער אַ שטאָל מיט קי? אָבער אין האַרצן האָט ער נישט געטראָגן קיין שנאה צו אים. אַדרבה, ער האָט געדענקט זיין פלייס און איבער־געבנקייט. איצט איז ער אַריין און געזאָגט „שלום". זיי האָבן אים געענטפערט „שלום". אַ ווײלע איז ער געשטאַנען און באַטראַכט דאָס צימער. די אָרעמקייט האָט אים ווי געטאָן. אין שטוב איז געווען שטיל, עס האָט זיך נאָר געהערט דער זשום פון פליגן. אינעם מרחק צווישן אים און גדעונען איז געלעגן דער אונטער־שיד פון זאַטער אַרבעט און פאַרהאָרעוועטער אַרבעט.

אַרצי, ווי ער זאָל וועלן זיגן אין דעם געראַנגל, האָט פונאַנדערגעשטעלט זיינע פיס, אויף וועלכע זיין קערפּער איז ווי געזעסן. אין שיין פון דעם זונפאַר־גאַנג האָבן זיינע רויטע האָר געשימערט ווי אַ מעש־גלימער וואָס איז זיך ווי פונאַנדערגעגאַנגען איבער דער סביבה. ער האָט לויז געמאַכט זיינע פאַרפרעסטע ליפּן און פון זיין קעל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ טיפער באַס, וואָס האָט געהילכט אין צימער:

— דאָס דאָרף האָט באַשלאָסן איבערגעבן אין דיין רשות דאָס בערגל ביים וואָדי.

ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט פון וואָס זיינע רייד זענען אַרויסגעקומען נאָך קרעפּטיקער.

גדעון האָט באַקומען אַ קאָפּשווינדל ווי אַלץ אין שטוב זאָל זיך דרייען פאַר זיינע אויגן: מיטאַ, אַרצי, און אויך ער אַליין. ווי אַלע די טעג פון באַגער צו אייגענער ערד זאָלן זיך האָבן צונויפגענומען און אויף אַ ווײלע אים איינגעבראָכן. באַלד האָט זיך אין אים דערוועקט זיין זיכערקייט און מיט זיין גאַנצן כוח האָט ער אויסגעשריגן: „מיטאַ!" און ווי אַ קינד איינגעפּרעסט זיין קאָפּ אין איר בוזעם.

אַרצי איז געשטאַנען, געוואַרט, נישט געוווסט וואָס נאָך צו זאָגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז איבעריק. ער האָט נאָר געזאָגט: „מיט מזל און ברכה" — און אַוועקגעגאַנגען.

ווי קינדער האָבן זיי זיך אָנגענומען ביי די הענט און צעפלאָמטע פון פרייד זענען זיי, מיט שנעלע טריט, כמעט ווי געלאָפן צו דער וואָדי — זייער ערד.

עס האָט שוין געגרויט, אָבער אויך אין דער פינצטער האָבן זיי געזען זייער צעפלאַצטע, צעריסענע ערד. האַלטנדיק זיך ביי די הענט האָבן זיי, ווי קינדער, גענומען זיך דרייען אין אַ קאַראַהאָד אַרום דער ערד. דער נאַכט־טוי און די קילקייט האָבן זיי אַרומגעהילט. גדעון האָט געשפּאַנט מיט שווערע טריט איבערן בערגל און אין די פּויסטן געריבן זשמעניעס ערד, זי באַטראַכט אין דער פינצטער, ווי געפרעגט: וועסט מיר געבן ברויט, לעבן?

# טז

דער פּרימאָרגן הײַנט איז װי אַלע טעג. דער קילער נאַכט־טױ האָט אײַנגע־הילט יעדעס גרעזל, שטענגל און בלעטל, זײ אָפּגעשװענקט מיט פּערלדיקע װאַסער־טראָפּנס. די גלי־װאָרעמלעך זענען שױן לאַנג פאַרשװוּנדן. אױך די געשרײען פון די נאַכטפײגל און דאָס יאָמערן פון די שאַקאַלן האָט שױן לאַנג זיך אײַנגעשטילט. פון װײַטנס, פון איבער די בערג, גײט אױף און גיסט זיך פונאַנדער פּאַמעלעך, פּאַמעלעך איבערן הימל, אַ צעגליטע רױטקײט, װאָס אירע שטראַלן גליטשן זיך איבער די פעלדער־פלאַכן. איר גלי האָט נישט איבערגעהיפּערט קײן שום װינקל און אַרײַנגעדרונגען אין יעדער שפּאַרע. דער שאָטן איז שױן אַריבערגעגאַנגען איבער דער װאַדי, פון אײן זײַט באַרג און זיך געשאַרט צו דער צװײטער זײַט באַרג. די זון, װי דורות־דורות לאַנג, האָט אױך הײַנט זיך געגרײט שיקן אירע שפּיזיקע היץ־שטראַלן איבער דעם װאַדי־בערגל און זיך נישט אָנטרעפן אױף אַ בױם־שאָטן. און דאָ האָבן די זונענשטראַלן זיך װי פאַרהאַלטן אױף דעם שטח ערד, װאָס אױף אים האָבן געטאַנצט װינטן און רעגנס האָבן געקלאַפּט.

נאָך געװען נאַכט װען גדעון מיט מיטאַן זענען אַרױס אױף זײער שטיקל ערד. זײ זענען געגאַנגען. די מענטשן אין די הײַזער זענען נאָך געשלאָפן, די בעל־חי אין די שטאַלן אױך. אַ מרוק אָדער הירזשע האָט נישט צעשטערט די שטילקײט פון זײער גאַנג. נאָר פּנינה, בן־חײמס פרױ, װאָס איז אױך איצט װי שטענדיק געשטאַנען בײַם פענצטער, האָט זײ אָנגעקוקט מיט אירע אױפגעריסענע, קראַנקע אױגן. זי האָט זײ באַטראַכט, באַגלײט מיט איר בליק און מיט אַ שפּאָטישן כי־כי־כי. זײ זענען געגאַנגען פאַרױס מיט זײער ביסל פאַרמעגן אױף די פּלײצעס און אַפילו זיך נישט אומגעקוקט אױף איר. זײער טרעטן האָט זײ געפירט איבער דער פינצטערער נאַכט־שטילקײט.

װי נאָר זײ האָבן געשטעלט די ערשטע טריט אױף זײער ערד, האָט גדעון פון זיך אַראָפּגעװאָרפן די פּעקלעך, זײ אַװעקגעלײגט אױף דער ערד און זײַנע ליפּן האָבן שטיל װי געמורמלט: „ערד, ערד, מײַן ערד, אונדזער ערד!" ער האָט די װערטער כמעט אױסגעשטאַמלט, װי זײַנע צײן זאָלן אים שטערן רעדן. װען דער האָריזאָנט האָט אָנגעהױבן גרױען האָבן בײדע, װי דורך אַ געגעבענעם זײך צײכן, זיך געשטעלט אַרבעטן.

די אַרבעט האָט געברענט אונטער זײערע הענט. זײער שטח ערד איז געװען אַ באַרגיקע זאַמד־װיסטעניש װאָס די זון און די רעגנס האָבן אָפּגעדעקט אירע שטײנער. דער שטח איז אין דער זײַט פון באַרג געשטיגן אַרױף, אים צופוסנס זיך איבערגעהאַקט און געלאָפן אין דער װאַדי־טיפעניש. די שיפּקײט אַלײן איז געװען צעפּלאַצט און צעריסן. דאָ און דאָרט זענען געװאַקסן עטלעכע מאָגערע קוסטעס, װאָס זײער אױסזען איז געװען װי פון אַן אױסגעריבענעם דיװאַן. דער שטח צו דער װאַדי אַראָפּ איז געװען נאַקעט װי אָפּגעדעקטע יאַסלעס: נאָר דאָ און דאָרט, װי אַן אַרײַנגעהאַקטער פלאָקן, האָבן אַרױסגעשטאַרט עטלעכע קוסטעס,

אַ נעסט פּאָר שרצים און ווערעם. אַ מאָל, אַ מאָל איז אויך פאַרבייגעלאָפן אַ פאַרבלאָנדזשעטער שאַקאַל אָדער אַ האָז, אָבער אַ מענטשנפוס האָט דאָ זעלטן ווען געטראָטן.

ווי נאָר דער מאַרגנגרוי האָט גענומען זיך קלירן, האָט אַ מוילאייזל־געשפּאַן געבערענגט צו שלעפּן אַ ליפּט, וואָס גדעון האָט געקויפט אין שטאָט און איז באַשטימט געוואָרן אַלס זייער הויז. דאָס איז געווען אַ לאַנגער, גרויסער קאַסטן און אין אים אַן אויסגעשניטענע עפענונג — די טיר מיטן פענצטער צוזאַמען. צווישן יאָ און ניין האָבן זיי אַריינגעוואָרפן זייערע פּעקלעך־האָב און ווייטער געאַרבעט. מיט די הענט האָבן זיי צונויפגעקליבן אַ שטיין נאָך אַ שטיין און ביים ראַנד פון וואַדי אָנגעלייגט אַ קופּע.

יעדעס אָפּגעריייניקטע שטיקל ערד האָבן זיי איבערגעגראָבן און פאַרגליכן. ווי היינט, אַזוי אויך אין די קומענדיקע טעג, האָבן זיי געהאָרעוועט, אָפּגעגאַנגען אין שווייס פון פינצטער ביז פינצטער. נאָר מיטאָגצייט איז מיטאָ געלאָפן אין דאָרף אַריין איינקויפן דעם עיקר: צוויי לאַבן ברויט און אויפן וועג גענומען אַ טאָפּ וואַסער. זי האָט אויסגעמיטן זיך טרעפן מיט מענטשן, נישט מוזן מיט זיי רעדן. אַזוי האָבן זיי זיך געפירט ביז עס האָבן זיך ביי זיי אויסגעלאָזט די פּרוטות אין טאַש. דעמאָלט איז גדעון אַוועק אין דאָרף אַרבעטן.

מיטאָ איז געבליבן אַליין אויפן פעלד, אַליין געאַרבעט, אַן איינזאַמע אין דער פונאַנדערגעשפּרייטער סביבה און דעם בלויען הימל איבער זיך.

זי האָט ממשיך געווען איר טאָג־אַרבעט און איר איז צוגעקומען זיין נאַכט־אַרבעט. די מענטשן אין דאָרף האָבן שוין גערעדט וועגן זייער שטח ערד — אים געשאַצט און אָפּגעשאַצט אויף צוועלף דונאַם און געזען די גרויסע ענדערונג: דער שטח איז געווען ריין פון שטיינער, פאַרגליכן און גרייט צום אַקער. אויך אויף דעם ליפּט — זייער הויז — איז שוין אַראָפּגעהאָנגען אַ טיר פון צוויי צונויפגעניטע זעק, צו וועלכע עס איז פון אונטן געווען אָנגעבונדן אַן אָפּגעטריקנטע צווייג. איינוויייניק אין ליפּט האָט זיך דערוויל גאָרנישט געענדערט — די זעלבע וואַליזעס און דאָס זעלבע בעט. ס׳רוב זענען זיי געשלאָפן אונטערן הימל־געוועלב, ספּעציעל אין די לבנה־נעכט. דאָס בעט אין ליפּט איז זיי געווען ענג. זיי האָבן אין אים אויך געהאַלטן די באַזעצטע הון אויף די פיר געענדזענע און צוויי אינדיק־אייער.

טעג האָבן זיי זיך נישט געוואַשן, נישט געהאַט קיין וואַסער. אין זייערע הויט־פאַלדן האָט זיך געהאַלטן דער שווייס און שטויב. אַ מאָל זענען זיי אַוועק אין דאָרף אַריין צו איינעם פון די מתישבים זיך אַרומוואַשן. די דאָרפס־מענטשן זענען נישט געקומען צו זיי. דער מרחק איז געווען אַ ווייטער. זייער ערד איז דאָך געווען דער סוף־גרענעץ פון דאָרף־שטח. זייער שטח און סביבה האָבן געהאַט אַ שלעכטן נאָמען. די מענטשן אין דאָרף האָבן אים גערופן ,דער מיסטקאַסטן׳, ווייל אַלע יאָרן האָבן זיי דאָ אַוועקגעוואָרפן און באַגראָבן די פּגרים פון זייערע בעל־חי. נאָר היינט זענען אין די נעכט אַהערגעקומען.

גדעון מיט מיטאַן זענען געווען די הערשער און באַצווינגער פון דעם שטח. זייער קליידונג — אַ לייוונטן העמד און קורצע הויזן וואָס האָבן קוים צוגעדעקט זייערע נאַקעטע לייבער. דער רוים אַרום זיי, וואָס איז געווען אויסגעפילט מיט לויטערער דורכזיכטיקייט; די בלאַנקנדע אין דער זונענשיין טוריעס האָבן זיך געהויבן און זיך איינגעשניטן טיף אין די ראַציקע בערגלעך, די ערד איז כסדר גלייכער געוואָרן. אויך די שיפקייט אירע איז דעראַבערט געוואָרן. פון די הויפנס צונויפגעקליבענע שטיינער האָבן זיי איצט געלייגט אַ שטיג אויף אַ שטיג כדי איינצוהאַלטן די ערד. פון דער אַרבעט ביי די מתישבים אין דאָרף האָט ער אויך געשפּאָרט אויף צו ציִען אַ וואַסער־רער אויף זייער שטח. ביידע האָבן מיט אומ־געדולד אויסגעקוקט די רגע, ווען דער וואַסערשטראָם וועט מיט פייכטקייט באַנעצן, זעטיקן זייער ערד. די אַרבעט האָט זיי פאַרכאַפּט — געגעבן די כוחות. זיי האָבן שוין פאַרגעסן דעם טעם פון געקאָכטע מאכלים.

אַרום דעם ליפּט האָט שוין אַרומשפּאַצירט די קוואָקע און געפירט נאָך זיך די אויסגעפּיקטע עופות וואָס האָבן געפּישטשעט און געפּיקט פון דער ערד. אויך די הויקערדיקע פייגן־קוסטע, נאָענט צום ליפּט, האָט איצט ווי אויסגעגליכן איר האָרב, גרין געוואָרן, פול לעבן. איצט האָט זיך אויך פון מאָל צו מאָל באַוויזן ווער פון די דאָרפס־מענטשן, וואָס איז געשטאַנען און באַטראַכט אַ פאַרבליפּטער. פון אָנהייב האָט אַזאַ געקומענער געזאָגט, אַז ער איז צופעליק פאַרבייגעגאַנגען. שפּע־טער האָט ער נישט פאַרהוילן, אַז ער איז געקומען בכוונה. נאָך די עטלעכע זענען געקומען די יונגע, זיינע אַמאָליקע חברים. אַזוי ווי די עלטערע, אַזוי זענען אויך די יונגע געוואָרן פאַרבליפּט. יעדעס פּיצל ערד איז געווען פול שווייס און מי און געאָטעמט מיט גערעטעניש.

אָבער עס איז אויך געווען ווער, וואָס איז נישט געקומען אויף אַ ווייל נאָר אויף שטענדיק — אַ גרויסער, ברוינער, פעטער הונט, וואָס האָט אין איינער אַ נאַכט זיך אָפּגעריסן פון דער קייט און מיט אימה געלאָפן איבער די פעלדער, געזוכט אַ מקום־מיקלט און דאָ זיך פאַרהאַלטן. אין דער צייט איז מיטאַ געשטאַנען און פונאַנדערגעשיט קערנדלעך פאַר אירע עופות. דער הונט וואָס האָט זיך פאַר־האַלטן אין געלויף מיט זיין פוקסן־ווידל צווישן די פיס, האָט זי אָנגעקוקט מיט אויגן פול געבעט. מיטאַ האָט אים אָנגענומען ביי דער קייט, אים צוגעפירט צום ליפּט און צוגעבונדן. אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און אים צוגעוואָרפן אַ שטיק ברויט. דער הונט האָט זיך צעבילט פון פרייד. דער ווידערקול האָט אָפּגעהילכט אין דער סביבה.

די קוואָקע מיט איר קליינוואַרג האָבן אויסגעצויגן זייערע העלדזער און ווי געפּינטלט מיט זייערע אייגעלעך ווען זיי האָבן דערהערט זיין בילן.

דער הונט האָט זיך באַלד צוגעוווינט צו זיינע נייע בעל־הבתים. גדעון האָט אים אַ נאָמען געגעבן: „גיבור״. זיין גבורה איז געווען וואָס ער איז געלאָפן איבער די פעלדער און צעיאָגט טשאַטעס פייגל און פעלדקעץ. אָבער די קוואָקע מיט איר קליינוואַרג, וואָס האָבן געפּיקט פון דער ערד, האָט ער נישט געטשעפּעט. להיפך,

ווען זיי האָבן זיך פונאַנדערגעזעצט אַרום דעם ליפּט האָט אויך גיבור זיך אויסגעצויגן און אַ צופרידענער געקלאַפּט מיטן ווײדל אויף דער ערד. אין די אָוונטן, ווען גדעון האָט נאָך אַ טאָג אַרבעט אין דאָרף, ביי דער לבנה־שיין אויסגעגליכן דעם רוקן פון זיין ערד, אָפּגעהאַקט אַ בערגל אָדער פאַרשיט אַ גרוב, איז גיבור אים נישט אָפּגעטראָטן נאָר געבילט און געשפּרונגען דער לבנה אַנטקעגן, ווי געוואָלט זי אַוועקטרייבן פון פעלד, זי זאָל נישט קוקן און זען ווי אירע בעל־הבתים האָרעווען בעת די מענטשן שלאָפן שוין אויף זייערע געלעגערס.

ביי די מענטשן אין דאָרף איז גדעון געווען אַ שם־דבר מיט זיין אַרבעטסזאַמקייט. אַלע אין דאָרף האָבן מיט רעספּעקט אים געזאָגט „שלום". אַלע האָבן געוווּסט ווי אַזוי און אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען ער אַרבעט. אַלע זענען געווען זיכער, אַז ער וועט גובר זיין אַלע זיינע שוועריקייטן, אויסבויען זיין ווירטשאַפט וואָס וועט בלִיען. נאָר איינער האָט זיך מיט אַלע צוזאַמען נישט געפרייט. דער אַלטער כאַלאַמי האָט נישט איבערגעטראָגן וואָס אויף דער רימונהער ערד זיצט אַ פּאָרל אָן חופּה־וקידושין. פון אָנפאַנג האָט ער געשוויגן, אָבער שפּעטער האָט זיין האַרץ געוויייטיקט און נישט געפונען קיין רו. פון אויפרעגונג האָט ער געביסן די באָרד. ווען ער האָט זיך געטראָפן מיט אַ מתישב האָט ער אים גענומען אין אַ ווינקל און שטיל, אויפן אויער, געפרעגט: „נו, איז דאָס גלייך אַזוי?"

ווען דער געפרעגטער האָט אים אָנגעקוקט דערשטוינט, האָט דער אַלטער כאַלאַמי אָפּגעזיפצט און אַ זאָג געטאָן: „גדעון און זיין פּלוניתטע". ביז אין אַ פרימאָרגן האָט ער אָנגעטאָן די שבתדיקע מלבושים, גענומען דעם שטעקן אין האַנט און אַוועקגעפאָרן אין שטאָט. אין אָוונט איז ער צוריקגעקומען מיט אַ קידושין־רינגל אין טאַש און מיט אים אַ פרעמדער ייד. דער ייד מיט אַ קורץ צוגעשוירן בערדל און גרויער געהאַקטער איביצע מיט פיר צונויפגעבונדענע שטענגלעך אונטערן אָרעם. דער אַלטער כאַלאַמי האָט דעם פרעמדן געגעבן אָפּצוּעסן און אים געלייגט שלאָפן, כדי קיינער אין דאָרף זאָל אים נישט זען.

צומאָרגנס האָבן איבערן דאָרף געשפּאַנט דריי: דער אַלטער כאַלאַמי, ראָזען, זיין איידעם, און דער ייד. ראָזען האָט די חופּה־שטענגלעך געטראָגן אויפן אַקסל און האָט אויסגעזען ווי אַן ערד־מעסטער. אויפן וועג האָבן זיי צונויפגענומען נאָך ביז אַ מנין. זיי זענען געגאַנגען שנעל. ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער וואַדי האָט ראָזען איבערגעגעבן די שטענגלעך דעם יידן פון דער פרעמד.

דאָס פּאָרל האָט שוין געאַרבעט. זי האָט צונויפגעקליבן שטיינער אויף די פעלדער, ער האָט פון זיי אָנגעלייגט אַ וואַנט־טעראַסע. ראָזען מיט גדעונען, וואָס האָבן זיך שוין אַ לענגערע צייט נישט באַגעגנט, האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן. ראָזען האָט מיט זיין געניט אויג באַטראַכט די סביבה; די ערד, געפרעגט ווי עס גייט אים די אַרבעט, אים אַ קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל און געריִמט: „האָסט אויסגעאַרבעט די ערד, זי איז איצט דיינע, ביסט אַ חברהמאַן". דער אַלטער כאַלאַמי האָט איבערגעריסן זייער שמועס און אַ ווונק געטאָן גדעונען מיט מיטאַן ווי ער זאָל זיי זאָגן: ,קומט קינדער'.

זיי זענען צוגעגאַנגען. ער האָט נישט געזאָגט קיין וואָרט, נאָר זיי געוויזן ס׳קדושה־רינגל. אין צווישן האָט מען אויפגעשטעלט די פיר שטענגלעך און אויף זיי אויפגעהאָנגען די חופּה. דער אַלטער כאַלאַמי האָט דאָס רינגל געגעבן גדעונען אין האַנט און אים מיט מיטאַן געהייסן אַרונטערגיין אונטער דער חופּה. כאַלאַמי האָט זיי נישט אָפּגעלאָזט און, ווי ער זאָל זיך כעסן, געזאָגט: „נו, נו, שנעלער!״

איבער זייערע פאַרהאַרעוועטע פּנימער האָט זיך פאַרצויגן אַ שמייכל. זיי זענען געשטאַנען אין די שמוציקע, פאַרשוויצטע אַרבעטס־קליידער און דער מסדר־קדושין האָט מיט אַ הילכיקן קול געלייענט די כתובה און די נעמען פון זיין און איר פאָטער. די ברכות האָט ער געזאָגט נאָך הילכיקער. כאַלאַמי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ פלאַש וויין מכבד צו זיין דעם מנין נאָכן „מזל־טוב״.

נישט לאַנג דערנאָך זענען אַלע פון מנין שוין געווען יעדער ביי זיין אַרבעט. כאַלאַמי האָט אויף אַ ווײַלע זיך פאַרהאַלטן, אָבער באַלד נאָכגעגאַנגען נאָכן אײדעם וואָס האָט זיך, ווי אַלע, געאײַלט צו דער אַרבעט. דאָס פּאָרל האָט זיך אומגעקערט צו זייער באַשעפטיקונג ביים צונויפקלייבן די שטיינער. פון דעם ווידערקול פון די ברכות און פון דעם רינגל־גלימער האָבן זיי זיך געפילט נאָך גליקלעכער.

# יז

גרויס איז געווען דער חתונה־טאָג. גרעסער פון אים איז געווען דער טאָג ווען מען האָט געבערענגט די רערן. די צוויי און ניינציק מעטער רערן האָט גדעון געקויפט פון ז״ין אָפּשפּאָרן און פון דער הלוואה פון דער דאָרפסקאַסע. מיט פרייד, אָן יעדער אָנשטרענגונג האָט ער אַליין זיי געשלעפּט, געלייגט און געשווייסט.ביידע האָבן מיט אומגעדולד און דערוואַרטונג אויסגעקוקט די רגע ווען דער וואַסערשטראָם וועט דערגיין צו זייער ערד און זי אָנזעטיקן מיט פייכטקייט. ווען זיי האָבן געענדיקט צוציִען די רערן צו זייערע פעלדער, האָט דאָס האַרץ זיי אַ קלעם געטאָן פון פרייד, די הויט זייערע איז געררינצלט געוואָרן. זיי זענען שטיין געבליבן געליימטע, געקוקט דערשטוינט מיט שרעק, פּשוט נישט געגלויבט, אַז זיי האָבן שוין וואַסער. נאָר אַז גדעון האָט דאָס ערשטע מאָל געעפנט דעם וואַסערקראַן און דער וואַסערשטראָם האָט אַ פלייץ געטאָן און געפּלאָסקן איבער די גרייטע צוויי דונאַם ערד צום ליפּט, האָבן ביידע פון פרייד און פאַרוווּנדערונג אויסגעשריגן: „אָה!״

דאָס ערשטע מאָל האָט אַ ווייע געטאָן ביי דער וואַדי אַ קילע פייכטקייט. דער טרוקענער ווינט־אימפּעט וואָס האָט אַראָפּגעווייעט פון דעם באַרג האָט מיט איין מאָל זיך איבערגעבראָכן: די ערשטע טראָפּנס נעץ וואָס זענען געפאַלן אויף דער ערד האָבן אויך פייכט געמאַכט די טרוקענע לופט. אַ רגע האָט זיך געקענט אויך דאַכטן, אַז די לבנה וואָס האָט אַריבערגעקוקט איבער דער באַרג־וואַנט האָט

זיך אויף פֿאַרהאַלטן אַ פֿאַרוואונדערטע. זיי זענען געשטאַנען פֿאַרשטומטע, געהערט דעם שאַרך און רויש פֿון וואַסערפֿלוס. זייער שווייגן האָט איבערגעריסן גיבור, זייער הונט. ער איז אַריינגעשפּרונגען אין פּליסנדן וואַסער, געוואַשן זיין קויטיקע פעל. אויף די עופות האָבן איבערגעריסן זייער דרימל און זיך אָפּגעשאָקלט. די פרישע פייכטקייט האָט זיי געררייצט און זיי האָבן געקוואָקעט פֿון פרייד.

די וואַסער־שליידערער האָבן זיך געדרייט און צעוואָרפֿן דאָס וואַסער מיט שפע, אויסגעשפּילט די וואַסער־מעלאָדיע. מיטאַ האָט אָנגעגאָסן אַ טאָפּ וואַסער, אַרויפגעשטעלט אויפן פייער אוןביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שוועל פון ליפּט עסן זייער מאָלצייט — ברויט מיט ציבל און פֿאַרטרונקען מיט נישט געצוקערטע טיי פון אַ טאָפּ אַרויס. זיי האָט נישט נאָר געזעטיקט דאָס עסן נאָר אויך די מעלאָדיע־זעט פון די וואַסער־שליידערער.

אַ זאַטע, צופרידענע, האָט מיטאַ אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף גדעונס ברוסט. אירע איצט נאָך גרעסערע ווי שטענדיק און פֿאַרלאָפענע מיט פייכטקייט אויגן האָבן געגלימערט. ער האָט מיט זיין האַרטער, פֿאַרמאָזאָלעטער האַנט צאַרט גע־גלעט אירע האָר. אַ דרימל האָט צוגעמאַכט אירע אויגן־לעפלעך.

ווען די לבנה האָט זיך צוריקגערוקט פון דער מיט פון הימל אונטער די בערג אַרונטער, האָט אַ דראַשטש זי איבערגעוועקט. זי איז שנעל אַריין אין בעט, וואָס איז געשטאַנען ליידיק אין ליפּט, און זיך איינגעטוליעט.

אין דער פרי, ווען גדעון האָט זיך איבערגעוועקט און זי נישט געפונען לעבן זיך, האָט ער זי געזוכט מיט זיינע נאָך פֿאַרשלאָפענע אויגן. ווען ער האָט זי דערזען אין בעט איז ער צו איר צוגעגאַנגען. אַ צייט איז ער געשטאַנען און געקוקט איר אין פנים ווי זי שלאָפט און איינגעהערט זיך אין איר אָטעם־ריטם. שטיל איז ער אַרויס פון ליפּט, זיך געשטעלט אַרבעטן, אַרויפגעלייגט זיך אויף די פּלייצעס אַ זאַק מיסט און מיט אים אַוועק אין פעלד.

# יח

דער זומער האָט געהערשט איבערן לאַנד. די פעלדער אויסגעטריקנט. איבער זיי האָבן זיך געשאַרט די פון די בערג אַראָפּ לאַנגע, אויסגעצויגענע, ווי מתים, שאָטנס. ביי דער וואַדי, אין גדעונס ווירטשאַפט, איז די ערד געווען אַדורכגע־זאַפּט מיט פייכטקייט און געשלונגען די היץ־חמימה. דעם שיפן וואַדי־ברעג האָבן שוין געטיילט שמאָלע טרעפּ, שטיינערנע ווענט האָבן געצוימט די פּאַסן ערד. אין זיי האָבן שוין געוואָרצלט יונגע, צאַרטע ביימלעך מיט דינע צווייגלעך און שמאָלע בלעטלעך, געשפּרייט אונטער זיך קורצע שאָטנס און קילקייט. פייגל זענען גע־פלויגן ווי זיי וואָלטן וועלן איבערהאַקן דעם וואַסער־שפּריץ וואָס די דרייענדע זיך וואַסער־שליידערער האָבן צעוואָרפן. נאָכן תחום פון די וואַסער־שליידערער האָט

אַן איינגענעצטער פויגל זיך אַריינגעשטעלט צווישן די עופות און מיט זיי צוזאַם געפּיקט פון די קערנדלעך.

די פּלייס פון זונען־אויפגיין ביזן אונטערגיין האָט זיין לוין — די ערד האָט געענטפערט מיט איר גאַנצן געביר־כוח. גדעון האָט אויף אַ ווייל איבערגעריסן זיין אַרבעט, זיך אָנגעלענט אויף דער אַרבעטס־כלי, געפילט זיין ערד אונטער זיך און זיין ווייב לעבן זיך. מיט זיינע צעשפּרייטע נאָזלעכער געשנאַפּט די טאָפּלטע שויס־געבירונג. פון דער ערד און פרוי. און זי, די פרוי, האָט מיט באַהאַלטענער פרייד זיך צוגעהערט צו דער רירעוודיקייט פון נייעם לעבן וואָס זי האָט געטראָגן.

# א

די מלחמה מיטן „צורר״ איז געענדיקט. דער פרילינג קעניגט אין זיין פראַכט. די מילדע זונענשטראַלן שימערן ווי גינגאָלד. די לופט איז העל און דורכזיכטיק. פון מאָל צו מאָל בלאָזט אַ ווינטל, וואָס גלעט יעדעס באַשעפעניש. דער בלעטער און שטענגל־גרין איז פילפאַרביק. די נעכט זענען דורכזיכטיק. די ריחות פון די פרדסים פאַרשיכורן. די נאַטור זינגט דעם ריטם פון קיום.

די מענטשן אָבער זענען אומרויִק, זיי האָרכן אויף און קוקן אויס. דער בליק פון די אַראַבער איז אַ געשטרויכלטער. זיי קוקן אין זיך און ווילן נישט זען דעם אַרום. יידן גייען אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. זייערע פון דורות טרויעריקע אויגן זענען מאַט. דער בליק זייערער פרעגט: איז דאָס מעגלעך? דער סוואַנד פון די יידן, וואָס שלאָגט פון די אויוונס, טראָגט זיך איבער דער וועלט. דער רויך־טשאַד האָט זיך דערטראָגן קיין ישראל און דריקט אויפן געמיט פון די יידן. נישטאָ קיין משפחה וואָס איז נישט געבליבן פאַריתומט. דער פרילינג אַליין זאָגט דעם קדיש.

דער שבר און צאַרן ברויזט אין יעדן יידן. די היגע יידן ווילן וואָס שנעלער צונויפקלויבן די געראַטעוועטע. די אַראַבער אָבער ווילן נישט. דער ענגלענדער מיטן קאַרקנהעלם אויפן קאָפּ פּאַסט אויף עס זאָל נישט דערגיין צו קיין צוזאַמענשטויס, אָבער אויף די וועגן, אין די בערג און צווישן די פרדסים לויערן די אַראַבער און שיסן.

די נאָכמיטאָג־לופט איז מיט אַ מאָל פייכט געוואָרן, דער הימלגרוי, די ים־וואַסערן זענען ליגן געבליבן ווי פאַרגליווערט. דער זעקרייז איז אַ קורצער, אַ נעפּל ליגט איבער די וואַסערן. דער תל־אביבער ים־ברעג איז פול מיט זיך באָדנדיקע. מיט אַ מאָל זענען אַלע געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן. אַ געדיכטער, שוואַרצער רויך האָט זיך אַריינגעריסן אין דעם גרויען נעפּל.

אַ בייכיק שיפל, הוידנדיק זיך ווי אַ פּאַס, איז געשווומען צום ברעג. ביז אַלע האָבן באַגריפן, אַז דאָס שיפל האָט אַדורכגעריסן די ענגלישע ים־בלאָקאַדע אַרום די ישראל־ברעגן, האָט די שיפנאַז זיך איינגעגראָבן אין זאַמדברעג. אויסגעשטרעקטע אָרעמס האָבן אַראָפּגענומען די עולים, וואָס האָבן זיך געגליטשט און זענען געקראָכן איבער געקניפּטע, פאַרוואָרפענע שטריק, וואָס האָבן זיך געצויגן צו דער יבשה. פון אַלע געסלעך האָבן געשטראָמט יידן. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט די עולים און אייליק מיט זיי אַוועק, זיי געפירט צו זיך. ווען די ענגלענדער זענען

אָנגעקומען איז דער ברעג געווען שוין לאַנג ליידיק. נאָר אַלטע לייט האָבן זיך איצט געבאָדן אין ים. אַ דינער, אויסגעברענטער רויך האָט זיך געדריוולט פון שיפסקוימען.

באַשע, די יונגע עולה, האָט קוים דערפילט די ערד אונטער זיך. אַ שטאַרקע פרוי, אַ מיטלוווּקסיקע, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל האָט זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און זי געפירט. די פרוי האָט זיך אָנגעבויגן צו איר, ווי זיי זאָלן זיין גוטע באַקאַנטע. ביידנס אויגן זענען געווען ענלעך, טרויעריק.

— ווי הייסטו? — האָט די פרוי שטיל זי אַ פרעג געטאָן און ממשיך געווען זייער וועג. — ביסט פון פוילן? — זי האָט געפרעגט באַשען און נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער. — איך שטאַם אויך פון פוילן. איך הייס חדוה — האָט די פרוי איר אַ זאָג געטאָן.

— איך הייס באַשע — האָט די עולה שנעל אַ שטאַמל געטאָן. זי האָט מורא געהאַט רעדן. עס איז איר געווען טרוקן אין מויל. זי האָט געפילט אַ רויש אין קאָפּ און עס האָט איר געקלונגען אין די אויערן, אָבער זי האָט געפילט דעם זאַמד אונטער די פיס. זי האָט זיך געלאָזט פירן און מורא געהאַט זיך אומקוקן. זי האָט נישט געוווּסט ווו זי געפינט זיך, זי האָט נאָר פאַרשטאַנען אַז זי איז שוין אין ישראל.

זי איז געגאַנגען און קוים געצויגן די פיס פון זאַמד. אַז זי האָט דערפילט אונטער זיך דעם אַספאַלט, האָט זי דערפילט אַ שווינדל אין קאָפּ. זי איז שטיין געבליבן. עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם.

די פרוי האָט זי אָנגעקוקט.

— קום, מיר מוזן גיין דאָרט אין דעם הויז אַריין — און מיט דער האַנט איר אָנגעוויזן דאָס הויז.

באַשע האָט נישט געקוקט ווו אַהין די פרוי פירט זי. זי האָט אָפּגעאָטעמט און געגאַנגען פאָרויס. אַ פּאָר צענדליק מעטער ווייטער האָט די פרוי זי אַריינגע־פירט אין דעם נידעריקן, איינשטאָקיקן הייזל. דאָס הייזל איז געווען אַרומגע־נומען מיט אַ גאָרטן, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ דראָטענעם פּאַרקן. באַשען האָט פאַרפעלט אָטעם. די שלייפן האָבן איר אַ האַמער געטאָן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן פון שרעק. ביז זי איז צו זיך געקומען האָט די פרוי זי אַריינ־געפירט מיט כוח אין דעם הייזל.

— דאָס איז זי! פאַרנעמט זיך מיט איר — האָט די פרוי אַ זאָג געטאָן. זי האָט אַריינגערוימט דעם פאָטער פון הויז עטלעכע ווערטער און זי איז צוריק אַוועק.

— שלום, שלום! — האָבן עטלעכע געזונטע שטימען אַ הילך געטאָן איבער דער שטוב. אַלע האָבן באַגריסט די עולה. דער עולה אַנטקעגן זענען געשטאַנען אַ טאַטע, מאַמע מיט אַן עלטערן זון און צוויי טעכטער.

די עולה איז געשטאַנען ביי דער טיר. זי האָט זיי נישט געענטפערט. איר צונג איז געווען שטאַר. דער קאָפּ האָט זיך איר געדרייט, ווי ערשט איצט זאָל זי

האָבן אַראָפּ פון דער שיף. זי האָט נישט געקאָנט רירן מיט קיין גלידער. אירע אויפגעריסענע, טרוקענע אויגן זענען געווען פאַרגלייזט. זי האָט געזען, ווי דורך מאַטע גלעזער, די קרעם געפּאַרבטע ווענט, דעם פּאָרניר־בופעט און דעם טיש מיט בענקלעך, אַרום וועלכע עס איז געשטאַנען די משפחה. זי האָט דערשטוינט באַטראַכט זייערע האָקי־מלבושים און די קאָלירטע, לייוונטענע פרויען־קליידער. זי האָט געצווייפלט ווער זיי זענען און ווו זי געפינט זיך. זי האָט מורא געהאַט פאַר זייערע גלייכע רוקנס. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען אַנטקעגן זיי. די שטילקייט אין שטוב האָט זי דערוויטערט פון זיי.

— שטיי נישט ביי דער טיר ווי אַ פרעמדע — האָט די מוטער, אַ הויכע פרוי מיט אַ היפּשן בוזעם און אַ שוואַרצן שוין געזילבערטן קאָפּ, זיך אַ ווענד געטאָן צו איר אויף דו. אין דער רגע איז די פרוי צו איר צוגעגאַנגען און איבער־געלייגט איר אויסגעאַרבעטע האַנט איבער באַשעס אַקסלען.

באַשע האָט אַ ציטער געטאָן, ווי אַ קעלט זאָל האָבן אַדורך איר קערפּער. זי האָט אָנגעקוקט די פרוי.

— שרעק זיך נישט, דו ביסט אין אַ יידישער שטוב — האָט די פרוי צו איר געזאָגט און איר צוגערוקט אַ בענקל. זי האָט זי אַוועקגעזעצט ביים טיש און ווייטער געזאָגט: „פאַרגעס אין די גויים. ווי רופט מען דיך?"

באַשע האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ ווי אַן איינגעצוימט פערד און אַ שטאַמל געטאָן: „באַשע".

די פרוי־מוטער האָט זיך איבערגעבויגן איבער איר ווי זי זאָל זי וועלן קושן און האָט איר געזאָגט:

— באַשע, איך וועל דיר געבן עסן.

באַשע האָט אַ באַוועג געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

— און טרינקען? — האָט זי אַ פרעג געטאָן דער פאָטער. זיין קול איז געווען הייזעריק פון אויפרעגונג. דער ייד, דער פאָטער, איז געווען מיטלוווקסיק, אָבער איצט האָט ער אויסגעזען צו זיין קליין.

— איך קען נישט — האָט באַשע אים געענטפערט.

— דו ביסט דאָך פאַרטריקנט. אַזויפיל טעג געשוווּמען אויף די וואַסערן — האָט די מוטער פּראָטעסטירט און אַ גלעט געטאָן איר קאָפּ.

באַשע האָט נערוועז אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. זי האָט נישט פאַרטראָגן די פינגער־באַרירונג פון דער פרעמדער האַנט.

דער פאָטער האָט פאַרמרוזשעט די אויגן. ער האָט פון איר נישט אַראָפּגע־נומען זיין בליק. זייערע קינדער זענען געווען געגרוקט אין די יאָרן, אָבער אַלע זענען געווען אין דער זעלבער הויך און שלאַנק. אַלע דריי האָבן געהאַט שוואַרצע האָר און ווייסע ציין. זיי האָבן אָבסערווירט באַשעס יעדע באַוועגונג. זיי האָבן זי באַדויערט. זיי האָבן זיך נאָר שטיל געסודעט צווישן זיך. זיי האָבן זיך נישט געקענט פאַרשטענדיקן מיט איר. קיינער פון זיי האָט נישט גערעדט קיין יידיש.

— שרה! באַלאַמוטשע נישט! טו זי איבער! מיר דאַרפֿן זי באַלד אַריבער־פֿירן! — האָט דער פֿאָטער זיך אַ ווענד געטאָן צום ווייב.

דערהערנדיק דאָס וואָרט „אַריבערפֿירן", האָבן באַשעס אָקסלען זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי אַ קעלט זאָל ווידער אַדורך אירע ביינער.

די מוטער האָט זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם. זי האָט זי אויפֿגעשטעלט און איז מיט איר אַוועק אין צווייטן צימער. באַשעס גרוי קאַרטן־קלייד איז געווען גרויס אויף איר, אָפּגעטראָגן און צעקנייטשט.

באַשע איז געגאַנגען ווי אירע פֿיס זאָלן זיין פֿאַרשטייפֿט. זי איז די טיר אַדורך אומגערן. זי האָט מורא געהאַט גיין און בלייבן מיט אַ מענטש אויף פֿיר אויגן אַליין.

דער זון מיט די טעכטער האָבן זיך איבערגעקוקט, געוויזן אויף איר מיט די פֿינגער. איינער האָט געפֿרעגט דעם אַנדערן אָן ווערטער: ווער איז זי? צי זי בלייבט ביי זיי? איין טאָכטער האָט געוויזן דעם זון מיט די הענט, אַז זי איז הויך און שלאַנק.

דער טאַטע האָט זיי געוויזן מיט די פֿינגער זיי זאָלן שווייגן. זיי, אין צימער, האָבן געהערט דאָס סקריפּען פֿון דער שאַנקטיר. זיי האָבן אויך געהערט ווי שיך פֿאַלן אַראָפּ אויפֿן פּאָל.

אַ ווײַלע שפּעטער איז די מוטער מיט באַשען צוריקגעקומען.

— איצט איז זי אַ ישראלדיקע — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן, אָנווייזנדיק מיט אַ פֿינגער אויף באַשען.

אַלע האָבן זיך איינגעקוקט אין איר. באַשעס פּנים איז געווען שטאַר ווי אַ מאַסקע. זי האָט איצט געהאַט אויף זיך אַ בלוי געבלימלט לייוונט קליידל. דאָס קליידל איז געווען אויסגעפּאַסט אויף איר. אויף אירע נאַקעטע פֿיס האָט זי גע־טראָגן סאַנדאַלן. אויפֿן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ גרין, לייוונטענעם קאַפּעליוש. זי איז געווען הויך, געהאַט אַ קיילעכדיקן קאָפּ, אַן אָוואַל פּנים, העלע הויט און שוואַרצע אונטערגעשוירענע האָר. אירע גרויסע, שוואַרצע, איבערגעשראָקענע אויגן זענען געווען פֿול מיט יידישן טרויער. זי האָט געהאַט אַ קורצע נאָז, אַ קליין מויל און דיקע ליפּן. אירע אָברים זענען געווען פּראָפּאָרציאָנעלע. זי האָט געהאַט שיינע פֿיס און הענט מיט לאַנגע פֿינגער. זי איז געווען פֿאַרמאַטערט און אויסגעדאַרט, אָבער מען האָט געזען אַז זי איז שיין.

— אפֿשר ווילסטו איצט עסן? — האָט די מוטער זיך אַ ווענד געטאָן צו איר, ווי זי זאָל וועלן אַריינלייגן איר דעם ביסן אין מויל.

— ניין — האָט זי איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זי האָט מיט צוויי פֿינגער צונויפֿגעצויגן די ליפּן, ווי זי זאָל זיי פֿאַרשנורן.

אָבער אין צווישן צייט האָט די מוטער זיך אַ פֿאַרע געטאָן. זי האָט איר צוגעברענגט און צוגעטראָגן ביזן מויל אַ גלאָז מאַראַנצנזאַפֿט.

באַשע האָט געמוזט עפֿענען די ליפּן און טרינקען. זי האָט נישט געטרונקען

נאָר געשלונגען דעם זאָפט, ווי זי זאָל עסן. איר קעל איז געווען פאַרטריקנט. זי האָט אָפּגעטרונקען נאָר אַ העלפט.

— איצט, טאָכטער, הער זיך איין — האָט דער פאָטער זיך אַ ווענד געטאָן צו באַשען.

זי האָט אויסגעגלאָצט די אויגן און אויפגעשטעלט די אויערן ווי אַ האָז אין פעלד.

— איך דאַרף דיך ברענגען אויף אַ געוויס אָרט. פון דאָרטן וועסטו אָפּפאָרן אין קיבוץ אַריין — האָט דער פאָטער זי באַלערנט.

אירע אויגן זענען געוואָרן שטאַר. זי האָט געקוקט און נישט געזען. שרעק האָט אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן. אירע ליפּן האָבן עטלעכע מאָל זיך אַ באַוועג געטאָן, אָבער זי האָט נישט געקענט פון זיך אַרויסברענגען דאָס וואָרט. זי האָט עטלעכע מאָל אָנגעשטרענגט איר קעל, ווי זי זאָל שלינגען, ביז זי האָט אַ שטאַמל געטאָן:

— איך האָב אַ שוועסטער דאָ.

— וווּ וווינט זי? — האָט דער פאָטער אַ פרעג געטאָן און זי אָנגעקוקט מיט חשד.

די מוטער האָט אַריבערגעבויגן איר קאָפּ, ווי זי זאָל זי אַדורכקוקן צי זי ווייסט וואָס זי רעדט.

— דאָ אין שטאָט? — האָט דער פאָטער זי געפאָרשט און נייגעריק זי אַ פרעג געטאָן: — וווּ וווינט זי? און ווי הייסט זי?

באַשעס פּנים איז געוואָרן אָנגעצויגן. די אָדערן אויף אירע שלייפן זענען געוואָרן בולט. זי האָט צונויפגענומען אירע געדאַנקען:

— זי הייסט גרייז און זי וווינט אויף הגל פיר — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אימפּעט. זי האָט ווי אַרויסגעשטופּט פון זיך די ווערטער און איז שטיין געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן.

— דני, פיר זי צו, אָבער פּאַס אויף, איר זאָלט נישט זיין אָנזעעוודיק אין גאַס, אַ פּאָליציסט זאָל אייך חלילה נישט פאַרהאַלטן — האָט די מוטער זיך אַ ווענד געטאָן צום זון. איר פּנים איז געווען רויט פון אָנשטרענגונג און פרייד. איצט האָט זי איבערזעצט די ווערטער באַשען אויף יידיש.

— גייט ווי אַ פאַרליבט פּאָרל איבער די גאַסן — האָט די ייִנגערע שוועסטער פאַרגעלייגט דעם ברודער.

באַשע האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס די שוועסטער האָט געזאָגט, אָבער פון דער מוטערס רייד האָט באַשעס אונטערשטע ליפּ אַ ציטער געטאָן. זי האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן. איר פּנים האָט זיך אויסגעצויגן, געוואָרן פירקאַנטיק.

— ער ווייסט וווּ צו גיין? — האָט באַשע אַ שטאַמל געטאָן. זי האָט מורא געהאַט גיין מיט אַ יונגן בחור אין גאַס אַריין.

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. איינער האָט געקוקט אויפן אַנדערן.

— יאָ, איך גיי! — האָט באַשע אַ זאָג געטאָן, ווי צו זיך, אָן צו טראַכטן.

זי האָט געוואָלט וואָס שנעלער אַרויס פון שטוב, וואָס שנעלער זיך טרעפן מיט דער שוועסטער.

— איך פיר זי צו — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן דער מוטער אין יידיש און אין עברית צוגעגעבן: — איך מוז זען צי דער נאָמען און דער אַדרעס שטימען. זי קען זיך נאָך דאַרפן אַרומשלעפן איבער די גאַסן, מען קען זי פאַר־האַלטן. דער פאָטער האָט אַראָפּגעלאָזט די פאַרשאַרצטע העמד־אַרבל. ער האָט אַ נעם געטאָן באַשען ביי דער האַנט און איז מיט איר אַרויס פון שטוב.

זי האָט אַפילו נישט געזאָגט קיין „שלום". זי איז געגאַנגען, געשטעלט די פיס פון אויבן אַראָפּ, אָן פּרייד. זי האָט זיך אין אירע איצטיקע בגדים געפילט איבעריק. זי איז געגאַנגען ווי צו אַ תהום.

אַלע האָבן איר נאָכגעקוקט. די מוטער האָט אַ זאָג געטאָן, ווי צו זיך, אַלע זאָלן הערן:

— וואָס האָט מען געמאַכט פון אונדזערע קינדער.

— זאָלן זיי קומען אַזוי ווי זיי זענען — האָט דני איר געענטפערט.

די מוטער האָט צוגעבויגן דעם קאָפּ צום פענצטער.

— עס איז שטיל אין גאַס? — האָט זי זיך אַ פרעג געטאָן. די געברענגטע אין שטוב אַריין פליטה האָט פונאַנדערגעריסן די איינגעזעסנקייט. די יידישע פיין האָט אַ פלאַטער געטאָן איבער דער שטוב.

ווי נאָר דער ייד מיט באַשען זענען אַריין אין געסל, האָט ער מיט די אויגן אויפגעזוכט דאָס הויז. ער האָט זי צוגעפירט צו דעם איינשטאָקיקן הויז. אַ גרינער, לעבעדיקער פּאַרקן מיט צוויי פיקוס־ביימער ביים איינגאַנג מיט אַ גראָזגאַרטל פון פאָרנט האָט געצוימט דאָס הויז.

ער האָט אָנגעקלונגען אין טיר.

עס האָבן זיך דערהערט פרויען־טריט און די טיר האָט זיך געעפנט.

— פרוי גרייז? — האָט דער ייד אַ פרעג געטאָן די פרוי.

— יאָ.

דאָס איז אייער שוועסטער? — האָט ער אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל פרעגן און זי אַדורכגעפירט דורך דער טיר. ער האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, געוואַרט.

שפרה, די שוועסטער, האָט נישט געהערט וואָס דער ייד האָט איר געזאָגט. איר מוח האָט נאָר באַגריפן דאָס וואָרט „שוועסטער". זי האָט זיך איינגעקוקט אין באַשען. שפרהס אויגן זענען געווען אויסגעגלאָצט, איר פּנים איז געוואָרן פאַרגליווערט. זי האָט געקוקט און נישט דערקענט באַשען. אירע שליפן האָבן געהאַמערט. זי האָט געפילט אַ ווייטיק אין קאָפּשיידל, אָבער נאָר אַ סעקונדע.

— באַשע! — האָט שפרה זיך יאָמערלעך צעשריגן. זי האָט פאַרבראָכן די הענט און איז אַרויפגעפאַלן אויף באַשען. זי האָט יאָמערלעך געוויינט און גע־מורמלט: — דו לעבסט, דו לעבסט!...

באַשע איז געשטאַנען ווי אַ מומיע. זי האָט נישט געקענט וויינען. אירע פאַרגלאָזטע אויגן האָבן געקוקט ווי זיי זאָלן אַריבערקוקן. זי האָט אַפילו נישט

געזען אין וואָס פאַר אַ שטוב זי געפינט זיך. דער ייד וואָס האָט זי געבערענגט איז געשטאַנען ווי אַן איבעריקער.

יצחק, דער שוואָגער, וואָס האָט זיך צוגעלעגט נאָך דער אַרבעט, איז אייליק אַריין צו זיי. ער איז שטיין געבליבן אין דער דורכגאַנגסטיר אַ צעטומלטער. זיינע פאַרשלאָפענע אויגן זענען געווען אויפגעריסן. ער האָט נישט באַגריפן וואָס עס קומט פאָר.

רפי, זייער דריי־יאָריק ייִנגעלע, איז געשטאַנען אין דער זייט, ווי אין ווינקל, מיט אַ פויסט אין מויל. ער האָט געוואָלט, אָבער מורא געהאַט וויינען. זיין פּנימל איז געווען פאַרקרימט, גרייט צו וויינען. ווען דער פאָטער איז אַריין, איז דאָס ייִנגעלע צו אים צוגעפאַלן. דער פאָטער האָט אים גענומען אויף זיך.

באַשע איז ענלעך צו דער שוועסטער, שפרה איז נאָר נידעריקער און עלטער פון איר. שפרהס האָר זענען אויך העלער. שפרה האָט זיך אָפּגעריסן פון דער שוועסטער. זי איז שטיין געבליבן ווי אַ פאַרהעשעצטע, ווי די פּיס זאָלן זיך אונטער איר ברעכן. איר בליק איז געווען וואַנזיניק. דערזעענדיק דעם מאַן האָט זי זיך יאָמערלעך צעשריגן.

— יצחק! באַשע, מיין ליבלעכע שוועסטער, לעבט! — זי האָט זיך צעכלי־פּעט און פאַרבראָכן די הענט.

רפי האָט פאַרוואָרפן די הענט איבערן פאָטערס האַלדז און זיך צו אים געטוליעט. יצחק האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ מיט באַדויער.

באַשע האָט זיך נישט קיין ריר געטאָן פון אָרט. זי איז געשטאַנען ווי פאַר־גליווערט.

דער ייד, וואָס האָט געבערענגט באַשען, איז געשטאַנען מיט פאַרביסענע ליפּן. זיין שפּיץ נאָז איז געווען רויט ווי פון אַ פראָסט. זיין פּנים איז געווען פאַרזאָרגט. ער האָט געוואָלט גיין אָבער ער איז נישט געווען זיכער.

— איך האָב זי געבערענגט — האָט ער אַ זאָג געטאָן יצחקן און זיך אַ רוק געטאָן צו דער טיר.

יצחק האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אים געדאַנקט. ער האָט זיך נישט געטרויט רעדן אַ וואָרט. ער איז נאָר צוגעגאַנגען צום ייד און אים געקוקט אין די אויגן.

— זייט געבענטשט — האָט דער ייד אים אַ זאָג געטאָן און איז אַרויס פון שטוב.

אַ דאַנק! — האָט יצחק אים איצט אַ זאָג געטאָן. ביידע האָבן אַ טיפן קרעכץ געגעבן.

יצחק האָט צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר און געשוויגן. ער האָט נאָך אַלץ נישט באַגריפן וואָס עס איז געשען.

ביידע שוועסטערן האָבן אויך געשוויגן. שפרה האָט שוין נישט געהאַט קיין טרערן. שפרה איז כסדר אַרויפגעפאַלן אויף באַשען, זי געקושט, געהאַלדזט און געהעשעצט. אַפילו ווען שפרה האָט זיך פון איר אָפּגערוקט, זענען אירע אויגן

געבליבן אויף באַשען. זי האָט זי באַטראַכט און געמורמלט: — דאָס ביסטו? זי האָט נישט געגלויבט זיך אַליין. מיט אַ מאָל איז שפרה שטיין געבליבן שטיל. זי האָט שוין נישט געקענט אַפילו העשען. די שטילקייט אין שטוב איז געוואָרן פּילבאַר, די לופט געדיכט, ווי מען זאָל זי קענען אָנטאַפּן. יצחק מיטן קינד אויף דער האַנט האָבן באַטראַכט די צוויי פרויען.

— ווער איז נאָך געבליבן? — האָט שפרה שטיל אַ פרעג געטאָן, ווי זי וואָלט נאָכגיין אַ לוויה.

— די גויִים האָבן אַלעמען אויסגעהרגעט, איך בין אַנטלאָפן פון גיהנום — האָט באַשע איר געענטפערט נישט רירנדיק זיך, ווי עס זאָל פון איר אַרויסרעדן.

שפרה האָט פאַרבראָכן די הענט. זי האָט געוואָלט רעדן און נישט געקענט. דער קאָפּ האָט זיך איר געטרייסלט פון אויפרעגונג. אַן איינציקע טרער האָט אַ קאַפּע געטאָן פון איר אויג.

יצחק איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און געוואַרט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ קוש געטאָן דעם קינדס קעפּל. דער צמאָק פון יצחקס ליפּן האָט אויפגעוועקט שפרהן.

— גוט, וואָס כאָטש איין שוועסטער איז מיר געבליבן — האָט זי צו זיך געזאָגט. זי איז נאָך אַלץ געווען אונטערן רושם פון דער אומגלויבלעכער באַגעגעניש. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, האָט אַ קוק געטאָן אויף יצחקן און אים אַ זאָג געטאָן: — יאָ, יצחק. — זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער שוועסטער און איר אַ זאָג געטאָן: — באַשע, דאָס איז מיין זון.

באַשע האָט דאָס ערשטע מאָל אויפגעהויבן די אויגן. זי האָט איצט ערשט דערזען דאָס קינד. אירע פאַרגלייזטע אויגן האָבן געגליט, אַ ווילדער פונק האָט אין זיי געטליִעט. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט, ווי זי זאָל אים וועלן נעמען. דער שוואָגער האָט זיך מיט אים אָנגעבויגן צו איר, ווי ער זאָל וועלן געבן איר ס׳קינד. זי איז אָבער געבליבן שטיין מיט פאַרביילטע פויסטן. — געוואַלד! — האָט זי וואַנזיניק אַ שריי געטאָן. די שטוביקע זענען געבליבן דערשיטערט. זיי האָבן נישט באַגריפן וואָס עס האָט פאַסירט.

באַשע האָט פאַרבראָכן די הענט. איר קאָפּ איז געבליבן הענגען, ווי אונטערגעבראָכן.

אַ ווײַלע האָבן יצחק און שפרה זי באַטראַכט און גלייכצייטיק זיך אומבאַהאָלפן איבערגעקוקט.

אַ קלונג האָט פונאַנדערגעריסן די אָנגעדראָלטע שטוביקע שטילקייט. באַשע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי זי זאָל מורא האָבן זיך אומצוקוקן.

יצחק האָט געעפנט די טיר.

— חלילה עפּעס פאַסירט? דערהערט אַ געוואַלד — האָט מלכה, די שכנה פון אַנטקעגן, אַ הויכע, מוסקולירטע פרוי מיט דיקע הענט, אים אַ פרעג געטאָן. אירע שוואַרצע האָר זענען געווען שוין אַדורכגעוועבט מיט גרויע האָר. נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער האָט זי זיך אַרייַנגעשלייכט אין שטוב.

יצחק איז שטיין געבליבן בײַ דער צוגעלענטער טיר, ווי ער זאָל איר פאַר־שטעלן דעם וועג.

מלכה האָט נײַגעריק באַטראַכט באַשען. פון פאַרווונדערונג האָבן אירע גרויע, וואַסערדיקע אויגן געפינטלט.

— עס האָט זיך שפּרהן אָפּגעפּונען אַ שוועסטער — האָט יצחק שטיל אַ זאָג געטאָן מלכהן.

מלכהס אויגן זענען געוואָרן וואַסערדיק, ווי דער גרוי זייערער זאָל זיך האָבן פונאַנדערגעגאָסן. זי האָט זיך אײַנגעקוקט אין באַשען און האָט איר אַ זאָג געטאָן:

— שלום. געמאַכט אַ סורפּריז דער משפּחה... זי האָט איבערגעבויגן איר אויבער־שטן טייל קערפּער, געוואָלט צוגיין צו איר.

יצחק האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ זי זאָל נישט גיין און מיט אַן איבערגעלייגטן פינגער איבער די ליפּן איר געוויזן זי זאָל שווייגן.

מלכה האָט זיך מיט צוויי פינגער אויסגעווישט די מויל־ווינקלען. זי איז נישט געווען צופרידן מיט יצחקס באַנעמען זיך צו איר. זי האָט פון דער זײַט אַ קוק געטאָן צו שפּרהן. זי האָט פאַרשטאַנען אַז זי איז איצט דאָ איבעריק.

— אַזאַ געשעעניש, אַזאַ פרייד! — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זי האָט אָפּגעלענט די טיר און איז אַרויס. זי איז אַרײַן צו דער צווייטער שכנה איבערגעבן דאָס נײַעס. אין הויז האָבן געוווינט פיר משפּחות.

יצחק האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער איר.

באַשע האָט נישט געהערט אַז די שכנה איז אַרויס, זי האָט עס נאָר געפילט. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן ווי נאָך אַ דרימל. זי האָט געוואָלט זען ווער עס איז געבליבן אין שטוב. איר בליק איז הענגען געבליבן אויף דער לימאָן געקאַלכ־טער וואַנט. די קאָליר האָט ווי אַ גלעט געטאָן איר געמיט. דאָס מעבל אין צימער איז געווען אַזוי פונאַנדערגעשטעלט, אַז אין דעם חלק צימער, ווו זי איז געשטאַ־נען, איז געווען ליידיק. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ערשט איצט האָט זי דערזען דעם טיש מיט די זעקס געבעטע בענקלעך, דאָס ביכערשענקל, וואָס האָט אויך געדינט אַלס בופעט, דעם ראַדיאָ און די שמאָלע, גרויע געבעטע סאָפע. מיט אַ מאָל זענען אירע אויגן ווידער שטאַר געוואָרן. איר בליק האָט זיך פאַר־האַלטן אויף דעם שוואַגער מיטן קינד.

יצחק איז געווען אַ מיטלוווקסיקער, ברייטבייניקער פאַרשוין. זײַן פּנים איז געווען לענגלעך. זײַן גאָמבע קאַנטיק. זײַן נאָז איז געווען פליישיק, די האָר גרוילעך. דער זון איז געווען ענלעך צו אים, נאָר זײַן גאָמבע איז געווען קיילעכיק, ענלעך צו דער מוטער. זײַנע שאַטינענע האָר זענען געווען צוגעשוירן ווי בײַ אַ „פּאָני".

באַשעס אויגן זענען געוואָרן גלאָזיק. זיי האָבן געקוקט ווייט. איר פּנים איז געווען ווי אַ מאַסקע, אירע האַלדז־אָדערן אָנגעצויגן.

— אַזוי זיצט אַ קינד אויף דער האַנט, אַן מורא ? — האָט זי אַ פרעג געטאָן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך געענטפערט : — דאָס איז פאַר אונדזערע זינד.

די שוועסטער און דער שוואָגער האָבן דערשטוינט זיך צוגעהערט צו אירע רייד. זיי האָבן געוואָלט פאַרשטיין וואָס זי רעדט. די אָנגעדראָלטע שטילקייט איז געלעגן איבער אַלעמענס קעפּ.

— דער אײנציקער המשך, דער משפחה־קדיש — האָט באַשע אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל קײען מיט די ציין די ווערטער. אירע אויגן האָבן געגליט פון שנאה.

ביידע, יצחק און שפרה, האָבן אַ כליפּע געטאָן. זי אָן טרערן. זײַנע אויגן זענען געוואָרן נאַס. ערשט איצט האָבן זיי פאַרשטאַנען, וואָס באַשע האָט געזאָגט.

מיט אַ מאָל האָט באַשע גענומען גיין פּאַמעלעך, מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, ווי זי וואָלט געווען בלינד. זי איז צוגעגאַנגען צום קינד און אים געגעבן אַ גלעט איבערן קעפּל. אין זעלבן מאָמענט האָט זי צוריק אָוועקגעכאַפּט איר האַנט, ווי זי זאָל האָבן זיך אָפּגעבריט. זי האָט זיך צעהעשעצט.

רפי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון פאָטערס האַנט.

דער פאָטער האָט אים אַראָפּגעלאָזט.

רפי איז שטיין געבליבן באַשען אַנטקעגן און זי באַטראַכט. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ הענטל. ער האָט געוואָלט זי זאָל אים נעמען. ער האָט אָבער נישט געוואָגט צוגיין צו איר. אירע אויגן האָבן אים געשראָקן. פון מאָל צו מאָל פאַרציט ער די ליפּן, ווי ער וואָלט וועלן וויינען.

אירע שטאַרע אויגן האָבן אים נישט געזען.

— וואָלט ער אַזוי אויסגעזען ? — האָט זי אַ פרעג געטאָן, אָנדייטנדיק יעדעס וואָרט, אַזוי ווי זי זאָל עס צוזאַמענשטעלן.

שפרה האָט פאַרבראָכן די הענט.

יצחק האָט ווידער גענומען דאָס קינד אויף זיך. ער האָט אַראָפּגעשלונגען די טרערן.

— עס איז שוין נאַכט, מען דאַרף עסן און לייגן ס׳קינד שלאָפן — האָט יצחק געזאָגט, נישט ווענדנדיק זיך צו קיינעם. ער האָט אָנגעצונדן די ליכט. אַלע האָבן פאַרמרוזשעט די אויגן. די שיין פון דעם פּירלאָמפּיקן זשיראַנדאָל האָט זיי פאַרבלענדט.

# ב

דער הימל איז געווען בלוי און געדיכט, די זון שטאַרק, די שטראַלן אירע לאַנגע. די לופט איז געווען טרוקן. די פענצטער אין די הייזער זענען געווען אָפן. דער גרין פון די בלעטער איז געווען רייף, געגלאַנצט. דער ריח פון די גרינסן אויסגעשטאַנען. באַשע געפינט זיך שוין עטלעכע וואָכן ביי דער שוועסטער אין

שטוב. די פרייד אין דער משפּחה איז צעשטערט. דער שטייגער־לעבן ביי שפרהן איז געענדערט.

יצחק גייט צו דער אַרבעט ווי פריִער. שפרה פאַרזאָרגט דאָס קינד. זי קאָכט, וואַשט און רוימט, אָבער נישט ווי פריִער. זי טוט אַלץ אייליק. זי וויל אָפּקומען די אַרבעט. זי וויל זיין וואָס מער מיט דער שוועסטער.

באַשע גייט נישט אַרויס פון שטוב. שעהן זיצט זי מיט אַראָפּגעלאָזטע אָדער פאַרלייגטע הענט און קוקט אין דער ווייט. איר בליק איז שטאַר, זי זעט נישט דעם אַרום. זי זיצט און הערט זיך איין, ווי זי זאָל עפּעס הערן. זי פילט נישט און זעט נישט די מענטשן אין שטוב.

ווען די שכנים גייען פאַרביי, קוקן זיי נייגעריק אַריין אין די פענצטער. זיי סודען זיך, אַז שפרה זאָל נישט מערקן.

— גוט מאָרגן, וואָס מאַכט מען? — האָט אַ דיקע פרויען־שטימע אַ פרעג געטאָן.

שפרה, וואָס שאָבט די מערן, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

ס'איז געווען דינה די שכנה. איר גרויער קאָפּ, די לאַנגע נאָז, וואָס איז געווען פון אונטן לייכט פאַרבויגן אויף אַרויף, און איר שפּיציקע גאָמבע, האָבן אַריינגעשטאַרט אין אָפענעם פענצטער.

— ברוך־השם! — האָט שפרה איר געענטפערט און ווייטער געאַרבעט.

דינה האָט געוואָלט זיך פונאַנדעררעדן. זי האָט מיט די אויגן געזוכט באַשען, אָבער זי האָט נישט געוואַגט. שפרהס באַנעמען זיך האָט איר אָפּגעהאַלטן.

עס וועט זיין גוט — האָט דינה געזאָגט און איז אַוועק.

שפרה האָט זיך באַמיט, אַז וואָס ווייניקער מענטשן זאָלן קומען צו זיי אין שטוב.

באַשע מיידט אויס מענטשן. זי איז גלייכגילטיק צו אַלץ און צו אַלע. אויך שפרה גייט כמעט נישט אַרויס פון שטוב. זי לויפט נאָר איינקויפן. זי וויל נישט לאָזן די שוועסטער אַליין. שכנים, וואָס טרעפן זי אין וועג, קוקן זי אָן מיט מיטלייד.

יצחק ליידט. ער וויל העלפן זיין ווייב און דער שוועגערין, אָבער ער איז אוממעכטיק. ער טוט אַלץ, אַז באַשע זאָל אין אים פילן דעם שוואָגער. ווי נאָר ער באַמערקט, אַז איר איז הייס, טראָגט ער איר אונטער אַ קאַלטע לימאָנאַדע. ווען ער קומט פון גאַס און ברענגט פלוימען, ווענדט ער זיך צו שפרהן:

— איך האָב געברענגט „סאַנטאַ ראָזאַ". באַשע האָט זיי ליב — גיט ער צו מיט אַ שמייכל.

איין מאָל איז באַשע שטיין געבליבן ביים ביכער־שענקל מיטן רוקן צו אים. ער האָט זי באַטראַכט פון דער זייט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי קוקט אויף אַ בוך. ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגן. אָבער אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אויסגעדרייט. זייערע בליקן האָבן זיך געטראָפן.

— שפרה, מען דאַרף באַשען קויפן אַ פּאָר זומערשיך — האָט ער געזאָגט אַ צעטומלטער.

באַשע האָט זיך ביז איצט מיט אים נישט פונאַנדערגערעדט. זי האָט אים כסדר געענטפערט „יאָ" אָדער „ניין", „איך וויל נישט", „מען דאַרף נישט". זי האָט זיך נישט דערנענטערט.

שפרהס אויגן זענען טרויעריק, שטענדיק כמעט פייכט. יצחק האָט געזען און געשוויגן. ווען זי האָט געלאָזט אַ טרער, האָט ער אָנגענומען אירע פינגער, זי געטרייסט, אָבער ער האָט איר נישט געקוקט אין די אויגן. באַשע שלייכט זיך דורך די צימערן אָן אַ ציל, אָדער זי זיצט ווי זי זאָל וואַרטן, ווּעמען אויסקוקן. איר איז אַלץ איבעריק, עס אינטערעסירט איר גאָרנישט. זי לעבט מיט זיך. דער אַרום עקזיסטירט נישט פאַר איר.

שפרה פאַרגיסט טרערן איבער באַשעס צושטאַנד. זי וואַרט און מיינט יעדן טאָג, אַז באַשע וועט זיך אויסרעדן פאַר איר. שפרה איז גרייט אַלץ צו טאָן כדי באַשען ברענגען צוריק צום לעבן. זי ווייסט אָבער נישט ווי אַזוי. זי רעכנט זיך מיט יעדער אירער באַוועגונג, מיט יעדן טריט און וואָרט, כדי נישט איבערראַשן די שוועסטער. זעלטן ווען וואַגט זי בעטן באַשען זי זאָל איר אין עפּעס צוהעלפן.

באַשע ענטפערט איר נישט, זי גייט נאָר צו, בלייבט שטיין נעבן איר, זי וואַרט שפרה זאָל איר געבן אַרבעט. זי העלפט איר באַקן, רוימען און אויך וואַשן די כלים, אַרבעטן וואָס פאַרלאַנגען נישט קיין מחשבה. אַ מאָל אַרבעט זי מיט אימפּעט, אַ מאָל אַפּאַטיש, אָן ווילן. אָפט פאַלן איר די זאַכן פון די הענט. איין מאָל אין אַ פאַרמיטאָג האָט שפרה געבעטן באַשען:

— שייל מיר אָפּ דריי קאַרטאָפל.

באַשע איז, ווי אַ סטאַטוע, שטיין געבליבן קעגן שפרהן. אירע אויגן זענען געווען פאַרגלייזט און אַ זאַג געטאָן, ווי עס זאָל אַרויסרעדן פון איר:

— דערמאָן מיר נישט דעם לאַגער!

שפרה האָט שנעל צוגערוקט זיך דאָס קוישל קאַרטאָפל. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אַ דערשראָקענע.

זייט באַשע איז אין תל־אביב האָט זי די שטאָט נישט געזען. די גאַס שרעקט זי. שפרה האָט נאָר אויסגעפּועלט ביי באַשען זי זאָל מיט איר אַרויסגיין פאַר דער טיר. באַשע גייט אַרויס מיט איר אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן, ווען יצחק קומט פון דער אַרבעט. זי גייט אַרויס פאַר דער טיר, נישט דערפאַר ווייל זי וויל זיין אויף דער לופט, נאָר דערפאַר ווייל זי פאַרטראַגט נישט די שטוב מיט אַזויפיל מענטשן. דער שוואָגער מיטן קינד זענען אין דער צייט געבליבן אין שטוב.

שפרה שפּאַצירט. באַשע זיצט אויפן שוועל ביים אַריינגאַנג. דאָס געסל, ווו זיי וווינען, איז קורץ, עטלעכע נידעריקע הייזער פון ביידע זייטן געסל. די איינוווינער אין געסל קענען זיך. די פאַרבייגייער באַטראַכטן ביידע שוועסטער. זיי זאָגן שפרהן „שלום", אָבער זיי שטעלן זיך נישט אָפּ. די איינוווינער פון געסל

ווייסן, אַז שפּרהס שוועסטער, וואָס איז געקומען פון די מחנות, רעדט נישט מיט קיין מענטשן. אַ שכנה, ווען זי קוקט אַרויס פון פענצטער, אָדער גייט פאַרביי, גיט צו זיי נאָר אַ שאָקל מיטן קאָפּ אָדער זאָגט זיי איילִיק „שלום".

אויך ברײַנע, אַ שכנה׳ס מאַמע, ווייסט אַלץ וועגן באַשען און זי פירט זיך אויף ווי אַלע שכנים. ברײַנע, אַ מיטלוווקסיקע פרוי, האָט אויף זיך שטענדיק אַ ברייטע, קאָלירטע שאַרץ מיט אַ טאַש. איר גרויער קאָפּ איז אַרומגעבונדן מיט אַ שפּיציק טיכל. אירע אַראָפּהענגענדיקע האָר שימערן אין דער זון ווי זילבער. איר קיילעכ־דיק פּנים איז צעקנייטשט פון יידישע זאָרג. איר פּנים איז גוטמוטיק. איר קורצע, פליישיקע נאָז לינדערט איר פּנים־אויסדרוק. ברײַנע האָט עטלעכע מאָל זיך געפּרוווט דערנענטערן צו באַשען, יעדעס מאָל מיט אַן אַנדערן נוסח. זי האָט זי אַ מאָל אַ פרעג געטאָן:

— נו, טאָכטער, זיך שוין צוגעוווינט צו די יידן דאָ אין לאַנד?

באַשע האָט זי יעדעס מאָל אָנגעקוקט מיט אַ האַרבן, אָפּשטויסנדיקן בליק און באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

ברײַנע גיט איר כסדר אַ שאָקל מיטן קאָפּ, באַדויערט זי און גייט ווייטער. אָבער ברײַנע, די יידישע מאַמע, האָט געליטן צוזאַמען מיט באַשען. זי האָט נישט איין מאָל אַריינגעקוקט צו שפּרהן אין פענצטער, געוואָלט זען וואָס באַשע טוט. דאָס לעצטע מאָל, ווען די צוויי שוועסטער האָבן זיך געפונען פאַרן הויז, האָט ברײַנע צו זיי צוגעשפּאַנט. זי האָט שפּרהן אַ ווונק געטאָן מיט אַן אויג און האָט געזאָגט באַשען:

— שלום, טאָכטער!

אויך דאָס מאָל האָט באַשע רעאַגירט ווי תמיד. זי האָט געשוויגן.

— קענסט מיר ענטפערן, כ׳קען זיין דיין באָבע — האָט ברײַנע איר פאַר־געוואָרפן.

באַשע האָט איר נישט געענטפערט. זי איז ווי איינגעשרומפּן. איר געשטאַלט איז געוואָרן קלייך.

ברײַנע האָט זי נישט אָפּגעלאָזט:

— אַ מענטש מוז פאַרגעסן און ממשיך זיין — האָט זי איר האַרציק געזאָגט.

באַשע איז אויפגעשפּרונגען. זי האָט אין דעם מאָמענט אויסגעזען ווי אַ דעמאָן. זי איז אַריין אין שטוב.

שפּרה האָט טרויעריק אַ שאָקל געטאָן ברײַנען מיטן קאָפּ. זי איז נאָכגע־גאַנגען באַשען.

באַשע לעבט אין אַ קאָשמאַר. איר וועזן איז צעטיילט. זי געפינט זיך ביי דער משפּחה „דאָ", אָבער זי לעבט „דאָרט". זאַכן זעען ביי איר אויס ווי פלעקן, מענטשן ווי שאָטנס. איר בעט איז אַ נאַרע, די שכנים „העפטלינגע". אַ מאָל איז שפּרה איר מאַמע, אַ מאָל איינע פון די שוועסטער. עס ווענדט זיך וועגן וואָס באַשע טראַכט. יצחק, איר שוואָגער, איז אַן אַרעסטאַנט מיט וועלכן זי טיילט די שטוב. דאָס קינד האַסט זי מיט אַלע אירע חושים. אָפּט אָבער, ווען רפי שלאָפט,

גייט זי פֿאַרביי זיין בעטל צו הערן זיין אָטעם און פֿילן די פֿרישקייט פֿון זיין קערפּער.

אָפּט יאָמערט זי פֿון שלאָף. זי וויינט שטיל. דעמאָלט זעט זי אַ צעשפּאָלטן קינדער־קעפּל. יעדעס מאָל, ווען דער שוואָגער קומט פֿון גאַס מיט די זונברילן אויף די אויגן, גיט באַשע זיך אַ טרייסל פֿון שרעק. זיינע אויגן, פֿאַרשטעלטע הינטער די טונקעלע ברילן, שרעקן זי.

אין איינעם אַ טאָג האָט באַשע געבעטן שפּרהן זי זאָל איר קויפֿן זונברילן, ווייל זי פֿאַרטראָגט נישט די זונהעלקייט. דאָס איז אָבער געווען נאָר אַ תּירוץ. זי האָט די ברילן געטראָגן אין שטוב. זי האָט געוואָלט אַלץ זען פֿאַרטונקלט. די ברילן זענען איר באַזונדערס נויטיק געווען אין דער צייט, ווען זיי זענען אַלע געזעסן ביים טיש, ווען דער שוואָגער האָט זיך פֿאַרנומען מיטן קינד, דערציילט אים אַ מעשה ער זאָל עסן. זי זעט דורך די ברילן ווי אַלץ וואָלט געווען פֿון איר ווייט. יעדן טאָג, נאָכן עסן, ווי עס וואָלט געווען אָפּגערעדט, נעמט יצחק דאָס קינד און גייט מיט דעם אַוועק אין שלאָפֿצימער. שפּרה מיט באַשען גייען אין קיך וואַשן די כלים.

אין דעם ענגן קיכל, אויג אויף אויג מיט דער שוועסטער, ביים פּליוסק פֿון פֿליסנדן וואַסער, ביים קלאַנג פֿון די טעלער און באַשטעק, איז באַשע זיכערער מיט זיך. דעמאָלט דערציילט זי שפּרהן שטיל, ווי זי זאָל איר פֿאַרטרויען אַ סוד. זי דערציילט ווי עס איז געווען אין שטוב ביי טאַטע־מאַמע, ווי די שוועסטער און ברידער האָבן חתונה געהאַט, ווו יעדער האָט געוווינט. ווו די ירידים זענען פֿאָרגעקומען, ווי יידן אין וואָלבראָם האָבן זיך אויסגעלעבט.

אַז דוד, דער עלטסטער ברודער, האָט געהאַט דריי קינדער און האָט געאַרבעט צוזאַמען מיטן טאַטן אין שפּייכלער. זיי האָבן צונויפֿגעקויפֿט ביי די פּויערים תּבואה: אַז דער טאַטע איז געווען שוין אַלט, נישט געקענט שוין אויפֿהייבן אַ זאַק תּבואה. זי האָט דערציילט וועגן דעם לעבן ביז די דייטשן האָבן פֿאַרנומען פּוילן. זי האָט דערציילט וועגן גירוש, וועגן געטאָ. וועגן לאַגער האָט זי נישט דערמאָנט קיין וואָרט.

דער היינטיקער נאָכמיטאָג איז אַ טריבער. אַ דינער נעפּל פֿאַרשטעלט די זון. באַשע, ווי יעדן טאָג, ווישט די כלים. זי שווייגט. ערשט ביים סוף האָט זי זיך צערעדט. זי האָט גערעדט ווי צו זיך אָפּגעהאַקטע ווערטער, ווי זיי זאָלן נישט האָבן קיין צוזאַמענהאַנג. זי האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער, ווי זי זאָל זיי שלינגען און זיך מיט זיי קרעקן:

— יעקב איז געווען אַ טייערער יונגערמאַן. מיר האָבן געלעבט אַנדערהאַלבן יאָר — און זי איז שטיל געבליבן.

שפּרה האָט געריבן דעם טאָפּ, געוואַרט באַשע זאָל ווייטער רעדן.

ערשט שפּעטער האָט באַשע געזאָגט צו זיך אַ רעזיגנירטע:

— איז געקומען היטלער — ערשט איצט האָט זי ווייטער דערציילט — אַ גערעדטער שידוך, געווען פֿון קרימילעוו. דער טאַטע האָט געגעבן נדן, געדונגען

אַ דירה מיט אַ קראָם. מיר האָבן פֿאַרקויפֿט שניט־סחורה, געהאַט אַ היים. — זי האָט געװוּישט די טעלער צום ריטם פֿון אירע װערטער. איר פּנים האָט געפֿלאַמט. אירע אויגן זענען געװען שטאַר. פֿון מורא איז זי געשטאַנען מיטן פּנים צו דער טיר, אפֿשר קומט חלילה װער, װאָס װעט זי זען.

דאָס קינד שלאָפֿט. יצחק ליגט מיטן זשורנאַל אין האַנט אויף דער סאָפֿע און הערט זיך צו.

שפּרהס אויגן זענען פֿײַכט, ביז עס האָט פֿון זײ אַ קאַפּע געטאָן אַ טרער. זי האָט דאָס אַלץ געװוּסט פֿון די בריװ, װאָס זי פֿלעגט אַמאָל דערהאַלטן פֿון דער היים. שפּרה האָט זי אָבער געלאָזט רעדן, געװאָלט זי זאָל זיך אַראָפּרעדן. עס זאָל איר לײַכטער װערן.

שפּרה האָט פֿונאַנדערגעשטעלט די כּלים.

— קום אַרויס פֿאַר דער טיר כאַפּן דעם אָטעם — האָט זי אַ זאָג געטאָן באַשען.

באַשע האָט זי אָנגעקוקט דערשטוינט, װי זי זאָל זיך האָבן איבערגעװוּנדערט. אירע אויגן זענען געװען גרויס, פֿול שרעק.

— נײן! נײן! — האָט זי צװײ מאָל באַטאָנט דאָס װאָרט און געבײַלט די פֿויסטן. זי האָט זיך געװוּנדערט.

— בלײַב אין שטוב, איך גײ — האָט שפּרה מיט אַ געמאַכטער שטרענגקייט איר אַ זאָג געטאָן און פֿון דער זײַט אַ קוק געטאָן װי עס װירקט אויף איר.

— אַלײן אין שטוב?! — האָט באַשע געפֿרעגט אַ דערשטוינטע.

— איך מוז מיך איבערלופֿטערן? — האָט שפּרה איר געענטפֿערט. זי האָט געװאָלט זי צװינגען זי זאָל מיט איר אַרויס פֿאַר דער טיר.

— װאַרט, איך גײ מיט — האָט באַשע געזאָגט שפּרהן און איז אַרײַן אין שטוב.

שפּרה האָט געװאַרט אויף איר אין דער אָפֿענער טיר.

באַשע איז צוריקגעקומען מיט אַ שאַל איבערגעװאָרפֿן איבער דער האַנט, װי זי זאָל גײן אין עפּעס אַן אומבאַקאַנטן װעג.

בין־השמשות. די שאָטנס אין די װינקלען זענען איר אַנטקעגנגעקומען. זי האָט געשטעלט אַ טריט אויף הינטן, געװאָלט גײן צוריק אין שטוב אַרײַן.

— באַשע — האָט שפּרה זי אַ רוף געטאָן.

באַשע איז שטײן געבליבן.

שפּרה האָט זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און איז מיט איר אַרויס אין גאַס. זי האָט מיט איר שפּאַצירט פֿאַרן הויז אַהין און צוריק. באַשעס פֿיס האָבן געטראָטן אויף דער ערד, אָבער דער קאָפּ אירער, פֿול מיט מחשבֿות, איז געװען װײַט. זי האָט געקוקט אין די פֿענצטער, באַטראַכט די פֿלעמלעך. זי האָט אין יעדן פֿלעמל געזען דאָס חיות פֿון אַ מענטש, װאָס װערט זיך, װיל נישט אויסגײן. זי האָט געזען די ליכט־שאָטנס אין די װינקלען, געקוקט צי זײ גײען איר נאָך. װען

זי האָט דערהערט טריט הינטער זיך, האָט זי זיך צוגעטוליעט צו דער שוועסטער ביז דער מענטש איז זיי פאַרבייגעגאַנגען.

שפרה פילט איר ציטער, זי וויל באַרויִקן איר פּחד. זי האָט זיך צוגעבויגן צו איר, ווי זי זאָל איר איינרוימען אַ סוד. זי האָט ווידער גענומען איר איינרעדן:

— מאָרגן פרי וועלן מיר גיין איבער די קראָמען און אויסזוכן פאַר דיר פּאַסיקע שיך. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן: — האָסט דאָך נישט וואָס אָנצוטאָן. — אין דער שאַנק, ביי שפרהן, זענען שוין געהאָנגען פאַר איר צוויי קליידער: אַ שטוביקע און צום אַרויסגיין. זי האָט אַזוי אַרום געוואָלט אויסרעדן איר דעם פּחד.

באַשע האָט געשוויגן, זי האָט זיך נאָר אָפּגערוקט פון דער שוועסטער, ווי זי זאָל וועלן אַרויסציִען איר אָרעם פון אירן.

שפרה האָט פאַרשטאַנען איר אויפפירן זיך. זי איז באַלד איבערגעגאַנגען אויף אַן אַנדער טעמע.

— באַשע, מיר דאַרפן זיך לאָזן אין וועג אַריין — האָט זי שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן.

— קום — האָט באַשע איר אַ באַפעל געטאָן. זי האָט האַסטיק אַרויסגעצויגן איר האַנט פון שפרהס אָרעם און, נישט וואַרטנדיק אויף איר, איז זי אַוועק אין שטוב. שפרה איז איר נאָכגעגאַנגען.

באַשע איז אַריין אין שטוב אַ פאַרסאַפּעטע פון אויפרעגונג. אַן אויפגעטרייסלטע האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפן אויף איר בעט. זי איז געשלאָפן אין דעם צימער וואָס איז אַ נישע מיט אַן אָפענער טיר. יצחק האָט אַראָפּגענומען די טיר מען זאָל זען און הערן וואָס באַשע טוט דאָרט. באַשע לעבט מיט איר משפחה, אָבער צווישן זיי איז דאָ נישטאָ קיין נאָענטקייט. צווישן באַשען און דער משפחה איז פאַראַן נאָר דער „דאָרט״. דער „דאָרט״ איז ווי אַ באַרג, וואָס שטערט באַשען זיך דערנענטערן צו אירע נאָענטסטע. דער „דאָרט״ איז דער „תהום״, וועלכן באַשע קען נישט אַריבער.

דאָס קינד האָט זי פיינט, כאָטש עס איז אַזוי קליין און באַחנט. זי איז מקנא זיינע עלטערן — איר שוועסטער, וואָס זי האָט אַזאַ ייִנגעלע. נישט איין מאָל, ווען ער רופט זי „מומע״ מיט זיין קלינגענדיק קולעכל, פאַרנעמט איר בײַם האַרץ. זי דערפילט אַ רויש אין קאָפּ, אָבער זי מאַכט זיך נישט הערן. אָפט זיצט זי אין אַ ווינקל מיט די פיס פאַרצויגן אונטער זיך, די אַקסלען אַראָפּגעלאָזט, די הענט פאַרבראָכן, זי זאָל האָבן כוח אויסצוהאַלטן, און זי באַטראַכט רפיס וווקס, שיינקייט, יעדע באַוועגונג זיינע און די משפּחה־ענלעכקייט.

רפי איז איצט צוגעגאַנגען צו איר.

— מומע! — האָט ער זי אַ רוף געטאָן. ער האָט נישט געוואָלט זי זאָל ליגן אויפן בעט.

זי האָט אונטערגעהויבן איר קאָפּ, אים אָנגעקוקט. זי האָט פאַרשטאַנען וואָס ער וויל. דאָס האַרץ האָט איר אַ טיאָכקע געטאָן, ווי עס זאָל זיך איר אָפּרייסן.

זי האָט געוואָלט צו אים אויסשטרעקן די האַנט, אים אַרומנעמען, אָבער איר האַנט האָט זיך נישט קיין ריר געטאָן. זי האָט צוריק אַוועקגעלייגט איר קאָפּ. רפי האָט פאַרצויגן די ליפּן. ער האָט געוואָלט וויינען און איז אַוועק צו דער מוטער.

די צייט שטייט נישט. דער נייער טאָג בייט דעם פּאָריקן. די לופט איז דורכגעגליט, פּייכט. די מענטשן אָטעמען שווער. אויך באַשע טרינקט אַ סך. איר קערפּער טריקנט. די היץ ווירקט אויף איר. פאַראַן טעג ווען אירע אויגן זענען רויט, אירע ליפּן פאַרשנורט. זי אַליין שווייגט. פאַראַן טעג ווען איר בליק איז מילדער. זי לעבט אין שטוב ביי דער שוועסטער, אָבער זי פירט זיך אויף ווי אין לאַגער. אין קלאָזעט זיצט זי אויף די קניִען, ווי זי זאָל שטיין. די האַלבע שיך, וואָס שפרה האָט איר געקויפט, טוט זי אויס פאַרשנורעטע. זי עסט שנעל, זי האָט מורא עס וועט נישט סטייען פאַר איר.

אָפט הייסט זי זיך צוגעבן עסן, כאָטש זי איז נישט הונגעריק. זי עסט מער ווי זי קען. זי האָט אויף זיך גענומען וואָג, איר געשטאַלט איז פולער געוואָרן. איר פּנים קיילעכיקער. כאָטש איר פּנים איז אָנגעשטרענגט, איז עס אויסגערוט. אירע גלידער, די פיס און הענט, זענען קיילעכיק. זי איז באַחנט. אָפט מאָל פאַרשטופּט זי אין אַ ווינקל אַ שטיקל ברויט אָדער צוקער. שפרה מאַכט זיך נישט זען.

זי איז אָפּגעזונדערט פון די מענטשן אין שטוב, זי לעבט איר וועלט. די יידישע צייטונג, וואָס דער שוואָגער קויפט איר, לייענט זי נישט. דעם ראַדיאָ פאַרשטייט זי נישט.

די נאַכט־פינצטערניש איז געבליבן אין דרויסן, הינטער די אָפענע פענצטער. די פענצטער זענען פאַררוקט מיט גרוי־ברוינע קראַטירטע פאָרהאַנגען. אין שטוב איז ליכטיק. אַלע לעמפּ אין זשיראַנדאָל ברענען. די ליכטשיין דרינגט אַריין אין יעדן ווינקל. דאָס געבלימלטע ניילאָן־טישטעך איז פונאַנדערגעשפּרייט איבערן טיש. אויפן טיש שטייט אַ קאַן מיט קאַווע, עטלעכע קאַווע־שאָלן און אַ טעלער מיט סענדוויטשן. רפי זיצט ביים פאָטער אויפן שויס.

שפרה זיצט פון דער רעכטער זייט, באַשע נאָך איר. אַלע עסן. יצחק לייגט רפין שטיקלעך ברויט אין מויל אַריין. אויך באַשע עסט פּאַמעלעך. זי קוקט אויפן טעלער ווי ער ליידיקט זיך אויס. זי האָט נישט קיין מורא, אַז זי וועט בלייבן הונגעריק, זי איז זאַט. זי קען נישט צוזען ווי יצחק, דער טאַטע, קאָרמעט רפין. אַלע עסן און שווייגן. אין שטוב הערשט אַ משפחהדיקע, שטילע געמיטלעכקייט. די ליכטשיין איז מילד. אין ווינקל, ווו עס ברענט דער שטיילאָמפּ, קרייצט זיך די ליכט מיט די שאָטנס.

דער אינצידענט אין געסל, ווען באַשע איז אַנטלאָפן פון שפרהן און זיך

אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט, האָט קיינער נישט געדענקט. איצט האָבן יצחק מיט שפרהן יעדעס מאָל אַ קוק געטאָן אויף באַשען. איר פּנים איז געווען רויִק. יצחק האָט געוואָלט די משפחה זאָל וואָס לענגער בלייבן ביים טיש. ער האָט געזאָפּט אין זיך רו און שטילקייט.

— געהערט אַן אינטערעסאַנטע מעשה ביי דער אַרבעט — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

ביידע שוועסטער האָבן אים אָנגעקוקט, געוואָלט הערן. יצחק איז געקומען פון דייטשלאַנד אַלס חלוץ. אַ צייט האָט ער געאַרבעט אין אַ פּרדס, אַ צייט ביים בנין. די לעצטע יאָרן אַרבעט ער אַלס מאַגאַזינער אין אַ מיל, אויפן וועג קיין יפו. יצחק האָט אָפּגעהוסט און גענומען דערציילן:

— עטלעכע יאָר ווי אַ געוויסער גאָלד האָט געאַרבעט ביי אונדז. ער האָט איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט קינדער און איז אַוועק קיין מעקסיקע. אַלע יאָרן האָט מען פון אים נישט געהערט. זיין פרוי האָט געשריבן, נאָכגעפרעגט. זי האָט נישט געקריגן קיין תשובה. זי איז געווען זיכער, אַז ער איז אומגעקומען. מיט עטלעכע טעג צוריק איז ער פּלוצים געקומען.

— טאַקע! — האָט שפרה אַ זאָג געטאָן אַ צופרידענע.

באַשען איז אַרויסגעפאַלן דער סענדוויטש פון האַנט. איר פּנים איז געווען גרוי, אירע אויגן שטאַר. זי איז געבליבן זיצן, ווי עס זאָל איר פעלן אָטעם.

ביידע, יצחק און שפרה, האָבן זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איר.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט באַשע זיך פונאַנדערגערעדט, נישט רירנדיק מיט די ליפּן, ווי עס זאָל אַרויסרעדן פון איר:

— אין איטאַליע זענען צו מיר געקומען מענטשן, וואָס זענען געווען צוזאַמען מיט יעקבן אין פלאָסענבורג. — באַשע איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. ווען זי האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט זי ווייטער גערעדט: אַ דייטש האָט אים געהייסן אויפהייבן אַ שטיין, וואָס איז געווען נישט פאַר זיינע כוחות, דערפאַר האָט ער אים דערשאָסן. — אַ קאָנוווּלסיע האָט אַ טרייסל געטאָן באַשען. זי האָט ספּאַזמאַטיש זיך צעוויינט. אַ ווײַלע שפּעטער איז זי אויפגעשפּרונגען פון בענקל:

— ער וועט שוין נישט צוריקקומען. — זי איז אַוועק פון טיש.

שפרה מיט יצחקן האָבן זיך ווידער איבערגעקוקט. שפרהס אויגן זענען געווען פול טרערן, וועלכע מען קען נישט אויסוויינען. יצחק האָט געזשמורעט די אויגן און געביסן די אונטערשטע ליפּ. רפי האָט אַרויפגעקוקט צום פאָטער. זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן זענען געווען אומעטיק. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אָבער געפילט דעם טרויער אין שטוב. די העלקייט אין שטוב איז געוואָרן פאַרטונקלט.

# ג

באַשע שװײַגט. זי שלאָפֿט איצט מערער. די אָדערן אויף אירע שלייפֿן זענען בולט. אָפֿט בלײַבט זי שטיין אין שטוב אַ פֿאַרטראַכטע, װי זי װאָלט זיך אַליין עפּעס געפֿרעגט. איר בליק איז דורכדרינגלעך. די רו, דער טאָג־טעגלעכער שטייגער אין שטוב פֿאַרמינערן איר פּחד. זי אָטעמט אין זיך אַרײַן נישט נאָר די װאַרעמקייט פֿון טאָג, נאָר אויך די געטרײַשאַפֿט פֿון דער שװעסטער.

שפֿרה איז פֿאַר איר אַ מאַמע. זי גרייט איר מאכלים, װאָס זי האָט גערן. זי טראָגט אונטער און דערלאַנגט איר. זי פּוצט איר אַפֿילו די שיך און די מלבו־שים. זי גייט זיך אום מיט איר װי מיט אַ קינד. שפֿרה האָט איצט צװיי קינדער. באַשע האָט זיך אויך צוגעװוינט צו די שכנות. זיי טראָגן איר אונטער דעם „שלום". זי אונטערשיידט שוין אויף די פֿאַרבײַגייער אין געסל. זיי באַטראַכטן זי מיט אַ מילדן בליק. פֿון צײַט צו צײַט זאָגט אויך באַשע דער שװעסטער אַ פּאָר װערטער. זי דעקט אויף פֿאַר שפֿרהן איר פֿאַרגאַנגענהייט. זי זיצט אָבער װײַטער שעהנװײַז, װי פֿאַרשטיינערט. אירע ציין זענען פֿאַרהאַקט, אירע קינבאַקן בולט. זי זיצט פֿאַרקוקט אין זיך.

דער מאָרגן איז אַ הייסער, אָבער אַ טרוקענער. עס איז לײַכט צו אָטעמען. שפֿרה טוט איבער ס׳קינד. זי טוט אים אָן שפּילהײַזלעך און אַ טרוקן לײַבל. די פֿענצטער־שטאָרן זענען לײַכט אַראָפּגעלאָזט. די זון רײַסט זיך אַרײַן אין שטוב דורך די שפּאַרעס. די ליכטשײַן באַשטראַלט רפֿיס פּלייצע. רפֿי שמייכלט צו דער מומען.

באַשע מאַכט זיך נישט זען. די מוטער זאָגט רפֿין:

— מיר גייען שפּאַצירן אָן דעם װאָגן. דו װעסט גיין װי אַ גרױסער.

— יאָ! — האָט ער געענטפֿערט. — אָבער דער מומען...

באַשע האָט אַ שמייכל געטאָן, נאָר איר פּנים איז באַלד צוריק ערנסט און האַרב געװאָרן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער שװעסטער, צי זי װיל זי לאָזן אַליין אין שטוב. זי האָט אַ מליאַסקע געטאָן מיט דער צונג, װאָס איז געװען טרוקן.

שפֿרה, װאָס האָט זי באַטראַכט פֿון דער זײַט, האָט איר אַ זאָג געטאָן:

— מיר גייען, קום מיט.

באַשע האָט נערװעז אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. אירע אויגן האָבן אַ פֿינטל געטאָן און זי האָט, צעציטערנדיק דאָס װאָרט, שטיל אַ זאָג געטאָן: „ניין".

שפֿרהס באַקן האָבן אַ פֿלאַם געטאָן. זי האָט נישט געװאָלט לאָזן באַשען אַליין אין שטוב, זי האָט אָבער ריזיקירט.

— קום — האָט זי אַ זאָג געטאָן רפֿין. זי האָט אים אָנגענומען בײַם הענטל און איז מיט אים אַװעק צו דער טיר.

רפֿי האָט מיט אַן אַװעקגעבויגענעם קאָפּ געקוקט אויף דער מומע.

באַשעס אויגן זענען געװען אויסגעגלאָצט.

— איך גיי! — האָט זי אַ זאָג געטאָן. די מורא צו בלייבן אַליין אין שטוב האָט זי אונטערגעאיילט. זי איז האַסטיק צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי פאַר־קלאַפּט הינטער זיך.

אויף דער גאַס האָט שפרה פאַרזשמורעט די אויגן, ווי די זון זאָל זי בלענדן. זי האָט פאַרהוילט איר פריידשמייכל.

דער מאָרגן איז זוניק און לופטיק. אויטאָס קרייצן זיך און מיידן זיך. אין דער לופט פילט זיך דער בענזין־ריח. מאַמעס פירן קינדער אין די וועגעלעך. זיי פאָרן פון ים. די זונשטראַלן שפּיגלען זיך אין די שויפענצטער און שלאָגן זיך אָפּ אין די שילדן. אַ קאַרע פערד מיט אַ צעפלאָשעטע גריווע האָט געצויגן אַ קליינע פלאַטפאָרמע מיט קאַווענעס. הענדלער מיט אויבסטן, אויסגעסדרטע אויף זייערע וועגעלעך, האָבן אויסגערופן זייער סחורה: — וויינטרויבן! באַרן! פלוי־מען! פאַרדזשעכעס!

דער געפילדער אין גאַס לאָקט רפין. ער וויל לויפן פאָרויס, אָבער די מוטער לאָזט נישט אַרויס זיין האַנט. זי ציט אים צוריק. רפי איז צעשפּילט. זיינע ליפּן ברומען; פזזזז. ער מאַכט נאָך דעם רויש פון די אויטאָס. פון צייט צו צייט שרייט ער אויס: „פאַפּן, פאַפּן”. ער פייפט ווי אַן אויטאָ.

באַשע גייט פאָרויס. אירע פיס זענען שטייף, אירע אויגן גרויס און שטאַר. זי זעט אַלץ אַרום זיך, ווי זי זאָל קוקן דורך אַ מאַט גלאָז. זי זעט די גאַס, די שטאָט צום ערשטן מאָל. ווען זי איז אַראָפּ פון דער שיף און דער ייד האָט זי געפירט צו דער שוועסטער, האָט זי גאָרנישט געזען. דער פּחד איז איר דעמאָלט נאָכגעגאַנגען. זי האָט נישט געוווסט וווּ אַהין דער ייד פירט זי. באַשע שווייגט. איר אונטערשטע ליפּ הענגט איר אַראָפּ. די מוסקולן אין איר פּנים צוקן פון אָנשטרענגונג. זי קנייטשט דעם שטערן. זי באַגרייפט גאָרנישט.

שפרה גייט הינטער איר. זי פירט דאָס יינגעלע ביי דער האַנט און לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון באַשען. שפרה שרעקט זיך אַז מיט באַשען קען יעדע רגע עפּעס געשען. זי זעט ווי באַשע קעמפט מיט זיך. באַשע אָטעמט שווער.

— איך וויל דעם טראָמפּייט — האָט רפי זיך אַ ווענד געטאָן צו דער מוטער, זעענדיק דאָס שפּילצייג אין שויפענצטער.

— איך האָב נישט קיין געלט, דער טאַטע וועט דיר קויפן — האָט די מוטער אים צוגעזאָגט, נישט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פון באַשען.

— מומע! קויף דו מיר — האָט רפי זיך געבעטן ביי באַשען.

באַשע האָט נישט געהערט.

— די מומע האָט נישט קיין געלט — האָט די מוטער אים אויפגעקלערט.

— פאַר וואָס? — האָט זיך רפי געפרעגט. זיינע שוואַרצע אויגן האָבן דערביי געגלאַנצט.

באַשע איז געבליבן שטיין ווי אַ געליימטע. זי האָט נישט געקאָנט רירן מיט קיין אָבר. פון דער לינקער זייט פון אַ געסל, וואָס קרייצט זיך מיט דער גאַס, ווו זיי האָבן שפּאַצירט, איז אַ כאָפּטע צעשפּילטע קינדער אַרויס פון שול

מיט אַ געפּילדער. דער אָפּהילך פון זײערע שטימען האָט איר אַ זעץ געטאָן אין מוח, זי פאַרטויבט. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, נישט געקאָנט זען זײערע אויס־געשטרעקטע הענטלעך, וואָס האָבן געשלעפּט און אַרויסגעריסן זיך די טאָרניס־טערס. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן זײער שטויסן און שטופּן זיך.

— געוואַלד! — האָט זי זיך ווילד צעשריגן. זי האָט מיט בײדע הענט אָנגעכאַפּט זשמעניעס פון אירע האָר און געקרעכצט: — אוי, אוי, אוי. — צום סוף האָט זי אַ יאָמער געטאָן: — איך האַלט עס נישט אויס.

די קינדער זענען אָנגעלאָפן און זיך אַרומגעשטעלט אַרום איר און זי באַ־טראַכט.

— אַ משוגענע! — האָט אַ הויך, דאַר, בלאָנד ײנגל אויסגעשריגן. די קינדער האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט. רפי האָט מיט זײ מיטגעלאַכט. שפרה האָט געוויינט.

— קום אַהײם! — האָט שפרה איר געזאָגט. זי האָט זי אָנגענומען אונטערן אָרעם און זי געפירט.

— איך וויל נאָך שפּאַצירן — האָט רפי זיך אַנטקעגנגעשטעלט, אָבער די מוטער האָט זײ בײדע געפירט.

שפרה איז מיט זײ קוים צוגעגאַנגען ביז דער טיר. ס'איז איר געווען שווער ווי זי זאָל טראָגן אויף זיך אַ משא. זי האָט קוים באַוויזן עפענען די טיר. אירע פינגער האָבן געציטערט.

באַשע איז אַרײנגעפאַלן אין שטוב אַ פאַרחלשטע. זי איז אַרײן אין קיך, צוגעפאַלן צום וואַסערקראַן און גענומען טרינקען. זי האָט צוריק פאַרמאַכט דעם קראַן און געסאָפּעט. זי איז געווען פול. ס'וואַסער איז איר דערגאַנגען ביז דער קעל. איצט איז זי אַרײן אין שטוב. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע, ווי אַ פולער זאַק זאָל זיך האָבן אַראָפּגעלאָזט.

ביז שפרה איז מיט רפין אַרײן אין באָדצימער, האָט זי די גאַנצע צײט געקוקט וואָס באַשע טוט. אַ ווײלע איז געווען שטיל. ווען עס האָט זיך דערהערט דאָס פליסן פון וואַסער אין דוש, איז באַשע ווי אויפגעקומען. זי האָט זיך אַרומ־געקוקט. אַ פחד איז זי באַפאַלן. זי איז געווען אַלײן אין צימער. די שטילקײט האָט איר געקלונגען אין די אויערן.

שפרה, מיט רפין אויף די הענט, איז אַרײן אין צימער. זי האָט אים געטראָגן צום בעט. ער איז געווען אין דעם אונטערוועש.

באַשעס פאַרמרוזשעטע אויגן האָבן אים נאָכגעקוקט. מיט אַ מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן, אַרײנגערעדט צו דער שוועסטער:

— שפרה, אַזוי פיל ײדן האָט היטלער איבערגעלאָזט לעבן?

— באַשע־קרוין, עס איז דאָ אַ גאָט אין הימל — האָט שפרה איר געענט־פערט. אַ ווײלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן: — באַשע, מיר האָבן אים איבער־געלעבט. ער האָט געהאַט אַ ווישטן סוף. מען ווייסט אַפילו נישט ווו זײן געביין איז.

— און די יידן האָבן יאָ קברים? — האָט באַשע אַ פרעג געטאָן און זיך וואַנזיניק צעלאַכט. די שטילקייט אין שטוב איז געוואָרן פּיינלעך.

— שלאָף נישט, איך גיב דיר באַלד עסן — האָט די מוטער געזאָגט רפין און איז אַריין אין קיך.

באַשע האָט אַריינגעצויגן איר קאָפּ אין די אַקסלען. זי איז זיצן געבליבן ווי אַ פרוי, וואָס טרויערט אויף אַ קבר.

באַשע נעמט אויף זיך וואָג. זי איז איצט פול. זי זעט אויס נידעריקער. איר געשטאַלט שרעקט נישט מער. איר פּנים איז מיד פון ליידן. איר בליק איז שטאַר, אָבער אויסגעשטאַנען. זי אָטעמט איין די משפּחה־רו, אָבער זי קען זיך נישט איינלעבן אינעם שטייגער. זי זעט ווי דער שוואָגער שטייט־אויף באַגינען צו דער אַרבעט, ווי שפרה גרייט און דערלאַנגט אים עסן. זי זעט און הערט ווי יצחק געזעגנט זיך מיט שפרהן ווען ער גייט אַרויס פון שטוב. זי הערט דעם קלאַנג פון רפיס יונג קול, וואָס פילט אויס די שטוב. זי זעט שפרהס און רפיס פרייד, ווען יצחק קומט פון דער אַרבעט. זי זעט ווי רפי פאַלט אַרויף אויפן טאַטן. נישט איין מאָל פאַרמאַכט זי די אויגן. זי וויל נישט און קאָן נישט זען. איר שטייט כסדר פאַר די אויגן איר געוועזענע היים, אירע צוויי קליינע צימערלעך, די שמאָלע קראָם, זי זעט ווי יעקב וויקלט און סדרט איין זיין שניט־סחורה און זי קומט כסדר קוקן וואָס ער טוט.

זי פילט דעם לעבנס־דופק דאָ. זי וויל לעבן. יעדן טאָג שפּאַצירט זי מיט שפרהן און רפין. יעדער שפּאַציר איז פאַר איר אַ געשעעניש. זי וויל שפּאַצירן, זען, אָבער יעדער שפּאַציר שרעקט זי. אירע שפּאַצירן האָבן נישט קיין רעגל־מעסיקן טעמפּאָ. אַט גייט זי לאַנגזאַם, וויל גאָרנישט פאַרזען, זי קוקט אָן יעדן דורכגייער. אַט לויפט זי פאַרביי די מענטשן, ווי זיי זאָלן נישט זיין אין גאַס. אַט גייט זי טריט ביי טריט, באַטראַכט יעדע זאַך אין שויפענצטער, ווי שיין און פאַרביק זי איז. אַט שפּרייזט זי מיט אַן אימפּעט און זעט גאָרנישט, ווי די פענצטער־גלעזער זאָלן זיין מאַט. אַט באַוווּנדערט זי ווי די מענטשן פירן די אויטאָבוס־רודערס און מיידן זיך אויס אויף אַ צענטימעטער. אַט איילט זי מיט אימפּעט מורא האָבנדיק, אַז די אויטאָס פאָרן אויף זיך אַרויף.

שפרה גייט איר נאָך טריט ביי טריט לויט איר טעמפּאָ, כאָטש זי פירט דאָס קינד מיט זיך. שפרה איז טרויעריק, זי האָפט אָבער, אַז באַשע וועט זיך באַהערשן, אַז זי וועט אַריין צוריק אין לעבן.

דער נאָכמיטאָג ביי שפרהן אין שטוב איז ווי תמיד. יצחק און רפי שלאָפן. די כלים אין שטוב זענען אָוועקגערוימט. ביידע שוועסטער געפינען זיך אין קיך. שפרה גרייט אַ טאָרט. זי זיפּט מעל. באַשע שלאָגט די פּיאַנע. אויף דער גאַזקיך וואַרעמט זיך שוין דאָס באַק־אייוועלע. די טיר פון קיכבאַלקאָן איז אָפן. שפרה כאַפּט יעדע ווײַלע אַ בליק אויף דער שוועסטער. באַשעס באַקן פלאַמען. שפרה

באַוווּנדערט זי, ווי שיין זי איז איצט. איר פּיין איז איצט נישט אַנזעעוודיק.

— וואָס איילן זיך אַזוי די מענטשן אין די גאַסן, ווו אַהין לויפן זיי דאָס ? — האָט באַשע אַ פרעג געטאָן שפּרהן, נישט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ פון דער שיסל אין וועלכער זי האָט געקלאַפּט די פּיאַנע. באַשע האָט נאָך טיפער איינגעדריקט די שיסל צווישן די קניִען. שפּרה גיסט אַריין די אייער אין מעל אַריין. זי האָט זיך אָנגעלענט מיט דער האַנט אָן דעם טיש.

— מענטשן אַרבעטן, האַנדלען, מענטשן דאַרפן פּרנסה — האָט שפּרה געענטפערט דער שוועסטער. שפּרה קוקט אויף באַשען, וואַרט וואָס זי וועט זאָגן. באַשע שווייגט. מיט אַ מאָל האָט שפּרה אַ זאָג געטאָן: — מען דאַרף עסן, קינדער וואַקסן אונטער. — זי האָט געוואָלט באַשע זאָל רעדן.

באַשע האָט איר נישט געענטפערט. זי האָט נאָך שטאַרקער געקלאַפּט די פּיאַנע.

שפּרה האָט אויפגעהויבן די אויגן, זי האָט זיך איינגעקוקט אין דער שוועס־טער. איר פּנים האָט געפלאַמט. זי האָט זיך געשראָקן פאַר די רייד, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן:

— טאָכטער, אַ מענטש דאַרף זיך נישט אָפּזאָגן פון לעבן — האָט זי שטיל געזאָגט, ווי זי זאָל אַראָפּשלינגען די ווערטער. באַשע האָט אַוועקגעלייגט דעם פּיאַנע־קלאַפּער ביי דער שיסל.

— פאַרטיק — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

שפּרה האָט זי נישט אָפּגעלאָזט:

— עלטערע פון דיר פּרויען בויען פון דאָס ניי אַ משפּחה. — אירע ווִיעס האָבן געציטערט פון אויפרעגונג.

באַשע האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט אַוועקגעשטעלט די שיסל מיט דער פּיאַנע אויפן טיש. ערשט איצט האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— עס זאָל זיין נאָך יידן אומצוברענגען. — אירע אויגן־לעפּלעך זענען געוואָרן פייכט, אירע פּנים־מוסקולן האָבן געציטערט. זי איז אַריין אין שטוב.

שפּרה האָט שווער אָפּגעאָטעמט; זי האָט אויסגעאָטעמט איר אויפרעגונג און גענומען פאַרמישן די פּיאַנע אין טייג.

דאָס באַק־אייוועלע איז שוין געווען צעגליט.

שוין עטלעכע טעג אַרבעט באַשע אין פאַבריק. יעדן פרימאָרגן גייט זי, צוזאַ־מען מיטן שוואָגער, אַרויס פון שטוב. ביידע, שפּרה און יצחק, וואַרטן יעדן טאָג ביז זי קומט פון דער אַרבעט. זיי זענען נישט זיכער מיט איר, אָבער ביידע האָפן. דער רוים אין די חדרים האָט זיך ווי פונאַנדערגערוקט. די אַטמאָספער אין שטוב איז אַ רויִקע. עס דאַכט זיך, אַז אין שטוב איז גערוימער געוואָרן.

באַשע אַרבעט אין דער קנעפּפאַבריק „הכפתור". זי ציט דאָרט אויף קנעפּ אויף קאַרטאָנען לויט דער גרויס. אירע לאַנגע פינגער פּאַסן זיך צו דער אַרבעט.

זי אַרבעט שנעל, דער אימפּעט טרייבט זי. זי פאַרגעסט זיך ווען זי אַרבעט. זי זעט אַפילו נישט אַרום זיך די מענטשן, וואָס אַרבעטן מיט איר. ווען זי ווערט מיד פאַרמאַכט זי די אויגן און בלייבט זיצן מיט אויסגעשטרעקטע הענט. דעמאָלט הערט זי דעם מאַשינען־רויש פון הינטער דער וואַנט. פון אויפרעגונג קלאַפּט זי מיט די ציין צום טאַקט פון די טראַנסמיסיע־פּאַסן.

פון אָנהויב האָבן די פרויען געשטוינט ווי מאַשע פירט זיך אויף. שוין דעם צווייטן טאָג האָבן די פרויען באַמערקט ווער באַשע איז. חנה, באַשעס אַרבעטס־שכנה, אַ קליינע, דאַרע פרוי מיט גרויסע אויגן און לאַנגע, אויסגעצויגענע, ווי ליכטלעך, פינגער, האָט אַן איבערגעשראָקענע זי אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז דיר? — חנה האָט זיך איבערגעבויגן, ווי זי זאָל זיך וועלן אויפשטעלן, איר העלפן.

באַשע האָט געעפנט די אויגן און ווייטער געאַרבעט. זי האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויף דער שכנה. באַשע איז אָפּגעזונדערט פון אַלע, כאָטש זי זיצט צווישן זיי. זי רעדט מיט קיינעם נישט. זי קומט, זאָגט „שלום", אַרבעט אָפּ איר האַלבן טאָג, זאָגט ווידער „שלום" און גייט אַוועק. די ווייבער קוקן איר נאָך, באַטראַכטן יעדע אירע באַוועגונג און שאָקלען מיט די קעפּ פון באַדויער. יעדעס מאָל קוקן זיי זיך פון דאָס ניי איבער, זיי ווייסן, אַז זי איז געקומען פון די לאַגערן.

ווי אַזוי איז באַשע געקומען צו דער אַרבעט? איין מאָל זענען ביידע שוועס־טער אַריין אין שטוב פון אַ שפּאַציר. באַשעס פּנים איז געווען פאַרמאַטערט, אָבער זי האָט זיך נישט צוגעזעצט. זי האָט אַרומגעשפּרייזט איבערן צימער ווי אַ שטומע. אירע אויגן־ווייסלעך האָבן זיך שנעל באַוויגן, זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף קיין שום זאַך.

רפי איז געזעסן אויף אַ בענקל און איר נאָכגעקוקט. שפרה האָט זיך געפּאָ־רעט אין קיך.

באַשע איז צוגעגאַנגען צו רפין. זי האָט אַ צי געטאָן זיין דאַשיקל, אים אַריבערגעצויגן דאָס דזשאַקאָי־היטל איבער די אויגן. זי האָט נישט געוואָלט זען זיין בליק.

רפי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול.

שפרה איז אַריין אין שטוב. זי האָט אים גענומען אויף די הענט און איז מיט אים אַריין אין באַדצימער. גייענדיק האָט זי אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האָסטו אַזוי געלאַכט?...

— די מומע האָט זיך מיט מיר געשפּילט — האָט ער אַ גליקלעכער איר דערציילט און פאַרוואָרפן די הענט איבער דער מוטערס האַלדז.

די מוטער האָט אים אַ קוש געטאָן.

באַשע האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. עס האָט איר פאַרקלעמט דאָס האַרץ. זי איז תיכף געקומען צו זיך און אַ זאָג געטאָן:

— שפרה, איך וויל גיין אַרבעטן.

שפרה איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. זי האָט זיך באַלד באַהערשט און איר געענטפערט:

— ווערסט דיך נאָך געגוג אָנאַרבעטן! — עטלעכע טראָפּנס שווייס האָבן באַדעקט איר אייבערשטע ליפּ. זי איז אַוועק מיטן קינד אין באַדצימער.

צוריקגייענדיק האָט זי אַ פרעג געטאָן באַשען:

— אַזוי שלעכט איז דיר ביי אונדז? — זי איז געווען צעטומלט.

באַשע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, אָנגעשפּאַרט אויף אים אירע עלנבויגנס און אַריינגעלייגט אין זיי דעם קאָפּ.

ביי נאַכט, ווען רפי און באַשע זענען שוין געלעגן אין די בעטן, האָט שפרה אַ ווונק געגעבן יצחקן און זיי זענען אַרויס אויפן באַלקאָן. שפרה האָט זיך אַרומגעקוקט צי באַשע הערט נישט. זי האָט שטיל געזאָגט יצחקן:

— זי וויל גיין אַרבעטן!

— וואָס רעדסטו? — האָט יצחק זיך געוווּנדערט. ער האָט נישט געגלויבט זיינע אויערן.

— שאַ — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און אים אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט ער זאָל שווייגן. זי האָט זיך צוגערוקט צו אים און איינגערוימט אים אין אויער:

— עס וואָלט גוט געווען, אָבער איך האָב מורא זי צו שיקן צווישן מענטשן.

יצחק האָט זיך איינגעקוקט אין דער פינצטער.

— מען דאַרף פּרובירן — האָט ער אַ זאָג געטאָן שפּרהן. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און איז מיט איר אַריין אין שטוב.

יצחק איז באַליבט ביי דער אַרבעט. ער באַציט זיך האַרציק צו די מענטשן. ברוך, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער, געלער ייד, וואָס אַרבעט מיט יצחקן אין שפּייכלער, האָט געוווּסט, אַז יצחקס שוועגערין איז געקומען צו אים פון די לאַגערן. יצחק האָט אויך מיט אים איבערגערעדט וועגן איר באַנעמען זיך. ברוך מיט יצחקן געהערן צו דער זעלבער איינהייט אין דער „הגנה", אָפט געהאַלטן צוזאַמען „שמירה". ברוכס שוואָגער, זאב, איז אַ לייטער אין „הכפתור". ברוך האָט מיט אים איבערגערעדט. זאב האָט אים געזאָגט באַשע זאָל קומען צו דער אַרבעט.

באַשע זאָגט „שלום" ווען זי קומט אַריין אין שטוב. אָפט פרעגט זי ביי דער שוועסטער וואָס עס הערט זיך. טייל מאָל פרעגט זי אַפילו וואָס זי האָט געקאָכט. טייל מאָל, ווען זי קומט אַריין אין שטוב, זוכט זי בגנבה ווו רפי איז. דאָס לעצטע מאָל, ווען ער איז איר אַנטקעגנגעלאָפן אַ צעשפּילטער און איר אַ זאָג געטאָן „מומע", האָט זי אים אויך געענטפערט: „שמענדריק!" זי האָט אָבער אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. זי איז אים ווידער פיינטלעך געוואָרן. אין איר אָנוועזנהייט גייט שפרה לאַנגזאַם, ווי זי זאָל גיין אויף די שפּיץ פינגער. זי רעכנט זיך מיט יעדער באַוועגונג, זי היט זיך נישט צו צעשטערן די רו אין שטוב. די נאָכמיטאָג־שעהן ווידמעט זי באַשען. מיט רפין

פאַרנעמט זיך דער פאָטער. שפרה שפּאַצירט מיט דער שוועסטער איבער די גאַסן פון שטאָט.

באַשען שרעקט דער שטאָט־געפּילדער, אָבער ער פאַרכאַפּט זי אויך. זי פאַר־געסט זיך, זי וויל זען די מענטשן, אָבער נאָר פון דער ווייטנס. זי וואָגט זיך נישט זיי אָנקוקן, דערקענען זייערע פּנימער. די שוועסטער שפּאַצירן ביזן אָוונט, ביז זיי פאַרמאַטערן זיך.

דער זומער־נאָכמיטאָג איז פאַרנעפּלט, אָבער מילד. דאָס ים־ווינטל דער־פרישט. שפרה מיט באַשען שפּאַצירן לענגויס דער ים־פּראָמענאַדע פון דער זייט אַלנבי אין דער ריכטונג פון יפו. שפרה איז מיט באַשען נישט אַראָפּ אויפן זאַמד־ברעג. זי ווייסט, אַז באַשע האָט מורא פאַר אַן עולם מענטשן. באַשע באַטראַכט די נאַקעטע לייבער. פון דער ווייטנס זעען די מענטשן אויס ווי איין פליישברילע, נאָר זייערע קיילעכיקע קעפּ, ווי באַלעמס, באַוועגן זיך איבער דער פליישמאַסע, ווי זיי זאָלן זיך קוילערן. באַשעס בליק איז אָנגעשטרענגט און דערשטוינט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זי געזאָגט צו זיך:

— אַזוי פיל יידן און מען טוט זיי גאָרנישט...

שפרה האָט געשוויגן, ווי זי זאָל נישט הערן וואָס באַשע האָט געזאָגט.

זיי אַנטקעגן האָט שפּאַצירט אַהין און צוריק אַ הויכער, ברייטביייניקער מאַן מיט שאַטינענע האָר. פאַרבייגייענדיק זיי האָט ער שוין פון ווייטנס געקוקט אויף באַשען.

באַשע האָט אים באַמערקט און דערקענט. יעדעס מאָל, ווען ער גייט זיי פאַרביי, דרייט זי אַוועק דעם קאָפּ, זי זאָל אים נישט זען. איר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק: — אפשר וויל ער זי צוריקפירן. פאַרבייגייענדיק האָט זי אים, מיט שרעק, אָנגעקוקט פון אונטערן שטערן.

ער איז שטיין געבליבן:

— שלום! איר דערקענט מיך? — האָט ער זי געפרעגט. — איך בין יהודה

— האָט ער צו איר געזאָגט און אויסגעשטרעקט די האַנט.

אומגערן, ווי צווינגענדיק זיך, האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט. זי האָט זיך צוגערוקט צו דער שוועסטער, ווי זי זאָל זיך צו איר טוליען.

— איך הייס געררי — האָט ער זיך פאָרגעשטעלט פאַר שפרהן און איר דער־לאַנגט די האַנט.

שפרה האָט אים נאָר דערלאַנגט די פינגער. זי האָט אים אָנגעקוקט דער־שטוינט און בייגעריק.

איך האָב זי געפירט איבער די גרענעצן. איך בין געווען אין דער יידישער בריגאַדע — האָט ער געזאָגט שפרהן. ער האָט געזען באַשעס מורא און שפרהס בייגער: — איר זייט משפחה? — האָט ער געפרעגט שפרהן.

— מיר זענען שוועסטער — האָט שפרה אים דערציילט.

— גוט וואָס זי האָט געפונען אַ שוועסטער און, ווי איך פאַרשטיי, אויך אַ היים — האָט יהודה געזאָגט אַ צופרידענער.

שפרה האָט נאָר אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

באַשע האָט געקוקט אויפן ים. זי האָט זיך נישט געוואָלט אומקערן צו אירע וואָגלענישן.

שפרה האָט דערפילט דער שוועסטערס פּחד. זי האָט מורא געקריגן, אַז באַשע זאָל איר נישט אַנטלויפן.

— קום — האָט זי אַ זאָג געטאָן און גענומען גיין צו דער גאַס. אַ ווײַלע זענען זיי געגאַנגען איבער דער אַלנבי־גאַס און געשוויגן. יעדער באַזונדער האָט באַטראַכט די באַוועגונג אין גאַס.

יהודה איז געגאַנגען ביי דער זייט פון שפרהן. ווען זיי זענען צוגעקומען צו מוגרבי האָט ער געזאָגט, זיך דערמאָנט די פאַרגאַנגענע צייט:

— נאָך דער וויסטער מלחמה איז אייראָפּע געבליבן תוהו־ובוהו, מענטשן זענען געלאָפן פון איין פּלאַץ אויפן אַנדערן, די יידן אַוודאי. אַ ווייב האָט געזוכט אַ מאַן, אַ טאָכטער אַ טאַטן. זעלטן ווען אַ ייד האָט געפונען אַ קרוב. מיר, יידן אין דער בריגאַדע, האָבן געפירט אונדזערע פליטים בייטאָג און ביינאַכט. מיר האָבן זיי געפירט פאַרמאַכטע אין אויטאָס, אויסנוצנדיק די דערלויבענישן צו פירן געווער אָדער פּראָוויאַנט. אין געוויסע שטעט זענען יעדע פאָר צענדליק קילאָ־מעטער געווען ספּעציעלע יידישע אַכסניות, ווו מען האָט זיך פאַרהאַלטן, ביז מען האָט זיי געבראַכט צו דער שיף. — ער האָט אַ קוק געטאָן אויף באַשען און האָט ממשיך געווען. — באַשע איז געווען דערשראָקן, אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד. — אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן און דערנאָך צוגעגעבן: — איך האָב אויף איר אויפ־געפּאַסט. אין יעדער אַכסניה האָב איך געבעטן מען זאָל זי פאַרזאָרגן.

— איך דאַנק אייך! — האָט שפרה אים געזאָגט און צוגעגעבן — שטענדיק אין אַ צרה געפינט זיך אַפּ ווער וואָס זאָרגט.

ווען יהודה האָט גערעדט, האָט ער אַריבערגעקוקט צו באַשען.

זי האָט געשוויגן און געקוקט אַראָפּ, ווי זי זאָל ציילן די שטיינער פון טראָטואַר. זי האָט נאָר געמאַכט מיטן מויל ווי זי זאָל עסן.

— מיר זענען אָנגעקומען — האָט שפרה געזאָגט. אַלע זענען געבליבן שטיין.

— דאָ וווינט איר? — האָט יהודה זי אַ פרעג געטאָן.

שפרה האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

יהודה האָט אָנגעקוקט באַשען. זי איז געשטאַנען אים אַנטקעגן. ער האָט באַמערקט איר צאָרן און מורא אויפן פּנים. ער האָט ווידער דערזען די פּליטה אין איטאַליע. ער האָט פאַרמרוזשעט די אויגן. זיינע ליפּן זענען געבליבן אָפּגע־לענט, אָבער זיינע ציין זענען געווען פאַרביסן. זיינע קינבאַקן זענען געווען בולט. ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט און אַ פרעג געטאָן:

— איך קען אייך באַזוכן? — ער האָט גערעדט שטיל, נישט זיכער, צעצויגן די ווערטער.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף שפרהן פון אונטערן שטערן.

— ווען איר ווילט, ביטע — האָט שפרה אים געזאָגט אַ צופרידענע.

באַשעס שוואַרצע אויגן האָבן אַ גלי געטאָן פון כעס. זי האָט אויפגעהויבן די אָרעמס, ווי זי זאָל וועלן אַוועקפליִען. זי איז אַוועק אין שטוב אָן אַ „שלום״.

— עס מאַכט נישט. איך וועל קומען — האָט יהודה געזאָגט שפּרהן און זיך צעשמייכלט.

שפרה האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ מיט דאַנקבאַרקייט און טרויער. זי האָט זיך געשעמט פאַר אים.

— שלום! — איך וועל קומען — האָט יהודה נאָך אַ מאָל געזאָגט. ער האָט איר אַ דריק געטאָן די האַנט.

— שלום! — האָט זי אים געזאָגט און איז אַריין אין שטוב.

יהודה איז אַוועק ביזן ווינקל פון געסל. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן שילדל פון גאַס.

די שכנות קומען ווידער צו שפרהן. זיי קומען, ווי שטענדיק, עפּעס פרעגן אָדער עפּעס נעמען. איין מאָל, ווען באַשע איז צוריקגעקומען פון דער אַרבעט און שפרה האָט געקאָכט, איז אַריין דינה.

— קענסט מיר געבן אַ ביסל אייל? — האָט זי אַ בעט געטאָן.

— נעם וויפל דו ווילסט — האָט שפרה איר געענטפערט און דערלאַנגט איר אַ פולע פלאַש.

באַשע האָט מיט ביידע הענט אָנגענומען צווי זשמעניעס פון אירע האָר און שטיל אַ יאָמער געטאָן: — אוי, אוי.

ביידע פרויען האָבן אויפגעציטערט און זי אָנגעקוקט דערשטוינטע.

— באַשע — האָט שפרה זי שטיל אַ רוף געטאָן. זי האָט געמיינט, אַז באַשע איז ווידער אַריין אין אַ היסטעריע.

— אין לאַגער איז נישט געווען קיין אויקעץ פעטס — האָט באַשע שטיל געזאָגט און איז אַוועק אין שטוב.

דינה און שפרה האָבן זיך ווידער אַ מאָל איבערגעקוקט. שפרה האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ פון צער. דינה האָט צוגעבויגן איר קאָפּ צו שפרהן:

— זאָג גאָרנישט, זי איז שוין אַ מענטש — האָט זי איר געזאָגט. — אַ גוטן — האָט זי צוגעגעבן און איז אַוועק צו זיך.

באַשעס פערזענלעכקייט איז פונאַנדערגעטיילט. זי טרעט אויף דער ערד „דאָ״, אָבער דער „דאָרט״ מאַטערט זי. זי קען זיך פון אים נישט באַפרייען. פאַראַן מאָמענטן ווען זי מוז זיך אַראָפּרעדן. זי האָט אָבער מורא רעדן, זי זאָל זיך נישט אויסרעדן פאַר דער שוועסטער. דעמאָלט כאַפּט זי זיך אַריין צו ברײַנען. דבורה, ברײַנעס טאָכטער, אַרבעט אין אַ ביוראָ. חיים, איר מאַן, האָט אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ מיט וועלכן ער מאַכט ווייטע שטרעקעס. אָפט בלייבט ער אין וועג נעכטיקן. זייערע צווי זין און טעכטער לערנען אין מיטלשולן. ברײַנע פירט די ווירטשאַפט. צו איר קומט באַשע ווי צו אַ מאַמע. ברײַנע, ווי זי זאָל נישט פאַרנומען זיין, טוט

זי אויס די שאַרץ מיט דער טאַש און זעצט זיך מיט איר אַוועק. זי הערט זי אויס ווי אַ מאַמע אַ טאָכטער.

היינט נאָך מיטאָג האָט ברײַנע אָנגעקלאַפּט ביי שפרהן.

שפרה האָט איר געעפנט די טיר און זי אַריינגעבעטן אין שטוב. גייענדיק האָט ברײַנע גערופן: — באַשע!

אַ גאַסט — האָט שפרה אַ זאָג געטאָן ברײַנען און האָט אַ רוף געטאָן: — רפי, קום זען ווער עס איז געקומען.

— באָבע! — האָט רפי אויסגעשריגן פון פרייד און צוגעלאָפן צו איר.

— באַשע, איך האָב דיר געברענגט אַ לאַטקע צו פאַרזוכן — האָט ברײַנע איר געזאָגט און אַרויפגעשטעלט דאָס טעלערל אויפן טיש.

— רפי האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו ברײַנען. „באָבע!“ האָט ער איר אַ זאָג געטאָן.

ברײַנע האָט זיך איינגעבויגן. זי האָט אַ קרעכץ געטאָן און האָט גענומען דאָס יינגל אויף זיך. זי האָט צוגעלייגט איר קאָפּ צו זײַנעם. זי האָט אָנגענומען זיין הענטל און דערמיט אַ גלעט געגעבן באַשעס באַק.

באַשע האָט אַריינגעכאַפּט זיין הענטל אין מויל אַריין, אָבער אין מאָמענט האָט זי ווי עס אויסגעשפּיגן. זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט. זי האָט איבער־געלייגט איין לאַטקע איבער דער צווייטער און זיי איינגעביסן.

ברײַנע האָט אַראָפּגעלאָזט רפין און האָט אויך אים געגעבן אַ לאַטקע.

— צום געזונט אייך! — האָט ברײַנע זיי אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק אַהיים.

— באָבע, אַ דאַנק — האָט באַשע איר נאָכגעשריגן מיט אַ פול מויל.

רפי האָט זי באַגלייט ביז דער טיר.

# ד

דער הימל איז לויטער, אָן אַ וואָלקן־פּגם. שוין פון גאַנץ פרי איז די זון הייס. אירע שטראַלן זענען לאַנג, זיי גליִען אָן די ערד און אַלץ אויף איר. די לופט איז געדיכט. עס רירט זיך נישט קיין גרעזל, נישט קיין בלעטל. מענטשן שוויצן. באַשע גייט אַהיים פון דער אַרבעט. איר פּנים איז צעפלאַמט, זי אָטעמט שווער, אירע נאָזלעפלער פלאַטערן. אַ דינער שוויס, ווי טוי, באַדעקט איר אייבערשטע ליפּ. אירע שוואַרצע האָר גלאַנצן.

זייער אָפט גייט זי צופוס, כאָטש פון איר שטוב צו דער אַרבעט איז אַ מהלך. אויף דער פרײַ איז זי זיכערער, כאָטש יעדעס מאָל, ווען די טריט הינטער איר ווערן האַסטיקער, דרייט זי אויס דעם קאָפּ צו זען ווער עס גייט. ווען זי וואַרט אויף אַן אויטאָ־סטאַציע און עס קומט אָן אַ פול געפּאַקטער אויטאָ מיט מענטשן, דרייט זי אַוועק דעם קאָפּ און גייט אַוועק, ווי זי זאָל אַוועקלויפן.

אײן מאָל, װען זי איז אײליק אײנגעשטיגן אין אויטאָ און נישט געזען אַז ער איז געפּאַקט, האָט זי קוים געקויפט אַ בילעט און אַרײנגעדרונגען אין דעם מענטשנקנויל. װי נאָר דער אויטאָ האָט גערירט פון אָרט האָט זי גענומען היסטע־ריש קלינגען, דער אויטאָ זאָל זיך אָפּשטעלן. אַלע פּאַסאַזשירן האָבן זיך אין איר אײנגעקוקט. אירע אויגן זענען געװען אויסגעצעצט, איר מויל אָפן. זי האָט זיך געשטיקט אינעם מענטשן־געדראַנג. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז זי געפינט זיך אין אַ גאַזקאַמער. װי נאָר דער אויטאָ איז שטיין געבליבן האָט זי זיך, װי אַ װילדע, אַדורכגעשטופּט דורכן המון. זי איז אַרויסגעשפּרונגען און גענומען לויפן, װי מען זאָל זי טרײבן.

איר אַרבעטס־פּלאַץ, די פאַבריק, האָט זיך געפונען אין אײנער פון די גאַסן אין דרום פון שטאָט. די הײַזער האָבן דאָ נישט קײן פּלויטן. די הײף זענען הינטער די הײַזער. אײן װאַנט גרענעצט זיך מיט דער צװײטער. די הײַזער פון בײדע זײטן שליסן אָפּ די גאַס. „הכפתור" געפינט זיך אין פּאַרטער. דער זאַל, אין װעלכן באַשע אַרבעט, איז געװען גרויס און גרוים, די ליכט איז געװען פּאַרטונקלט. די פענצטער־לאָדנס זענען געװען כסדר צוגעלענט. עס האָט זיך געפילט דער ריח פון געזענקטן האָרן. באַשע האָט גערן געהאַט איר אַרבעט. װי נאָר זי איז געקומען צו דער אַרבעט האָט זי זיך גלײך אַװעקגעזעצט און אויפגעצויגן די קנעפּ מיט פלײס. זי האָט געאַרבעט מיט אימפּעט, פאַרגעסן אין אַלעם, אָבער אָפּט, װען זי איז געװען אַרײנגעטאָן אין דער אַרבעט, זענען אירע הענט געבליבן װי געלײמט. פון פּחד פלעגט זי אויפהײבן דעם קאָפּ. אירע פאַרגלײזטע אויגן פלעגן קוקן איבער די קײשלעך מיט קנעפּ. זי אָבער פלעגט דערזען שטויסן שיך און מלבושים, װאָס זי פלעגט סאָרטירן אין לאַגער.

נאָך יעדער אַזאַ דערמאָנונג פלעגט איר אַדורך אַ ציטער איבער אירע אַקסלען. זי פלעגט זיך אויפכאַפּן װי פון שלאָף. דעמאָלט האָט זי גענומען אַרבעטן נאָך פלײסיקער. זי האָט אויסגעאַרבעט מער װי יעדע אַרבעטערין.

צו די פנימער פון די פרויען, מיט װעלכע זי האָט געאַרבעט, האָט זי זיך שוין צוגעװױנט, אָבער יעדעס מאָל, װען אַן אַרבעטערין פלעגט פאַרבײגײן, האָט זי דערשטױנט זי אָנגעקוקט. די אַרבעטערינס האָבן דאָס אַלץ געזען און געשװיגן. זײ האָבן זיך נישט דערנענטערט צו איר. זײ האָבן נישט געװאָלט אַרײנרײסן זיך אין איר װעלט, צעשטערן אירע געדאַנקען. אויך זײ האָבן געהאָפט, אַז זי װעט זיך אײנלעבן מיט זײ. דער נומער אויף איר האַנט איז פאַר זײ בולט. אין דער הפסקה נעמען זיך די אַרבעטערינס צונויף אין קרענצלעך, עסן און שמועסן. באַשע איז געבליבן תמיד זיצן אויף איר אַרבעטסאָרט אַלײן. זי איז געזעסן און אַרויס־געגעסן שטיקלעך עסן פון איר טאָרבע. זי האָט געגעסן שנעל און בגניבה, די פרויען זאָלן נישט זען װאָס זי עסט. זי האָט אַריבערגעקוקט צו די פרויען און געקוקט װאָס זײ עסן. אירע אויגן האָבן מיטגעגעסן מיט זײ. יעדעס אַרומגעגעסן שטיקל רינדל האָט זי פאַרפּאַקט און עס צוריק אַהײם געברענגט.

באַשע האָט זיך מיט די מיטאַרבעטערינס נישט צונויפגעלעבט, אָבער די עטלעכע שעה אין טאָג, וואָס זי האָט געאַרבעט, איז זי געווען מיט זיך. די בענק און טישן אין דעם אַרבעטסזאַל זענען געווען דער המשך פונעם לעבן ״דאָרט״, דעם לאַגער. די נאָכמיטאָג־שעהן אין שטוב, די געבעטע סאָפע, דער פּאָלירטער טיש, וועקן אין איר אומרו. זי האָט נישט קיין דירעקטן קאָנטאַקט מיטן לעבן. ווי נאָר זי פלעגט בלייבן אַליין מיט זיך, פלעגט זי זיך שלייכן איבער דער שטוב ווי אַ פרעמדע, אָדער זיצן אַ פאַרטרוימטע.

שפרה האָט צוזאַמען מיט באַשען איבערגעלעבט איר פּחד. שפרהס פּנים איז געווען פאַרזאָרגט. די אויגן מאַט. זי איז איצטער ווי קלענער געוואָרן. אירע גרויע האָר האָבן זיך געמערט. זי האָט געשוויגן, אָבער אירע מוילווינקלען זענען געווען פאַרצויגן. זי האָט געוואַרט, אויסגעקוקט דעם בחור, וועלכער האָט געפירט באַשען איבער די גרענעצן. יהודה. זיין נאָמען האָט זיך איר גוט איינגעקריצט אין זכרון. זי איז געווען זיכער, אַז ער וועט קומען. אירע געדאַנקען האָט זי געטראָגן מיט זיך. זי האָט זיך אויך נישט געפילט באַקוועם. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל זינט איר חתונה, אַז זי האָט געהאַט פאַר יצחקן אַ סוד. שפרה האָט זיך געאײַלט מיט דער אַרבעט. די זאָרג פאַרן קינד אין די אָוונט־שעהן האָט זי איבערגעגעבן יצחקן. ער איז געגאַנגען מיטן קינד שפּאַצירן, אים געגעבן עסן. זי פלעגט מיט דער שוועסטער אַרויס אין גאַס.

באַשע פלעגט מיט איר גיין, אָבער אָן אינטערעס. זי האָט שוין געקענט די מענטשן אין די הייזער, די שויפענצטער און דעם שטייגער אין גאַס. דער שפּאַציר איבער דער גאַס איז פאַר איר אַן אָפּקומעניש. זי האָט עס געטאָן פאַר דער שוועסטער. זי האָט געוואָלט זיין וואָס שנעלער אין שטוב. זייט זי האָט זיך געטראָפן מיט יהודהן ביים ים, לעבט זי אין אַ פּחד, אַז זי וועט אים ווידער טרעפן.

באַשע האָט גוט אויסגעזען, איר פּנים איז געווען גלאַטיק, אירע באַוועגונגען לאַנגזאַמע, ווי פוילע, אָבער דער בליק אירער איז געווען שאַרף, דורכדרינגלעך. זי האָט געוואָלט לעבן און נישט געקאָנט. אָפט, ווען זי איז געזעסן אַ פאַרטראַכטע, פלעגט זי אויפהייבן די אויגן, באַטראַכטן יעדן קעגנשטאַנד אין שטוב. די זאַכן זענען איר געפעלן, זי האָט געוואָלט אַ שמייכל טאָן, אָבער זי האָט נישט געקאָנט. זי האָט באַלד דערזען די אויסגעהונגערטע יידן אין לאַגער, די יידן וואָס האָבן געגוססט אין גאַנג. דעמאָלט פלעגט זי פאַרברעכן די הענט, רענגען די פינגער און שפרייזן איבער דער שטוב. נאָכן לעצטן שפּאַציר האָט זי זיך אַרייגעזעצט אין ווינקל פון דער סאָפע. אירע אויגן האָבן זיך איינגעקוקט אין דער ווייט, ווי זיי זאָלן אַריבערקוקן. זי האָט אַפילו נישט געזען ווי רפי האָט געגעסן די באַנאַנע פון יצחקס האַנט און אַז דער פאָטער דערציילט אים אַ מעשה. ווען זי האָט אָבער דערהערט ווי יצחק זאָגט צו רפין: ״יעדע מאַמע און יעדער טאַטע האָבן קינדער און שפילן זיך מיט זיי״, האָט זי היסטעריש אַ וואָיע געטאָן: ״אַההה״. זי איז אויפגעשפרונגען און אָנגעהויבן לויפן, ווי זי זאָל זיך נאָך ווע‌מען יאָגן.

שפרה איז אַרויס פון שלאָפצימער אַן איבערראַשטע. זי האָט זיך אומגעקוקט וואָס עס האָט פּאַסירט.

יצחק מיטן ייִנגל האָבן זיך איינגעקוקט אין באַשען. רפי האָט פּרובירט אַ לאַך טאָן. זיין פול מויל האָט אים געשטערט.

באַשע האָט געשטעלט אַ טריט אויף צוריק, זיך פאַרהאַלטן. זי האָט אין דעם מאָמענט דערפילט וואָס זי האָט אָפּגעטאָן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף די שטוביקע אַ פאַרשעמטע און אַוועקגעדרייט איר קאָפּ. איר בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן וואַזאָן מיט גלאַדיאָלעס, וואָס איז געשטאַנען אויף דער ערד.

די בלומען האָבן שוין געוועלקט, זייערע קעפּ זענען געווען אַראָפּגעלאָזט.

— „דאָרט״ זענען יידן שנעלער אומגעקומען — האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל אַריינרעדן אין זיך.

שפרה האָט אַ כליפּע געטאָן. עס האָט איר פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

יצחק האָט מיט איין האַנט אַרומגענומען דאָס קינד און עס צוגעדריקט צו זיך.

שפרה איז אַריין אין שטוב מיט קליינע, פּאַמעלעכע טריט, ווי זי זאָל שלעפּן די פיס.

עס איז געווען שפּעט אין אָוונט. רפי איז שוין געשלאָפן. די שטילקייט אין שטוב איז געווען פילבאַר, די לופט דעמפּיק. די פענצטער זענען געווען אָפן, די פאָרהאַנגען אָפּגערוקט. אַלע לעמפּ אין זשיראַנדאָל האָבן געברענט. יצחק איז געזעסן ביים טיש און געלייענט די אָוונט־צייטונג.

באַשע איז געזעסן אויפן שפּיץ פון דער סאָפע, אירע פינגער זענען פאַרבויגן. זי האָט געריבן איין נאָגל אין אַנדערן. עס האָט זיך געהערט אַ רויש, ווי דאָס גריזשען פון אַ מייזל. באַשעס ברעמען זענען געווען צונויפגעצויגן. דער שליץ צווישן אירע אויגן איז געווען פאַרקנייטשט. זי איז געזעסן אַנטקעגן יצחקן, ווי זי זאָל אים באַטראַכטן. פון צייט צו צייט האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי הערט טריט אין דרויסן. אַ דערשראָקענע האָט זי געקוקט אין דער נאַכט־פינצטער, וואָס האָט זיך געשלייערט אין די פענצטער.

אַ קלונג ביי דער טיר האָט איבערגעריסן די שטילקייט אין שטוב. ביידע שוועסטער האָבן אויפגעהויבן די קעפּ.

שפרה איז אַרויס פון צימער. זי האָט איילִיק געעפנט די אַריינגאַנגס־טיר.

— גוט אָוונט! — האָט אַ דיקע מענער־שטימע איר געזאָגט.

— אַ גוט יאָר אייך! שיין וואָס איר זענט געקומען, נישט פאַרגעסן אין אונדז — האָט שפרה אים געענטפערט. איר טאָן איז געווען הילכיק, נאָר איר שטימע איז געווען דינער ווי געוויינלעך.

יצחק האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער צייטונג. ער האָט געוואַרט זען ווער עס וועט אַריין צו אים.

באַשע זיצט מיט אַן אויסגעצויגענעם האַלדז. אירע אויגן זענען אויפגעריסן.

זי קוקט װי איבערן שװאַגער אַריבער. זי װאַגט נישט קוקן אין קאָרידאָר אַרײַן. זי האָט מורא, אַז עמעץ װעט אַרײַן אין שטוב.

שפרה איז אַרײַן אין שטוב פון דער זײַט, מיטן פּראָפיל צום גאַסט, װי זי זאָל אים פירן. — אָט איז יהודה — האָט זי געזאָגט צו באַשען. איר שטימע האָט געציטערט. זי איז נישט געװען זיכער װי אַזױ באַשע װעט אױפנעמען דעם גאַסט. — זײַט באַקאַנט — האָט זי, װינקענדיק, געזאָגט צו יצחקן. אירע באַקן זענען געװען רױט.

יצחק האָט זיך אױפגעשטעלט. בײדע מענער האָבן זיך געדריקט די הענט.

— איך הײס געריי — האָט יהודה זיך פאָרגעשטעלט.

— גרײַז — האָט יצחק אים שטיל געענטפערט. יצחק האָט זיך אָנגעלענט מיט אַ פױסט אין טיש און געװאַרט.

— שלום! — האָט יהודה געזאָגט באַשען. ער איז צוגעגאַנגען צו איר און אױסגעשטרעקט די האַנט.

באַשע האָט אים דערלאַנגט די שפּיץ פינגער. אירע אױגן זענען געװען מאַט און פאַרצױגן. איר קאָפּ איז אַראָפּגעהאָנגען. זי האָט שנעל אַרױסגעצױגן די פינגער פון זײַן האַנט. זי האָט זיך אױפגעשטעלט און גענומען גײן.

יצחק האָט אױסגעשטרעקט אַ פוס. ער האָט איר פאַרשטעלט דעם װעג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי װיל אַרױס פון צימער. ער האָט אױסגעשטרעקט דעם אָרעם און אַרומגענומען אירע אַקסלען. באַשע האָט אַ צאַפּל געטאָן, װי אַ ציטער זאָל זי טרײסלען. יצחק האָט מיט דער צװײטער האַנט אָפּגערוקט פון טיש אַ בענקל און זי אַװעקגעזעצט.

יהודה האָט צו איר אַריבערגעקוקט מיט אײן אױג.

באַשע איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעבױגענעם קאָפּ, די אױגן פאַרמרוזשעט, אַ דיקער פאַלד האָט צעטײלט איר ברײטן שטערן. אירע צײן האָבן געביסן איר אונטערשטע ליפּ.

שפרה איז צוגעגאַנגען צו באַשען און אָפּגעצױגן אױף איר ס׳קלײד. באַשע האָט נישט באַמערקט, אַז מען זעט איר אַרױס דעם ברוסטשליך.

אַ לײכטער שמײכל האָט באַדעקט יהודהס אײבערשטע ליפּ. די הױט אַרום זײַנע אױגן־װינקלען האָט זיך צעקנײטשט:

— אַ קלײן מײדעלע — האָט ער אַ זאָג געטאָן װי צו זיך אַלײן.

— זי איז מײַן אונטערגעװאַקסענע שװעסטער — האָט שפרה אים געזאָגט קאָקעטיש און אַ װײַז געטאָן אירע גרױסע, װײַסע צײן.

— יצחק — האָט זי זיך געװאָנדן צום מאַן — יהודה איז געװען אין דער „בריגאַדע״ אין איטאַליע. ער האָט באַשען צוגעפירט צו דער שיף. — זי האָט געװאָלט איבערפירן דאָס געשפּרעך אױף אַן אַנדערע טעמע. זי האָט אױך געװאָלט יצחק זאָל װיסן אין װאָס עס גײט. — אַנומלט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אים בײַם ים — האָט זי אים דערצײלט.

— וואָס שטייען מיר? מיר קענען זיצן ביים טיש — האָט יצחק געזאָגט.

אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט.

באַשע האָט זיך אַריינגעזעצט אין בענקל. זי איז געווען אומרויִק, מיט פּאַרדרוס.

יהודה, וואָס האָט די גאַנצע צייט באַטראַכט באַשען פון אונטערן שטערן, האָט זיך צו איר געוואַנדן:

— איך האָב נישט געוווּסט אַז איך וועל שטערן — האָט ער זיך פאַרענט־פערט און האָט אַ קוק געטאָן אויף יצחקן. יהודהס מויל איז געווען אָפּגעלענט. זיין שפּיץ צונג איז געווען אָנגעשפּאַרט אין די אויבערשטע ציין. זיינע אויגן זענען געווען פאַרמרוזשעט.

יצחק האָט אים אַ ווונק געטאָן, אַז ער פאַרשטייט אים.

באַשע האָט אָנגעקוקט יהודהן. זי האָט ערשט איצט דערזען אַז ער איז אַ שיינער יונגערמאַן. זי האָט געוווּסט, אַז ער האָט גערעדט צו איר. ס'איז איר געווען נישט אָנגענעם פאַר די שטוביקע.

— איך שרעק זיך פאַר יעדן פרעמדן — האָט זי אַ זאָג געטאָן יהודהן, זיך פאַר אים פאַרענטפערט.

ער האָט פאַרנייגט דעם קאָפּ, אַז ער איז איר מוחל. באַלד דערנאָך האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

— אָבער איך בין דאָך נישט אין גאַנצן אַ פרעמדער.

זי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דער שאָקל האָט געקאָנט באַדייטן ניין אָדער יאָ. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן:

— איך לעב אויף צוויי וועלטן. אייער קומען האָט מיך צוריקגעבראַכט אין לאַגער אַריין. — זי האָט פאַרצויגן די ברעמען און געזשמורעט די אויגן.

— שוועסטער, פאַרגעס אַ ווײַלע וואָס עס איז געווען, געקומען אַ גאַסט — האָט זיך שפרה ביי איר געבעטן.

— הלוואי וואָלט איך געקאָנט — האָט איר באַשע געענטפערט.

אַלע דריי האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זיי האָבן נישט געוואָגט זיך אָנקוקן. די דעמפּיקייט אין שטוב איז געווען וואָגיק. די שטילקייט האָט געקלונגען אין די אויערן.

— הייס! — האָט יצחק אַ זאָג געטאָן און מיט דער האַנט זיך אַ פאָכע געטאָן פאַרן פנים. ער האָט געוואָלט לייכטער מאַכן די שטימונג.

— דער ים איז היינט גלאַטיק ווי אַ גלאָז, אָבער ס'וואָסער איז געדיכט, ווי עס זאָל זיין מיט עפּעס פאַרמישט — האָט שפרה אַ זאָג געטאָן.

— ווייזט אויס, אַז מאָרגן וועט זיין אַ „חמסין" — האָט יהודה איר געענט־פערט — די בהמות וועלן דאַרפן אַ סך טרינקען — האָט ער צוגעגעבן. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַראָפּ און אַרויף און פאַרקנייטשט די גאָמבע. ער האָט באַשטעטיקט זיינע ווערטער.

יצחק מיט שפרהן האָבן זיך איבערגעקוקט. זײ האָבן נישט פֿאַרשטאַנען וואָס ער מײנט.

— אָבער עס װעלן זײן ירקות — האָט יהודה צוגעגעבן.

— הײ־יאָר איז דאָ ירקות — האָט שפרה אים געענטפֿערט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף יצחקן. זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט און איז אַװעק אין קיך.

באַשע האָט אויפֿגעהויבן די אויגן. זי האָט נאָכגעקוקט דער שוועסטער מיט חשד ווו אַהין זי גײט. זי האָט אָפּגעפּרײכט. די דעמפּיקע לופֿט אין שטוב איז פֿאַר איר שווער געווען.

— אָבער דערפֿאַר וועלן זײן זאַפּטיקע מאַראַנצן — האָט יצחק זיך אַ ווענד געטאָן צו יהודהן.

— עס איז גוט ווען די וועטערן זענען נאָרמאַל — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן. עס וואַקסט אין די פֿעלדער און די בעלי־חיים האָדעווען זיך — האָט ער דער־קלערט יצחקן.

— די נאַטור פּאַסט אויף, אויך מיר, די עולים, האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו דער היץ — האָט יצחק אַ זאָג געטאָן יהודהן און אַ קוק געטאָן אויף באַשען. זי האָט שווער געאָטעמט.

— איך, דער כמעט „סאַברע״, האָב ליב די היץ — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן און געשמייכלט.

שפרה איז אַרײַן מיט אַ פֿולער טאַץ און זי אַװעקגעשטעלט אויפֿן טיש. אויף דער טאַץ זענען געשטאַנען צוויי פֿלעשער אָראַנזשאַדע־זאַפּט, דער סיפֿאָן, עטלעכע גלעזער, אַ טעלער מיט עטלעכע קלײנע געצוקערטע קיכעלעך און אַ שיסל מיט עפּל. זי האָט אַרויפֿגעשטעלט אויפֿן טיש די גלעזער, די טעלערלעך.

יצחק האָט יעדן אַװעקגעשטעלט אַ גלאָז און אײַנגעגאָסן זאַפּט. זיך האָט ער אײַנגעגאָסן סאָדע.

— טרינקט, ווי לאַנג עס איז קאַלט — האָט יצחק זיך געוואַנדן צום גאַסט.

— לחיים! — האָט יהודה שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן. בײדע מענער האָבן גע־טרונקען. באַשע איז געזעסן אַ בײזע מיט פֿאַרצויגענע ליפּן.

יהודה האָט אַרויסגענומען פֿון טאַש די ציגאַרן־טאַש און די שוועבעלעך און אַ קוק געטאָן אויף יצחקן.

— געזונטערהייט. איך רויכער נישט — האָט יצחק זיך פֿאַרענטפֿערט.

— יהודה האָט פֿאַררויכערט און פֿאַרצויגן.

— באַשע — האָט שפרה איר געזאָגט, ווי זי זאָל זי דערמאָנען.

— באַשע האָט איר נישט געענטפֿערט. זי האָט אַפֿילו צו איר נישט אויסגע־דרייט דעם קאָפּ. זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און צוגעטראָגן זיך צום מויל דאָס גלאָז מיטן זאַפּט. זי האָט געטרונקען צוזאַמען מיט דער שוועסטער.

אין שטוב איז געווען שטיל. יהודהס אויסגעברענטע קנױלן רויך זענען געהאַנגען אין דער דעמפּיקער שטוב־לופֿט ווי אַ וואָלקן. יהודה האָט אַ פּיר געטאָן די אויגן איבערן טיש. ער האָט אָפּגעשאַצט די לאַגע פֿון די אַנוועזנדיקע.

— ביי אונדז איז דאָס וועטער כמעט אַזוי ווי אין איטאַליע — האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל רעדן צו באַשען.

באַשע, ווי נאָר זי האָט דערהערט דאָס וואָרט „איטאַליע", האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, ווי זי זאָל נישט וועלן אים קוקן אין פּנים אַריין.

יהודה האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז דאָס וואָרט „איטאַליע" האָט אַ גרילץ געטאָן באַשען אין די אויערן און ער האָט ממשיך געווען:

— אוי איז דאָס געווען אַ צייט. גאַנץ אייראָפּע איז געלאָפן, אויף רעדער, צופוס, מענטשן האָבן זיך געזוכט.

באַשע האָט אָנגעשטעלט די אויערן ווי אַ דערשראָקענע חיה, וואָס איז גרייט אַ שפּרונג טאָן ווען עס לויערט אויף איר אַ געפאַר.

יהודה האָט אויסגעטרונקען די רעשט זאַפט. ער האָט אַוועקגעשטעלט די גלאָז און האָט זיך געוואָנדן צו יצחקן. יצחק האָט געגעסן אַ קיכל.

— עס איז געווען שוידערלעך צו זען ווי מענער און פרויען שלייכן זיך איבער די מחנות און זוכן זיך אַרום. אַ מאַן, אַ טאָכטער, אַ ווייב אָדער אַ זון...

באַשע האָט אַרויפגעלייגט אירע עלנבויגנס אויף די קני̇ען און האָט אַריינגעלייגט איר קאָפּ צווישן די הענט.

— באַשע — האָט שפרה שטיל זי אַ רוף געטאָן.

יהודה האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב און האָט ווייטער דערציילט.

— איצט דאָ, ביים טיש, איז זיך שווער פאַרצושטעלן דעם הונגער וואָס האָט געהערשט נאָך דער מלחמה אין אייראָפּע. אַ וועלט־באַרימט בילד מיט אַ וועלט־נאָמען האָט מען געקענט קויפן פאַר אַ פּעקל פּאַפּיראָסן אָדער אַ פּושקע פליש. יונגע און אַלטע פרויען זענען געשטאַנען הינטער די פּלויטן פון די מיליטער־לאַגערן און געוואַרט מען זאָל זיי דערלאַנגען אַ ביסל אָפּפאַל פון מיטאָג. מיר אַליין האָט אַ דיקער „יעקע" פאַרגעשלאָגן אַ גוט פרויען־פוטער פאַר אַ פּאָר פּושקעס קאָנסערוון. איך האָב עס כמעט געקויפט, נאָר ווען איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אפשר איז דאָס אַ פוטער פון אַ יידישער מאַמע, האָב איך חרטה געקריגן.

באַשע איז אויפגעשפּרונגען פון בענקל. איר פּנים איז געווען שוואַרץ, די ליפּן בלוי. זי האָט געוואָלט גיין, כאָטש אירע אויגן זענען געווען צו.

יהודה האָט אויסגעשטרעקט דעם אָרעם איבערן טיש. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן איר האַנט, נישט געלאָזט זי גיין. ערשט איצט האָט יהודה זיך געכאַפּט, אַז ער האָט זיך פאַררעדט, ערשט איצט האָט ער באַגריפן, אַז ער האָט באַשען וויי געטאָן.

באַשעס ליפּן האָבן געציטערט. זי האָט געאָטעמט שנעל. זי האָט אַ דריי געטאָן איר האַנט, וואָס יהודה האָט געהאַלטן, זי באַפרייט, און זיך צוריק אַוועק־געזעצט.

— באַשע, טרינק — האָט שפרה זיך אַ בעט געטאָן ביי איר אַ פאַרשעמטע. שפרה האָט געוואָלט באַשע זאָל זיך באַרוי̇קן.

— נעמט אַ פּרוכט — האָט יצחק פאַרגעשלאָגן יהודהן. ער האָט געוואָלט צונישט מאַכן דעם איינדרוק.

— גענוג! — האָט יהודה אים געענטפערט. זיין שטערן איז געווען צע־קנייטשט. ער האָט זיך געפילט שלעכט. אים האָט פאַרדראָסן די שטימונג, וואָס ער האָט גורם געווען.

— יאָ — האָט יצחק אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך האָבן דערמאָנט עפּעס — איר האָט גערעדט וועגן קי, איר קענט זיך אויס אין דער בראַנזשע? — האָט ער געפרעגט יהודהן. ער האָט געוואָלט אַריבערגיין צו אַן אַנדער געשפּרעך.

יהודה האָט אַ שמייכל געטאָן:

— פאַראַן ביי אונדז אַ שטאַל מיט אַ פּאָר צענדליק קעפּ — האָט ער שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן יצחקן. פון דער זייט האָט ער אַ קוק געטאָן אויף באַשען.

— אַזוי גאָר? — האָט יצחק זיך געוואונדערט.

באַשע האָט געהאַלטן די הענט אויפן טיש. זי האָט געקוקט אויף זיי, ווי זי זאָל זיי באַטראַכטן.

— ר׳ אַברהם, מיין טאַטע, דער מילכיקער מיט דער לאַנגער, ווייסער באָרד איז באַקאַנט אין גאַנץ נחלת־יצחק — האָט יהודה זיך באַרימט. זיין פּנים האָט זיך אויסגעקרימט פון פרייד, אָבער ער האָט געקוקט אַראָפּ, פאַרשעמט.

באַשע האָט אַ קוק געטאָן אויף איר האַנטזייגער. איר פּנים איז געווען אָנגעשטרענגט. זי האָט געוואָלט אַלע זאָלן זען, אַז זי קוקט ווי שפּעט עס איז שוין. זי האָט געוואָלט יהודה זאָל שוין גיין.

יהודה האָט פאַרשטאַנען איר אויפפירונג. ער האָט זיך צוגערוקט די ציגאַרן־טאַש, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. ער האָט ווידער פאַררייכערט אַ ציגאַר און זיך פאַרצויגן.

— איך האָב געענדיקט „מקווה״ — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו יצחקן, ווי ער זאָל נישט האָבן באַמערקט, אַז באַשע האָט געקוקט אויפן זייגער — איך בין אויפגעוואַקסן אויף דער ערד, איך בין אַ פּויער, דער ריח פון דער אויפגע־אַקערטער ערד שיכורט מיך. מיין טרוים איז צו האָבן אַ לאַנדווירטשאַפט.

יצחק און שפרה האָבן זיך צוגעהערט.

ער האָט נאָך אַ מאָל אַרויסגעלאָזט דעם רויך פון מויל, ווי ער זאָל זיך אים אַריינבלאָזן אין דער נאָז. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין בענקל־אָנלען און ווייטער גערעדט:

— די ערד אין לאַנד איז אַ גוטע, אַז מיר וועלן נאָר האָבן פּאַר איר וואַסער, וועלן מיר קענען זי באַאַרבעטן און האָבן גערעטעניש. דאָס לאַנד איז פאַרלאָזט, די ערד איז שיטער, נישט געפלעגט. מען דאַרף זי באַאַרבעטן, אַריינטאָן אין איר כוחות, וועט זי ענטפערן מיט שפע. די ערד איז גוט, די פון מדבר אָנגעטראָגענע זאַמדן האָבן זי פאַרדעקט. די פון ווינטן הוילע, צעפּאַלענע פעלזן, האָבן זי פאַרשטיינערט.

נישט נאָר שפרה און יצחק האָבן נייגעריק אים אויסגעהערט. אויך באַשע האָט אַרויסגעוויזן אינטערעס.

באַשע האָט פאַרגעסן, אַז זי איז מיד.

אין שטוב איז געווען שטיל. יצחק האָט אַ ווונק געטאָן שפרהן זי זאָל מיט אים גיין.

שפרה האָט פאַרשטאַנען יצחקס געדאַנק. אויך זי האָט געוואָלט זיי לאָזן אַליין, אָבער זי האָט מורא געהאַט עס צו טאָן. זי האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי עס וועט ווירקן אויף באַשען.

יצחק האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט יהודהן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

יהודה האָט צו זיי אַ שמייכל געטאָן. ער האָט פאַרשטאַנען אַז זיי געזעגענען זיך מיט אים.

יצחק האָט געשטעלט פאַמעלעכע טריט, ווי ער זאָל גיין אויף די שפּיץ פינגער. שפרה איז אים נאָכגעגאַנגען. זיי זענען אַוועק אין שלאָפצימער.

די שטילקייט אין שטוב האָט זיך איבערגעגאָסן. יהודה האָט נישט דרייסט אַ קוק געטאָן אויף באַשען. אירע אויגן האָבן געקוקט ווייט. ער האָט איבערגע־פירט די שפּיץ צונג איבער די ליפּן. אַ ווײַלע האָט ער געצעגערט, אָבער ער האָט ווייטער גערעדט:

אַ קליין לאַנד, אָבער שיין. יעדע פּאָר צענדליק קילאָמעטער הערשט אַן אַנדער קלימאַט. בערג און טאָלן, היץ און קילקייט. גרינע, שיטערע ערד, ברוינע, פעטע ערד און שוואַרצע, דיקע ערד. ערד וואָס גיט גערעטעניש אין יעדער צייט פון יאָר. ער האָט גערעדט פאַמעלעך, זי זאָל פאַרשטיין יעדעס וואָרט. אין אים האָט זיך דערוועקט די אַמביציע זי צו זיך דערנענטערן.

באַשע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט פּלוצלונג דערזען, אַז זי איז געבליבן אַליין מיט יהודהן, דעם פרעמדן. אירע אַקסלען האָבן אַ ציטער געטאָן, ווי זי זאָל זיך אָפּטרייסלען. זי האָט געוואָלט זיך אויפשטעלן און גיין, אָבער פון מורא האָט זי אים אַ פרעג געטאָן:

— איר קענט דאָס לאַנד? — און צו אים אַ שמייכל געטאָן. איר שמייכל איז געווען האַרט, געצוווּנגען. זי האָט זיך מיט אים אויפגעפירט ווי אין לאַגער, ווען אַ מאַן האָט זיך צו איר געטשעפּעט.

יהודה האָט זיך אין איר איינגעקוקט. זיין פּנים איז געווען גוטמוטיק. אַ דינער שמייכל איז געלעגן אונטער זיינע אויגן.

אירע אויגן זענען געווען שטאַר, איר פּנים בלאַס. איר האַלדז איז געווען אויסגעצויגן. דער קאָפּ אירער האָט ווי אַריבערגעשטאַרט איבערן טיש.

— דעם מענטשנס גרעסטע ראַל איז לעבן — האָט ער איר געזאָגט. ער האָט געקנייטשט דעם שטערן און זיך איינגעקוקט אין איר.

אירע אויגן האָבן שטאַר אים אָנגעקוקט. איר פּנים איז געווען דורכזיכטיק פון אויפרעגונג.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט אין אים אַרויסגערופן מיטלייד.

— באַשע — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו איר.

דערהערנדיק איר נאָמען האָט זי פאַרקרעמפּט די פינגער, ווי זי זאָל ביילן די פויסטן.

יהודה האָט פאַרזשמורעט די אויגן, ווי ער זאָל נאָכטראַכטן, און איר געזאָגט:

— איך האָב דיך געטראָפן מיט דיין שוועסטער ביים ים און דעמאָלט ווידער דערזען אין דיר דאָס שיינע, דאָרע מיידל פון דעם פּליטים־טראַנספּאָרט אין איטאַליע. — ער איז שטיל געבליבן. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זי אַ פרעג געטאָן: — בין איך דיר אַזוי פרעמד? פאַר וואָס שטופּסטו מיך אָפּ? — ער האָט זי אָנגעקוקט און געוואַרט אויף תשובה.

אירע באַקן זענען אייגעפאַלן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן. אירע וויִעס האָבן געציטערט.

— איך? — האָט זי אים געפרעגט מיט אַ געשריי. זי האָט פאַרקלאַמערט די פינגער פון איין האַנט אין דער אַנדערער. אָבער תיכף האָט זי זיך באַהערשט און האָט זיך פונאַנדערגערעדט:

— איך שפּיל נישט קיין ראָלע, איך וויל, אָבער איך קען נישט לעבן. דער מענטש דענקט, אָבער ווען ער פאַרלירט דעם צלם־אלוקים איז ער געפערלעכער פון אַ חיה. — זי האָט גערעדט שטיל, ווי צו זיך. איר פּנים האָט געפלאַמט. זיינע אויגן זענען געווען פייכט.

די שטילקייט אין שטוב איז אָנגעדראָלט. די ליכט פון די לאָמפּן פאַלט אויפן טיש. די שיין באַלויכט זיי. יהודה האָט אָנגעשפּיצט די אויערן. צו אים איז דער־גאַנגען דער ליפּן־פליויש פון שלאָפצימער.

באַשע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש און האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט.

— גערעדט נאַרישקייטן — האָט זי אים געזאָגט — איך בין מיד, שוין שפּעט — האָט זי זיך פאַר אים פאַרענטפערט.

אויך יהודה האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— יאָ, שוין צען אַ זייגער, זיך פאַרזעסן און זיך פאַררעדט — האָט ער געפּרוּווט ווייטער רעדן.

זי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי באַשטעטיקט. אירע אויגן זענען ווידער געווען פאַרמאַכט.

ער איז אַוועק פון טיש. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, ווי ער זאָל זי וועלן אַרויפלייגן אויף איר קאָפּ. זיין האַנט איז געבליבן הענגען.

— איך וועל ווידער קומען — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן, אָבער דער אופן פון זאָגן האָט געקלונגען ווי אַ פראַגע.

זי האָט געעפנט די אויגן, אָבער איר קאָפּ איז געבליבן הענגען, ווי אונטער־געבראָכן. זי האָט אויסגעזען ווי אַ סטאַטוע פון אַ פאַרפייניקטער. זי האָט גע־שוויגן, אים נישט געענטפערט.

ער האָט געוואָלט זי אַרומנעמען מיט זיין אויסגעשטרעקטער האַנט. ער האָט

געהאַט מיטלייד מיט איר. ער האָט אָבער נאָר געזאָגט „שלום". זיין קול איז געווען פול מיט טרויער.

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט געפילט זיין אָטעם אויף זיך און אים דערלאַנגט די שפּיץ פינגער.

ער האָט מיט ביידע הענט געדריקט אירע פינגער, ווי ער זאָל זיי וועלן קושן. ער האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און שטיל אַוועק צו דער טיר. ער האָט נישט געוואָלט קיינעם וועקן.

זי האָט איבערגעבויגן איר אייבערקערפּער, ווי זי זאָל גיין אים באַגלייטן, אָבער זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, נאָר אירע אויגן האָבן אים נאָכגעקוקט.

ער האָט שטיל פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.

זי האָט שווער אָפּגעאָטעמט, ווי זי זאָל זיך האָבן באַפרייט פון אַ משא. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און זיך איינגעקוקט אין ליכט. אין שטוב איז געווען שטיל. זי האָט פאַרבראָכן די פינגער. זי האָט אָפּגעאָטעמט און געבליבן מיט אַן אָפן מויל.

שטיל, נישט זיכער, ווי איבערקלייבנדיק די טריט, איז שפרה אַריין אין צימער. די שוועסטערס בליקן האָבן זיך אַ קרייץ געטאָן. שפרהס מויל איז געבליבן אָפן, זי האָט פאַרשוויגן וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן. זי איז צוגעגאַנגען צום טיש און גענומען צונויפשטעלן די כלים.

— שפּעט, מאָרגן אַן אַרבעטס־טאָג — האָט זי געזאָגט. זי האָט גערעדט שטיל, יעדעס וואָרט אַרויסגעזאָגט באַזונדער, ווי זי זאָל זוכן די ווערטער.

באַשע האָט איינגעקלעמט איין האַנט פינגער אין דער אַנדערער. זי האָט געוואָלט זיין שטאַרק.

— נאָך וואָס איז ער געקומען? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

— דיין באַקאַנטער — האָט שפרה איר געענטפערט און ווייטער צונויפ־געשטעלט די כלים.

— איך האָב קיינעם נישט — האָט באַשע אַ זאָג געטאָן און פאַרביסן די ציין.

— איך, רפי, יצחק אויך נישט? — האָט שפרה שטיל געזאָגט.

באַשע האָט פאַרמאַכט די אויגן. זי האָט פאַרביילט די פויסטן און מיט טריט, ווי אַ לונאַטיקער, איז זי אַוועק שלאָפן.

פון איבערן טיש אַריבער האָט איר נאָכגעקוקט שפרה.

# ה

די זון איז געווען צונויפגעגאָסן אין איין שטיק גלי. די טעג זענען געווען הייסע, די לופט פייכט, דער הימל בלוי, געדיכט און גרוילעך. די גרינקייט פון די ביימער איז אויסגעשטאַנען, ברוינלעך, די ערד אויסגעטריקנט, צעפּלאַצט. זי האָט געלעכצט נאָך פייכטקייט. ס'איז געווען סוף־זומער, אין די אָוונטן האָבן

זיך שוין באַוויזן די ערשטע וואָלקנס, דער אָנזאָג, אַז דער ווינטער קומט אָן.

בײַ שפּרהן אין שטוב זענען די שאָטנס איצט געדיכטער. די פענצטער־לאָדנס זענען כמעט אַראָפּגעלאָזט, די צווײַגן פון די צווײ ביימער ביים הויז־אײַנגאַנג הענגען אַראָפּ, די טריקעניש האָט זיי מיד געמאַכט. די לופט אין שטוב איז דעמפּיק, ווי זי זאָל טריפן. צווישן דער גאַס און שטוב איז פאַראַן אַ ליכט־אונטערשייד. דער נידעריקער דאַך פאַרשטעלט די העלקייט. די שײַן אין די פענצטער באַשטראַלט יעדעס מאָל אַן אַנדער שטיק מעבל. אַט ליגט אַ העלער פלעק אויף דעם טונקעלן טיש. אַט שפּאַצירט די שײַן פּאַמעלעך איבער אַ בענקל, ווי זי זאָל וואַרעמען דאָס געזעס. אַט האָט זיך אַ שמאָלער שאָטן אויסגעצויגן איבער דער לענג פון בופעט.

אָפט, ווען ס׳קינד שלאָפט און שפּרה פאַרעט זיך אין קיך, שפּרייזט באַשע איבערן שטח פונעם האַלבן פרייען צימער. זי שפּאַנט אין אַ ראָד. דער רויט־ווײַסער דיוואַן פאַרשלינגט אירע טריט. אַ מאָל איז איר האַלדז אויסגעצויגן, ווי זי זאָל אַריבערקוקן, אַ מאָל ליגט איר קאָפּ אין די אַקסלען און זי באַטראַכט די שאָטנס אויפן מעבל. אירע אויגן זענען פאַרגלייזט, איר שאָטן צעקנייטשט. זי קוקט, זעט די שטובזאַכן, זי פילט די דעמפּיקייט אַרום זיך, אָבער זי זעט דאָס שטעטל פון וואַנען מען האָט זי פאַרטריבן. אָפט, ווען די אַקסלען הייבן איר אָן ווײ טאָן פון גיין און טראַכטן, בלײַבט זי שטיין ביים פענצטער; זי באַטראַכט דאָס גרויע גראָז פאַרן הויז פון וועלכן די זון האָט אַרויסגעצויגן דעם קאָליר.

באַשע שטייט אַ לענגערע צײַט ביים פענצטער. אירע אויגן זענען אויסגע־גלאָצט. מיט אַ מאָל גיט זי אַ שאָקל מיטן קאָפּ פול צער. „עס שטאַרבט אָפּ ווי „דאָרט״ — האָט זי זיך געזאָגט און זי איז אַוועק פון פענצטער.

שוין חדשים ווי באַשע געפינט זיך בײַ דער שוועסטער. זי שלאָפט, זי עסט, זי טוט זיך אָן און זי גייט צו דער אַרבעט. זי לעבט אונטער איין דאַך מיט דער שוועסטערס משפּחה, אָבער איר לעבן איז קיין לעבן נישט. זי לעבט אין אַ קאָשמאַר, זי אונטערשיידט נישט צווישן וואָר און טרוים. יעדעס מענטשלעך פּנים פאַרדאָפּלט זיך איר אין די אויגן, יעדע געשטאַלט פאַרגלייכט זי מיט אַ געשטאַלט פון לאַגער. יעדע געשעעניש איז בײַ איר צווייַדייטיק. ווען מען עסט ביים טיש, עסט זי אַ סך. זי זעט די אויסגעגלאָצטע הונגעריקע אויגן, וואָס קוקן אויף איר פון די נאַרעס אַראָפּ.

זי אונטערשיידט נישט צווישן דעם איצט „דאָ״ און דער פאַרגאַנגענהייט „דאָרט״. די אַכזריותדיקע שרעק פאַרן טויט זיצט אין איר. זי וויל לעבן, זי וויל זיך באַפרייען פון דער שרעק, אָבער עס געלינגט איר נישט. אָפט שפּאַנט זי איבערן ווייכן דיוואַן און זי הערט די טריט פון די הילצערנע סאַנדאַלן, זי גייט אין דער ריי, זי פילט ווי אַ שטאַרקע מענער־האַנט רייסט זי אַרויס פון דער ריי, שלעפּט זי צום טויט. זי ציטערט אויף פון שרעק ווען זי דערזעט, אַז זי איז אַליין.

וויפל מאָל מרדכי דער קרעמער זאָל נישט קומען, ציטערט זי אויף. אויך

הייגט האָט ער געקלונגען. שפרה האָט אים געעפנט די טיר, זי האָט דערקענט זיינע טריט. ער האָט געבערענגט שפרהס באַשטעלונג. באַשע, דערהערנדיק זיין שטימע, איז אַריינגעפאַלן צו זיך אין צימערל. זי האָט זיך אַנגעכאַפּט אין איר בעט ווי אַ קינד, וואָס האָט מורא. זי האָט אים נישט געוואָלט זען. זיין דאַרע, געבוקטע, הויכע געשטאַלט, זיין צעקנייטשט, נישט ראַזירט פּנים, זיין קאַשקעט איבערן שטערן, זיין הייזעריק קול, דערמאָנט איר די מענטשן פון „דאָרט".

אויך די איינוווינער פון געסל, ווען זיי גייען פאַרביי, קוקן זיי אַריין צו שפרהן אין די פענצטער. זיי ווילן זען איר שוועסטער, די דעמאָנישע געשטאַלט, וואָס שלייכט זיך איבערן צימער.

די שכנים אין הויז לעבן איבער שפרהס טראַגעדיע. מלכה, די הויכע, קאָר־פּולענטע פרוי, די שכנה פון אַנטקעגן, איז נישט איין מאָל געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר און אויפגעפּאַסט, אַז אירע צוויי זין, וואָס לערנען אין שול, זאָלן נישט מאַכן קיין טומל. זיי האָבן ליב אַרויסלויפן פון הויז מיט אַ געשריי און זיי קענען נאָך איבעראַשן באַשען. מלכהס גרויסע, גרויע וואַסער־אויגן האָבן ביי יעדער געלעגנהייט אַ קוק געטאָן אויף שפרהס פענצטער, זען וואָס עס הערט זיך דאָרט, צי עס איז שטיל. מלכה האָט געשוויגן, זי האָט געפילט, אַז באַשע מיידט זי אויס. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז איר געשטאַלט דערמאָנט איר ווענען. מלכה האָט אויסגענוצט יעדע באַגעגעניש מיט שפרהן. אירע גרויסע אויגן האָבן זיך כסדר איינגעקוקט אין איר און געוואַרט זי זאָל איר עפּעס זאָגן.

שפרה פלעגט איר נאָר אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ.

מלכה האָט געפילט איר צער.

— עס וועט זיין גוט — האָט זי איר יעדעס מאָל געזאָגט און געגאַנגען איר וועג.

די שכנים, די שטאַרקע אַרבעטס־מענער, זענען אַריין און אַרויס פון הויז פּאַמעלעך, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. זיי האָבן זיך געהיטן נישט צו מאַכן קיין רעש, ווי אין הויז זאָל זיך געפינען אַ קראַנקער. קיינער פון זיי האָט נישט געוואַגט אויפהייבן דעם קאָפּ, מורא געהאַט אַז זיי וועלן טרעפן שפרהן אָדער יצחקן.

דינה, די מיטלוווקסיקע, דאַרע פרוי, האָט געהאַט מער צייט ווי די אַנדערע שכנות. איר מאַן און אירע צוויי אונטערוואַקסנדע טעכטער האָבן געאַרבעט אין אַ ביוראָ. זי איז שנעל פאַרטיק געוואָרן מיט איר טעגלעכער אַרבעט. אָפט, ווען יצחק מיט באַשען זענען שוין געווען אין שטוב, האָט זי אַנגעקלונגען אין טיר. ווי נאָר שפרה האָט איר געעפנט האָט זיך דינה אין איר איינגעקוקט.

שפרה פלעגט איר אַ ווונק טאָן מיט די אויגן, אַז זי קען אַריין אין שטוב. זי האָט פאַרצויגן די ליפּן, וואָס עס האָט באַדייט אַז עס איז אין אָרדענונג.

דינה האָט אָבער נישט געוואַרט. זי האָט שפרהן אַריינגעפירט אין איר שטוב.

— וואָס הערט זיך? — האָט זי יעדעס מאָל געפרעגט און יעדעס מאָל געבעטן ביי שפרהן: — אפשר האָסטו אַ ביסל איבעריקן הייוון — אָדער —

גיב מיר דעם גרויסן טאָפּ. — דערביי פלעגט זי זיך ווענדן צו באַשען: — זיך שוין צוגעוווינט צו די היגע מאכלים? — אויב זי איז אַריין בעת זיי האָבן געגעסן. ביי אַנדערע געלעגנהייטן פלעגט זי פרעגן צי די סאַנדאַלן קוועלן זי נישט, אָדער געשטעלט אַן אַנדערע אומשולדיקע פראַגע.

באַשעס שוואַרצע אויגן פלעגן זי שטאַר אָנקוקן, ווי זי זאָל נישט פאַרשטיין אירע פראַגן. זי האָט מורא געהאַט פאַר איר קול, וואָס איז געווען דין און שטאַרק ווי אַ פּלייט.

— עס מאַכט נישט — האָט דינה יעדעס מאָל אַ זאָג געטאָן. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַ ווונק געטאָן שפרהן און צוריקגעקערט צו זיך אין שטוב.

ברײנע, די אַלטע מאַמע, אין איר גרויסער שאַרץ און אין קאָפּטיכל פון הינטער וועלכן עס הענגט אַראָפּ אַ געדיכטער, ווייסער ווי זילבער, שימערירנ־דיקער לאָק, קומט כסדר אַריין צו באַשען. זי קלינגט נישט, זי קלאַפּט אָן אין טיר. באַשע עפנט איר.

ברײנע פאָרעט זיך דעם גאַנצן טאָג ווי אַ בין אויף דער בלי. זי שלייכט זיך מיט אירע קליינע טריט איבער די חדרים. זי קאָכט און באַקט. רוימען קומט אַריין אַ פרוי. ברײנעס טרויעריקע און גוטע שוואַרצע אויגן, איר גוטמוטיק צעקנייטשט פּנים מאַכן דעם איינדרוק אויף באַשען, ווי זי זאָל זיין איר מאַמע.

ווי נאָר באַשע פלעגט זי דערזען, האָבן אירע אויגן זיך צעלאַכט, אָבער דער שמייכל איז געבליבן פאַרגליווערט אויף איר פּנים.

ווען ברײנע האָט אָפּגעקאָכט אָדער אָפּגעבאַקן אַ היימיש מאכל, אַ פּוטער־קוכן אָדער געדעמפּט פלייש, פלעגט זי ברענגען באַשען אַ חלק. זי פלעגט אַוועק־שטעלן דאָס טעלערל מיטן מאכל, נישט זאָגנדיק דערביי קיין וואָרט.

באַשעס שטאַרע אויגן האָבן דעמאָלט געקוקט אויף איר מיט פרייד, ווי זי זאָל וועלן איר עפּעס זאָגן. זי פלעגט אָבער שווייגן.

ברײנעס לאַנגע, אויסגעאַרבעטע פינגער האָבן אַ גלעט געטאָן באַשעס האָר, פּונקט ווי אירע גוטע אויגן פלעגן זי גלעטן מיטן בליק. אָפט פלעגט זי פאַרלייגן אירע אָרעמס איבער באַשעס אַקסלען און זי דריקן צו זיך. באַשע האָט זיך קיין מאָל נישט געוועהרט.

אָפט פלעגט באַשע בלייבן שטיין מיט גלייזיקע אויגן און אַרויפקוקן. אַ ווײלע שפּעטער איז זי אַרויס פון שטוב. שפרה האָט געוווסט וווּ אַהין באַשע לויפט. זי לויפט איבער דעם הויז־קאָרידאָר. פאַר דער טיר בלייבט זי שטיין אַן איבער־געשראָקענע, קוקט זיך אַרום צי קיינער זעט נישט וווּ אַהין זי גייט. זי קלינגט האַסטיק אָן ביי ברײנען אין טיר.

ברײנע פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און קערט זיך אום צו איר אַרבעט. זיי באַגריסן זיך אַפילו נישט. ברײנעס אויגן גלאַנצן פון פרייד.

באַשע שטעלט זיך אַוועק נעבן איר ווי אַ מיידעלע.

ברײנע אַרבעט. באַשע שווייגט. ווען באַשע צערעדט זיך, הערט זי ברײנע אויס.

באַשע רעדט פּאַמעלעך, כמעט אָפּגעהאַקטע ווערטער, אָבער בריינע פאַר־שטייט זי. באַשע דערציילט איר ווי אַזוי איר מאַמע האָט געגרייט מאכלים. זי גיט איר איבער ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דער וואָכן־יריד אין שטעטל. זי פאַר־טרויט איר ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען זייער שמאָלע שניטקראָם. דעמאָלט פּאַסירט, אַז באַשע בלייבט שטיל אַ לענגערע צייט. זי טראַכט דעמאָלט וועגן איר יעקבן, אָבער זי שעמט זיך אויסגיסן אירע געפילן פאַר בריינען. זי דערציילט בריינען ווידער אַ מאָל אַלץ, וואָס זי וויל געדענקען. זי רעדט אָפּגעהאַקטע ווער־טער, שנעל, ווי זי זאָל שלינגען, ביז עס פאַרפעלט איר אָטעם. דעמאָלט פאַר־מאַכט זי די אויגן אָדער זי פאַרשטעלט זיי מיט דער האַנט. איר פּנים איז דעמאָלט ווייס, ווי אָן אַ טראָפּן בלוט. אירע באַקן זענען רויט ווי פלאַמען.

בריינעס מאַמע־האַרץ טיאַכקעט. זי פאַרשנורט די ליפּן עס זאָל זיך פון זיי נישט אַרויסרייסן קיין קרעכץ.

פונקט אַזוי ווי באַשע הייבט אָן רעדן אָן אַ צוזאַמענהאַנג וועגן עפּעס, אַזוי ענדיקט זי און גייט אַהיים.

דאָס לעצטע מאָל האָט זי פון דער אָפענער טיר הויך אַ זאָג געטאָן בריינען אַ „גוטן אָוונט״.

— גיי געזונט! — האָט בריינע איר נאָכגעשריגן איידער זי האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. אַ לויטערע טרער האָט אַריינגעקאַפּעט אין דער שיסל מיט רייז, וואָס זי האָט איבערגעקליבן.

באַשע שטייט שטענדיק אויף די ערשטע. זי גיסט אָפּ די הענט, וואַשט זיך דאָס פּנים און שווענקט אויס דאָס מויל, אַזוי ווי זי האָט געטאָן אין לאַגער. זי שניידט זיך אָפּ אַ שטיק ברויט, אַזוי ווי איר נאָרמע אין לאַגער. זי עסט שנעל, שלינגט שטיקער און פאַרטרינקט אַ מאָל אַפילו מיט אַ טעפּל וואַסער פון קראַן.

שפרה ליגט אין בעט. זי הערט און ווייסט וואָס באַשע טוט. זי שטערט איר נישט. זי וויל אויף באַשען נישט אָנוואַרפן דעם משפחה־רעזשים.

באַשע גייט אַוועק פון שטוב ווען אַלע זענען נאָך אין די בעטן. אויך דאָס געסל שפּאַנט זי איבער מיט אימפּעט. זי ווייסט, אַז די שכנים פון הויז און די איינוווינער פון געסל קוקן איר נאָך. ערשט אין גאַס ענדערט זי איר גאַנג. זי גייט פּאַמעלעך, ווי אָן אַ ציל. זי קוקט שטענדיק אַראָפּ, ווי די גאַס זאָל זיין ליידיק. נישט איין מאָל שטויסט זי זיך אָן אויף אַ מענטש. דעמאָלט לויפט זי אַוועק אַפילו נישט קוקנדיק אויף אים. די גאַס ווו עס געפינט זיך די פאַבריק, לויפט זי כמעט אַריבער. די הייזער, וואָס שטייען האַרט איינס נעבן אַנדערן, וואַרפן אויף איר אָן אַ מורא, אַז זי געפינט זיך אין לאַגער־באַראַק, פון וואַנען זי וועט נישט קענען אַרויס.

אין דעם גרויסן אַרבעטסזאַל איז זי רויִק. די פאַרטונקלטע ליכט הינטער די צוגעלענטע פענצטער־לאָדן, דער ריח פון צוגעברענטן האָרן, די געבוקטע רוקנס פון די אַרבעטס־פרויען מיט וועלכע זי אַרבעט צוזאַמען, וועקן אין איר דאָס געפיל, אַז זי געפינט זיך אין לאַגער. די אַרבעט פאַרשלינגט אירע געדאַנקען.

קיין איינע פון די פרויען באַלעסטיקן זי נישט, פאַרקערט, יעדע איינע באַמיט זיך איר אַרויסהעלפן ווען עס פאַרפעלן איר קנעפּ צום אויפצײַען. זי אַרבעט שנעל. זיי שיטן דעמאָלט איבער פון זייערע קנעפּ אין איר קיישל, זי זאָל האָבן צו טאָן. אַלע פרויען קענען דעם נומער אויף איר האַנט.

ראובן, דער הויכער, שלאַנקער, ברוינער פון דער זון, בחור, איז דער איינציקער מאַן וואָס קומט אַריין צו זיי. ער ברענגט זיי די קנעפּ צום אויפצײַען און נעמט זיי אַוועק אויפגעצויגענע. איין מאָל איז ער צוגעקומען צו באַשען און איז שטיין געבליבן. איר קיישל איז געווען איבערפולט מיט קנעפּ. ער האָט מורא געהאַט עס אָנצונעמען, די קנעפּ זאָלן זיך נישט צעשיטן. ער האָט זיך איינגעקוקט אין איר. זי איז אים געפעלן. ער איז געווען אַ קאַוואַליר.

— אַרבעט נישט אַזוי פיל, לאָז די כוחות אויף צו פאַרברענגען — האָט ער איר געזאָגט און אַ שמייכל געטאָן.

די הענט פון די נאָענט זיצנדיקע פרויען זענען געבליבן ווי געליימט. זיי האָבן אים אָנגעקוקט דערשטוינט. זייערע אויגן האָבן אויסגעדריקט פאַרדרוס, אָבער זיי האָבן געוואַרט זען ווי אַזוי באַשע וועט רעאַגירן.

באַשעס שטאַרע אויגן האָבן זיך אין אים איינגעקוקט. איר פּנים, ווי אַ מאַסקע, איז געוואָרן מילדער. איר איז געפעלן זיין ברוין אָוואַל פּנים, זיין דין אויסראַזירט וואָנסעלע אונטער זיין דינער, קורצער נאָז. ער האָט אויך געהאַט אַ מויל מיט גאָלדענע ציין.

— דו האָסט בלעכענע ציין — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל רעדן נישט צו אים און האָט ווייטער געאַרבעט.

די פרויען האָבן זיך צעשמייכלט. זיי האָבן געלאַכט שטיל אין זיך.

ראובן האָט אַ הויב געטאָן די אַקסלען. זיין פּנים האָט זיך אויסגעקרימט פון איבערראַשונג, ווען ער האָט דערזען דעם נומער אויף איר האַנט. ער האָט זיך אָנגעבויגן, גענומען איר קיישל מיט קנעפּ און איז אַוועק.

נאָך די פּאָר שעה אַרבעט קומט באַשע אין שטוב ווידער אַן אומרויִקע. זי האָט ווידער צייט צו טראַכטן. זי זעט ווידער און ווידער דאָס שטעטל, איר היים, די דייטשן, דעם לאַגער. זי פילט די שרעק אין זיך. זי איז עלנט. זי געפינט זיך צווישן פיר ווענט, די שטילקייט פּרעסט איר מוח. זי וויל לויפן, שרייען, אַז אַלע זאָלן הערן, אָבער זי האָט מורא און שווייגט. זי גליווערט. זי וויל אַז מען זאָל זי לאָזן צורו, זי וויל שלאָפן, נישט עקזיסטירן, פאַרגעסן וואָס עס איז געווען.

מיט שפּרהן און יצחקן האָט זיך באַשע צונויפגעלעבט. זי ווייסט, אַז זי מוז מיט זיי לעבן צווישן די זעלבע ווענט. זי שרעקט זיך נישט פאַר זיי. זי פילט, אַז זיי זענען איר איבערגעגעבן מיט לייב און נפש. זיי דערמעגלעכן איר לעבן. זיי גייען איר פון וועג, פרעגן זי נישט איבער, זיי פאַרלאַנגען פון איר גאָרנישט. אין איר אָנוועזנהייט שווייגן זיי כמעט, איבערהויפּט איצט, ווען יהודה קומט צו איר. זיי שווייגן און בעטן אין זיך זי זאָל אים נישט פאַרטרייבן. באַשע איז פאַרטאָן אין אירע געדאַנקען, אָבער זינט יהודה קומט צו איר איז זי אימפּולסיווער. ווען

זי לייגט אַוועק אַ זאַך אָדער זי שטעלט עפּעס אַוועק, טוט זי עס מיט כוח. אַ האַלב־אָנגעטאָענע שלייכט זי זיך אויף וויניקער איבערן צימער.

ווען מען זי פאַרטראָגט נאָך אַלץ נישט איז רפי, דאָס דריי־יעריקע ייִנגעלע. געוויינלעך, זאָל דערהערן זיין קול ווען ער רופט די מוטער אָדער דעם פאָטער און זי פאַרמאַכט די אויגן. דער קלאַנג פון זיין קול גרילצט איר אין די אויערן. זי קוקט איבער אים, זי וויל אים נישט זען.

רפי גאַרט צו איר. נישט איין מאָל בעט ער זי:

— מומע, קום זיך שפּילן.

זי גיט אַ קוק אויף אים און דרייט באַלד אַוועק דעם קאָפּ. זי קען נישט פאַרטראָגן זיין דורכזיכטיק, קינדעריש פּנימל, זיין גריווקע און דעם סאַמעט גלאַנץ פון זיינע אויגן. זי לאָזט אים איבער, גייט אַרויס פון שטוב. אָפּט, ווען זי זיצט, לויפט ער צו איר צו, לייגט אַרויף זיינע הענטלעך אויף אירע קניִען, אָדער שפּאַרט אָן זיין קעפּל אין איר ברוסט. זיין קינדער־פרישקייט גיט איר אַ שלאָג אין נאָז. זי גיט אים אַ גלעט אָדער לייגט צו איר קאָפּ צו זיינעם, אָבער נאָר אויף אַ רגע. באַלד שפּרינגט זי אויף און לויפט אַוועק, ווי זי זאָל האָבן אָנגערירט אַ שרץ. דאָס ייִנגעלע בלייבט שטיין מיט אויפגעריסענע אויגן. ער קוקט איר נאָך, ער פאַרשטייט נישט פאַר וואָס?

שפרה שווייגט. זי דריקט אין זיך איר פאַרדרוס. איר אָוואַל פּנים איז אויס־געצויגן. אירע אויגן זענען איצט קליין. זי איז גליקלעך וואָס כאָטש איין שוועס־טער האָט זיך אָפּגעראַטעוועט, וואָס באַשע דרייט זיך אַרום ביי איר אין שטוב. זי ליידט זעענדיק וואָס פון איר איז געוואָרן. זי וואַרט באַשע זאָל צו איר אַ שמייכל טאָן, זי זאָל זיך אַראָפּרעדן פאַר איר.

באַשע שווייגט. זי ענטפערט נאָר אויף פראַגן. זי לעבט מיט איר פאַרגאַנ־גענהייט, וואָס זי היט פאַר זיך.

נישט איין מאָל, ווען שפרה גרייט עפּעס אין קיך אָדער זי געפינט זיך אין באָדצימער ביי אַ שיסל וועש, דערפילט זי די נאַסע וואַרעמקייט פון אירע טרערן. נישט איין מאָל פאַרקלעמט איר ביים האַרץ. דעמאָלט ווישט זי שנעל אויס די הענט, לויפט אַריין אין צימער און פאַלט אַרויף אויף רפין אַ צעהעשעצטע. זי טוליעט זיך צו אים און קושט אים.

אָפט שפּאַנט יצחק איבער דער שטוב מיט אַ לייכטן טריט, ווי ער זאָל זיך היטן ווען מען נישט איבערוועקן. טייל מאָל קוקט ער אַריבער איבער דער צייטונג וואָס ער לייענט און שווייגט. ער זעט דעם תהום צווישן די צוויי שוועסטער. ער זעט זייערע ליידן. שפרה וויל באַשע זאָל רעדן. באַשע היט זיך אויס זי זאָל נישט מוזן רעדן.

איין מאָל, אין אַ נאָכמיטאָג, איז באַשע געלעגן אויף איר בעט. רפי איז געזעסן ביי דעם פאָטערס פיס. ער האָט זיך געשפּילט מיט זיין הילצערנעם אויטאָ. זיינע ליפּן האָבן נאָכגעמאַכט אַן אויטאָ וואָס פאָרט: „פרו, פרו".

שפרה איז שטיין געבליבן אין דער קיכטיר. אירע אויגן זענען געווען טרויע־ריק און פײכט.

יצחק האָט דערפילט איר אַנוועזנהייט. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון דער צייטונג און זיך איינגעקוקט אין איר. ער האָט צונויפגעפרעסט די ליפּן. זיי זענען געווען בלוטיק רויט פון אָנשטרענגונג. ער האָט אַ קוק געטאָן הינטער זיך. ער האָט שפּרהן אָנגעוויזן מיט די פינגער, ווי ער זאָל עפּעס אויסוועגן אין האַנט, און איר שטעל אַ זאָג געטאָן:

— האָב געדולד. — ער האָט אַרויסגעלאָזט די צייטונג פון האַנט — ײנגל, קום שפּאַצירן! — האָט ער זיך צו אים אָנגערופן. ער האָט זיך איינגעבויגן און אים גענומען אויף זיך. פאַרבייגייענדיק האָט רפי זיך איבערגעבויגן. ער האָט פאַרוואָרפן זיינע הענט איבער דער מוטערס האַלדז און געזאָגט:

— איך גיי שפּאַצירן.

זי האָט אים אַ קוש געטאָן אין קעפּל און נאָכגעזאָגט:

— גייט געזונט!

שפרה האָט נישט אַדורכגעלאָזט קיין איין נאָכמיטאָג זי זאָל נישט גיין מיט דער שוועסטער שפּאַצירן. זי האָט געוואָלט באַשע זאָל זיין צווישן מענטשן, זען און הערן. אויך איצט איז שפרה אַריין צו באַשען, געוואָלט זי נעמען אויף אַ שפּאַציר.

באַשע איז געלעגן אָן איינגעקאָרטשעטע מיט די פיס אונטער זיך. די הענט האָט זי געהאַלטן איבער די ברוסטן, אירע אויגן זענען געווען אָן אַן אויסדרוק.

שפרה איז געשטאַנען אין דעם דורכגאַנג און זי באַטראַכט. זי האָט פּשוט מורא געהאַט צוגיין צו איר.

באַשע האָט זיך נישט קיין ריר געטאָן, ווי זי זאָל שלאָפן. זי האָט אָבער לאַנג נישט אויסגעהאַלטן. זי האָט געפילט איבער זיך דער שוועסטערס בליק, געזען איר פּיין.

— איך שלאָף נישט — האָט זי אַ זאָג געטאָן שפּרהן. פּאַמעלעך, אָן ווילן, האָט באַשע זיך אויפגעזעצט און אַראָפּגעלאָזט די פיס.

שפרה האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ פון פאַרדרוס.

— וואָס ביסטו אַזוי מיד? — האָט זי אַ פרעג געטאָן באַשען.

— פון לעבן — האָט באַשע איר אָפּגעענטפערט. איר ענטפער האָט ווי איבערגעשניטן די לופט. איר קאָפּ איז געבליבן הענגען, ווי דער נאַקן אירער זאָל זיך האָבן איבערגעבראָכן. די שטילקייט אין שטוב האָט געציטערט. ביידע שוועסטער האָבן געוויינט אָן טרערן.

באַשע גייט און קומט פון דער אַרבעט. שפרה קוקט זי אויס. זי וואַרט זי זאָל וואָס שנעלער שוין עפענען די טיר. שפרה מיט יצחקן באַציִען זיך צו איר ווי צו אַ קליין אומבאַהאָלפן קינד. באַשעס לעבן איז גרוי, אָן אינהאַלט. אויך דאָס לעבן פון דער משפחה איז דערדריקט. דער טאָג איז לאַנג, ספּעציעל פאַר שפּרהן. יצחק און שפרה רעדן שטיל, זיי גייען שטיל, טריט ביי טריט. אַן אימה שוועבט

אַרום אין שטוב. שפרה און יצחקליידן צוזאַמען מיט באַשען. איצט לעבן זיי אָפּגעזונדערט פון אַלע. זיי ווילן נישט די שכנים זאָלן זען באַשעס צושטאַנד. זיי האָפן, אַז זי וועט זיך דאָך באַהערשן.

דער איינציקער שטראַל אין זייער גרויען טאָג־טעגלעכן לעבן איז יהודה. זיין אָוואַל פּנים איז ערנסט, אָבער גוטמוטיק. זיינע גרויע אויגן דרינגען אַדורך אָבער זייער בליק איז ווייך. ער שמייכלט שטענדיק. זיינע האָר זענען פּאַרקעמט אַרויף. זיינע דיקע הענט זענען אויסגעאַרבעט. זייט ער האָט זיך מיט זיי געטראָפן ביים ים, איז ער געקומען צו באַשען שוין עטלעכע מאָל.

יהודה און באַשע זיצן אין קיך. אַזוי וויל זי. זי רעדט ווייניק, זי וויל נישט מען זאָל הערן וואָס זי רעדט. זי דערציילט אים נאָר וועגן לאַגער.

שפרה פּאַסט אויף עס זאָל שטענדיק זיין מיט וואָס אויפצונעמען דעם גאַסט. אין קילשאַנק זענען שטענדיק פּאַראַן געטראַנקען און פּירות. אין קיכשענקל זענען גרייט קיכלעך און נאַשוואַרג. יעדן טאָג קוקט שפרה אויס צי ער וועט ווידער קומען. ווען זי דערזעט אים, גיט זי אַ זיפץ פון פרייד. ווי נאָר זיי באַגריסן זיך, גייט שפרה מיט איר מאַן אַריין צו זיך אין שלאָפצימער.

שפּעטער אָוונט. די שטילקייט אין שטוב יוירט. די פאָרהאַנגען איבער די פענצטער זענען פאַררוקט. די לאָמפּן־ליכט דרינגט דורך דער פינצטערניש, אָבער די נאַכט לויערט אין יעדן ווינקל. רפי שלאָפט. יצחק און שפרה זענען ביי זיך אין שלאָפצימער. די שיין פון זייער נאַכטפלעמל ציט זיך איבערן פּאָל פונעם צימער־דורכגאַנג.

באַשע זיצט מיט יהודהן אין קיך. באַשע קען נישט זיצן אין צימער. עס איז איר דאָרט צו גרויס. צווישן די פיר קיך־ווענטלעך איז זי זיכערער. זי זיצט אויף אַ טאַבאָרעטל אַנטקעגן אים: אויף דעם שמאָלן מיט צעראַטע באַדעקטן קיכטישל שטייט אַ פלאַש מיט גרייפּפרוכטזאַפט, אַ גלאָז און אַ טעלערל מיט וואַפלעס. אויפן טיש ליגט יהודהס ציגאַרטאַש, די שוועבעלעך און עס שטייט דער אַשנ־בעכער. דער ציגאַרנרויך הענגט איבער זיי ווי אַ וואָלקן.

יהודה האָט אַ זופּ געטאָן פון גלאָז און זיך איינגעקוקט אין באַשען. זי זיצט מיט אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען, ווי עס זאָל איר קאַלט זיין. זי זיצט און ברעכט אין אַשנבעכער די אויסגעברענטע שוועבעלעך.

— וואָס ביסטו אַזוי נערוועז? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן און זיך פאַר־צויגן מיטן רויך.

זי האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און האָט איבערגעלאָזט דאָס שוועבעלע אין אַשנבעכער. זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן פון דער זייט דורך דעם קנויל רויך, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט פון מויל. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז אַנטקעגן איר זיצט אַ פרעמדער. זי האָט געוואָלט ער זאָל איר בלייבן פרעמד. זי האָט נישט דערפילט ווי זי דערנענטערט זיך צו אים. ער איז דאָך דער איינציקער מאַן מיט וועלכן זי רעדט.

ער צווינגט זי נישט אויף. אָבער ער וויל זי זאָל וואָס מער רעדן, זיך צו

אים דערנענטערן. ער האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ, ווי ער זאָל אַ קוק טאָן אין דעם קליינעם קיך־פענצטער.

— אַ שיינע נאַכט — האָט ער געזאָגט.

— די נאַכט איז פינצטער, איך האָב מורא — האָט זי אים געענטפערט שנעל. אירע אַקסלען האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי עס זאָל דורך זיי אַדורך אַ ציטער.

— קינד — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און איז געבליבן מיט דער שפּיץ־צונג צווישן די ליפּן. ער האָט געוואַרט ווי אַזוי זי וועט רעאַגירן אויף זיין אויסדרוק.

זי האָט אים געקוקט אין פּנים אַריין. אירע אויגן זענען געווען שטאַר און גרויס.

ער האָט צו איר דערפילט מיטלייד.

— דו זיצסט מיט מיר און דו שרעקסט זיך? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן אַ פאַרשעמטע. פּלוצעם האָט זי זיך אָנגעכאַפּט מיט די הענט אין קאַנט פון טישל, זי האָט זיך איינגעקוקט אין דער ווייט און האָט צו אים געזאָגט:

— איין מאָל האָב איך נישט מורא געהאַט. — זי האָט געוואָלט אים מפייס זיין.

ער האָט פאַרצויגן די ליפּן, געוואַרט זי זאָל ווייטער רעדן.

— באַגינען, ווען די רוסן האָבן אונדז באַפרייט — האָט זי אים געזאָגט. זי האָט פאַרמרוזשעט די אויגן. זי האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי זי זאָל קוקן, עפּעס זען און האָט ממשיך געווען:

— דעם טאָג האָבן מיר נקמה גענומען אין די דייטשן, וואָס האָבן אונדז געפּייניקט. דעם טאָג זענען זיי געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אויפן פּלאַץ אָן עסן. ווער פון די העפטלינגען איז געווען בכוח, איז געגאַנגען זיי זען, זיך רייצן מיט זיי.

— זי האָט גערעדט שטיל, אָבער שנעל. זי האָט געוואָלט איבערקומען דאָס רעדן, זי האָט אָבער אויך געוואָלט זיך דערמאָנען. אירע באַקן האָבן געפלאַמט, אָבער אירע אויגן זענען געווען אויסגעלאָשן.

ער איז געווען צופרידן וואָס זי רעדט זיך אָפּ. דער רויכוואָלקן אין קיך איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען. די ליכטשיין איז געוואָרן דייטלעכער. יהודה האָט ווידער פאַררויכערט און פאַרצויגן. ער האָט אַ לעק געגעבן מיט די ליפּן אַ פינגער, פאַרמרוזשעט די אויגן און זיך איינגעקוקט אין איר. ער האָט זיין פייכטן פינגער געריבן אָן זיין גראָבן פינגער. זיין שטערן איז געווען צעקנייטשט. ער האָט געעפנט די ליפּן. אַ ווײַלע איז ער געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי ער זאָל שווער אָטעמען.

— ווילסט זיך איבערגיין? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן, ווי ער זאָל צונויפשטעלן די ווערטער. זיינע אויגן זענען איצט געווען כמעט פאַרמאַכט.

זי האָט אויך פאַרמאַכט די אויגן. איר שטערן איז געווען נאַס פון שווייס.

זי האָט זיך צוגעלייגט די הענט צום פּנים, ווי זי זאָל וועלן זיך מיט די נעגל אָפּרייסן די הויט.

ער האָט געוואָלט אויסשטרעקן די האַנט און אַוועקנעמען אירע פינגער. זי האָט אין אים געוועקט מיטלייד.

זי האָט אַליין אַראָפּגעלאָזט די הענט און געעפנט די אויגן.

ער האָט זיך פאַרצויגן מיט רויך.

— איך וויל וואָס וויניקער זען מענטשן — האָט זי אים געזאָגט. זי האָט מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און שטיל צו זיך געזאָגט:

— אַלע זענען מיר פרעמד.

— אויך איך? — האָט ער זי געפרעגט און פאַרמרוזשעט אַן אויג.

— דו נישט — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט פאַרצווייפלונג.

— האָסט מורא מיט מיר אַרויס אין גאַס — האָט ער זי נישט אָפּגעלאָזט.

— ביי נאַכט? — האָט זי אים געפרעגט אַ פאַרצווייפלטע.

— איך וועל דיך פאַרפירן?

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. אירע אויגן זענען געווען אויסגעגלאָצט, ווי זיי זאָלן וועלן אַרויסשפּרינגען פון זייערע אויגן־לעכער. איר איז נישט געווען קלאָר צי ער שפּאַסט אָדער ער מיינט עס ערנסט.

— אַ צווייט מאָל, נישט איצט — האָט זי זיך פאַרטיידיקט.

זיינע אויגן האָבן געלאַכט. ער איז געווען צופרידן פון איר ענטפער.

— שטעל איין — האָט ער זיך ביי איר געבעטן — קום מיט מיר, וועסטו זען דעם ישראל־ווינטער.

— ניין! נישט אין דער פינצטער — האָט זי אים געזאָגט. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זיך אָפּשאָקלען.

— גוט, מאָרגן, נאָך דער אַרבעט — האָט ער איר פאָרגעשלאָגן. ער האָט גערעדט צו איר איידל, ווי צו אַ קינד.

— יאָ — האָט זי קוים אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט זיך אַליין געצוימט.

ער האָט געוואָלט זי אַרומנעמען, זי צודריקן צו זיך. ער האָט אָבער נאָר צעדריקט אין אַשנבעכער די נישט דעררויכערטע ציגאַר און זיך אויפגעשטעלט.

— זיי גרייט — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן — מאָרגן, נאָך דער אַרבעט, קום איך.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע און פאַרגלייזטע אויגן.

ער האָט דווקא אַוועקגעקוקט. ער האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט חרטה קריגן.

— אַ גוטע נאַכט! — האָט ער איר געזאָגט, און איילִיק צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר.

אַ ווײַלע האָט זי זיך איינגעהערט. אַלע אין שטוב זענען שוין געשלאָפן. זי האָט אויסגעלאָשן די ליכט אין קיך. זי האָט שנעל אַראָפּגעצויגן פון זיך דאָס קלייד

און די שיך. זי איז מיטן קאָפּ צוגעפאַלן צו דער פענצטערשויב, געקילט איר צעגליטן שטערן. זי האָט געפילט ווי ס׳בלוט קרייזט אין אירע אָדערן, געאָטעמט שווער. אַ צייט שפּעטער איז זי אַריין אין בעט און איינגעשלאָפן.

# ו

שפּעט נאָך מיטאָג. די פאָרהאַנגען איבער די פענצטער פאַרשטעלן די טאָג־שיין. אין דער נידער, אַרום די ווינקלען אויפן פּאָל, האָט געגומען זיך איינזעצן דער שאָטן. רפי מיטן פאָטער שלאָפן. אין שטוב איז שטיל, עס יוירט אין איר די רו. פון צייט צו צייט דערהערט זיך אַ קלאַנג פון אַ לעפל אָדער אַ קלאַפּ פון אַ טאָפּ. שפרה וואַשט ס׳געפעס אין קיך. פון צייט צו צייט שטעקט זי אַרויס דעם קאָפּ דורך דער קיכטיר. זי הערט וואָס באַשע טוט. יעדעס מאָל, ווען שפרה כאַפּט אַ בליק, ווערן אירע אויגן נאָך גרעסער פון איבערראַשונג.

באַשע טוט זיך איבער, זי האָט שנעל אַראָפּגעצויגן פון זיך דאָס אַרבעטס־קלייד, ווי זי זאָל עס פון זיך אַראָפּרייסן. זי האָט אַראָפּגעוואָרפן די סאַנדאַלן פון די פיס, ווי זי זאָל זיי אָוועקשליידערן. זי האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן דאָס ברוינע קלייד מיטן רויטן קעסטעלע און דעם קורצן אַרבעלע. זי האָט געאָטעמט שנעל, ווי זי זאָל זיך שטיקן. זי האָט זיך אָנגעבויגן און אָנגעטאָן די שיך און זיך אויס־געגליכן. איר פּנים האָט געפלאַמט. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, געוואָלט זען צי שפרה קוקט. אירע אויגן זענען געווען שטאַר און מאַט. זי האָט געקוקט, ווי זי זאָל עפּעס זוכן. מיטן קעמל, וואָס האָט געשטעקט אין אירע האָר, האָט זי זיך צוגעקעמט און געגומען שפּאַנען איבערן דיוואַן. זי האָט געשפּאַנט ווי אַ חיה אין אַ שטייג און געאָטעמט שווער. פון צייט צו צייט האָט זי שווער אָפּגעאָטעמט, ווי זי זאָל נישט קענען כאַפּן דעם אָטעם, שטיין געבליבן און זיך איינגעהאָרכט. ווען עס איז איר קלאָר געוואָרן אַז מען גייט נישט, האָט זי לייכטער אָפּגעאָטעמט.

שפרה איז פאַרטיק געוואָרן מיט איר אַרבעט. זי גייט אָבער נישט אַרויס פון קיך. זי שטעלט סתם איבער די כלים אין קילשאַנק. זי וויל נישט שטערן דער שוועסטער. אַ פאַראינטריגירטע וואַרט זי וואָס עס וועט פּאַסירן.

דער טירגלאָק האָט אַ קלונג געטאָן. באַשע איז צוגעלאָפן און געעפנט די טיר.

— שלום, איך האַלט וואָרט — האָט יהודה געזאָגט צו איר און אַ שמייכל געטאָן.

שפרה איז שטיין געבליבן ביים ראַנד פון קיך אַן איבערראַשטע.

— אַזוי פרי — האָט זי אַ שטאַמל געטאָן.

— קום — האָט באַשע געזאָגט מיט אומגעדולד. זי האָט געוואָלט וואָס שנעלער אַרויס פון שטוב. זי האָט נישט געוואָלט קוקן דער שוועסטער אין די אויגן.

יהודה האָט זיך צוגערוקט צו שפרהן.

— זיך אָפּגערעדט — האָט ער שקאָציש איר אַ זאָג געטאָן און איר אַ ווונק געגעבן מיטן אויג.

שפרה האָט פאַרצויגן די ליפּן און לייכט, קוים מערקבאַר, אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

יהודה האָט אַ קוק געטאָן אויף באַשען פון אונטערן שטערן, געוואָלט זען ווי זי זעט אויס.

— זי איבערגערעדט זי זאָל איינשטעלן ס׳לעבן און מיט מיר, דעם לאָבוז, אַרויס אין גאַס — האָט ער געזאָגט צו שפרהן מיט אַ שפּאַס.

באַשע האָט איינגעביסן די אויבערשטע ליפּ און האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. איר פּנים האָט אויסגעדריקט געבעט.

יהודה האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל איר זאָגן אַ גוט וואָרט.

— שלום — האָט ער געזאָגט שפרהן און געעפנט די טיר באַשען.

שפרה איז געשטאַנען אַ געפּלעפטע. פון איבערראַשונג האָט זי געפינטלט מיט די אויגן. ווען די טיר האָט זיך הינטער זיי צוגעמאַכט, האָט זי זיך צעוויינט. זי האָט זיך מיט דער האַנט פאַרשטופּט דאָס מויל, כדי נישט אויפוועקן די שלאָפנדיקע.

באַשע איז ווי אַריינגעפאַלן אין גאַס־געפּילדער. זי האָט פאַרמרוזשעט די אויגן. דער גאַסן־ווירוואַר האָט זי באַאומרויִקט. זי האָט אויסגעשפּיצט איר געהער. זי האָט נישט נאָר זיך אָפּגערוקט פון יעדן אַנטקעגנגעקומענעם מענטש, זי האָט אויך געציילט די טריט אונטער זיך. אַ צייט זענען זיי געגאַנגען און געשוויגן. יהודה איז געגאַנגען אַ טריט הינטער איר און זי באַטראַכט. ער האָט געוואָרט זי זאָל זיך איינגלידערן אין מענטשנשטראָם. זי האָט געקוקט אַראָפּ, געשטעלט קליינע טריט, ווי זי זאָל בודק זיין די ערד אויף וועלכע זי דאַרף טרעטן.

— איך האָב ליב דאָס וועטער נאָך דעם „יורה״ — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן.

עס איז געווען אַ לייכטער ווינטערטאָג. די זון איז געווען אַנעמיש, ווי איינגעטריקנט. דער הימל איז געווען גרוילעך, די ווענט פון די הייזער אָפּגעוואַשן. די נאַכט פייכט פונעם נאַכן רעגן.

זי האָט אים נישט געענטפערט, זי האָט זיך נאָר אומגעקוקט. ערשט איצט האָט זי דערזען, אַז דאָס וועטער האָט זיך געענדערט.

— קום אַריין אין גאָרטן — האָט ער איר פאַרגעשלאָגן אויפן ראַנד פון „גן מאיר״. ער האָט נישט געוואַרט אויף איר ענטפער און מיט איר אַהין געגאַנגען. זי איז געגאַנגען ביי זיין זייט, אָבער אָן ווילן, מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. דער פרייער גאָרטנרוים האָט זי געשראָקן. זי האָט באַטראַכט יעדן קוסט

און בוים. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט. אויף אַ באַנק, צווישן צוויי ביימער, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט, נישט זאָגנדיק אים קיין וואָרט. זי האָט זיך אָנגעלענט אָן אַ בוים, ווי זי זאָל זיך אָן אים אָנהאַלטן. ער האָט זיך צוגעזעצט צו איר. ביידע האָבן געשוויגן. ער האָט אַריינגעאָטעמט אין זיך די פרישע לופט. אירע אויגן־לעפלעך זענען געווען אַראָפּגעלאָזט, ווי זי זאָל דרימלען. פון צייט צו צייט האָט ער אויף איר אַ קוק געטאָן. ער האָט געוואַרט זי זאָל רעדן.

— קום — האָט זי אַ געשריי געטאָן. זי איז אויפגעשפרונגען און גענומען גיין צוריק אין גאַס אַריין.

ער איז איר נאָכגעגאַנגען און געשוויגן.

אַז זי האָט דערפילט דעם אַספאַלט אונטער די פיס, האָט זי פאַרלאַנגזאַמט די טריט.

— איך האָב נישט געקאָנט קוקן אויף די בלומען־קלאָמבן. זיי האָבן מיר דערמאָנט די געפלעגטע בלומען אַרום די „עס־עס״־הייזער — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן שטיל. זי האָט געקוקט פאָרויס. זי האָט איצט ווידער דערזען דעם לאַגער.

יהודה האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו איר. זיין בליק האָט געגלעט אירע האָר. ער האָט אַרויסגענומען זיין ציגאַרן־טאַש און פאַררויכערט. אַ צייט זענען זיי געגאַנגען און געשוויגן. ער האָט גערויכערט. זי האָט נאָכגעקוקט יעדן פאַרביי־גייער.

— ווו פירסטו מיך? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן. אירע שטאַרע אויגן האָבן זיך געבעטן.

— צום ים — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך אויך פרעגן. ער האָט אַוועקגעקוקט. ער האָט נישט געקענט זען דעם אומעט אין אירע אויגן.

ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אים געענטפערט.

— איך וויל נישט. יצחק האָט געזאָגט אַז דער ים ברויזט היינט. דער ברויז דערמאָנט מיר מיין לעבן — האָט זי ווידער אים אַ זאָג געטאָן און גענומען גיין שנעל, אָבער פלוצעם האָט זי איינגעהאַלטן אירע טריט.

ער האָט איר נישט געענטפערט. ער האָט זי נאָר געפרעגט:

— ווו אַהין ווילסטו גיין?

— אין די געסלעך ווו עס זענען דאָ ווייניק מענטשן — האָט זי זיך ביי אים ווי געבעטן.

אין די שטילע געסלעך האָט זי זיך באַרויִקט. זי איז געגאַנגען האַרט נעבן ים.

— ווי געפעלט דיר אונדזער ווינטער? — האָט ער זי געפרעגט.

אירע שטאַרע גרויסע אויגן האָבן אים אָנגעקוקט.

איצט האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. יעדעס מאָל, ווען זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, האָט אים אַ קלעם געטאָן ביים האַרץ.

— איך דערמאָן מיך ווי איך, דער „סאַברע״, האָב ס׳ערשטע מאָל דערזען שניי אין אייראָפּע. איך, דער זעלנער, דער קעמפער, האָב זיך געפרייט ווי אַ

קינד, איך האָב זיך געקוילערט אין שניי, געוואָרפן מיט קוילן און צוזאַמען מיט חברה געקלעפּט אַ גולם. — אויך איצט האָט ער גערעדט מיט התלהבות. ער האָט געוואָלט מיט איר רעדן.

זי האָט געוואָלט שווייגן, האָט אָבער געוואָלט אים עפּעס זאָגן:

— די ווינטערס אין די לאַגערן ליגן מיר אין די ביינער; נאַקעט, באָרוועס און הונגעריק. די פּיס אָרומגעוויקלט מיט שמאַטעס, אין הילצערנע סאַנדאַלן, פאַרפרוירן, אין אַ דין, אויסגעריבן, שוין אָן אַ קאָליר, קלייד. געאַרבעט ווי אַ פערד, געשלעפּט ציגל, געגראָבן די האַרטע, פאַרפרוירענע ערד. — איר קאָפּ איז געווען איבערגעבויגן, ווי זי זאָל אים איינרוימען אַ סוד. זי האָט אים דערציילט די פאַרבייגייער זאָלן נישט הערן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ זיפץ געטאָן און שטיל אַ זאָג געטאָן: — איך האָב אויסגעהאַלטן, נישט קראַפּירט.

ער האָט גוט זיך צוגעהערט וואָס זי דערציילט. ער האָט דאָס אויסגעבערענטע שוועבעלע, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן צווישן די פינגער, גענומען בייסן מיט די ציין. אַ צייט האָבן זיי געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט ער זיך צערעדט. ער האָט גערעדט ווי ער זאָל זי טרייסטן:

— יעדער מענטש לעבט איבער. איינער מער, איינער ווייניקער. דער כוח פון לעבן צווינגט דעם מענטש פאָרזעצן, לעבן. איצט ביסטו צווישן יידן. וואָס עס איז געווען דאַרף מען פאַרגעסן! — האָט ער זיך ביי איר געבעטן.

אירע גרויסע שטאַרע אויגן האָבן אים טרויעריק אָנגעקוקט. איר מויל איז געווען אָפן, אַ רגע האָט זי נישט געאָטעמט. דאָס בלוט איז ביי איר נישט דער־גאַנגען צום מוח. זי איז געווען בלאַס.

יהודה האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, זיינע קינבאַקן זענען געווען בולט. ער האָט באַדויערט וואָס ער האָט איר געזאָגט. אין דעם מאָמענט האָט זיך אים גערדאַכט, אַז דאָס איז זייער לעצטער שפּאַציר. ער האָט עס נישט געוואָלט. זיי זענען אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג און ער האָט זיך צו איר געוואַנדן, ווי זיי זאָלן פריִער גאָרנישט האָבן גערעדט:

— אַ מאָל וועל איך דיך מיטנעמען צו אונדז אין שטוב, וועסט זען ר׳ אַברהמען, מיין טאַטן, אַ ברייטביייניקן ייד מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, אַ ייד ווי אַ בוים — האָט ער זיך פאַר איר גערימט — וועסט באַקענען שיינען, מיין האַרציקע מאַמע מיטן שטערנטיכל אויפן קאָפּ, די מאַמע, וואָס זאָרגט פאַר אַלע און אַלעמען. וועסט באַקענען מיינע שוועסטער, מיינע ברידער און אייניקלעך. וועסט זען די שטאַל מיט די פליישיקע מילכקי, זייערע תמימותדיקע אויגן. וועסט הערן זייער זאַטן מרוק. — ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, די רייד זאָל צו איר אַריינדרינגען און זי נישט דערשיטערן. די גאַנצע צייט וואָס ער האָט גערעדט האָט ער געקוקט אויף איר ווי זי נעמט אויף זיינע רייד.

זי האָט געקוקט אַראָפּ און געשוויגן. זי האָט אים געהערט מיט נייגער און שרעק. זי האָט נאָך טיפער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אים אַ זאָג געטאָן:

— פֿאַר מיר איז דאָס לעבן געענדיקט. — עטלעכע טריט ווייטער האָט זי זיך אַ פֿרעג געטאָן: — צו וואָס?

ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און זיך איינגעקוקט אין איר. ער האָט געוואָלט אויפֿכאַפּן איר בליק.

ערשט אין צווייטן געסל איז זי שטיין געבליבן.

— איך בין שוין פֿאַרמאַטערט — האָט זי אַ זאָג געטאָן און אים אָנגעקוקט. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט, ווי זיי זאָלן זיין פֿון פֿאַרצעלייז.

— איך וואָלט זיך נישט געגלויבט אַז איך וועל נאָך שפּאַצירן מיט אַ מאַן אין גאַס — האָט זי אים געזאָגט אַ פֿאַרשעמטע.

— דו באַדויערסט? — האָט ער זי אַ פֿרעג געטאָן, אַקצענטירנדיק דאָס וואָרט.

— קום אַהיים — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן, איר קול איז געווען הייזעריק. זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן. די גאַסנלאָמפּן האָבן זיך אָנגעצונדן. ער האָט די גאַנצע צייט מיט איר שפּאַצירט אין די געסלעך, אין דעם הייזער־פּירעק אין וועלכן עס געפֿינט זיך דאָס הויז, ווו זי האָט געוווינט.

באַשע איז אייליק אַריין אין הויז. זי האָט נישט געוואָלט, אַז די שכנים זאָלן זי זען מיט יהודהן. ער איז איר נאָכגעגאַנגען. אין קאָרידאָר איז שוין געווען פֿינצטער.

די גאַנצע צייט, וואָס באַשע איז געווען אין גאַס, איז שפּרה געווען אומרויִק. זי איז כסדר צוגעגאַנגען צום פֿענצטער קוקן צי זיי גייען שוין. דערזעענדיק זיי, האָט זי זיי געעפֿנט די טיר. די ליכטשיין פֿון אינעווייניק האָט באַשטראַלט באַשעס פּנים. זי האָט פֿאַרמרוזשעט די אויגן.

שפּרה האָט זיי אָנגעקוקט פֿון דער זייט. זי האָט פֿאַרמאַכט די טיר און געשוויגן. זי האָט נישט געוווסט אין וואָס פֿאַר אַ שטימונג באַשע געפֿינט זיך.

— אָה! — האָט באַשע אָפּגעזיפֿצט אַ פֿאַרמאַטערטע. איר פּנים איז געווען פֿריש.

— זיך אָפּגעפֿרישט — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן סתם און אַ קוק געטאָן אויף שפּרהן.

— אַ מענטש מוז זיך איבערגיין, מען קען נישט שטענדיק זיצן אין שטוב — האָט שפּרה אים געענטפֿערט און איז אַריין אין צימער. זי איז געווען זיכער, אַז זיי וועלן איר נאָכגיין.

רפֿי, וואָס איז געזעסן אויף דער סאָפֿע און זיך צוגעהערט צו דער מעשה וואָס דער פֿאָטער האָט אים אַרויסגעלייענט פֿון אַ ביכל, איז אַראָפּגעשפּרונגען ווי נאָר ער האָט דערהערט באַשעס קול. ער איז שטיין געבליבן מיטן עלנבויגן איבערגעלייגט איבערן שטערן, ווי ער זאָל זיך פֿאַרשטעלן די ראיה.

באַשע האָט אַוועקגעקוקט, זי האָט אים נישט געוואָלט זען.

— שלום! — האָט יצחק זיי געזאָגט פֿון ווייטנס און אַוועקגעלייגט דאָס קינדער־ביכעלע — גוט וואָס איר זענט געקומען, מירן עסן צוזאַמען — האָט

יצחק זיי פֿאַרבעטן. ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט און צוגערוקט בענקלעך זיי זאָלן זיך אַוועקזעצן.

באַשע איז אַריין אין קיך נישט זאָגנדיק קיין וואָרט.

יהודה האָט אַ קוק געטאָן אויף שפרהן און איז אַריין צו באַשען.

שפרה איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. עס האָט איר פֿאַרדראָסן באַשעס באַנעמען זיך צו יצחקן.

— שפרה — האָט יצחק אַ פֿלויש געטאָן מיט די ליפּן.

זי האָט אויפֿגעהויבן די אויגן.

ער האָט איר געוויזן מיט דער האַנט, זי זאָל שווייגן.

— מומע באַשע — האָט רפי אַ רוף געטאָן. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן און געוואָלט אַריין צו איר אין קיך.

שפרה האָט אים אַ כאַפּ געטאָן ביי די הענט.

— ייִנגל — האָט יצחק אים גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן און אים גענומען אויף זיך.

רפי האָט געוואָרפן מיט די פיס, זיך אַנטקעגנגעשטעלט.

— רפי, מיר וועלן באַלד עסן און איך וועל דיר ווידער דערציילן אַ מעשה — האָט דער פֿאָטער אים באַרויִקט.

רפי האָט מיט פרייד אַריבערגעוואָרפן די הענט איבער דעם פֿאָטערס האַלדז. דער פֿאָטער האָט אים צוגעדריקט צו זיך.

אַ ווײַלע האָט זיך שפרה געווייגערט וואָס טאָן. זי איז אַריין אין קיך. זי האָט פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויף באַשען מיט יהודהן און גענומען זיך פֿאַרען. זי האָט גרייט געמאַכט די הילצערנע טאַץ, אויפֿגעשטעלט אויף איר עטלעכע טעלער און אַוועקגעלייגט באַשטעק. זי האָט אַרויפֿגעשטעלט אַ טעלערל אָליוון, צוויי אוגערקעס, אַ שטיקל מאַרגאַרין, עטלעכע שטיקלעך הערינג, אַ שטיקל שווייצער־קעז. זי האָט אַרויפֿגעלייגט ברויט, אַרויפֿגעשטעלט דעם טערמאָס און גלעזער און מיט איר אייליק אַוועק אין שטוב.

יהודה האָט איינגעצויגן זיינע לאַנגע פיס, ער זאָל קענען בעסער זיצן. ער האָט אַרויפֿגעלייגט אויפֿן טיש זיין ציגאַרן־טאַש מיט די שוועבעלעך. באַשע האָט זיך אָנגעבויגן און פון לופטשענקל אַרויסגענומען אַ פּעקל ביסקוויטן, עס אויפֿגעריסן און אַרויפֿגעלייגט אויפֿן טישל.

— עס — האָט זי אים געזאָגט. זי איז געזעסן אַנטקעגן אים און שוין געגעסן. זי האָט שנעל געגעסן און, ווי אַ מויז, געגריזשעט איין ביסקוויט נאָכן אַנדערן.

ער האָט אויפֿגעגעסן איין ביסקוויט, פֿאַררויכערט און זיך פֿאַרצויגן.

ער האָט זיך צוגערוקט אַ טעלערל, ער זאָל האָבן ווו צו שיטן דאָס אַש. די קנוילן רויך האָבן זיך געוויקלט און געצויגן אין דער הויך. זיי האָבן גענומען אויספֿילן דעם קיך־רוים. ער האָט גערויכערט און באַשען באַטראַכט דורך דעם רויך. איר פּנים איז געווען פֿאַררויטלט. זי איז געווען שיין.

די ליכט אונטערן רויך איז געווען גרינלעך. די שטילקייט איז געווען אָנגע־דראָלט, אימהדיק.

באַשע האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט אויפגעגעסן דעם לעצטן ביסקוויט. זי האָט אַ שפּרייז געטאָן, זיך איינגעגאָסן פון טשייניק אַ קאַלט גלאָז וואַסער און עס אויסגעטרונקען מיט איין לאַנגן זופּ.

יהודה האָט געקוקט וואָס זי טוט. ער האָט נאָך שטאַרקער ווי פריִער זיך פאַרצויגן מיטן רויך, כמעט אים נישט אַרויסגעלאָזט. ער האָט אַלץ פאַרנומען און געשוויגן. ער האָט רחמנות געהאַט אויף איר. ער האָט זיך געשטעלט פאַר אַן ערן־חוב זי צוריקברענגען צום לעבן.

אַ בייזער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן. מען האָט געהערט ווי דיביימער וויגן זיך אין דרויסן. ווי די אָפּגעריסענע בלעטער גייען אַ קאַראַהאָד. אַן אונטערגע־הויבענע בלעך האָט געקלאַפּט, ווי ווענט זאָלן פאַלן. באַשע איז שטיין געבליבן איינגעהויקערט, דער קאָפּ אירער איז געלעגן אין די אַקסלען. — באַ! — האָט זי אַ זאָג געטאָן און אַ טרייסל געגעבן מיטן קאָפּ, זיך אָפּגעשוידערט. אַ ווײַלע האָט זי אָנגעקוקט יהודהן. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט און אַ שפּרייז געטאָן ווי אַ לונאַטיקער. זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט ביים טיש. די גרויע פאַר־רויכערטע קילקייט האָט ווי געציטערט. זי איז געזעסן אַן איינגעקאַרטשעטע.

— דו זיצסט מיט מיר און דו האָסט מורא? — האָט ער זי געפרעגט מיט שפּאָס. ער האָט גערעדט לאַנגזאַם. ער האָט געמרוזשעט די אויגן און פאַרצויגן די ליפּן.

אינסטינקטיוו האָט זיך באַשע אויסגעגליכן און אָנגעצויגן אויף זיך ס׳קלייד. זי האָט געפילט אויף זיך זיין בליק.

ער האָט באַגריפן איר יעדע באַוועגונג.

— דו געפעלסט מיר — האָט ער איר געזאָגט, ווי די ווערטער זאָלן זיך אים האָבן אַרויסגעגליטשט פון מויל.

איצט האָט זי פאַרמרוזשעט די אויגן. די הויט אַרום זיי איז געווען געררונצלט. זי האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי זי זאָל זיך איינקוקן אין דער ווייט.

— מיר איז דאָס נישט וויכטיק, דיר איז עס נישט כדאי — האָט זי אים געזאָגט, ווי זי זאָל ציילן די ווערטער.

ער האָט אָפּגעאָטעמט ווי ער זאָל כאַפּן דעם אָטעם.

— קיין מענטש דאַרף נישט אויפגעבן די האָפענונג — האָט ער איר געענט־פערט. ער האָט גערעדט שטיל, געווען נישט זיכער.

זי האָט אים נישט געענטפערט. איר קאָפּ האָט עטלעכע מאָל אים נאָר אַ שאָקל געטאָן ווי אַ זייגער־אומרו.

ער האָט כסדר געקוקט אויף איר. ער האָט געפילט איר רעזיגנאַציע. זי האָט אין אים געוועקט מיטלייד.

— אַ סך מענטשן זענען שלעכט, אָבער דער מענטש דאַרף שטענדיק זוכן און זען דאָס גוטע אין לעבן. — ער האָט איר אויסגערעדט און אין צווישן צעריבן אין טעלערל דאָס טליִענדיקע שטיקל ציגאַר.

אירע גלייזיקע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן, ווי אַ טרער זאָל זיי האָבן איבער־געדעקט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— ווער עס קען, איך שוין נישט.

די שטילקייט אין קיך האָט אַ יויער געטאָן. באַשע האָט אַ קוק געטאָן אויף יהודהן. זיין פּנים איז געווען אויסגעצויגן, זיינע קינבאַקן בולט. איר האָט זיך געדאַכט אַז ער איז בייז אויף איר. זי איז זיצן געבליבן אַ פאַרטראַכטע, פאַר־טיפט אין אירע געדאַנקען. מיט אַ מאָל האָט זי גענומען רעדן ווי זי זאָל צונויפ־שטעלן די ווערטער.

— איך קען שוין נישט זיין גוט. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי ווייטער גערעדט. — איך האָב געזען ווי רפי האָט געוואַרט איך זאָל אים נעמען, איך האָב אַוועקגעקוקט. מיין האַרץ איז פאַרשטיינערט.

— פאַר וואָס? זיינע עלטערן האָבן דאָך אַזוי פיל פרייד פון אים — האָט ער שטיל זי אַ פרעג געטאָן. זיין קול איז געווען האַרב.

זי האָט אַרויפגעשטעלט די עלנבויגנס אויפן טיש און אַריינגעלייגט דעם קאָפּ אין די הענט.

— איך האָב דיר נאָך נישט אַלץ דערציילט — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ געבראָכענער שטימע.

ער האָט געזען ווי אירע שלייפן פולסירן. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט איבערן טיש און פּאַמעלעך אונטערגעהויבן איר גאָמבע.

זי האָט דערזען זיין פּנים. מיט אַ מאָל האָט זי אַרויסגעריסן איר קאָפּ פון זיין האַנט. אירע אויגן זענען געווען שטאַר, ווי וואַנזיניק. אירע אַקסלען האָבן זיך געטרייסלט. זי האָט געוויינט אָן טרערן. זי האָט אַ שפּרונג געטאָן ווי אַ לייבעכע. זי איז שטיין געבליבן מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי זי זאָל בעטן און אים אַ זאָג געטאָן, ווי עס זאָל פון איר אַרויסרעדן:

— איך בין געווען אַ מאַמע.

ער איז זיצן געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און פאַרביסענע ציין. זי איז געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע הענט ווי אַ מאָנומענט וואָס שטראָפט, פאָדערט.

— זיי האָבן עס געהרגעט — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט פאַרביסענע ליפּן, ווי זי זאָל אַרויסשטופּן די ווערטער דורך די ציין.

יהודה איז זיצן געבליבן פאַרגאַפט מיט אויפגעריסענע אויגן. זיינע נאָז־לעפלעך האָבן געפלאַטערט. ער איז געזעסן שטייף און שווער געאָטעמט. זיין קאָפּ האָט גענומען זינקען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט. איר פּנים איז געווען ווייס און שטאַר ווי אַ מאַסקע פון אַ טויטן. איצט האָט ער זיך אויפגעשטעלט און צוגערוקט צו איר, צאַרט, ווי ער זאָל זיך שרעקן, האָט ער זי אַרומגענומען.

זי האָט אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיינע אָרעמס און זיך צעהעשעט. ער האָט געפילט אירע טרערן אויף זיינע הענט ווי קאַלטע טראָפּנס רעגן. די שטיל־קייט איז געלעגן איבער זיי. ער איז געשטאַנען ווי ער זאָל זיך מורא האָבן אַ ריר טאָן פון אָרט. אירע ווערטער און אירע טרערן האָבן אים צענומען.

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, עס האָבן איר פאַרפעלט טרערן. ער האָט אַוועקגענומען די הענט. די אָדערן אויף איר האַלדז זענען געווען אָנגעצויגן. אירע גלייזיקע נאַסע אויגן האָבן באַטראַכט זיין פּנים, זיינע אויגן און זיין אויסגע־צויגענעם איצט האַלדז. באַשע האָט אים געזען ס'ערשטע מאָל פון דער נאָענט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט ווי זי זאָל וועמען זוכן. זי האָט געוואָלט זען צי קיינער האָט זי נישט געהערט.

— פאַר וואָס האָב איך זיך אויסגערעדט? — האָט זי געפרעגט און אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ. זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט. זי האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויפן טיש און איינגענורעט אין זיי דעם קאָפּ.

ער איז געשטאַנען איבער איר ווי אַ שומר און געשוויגן צוזאַמען מיט איר. ער האָט געקוקט אויף דעם ציגאַרן־טאַש און נישט געקענט צו איר אויסשטרעקן די האַנט. דער רויך אין קיך איז זיך צעפלאָסן. די ליכט האָט געשיינט ווי נאָר אויף זיי.

זי האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און אים אויפגעהויבן.

— זעץ דיך! — האָט זי אים באַפוילן. אירע אויגן האָבן זיך איינגעקוקט אין דער ווייט. ער האָט זיך פּאַמעלעך אָפּגערוקט פון איר, זיך אַוועקגעזעצט און ווידער פאַררייכערט.

זי האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, זיך איבערגעבויגן און האָט זיך צערעדט:

— נאָר איבערגעטרעטן דעם טויער, האָבן זיי אונדז צעטיילט: יעקבן אין איין זייט, מיך מיט הערשעלען אין דער צווייטער זייט. אַ הויכער מחבל אין אַ שוואַרצן מונדיר, דער מלאך־המוות, האָט אַרויסגעריסן פון מיינע הענט דאָס דריי־חדשימדיקע קינד. ער האָט עס אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ אין וואַנט. — זי האָט גערעדט שנעל. זי האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט נישט קענען ענדיקן, אַז עס וועט איר פאַרפעלן מוט און אָטעם. זי האָט זיך פאַרשטעלט ס'פּנים מיט די הענט, ווי זי זאָל נישט וועלן זען, ווי עס זאָל איצט האָבן געשען. איר פּנים איז געווען אויסגעצויגן, אירע אויגן איינגעפאַלן, ווי די אויגנלעכער אירע זאָלן זיין ליידיק.

ער איז געזעסן אָן זיך אַ ריר צו טאָן. ער האָט צוזאַמען מיט איר איבער־געלעבט די טראַגעדיע. ער האָט אַ נאָג געטאָן דעם ציגאַר. דאָס אַש איז אַראָפּגע־פאַלן. זיין פּנים איז געווען גרין. די האָר פון זיין באָרד זענען געווען בולט. ער האָט אַריינגעצויגן אין זיך דעם ציגאַרן־רויך. עס האָט זיך דערהערט דאָס פאַלן פון די ערשטע רעגן־טראָפּנס אין גאַס.

באַשע האָט איבערגעפירט איר שטייפע צונג איבער די טרוקן געוואָרענע ליפּן, ווי זי זאָל האָבן דערפילט די נעץ אין דרויסן. זיי זענען געזעסן אַנטקעגן

זיך. יעדער פון זיי האָט געפילט די אָנוועזנהייט פונעם אַנדערן. זי האָט געקוקט אין אַ זייט, ער אויף איר. זי האָט זיך געשעמט פאַר אים.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און פאַמעלעך, ווי זי זאָל קריכן, זיך צוגערוקט צו אים.

— זאָלסט דאָס נישט דערציילן, דאָס איז דער סוד וואָס פייניקט מיך. אַפילו שפרה ווייסט נישט — האָט זי צוגעגעבן. זי האָט גערעדט שטיל. אירע ליפּן האָבן זיך קוים באַוועגט. זי איז געשטאַנען פאַר אים ווי אַ בעטלערין.

ער האָט זי אַרומגענומען מיט איין האַנט, מיט דער צווייטער אָנגענומען אירע האַנטפלאַכן. די אויסגעברענטע ציגאַר איז אים אַרויסגעפאַלן פון מויל אויף דער ערד. זיינע מוילווינקלען האָבן געציטערט, זיינע נאָזלעכער האָבן געפלאַ־טערט, געאָטעמט שנעל. ער האָט זי ס׳ערשטע מאָל געהאַלטן אַרומגענומען. ער האָט איבערגעבויגן דעם קאָפּ, ווי ער זאָל זיך צו איר דערנעענטערן, אָבער תיכף איר געזאָגט:

— איצט וועלן מיר היטן דיין סוד אין צווייען. — ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע ליפּן אויף איר האַנטפלאַך און פאַרמאַכט די אויגן. דער רעגן אין דרויסן איז געוועז שטורמיש. מען האָט געהערט ווי דאָס וואַסער פּאַטשט די ווענט אין די שויבן.

באַשע האָט זיך אָפּגערוקט פון אים.

— גיי אַהיים — האָט זי אים געבעטן. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַריין אין שטוב, נישט געזאָגט אים שלום. ער איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט באַוויזן זען איר געשטאַלט, וואָס איז פאַרשוווּנדן הינטער דער טיר.

ער איז אויף די שפּיץ פינגער אַוועק צו דער טיר און זי פאַרזיכטיק פאַר־קלאַפּט הינטער זיך.

באַשע איז געבליבן שטיין. די ליידיקע כלים אויפן טיש, די אָפּגערוקטע בענקלעך האָבן איר דערמאָנט די ווירקלעכקייט. זי האָט שנעל אויסגעלאָשן די ליכט. אין דעם זעלבן מאָמענט איז אויסגעגאַנגען דאָס ליכט אין שלאָפצימער. אין דער פינצטער האָט באַשע דערפילט די שטילקייט. זי האָט גענומען שפּאַנען איבערן צימער. אויסגעצויגענע שאָטנס האָבן געפלאַטערט אויף די ווענט.

— וואָס נאָך וועל איך דאַרפן איבערקומען — האָבן אירע ליפּן אַ פּליסטער געטאָן. אין דער שטילער פינצטער האָט זיך איר אויסגעדאַכט אַז זי רעדט הויך. זי איז שטיין געבליבן אַ דערשראָקענע. זי האָט אויפגעהאָרכט צי מען האָט נישט געהערט אירע ווערטער. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט מורא האָבנדיק אַז זי וועט זיך אָן עפּעס אָנשטויסן. אויף די שפּיץ פינגער, ווי זי זאָל זיך אונטער־גנבענען, איז זי אַוועק שלאָפן.

# ז

ווינטער. דער הימל איז גרוי און נידעריק. די וואָלקנס זענען פול וואַסער. דער האָריזאָנט איז נאָענט. יעדע נאַכט רעגנט. די רעגנס זענען געדיכטע, די טראָפּנס פאַלן שיף. די ווינטן טרייבן זיי. די טעג זענען קאַלטע. די ערד איז דורכגענעצט. די שטאָט, די הייזער און די גאַסן זענען אויסגעצוואָגן. דער ים שטורעמט כסדר. דאָס ים־וואַסער איז געדיכט און מוטנע, די שוים זיינע געל. יהודה קומט יעדן טאָג צו באַשען. בדרך־כלל בלייבן זיי זיצן אין קיך, אָדער זיי גייען אַרויס אין גאַס. זי האָט ליב צו גיין איבער די גאַסן, ווען דער ווינט פּייטשט אירע באַקן. זי האָט גערן ווען דער ווינט נעמט זי אַרום. עס שרעקט זי דער צעברויזטער ים. עטלעכע מאָל האָט יהודה ביי איר געפּועלט אַריינצוגיין אין אַ קאַפע. זי איז אָבער געגאַנגען מיט אים נאָר אין די קאַפעען, ווו עס זענען געווען אָפענע באַלקאָנען. דאָס לעצטע מאָל זענען זיי געזעסן אין „קנקן" אין דרויסן, פאַר דער טיר.

— אפשר איז דיר קאַלט — האָט יהודה זי געפרעגט.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אים געזאָגט:

— איך האָב ליב אָפענע פענצטער, אפשר דאַרף מען שנעל אַוועק. — זי האָט זיך געשעמט אים זאָגן דאָס וואָרט לויפן. ער האָט געוווסט איר מורא. זי האָט זיך שטענדיק געזעצט אין אַ ווינקל, אָפּגעזונדערט פון די מענטשן. זי האָט געוואָלט זען און באַטראַכטן יעדן מענטשן, וואָס קומט און גייט. זי האָט קיין מאָל נישט געטרונקען מער ווי איין גלאָז טיי. זי האָט אַריינגעטאָן, נישט נאָר איר פּאָרציע צוקער, נאָר אויך דאָס בייטעלע צוקער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט. זי האָט געמישט שנעל. דערפאַר פלעגט זי עסן צוויי, אַ סך מאָל דריי קרעם־קיכלעך. יהודה האָט געוווסט אַז דאָס איז איר באַליבט מאכל. זי פלעגט עסן שנעל, ווי אַ קינד וואָס האָט מורא אַז די מאַמע וועט עס אים אַוועקנעמען. אין קאַפע פלעגן זיי שווייגן, כמעט נישט רעדן. זי האָט זיך געהיטן זאָגן אַ וואָרט, מורא געהאַט, אַז מענטשן קענען הערן.

אַנומלט האָבן זיי אויך שפּאַצירט. זיי האָבן זיך קוים דערווייטערט פון הויז, ווו זי האָט געוווינט, און עס האָט אָנגעהויבן רעגענען. דער רעגן איז געווען אַ שיטערער, אָבער די טראָפּנס זענען געווען גרויסע. זי האָט זיך אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פונעם מאַנטל און אים געזאָגט:

— קום אַהיים.

ער האָט נישט געהאַט קיין חשק.

— קום אין קינאָ — האָט ער איר פאָרגעשלאָגן. זיי זענען געווען נישט ווייט פון קינאָ "אָרלי".

זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט הינטער דער וואַנט.

— ניין! מיר זענען ערשט געווען — האָט זי זיך געוועהרט.

— קום, אין קינאָ איז וואַרעם — האָט ער געזוכט אַ תּירוץ און האָט זי גענומען אונטערן אָרעם. גייענדיק האָט זי אים געבעטן:

— אָבער נישט ווו מען שיסט.

ביידע האָבן זיך געאיילט. פאַרבייגייענדיק האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן קינאָ־אַפּיש.

— עס שפּילט „די משפחה" — האָט ער איר געזאָגט.

ער האָט זי געפירט אין דער פינצטער איבערן זאַל ווי אַ קינד ביי דער האַנט. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט און ער האָט איר דערלאַנגט זיין טיכל, זי זאָל זיך אַרומווישן ס'פּנים. אַ קורצע צייט האָבן זיי נאָכגעפאָלגט די פילם־אַקציע, ביז זיי איז קלאָר געוואָרן דער אינהאַלט. אַ חלק פון פילם האָט שוין געהאַט אָפּגעשפּילט. זי האָט געקוקט ווי דער זון מאַכט חשבון מיטן פאָטער. דער זון האָט זיך אָנגעגנומען דער מוטערס קריוודע. דער פאָטער האָט איר נישט געגעבן גענוג געלט. זי דאַרף מער — האָט דער זון געטענהט מיטן פאָטער. באַשע האָט נישט געקוקט די גאַנצע צייט אויפן עקראַן. זי פלעגט יעדע ווילע אַ קוק טאָן אין זאַל אַריין, ווי זי זאָל אַדורכקוקן די אָנגעדראָלטע פינצטער. וויפל מאָל אַן אָרדנער פלעגט אָנצינדן זיין טאַשנלעמפּל האָבן די שטראַלן ליכט אַ שפּיז געטאָן די פינצטערניש. זי האָט דעמאָלט אַ ציטער געטאָן און זיך געטוליעט צו אים. זי פלעגט אָפּאָטעמען ווען זי האָט אים דערפילט נעבן זיך. ווען אויפן עקראַן איז אויסגעבראָכן אַ קריגעריי צווישן ווייב מיטן מאַן און דאָס ווייב האָט געשריבן: „דו אַלטער תּרח, ווילסט מיך פאַרטרייבן, שעמסט זיך נישט" — האָט באַשע איינגעשניטן אירע נעגל אין יהודהס האַנט.

— איך קען נישט מער — האָט זי אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט.

ער איז איר נאָכגעגאַנגען. ער האָט פאַרשטאַנען.

די שכנים אין הויז האָבן געוואָלט זען און געזען ווי יהודה קומט צו באַשען און ווען ער גייט אַוועק פון איר. אַלע שכנים אין הויז האָבן געוווּסט, אַז באַשע מיט יהודהן זיצן אין קיך ביז שפּעט ביינאַכט.

אַנומלט, אין אַ נאָכמיטאָג, האָבן צוויי שכנות זיך געטראָפן ביי מרדכין אין קראָם. מלכה, די יינגערע, האָט זיך צוגערוקט צו דינהן און איר שטיל געזאָגט:

— זי איז רויִקער — נאָך איידער זי האָט באַוויזן זאָגן דינהן שלום. מלכה האָט געמיינט באַשען.

— ער מוז זיין אַ ברילִיאַנט. — דינה האָט געמיינט יהודהן. — ער קוקט איר אין מויל אַריין — האָט זי צוגעגעבן.

— זי איז איצט שיין — האָט מלכה אַ זאָג געטאָן און אָנגעקוקט דינהן. זי האָט געוואָלט וויסן צי דינה איז אויך ביי דער זעלבער מיינונג.

— אַ בעסער מזל ווי ביז איצט זאָל זי האָבן — האָט דינה איר געענטפערט.

מלכה האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זי האָט באַשטעטיקט דינהס פאַרלאַנג און גענומען פון טיש אַ פּעקל שמירקעז.

— איר װעט עס שפּעטער פֿאַררעכנענען — האָט זי געזאָגט דעם קרעמער און איז אַרויס פֿון קראָם.

לעצטנס גײט באַשע נישט אַרײַן צו ברײַנען. זי האָט מורא אַז זי װעט זיך מוזן אויסרעדן פֿאַר דער באָבען.

ברײַנע, מיט אירע גרויסע, זילבערנע לאָקן אונטערן קאָפּטיכל, האָט נישט אײן מאָל אָפּגעװאָרט באַשען אין הויזדורכגאַנג און איר אַ זאָג געטאָן: — שלום, טאָכטער! — אַ סך מאָל זענען זײ בײדע אַרײַן צו ברײַנען. „נאַ, עס, קינד", פֿלעגט איר ברײַנע זאָגן און איר יעדעס מאָל אַװעקגעשטעלט אַ טעלערל מיט עפּעס אַ געקעכץ. באַשע פֿלעגט ענדיקן עסן און אָן צו זאָגן אַ װאָרט אַװעק אַהײם. יעדעס מאָל, װען ברײַנע פֿלעגט זי דערזען, האָט זי אַ שפּרונג געגעבן, װי זי זאָל אונטערטאַנצן. זי האָט געמײנט, אַז אַט איצט אפשר װעט באַשע איר דערצײלן.

אין אַ פֿרימאָרגן, װען די אײַנגאַנגסטיר איז געװען אָפּגעלענט, האָט ברײַנע זיך אַרײַנגעשלײַכט צו שפּרהן.

שפּרה איז געװען אין קיך. זי האָט געקאָכט. רפֿי איז געזעסן אין שטוב אויפֿן דיװאַן און געבױט זיך אַ הױז פֿון װערפֿל.

שפּרה האָט האַסטיק אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ פֿון דער שיסל. זי האָט נישט געהערט אַז ברײַנע איז אַרײַן, זי האָט נאָר דערפֿילט אַז זי שטײט נעבן איר.

— ברײַנע, גאָט איז מיט אײַך — האָט שפּרה געזאָגט אַ דערשטױנטע.

ברײַנעס גוטמוטיקע אויגן האָבן אַ שמײכל געטאָן.

— גוטע צװיקל, קאָך אײַן אין באָרשטש אַ פּאָר קאַרטאָפֿל — האָט ברײַנע איר געראָטן.

שפּרה האָט געשײלט און געשניטן די צװיקל.

— יצחק האָט ליב רײַנעם באָרשטש — האָט שפּרה איר געענטפֿערט. אַ װײַלע האָבן בײדע פֿרויען געשװיגן. מען האָט נאָר געהערט װי די פֿליסיקײט אין דעם צוגעדעקטן טאָפּ אויפֿן גאַז קאָכט און דעם קלאַנג פֿון די הילצערנע װערפֿלען, װאָס רפֿי האָט איבערגעלײגט.

ברײַנע האָט געװוּישט אײן ליפּ אין דער אַנדערער, אָבער לאַנג האָט זי זיך נישט אײַנגעהאַלטן און האָט אַ זאָג געטאָן:

— אַ גוטער בחור יהודה — און זי האָט מיט צװײ פֿינגער זיך אויסגעװוּישט די מוילװינקלען.

— זײ קענען זיך שוין פֿון לאַנג. ער האָט זי געברענגט אין לאַנד אַרײַן — האָט שפּרה איר געענטפֿערט לאַקאָניש. זי האָט אויפֿגעהויבן אַן אַקסל און גלײַכגילטיק פֿאַרקרימט דאָס פּנים. זי האָט נישט געװאָלט אַרײַן מיט ברײַנען אין אַ שמועס. זי האָט דעם ענין געמאַכט צו נישט.

— דער ײדישער גאָט העלפֿט אַלעמען! — האָט ברײַנע איר געענטפֿערט צעצי̇ענדיק די װערטער. זי האָט געגעבן איר אָנצוהערן אַז זי איז איר מוחל איר שװײַגן.

— אַ גוטן! — האָט זי אַ זאָג געטאָן שפּרהן און איז אַװעק אַהײם.

שפרה האָט געשיילט שנעל. איר האָט פאַרדראָסן וואָס זי האָט בריינגען אַזוי אָפּגעענטפערט.

אין שטוב גייען באַשען אַלע פון וועג. קיינער וויל זי נישט דערצערנען. שפרה און יצחק האָבן געזען אַז זי לעבט שטאַרק איבער. באַשע איז איצט ווייני־קער געזעסן אין ווינקל פון דער סאָפע. זי האָט אויך ווייניקער געשפּאַנט איבערן צימער. איר שטערן איז איצט אָבער מער צעקנייטשט. די הויט אַרום די אויגן געריינצלט. אירע ליפּן זענען בלאַס און פאַרביסן.

שפרה גרייט איר עסן צו דער אַרבעט. זי טראָגט איר אונטער יעדע נויטיקע זאַך. זי וואַשט איר די וועש. זי גייט זיך מיט איר אום ווי מיט אַ קינד. אויך יצחק ברענגט איר יעדעס מאָל עפּעס פון גאַס, אַ מאָל אַ פרוכט, אַ מאָל אַ נאַש. ער ברענגט איר אויך פאַרשיידענע אילוסטרירטע זשורנאַלן. זי לייענט זיי נישט, זי קוקט נאָר איבער די בילדער. ווען זי איז דערשלאָגן, דעמאָלט קוקט זי אַפילו די בילדער אויך נישט אָן. דעמאָלט פאָלגט נישט יצחק שפרהן, אַז שאָקאָלאַד מאַכט זי דיק, און ער ברענגט באַשען שאָקאָלאַד.

ווי איר געמיט זאָל נישט זיין, איז ווי זי דערזעט נאָר אויפן בופעט שאָקאָלאַד עסט זי מיט תאווה, ווי זי זאָל מורא האָבן אַז מען וועט עס איר אַוועקנעמען. אַפילו ווען זי ענדיקט עסן מלאַסקעט זי מיט דער צונג און מיט די ליפּן, ווי זי זאָל מעלה גרה זיין.

שפרה און יצחק קוקן פון אַלעם אַוועק. זיי ווילן נאָר זי זאָל זיין רויִק. פון זינט באַשע גייט אַרויס מיט יהודהן, האָט שפרה אויפגעהערט מיט איר שפּאַצירן. נאָר רפי טרעט זי נישט אָפּ. ווו זי רירט זיך גייט ער נאָך איר. ווי נאָר זי קומט אין שטוב אַריין, שטייט ער צו איר צו:

— מומע, קום זיך שפּילן.

זי ענטפערט אים נישט. זי דרייט אַוועק איר קאָפּ. זי וויל אים נישט זען. אָפּט, ווען ער ווענדט זיך צו איר, דרייט זי אַפילו נישט אַוועק דעם קאָפּ. איר קאָפּ בלייבט הענגען אויף איר אויסגעשטרעקטן האַלדז. איר פּנים איז דעמאָלט אַ פאַרגליווערטע מאַסקע. זי זעט אים נישט. נאָך יעדער אַזאַ געשעעניש צעוויינט ער זיך, ביז די עלטערן שטילן אים איין, אָבער ווען קיינער איז נישטאָ אין שטוב בלייבט זי נישט איין מאָל שטיין אין דורכגאַנג און קוקט פון וויטנס, רפי זאָל נישט מערקן, ווי ער שפּילט זיך. דעמאָלט זענען אירע אויגן אויפגעריסן, גרויס און פאַרגלייזט, אירע ליפּן זענען פאַרצויגן, זי פילט איר בלוט־פּולס אין די אָדערן און עס דויערט אַ צייט ביז זי באַהערשט זיך.

זיינע עלטערן פאַרשטייען נישט פאַר וואָס זי איז געבליבן אַזוי פרעמד צו רפין.

די וואַרעמקייט פילט זיך אין שטוב. די ליכט ברענט. די פאַרהאַנגען זענען פאַררוקט איבער די פענצטער. אין דער ליכטשיין זענען די ברוינע קראַטן־פאַרהאַנגען בולט. באַשע זיצט אין ווינקל פון דער סאָפע. אויף אירע קניִען ליגט אַן אָפענער זשורנאַל, אָבער זי קוקט נישט אַריין אין אים.

רפי שטײט אין דער זײט. ער קוקט אויף באַשען, וואַרט זי זאָל אים רופן. זי, אָבער, וויל אים נישט זען.

רפי גײט כסדר אַריבער פון אײן ווינקל אין אַנדערן. ער וויל באַשע זאָל אים זען. נאָך אַ לענגערער צײט האָט ער זיך בײַ איר געבעטן:

— מומע, גיב מיר עסן.

באַשעס פּנים איז געוואָרן לאַנג. די קאָליר פון איר פּנים האָט זיך כסדר געביטן. אַ מאָל האָט איר פּנים געפלאַמט, אַ מאָל איז עס געווען ווײס. זי האָט געאָטעמט שווער. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און האָט אויסגעשטאַמלט:

— גײ צו דער מאַמען. — אירע ליפּן און די נאָזלעפלעך האָבן געציטערט. די אָדערן אויף איר פּנים האָבן געצוקט, איר פּנים איז געווען אָנגעשוואָלן.

רפי איז נישט אָפּגעטרעטן.

— קום! — האָט ער פון איר געפאָדערט.

זי איז אויפגעשפּרונגען. דער זשורנאַל איז אַראָפּגעפאַלן אויפן פּאָל. זי האָט מיט די הענט זיך פאַרשטעלט דאָס מויל. זי איז אַרײַנגעפאַלן און זיך אַרויפגע־וואָרפן אויף איר בעט. זי האָט געהעשעצט.

רפי האָט געוויינט אויפן קול פון כעס און שרעק.

יצחק און שפרה זענען אײליק אַרײַן צו אים אין קיך. זײ האָבן דורך דער טיר געהערט רפיס פאַרלאַנג פון באַשען.

יצחק האָט זיך אָנגעבויגן און אים גענומען אויף די הענט.

— יאָ, יאָ, קום. איך וועל דיר געבן עסן — האָט ער אים געטרײסט. די מוטער האָט אים אַ גלעט געטאָן אין קאָפּ. זײ זענען מיט אים אַרײַן צוריק אין קיך.

באַשע קוקט אויס יהודהן. אָפט גײט זי צו צום פענצטער זען צי ער קומט, ווען זי דערהערט אָבער אַ קלאַנג בײַ דער טיר, לויפט זי אַרײַן אין שלאָפצימער אָדער אין באָדצימער. זי באַהאַלט זיך אויף אַ ווײַלע, זי וויל אים נישט זען, כאָטש זײַט זי האָט אים פאַרטרויט איר לעבנס־סוד איז ער דער אײנציקער, וואָס איז איר נאָענט. זי איז בײז אויף זיך. זי פילט אַז ער פאַרנעמט אַן אָרט אין אירע געדאַנקען. איר ווען איז איצט צעבראָקלט. זי לעבט צווײ וועלטן: דעם אַמאָל „דאָרט" און דעם „דאָ" בײַ שפרהן אין שטוב. ס'חיות גײט איר אויס אַ גלעט טאָן רפין און דאָך קען זי אים נישט אָנקוקן. זי וואַרט יהודה זאָל קומען, זי דער־שרעקט זיך אָבער ווען ער קומט. זי קעמפט מיט זיך. זי מרוזשעט די אויגן. אירע ברעמען זענען שטײף, אירע באַוועגונגען נערוועז. זי וויל לעבן מיט די מענטשן אַרום איר, אָבער זי קען נישט.

באַשע האָט געזיפצט און צוגעקלאַפּט הינטער זיך די טיר אויפן קלאַפּשלאָס.

— באַשע — האָט שפרה זי גערופן פון שלאָפצימער.

באַשע איז אַרײַן צו איר.

— אוי! — האָט באַשע יאָמערלעך אַ קרעכץ געטאָן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און איז שטיין געבליבן איינגעבראָכן ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים.

די שאַנק איז געווען אָפן. אויף די בעטן איז געלעגן אַ שטויס בגדים, איינס אויפן אַנדערן. אויפן פּאָל איז געלעגן אַ שטויס זאַכן שוין נישט צום נוצן. באַשע האָט געהאַט דעם איינדרוק אַז זי איז אין לאַגער.

— גוואַלד! — האָט זי זיך צעשריגן און מיט די פויסטן געריסן אירע האָר. זי האָט זיך אויסגעדרייט. אין מאָמענט האָט זי דערזען ווי רפי שלאָפט אין זיין בעטל. אַ צעטומלטע איז זי אַרויסגעלאָפן פון צימער.

שפרה איז איר נאָכגעלאָפן.

באַשע האָט אַוועקגעוואָרפן איר האַנטבייטל אין ווינקל. מיט ציטערנדיקע הענט האָט זי אויפגעקנעפּלט איר מאַנטל. אַ ווילדע האָט זי אים אַראָפּגעצויגן פון זיך און אים אַרויפגעוואָרפן אויף דער סאָפע.

— באַשע קרוין! — וואָס איז מיט דיר — האָט שפרה, אַ פאַרצווייפלטע, זיך צו איר געוואָנדן און פאַרבראָכן די הענט.

באַשע האָט זיך מיטן קאָפּ אָנגעלענט אָן דער וואַנט. זי האָט פאַרביילט די פויסטן און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס וויל ער פון מיר? — ווי זי זאָל נישט געדענקען צוליב וואָס זי האָט זיך אויפגערעגט. אירע אויגן האָבן געקוקט וואַנזיניק.

שפרה האָט פאַרשטאַנען וועמען זי מיינט און האָט איינגעקלעמט די שפּיץ צונג צווישן די ליפּן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי שטיל, ווי צו זיך, אַ זאָג געטאָן:

— אַ גוטער בחור.

— וואָס וועט ער מיט מיר טאָן? — האָט באַשע דירעקט זיך אַ ווענד געטאָן צו דער שוועסטער.

שפרה איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. אירע אויגן־לעפּלעך זענען געווען נאָס פון שוויס. אַ ביסל שפּעטער האָט שפרה איר געזאָגט:

— וואַש דיך און קום עסן. — זי האָט צו איר גערעדט האַרציק, זי געבעטן און אַוועק אין קיך.

באַשע איז איר נאָכגעגאַנגען. אירע אויגן זענען געווען אויסגעלאָשן. זי האָט געשלעפּט די פיס ווי אַ זקנה.

ווען יהודה האָט ס׳ערשטע מאָל געטראָפן באַשען ביים ים, האָט ער זיך מיט איר דערפרייט. ער איז געווען צופרידן וואָס די הויכע, אויסגעדאַרטע, מוטלאָזע בחורה מיט די וואַנזיניקע אויגן, איז נישט געגאַנגען לאיבוד אין וועג. אים האָט געפרייט וואָס זי געפינט זיך אין לאַנד ביי אַ שוועסטער. זי איז אים געפעלן געוואָרן שוין אויפן ערשטן בליק, אָבער ער האָט אָנגעהויבן צו איר קומען פון מיטלייד, ווי צו אַ „פליטה פון לאַגער״. זי איז אים אין משך פון דער צייט געוואָרן נאָענט. ער האָט געוואָלט לינדערן אירע ליידן און פאַרטרייבן פון איר די אַפּאַטיע.

ער האָט געוואָלט זי צוריקברענגען צום לעבן. זײַט זי האָט זיך פֿאַר אים פֿאַר־טרויט, האָט זי אים דעראָבערט. ער האָט געלעבט מיט איר פּײַן, די פּײַן פֿון אַ פֿרוי און מוטער, וואָס האָט אין איר לעבן אַלץ פֿאַרלוירן. ער האָט אָפּגעפּילט איר חרובֿע וועלט און געשטעלט זיך אַ ציל צוריק אויפֿבויען איר אַ וועלט.

יהודה קוקט אַראָפּ און שווײַגט. ער וויל נישט, אַז מענטשן זאָלן אים דער־קענען, אָפּשטעלן און פֿרעגן. ער רויכערט איין ציגאַר נאָכן אַנדערן און שלינגט ממש דעם רויך. שוואַרצע, האַלבע רעדער רעמען זײַנע גרויסע ברוינע אויגן. נישט איין מאָל בלײַבט ער שטיין, אַנגעלענט אין אַ ווינקל פֿון שטאָל אָדער אַ בוים מיט פֿאַרהאַקטע ציין. ער, וואָס האָט געענדיקט „מקווה״, אַ חבר אין דער „הגנה״, אַן אַנטי־נאַצי־קעמפֿער, האָט זיך נישט איין מאָל געפֿרעגט צי באַשע וועט קענען זײַן זײַן פֿרוי און אַ מוטער פֿון זײַנע קינדער. ער האָט זיך מיט קיינעם פֿון זײַנע חברים מער נישט געטראָפֿן. ער איז נישט געגאַנגען מיט זיי אַפֿילו ווען זיי זענען געקומען אים רופֿן. ער האָט געאַרבעט מיט אימפּעט. געלאָדנט די קאַנען מיט מילך אויפֿן טענדער און אויסגעלאָדנט די פּעק שטרוי און זעק פֿאַשע. ער האָט געפּוצט די קי און זיי אונטערגעבעט שטרוי. דער אײנציקער וועג נאָך דער אַרבעט האָט געפֿירט צו באַשען.

טאַטע־מאַמע שווײַגן. זיי זעען ווי זייער מיזיניק יהודה גייט אַרום אַ פֿאַר־טראַכטער, אָבער זיי וואַרטן.

די טיר האָט אַ סקריפּ געטאָן און זיך פֿאַרמאַכט. (אויף דער אײַזערנער טיר איז געווען צוגעקלאַפּט אַ הילצערנע מזוזה). — אַה! — האָט יהודה אָפּגעאָטעמט. די וואַרעמקייט אין קיך האָט אים אַדורכגענומען. די קיך, אַ ריזיק פּירקאַנטיק צימער מיט אַ נידעריקער סטעליע. אויף דער וואַנט, דער טיר אַנטקעגן, זענען אײַנגעבויט דער אויוון, די קיכשענקלעך, די צוויי שיסלען פֿאַר מילכיק און פֿליישיק געפֿעס, דער וואַסערקראַן. אויף דער זעלבער וואַנט, פֿון לינקס, שטייט אַ פֿאַרגלאָזטע שאַנק מיט אויסגעשטעלטע שטיינערנע טעלער און וואַזעס. אויף דער וואַנט הענגט אויך אַ פּושקע פֿון רבי מאיר בעל הנס און אַ בילד פֿון הרב קוק. אויף דער וואַנט אַנטקעגן שטייט אַ קרעם לאַקירטע שאַנק מיט פּראָוויאַנט. אין דער שטוב, פֿון פֿאָרנט, שטייט אַ לאַנגער דעמבאָווער טיש מיט אַ סך בענק־לעך. איבער דער קיך הענגט אַ לעמפּל מיט אַ פֿאָרצעלאַן־אַבאַזשור. איבערן טיש הענגט אַ זשיראַנדאָל מיט צוויי לעמפּלעך.

שיינע, די מאַמע, אַ מיטלוואוקסיקע, דיקע פֿרוי, האָט אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ פֿון דער שיסל. זי האָט געוואַשן כּלים.

— שלום! — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן.

דער פֿאָטער האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— זעץ זיך עסן — האָט די מוטער אים געזאָגט.

— איך האָב שוין געגעסן — האָט יהודה איר געענטפֿערט און גענומען שפּרייזן איבער דער שטוב.

די מוטער האָט פֿאַרצויגן די ליפּן. איר קיילעכיק, נישט זייער צעקנייטשט

פנים, איז געוואָרן לאַנג. איר טוזשוריק מיט דער ברייטער ספּאָדניצע זענען הענגען געבליבן אויף איר. זי האָט אַרונטערגערוקט אירע גרויע האָר אונטערן קאָפּטיכל און זיך אָפּגעווישט די ליפּן מיט דער האַנט.

יהודה איז אַרויס פון שטוב.

דער פאָטער איז געזעסן אַן איבערגעבויגענער איבערן טיש. אויפן טיש איז געלעגן דאָס ברויט מיטן מעסער, עס איז אויך געשטאַנען אַ זאַלצמעסטל. דער פאָטער האָט געהאַלטן די עלנבויגנס אויפן טיש און זיין קאָפּ איז געלעגן אין די הענט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זיינע פליישיקע ליפּן האָבן זיך געטרייסלט. ער האָט געבענטשט. זיינע געדיכטע, שפּיציקע ברעמען זענען געווען שטייף. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום ווייב און זי געפרעגט אַ פאַרזאָרגטער:

— וואָס איז אים געשען? — און אַ שנופּ געטאָן מיט זיין לאַנגער, פליישיקער נאָז. זיינע ליפּן זענען געבליבן פאַרמאַכט. ער האָט אויסגעבלאָזן די באַקן. זיין לענגלעך, צעקנייטשט פּנים האָט זיך אויסגעפּולט.

— ווער ווייסט, צי ער האָט זיך עפּעס נישט מיטגעבראַכט פון דער אַרמיי?

— האָט די מוטער געזאָגט, ווי זי זאָל זיך פרעגן.

— וואָס אַ יידענע פאַלט איין, אונדזער זון? — האָט ער געפרעגט. זיינע סאָמעט ווייכע, ברוינע אויגן האָבן רויִק זי אָנגעקוקט.

זי האָט ווייטער געוואַשן די טעלער.

ער האָט זיך אָנגעלענט מיט די הענט אין טיש, זיך אויפגעשטעלט און איז אַוועק צו דער טיר. ער האָט געטראָגן ברייטע הויזן, אַריינגעלאָזטע אין די שטיוול, אַ דיקן מיט אַ לימיק שפּענצער און אַ קיטשמע.

— יהודה, יהודה! — האָט דער פאָטער אים אַ רוף געטאָן.

יהודה איז אַרויס פון שפּייכלער. דער פאָטער האָט אים געוויזן מיט דער האַנט, אַז ער וואַרט אויף אים. יהודה איז אונטערגעקומען און נייגעריק אָנגעקוקט דעם פאָטער.

— קום! — האָט דער פאָטער אים אַ זאָג געטאָן און גענומען גיין. ביידע זענען אַריין אין שטוב.

דער פאָטער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן דער מוטער. דער פאָטער האָט אָפּגערוקט אַ בענקל פון טיש. יהודה האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף זיך אַוועקזעצן. די מוטער האָט זיך אויסגעדרייט פון דער וואַש־שיסל און זיך איינגעקוקט איןביידן. דער פאָטער האָט אַרויפגעלייגט די עלנבויגנס אויפן טיש. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער זיי און אַ קוק געטאָן אויף יהודהן פון דער זייט. יהודהס פּנים איז געווען אויסגעצויגן און גרין, די קינבאַקן זיינע בולט. דער פאָטער האָט זיך צוריק אָפּגעבויגן פון טיש, זיך אויסגעגליכן. ער האָט מיט צוויי פינגער זיך צוגעגלעט זיין דיקע וואָנסע און מיט דער האַנט זיך אָנגעצויגן די באָרד.

— ביסט, ברוך־השם, שוין טאַקע אַ זעלבשטענדיקער מאַנספּאַרשוין, אַ זעלנער; מלחמה געהאַלטן מיטן „צורר", אָבער אַז אַ זון געפינט זיך אין אַ צרה, האַלט ער זיך אַן עצה אויך מיט אַן אַלטן טאַטן — האָט דער פאָטער אים געזאָגט

און האָט אַ דריי געטאָן מיט זיין פליישיקן קאָפּ, אַז אַזוי איז עס. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם זון: — וואָס פאַרביטערסטו דער מאַמען ס'לעבן. זי שלאָפט דאָך נישט גאַנצע נעכט.

שיינע האָט אַ זיפץ געטאָן. ר' אַברהם האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

שיינע, די מוטער, האָט פאַרבראָכן די הענט.

— איך האָב זיך אויסגעזוכט אַ מיידל — האָט יהודה געזאָגט. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, וואָרט נאָך וואָרט.

ביידע, דער טאַטע און די מאַמע, האָבן אויסגעשטרעקט די העלדזער, ווי זיי זאָלן צו אים אַריבערקוקן.

— ווער איז זי? — האָט דער פאָטער אים אַ פרעג געטאָן פון דער האַנט אַוועק.

יהודה האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ער האָט זיך איינגעזעצט אין בענקל און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— זי איז פון די פּליטים. זיי האָבן איר אויסגעהרגעט די משפחה. זי האָט נאָר אַ שוועסטער אין שטאָט. — ער האָט אָפּגעאָטעמט, ווי ער זאָל אַראָפּשלינגען די ווערטער, און ער האָט, אַ פאַרשעמטער, אַ זאָג געטאָן: — איך האָב זי געפירט אין טראַנספּאָרט. זי איז אַ שיינע, זי טוט מיר לייד. — ער האָט נישט געזאָגט, אַז ער האָט זי ליב. ער האָט גערעדט און נישט געקוקט דעם פאָטער אין פּנים.

— אוי! — האָט דער פאָטער אַ קרעכץ געטאָן.

יהודה האָט פאַרזשמורעט די אויגן. דעם פאָטערס קרעכץ האָט אים וויי געטאָן. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, זיך איינגעקוקט אין פאָטער און אים געזאָגט:

— טאַטע, אַזוי האָסטו מיך געלערנט, „יידישע צרות זענען יעדן יידנס".

דעם פאָטערס פּנים איז געוואָרן ערנסט, נאָך מער צעקנייטשט.

— איך האָב געזען די פּיין פון די יידן אין די מחנות. איך האָב מיט זיי צוזאַמען געליטן — האָט ער געזאָגט דעם פאָטער.

דער פאָטער האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ. די באָרד זיינע האָט זיך איבערגעלייגט איבערן טיש. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אויפגעשטעלט און גענומען שפּאַנען איבערן צימער מיט פאַרלייגטע הענט אויף הינטן. זיינע גרויע ברעמען זענען געווען אויפגעשטעלט.

שיינע האָט אים באַגלייט מיט די אויגן.

מיט אַ מאָל איז ער שטיין געבליבן:

— נו, פלוניתטע, וואָס זאָגסטו? — האָט ער זיך געוואָנדן צו איר.

— מן־הסתם ווייסט ער וואָס ער טוט. ער איז דאָך שוין קיין קינד, זאָל זיין מיט מזל, אים און אונדז — האָט די מוטער מיט עקסטאַז געזאָגט און פאַרצויגן די ליפּן. אירע אויגן זענען געווען נאַס.

— נו, די מאַמע האָט שוין געפּסקנט — האָט דער פאָטער זיך געוואָנדן

צוביידן. זיינע אויגן האָבן ווידער געשמייכלט, אָבער די ליפּן זיינע און די באָרד האָבן זיך געטרייסלט.

יהודה, איך וויל זי וואָס שנעלער זען ביי אונדז אין שטוב — האָט די מוטער אים אַ זאָג געטאָן און זיך מיט די גראָבע פינגער אויסגעווישט די אויגן.

יהודה האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. זיין פּנים איז נאָך אַלץ געווען אויסגעצויגן, די אויגן פאַרמרוזשעט. ער איז געזעסן מיט אַן אָפן מויל און שווער געאָטעמט. ער האָט דערפילט זיין גורל איבער זיך. מיט אַ מאָל איז אים קלאָר געוואָרן, אַז פון איצט אָן איז נישטאָ קיין צוריק. זיינע שלייפן האָבן געהעמערט.

— היינט איז מיטוואָך מעצישעם (אם־ירצה־השם), דינסטיק איז אַ מזלדיקער טאָג, זאָלסט מיט איר קומען — האָט די מוטער אים געבעטן און אָנגעזאָגט.

דעם פאָטערס אויגן זענען געלאָפן אין די אויגנלעכער הין און צוריק. ער האָט געזען דער מוטערס פרייד און דעם זונס שטימונג.

— יהודה, דאָס איז נאָר דער אָנהייב. באַשליסן וועלן מיר ווען דו וועסט זיין מיט איר דאָ — האָט ער געזאָגט דעם זון אַזוי, אַז ביידע זאָלן הערן.

— אַברהם, זי איז אַ געפּייניקטע נשמה — האָט שיינע אים אַ זאָג געטאָן און אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער וואַש־שיסל מיט די כלים.

אַ ווײַלע האָבן דער טאַטע מיטן זון געשוויגן. זיי האָבן זיך נאָר איבערגעקוקט.

יהודה האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַרויס פון צימער. דער פאָטער האָט אים נאָכגעקוקט.

# ח

יהודה איז די גאַנצע וואָך נישט געווען ביי באַשען. ער איז נאָר צוגעפאָרן צו יצחקן צו דער אַרבעט. ער האָט אים געזאָגט, אַז ער קען נישט קומען, ווייל ער האָט אַ סך אַרבעט. זייט דעם שמועס מיט די עלטערן מיידט ער אויס מענטשן און שווייגט. ער גייט אַרום אַ פאַרטראַכטער, אָבער באַשעס אָוואַל פּנים און אירע גרויסע, שטאַרע אויגן קוקן אויף אים. אויך זיין פאָטער שווייגט. זיין פליישיקער נאַז־עק איז אָנגעשוואָלן. שיינע, זיין מאַמע, סודעט זיך מיט דער שנור. ווי נאָר זיי דערזעען יהודהן ווערן זיי שטיל.

יצחק האָט דערציילט שפרהן, אַז יהודה איז געווען ביי אים ביי דער אַרבעט, אָבער שפרה קוקט אים אויס יעדן טאָג. זי וואַרט אויף אים.

באַשע העלפט דער שוועסטער אין קיך. ווי נאָר זי בלייבט אַליין איז זי מעלה גרה, פונקט ווי אין די ערשטע טעג ווען זי איז געקומען. עס איז איר נמאס. זי האָט נישט מיט זיך וואָס צו טאָן. מערסטן טייל זיצט זי אין ווינקל פון דער סאָפע און בלעטערט אַ זשורנאַל. אויך זי, ווי נאָר זי דערהערט אַ רויש אין גאַס, גיט זי אַ קוק אין פענצטער צי יהודה גייט.

דינסטיק נאָך מיטיק איז יהודה פאַרפאָרן צו זיי.

— יהודה איז געקומען! — האָט רפי זיך דערפרייט. ער האָט דערקענט דעם רויש פון יהודהס אויטאָ.

שפרה האָט אַ שמייכל געטאָן. זי האָט אים געעפנט די טיר.

רפי האָט זיך אַוועקגעשטעלט קעגן באַשען. זי איז געזעסן אויף דער סאָפע און געבלעטערט אַ זשורנאַל. זי האָט נישט געוואָלט זען יהודהן.

— שלום! וואָס מאַכט איר? — האָט יהודה האָפערדיק אַ פרעג געטאָן היימיש, מער ווי שטענדיק, ווי ער זאָל ערשט נעכטן האָבן דאָ געווען: — און די כלה? — האָט ער אַ פרעג געטאָן באַשען. ער האָט פריִער נאָך באַשלאָסן ווי אַזוי ער וועט זיך איצט אויפפירן ביי זיי אין שטוב. ער האָט פון פאָרויס זיך אַלץ איבערגעלייגט ווי אַזוי צו רעדן, אַז באַשע זאָל זיך גישט וואָגן אַנטקעגנצושטעלן.

באַשע האָט צונויפגעדריקט די קניִען. אירע שטאַרע אויגן האָבן דערשטוינט אים אַנגעקוקט.

— יהודה? — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זי האָט דאָס ערשטע מאָל אַרויסגערעדט זיין נאָמען.

ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער איז געווען גערירט וואָס זי האָט אים גערופן ביים נאָמען. ער האָט אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז זי זאָגט אים אַז ער איז איצט נאַכאַלנע.

די פינצטער אין דרויסן און די ליכט אין שטוב האָבן זיך געקרייצט. דער שאָטן־אָפּשיין האָט אַ פלאָטער געטאָן איבערן צימער. רפי האָט זיך אַרונטערגעשטעלט הינטערן פאָרהאַנג און אַרויסגערעדט:

— יהודה, איך וויל פאָרן אויפן אויטאָ.

אַלע האָבן זיך צעשמייכלט. דער פאָטער האָט זיך אַנגעבויגן און אים אַ נעם געטאָן אויף זיך. ער האָט אים אַ קוש געטאָן אין באַק און אַ גלעט געגעבן איבערן קאָפּ.

באַשע האָט מיט כעס אַוועקגעוואָרפן דעם זשורנאַל. זי האָט זיך אונטער־געהויבן, געוואָלט צוגיין צו איר בעט.

— באַשע, איך וואַרט אויף דיר, איך וויל מיר זאָלן פאָרן — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיין שמועס ממשיך זיין.

זי איז שטיין געבליבן אויפן אָרט אַ צעטומלטע. זי האָט געוואַרט ער זאָל זאָגן ווו אַהין.

— איך וויל מיר זאָלן צופאָרן צו מיינע עלטערן — האָט ער געלאַסן איר אויפגעקלערט, אָבער ווען ער האָט גערענדיקט, האָט ער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און זיינע קינבאַקן האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן.

שפרה און יצחק זענען געבליבן מיט אָפענע מיילער פון איבערראַשונג. איינער האָט אַנגעקוקט דעם אַנדערן. שפרה האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. יצחק האָט צוגעדריקט ס׳קינד צו זיך. די לופט אין צימער איז געווען געדראָלט.

באַשע האָט פאַרמאַכט די אויגן און האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף

ניין. איר פּנים איז געווען טויט ווייס. פּחד איז געלעגן אויף איר פּנים. פון שרעק האָט זי נישט געקענט רירן מיט קיין אבר.

— מומע! — האָט רפי אַ געשריי געטאָן. זי האָט אים איצט, שטייענדיק אַזוי, געשראָקן.

— באַשע, טו זיך אָן — האָט שפרה זי געבעטן. זי האָט געוואָלט איבער־רייסן די אימהדיקע שטילקייט. זי האָט זיך געשראָקן פאַר דעם וואָס עס קען קומען.

— זי דאַרף זיך נישט איבערטאָן — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך. ער האָט אָפּגעמאָסטן באַשען פון אויבן אַראָפּ: — נעם דעם מאַנטל עס זאָל דיר זיין וואַרעם — האָט ער איר געזאָגט. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און זי אָנגענומען, ווי אַ קינד, ביי איר האַנט.

— מיך אויך! — האָט רפי געשריגן און געוואָרפן מיט די פיס. ער האָט געוואָלט, אַז אויך אים זאָל יהודה אָננעמען ביי דער האַנט. דער פאָטער האָט אים איינגעהאַלטן.

— איך האָב גאַרנישט וואָס צו זאָגן? — האָט באַשע אַ פרעג געטאָן יהודהן און זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן.

יהודה האָט אַ ווונק געגעבן שפרהן.

שפרה האָט פאַרשטאַנען און איז אַוועק אין שלאָפצימער.

יהודה האָט פאַררויכערט אַ ציגאַר און זיך פאַרצויגן. די קנויל רויך האָט זיך גענומען קייקלען איבערן רוים.

שפרה האָט געבראַכט באַשעס מאַנטל.

יהודה האָט אַריינגעשטופּט דעם ציגאַר צווישן די ליפּן. ער האָט אַ נעם געטאָן דעם מאַנטל פון שפרהן און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, האָט ער אָנגעטאָן און פאַרקנעפּלט אים אויף באַשען.

זי האָט זיך נישט געווערט.

— שלום! — האָט ער אַלעמען אַ זאָג געטאָן. ער האָט זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און איז מיט איר אַוועק צו דער טיר.

באַשע האָט געשטעלט די פיס פון אויבן אַראָפּ, ווי זי זאָל גיין אויף שטאָלצן. זי האָט געשוויגן.

— יהודה, נעם מיך מיט! — האָט רפי זיך געבעטן פון טאַטנס הענט אַראָפּ.

יצחק און שפרה האָבן זיי באַגלייט מיט די אויגן. יהודהס פּנים איז געווען פאַרזאָרגט. פון שפרהס אויגן האָט זיך אַ קייקל געטאָן אַ טרער: „עס זאָל גוט זיין" — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן. די ווערטער זענען פאַרפאַלן געוואָרן אין דער אָנגעדראָלטער לופט. באַשעס פּנים איז געווען פאַרגליווערט. איר הויט בלייך, ווי דורכזיכטיק.

דער וועג קיין נחלת־יצחק האָט געדויערט גענוג לאַנג. יהודה איז געפאָרן פּאַמעלעך דורך די הינטערגעסלעך. ער האָט געוואָלט זי זאָל זיך באַהערשן און קומען צו זיך. פון צייט צו צייט האָט ער געקוקט אויף איר דורכן שפּיגל. זי

איז געזעסן אַ צונויפגעקאָרטשעטע, ענלעך צו אַ פּעקל אויף דער באַנק. איר פּנים איז געווען בלייך. ביידע האָבן געשוויגן.

— שרעק זיך נישט, איך פיר דיך צו האַרציקע, גוטגלויביקע אַרבעטס־מענטשן — האָט ער איר שטיל געזאָגט און אַ כאַפּ געטאָן אַ בליק פון דער זייט, געוואָלט זען ווי זיינע ווערטער ווירקן אויף איר.

— אָבער צו וואָס דאָס אַלץ? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן, ווי עס זאָל אַרויסרעדן פון איר.

ער האָט איר פאַרשוויגן. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל דיך שוין נישט אָפּלאָזן.

זי האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר דורכן שפּיגל. פון אויפרעגונג האָט זיך אים פאַרדרייט דער רודער. דער אויטאָ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. באַשע איז אונטער־געשפּרונגען. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט:

— דער גורל גייט מיר נאָך — האָט זי אַ זאָג געטאָן שטיל.

יהודה האָט זיך אַרויפגערוקט אויפן זיצפּלאַץ, ווי ער זאָל פעסטער אָננעמען דעם רודער. ער האָט פאַרקערעוועט און אַרײַנגעפאָרן אין אַ געסל. אַ ביסל ווייטער האָט ער פאַרלאָשן די מאַשין. דער אויטאָ איז שטיין געבליבן. ער האָט אויפגע־פראַלט די טיר, אַרויסגעשפּרונגען און זי פאַרקלאַפּט הינטער זיך. ער האָט איבערגעשפּאַנט אויף דער צווייטער זייט. ער האָט איר געעפנט די טיר און זי אַרויסגענומען פון אויטאָ. זי איז געווען שווער פון אויפרעגונג. ער האָט פאַר־קלאַפּט הינטער איר די טיר. זיי זענען געבליבן שטיין זיך אַנטקעגן. ער האָט זי באַטראַכט. זי האָט אַראָפּגעקוקט, זי איז געווען אומבאַהאָלפן.

דער ריח פונעם פרישן מיסט האָט זיך געמישט מיט דער זייערלעכקייט און זיך געפילט אין דער סביבה.

— דאָ וווינען מיר — האָט יהודה איר געזאָגט. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן. איר פּנים איז געווען ווייס, אירע ליפּן בלוי, אירע אויגן שטאַר.

זיי זענען געשטאַנען פאַר אַ ברייט, איינגעשטאָקיק, מיט גרינעם טינק, הויז. דער דאַך איז געווען אַ שיפער פון רויטע דאַכלקעס. פיר ברייטע טרעפּ מיט אַ שיף, רויט דעכל, וואָס איז געלעגן אויף צוויי קײַלעכיקע בעטאָן־פּילאַרן, האָבן געפירט אין שטוב אַריין. אַ נידעריקער, פון ווייסע ציגל געמויערטער פאַרקן, האָט געצוימט דאָס הויז. הינטערן הויז איז געווען אַ לאַנגער הויף. אויפן הויף זענען געשטאַנען צינענע מילכקאַנען און עס זענען געלעגן פּעק שטרוי. פון דער לינקער זייט זענען געשטאַנען דריי שפּייכלערס, קליינע און גרעסערע. ביים סוף פון הויז איז געשטאַנען אַן אָפענער שטאַל, אַרומגעצוימט מיט אַ הילצערנעם פּלויט. אויף דעם פרייען, פאַרצוימטן שטח האָבן זיך געפּונען פעטע, געפּלעקטע קי מיט גרויסע הערנער און פולע אייטערס מילך.

יהודה האָט איידל אָנגענומען באַשען ביים אָרעם.

זי האָט אַ ציטער געטאָן, ווי ער זאָל זי האָבן איבערגעוועקט.

— קום — האָט ער זי שטיל געבעטן.

זייערע פּנימער זענען געווען ווייס. זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און אַ קרעכץ געטאָן.

— אָה! — זי האָט אים אָנגעקוקט. איר בליק איז געווען איבערגעשראָקן און ווייך. — הלוואי זאָל דיר מיין גורל נישט נאָכגיין — האָט זי שטיל אים אַ זאָג געטאָן. זי האָט מיטביידע הענט אָנגעכאַפּט זיין האַנט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי זי זאָל זיך בעטן.

ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער פאַרגעסן אירע רייד. ער האָט אַריבערגעשפּרייזט אַלע פיר טרעפּ מיט איין מאָל. ער האָט זי ווי געשלעפּט הינטער זיך. ער האָט אויפגעפּראַלט די טיר.

— שלום! — האָט ער אויסגעשריגן פון דרויסן און זי ווי אַריינגעשטופּט אין שטוב.

— ברוכים הבאים! — האָט אַ דיקע, פרישע האַרציקע שטימע זיי באַגריסט. דער פאָטער איז שטיין געבליבן אין מיטן שטוב.

— שלום! — קומט וויטער — האָט סאָניע, יהודהס שוועגערין, אַ זאָג געטאָן. זי איז געווען אַ מיטלוווקסיקע, דאַרע, בלאָנדע פרוי מיט אַ קיילעכיק פּנים און בלויע אויגן. זי האָט אויסגעשטרעקט באַשען אַ האַנט און זי נאָך אַ מאָל פאַרבעטן: — קומט וויטער.

באַשע האָט איר דערלאַנגט אַ קאַלטע, פייכטע האַנט.

— דאָס איז באַשע — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן. ער האָט נערוועז אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז און אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן.

אַלע האָבן זיך אין איר איינגעקוקט.

באַשע האָט זיי געקענט פון יהודהס דערציילן. באַשע איז געווען בלייך און געקוקט אַוועק.

— טאָכטער, קום מיט מיר! — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן.

יהודה האָט פון איר אַראָפּגענומען דעם גרויען, וועלורענעם מאַנטל מיט די קיילעכדיקע, אַרויסגעגנייטע טאַשן.

די מוטער האָט אָנגענומען באַשען ביים אָרעם, זי צוגעפירט און אַוועקגעזעצט ביים טיש.

— פיל דיך היימיש — האָט דער פאָטער איר אַ זאָג געטאָן און זיך אַוועקגעזעצט פון אויבנאָן.

באַשע האָט פאַמעלעך, ווי דרימלדיק, אויפגעהויבן די אויגן און אים אָנגעקוקט. אַ לייכטער, קוים מערקבאַרער שמייכל האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער איר פּנים. ר׳ אַברהמס געשטאַלט, זיין קול — האָבן דערמאָנט איר פאָטער.

יהודה האָט באַמערקט די ענדערונג אויף באַשעס פּנים.

אַ הויכער, ברייטער פאַרשוין, אין מיטן פון די דרייסיק, האָט זיך אָנגעבויגן און אויסגעשטרעקט באַשען די האַנט.

— מאיר, יהודהס עלטערער ברודער — האָט ער שפּאַסיק איר אַ זאָג געטאָן.

זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט אָן ווילן, אָבער זי האָט אים אָנגעקוקט. ער האָט געטראָגן אַ ברוינעם, אַ ביסל צו אויסגעפּאַסטן, אַנצוג מיט אַ ווייסן אויסגעלייגטן העמדקאָלנער.

יהודה איז אַוועק אויפהענגען באַשעס פּאַלטן. אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. יעדער באַזונדער האָט באַטראַכט באַשען. יהודה האָט זיך אומגעקערט און זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן באַשען. די שטילקייט אין דער גרויסער שטוב האָט געזשווירן. די לופט איז געווען געדראָלט. אַלע האָבן געשוויגן. קיינער האָט נישט געוואָגט אָנצוהייבן רעדן.

באַשע איז געבליבן גלייכגילטיק. זי האָט נאָר לייכט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז. זי האָט געזען די פּאַרגלאָזטע ש״ס־שאַנק, דעם זילבערנעם זיבנרעריקן קאַנדעלאַבר מיטן אָדלער אויפן שפּיץ, דעם לאַנגן, אַלטן וואַנטזייגער און דאָס טאָפּלטע בילד; אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד און אַ פרוי מיט אַ געדיכטן שייטל, ר׳ אַברהמס עלטערן. זי האָט אַ פּיר געטאָן די אויגן, געזען דעם לאַנגן און בייכיקן בופעט אויף געבויגענע פיס. איצט האָט זי אַ קוק געטאָן אויף יהודהן.

אַלע ביים טיש האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

יהודה האָט אַ ווונק געטאָן באַשען מיט אַן אויג. ער האָט זיך איבערגעבויגן מיטן בענקל און אָנגעצונדן די ליכט. די שיין פון דעם זעקס־לאָמפּיקן זשיראַנדאָל האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן טיש. די קעפּ פון די זיצנדע ביים טיש האָבן זיך ווי צעשטראַלט.

— זאָל זיין ליכטיק ביי יידן! — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף באַשען.

דער פאָטער האָט איר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— באַשע, ווי לעבט זיך דיר דאָ? — האָט די מוטער אַ פרעג געטאָן און געשמייכלט צו איר.

באַשעס פּנים איז געוואָרן שטאַר, אָבער באַלד האָט זי אַ שאָקל געטאָן צו איר מיטן קאָפּ און געענטפערט:

— ווי אַלע דאָ.

— קינד, מען דאַרף זיך צוגעוווינען. לעבן צווישן יידן איז אַ מתנה פון גאָט — האָט די מוטער איר געענטפערט.

אַ טרויער האָט איבערגעדעקט באַשעס פּנים. איר קאָפּ האָט אַ שאָקל געטאָן, — יאָ.

סאָניע איז אַוועק פון טיש. זי איז אַריין אין קיך. אירע גרויע, אויף די הויכע קלעצלעך, שיך האָבן געסקריפּעט. זי האָט געהאַט שיינע פיס. איר גרוי קימאָנאָ־קלייד איז געווען לויט דער מאָס.

— קינד, אַ מענטש מוז זיך שטאַרקן — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן באַשען. איר געניט אויג האָט געזען, אַז באַשע ליידט.

— באַשע, ס׳איז דיר נישט הייס? — האָט יהודה זי אַ פרעג געטאָן, כאָטש ער האָט געוווסט, אַז זי וועט אויף דער פראַגע נישט ענטפערן. זי האָט אים אַ

שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — ניין. זי האָט געטראָגן אויך איצט דאָס זעלבע ברוינע שעוויאָט־קלייד מיטן רויטן קעסטעלע.

דער פאָטער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, ער האָט נאָר פון דער זייט באַטראַכט באַשען. ער האָט געוואָלט זען ווי זי פירט זיך אויף.

— פון אָנהויב איז יעדן שווער. אויך מיר האָבן איבערגעלעבט פאַרשידנס, אָבער מיט אהבה — האָט די מוטער דערציילט באַשען.

— איך באַמי זיך אויך — האָט באַשע איר געענטפערט. באַשע האָט געוווסט, אַז זי מוז ענטפערן, אָנטיילנעמען אין געשפּרעך. איר פּנים איז אָבער געבליבן שטאַר, פאַרגליווערט.

יהודה האָט כסדר געקוקט ווי עס ווירקט אויף איר דאָס זיין דאָ.

סאָניע איז צוריקגעקומען. זי האָט געטראָגן אַ לאַנגע, מעשענע, באַזילבערטע טאַץ און זי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. די מוטער האָט געקוקט וואָס סאָניע האָט אַריינגעברענגט. סאָניע האָט פונאַנדערגעטיילט די טיי. די מוטער האָט געשניטן און געטיילט דעם קיילעכדיקן לעקעך. ווען סאָניע האָט געוואָלט דערלאַנגען אַ גלאָז טיי דעם פאָטער, האָט ער איר געוויזן מיט דער האַנט, אַז מען דאַרף נישט. יהודה און מאיר האָבן געמישט דעם צוקער אין דער טיי שטיל, אָבער שנעל. סאָניע האָט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש די טיפע פאָרצעליין־שיסל מיט עפּל, דאָס זילבערנע שיסעלע מיט שאָקאָלאַדקעס און האָט זיך אַוועקגעזעצט. באַשע און סאָניע האָבן פּאַמעלעך געמישט דעם צוקער אין דער טיי. באַשע האָט געמישט ווי זי זאָל די טיי גרייטן פאַר וועמען.

— יהודה, עס איז גוט — האָט דער ברודער געזאָגט און זיך צוגעטראָגן אַ שטיקל קוכן צום מויל.

יהודה האָט אים אָנגעקוקט פון אונטערן שטערן. ער איז נישט געווען זיכער וואָס דער ברודער האָט געמיינט.

— און ווי געפעלט דיר דאָ? — האָט דער פאָטער געפרעגט באַשען. ער האָט באַטאָנט דעם „דאָ" און „דיר". ער האָט אַרויפגעלייגט אויפן טישביידע הענט, פאַרלייגט איינע איבער דער אַנדערער און געוואַרט.

— איך האָב נאָך אַ סך נישט געזען — האָט באַשע פאַרשעמט אים געענטפערט — אָבער קודם־כל בין איך צווישן יידן און מיט דער שוועסטער — האָט זי צוגעגעבן. זי איז געווען רויט פון אָנשטרענגונג. זי האָט אַ קוק געגעבן אויף יהודהן, ווי זי זאָל ביי אים בעטן הילף.

— אַ יידישע טאָכטער — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן און מיט איין האַנטפלאַך אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער אַנדערער.

יהודה האָט אַ ווונק געטאָן באַשען מיט אַן אויג. ער האָט איר צוגעגעבן מוט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— דער קוכן איז גוט — האָט מאיר ווידער אַ מאָל אַ זאָג געטאָן און זיך צוגערוקט נאָך אַ שטיקל.

— מאיר, אפשר איז גענוג? — האָט סאָניע אים אַ פרעג געטאָן אין שפּאַס.

— ווערסט אים שפּאָרן ביי דיר אין שטוב — האָט די מוטער איר געזאָגט מיט אַ געמאַכטער ערנסטקייט. אירע אויגן האָבן געשמייכלט.

— צייטן — האָט דער פֿאָטער אַ ברום געגעבן.

— באַשע, ביי אונדז אין דער משפּחה פֿירט מען זיך ווי די מאַמעס האָבן געלערנט — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן און איז געבליבן פֿאַרקוקט אויף איר, געוואַרט וואָס באַשע וועט איר ענטפֿערן.

באַשע האָט לייכט, קוים מערקבאַר איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

די מוטער אין איר ברוינעם, ברייטן פֿאַלדנקלייד מיט אַ לאַנגן אָן אַ מאַנקעט אַרבל, האָט מיט צוויי פֿינגער זיך אויסגעווישט די מוילווינקלען. איר קאָפּ איז איצט געווען אַרומגעבונדן מיט אַ האַרבאַנד פֿון פֿאַרנט.

— דו האָסט שוין באַקאַנטע, חברטעס? — האָט סאָניע געפֿרעגט באַשען. זי האָט אויך געוואָלט עפּעס זאָגן.

— כמעט נישט — האָט זיך באַשע שטיל פֿאַרטרויט.

— איך בין איר באַקאַנטער — האָט יהודה געענטפֿערט. ער האָט געטראָגן אַ גרינעם אָנצוג און אַ ווייסן סוועטער מיט אַן אויפֿגעשטעלטן קאָלנער.

— ער מאַכט זיך וויכטיק — האָט סאָניע אים געענטפֿערט מיט איראָניע.

אַלע ביים טיש האָבן זיך צעשמייכלט.

יהודה האָט איר געדראָט מיטן פֿינגער.

דער זייגער האָט אַ קלונג געטאָן. ער האָט אויסגעקלונגען אַ האַלבע שעה. די העלקייט אין שטוב האָט זיך געזעצט.

— יהודה! פֿאַראַן גענוג פֿאַשע? — האָט דער פֿאָטער זיך געוואָנדן צו אים.

— ער האָט דאָך געברענגט. עס איז פֿאַראַן גענוג און איבעריק. עס וועט סטייען אויף אַ חודש — האָט מאיר געענטפֿערט דעם פֿאָטער.

— איך וועל לאָזן פֿאַרהונגערן די בהמות? — האָט יהודה אַ פֿרעג געטאָן דעם פֿאָטער און אַ קוק געטאָן אַ צעשמייכלטער אויף באַשען פֿון אונטערן שטערן.

באַשע האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַז זי זעט אים, קוקט אויף אים. די מוטער האָט אויך עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זי האָט באַשטעטיקט דעם זונס רייד.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער פֿאָטער געפֿרעגט:

— וואָס האָב איך געהערט זאָגן? מען האָט ביינאַכט געשאָסן אין גליל.

— די אַראַבער שפּילן זיך מיט שווערדעלעך, זיי ווייזן, אַז זיי קענען — האָט מאיר ווידער אים געענטפֿערט. — די קיבוצניקעס וועלן זיי שוין אָנלערנען — האָט ער צוגעגעבן.

— גאָט היט אונדז — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל אַריינריידן.

— איך און נאָך אַזעלכע ווי איך האָבן געלערנט די מלאכה אין דער בריגאַדע — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף באַשען.

באַשעס פּנים איז געווען גרין. אירע באַקן האָבן געפֿלאַמט. זי האָט געקוקט אַראָפּ.

— איך האָב אַ שוואַגער אַ באַשיצער — האָט סאָניע אַ זאָג געטאָן איראָניש. באַשע האָט זי אָנגעקוקט. אירע אויגן זענען געווען שטאַר.

— אַ שאָס אין בויבעריק און יידן מאַכן אַ ווענז — האָט יהודה געזאָגט. ער האָט גוט געקענט די שרעק אין באַשעס אויגן.

— דאָ איז בעסער ווי אומעטום. אַ האַלבע וועלט מענטשן לויפן און זוכן זיך — האָט מאיר אַ זאָג געטאָן.

— יידן האָבן נישט וועמען צו זוכן — האָט באַשע אַ זאָג געטאָן שטיל און פאַמעלעך ווי אַ קינד.

זי האָט שווער און טיף אָפּגעזיפצט. זי האָט געפילט און איבערגעגעבן איר ווייטיק. אירע אויגן זענען געווען גלאָזיק.

— אוי — האָט דער פאָטער אַ קרעכץ געטאָן און מיט דער האַנט זיך אָפּגעצויגן די באָרד.

— וואָס זענען יידן אַזוי זינדיק? — האָט די מוטער אַ פרעג געטאָן. באַשע האָט נישט אויסגעהאַלטן און מיט דער האַנט זיך פאַרשטעלט די אויגן.

— וואָס! דו האָסט אויך אַ נומער? — האָט די מוטער, אַ דערציטערטע, זי אַ פרעג געטאָן.

באַשע האָט פאַרמאַכט די אויגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

אַלע האָבן זיך איינגעקוקט אין באַשען און אין איר נומער אויף דער האַנט. זיי האָבן געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי זיי זאָלן ערשט איצט זי האָבן דערזען.

— באַשע — האָט יהודה שטיל זי אַ רוף געטאָן.

זי האָט געעפנט די אויגן.

— איך האָב לאַנג געזוכט ביז איך האָב זי געפונען — האָט יהודה טראַציק אַ זאָג געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף באַשען.

די מוטער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש. זי האָט אָנגענומען און צוגעצויגן באַשעס האַנט און אַ קוש געטאָן איר נומער. אירע אויגן זענען געווען נאַס.

אַלע ביים טיש האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. דער פאָטער האָט זיך אַ שאָקל געטאָן, ווי איבער אַ ספר. באַשע האָט געהעשעצט שטיל. אַ וואַנזיניקער פונק האָט געטליִעט אין אירע אויגן.

יהודה איז צו איר צוגעגאַנגען און האָט איבערגעלייגט זיין האַנט איבער אירע אַקסלען.

באַשע האָט די גאַנצע צייט פון געשפּרעך זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו רעדן. זי האָט געוואָלט צוליב טאָן יהודהן. מער אָבער האָט זי נישט געקענט.

דער זייגער האָט אויסגעקלונגען פינף מאָל. דער פאָטער האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער.

— נאַכט — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

סאָניע האָט זיך איינגעקוקט אין דער ליכט.

— נו, פלוניתטע — האָט ר׳ אַברהם זיך אַ ווענד געטאָן צום ווייב און זיך איינגעקוקט אין איר.

זי האָט פאַרשטאַנען זיין נישט געפרעגטע פראַגע.

— אַוודאי! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן.

ר׳ אַברהם האָט אָפּגעאָטעמט. זיינע אַקסלען האָבן זיך אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט ווי אַ בלאָזזאַק.

יהודה — האָט ער זיך געוואָנדן צום זון — פרעג ביי באַשען אין שטוב ווען מיר קענען קומען. — ער האָט אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ. זיין באָרד האָט זיך אַ שליידער געטאָן.

אַלע ביים טיש זענען זיצן געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן. יעדער באַזונדער האָט דערפילט דעם גורל פון דער רגע.

באַשע איז זיצן געבליבן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. די שלייפן אירע האָבן געהאַמערט. איר פּנים איז געווען מיד.

— קום! — האָט יהודה איר אַ זאָג געטאָן און זי אויפגעהויבן פון בענקל.

— אַ גוטן אָוונט — האָט ער אַ זאָג געטאָן אַלעמען און זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם. באַשע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן ווי אַ שיכורטע. זי האָט אַ שאָקל געטאָן צו אַלעמען מיטן קאָפּ. זי האָט נישט געקאָנט און נישט געוואָלט רעדן.

— אַ גוטע נאַכט! — האָבן אַלע איר געענטפערט. יהודה איז אַוועק מיט איר צו דער טיר.

— גייט געזונט — האָט די מוטער זיי נאָכגעזאָגט. זי איז זיצן געבליבן מיט פאַרלייגטע הענט איבערן בויך. אירע ליפּן האָבן שטיל געמורמלט.

יהודה האָט גענומען באַשעס מאַנטל און אים איר אָנגעטאָן.

אַלע האָבן זיי באַגלייט מיט די אויגן.

די נאַכט האָט זיי אַרומגעהילט. דער ווינט האָט אַ פּיטש געטאָן זייערע אָפּגעדעקטע גלידער. ביידע האָבן איינגעאָטעמט די קעלט. יהודה האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אונטערגעהויבן איר גאָמבע און אַריינגעקוקט איר אין די אויגן.

זי האָט געפילט זיין אָטעם איבער זיך. אויך זי האָט אים געקוקט אין די אויגן און שווער געאָטעמט.

ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר און איר אויסגעקושט ביידע אויגן. אירע אויגן־לעפּלעך זענען געווען וואַרעם. זי האָט צוגעלייגט אירע ליפּן צו זיין באַק. אירע ליפּן זענען געווען קאַלט, אָבער איר קערפּער האָט געציטערט פון אויפּרעגונג.

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך. ער איז געבליבן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. ער האָט געפילט איר קערפּער אויף זיך.

— קום — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן. זיין קול איז געווען הייזעריק. ער האָט זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און איז מיט איר אַוועק צום אויטאָ.

# ט

דער ווינטער־אָוונט איז אַ לאַנגער. דער היינטיקער מוצאי־שבת איז ביי יצחקן אין שטוב אַן אויסגעצויגענער. דער טיש איז איבערגעדעקט מיט אַ געלבלעך ראָז געקעסטלט טישטעך. אויפן טיש שטייט אַ פלאַש קאָניאַק און אַ פלאַש וויין, בייכיקע גלעזלעך, אין וועלכע די ליכט שלאָגט זיך אָן און זיי גלימערן. אויפן טיש שטייען: אַ שיסעלע מיט אַליוון, אַ טעצל מיט געשניצטע שטיקלעך קעז און אַ טעלער פאַרביקע סענדוויטשן צום איבערבייסן. די טעלער זענען איבערגעדעקט מיט אַ טיול.

אין שטוב איז וואַרעם און ליכטיק. אַלע זשיראַנדאָלן־לעמפּ און אויך דער שטייל־לאָמפּ ברענען. דער נאַפּטפּלאַם אינעם אויוון אין קאָרידאָר איז צעגליט. רפי שלאָפט. שפרה, אין איר טונקל גרין מאַנטלקלייד מיטן איבערגעלייגטן קאָלנער, שפּאַנט הין און צוריק איבער דער וווינונג. אירע שיך, אויף די נידעריקע קלעצ־לעך, סקריפּען. יעדע ווײַלע גייט זי אַ קוק טאָן אין קיך און פון דאָרט אין שלאָפ־צימער צו רפין, כאָטש רפי שלאָפט רויִק. זי מאַכט כסדר אויף און צו די טירן. זי רוקט איבער און פאַררוקט צוריק די פאָרהאַנגען און קוקט צי מען קומט. פון צייט צו צייט גיט זי זיך אַ טאַפּ דעם האַלדז. זי פילט, אַז ער איז ליידיק, אָבער זי האָט נישט קיין כוח זיך אָנטאָן עפּעס אַ צירונג.

יצחק פילט ווי אויפגערעגט שפרה איז, ער אַליין אויך. ער טראָגט גרויע הויזן און ציט אויף זיך כסדר אָן דעם גרויען סוועטער. אָן אויפהער מאַכט ער אויף זיך גלייך דעם אויסגעלייגטן העמדקאָלנער. אויך ער שפּרייזט הין און צוריק איבערן צימער מיט פאַרלייגטע הענט אויף הינטן און ברומט זיך אונטער. ער וויל זיך און אַלע באַרויִקן. פון זינט יהודה האָט זיי אָנגעזאָגט דעם באַזוך פון די עלטערן, גייען זיי אַרום איבערראַשטע. זיי וואַרטן וואָס וועט זיין? זיי זענען בכלל נישט געווען גרייט צו אַזאַ ווענדונג.

באַשע זיצט פאַררוקט אין דעם סאָפע־ווינקל מיט אויסגעשטרעקטע פיס. איר פּנים איז, ווי תמיד, אַ שטאַרע מאַסקע, אירע אויגן גלייזיק, אָבער גרויס. זי קוקט פאַר זיך, ווי זי זאָל עפּעס זען. זי זיצט ווי זי וואָלט געוואַרט אויף זיי, אָבער זי איז גלייכגילטיק, ווי נישט זי זאָל מען מיינען.

אין שטוב איז וואַרעם, ליכטיק און שטיל. די שטילקייט איז אָנגעדראָלט ווי שטענדיק, זינט באַשע איז אין שטוב. אַ קלונג ביי דער טיר האָט פונאַנדער־געריסן די שטילקייט. שפרה און יצחק זענען געבליבן ווי געליימט. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן. זיי האָבן זיך געוווּנדערט און געווען דערשטוינט. פון אויפרעגונג האָבן זיי אַפילו נישט געהערט, אַז דער אויטאָ איז צוגעפאָרן.

באַשע האָט אַ ציטער געטאָן, ווי מען זאָל זי האָבן איבערגעוועקט.

יצחק איז אייליק אַוועק און געעפנט די טיר. שפרה איז אים נישט זיכער נאָכגעגאַנגען.

— שלום! — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן, צעציִענדיק דאָס וואָרט, שמייכלדיק

צו אַלע. ער האָט געוואָלט אַלע זאָלן באַלד פֿון אָנהײב װערן הײמיש, אָבער ער האָט זיך אומגעקוקט װוּ באַשע איז.

— שלום! — האָט שפּרה אים געענטפֿערט און זיך צעשמײכלט. װי נאָר זי האָט אים געזען, איז איר גרינגער געוואָרן אויפֿן געמיט.

— גוט וואָך! — האָט דער פֿאָטער אַ זאָג געטאָן.

— אַ גוט יאָר! — האָט שײנע װי אים געענטפֿערט.

— אַ גוטע וואָך! אַ גוט יאָר! — האָט יצחק געענטפֿערט בײדן אַ צופֿרידע־נער. די צװײ מענטשן זענען אים באַלד געווען צום האַרצן.

— אַ קעלט אין דרויסן — האָט דער פֿאָטער אַ זאָג געטאָן. זײערע פּנימער זענען געווען אויסגעפֿרוירן, פֿריש.

— אין שטוב איז וואַרעם — האָט יצחק אים געענטפֿערט.

דער פֿאָטער האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

אויך באַשע איז לאַנגזאַם אונטערגעקומען, װי זי זאָל אַרײנקוקן אין צימער.

— באַשע! — האָט די מוטער זיך מיט איר דערפֿרײט. שײנע האָט זי אַרומ־גענומען און צוגעלײגט איר קאָפּ צו באַשעס באַק. באַשע איז געווען העכער פֿון איר.

באַשע האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אויף דער מוטערס אָרעם. זי האָט דערפֿילט איר מוטערפֿרײד, אָבער איר פּנים האָט נערוועז געציטערט.

דער פֿאָטער האָט צו איר געשאָקלט מיטן קאָפּ, װי ער זאָל איר זאָגן: „דאָס ביסטו".

יהודהס, שפּרהס און יצחקס אויגן האָבן געגלאַנצט. זײ האָט געפֿרײט באַשעס באַנעמען זיך צו דער מוטער.

— ביטע, קומט װײַטער — האָט שפּרה געבעטן די געסט. זי האָט זיך געפֿילט װי די בעל־הביתטע אין שטוב.

— יאָ, יאָ — האָט דער פֿאָטער איר געענטפֿערט און זיך אײנגעריבן די הענט. זײַן לאַנגע, װײַסע באָרד האָט זיך געטרײסלט װי אַ פּונאַנדערגעלײגטער פֿעכער. ער האָט געטראָגן אַ געהאַקטע איביצע, אַ קאַשקעט מיט אַ קײלעכיקער דענקע און אַ װײַס פֿאַרקנעפּלט העמד אָן אַ קראַוואַט. ער איז אַרײַן אין שטוב װי אַ הײמישער, נישט דערלאַנגט קײנעם די האַנט.

שפּרה האָט אַראָפּגענומען פֿון שײנעס אַקסלען די פּײ־פּעלערינקע, וואָס זי האָט געבערענגט נאָך פֿון אויסלאַנד. שײנעס קלײד איז געווען די זעלבע וואָס זי האָט געטראָגן װען באַשע איז געווען בײ איר אין שטוב.

— אַ דאַנק! אַ דאַנק! — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן שפּרהן און אַדורכ־געלאָזט באַשען די ערשטע דורך דער טיר.

יהודה איז געשטאַנען אין װינקל און געשװיגן. ער האָט געקוואָלן וואָס אַלע זענען שוין אַזוי הײמיש.

— דיך דאַרף איך אויך פֿאַרבעטן — האָט שפּרה זיך געוואַנדן צו אים אַ צעשמײכלטע.

— זיכער — האָט יהודה איר געענטפערט און זיך צעלאַכט. אַלע זענען אַריין אין שטוב.

דער פּאָטער האָט זיך געריבן די הענט און זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער.

יצחק האָט אָפּגערוקט די בענקלעך פון טיש און אָנגעוויזן דעם פּאָטער דעם אויבנאָן. שפרה האָט אַוועקגעזעצט די מוטער רעכטס פון אים, באַשען ביי איר, יהודהן — באַשען אַנטקעגן. באַשע האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער. שפרה און יצחק האָבן אַ ווײַלע געצעגערט, אָבער זיי האָבן זיך אויך אַוועקגעזעצט. יצחק לינקס פון פּאָטער, שפרה ביי באַשען, זי זאָל האָבן נאָענט אין קיך.

אַלע ביים טיש האָבן געשוויגן. אַלע זענען זיך געוואָרן היימיש, אָבער נאָך נישט געוווּסט וואָס זיי דאַרפן רעדן. עס האָט נאָך געפעלט דער קאָנטאַקט צווישן זיי. דווקא איצט, ביים טיש, האָבן זיי געפילט די שטילקייט אין שטוב. דער פּאָטער האָט אַ קוק געטאָן אין דער הויך וויפל ליכט עס ברענען. ער האָט זיך אַריינגעצ־שטעלט אַ פינגער אין דער באָרד און זי אַ צי געטאָן, ווי ער זאָל פונאַנדערטיילן.

— קינדער? — האָט ר׳ אַברהם אַ פרעג געטאָן און זיך איינגעקוקט אין יצחקן.

— אַ דריי־יעריק זינדל, זאָל זיין געזונט — האָט יצחק אים געענטפערט אַ צופרידענער.

באַשע איז זיצן געבליבן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אַן אָפן מויל. זי קאָן נישט אָפּאָטעמען. איר פּנים איז גרין, אירע באַקן איינגעפאַלן. דער שאָטן פון איר פאַרפייניקט קינד האָט אַ שוועב געטאָן אַרום איר.

יהודה האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויף איר. ער האָט זיך עטוואָס איבער־געבויגן איבערן טיש, מען זאָל נישט מערקן, און זי שטיל אַ רוף געטאָן — „באַשע!"

זי האָט געעפנט די אויגן, אָבער נישט געוואַגט אים קוקן אין פּנים.

— ביי וואָס אַרבעטסטו? — האָט דער פּאָטער אַ פרעג געטאָן יצחקן, אָן אים צו אירצן.

— איך בין דער מאַגאַזינער אין דער מיל „קמה" — האָט יצחק אים געזאָגט.

דער פּאָטער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אים צוריק אַראָפּגעלאָזט.

— אַזוי! — האָט ער אַ צופרידענער אים אַ זאָג געטאָן. אַלע האָבן אַ קוק געטאָן אויפן פּאָטער. — איך און מיין האַלבע משפחה זענען שטאָל־מענטשן — האָט ר׳ אַברהם אַ זאָג געטאָן יצחקן. זיינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פון נחת. אַ שמייכל האָט אויסגעקרימט זיין פּנים.

— באַשע, הערסט? — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן.

— מאַמע, זי ווייסט — האָט יהודה איר געענטפערט.

באַשע האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט אָנגעקוקט שיינען. זי האָט איר איבער־געריסן די מחשבה. זי האָט אַפילו נישט געהערט וואָס די מוטער האָט זי געפרעגט.

— און וואָס איז דיין אָפּשטאַם? — האָט ר׳ אַברהם געפרעגט יצחקן.

יצחק האָט געהאַלטן די הענט אָנגעלענט אויפן טיש. ער האָט אונטערגעהויבן

און אַראָפּגעלאָזט זיינע צוויי האַנטפלאַכן אַ פאַרצווייפלטער, אָבער ער האָט אים געענטפערט:

— מיינע עלטערן האָבן אין פראַנקפורט געהאַט אַ „וואַרנהויז" און איך האָב שטודירט יורי.

— שטאַמסטו פון דייטשלאַנד — האָט ר' אַברהם אַ זאָג געטאָן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ פרעג געטאָן יצחקן: — נו? — ער האָט נישט געוואַגט זאָגן וואָס.

— מיט דעם זעלבן וועג ווי אַלע יידן אין אייראָפּע — האָט יצחק אים געענטפערט. ער האָט פאַרשטאַנען ר' אַברהמס פראַגע. אַלע ביים טיש האָבן טרויעריק אַ שאָקל געטאָן מיט די קעפּ.

באַשע האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ. זי האָט געוואָלט זען יצחקס פּנים בולטער.

— מען צווינגט אונדז זיין יידן — האָט ר' אַברהם אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל אויסשרייען.

— איך, איזאַק, בין דער בעסטער באַווייז — האָט יצחק אים געענטפערט. יצחק האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש און גענומען אָנגיסן די גלעזלעך. פאַר די פרויען ווײַן, פאַר די מענער קאָניאַק. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן האָט ער אַראָפּגענומען דעם טיול פון די טעלער: — נו, אפשר טרינקען מיר אַ לחיים?

— האָט ער אַ פרעג געטאָן ר' אַברהמען.

ר' אַברהם האָט אים געוויזן מיט דער האַנטפלאַך, ווי ער זאָל אים אָפּשטעלן, ער זאָל וואַרטן.

יצחק האָט נערוועז אַ שניפּ געטאָן מיט דער נאָז און אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן. אים האָט עס געאַרט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען ר' אַברהמס מיין.

— אַזוי לעבן יידן נע ונד — האָט ר' אַברהם זיך אַ ווענד געטאָן צו יצחקן.

— איך שטאַם פון וואָלין. געווען אַ וואַלד־סוחר; גראַמאַדנע וועלדער פאַראַן דאָרט — האָט ער אַ זאָג געטאָן — געהאַט פּרנסה בריווח. עטלעכע יאָר האָבן מיר געלעבט אונטער די פּאָליאַקן, אָבער איך האָב זיך נישט געקענט מיט זיי איינלעבן. כ'האָב צונויפגענומען מיין הויזגעזינד. — ער האָט אַ קוק געטאָן אויף שיינען און ממשיך געווען: — איך בין געקומען אַהער מעלקן קי.

— אַברהם, נישט פאַרזינדיקן — האָט שיינע אים אַ זאָג געטאָן.

— יאָ — האָט ער איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— האָסט דיר אויפגעהאָדעוועט אַ זון — האָט שיינע אים אַ ווייז געטאָן אויף יהודהן — האָסט אייניקלעך, ביסט אַ זיידע. וואָס נאָך ווילסטו? — האָט זי אים געפרעגט.

— ברוך־השם — האָט ר' אַברהם איר געענטפערט.

פונקט ווי אין אָנהייב איז זיי געווען שווער צונויפבינדן אַ שמועס, אַזוי האָבן זיי איצט געשמועסט און נישט באַמערקט ווי די צייט גייט. די ליכטשטראַלן האָבן באַלייכט די שטילקייט. די שטילקייט האָט געזאַפּט די שיין. די שטילקייט אין

שטוב האָט געשאַרכט, ווי זי זאָל זיך איינסדרן. עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס קלאַפּן פון זייגער.

— יאָ! — האָט ר׳ אַברהם אַ זאָג געטאָן און די הויט אויף זיין גרויסן, ברייטן שטערן האָט עטלעכע מאָל זיך איינגעקנייטשט און זיך אויסגעגליכן. ער האָט געקוקט אויפן ווייב.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים.

— עפּעס אַזוי שטיל? — האָט זי אַ פרעג געטאָן. דאָס איז געווען איר ענטפער אויף דעם מאַנס „יאָ״.

דער פאָטער האָט איינגעקלאַפּט איין האַנטפלאַך אין דער אַנדערער. ער האָט זיך אַ וויג געטאָן הין און צוריק אויפן בענקל און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— געקומען די צייט, מען דאַרף רעדן תכלית.

אַלע ביים טיש זענען זיצן געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און אויסגע־צויגענע פּנימער. קיינער האָט זיך נישט אַ ריר געטאָן פון אָרט, אָבער די אויערן זייערע זענען געווען אָנגעשפּיצט. יעדער האָט געוואָלט הערן.

— וועגן באַשען ווייסן מיר שוין אַלץ פון אונדזער זון — האָט ר׳ אַברהם אַ זאָג געטאָן און אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער אויף יהודהן.

באַשע האָט אַ דערשראָקענע אָנגעקוקט יהודהן. די שייך האָט איר אַ שניט געטאָן אין די אויגן און זי האָט זיי פאַרמאַכט.

— באַשע געפעלט אונדז ווייל זי געפעלט דעם זון — האָט דער פאָטער ממשיך געווען און ווידער אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט אויף יהודהן. זיין עפּל־גאָרגל האָט זיך אַ באַוועג געטאָן. ער האָט מיט דער האַנט אָנגענומען די באָרד, אָבער זי נישט אָנגעצויגן, נאָר זיך איינגעקוקט אין באַשען.

באַשעס באַקן זענען איינגעפאַלן. אירע אויגן־לעפלעך ציטערן. איר פּנים איז מיד און אַלט. דאָס וואָלענע באָרדאָ־קלייד מיט דער לאַנגער טאַליע איז אויף איר געהאָנגען.

שפרה האָט זיך צעוויינט, אָבער זי האָט באַלד דערשטיקט אין זיך די טרערן.

יצחק האָט זיך אויסגערענגט די פינגער.

יהודה האָט אַ קוק געטאָן אויף באַשען. איר פּנים איז געווען ווייס. איר רוקן אויסגעבויגן, ווי זי זאָל זיך האָבן איינגעבראָכן. ער האָט זיך אַ הייב געטאָן, געוואָלט צו איר צוגיין. ער האָט זיך אָבער נאָר איבערגעזעצט אין בענקל.

די פרייד איז געווען געהילט אין טרויער. יעדער באַזונדער האָט איבערגע־לעבט אַ פּחד.

שיינעס אויגן זענען געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן. זי האָט באַטראַכט יעדן באַזונדער. אירע ליפּן זענען געווען איינגעצויגן. איר גאָמבע האָט געציטערט. אירע אויגן זענען געווען פייכט.

ר׳ אַברהם האָט זיך געשאָקלט ווי ער זאָל דאַווענען, געזאַפּט דעם פּחד און די פרייד. מיט אַ מאָל איז ער זיצן געבליבן און האָט אַ זאָג געטאָן:

— גאָט איז אַ פאָטער און יידן האָבן בטחון, שיינע — האָט ער זיך צו איר

אַ װענד געטאָן. מירן פירן אונדזער מיזיניק צו דער חופּה! — איצט האָט ער אויפגעהויבן דאָס גלעזל קאָניאַק און אַ שריי געטאָן: — לחיים!

דער „לחיים" האָט אַלע ביים טיש אויפגעמונטערט. אַלע האָבן אַ נעם געטאָן די גלעזלעך אין האַנט. באַשע האָט נאָר צוגעלייגט צוויי פינגער צום פיסל פון גלעזל. דעם פאָטערס ליפּן האָבן אַ פלויש געטאָן. ער האָט געמאַכט „שהכל", איבערגעדרייט דאָס גלעזל און עס אויסגעטרונקען מיט תאווה. „אַההה!" — האָט ער פריילעך אַ זיפץ געטאָן. זיין פּנים איז שוין געווען רויט, זיין באָרד נאָך ווייסער.

אַלע ביים טיש, אַחוץ באַשען, האָבן אָפּגעטרונקען צו ביסלעך. דער שלונג איז זיי קוים אַדורך דורך דער קעל.

— מזל־טוב! מזל־טוב! מזל־טוב! — האָט דער פאָטער דריי מאָל פריילעך אויסגערופן און געריבן זיך די הענט פון פרייד.

— מזל־טוב! מזל־טוב! — האָבן אַלע אים געענטפערט. שפרה איז אַריין אין קיך.

יהודה, וואָס האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון באַשען, האָט זיך אויפגעשטעלט און צוגעגאַנגען צו איר. ער האָט דעליקאַט איר אַרויסגענומען דאָס גלעזל פון האַנט און עס איר צוגעטראָגן צו די ליפּן. זי האָט אַ זופּ געטאָן פון וויין. ער האָט איר אַוועקגעשטעלט דאָס גלעזל און שטיין געבליבן הינטער איר.

באַשע איז געזעסן מיט דער משפּחה ביים טיש. זי האָט דאָך געוווּסט, אַז אַלע זענען זיך צונויפגעקומען צוליב איר, אָבער נאָר איר קערפּער איז געזעסן ביים טיש, אירע געדאַנקען זענען געווען „דאָרט", אין איר צעשטערטער וועלט.

אַלע פילן איר געמיט. אַלעמענס אויגן זענען פייכט, אָבער די טרערן קענען ביי קיינעם נישט אַראָפּפאַלן.

ר' אַברהם האָט אַ קראַץ געטאָן זיך אין באָרד. עס איז געווען אומהיימלעך.

— נו, ווייבער — האָט ער אַ זאָג געטאָן, זיי אויסגערעדט.

יצחק האָט אַ פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזט די אויגן (זיי זענען אויך געווען פייכט ווי ביי די ווייבער).

שיינע האָט זיך איבערגעבויגן און אַ ברום געטאָן שפּרהן אין אויער. ביידע פרויען האָבן זיך אויפגעשטעלט און זיך איבערגעזעצט. אַ ווײַלע האָט שיינע באַטראַכט באַשען. די מוטער האָט געאָטעמט שווער, אירע ווימפּערן האָבן געציטערט. מיט אַ מאָל האָט זי אויסגעשטרעקט אירע הענט. זי האָט אַרומגענומען באַשען און אין אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל איר פאַרטרויען אַ סוד:

— טאָכטער, איך וועל זיין דיר אַ „מאַמע". — די טרערן האָבן געקאַפּעט פון אירע אויגן און זי האָט געקושט באַשען. איצט זענען אויך דעם פאָטערס אויגן געווען פייכט.

באַשעס אויגן זענען געווען גלאָזיק, אירע אַקסלען האָבן געציטערט. זי האָט אין זיך איינגעאָטעמט די שווערע לופט. זי האָט געוואָלט וויינען און נישט

געקענט. זי האָט קוים געכאַפּט דעם אָטעם. זי האָט געהעשעצט ווי אָט־אָט בלייבט שטיין איר האַרץ. זי האָט אַ זיפץ געטאָן און אירע אַקסלען האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן שטאַרק. אירע אויגן זענען געווען אויסגעזועצט, ווי זיי זאָלן איר אַרויס־קריכן פון די אויגן־לעכער.

יהודה האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר נאַקן. זי האָט אַ ציטער געטאָן און זיך באַהערשט. ער האָט זיך אַנגעבויגן צו איר, זי אַרומגענומען מיט ביידע הענט און צוגעלייגט זיינע ליפּן צו איר נאַקן. זי האָט זיך אָפּגעשאָקלט און אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, אירע האָר האָבן זיך צעשויבערט. זי האָט אַ הויב געטאָן זיך, געוואָלט אַוועקלויפן פון טיש.

שפרה איז זיצן געבליבן ווי אַ געליימטע. דאָס בלוט איז איר אַראָפּ פון פנים. יצחק האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן.

יהודה האָט איבערגעלייגט די הענט איבער אירע אַקסלען, נישט געלאָזט זיך איר אויפשטעלן. זי האָט זיך באַרויִקט. ער האָט מיט איין האַנט איר צוריק אָנגעלייגט די האָר און זיי געגלעט. איר פנים איז איצט געווען מילד. איר אויס־געשטרעקטער האַלדז האָט זיך לאַנגזאַם איינגעצויגן. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און טרויעריק אים אָנגעקוקט. אירע שפּיץ פינגער האָבן אַ גלעט געטאָן זיין פנים. זיינע נאָזלעכער האָבן אַ פלאַטער געטאָן. זיין בליק איז געוואָרן ווייך. ער האָט געגלעט זי מיט די אויגן.

שיינע האָט אָן אויפהער אויסגעבלאָזן און איינגעבלאָזן אירע באַקן ווי אַ בלאָזאַק. זי האָט אַרויסגענומען באַשען פון יהודהס הענט. זי האָט זי צוגעצויגן און צוגעדריקט צו זיך און זי געקושט האַרציק. באַשע האָט זיך געטוליעט צו איר. ביידע פרויען האָבן איצט שטיל געוויינט. אַלע מיט זיי. דער פאָטער האָט געשניפּט מיט זיין לאַנגער, פליישיקער נאָז, ווי ער זאָל שנויפלען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אויפגעשטעלט און צוגעגאַנגען צו באַשען. ער האָט אַרויף־געלייגט זיינע הענט אויף איר קאָפּ און זיינע דיקע פליישיקע ליפּן האָבן שטיל געפּלוישט. שפרה מיט יצחקן האָבן זיך איבערגעקוקט מיט פרייד און פחד.

— יאָ, מען דאַרף זיך פרייען — האָט יצחק אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל שלינ־גען די ווערטער און האָט אַ ווונק געטאָן שפרהן, איר געהייסן גיין אין קיך. — אַ שמחה — האָט ער איר געזאָגט. זי האָט זיך אויפגעשטעלט.

— נאָר שמחות זאָלן זיין ביי יידן — האָט דער פאָטער אים געענטפערט.

— שפרה איז אַוועק אין קיך. די ליכט אין שטוב איז ווי העלער געוואָרן. די פּנימער ביי אַלע זענען געווען פריילעך. איינער האָט געקוקט אויפן אַנדערן מיט פרייד. באַשעס שטאַרע אויגן האָבן געקוקט ווייט. זי האָט נישט געזען דעם אַרום זיך. אַלע האָבן געוואָלט רעדן, אָבער דאָך געשוויגן. קיינער האָט נישט געוואָלט צעשטערן די פרייד. דער פאָטער איז ווידער געזעסן אַן אָנגעלענטער אין בענקל־אָנלען און מיט די פינגער אויסגעקלאַפּט אויפן טיש אַ טאַקט.

— עס איז וואַרעם ביי אייך אין שטוב — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן יצחקן. זי האָט געוואָלט צוריק פאַרקניפּן אַ געשפּרעך.

— חשובע געסט ברענגען מיט וואַרעמקייט — האָט יצחק זי מהנה געווען.

— יצחק — האָט שפרה אים אַ רוף געטאָן פון קיך. ער, און יהודה נאָך אים, זענען אַריין אין קיך צו איר. אַ ווײַלע שפּעטער זענען אַלע צוריקגעקומען. יצחק האָט געברענגט דאָס באַשטעק, די סערוועטקעס און ס׳זאַלצמעסטל. יהודה האָט געברענגט די טעלער, די שיסל מיט דער פאַרשפּייז אויף זיי און דאָס ברויט. שפרה האָט געברענגט די פּלאַטע מיטן צעשניטענעם פלייש. יהודה איז געגאַנגען ווי ער זאָל מאַרשירן. ער האָט געוואָלט די שטימונג אין שטוב זאָל זיין אַ פריילעכע. שפרה האָט גענומען סערווירן. באַשע האָט איר פּאַמעלעך צוגעהאָלפן, נישט געבנדיק דערביי קיין שמייכל.

— או וואַ! אַ סעודה — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן.

— „אַ וואָרט!" — האָט די מוטער אים אַ זאָג געטאָן און אויך געהאָלפן פונאַנדערלייגן די גאָפּל, מעסער איבערן טיש. זי האָט נישט געוואָלט מען זאָל זען ווי זי אָטעמט שנעל פון אויפרעגונג.

— שיינע, אונדזער מיזיניק, געליבט איז דער שם־יתברך — האָט דער פאָטער איר אַ זאָג געטאָן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַ צופרידענער. באַשעס אויגן־לעפלעך זענען געווען נאָס פון שווייס.

— דאָס פלייש האָט איר געקאָכט? — האָט דער פאָטער אַ פרעג געטאָן און אויף שפרהן אָנגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן.

— יאָ — האָט שפרה אייליק אים געענטפערט. די צונג האָט זיך איר אַ סמאָקל געטאָן אין מויל. זי האָט נישט געוווּסט צי זי זאָל אים רופן ר׳ אַברהם. — ממש כשר — האָט זי מיט גאווה צוגעגעבן.

— אַוודאי, וואָס דען — האָט דער פאָטער אַ צופרידענער איר געענטפערט, אַז זי האָט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט. — איך וויל זיך משמח זיין. איך גיי זיך וואַשן — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן.

— זיכער, זיכער, מיר אַלע זענען פריילעך — האָט יצחק אים געענטפערט און אים פאַרבעטן — קומט!

דער פאָטער האָט אויסגעטאָן און אַוועקגעלייגט דאָס היטל. ער איז געבליבן אין קאַפּל און אַוועק מיט יצחקן.

די מוטער האָט זיך איינגעקוקט אין דעם סערווירטן טיש. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ס׳איז איר געפעלן.

— שיין צוגעגרייט — האָט זי אַ זאָג געטאָן שפרהן.

שפרה האָט זי אָנגעקוקט; אירע אויגן זענען געווען גרויס פון דאַנקבאַרקייט. זי האָט ווייטער סערווירט. זי האָט פונאַנדערגעלייגט דעם קאַרטאָפל־סאַלאַט. יהודה האָט אַרייַנגעקוקט אין די צוויי טעלער וואָס זענען געשטאַנען פאַר אים, ווי ער זאָל זיך שפּיגלען אין זיי. זיין שטערן איז געווען צעקנייטשט. ר׳ אַברהם מיט יצחקן זענען צוריקגעקומען און זיך אַוועקגעזעצט. יצחק האָט אָנגעפילט די גלעזעלעך. דער פאָטער האָט אַ קוק געטאָן אויפן טיש. ער האָט אַ נעם געטאָן אַ שטיקל ברויט, אָפּגעבראָכן אַ שטיקל, עס איינגעטונקען אין זאַלץ און געמאַכט

„המוציא". יהודה האָט איילִיק זיך איבערגעדעקט דעם קאָפּ מיטן צונויפגעלייגטן טאַשנטיכל. יצחק האָט זיך אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן קאָפּ.

דער פאָטער האָט אויפגעהויבן דאָס גלעזל. ער האָט געוואַרט אַלע זאָלן אים נאָכטאָן: — לחיים טובים ושלום! — האָט ער מברך געווען און אויסגעטרונקען. די צוויי מענער האָבן אים נאָכגעטאָן. די ווייבער האָבן אָפּגעטרונקען. באַשע האָט קוים אונטערגעהויבן דאָס גלעזל. זי האָט זיך איבערגעבויגן און קוים אַ זופּ געטאָן פון גלעזל.

די גאָפּלען האָבן זיך צעקלונגען איבער די טעלער. אַלע האָבן געגעסן מיט חשק. באַשע האָט אַריינגעשטעקט דעם גאָפּל אין עסן, גלייך פון אויבן אַראָפּ. דעם גאָפּל מיטן ביסן האָט זי פויל געטראָגן זיך צום מויל. אין שטוב איז געווען שטיל, די ליכט האָט באַלייכט, מען האָט נאָר געהערט דאָס קלאַפּן פון דעם זייגער. דעם פאָטערס באַקן זענען געווען רויט.

— מחותנתטע, דאָס עסן שמעקט גוט — האָט די מוטער געזאָגט שפּרהן.

באַשע האָט אָפּגעזיפצט ווי זי זאָל זיך קרעקן. זי האָט נאָר פאַרביסן די ליפּן זי זאָל זיך נישט צעוויינען. אַלע האָבן זיך אָנגעקוקט. אַלע זענען געבליבן מיט די גאָפּלען אין די הענט. באַשע האָט געקוקט אַראָפּ. דער פאָטער האָט זיך איינגעגאָסן אַ גלעזל און מיט איין צי עס אויסגעליידיקט. איצט איז אויך זיין נאָז רויט געוואָרן.

— באַשע — האָט יהודה זי שטיל אַ רוף געטאָן. זי האָט אים אָנגעקוקט. ער האָט פאַרקלעמט די ליפּן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט פאַרשטאַנען זיין געבעט. די גאָפּלען האָבן אָן אויפהער געקלונגען אין די טעלער. שפרה האָט קוים אַראָפּגעשלונגען דעם ביסן. זי האָט נישט געענדיקט. זי האָט דעם טעלער פון זיך אָפּגערוקט, זיך אויפגעשטעלט און אַוועק אין קיך. אין שטוב פילט זיך דער ריח פון די געטראַנקען. יצחק נעמט צונויף די טעלער. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן האָט ער זיי אַוועקגעטראָגן אין קיך.

— נו — האָט די מוטער זיך אַ ווענד געטאָן צו באַשען און באַלד שטיל געבליבן, נישט גערעדט ווייטער. זי האָט אַרומגענומען באַשען און איר אַ קוש געטאָן.

— דו, מאַמע, מאַכסט מיר קאָנקורענץ — האָט יהודה מיט אַ שמייכל איר אַ זאָג געטאָן.

די מוטער האָט אים געענטפערט מיט אַ שמייכל און אָפּגעלאָזט באַשען. באַשע איז געווען בלייך, איר בליק שפּיזיק.

יהודה האָט אַרויסגענומען פון טאַש די ציגאַרן־טאַש. ער האָט פאַררויכערט.

דער פאָטער האָט זיך אָפּגעצויגן די באָרד און זיך אַרומגעקוקט, געוואָלט זען דעם זייגער, פון וועלכן ער האָט געהערט דעם טיק־טאַק.

יצחק איז אַריין מיט צוויי שיסלען, איינע מיט ברוינע האָדן, די צווייטע מיט אַרבעס. שפרה האָט אים נאָכגעטראָגן אַ טאַץ מיט שאָלן יויך און אַ טעצל מיט

זויערע אוגערקעס. יצחק האָט אַוועקגעשטעלט די שיסלען און זיך אַוועקגעזעצט. שפרה האָט גענומען טיילן.

— זי האָט צוגעגרייט ווי פאַר אויסגעהונגערטע — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן שפּרהן.

— ווי פאַר חשובע געסט — האָט שפרה איר געענטפערט.

דער פאָטער האָט זיך איינגעגאָסן נאָך אַ גלעזל און אויסגעטרונקען. ער האָט אַ קוק געטאָן וויפל עס איז נאָך געבליבן אין פלעשל און זיך פאַרריבן די הענט אַ צופרידענער. יצחק האָט צו אים געשמייכלט. די רויך־קנוילן וואָס יהודה האָט אַרויסגעבלאָזן האָבן געשוועבט צווישן זיי. שפרה האָט זיך אויסגעגליכן און אַ צופרידענע שטיין געבליבן מיטן גאָפל אין האַנט און באַטראַכט די פּאַרציעס, וואָס זי האָט פונאַנדערגעטיילט. דער פאָטער האָט גענומען עסן. אַלע האָבן אים נאָכגעטאָן. איצט האָט מען געהערט נישט נאָר דעם קלאַנג פון די גאָפּלען, נאָר אויך דעם אָפּקלאַנג פון די מעסער.

— דיך האָב איך שוין אויסגעפרעגט, אָבער איך האָב דיר נאָך נישט דער־ציילט, מיר האַלטן אַ שטאַל — האָט דער פאָטער געזאָגט יצחקן און ווייטער געגעסן.

— יאָ — האָט אים יצחק געענטפערט, אַז ער ווייסט.

— אָבער מיין נישט, אַז דאָ אַ שטאַל איז ווי אַ מאָל ביי די פּויערים — האָט דער פאָטער אים באַלערנט. — דאָ קויפט מען גרייטע פּאַשע. דאָ פירט מען נישט די קי אין פעלד. דאָ מעלקט מען אויטאָמאַטיש — האָט דער פאָטער דערציילט.

— איך ווייס, איך בין אַ יאָר צייט געווען אין אַ קיבוץ — האָט יצחק אים געזאָגט.

דער פאָטער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אַ פאַרוווּנדערטער און געגעסן מיט אַפּעטיט. זיין פּנים איז געווען צעפלאַמט. יצחק און יהודה האָבן אויך געגעסן. די פרויען האָבן געגעסן פּאַמעלעך, באַשע — גאַר לאַנגזאַם. אויף יעדע זייערע דריי־פיר ביס האָט זי קוים אַראָפּגעשלונגען איין ביסן.

— ווי האָט אויסגעזען אַ שטאַל דאָרט ביי אייך ? — האָט דער פאָטער אַ פרעג געטאָן יצחקן. ער האָט נישט געוואָלט ברענגען איבערן מויל דאָס לאַנד.

יצחק האָט אַוועקגעלייגט דעם גאָפּל אויפן טעלער.

— וויפל איך בין געקומען אין די דערפער דאָרט און געזען, געדענק איך אַז די שטאַלן זענען געווען געמויערטע, ציכטיק, ווייס, אָבער ווייט פון די הייזער, נישט אַזוי אַנטוויקלט ווי ביי אונדז היינט — האָט יצחק אים דערציילט.

— זיי האָבן אין אַלעם אַ סיסטעם — האָט דער פאָטער אים אַ זאָג געטאָן און אַ זיפץ געטאָן פון ווייטיק.

— טאַטע, איך האָב זיי געזען אין איטאַליע אין אַ טרויעריקן מעמד, „פּלע־ניקעס״ ווי פון אַלע אַנדערע פעלקער — האָט יהודה אים געזאָגט.

באַשע האָט אַ קוק געטאָן אויף יהודהן. אירע אויגן זענען געווען שטאַר. זי

האָט דערזען דעם „דאָרט". אַלע האָבן אינסטינקטיוו געקוקט אויף באַשען. עס האָט זיך דערפילט די שטילקייט. אַפילו די, וואָס האָבן נאָך געגעסן, האָבן אַוועקגעלייגט די גאָפּל און די מעסער פון די הענט.

דער פאָטער, אַ צעפּלאָנטער פון זעט, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין בענקל־אָנלען און מיטביידע הענט זיך אָפּגעצויגן די באָרד, ווי ער זאָל זי צענעמען. ער האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אויפן בופעט. ער האָט דערזען ווו דער זייגער שטייט, אָבער נישט ווי שפּעט עס איז. ער האָט אָפּגערוקט זיין שאָל מיט יויך. ער האָט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש די עלנבויגנס און פאַרלייגט איין האַנט אין דער אַנדערער. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער די הענט און געבליבן זיצן אַ פאַרטראַכטער. זיין פּנים איז געווען רויט. אַ דינער שווייס האָט באַדעקט זיין שטערן. זיינע אויגן האָבן געקוקט אין זיך אַריין.

יצחק מיט שפרהן האָבן זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן געוואַרט וואָס דער פאָטער וועט זאָגן. זיי זענען נאָך אַלץ נישט געווען זיכער. זיי האָבן איבערגעטראַכט יעדעס וואָרט ביז זיי האָבן עס געזאָגט. באַשע האָט געקוקט אין ווינקל אַריין אונטער דער סטעלע. דאָרט האָט זי קאָנצענטרירט אירע געדאַנקען. זי האָט געאָטעמט פּאַמעלעך, אָבער שווער. איר קוק איז געווען גלאָזיק. זי האָט געקוקט ווייט.

— יאָ, מען דאַרף פאַרענדיקן — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן און זיך אָפּגעריסן פון טיש.

שפרה איז געבליבן אָן אָטעם. יצחק האָט אַ קוק געטאָן אויף איר. ביידע זענען געווען בלייך. די ליכטשיין האָט באַלויכטן די שטילקייט.

— איך וויל זיי זאָלן וווינען מיט אונדז — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן איידער דער פאָטער האָט באַוויזן רעדן.

שפרה האָט גענומען ציטערן. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין איר בענקל־אָנלען. יצחק איז זיצן געבליבן אַ פאַרשטייפטער.

— זיי וועלן וווינען אין דער אָפיצינע. שטובן, ברוך־השם, פעלן נישט — האָט ממשיך געווען דער פאָטער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די אַרומיקע און האָט שפּאַסיק צוגעגעבן, אָנווייזנדיק אויף יהודהן: — די מאַמע וויל ביי זיך האָבן דאָס מיזיניקל. — זעענדיק אַז קיינער ענטפערט נישט האָט ער געמיינט אַז באַשעס משפחה איז נישט מסכים, האָט ער צוגעגעבן — אַלנפאַלס, די ערשטע צייט.

— איך וויל ניאַנטשען זייער קינד און מיין איניקל — האָט שיינע אַ זאָג געטאָן מיט גאווה.

באַשע האָט אַ פאַרשטעל געטאָן מיט די הענט איר פּנים. אירע אַקסלען האָבן זיך געטרייסלט.

יהודה איז צוגעגאַנגען צו איר און מיט דער האַנט אַרומגענומען איר האַלדז. זי האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ. זי האָט אַ קוק געטאָן צו אים אַרויף. — אוי — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן. אירע אויגן זענען געווען שטאַר, איר פּנים געגליווערט.

יהודה האָט איר אַ קוש געטאָן אין שטערן און זיך צוריק אַוועקגעזעצט. די שטילקייט אין שטוב האָט ווי אויפגעוויירן. זי איז געוואָרן נאָך מער אָנגעדראָלט. עס האָט זיך געפילט די היץ אין שטוב. שפרה איז אַוועק אין קיך.

— ר׳ אַברהם, און מיט וואָס וועלן מיר זיך משתתף זיין? — האָט יצחק אַ פרעג געטאָן. זיין פּנים האָט זיך אויסגעצויגן פון אומבאַקוועמלעכקייט.

— איי! — האָט דער פאָטער אים אַ זאָג געטאָן און מיט ביטול אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

שפרה איז אַריין מיט אַ טאַץ, אויף וועלכער עס איז געלעגן אַ פּיראַמידע פון עפּל מיט באַרן און זי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

— האַ! האַ! — האָט די מוטער פאַרוואונדערט אויסגערופן און אַ באַוועג געטאָן מיטן קאָפּ פון אַנטציקונג — שיין, שיין — האָט זי געריימט שפרהן.

— ווער וויל טיי און ווער שוואַרצע קאַווע? — האָט שפרה אַ פרעג געטאָן און געוואַרט.

— גענוג! גענוג! — האָט דער פאָטער איר אַ זאָג געטאָן און אַ ווונק געטאָן יהודהן.

יהודה האָט גענומען אַ גלעזל און איז אַוועק פון טיש. יצחק האָט אַ קוק געטאָן אויף שפרהן. זיינע אויגן האָבן געשמייכלט. שפרה האָט זיך אַוועקגעזעצט. יהודה האָט געבראַכט אַ ביסל וואַסער.

דער פאָטער האָט זיך איינגענעצט די שפּיץ פינגער. ביידע, יהודה און יצחק, האָבן זיך צוגעדעקט די קעפּ מיט זייערע טאַשנטיכלעך — „ברוך־הוא ברוך־שמו" — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן. ער האָט איינגעקלאַפּט זיך די הענט און זיך צעוויגט איבערן טיש. אַלע האָבן געקוקט אויפן פאָטער, אויך באַשעס פּנים איז געוואָרן מילדער. דעם פאָטערס פליישיקע ליפּן מורמלען, זיי באַוועגן זיך, ווי זיי זאָלן זיך פּאַטשן. זייער פלויש און שאַרף וועבט זיך אין דער שטילקייט. שיינע, די מוטער, שאַרט מיט די פינגער צונויף אַ קופּקע קרישקעס אויפן טישטעך און שאָקלט לייכט צו מיטן קאָפּ.

ווען דער פאָטער האָט געענדיקט, האָט יהודה אַ זאָג געטאָן באַשען:

— וועסט זיך מוזן געוווינען צו די שטוב־מינהגים ביי אונדז. — ער האָט געזען איר איצט צופרידן פּנים. אַלע האָבן אַ קוק געטאָן אויף איר. איר פּנים איז ווידער געוואָרן שטאַר. דער פאָטער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז. ער האָט זיך איינגעקוקט אין זייגער און דאָך נישט געזען ווי שפּעט עס איז. ער האָט מיט דער האַנט אָנגענומען זיך די שפּיץ באָרד, ווי ער זאָל זי וועלן אונטערהייבן און אַ פרעג געטאָן:

— אויף ווען באַשטימט מען דעם חתונה־טאָג? — און ער איז זיצן געבליבן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו יהודהן — האַ?!

— אַ טאָג וואָס איז באַקוועם פאַר אַלע און אַלעמען — האָט יהודה געענטפערט דעם פאָטער.

דער פאָטער האָט מיט די פינגער פון ביידע הענט אָנגעקלאַפּט אין טיש, ווי

ער זאָל שפּילן פּיאַנע. ער האָט זיך אַרויסגערוקט דאָס קאָפּל אויפן קאָפּ. ער האָט איבערגעפירט איין האַנטפלאַך איבערן צעקנייטשטן שטערן און אַ זאָג געטאָן:

— דעם צווייטן דינסטיק אין אָדר מיט מזל!

— מיט מזל! מיט מזל! — האָבן אַלע אים נאָכגעזאָגט. שפרהן און יצחקן זענען די ווערטער קוים אַרויס פון מויל.

— דו הערסט, שפרה! דו הערסט? — האָט די מוטער זי געפרעגט.

שפרה האָט פון אויפרעגונג און איבערראַשונג נישט געקענט רעדן. אירע מוילווינקלען האָבן געציטערט. די אויגן ביי אַלע האָבן געפינקלט. יצחק האָט זיך געריבן די נאָז. יהודהס אויגן זענען געווען פייכט. דער פאָטער האָט ווידער געקלאַפּט מיט די פינגער אין טיש. זיין גרויסער שטערן איז געווען צעקנייטשט. ער האָט געקוקט ווייט, כאָטש די וואַנט אַנטקעגן אים האָט געצוימט זיין בליק.

יהודה האָט פאַררייכערט און זיך טיף פאַרצויגן. באַשע איז געזעסן מיט די הענט איבערגעלייגטע איבערן טיש. אירע אויגן זענען געווען שטאַר, איר פּנים פאַרגליווערט. זי האָט געקוקט און נישט געזען. די אויפרעגונג איז צו איר נישט דערגאַנגען. זי האָט כסדר אַלע ווילע געזען אַן אַנדער בילד פון „דאָרט".

אַ געוויין פון אַ קינד האָט זיך אַריינגעריסן אין דער אָנגעדראָלטער שטילקייט.

— אוי! רפי! — האָט שפרה אַ געשריי געטאָן. זי איז אויפגעשפּרונגען און איז איילִיק אַוועק צו אים. זי האָט נישט געוווּסט פאַר וואָס ער וויינט. זי האָט נאָר געוווּסט, אַז באַשען דענערווירט זיין געוויין.

יצחק האָט זי באַגלייט מיט די אויגן און זיך אויך אויפגעשטעלט.

יהודה האָט זיך אויך האַסטיק אויפגעשטעלט און זיך צוגערוקט צו באַשען. אירע ציין האָבן געקלאַפּט פון אויפרעגונג. איר אונטערשטע ליפּ איז געווען ווי פאַרשאַרצט. אירע פּנים־מוסקולן האָבן געציקט. יהודה האָט דעליקאַט זי אַ צי געטאָן ביי די האָר. זי האָט דערפילט אַ ווייטיק. זי האָט אים אָנגעקוקט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

שפרה איז צוריקגעקומען אַ באַרויִקטע.

— שוין, ער שלאָפט שוין ווידער. ס'האָט זיך אים אַוודאי עפּעס געחלומט

— האָט זי געזאָגט.

באַשע האָט איינגעשניטן אירע נעגל אין די באַקן. איר פּנים איז געווען גרין. יהודה האָט אַוועקגענומען איר די הענט און אונטערגעהויבן איר דעם קאָפּ. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט. אין זיין בליק איז געווען געבעט. זי האָט אים צוליב געטאָן, אָבער צווישן זיי איז געשטאַנען דער שאָטן פון איר קינד.

דער פאָטער האָט זיך אויפגעשטעלט און איז צוגעגאַנגען צום זייגער.

— או וואַ — האָט ער אַ זאָג געטאָן. דאָס איז געווען אַ פּירקאַנטיקער, קליינער, האָלצערנער זייגער — רבותי! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך אויסגעדרייט צו אַלע — דער זייגער ווייזט באַלד חצות! מען דאַרף גיין — האָט ער זיי געזאָגט און זיך אָנגעטאָן ס'היטל.

שפרה האָט צוגעטראָגן און אַרויפגעלייגט אויף דער מוטערס אַקסלען די פוטער־פעלערינקע. שיינע האָט זיך געקושט מיט שפרהן און איז צוגעפאַלן צו באַשען, זי אַרומגענומען און געטוליעט צו זיך ווי זי זאָל זי באַדעקן מיט פליגל.

באַשע האָט זיך געלאָזט קושן. אירע ליפּן זענען געווען בלוי און דין, איר פּנים גרין. ערשט ביים סוף האָט באַשע צוגעלייגט אירע ליפּן צו שיינעס האַנט, איר אַ קוש געטאָן.

שפרה איז געשטאַנען און טרערן האָבן זיך איר געגאָסן פון די אויגן. שיינע האָט דערלאַנגט יצחקן די האַנט.

— עס זאָל זיין מיט מזל — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן.

— מיט מזל! מיט מזל! — האָט ער איר געענטפערט און געדריקט איר האַנט.

— אמן! רבונו־של־עולם — האָט שיינע געבעטן מיט פאַרמאַכטע אויגן.

— נו, אַ דאַנק פאַר דער גאַסטפריינדלעכקייט און פאַר דער טאָכטער, וואָס איר גיט אונדז — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן שפרהן. ער איז צוגעגאַנגען און אַ קניפּ געטאָן באַשען אין באַק און איר אַ זאָג געטאָן: — לאַנג וועלן מיר דיך דאָ נישט לאָזן. אַ גוטע וואָך — האָט ער געזאָגט און איז אַוועק צו דער טיר.

שפרה האָט צוגעפירט די מוטער צו דער טיר.

— איך בלייב אין שטוב מיטן קינד — האָט זי אַ זאָג געטאָן שיינען, אַלע זאָלן הערן. זי האָט נאָך אַ מאָל זיך צעקושט מיט דער מוטער און איר געעפנט די טיר. די קעלט פון דרויסן האָט אַ וויי געטאָן אויף אַלע.

— אַ גוטע וואָך! אַ געזונטע וואָך! — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן און איז אַריבער די שוועל. יצחק איז אים נאָכגעגאַנגען.

באַשע איז געשטאַנען ביי דער טיר, ווי זי זאָל מורא האָבן איבערטרעטן די שוועל. יהודה האָט זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און זי איבערגעפירט איבער דער שוועל. די ווינטערדיקע נאַכטקעלט האָט זי אַרומגענומען. אין די הייזער אַרום איז מען שוין געשלאָפן. ווו נישט ווו האָט אין אַ פענצטער נאָך געזען זיך ליכט.

יהודה האָט געעפנט די טיר פון טענדער. שיינע האָט נאָך אַ מאָל אַ קוש געטאָן באַשען און זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָ, דער פאָטער נאָך איר. יהודה האָט אַרומגעאָרעמט באַשעס קאָפּ. ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך און אַ קוש געטאָן אין שטערן. זי האָט צוגעלייגט און אָנגעלענט איר קאָפּ אָן זיינעם. ביידע האָבן געציטערט פון אויפרעגונג. באַשע איז אַוועק אין שטוב. זי איז דאָס ערשטע מאָל איצט געגאַנגען ביינאַכט אַליין. די טיר איז געווען נאָר צוגעלעגט. יהודה האָט זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָ און אָנגעצונדן דעם מאָטאָר. די ליכטשיין האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבערן וועג.

— אַ גוטע וואָך! — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן יצחקן פון אויטאָ אַרויס.

— פאָרט געזונט! — האָט יצחק אים געענטפערט.

— יצחק! — האָט יהודה אים אַ זאָג געטאָן און אים אַ ווייז געטאָן די

האַנטפלאַך. דאָס איז געווען זיין אָפּשייד. די מאַשין האָט געריִרט פון אָרט און איז אַוועקגעפאָרן. יצחק איז אַוועק אין שטוב.

יצחק האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך און איז אַריין אין שטוב.

— נו! פאַרקנסט די בתולה! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ געמאַכטער פריילעכקייט און אַ קוק געטאָן אויף שפרהן.

באַשע, וואָס איז געזעסן מיט אַן אַריינגעצויגענעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, פאַרלייגט איין האַנט אין דער אַנדערער, האָט אויסגעצויגן די הענט איבער דער סאָפע און אַרויפגעפאַלן אויף דער סאָפע ווי אַ פולער, אומגעוואָרפענער זאַק. איר אויבערשטער טייל קערפּער האָט זיך געטרייסלט ווי אין קאָנוווּלסיע.

— שוועסטער טייערע, אַ גליק האָט דיך געטראָפן — האָט שפרה איר אויסגערעדט. זי איז צוגעגאַנגען צו באַשען און זי געגלעט, זי באַרויִקט און געטרייסט:

— אַ טייערע, איינגעזעסענע משפחה אין לאַנד. — באַשע האָט געהעשעצט. יצחק איז געשטאַנען אין דער זייט און באַטראַכט ביידן. — אַ גאָלדענער בחור וואָס מען טרעפט זעלטן — האָט שפרה איר אויסגערעדט.

באַשע האָט האַסטיק זיך אויפגעזעצט און זיך צעשריגן.

— גייט אַוועק! — איר פנים איז געווען ווייס. אירע שטאַרע אויגן האָבן געשפּיזט מיט כעס. זי האָט מיט די פינגער זיך געריסן די באַקן. מיט אַ מאָל איז זי זיצן געבליבן, ווי זי זאָל האָבן אויפגעהערט צו אָטעמען.

יצחק און שפרה האָבן זיך איבערגעקוקט. ער האָט אַ ווונק געטאָן, אַז זי זאָל גיין מיט אים. זיי זענען אַוועק אין שלאָפצימער. אַ ווײַלע שפּעטער איז דאָרט פינצטער געוואָרן.

אויך באַשע האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט. דער טיש מיט די כלים אין צימער זענען פאַר באַשען פאַרשוווּנדן, ווי אַ דעקאָראַציע אונטער אַ טעאַטער־פאָרהאַנג נאָך אַ פאָרשטעלונג. באַשע האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שיך און די אויבער־שטע מלבושים און געגומען שפּאַנען איבערן צימער. זי האָט געשפּרייזט מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי זי זאָל וועמען זוכן און ווען אַוועק פון דאַנען. זי האָט אָפּגערוקט דעם פאָרהאַנג און זיך איינגעקוקט אין פענצטער. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט פאָרן דעם טענדער. זי האָט גאָרנישט געזען אין דער געדיכטער נאַכט־פינצטערניש. זי האָט געגומען שפּאַנען איבערן צימער און אַ דערשראָקענע געקוקט ווי איר שאָטן גייט איר נאָך. מיט אַ מאָל האָט זי אָנגעהויבן רעדן צו זיך שטיל. נאָר זי האָט זיך געהערט:

— פאַרגעסן אין אַלע, אַ נייע וועלט, ווו וועלן בלייבן אַלע מיינע. — זי איז שטיין געבליבן און זיך געפרעגט, געוואָלט וויסן. — זיי זענען מער נישטאָ? נאָר איך אַליין בין געבליבן? — זי האָט פאַרביילט די פויסטן און אירע ליפּן האָבן אַ פלויש געטאָן — ניין! — ווי אַ פייערקויל זאָל האָבן אַ לויש געטאָן.

אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ לייכטער קלאַפּ אין דער טיר. איר

אויסגעשפּיצט געהער האָט אַ ווײַלע צוגעהאָרכט. דווקא איצט האָט זי זיך נישט געשראָקן. זי איז צוגעגאַנגען און געעפֿנט די טיר.

— באַשע — האָט יהודה שטיל איר אַ זאָג געטאָן און זי אַרומגענומען. מיט דער צווייטער האַנט האָט ער פֿאַרמאַכט די טיר. ער האָט זי צוגעפֿירט און זי אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפֿע. ער האָט זיך צו איר צוגעזעצט און זי צו זיך צוגעטוליעט. זי האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אויף זײַן ברוסט. יהודה האָט געהערט ווי אין שלאָפֿציממער פֿלוישן ליפּן, ווי ס׳בלוט צירקולירט אין באַשעס אָדערן און דעם טיאַך פֿון זײַן האַרץ.

ווען דער ערשטער, קוים גרויער מאָרגנשטערן האָט זיך באַוויזן אויף דעם געדיכטן, קאַלטן ווינטער־האָריזאָנט, האָט יהודה איר אַ קוש געטאָן אין אַן אויג, זי איבערגעוועקט. ער איז געווען וואַך די גאַנצע נאַכט.

אַ פֿאַרשלאָפֿענע האָט זי אים דערשטוינט אָנגעקוקט.

ער האָט זי אָנגענומען ביי אַ האַנט און איר אַ פּליסטער געטאָן:

— גיי שלאָפֿן.

זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אַוועק שלאָפֿן.

ער איז געשטאַנען און זיך אײַנגעהאָרכט, ביז עס האָבן זיך דערהערט אירע באָרוועסע טריט. דעמאָלט איז ער אַוועק צו דער אַרויסגאַנג־טיר.

## י

דער ווינטער־אימפּעט האָט זיך דערנענטערט צום סוף. עס האָט ווייטער געדעגנט, אָבער מיט איבעררייסן. דער וואַסערפֿלוך איז שוין נישט געווען אַזוי געדיכט. די וואַסער־טראָפּנס זענען קלענערע און שיטערע, די ווינטן שוין אײַנגעהאַלטענע, נישט אַזוי בייז, די קעלט נעמט שוין נישט אַדורך. די לופֿט איז טרוקענער, דער הימל דורכזיכטיקער. די דורכגעזאַפּטע מיט פֿייכטקייט ערד יווירט שוין און אָטעמט. די הייזער אין די גאַסן זענען אויסגעצוואַגן.

שוין אַ וואָך צייט ווי באַשע איז אין שטוב. זי גייט נישט מער צו דער אַרבעט. דעם לעצטן פֿרייטיק, ווען דער צאָלער איז אַרײַן אין אַרבעטסזאַל צו די אַרבעטערינס, זיי אויסצוצאָלן, איז באַשע זיצן געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. זי האָט ווידער געזען ווייט דעם „דאָרט". דאָס איז געווען איר לעצטער אַרבעטסטאָג אין דער פֿאַבריק. ווען דער צאָלער האָט איר דערלאַנגט דעם קאָנווערט מיטן וואָכן־געהאַלט, האָט זי אַוועקגעלייגט די אַרבעט. זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן דעם צאָלער:

— מער קום איך נישט!

דער צאָלער, אַ נידעריקער ייד מיט אַ שפּיץ בערדל האָט געוואָלט איר עפּעס זאָגן, עפּעס זי פֿרעגן, ער האָט אָבער צוריק פֿאַרמאַכט ס׳מויל און מיט באַדויער

אַ שאָקל געטאָן איבער איר מיטן קאָפּ. די אַרבעטעריגס האָבן, דערשטוינטע, זי אָנגעקוקט.

— פאַר וואָס? באַשע? — האָט די דאַרע פרוי מיטן דיקן פּנים, איר אַרבעטס־שכנה, זי אַ פרעג געטאָן. זיי, די אַרבעטעריגס, זענען געווען שוין געוווינט מיט דער פּליטה, וואָס אַרבעט אָן איבעררייס און שווייגט.

באַשע האָט זיי אָנגעקוקט. זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי זאָל זיי זאָגן. די ווייבער האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. איר בליק האָט זיי געשראָקן.

— שלום — האָט זי אַ זאָג געטאָן און גענומען גיין. זי איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און איז שטיין געבליבן. זי האָט זיך אויסגעדרייט און זיי געזאָגט:

— איך וועל קומען אייך פאַרבעטן אויף מיין חתונה — און איז שנעל אַוועק, ווי מען זאָל זי נאָכיאָגן.

— נעבעך — האָט די דאַרע פרוי מיטן ברייטן פּנים אַ זאָג געטאָן.

— זי איז נישט די איינציקע, איך בין אויך געווען אין לאַגער — האָט אַ בלאָנדע, יונגע פרוי איר געענטפערט. איר קאָפּ איז געווען אויסגעשטרעקט ווי ביי אַ האָן, וואָס זוכט אַ קערנדל. איבערן זאַל האָט אַ פלאַטער געטאָן אַ שטילע אימה. די ווייבער האָבן שוין ווייטער געאַרבעט.

— בערגער! — האָט דער צאָלער אַ רוף געטאָן. די בלאָנדע פרוי האָט זיך אויפגעשטעלט נעמען געלט.

ביי שפרהן אין שטוב איז ס'לעבן איצט געפלאָסן איילוקער. יצחק פלעגט אייליק קומען פון דער אַרבעט. שפרה האָט געאיילט אין גאַס איינקויפן. זי האָט געגרייט דעם אויסשטייער פאַר באַשען. ביידע, שפרה און יצחק, זענען געגאַנגען ווי אויף די שפּיץ פינגער, ווי זיי זאָלן זיך אונטערגנבענען. זיי האָבן געוואָלט די שכנים זאָלן וואָס שפּעטער זיך דערוויסן פון דער געשעעניש. ביידע זענען נאָך נישט געווען זיכער, אַז די חתונה וועט צו שטאַנד קומען. מיטן קינד איז שטענדיק געבליבן יצחק. רפי איז געוואָרן נערוועז. ער האָט כסדר געוויינט און ביי יעדן געוויין גערופן די מאַמע. דער פאָטער פלעגט אים כסדר איינשטילן און דערציילן אים, אַז די מאַמע איז פאַרנומען, ווייל די מומע גייט חתונה האָבן און כדי דאָס קינד זאָל פאַרשטיין, האָט ער אים שטיל דערציילט: — עס וועט זיין פריילעך, מוזיק וועט שפּילן, מען וועט טאַנצן און מען וועט עסן גוטע זאַכן. ער האָט עס דערקלערט רפין און מיט איין אויג געקוקט פון דער זייט צי באַשע הערט נישט.

באַשעס באַקן זענען איינגעפאַלן, אירע אויגן זענען רויט און געקעמט אין האַלב־שוואַרצע רעמלעך. אויסגעטריקנט. זי האָט געשוויגן, קוים געענטפערט אויף אַ פראַגע. זי פלעגט זיצן אויף דער סאָפע אָן איבערגעבויגענע און זיך באַדויערט. ווען עס איז איר נימאס געוואָרן, האָט זי גענומען שפּאַנען איבערן צימער, ווי זי זאָל צו וועמען גיין. אַז זי איז מיד געוואָרן איז זי אַוועק אין קיך.

זי פֿלעגט זיך אַוועקזעצן אָנגעלענט מיטן קאָפּ אין וואַנט, קוקן און גאָרנישט זען.

יצחק פֿלעגט, פֿון צײַט צו צײַט, אַרײַנקומען צו איר, זען וואָס זי טוט, אַזוי ווי שפרה האָט אים אָנגעזאָגט.

ס'איז געווען אַ פֿאַרמיטאָג. דער טאָג איז געווען אויסגעלײַטערט, דער הימל העל. איבערן טיש האָט שפּאַצירט אַן אָנעמיש זונען־שײַנדל. באַשע האָט זיך גראָד אַוועקגעשטעלט אין פֿענצטער און אַרויסגעקוקט. שפרה האָט זיך געפּאָרעט אין קיך. רפֿי איז צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעשטעלט אונטער דער וואַנט. ער האָט געקוקט באַשען אין פּנים אַרײַן.

— דו ווײסט חתונה האָבן? — האָט ער זי אַ פֿרעג געטאָן.

זי האָט אים נישט געענטפֿערט, נאָר געבליבן מיט אַן אָפֿן מויל. זי האָט נישט געקענט אָפּאָטעמען. איר פּנים איז געווען ווײַס, אירע אויגן אײַנגעפֿאַלן. זי האָט אויסגעזען ווי אַ טויטע.

זי האָט פֿאַרקלאַפּט די ציין ווי זי זאָל בײַסן. איר מויל איז געווען ברייט. איר נאָז צעשפּרייט.

— מײַן חתן איז דער טײַוול! — האָט זי היסטעריש אויסגעשריגן.

שפרה האָט געהערט זײַער געשפּרעך. זי איז אַרײַנגעפֿאַלן אין שטוב. רפֿי האָט מיט די פֿויסטן זיך געווישט די טרערן אין די אויגן.

— אויך צום קינד מוזסטו זיך אַזוי באַנעמען? — האָט שפרה זי אַ פֿרעג געטאָן מיט אַ געמאַכטן כעס. שפרה האָט אַ נעם געטאָן אויף זיך דאָס קינד און איז מיט דעם אַוועק אין קיך.

— אַהה! — האָט באַשע אָפּגעאָטעמט. זי האָט דערפֿילט אַ מידיקייט. זי האָט זיך אומגעקוקט, געזוכט זײַ בײדן. זי האָט נישט געהערט וואָס שפרה האָט איר געזאָגט, זי האָט אָבער געוווּסט, אַז שפרה האָט אויף איר געשריגן. באַשע איז אַרײַן אין קיך.

— שוועסטער, זײַ נישט בײז אויף מיר. איך בין נישט שולדיק. עס רעדט אַרויס פֿון מיר — האָט זי זיך פֿאַרענטפֿערט. ווען זי זאָל האָבן טרערן, וואָלט זי זיכער אויך געוויינט.

שפרה האָט אַ שמייכל געטאָן דורך אַ טרער און איר אונטערגעטראָגן רפֿין זי זאָל אים אַ קוש טאָן.

באַשע האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט שפּרהן אַ קוש געטאָן אין האַלדז און איז אַוועק צוריק אין שטוב.

שפרה האָט געקושט דעם קינדס פּנימל און אים געדריקט צו זיך.

באַשע האָט מיטגעלעבט דאָס שטוב־לעבן, אָבער זי איז געבליבן אָפּגעזונדערט פֿון אַלע. זי האָט נישט אָנטײלגענומען אין די צוגרייטונגען וואָס מען האָט געמאַכט פֿאַר איר. זי האָט געשפּאַנט איבער דער שטוב ווי אַ געפּאַנגענע. אירע פֿאַרגלייזטע אויגן האָבן אַריבערגעקוקט, ווי זי זאָל אויסקוקן, ווען אַוועק. אָבער ווען זי זאָל אַפֿילו האָבן וווּהין צו לויפֿן, וואָלט זי געוואַרט, אויסגעקוקט יהודהן. ער איז געווען דער אײנציקער מענטש צו וועלכן זי האָט געפֿילט אַ נאָענטקייט,

מיט וועמען און פאַר ווען זי האָט געגעבן. ווען ער פלעגט אָבער קומען, איז זי געזעסן אַפּאַטיש, נאָר אירע פאַרגלייזטע אויגן האָבן געגליט.

זי האָט געוווּסט אַז זי גייט מיט אים חתונה האָבן, אָבער זי האָט נישט איבערגעלעבט די געשעעניש. זיין ליבע־ציטער איז נישט דערגאַנגען צו איר האַרץ. זי האָט זיך נאָר צוגעקוקט, געזען די געשעענישן אַרום זיך ווי אויף אַן עקראַן. אַז עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם, פלעגט זי זיך וואַרפן אויפן בעט, איינגראָבן איר קאָפּ אין קישן און העשעצן.

וואָס נענטער עס איז געוואָרן דער חתונה־טאָג, אַלץ שנעלער איז געוואָרן דער אימפּעט פון שפרהס גרייטן. זי האָט זיך כסדר געמאַכט רשימות וואָס איינ־צוקויפן. זי פלעגט זיך קוים דערוואַרטן יצחקן זען פון דער אַרבעט. ווי נאָר יצחק איז אַריין אין שטוב, האָט זי אָנגעזאָגט וואָס ער זאָל זיך נעמען עסן, ער זאָל אויפפּאַסן אויפן קינד און איז אַוועק מיט באַשען אין שטאָט.

שפרה איז געגאַנגען פון איין קראָם אין דער אַנדערער, געזוכט די שענסטע און די בעסטע סחורות, יעדעס שטיקל שטאָף האָט זי פּרובירט אויף באַשען ווי עס פּאַסט איר. זי פלעגט שטיין ווי לאַנג אין שפּיגל און קוקן ווי די שיך פּאַסן אויף באַשעס פיס. זי האָט זיך באַראַטן מיט באַשען, געפרעגט זי וואָס פאַר אַ בעטצייג זי וויל. זי איז געלאָפן מיט איר צו די שניידערינס, אויסגעזוכט פאַסאָנען, געמאָסטן, געפּאָדערט ביי דער שניידערין זי זאָל איינגעמען די טאַליע און איבעררוקן דעם קאָלנער. שפרה איז כסדר געווען צעפלאַמט און אַ ביסל דערשוויצט. באַשע האָט אויסגעפירט יעדן פאַרלאַנג אירן. אויף שפרהס יעדע פראַגע: עס געפעלט דיר? — האָט זי געענטפערט אַז עס געפעלט איר, אַז עס איז גוט. אָבער ווען די שניידערין האָט איר אָנגעמאָסטן דאָס לאַנגע, ווייסע, חופּה־קלייד, האָט באַשען אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן. זי האָט זיך קוים באַוויזן אָנצוכאַפּן אין שפּיץ פון טיש, כדי נישט צו פאַלן.

— איך וויל נישט קיין חופּה־קלייד! — האָט זי אויסגעשריגן מיט פאַר־האַקטע ציין. ווען זי האָט געעפנט די אויגן איז איר פּנים געווען אַש גרוי.

די שניידערין, אַ הויכע, שוואַרצע פרוי מיט אַ פאַרוויקלטן האָר־קאָקס פון הינטן, האָט זי אָנגעקוקט אַ דערשטוינטע.

שפרה האָט באַשען אַ צי געטאָן ביי דער האַנט אין ווינקל אַריין:

— ווילסט פאַרשטערן דיר און אונדז דאָס לעבן? — האָט זי ענערגיש אַ פרעג געטאָן באַשען שטיל, ווי זי זאָל פליסטערן. טרערן האָבן געגלאַנצט אין אירע אויגן.

באַשע האָט אַ קוק געטאָן אויף דער שוועסטער.

— גוט! — האָט זי איר געענטפערט אויך שטילערהייט און צוגעלייגט איר קאָפּ צו שפרהס באַק.

שפרה האָט איר אַ קוש געטאָן און מיט איר צוגעגאַנגען צו דער שניידערין.

אַלע אין הויז האָבן געזען ווען יהודה פלעגט פֿאַרפֿאָרן מיטן טענדער. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער זיצט מיט באַשען אין קיך ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָבער אַז עס האַלט אַזוי ווייט האָט קיינער זיך נישט פֿאַרגעשטעלט. ביי יעדער געלעגנהייט, ווען צוויי שכנות האָבן זיך געטראָפֿן, האָט איינע אַ שאָקל געטאָן דער אַנדערער מיטן קאָפּ און שטיל איר אַ פּליסטער געטאָן:

— וואָס הערט זיך?

אַלע ווייבער אין הויז זענען געווען אַזוי צונויפֿגערעדט, אַז יעדע פֿון זיי האָט געוווּסט, אַז דאָס מיינט מען באַשען.

ווען די הויכע, שטאַרקע מלכה האָט אַ מאָל, פֿאַרבייגייענדיק, אַ פֿרעג געטאָן דער אַלטער בריינען: — נו? — האָט איר בריינע אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל איר זאָגן „איך ווייס נישט" און איז שנעל אַריין אין שטוב. זי האָט איר נישט געוואָלט זאָגן וואָס זי ווייסט.

אָבער לעצטנס, זינט זיי זענען שפּרהן גיין און קומען צוזאַמען מיט באַשען מיט פּעקלעך אין די הענט, האָבן שוין אַלע שכנים פֿאַרשטאַנען. אָבער אַז מרדכי, דער דאַרער, הויכער, געבוקטער קרעמער, האָט, צווישן אַלע אַנדערע ידיעות, אויך אַ זאָג געטאָן דינהן ביים איינקויף:

— ביי שפּרהן אין שטוב גרייט מען זיך צו אַ חתונה — האָט דינהס גרויער קאָפּ זיך אַ טרייסל געטאָן. איר לאַנגע נאָז איז נאָך לענגער געוואָרן פֿון איבערראַשונג. זי האָט שנעל איינגעקויפֿט און איז איילִיק אַוועק.

פֿון דעם מאָמענט אָן האָבן די שכנות זיך געשושקעט, איינע האָט איינגערוימט דער צווייטער אין אויער דעם סוד. האָט ווער פֿון זיי געטראָפֿן שפּרהן, האָט ער איר געזאָגט „שלום" און געגאַנגען ווייטער. זיי האָבן אויף איר געהאַט פֿאַראיבל פֿאַר וואָס זי היט דעם סוד פֿאַר זיי. דאָס לעצטע מאָל, ווען מלכה האָט זיך געטראָפֿן מיט דינהן אין הויף, האָט זי איר אַ זאָג געטאָן מיט פֿאַרדרוס:

— שכנים... און דו ווייסט נישט וואָס עס טוט זיך אין הויז.

— אַ סוד? זאָל זיין אַ סוד! — האָט דינה געפֿרעגט און געענטפֿערט.

מלכה איז אָבער געשטאַנען און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— מלכה, האָט נישט קיין פֿאַראיבל, אַזאַ שוועסטער — האָט דינה איר אַ זאָג געטאָן און אויך געשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָר מיט באַדויער. — און וואָס האָט זי איבערגעלעבט — האָט דינה צוגעגעבן.

— אַ יונג, אַ ליכט — האָט מלכה איר געזאָגט. איר פּנים האָט געשמייכלט — און אַ כאַראַקטער! שוין דאָס אַליין וואָס ער האָט זי אויסגעקליבן — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן דינהן אויפֿן אויער.

אַ ווײַלע האָט דינה געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט באַשטעטיקט מלכהס רייד.

— אַ מצווה! פֿון איצט אָן זאָל איר ס'מזל שיינען — האָט דינה איר אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק. — איך גיי אין קראָם — האָט זי געזאָגט מלכהן שוין פֿון וועג.

— איך וועל איינקויפן שפּעטער — האָט מלכה איר געענטפערט און איז אַוועק אויסוואַשן דעם עמער.

ספּעציעל האָט זיך געפילט געטראָפן די אַלטע ברײַנע. יעדעס מאָל, ווען זי איז פאַרבײַגעגאַנגען שפּרהס טיר, האָט זי אַ קוק געטאָן אַהין, קיינער זאָל זי נישט זען. שפרה איז געווען פאַרשמייעט.

איין מאָל, ווען ברײַנע איז פאַרבײַגעגאַנגען, און שפרהס טיר איז געווען נאָר צוגעלענט, איז זי אַרײַן צו שפרהן. זי האָט מער נישט געקענט איבערטראָגן דעם נייגער. זי איז שטיין געבליבן אין קיך, שפרהן אַנטקעגן. זי האָט שטאַרקער אַרומגעבונדן אַרום זיך די שאַרץ, די האָר פון דער זייט אַרונטערגערוקט אונטערן האַרטיכל, אַ קוק געטאָן צי באַשע איז נישטאָ און שטיל אַ פרעג געטאָן שפרהן:

— אויך איך בין דיר אַ פרעמדע? — איר אַלט, אָבער לויטער פּנים, האָט געציטערט.

שפרה, וואָס האָט צעריבן די אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל, איז שטיין געבליבן מיטן לעפל אין האַנט. אַ פאַרשעמטע האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— שווייגסט! — האָט ברײַנע זיך מיט איר אַ רייץ געטאָן.

— ברײַנע קרוין! מען דאַרף אייך דערציילן? — האָט שפרה זיך פאַר־ענטפערט.

— שפרה! — האָט ברײַנע זי אַ רוף געטאָן.

שפרה האָט זי אָנגעקוקט.

— שפרה, דער זכות וועט דיר בײַשטיין! זאָלן זיין שמחות ביי יידן — האָט ברײַנע איר געזאָגט און איז גלייך אַוועק אַהיים.

שפרה האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן. זי האָט אָבער נאָר אַראָפּגעלאָזט אירע פאַרטרערטע אויגן און ווייטער געריבן די קאַרטאָפל.

יהודה פלעגט כסדר קומען צו באַשען אין די אָוונטן. באַשע איז יעדן אָוונט געשטאַנען ביים פענצטער און אים אויסגעקוקט. ווי נאָר זי האָט דערהערט פאַרן דעם טענדער, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע און געוואַרט. ווי נאָר יהודה האָט אַרײַנגעשטעלט דעם שליסל, וואָס יצחק האָט אים געגעבן, אין שלאָס, האָט זיך אין שטוב צעפּלאָקערט אַ פריילעכקייט. דעמאָלט פלעגט רפי אויס־שרייען דעם „שלום" און לויפן זיך באַהאַלטן, יהודה זאָל אים זוכן. יהודהס ברייטער, מיטן גאַנצן מויל, „שלום", איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער דער גאַנצער שטוב. זיין דיקע שטימע איז איצט געוואָרן נאָך דיקער. ער האָט געוווסט אַז זיין קול האָט געווירקט אויף באַשען. ער האָט געטאָן אַלץ, באַשע זאָל זיין וואָס נענטער צו אים.

ווי נאָר ער קומט אַרײַן ווערט איר בליק מילדער. ווען זי דערזעט אים, וויל זי צו אים לויפן, אָנלענען איר קאָפּ, זי בלייבט אָבער זיצן. אירע שלייפן האַמערן, אַ דרוק פרעסט איר קאָפּשיידל. זי לעבט ווייטער מיט דעם „דאָרט", מיט דער

פֿאַרגאַנגענהייט. איר ווען איז געשפּאָלטן, זי קען נישט אַרויס פֿון איר הויט, פֿון זיך אַליין.

ער האָט אַלץ געטאָן צו לינדערן איר פּיין. ער האָט איר דערציילט מעשׂהס ווי אַ דערוואַקסענער אַ קינד, ער האָט זי פֿאַרשפּילט, ווי מען פֿאַרשפּילט אַ קליין מיידעלע. ער האָט געוואָרפֿן און געכאַפּט דריי מאַראַנצן, ווי עס טוט אַ דזשאָנגלער. אַ מאָל פֿלעגט ער צו איר רעדן ווי אַ העלד, באַרימען זיך פֿאַר איר ווי ער פֿאָרט מיטן אויטאָ און מיידט אויס יעדן מילימעטער. ער האָט געוואָלט אין איר אַריינברענגען זיכערקייט. טייל מאָל האָט ער גערעדט צו איר ווייך, פֿלעגט אָנקוועלן ווי גוט זי איז פֿאַרקעמט אָדער ווי שיין איר קלייד איז.

זי האָט דאָס אַלץ אויפֿגענומען ווי אַ מיידל, ווי זי זאָל זיך מיט אים שפּילן. מערסטן טייל אָבער איז אים נישט געלונגען אַרויסצורייסן זי פֿון איר אַפּאַטיע. דעמאָלט האָט ער איר געזאָגט „קום“, פֿאַרוואָרפֿן איבער אירע אַקסלען דעם מאַנטל, גענומען זי אונטערן אָרעם און אַוועק מיט איר אין גאַס.

דאָס לעצטע מאָל ווען ער איז מיט איר אַרויס אין גאַס איז ער אַוועק נישט ווייט. ער האָט מיט איר שפּאַצירט אין די פֿיר גאַסן אַרום דעם בלאָק הייזער אין וועלכן ס'איז געשטאַנען זייער הויז. זי האָט געשוויגן, אים קוים געענטפֿערט אויף פֿראַגן. ער האָט זי צוגעפֿירט צו אַ קראָם און איר געקויפֿט אַ טעוועלע שאָקאָלאַד. ער האָט זיך אָנגעלענט אָן דער וואַנט און געקוקט ווי זי שלינגט שטיקער. אים האָט נישט געאַרט וואָס די פֿאַרבייגייער קוקן אויף איר. אָפֿט פֿלעגט ער זי אויך נעמען מיטן אויטאָ און פֿאָרן מיט איר איבער דער שטאָט. צוויי מאָל איז ער מיט איר אויך געווען ביי אים אין שטוב. זיינע עלטערן האָבן זיך מיט איר געפֿרייט. די מוטער האָט זי געקושט. שיינע איז געזעסן און זיך אין איר איינגעקוקט. באַשע האָט פֿון גאָרנישט טועם געווען.

— איך קען נישט, איך בין זאַט — האָט זי זיך פֿאַרענטפֿערט. זי האָט געענטפֿערט אויף די פֿראַגן יאָ אָדער ניין. אויף דעם פֿאָטערס פֿראַגע „דו גרייטסט זיך“, וואָס האָט איר אַ גרילץ געטאָן אין מוח, האָט זי בכלל נישט געענטפֿערט. זי האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף יהודהן, ביי אים געבעטן הילף. דעמאָלט האָט יהודה אַ שאָקל געטאָן דעם פֿאָטער מיטן קאָפּ, אַז ער זאָל זי לאָזן.

דאָס לעצטע מאָל, ווען זי האָט באַזוכט יהודהס עלטערן, איז געווען נאָך טאָג. ווען זיי זענען אַרויס פֿון שטוב איז נאָך געווען ליכטיק. ער איז מיט איר אַוועק אין הויף. ער האָט איר פֿון דער נאָענט געוויזן די קי און די שטאַל.

— געוויין זיך צו צו זיי, זיי וועלן אונדז געבן די פּרנסה — האָט ער איר געזאָגט אין שפּאַס. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר איבערגעשראָקענע אויגן און געשלונגען דאָס שפּייעכץ אין מויל, ווי זי זאָל עס נישט קענען אַראָפּשלינגען. די קי מיט זייערע תּמימותדיקע אויגן האָבן אויף זיי געקוקט און געוואַרט מען זאָל זיי קומען אויסמעלקן, אויסליידיקן זייערע פֿולע, מיט מילך אַראָפּהענגענדע אייטערס. פֿון שטאַל איז ער מיט איר אַוועק אויף דעם שמאָלן שטח צווישן צוויי שפּייכלערס. דאָרט זענען געוואַקסן עטלעכע לימאָן־ביימער, עטלעכע מאַראַנצן־

ביימער און אַ ברייטער צעצווייגטער סיקאַמאָר. דער צעצווייגטער בוים האָט באַדעקט דעם דאַך פון דער אַפּיצינע. יהודה האָט אָפּגעלענט אַ פענצטער זי זאָל קענען אַריינקוקן און איר אַ זאָג געטאָן:

— דאָ וועלן מיר וווינען — און ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט.

דער אָטעם האָט זיך איר איבערגעהאַקט. זי האָט דערפילט אַ שווינדל אין קאָפּ. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיך אָנגעלענט אָן דער וואַנט. איר פנים איז געווען גרין ווי די בלעטער אויף די ביימער.

ער האָט אַ טרייסל געטאָן אירס אָן אַקסל.

זי האָט פאַמעלעך געעפנט די אויגן און אים אָנגעקוקט.

ער האָט זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און איז מיט איר אַוועק צום אויטאָ.

אַ טאָג האָט געוועקסלט אַ טאָג. שפרה איז שוין פאַרטיק געוואָרן מיטן אויס־שטייער. באַשעס זאַכן זענען צעהאַנגען, פונאַנדערגעסדרט אין דער שאַנק. שפרהס פנים איז געוואָרן אָפּגעצויגן, מיד, די הענט אירע האָבן זיך שוין נישט געלייגט צו קיין אַרבעט. זי איז געווען אויפגערעגט, געפילט ווי איר האַרץ קלאַפּט האַסטיק, ווי עס זאָל זיך וועלן אָפּשטעלן. זי האָט אויפגעפּאַסט אויף באַשעס יעדע באַווע־גונג. שפרה האָט געציילט די טעג, געוואַרט, געוואָלט שוין דערלעבן דעם צומאָרגנס נאָך דער חתונה.

נישט איין מאָל, ווען זי האָט געזען ווי באַשע זיצט אויף דער סאָפע פאַרזונ־קען אין זיך און אירע שטאַרע אויגן קוקן און זעען נישט, האָט איר געגעבן אַ קלעם ביים האַרץ. שפרה האָט געוואָלט איר דעמאָלט זאָגן — גענוג, אָבער זי האָט איר פאַרשוויגן. דעמאָלט פלעגט זי עפענען די שאַנק און באַטראַכטן דעם אויסשטייער, צי די זאַכן זענען טאַקע שיין.

באַשע איז כסדר געזעסן אויף דער סאָפע אָן איינגעקאָרטשעטע. זי האָט זיך נישט געגעבן קיין ריר, ווי זי זאָל זיין געליימט. אירע שטאַרע אויגן זענען געווען אויסגעלאָשן, ווי ביי אַ טויטן. אויך באַשע האָט געציילט די טעג, געוואַרט, גע־וואָלט שוין איבערקומען דעם „טאָג". זי איז געזעסן ווי זי זאָל נישט אָטעמען. נאָר ווען רפי פלעגט פאַרביילויפן אַ צעשפּילטער, האָט זיך ביי איר אָן אויג געטרייסלט, ווי זי זאָל זיין בלינד.

שפרה האָט געדריקט אין זיך דעם פאַרדרוס און געשוויגן. זי האָט נישט געוואָלט דערצערנען באַשען. זי האָט געציילט די טעג וואָס זענען געבליבן ביז דער חתונה. ווען דער פאַרדרוס פלעגט איר דערגיין צום האַרצן, ווען זי האָט שוין נישט געקענט צוזען באַשעס זיצן, האָט זי אַ זאָג געטאָן צו דער שוועסטער:

— נו, באַשע. — זי האָט געוואָלט זי דערמוטיקן.

— יאָ, יאָ — האָט איר באַשע געענטפערט שטיל, ווי אַ קראַנקע, און ווייטער געזעסן ווי פריִער.

# יא

דער אָוונט איז געווען אַ קילער און טרוקענער, דער הימל אַן אויסגע־שטערנטער. אַרום דעם חתונה־זאַל „רון" אין גבעתיים איז געווען פרײלעך. די בלענדנדיקע ליכטשײַן, וואָס האָט געשטראַלט פון די ברייטע פענצטער אַרויס האָט באַלויכטן די סביבה. אויסגעפּוצטע געסט האָבן געשפּאַנט בנחת צו דער חתונה. די ליכט איבער דער סטעלע אין דעם גרויסן לענגלעכן זאַל, האָט געשי־מערט ווי שפּליטער זאַלן פאַלן. די העל־ברוינע הילצערנע ווענט האָבן פאַר־שפּרייט רו. די ווײַסע טישטעכער איבער די סערווירטע טישן האָבן געבלאַנקט.

די פאַרבעטענע געסט קומען אַרײַן אין זאַל מיט פרייד. רבקה און חנה, דעם חתנס אויסגעגעבענע שוועסטער, מיט זייערע מענער, שטייען בײַ דער טיר און נעמען אויף די געסט. אַלע זענען זיי הויכע און שטאַרקע מענטשן, אויף וועלכע עס זעט זיך אָן דער אַרבעטסיאָך. אַלע טראָגן טונקעלע, נײַע, פון דער נאָדל אָוועק, מלבושים. זיי דאַנקען פאַר די מתנות, בעטן די געסט גיין ווײַטער און ווײַזן זיי אָן די עלטערן.

רבקה איז אַ שוואַרצע פרוי. אירע האָר זענען אונטערגעשוירן. זי טראָגט אַ זײַדן, טונקל־גרין קלייד מיט אַן אײַנגעהאַפטענעם, קליינעם, ברוינעם טופּ. די ייִנגערע שוועסטער האָט שאַטינענע האָר. אירע זענען פון הינטן פאַר־קעמט אַרויף, ווי זי זאָל האָבן זיי אײַנגעוויקלט. זי טראָגט אַ שוואַרץ, טאַפטן, געמוסטערט, ווי האַלצשיכטן אויסדעקאָלטירט, קלייד. די געסט גייען צום בופעט. אויפן וועג ווינטשן זיי די עלטערן.

ר׳ אַברהם, מיטן סאַמעטענעם קאַפּל אויפן קאָפּ און אין דער זײַדענער איביצע, אין לאַנגע הויזן און קאַמאַשן, האָט שפּאַצירט איבערן זאַל מיט פאַר־לייגטע הענט פון הינטן. — מירצעשעם בײַ אייערע קינדער — האָט ער צוריק־געווינטשעוועט. זײַנע אויגן האָבן געגליט פון פרייד, זײַן גרויסער שטערן איז געווען צעקנייטשט.

שײַנע איז אַרומגעגאַנגען איבערן זאַל און באַטראַכט צי אַלץ איז אויפן אָרט. זי האָט געטראָגן אַ לאַנגע, ברוינע, פון שווערן זייד, קרינאָלינע, מיט אַ ווײַסן זשאַבאָט און אַ נײַ, גרוי, געלאָקט שייטל. זי האָט אַלעמען געדריקט די הענט און זיי געשאָקלט מיטן קאָפּ. פון פרייד האָט זי נישט געקאָנט רעדן.

דער בופעט, דער האַלב קײַלעכיקער טיש, איז געווען באַלייגט מיט כל־טוב. דער פאַרבן־שלל פון די סענדוויטשן, די קאָלירטע קרעמען, שאָקאָלאַדן און פאָנטש־קוכנס, די אָנגעגאָסענע, מיט פאַרשיידענע געטראַנקען, גלעזער, די פונאַנ־דערגעסדרטע צעשניטענע פליישן און די פּירות־פּיראַמידן, שלאָגן זיך אָן אין די פאַרביקע מלבושים פון די געסט.

די געסט זענען זיך מכבד. זיך באַטראַכט און געזוכט באַקאַנטע. די קינדער זענען געגאַנגען פון איין טעלער צום אַנדערן, פאַרזוכט פון יעדן מין.

יהודה, אין זיין שוואַרצן חתונה־אַנצוג, בלאַנק ווייסן העמד, מיט אַ ווייס אויסגעשטיקט קאַפּעלע אויפן קאָפּ, האָט געדריקט יעדן די האַנט און געדאַנקט יעדן וואָס האָט אים געזאָגט „מזל־טוב". עלטערע יידן און זיינע חברים האָבן אים אויך געגעבן אַ קלאַפּ איבערן אַקסל. ער האָט געריבן אַ נאָגל אָן אַ נאָגל, ווי ער זאָל אים וועלן צעברעכן. זיין בליק איז געווען שטאַר. ער האָט געקוקט צי באַשע קומט שוין אָן.

דער ליכטשימער אין זאַל האָט געבלענדט. די פרייד האָט זיך געטראָגן איבערן זאַל. דער קלאַנג פון די אָנגעשלאָגענע גלעזער האָט געהילכט איבערן זאַל. די ברכה „מזל־טוב" האָט זיך געטראָגן איבער אַלע. מיט אַ מאָל האָבן אַלעמענס בליקן זיך געוואָנדן צו דער טיר. די כלה, באַשע, איז געקומען:

— אַה! דאָס איז זי? — האָבן ליפּן אַ פּלויש געטאָן.

— אַ שיינע! — האָבן געסט זי באַוווּנדערט.

— זייער אַ שיינע! — האָבן פאַרבעטענע אונטערגעהאַלטן.

באַשע האָט געטראָגן אַ לאַנג, ווייס חופּה־קלייד, אויסגעפּאַסט אין דער טאַליע. פון הינטן איז דאָס קלייד געווען ברייט, געהאַט אַ סך קלאַשן, ווי אַ צענומענער פעכער. זי האָט געטראָגן אַ לאַנגן טיולשלייער און ווייסע, לאַנגע האַנטשן. זי איז געווען שלאַנק, איר פּנים ווייס, אירע וויִעס האָבן געציטערט. זי האָט געקוקט אַראָפּ.

שפרה האָט זי געפירט אונטערן אָרעם. זי האָט זי געהאַלטן שטאַרק. זי איז נישט געווען זיכער וואָס באַשען קען איינפאַלן יעדע רגע. שפרהס ליפּן האָבן געציטערט פון אויפרעגונג. יצחק איז זיי נאָכגעגאַנגען. ער האָט געטראָגן אַ שוואַרצן אַנצוג. שפרה האָט געטראָגן אַ גרוי טיולן קלייד. איר קאָפּ איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ קליין היטעלע, ווי צווי פונאַנדערגעלייגטע פויגל־פליגל. רפי איז געבליבן אין שטוב מיט דער שכנהס טאָכטער.

שיינע, די מוטער, איז אַרויסגעפאַלן אויף באַשען. זי איז ווי פון דער ערד אַרויס. זי האָט געקושט די כלה און אויך שפרהן.ביידע פרויען האָבן האַרציק געוויינט. זיי האָבן געפירט באַזעצן באַשען.

באַשע איז געווען בלייך. זי האָט קיינעם פון די געסט נישט געזען. אונטער אירע אויגן איז געלעגן אַ טרויער וואָס האָט איר צוגעגעבן חן. איר שטאַרער בליק האָט געזוכט יהודהן. זייערע בליקן האָבן זיך געטראָפן. זי האָט געזען, אַז ער גייט צו איר. זי האָט געשפּרייזט אויף דעם פּאָר איר אויסגעשפּרייטן דיוואַן. זיין בליק האָט זי געפירט. שיינע מיט שפרהן האָבן זי „באַזעצט". דער פאָטעל איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ ווייס טוך, וואָס איז געווען באַפּוצט מיט פּאַר־ביקע רויזן.

ר' אַברהם, וואָס האָט געוואַרט אויף דער כלה, האָט פאַר איר פאַרבויגן דעם קאָפּ. זיינע ליפּן האָבן שטיל געמורמלט.

— מזל־טוב מחותן — האָט יצחק אים באַגעגנט און זיי האָבן זיך האַרציק געדריקט די הענט. ווינטשנדיק זיך, האָט ר' אַברהם געקוקט אויף שפרהן. זי

האָט געפילט אַז ער װינטשט איר אויך. זי האָט אים געשאָקלט מיטן קאָפּ. טרערן זענען איר געפלאָסן איבערן פּנים, װי אַ רעגן.

באַשע האָט אויפגעהויבן די אויגן. איר אַנטקעגן איז געשטאַנען יהודה. איר פּנים איז געװען װייס און שטאַר װי אַ מאַסקע. יהודה האָט פון איר נישט אַראָפּ־גענומען די אויגן. זי האָט געװוּסט װאָס ער װיל. זי האָט אים דערלאַנגט די שפּיץ פינגער און אים לײַכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זי האָט אים צוגעזאָגט. ער האָט צונויפגענומען עטלעכע רויזן און זיי אַרויפגעלייגט איר אויף דער שויס.

יצחק האָט אָנגענומען יהודהן אונטערן אָרעם. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און צעשמייכלט. זיי זענען אַװעק צום טיש. דאָרט האָט אויף זיי געװאַרט דער רבֿ מיטן פאָטער.

שיינע האָט נישט גערוט. יעדע װײַלע האָט זי צוגעפירט אַן אַנדערע פרוי און זי פאָרגעשטעלט פאַר דער כּלה. געװען פרויען װאָס האָבן געװוּנטשן און שיינע האָט זיי געדאַנקט מיט אַ קאָפּשאָקל. געװען פרויען פאַר װעלכע שיינע האָט זיך באַרימט: — „זעט װאָס פאַר אַ שיינע שנור מײַן זון ברענגט מיר אַרײַן אין שטוב!" —ביידע, שׂפרה און שיינע, האָבן זיך געהיטן, זייערע בליקן זאָלן זיך נישט טרעפן. אויך שׂפרה האָט צוגעפירט די הויז־שכנים צו דער כּלה. די שכנים האָבן איר געװוּנטשן. יצחק האָט איר פאָרגעשטעלט זײַנע באַקאַנטע, מיט װעלכע ער אַרבעט.

מרדכי, דער קרעמער, מיט זײַן דיקער פרוי, האָבן אַליין זיך פאָרגעשטעלט פאַר דער כּלה און איר געװוּנטשן גליק.

באַשע האָט קוים באַגריפן װאָס אַלע זאָגן איר. זי איז געזעסן אַ שטײַפע, זיך נישט באַװעגן, װי נישט זי מיינט מען. אָבער װען ברײַנע איז צו איר צוגע־גאַנגען און איז שטיין געבליבן אַנטקעגן איר, האָבן ביידע נישט געװוּסט װאָס זיי זאָלן טאָן. באַשע האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט צו דער אַלטער באָבען. ביידע, באַשע און ברײַנע, זענען זיך געפאַלן אויף די אָרעמס. ברײַנעס הייסע טרערן האָבן באַנעצט באַשעס פּנים. באַשעס אויגן זענען געװען טרוקן. זי האָט נישט געקענט װיינען.

שיינע האָט זיך איבערגעקוקט מיט שׂפרהן. זייערע אויגן זענען װידער נאַס געװאָרן פון דער באַגעגעניש.

דער רבֿ, אַ מיטלװוּקסיקער, ברייטבייניקער ייִד, אין אַ שװאַרצער, געהאַק־טער איביצע, ברייטן טוכענעם קאַפּעליוש און אַן אויסגעקעמטער באָרד, װאָס האָט זײַן לענגלעך פּנים געמאַכט נאָך לענגער, האָט איבערגעקוקט די חתימות פון דעם חתן און די עדות אויף דער „כּתובה". — מען גייט צו דער חופּה! — האָט דער רבֿ אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט. דער רבֿ טראָגט אויף זײַן קליינעם פינגער דער כּלהס קדושה־רייפל.

ר' אַברהם האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט איין האַנט אין דער אַנדערער. (זיי זענען געלעגן אויפן טיש).

— ברוך־השם! אַז מיר האַלטן שוין אַזוי ווייט — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט, יצחק מיט די עדות נאָך אים.

דער פֿאָטער מיט יצחקן האָבן אַ נעם געטאָן דעם חתן אונטער די אָרעמס. זייערע פּנימער האָבן געשטראַלט; פֿון דעם פֿאָטערס אויגן האָט אַרויסגעקוקט זאָרג. יצחק האָט געגישטערט מיט די אויגן. ער האָט אַריבערגעקוקט איבער די קעפּ פֿון די מענטשן צי אַלץ איז אין אָרדענונג.

דער פֿאָטער מיט יצחקן האָבן צוגעפירט דעם חתן צו דער כלה. דער חתן האָט איבערגעדעקט די כלה. שפרה און שיינע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביי איר פֿון ביידע זייטן.

יהודה האָט זיך אין איר איינגעקוקט און מיט אַ פּוס אַ דריק געטאָן איר קני.

זי האָט אים אָנגעקוקט. איר פּנים איז געווען ווייס. די אונטערפֿירער האָבן אַוועקגעפירט דעם חתן.

די געסט האָבן זיך צונויפגעדריקט, געקוקט און געוואַרט. דער אָרקעסטער האָט אַ שפּיל געטאָן דעם חתנס מאַרש. שיינע מיט שפרהן האָבן אונטערגעהויבן די כלה. זיי האָבן זי גענומען אונטער די אָרעמס און געפירט צו דער חופּה.

באַשע האָט נישט געזען און נישט געהערט. זי האָט נאָר געפילט אַ גע־פּילדער אַרום זיך. אירע אויגן זענען געווען אויסגעטריקנט. איר האַרץ האָט געוויינט. זי האָט שטיל געהעשעצט, קוים געאָטעמט.

די געסט מיט די ברענענדיקע ליכט אין די הענט האָבן זיך פֿונאַנדערגע־רוקט, געמאַכט אַ וועג פֿאַר דער כלה. באַשע האָט געשפּרייזט איבער דעם רויטן דיוואַן אויפֿן הויף אַרויס צו דער חופּה. די געסט זענען איר נאָכגעגאַנגען. דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט, די לבנה פֿול. אונטערגעוואַקסענע יינגלעך האָבן געהאַלטן די חופּה־שטאַנגען. דער חתן מיט די מחותנים און דער רב מיטן חזן, אַ הויכער געבוקטער ייד מיט אַ קיילעכיק גרוי בערדל, וואַרטן אויף דער כלה אונטער דער חופּה.

שיינע מיט שפרהן האָבן אונטערגעפירט די כלה אונטער דער חופּה. זיי האָבן מיט איר זיבן מאָל אַרומגעקרייזט אַרום דעם חתן. דער חזן האָט געזונגען די ברכות. באַשע האָט קיינעם נישט געזען. זי האָט נישט באַגריפן וואָס עס טוט זיך מיט איר, זי האָט נאָר נאָכגעקוקט יהודהן.

ער האָט פֿון איר נישט אַראָפּגענומען די אויגן, אויף איר געהאַלטן זיין בליק. עס איז געווען שטיל. חתן־כלה זענען געשטאַנען צוזאַמען, ביי זיי, פֿון ביידע זייטן, זיינע עלטערן און באַשעס משפּחה.

דער רב האָט געזאָגט די ברכות „והתיר לנו את הנשואים". די לבנה האָט ווי אַראָפּגעלאָכט, די ליכט־פֿלעמלעך האָבן געצאַנקט און געצויגן זיך צו חתן־כלה.

דער עולם האָט זיך אַ דרענג געטאָן, נייגעריק געקוקט.

— על ידי חופּה וקידושין" — האָט דער רב פֿאַרענדיקט. דער רב האָט דערלאַנגט דעם חתן דעם קידוש־בעכער. יהודה האָט אָפּגעטרונקען און געגעבן דער כלה.

דער רב האָט באַטראַכט דאָס רינגל וואָס דער חתן האָט אים געוויזן און עס אים צוריקגעגעבן. דער חתן האָט אָנגעטאָן דער כלה דאָס קדושה־רינגל און נאָכגעזאָגט דעם רב „הרי אַת מקודשת לי”. אַ קנאַק פון אַ צעבראָכן גלאָז האָט פונאַנדערגעריסן די באַלויכטענע נאַכטשטילקייט.

— מזל־טוב! מזל־טוב! — האָט דער עולם אַ הילך געטאָן, געווונטשן די חתן־כלה.

דער רב האָט נאָך געלייענט די כתובה, ווען דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט דעם פריילעכן מאַרש.

— מזל־טוב! מזל־טוב! — האָט דער רב געווונטשן דעם פּאָרל.

ר׳ אַברהם האָט געדאַוונט מיטן רב אין איין שול. דער רב האָט געוווּסט, אַז באַשע איז געקומען פון די לאַגערן אַן אַלמנה. ער, דער רב, האָט אויך אַדורכגעפירט די חתונה־פאָרמאַליטעטן.

— מזל־טוב! מזל־טוב! — האָבן די געסט געווונטשן דעם פּאָרל און די מחותנים. די משפחות האָבן זיך געקושט.

יהודה האָט מיט זיין לינקער האַנט אַרומגענומען באַשען, זי געטוליעט צו זיך און זי געקושט, ווי ער זאָל זי אַריינגעמען אין זיך.

דערשלאָגן און מוטלאָז האָט באַשע אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף יהודהס ברוסט. אירע אויגן זענען געווען צו. זי איז געווען פאַרחלשט.

ערשט איצט, ווען דער פאָטער, ר׳ אַברהם, האָט איר אַ זאָג געטאָן — „מזל־טוב, באַשע!” און אַ קוש געטאָן איר אין קאָפּ, האָט זי געעפנט די אויגן. די משפחות פוןביידע זייטן האָבן געקושט דאָס פּאָרל און זיי געווונטשן גליק. שיינעס זשאַבאַט און שפרהס קאָלנער זענען געווען נאָס פון זייערע טרערן. דער רב האָט געלייענט די „כתובה”. נאָר איינצלנע געסט האָבן זיך צוגעהערט צו אים איצט. אַ טייל געסט זענען אַוועק אין זאַל, אַ טייל האָט זיך געווונטשן, זיך געפרייט. ווען דער רב האָט געענדיקט לייענען, האָט יהודה אַ נעם געטאָן באַשען אונטערן אָרעם. ער האָט אַ ווונק געטאָן יצחקן און ער איז אַוועק מיט באַשען. ער האָט זי געפירט ווי ער זאָל זי שלעפּן און געשמייכלט צו די אַלע, וואָס האָבן זיי געווונטשן „מזל־טוב”.

דער אָרקעסטער איז באַשטאַנען פון עטלעכע קלעזמאָרים; אַ טראָמפּייט, אַ פידל, אַ פלייט, אַ באַס און אַ קליינע פּויק. זיי האָבן געשפּילט אַ פריילעכע „האָראַ”, אָבער שטיל. יעדער גאַסט האָט זיך אָפּגעזוכט אַן אָרט ווו צו זיצן. אויבן אין דער מיט פון זאַל איז געשטאַנען דער לאַנגער משפחה־טיש. די טישן אין זאַל זענען געווען קליין, פאַר אַכט מענטשן. די געסט האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט.

די יידן מיט די בערד און באַדעקטע קעפּ זענען געזעסן אין דער רעכטער זייט, די, מיט די אַנטבלויזטע קעפּ, זענען געזעסן אין דער לינקער זייט. איבערן זאַל האָט זיך געטראָגן אַ זשום, ווי אַ סטייע בינען זאָלן אַרומפליִען. העגט האָבן געצויגן קאָרקעס פון פלעשער. די קעלנער, אין ווייסע, שטייפע העמדער, מיט

קאַפּלעך אויף די קעפּ, האָבן אויפגעפּאַסט און יעדן צוגעטראָגן וואָס ער האָט פאַרלאַנגט.

די באָבערדטע יידן האָבן זיך געוויגט אין די זייטן, איבערן טיש און געזונגען אַ פריילעכן ניגון אָן ווערטער. די ליכטשטראַלן פון אויבן האָבן זיי געוווּנקען. ר׳ אַברהם איז שטיין געבליבן מיטן בעכער אין האַנט. אַלע האָבן אים נאָכגעטאָן. ער האָט אַריבערגעלייגט דעם אָרעם איבער דעם חתנס אַקסלען. שיינע, די מוטער, האָט אַרומגענומען באַשען. ר׳ אַברהם האָט מיט די אויגן אַרומגענומען די געסט. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט.

— לחיים! לחיים! — האָבן אַלע אים געענטפערט מיט פרייד. מען האָט געטרונקען דאָס ערשטע גלעזל. די מוזיק האָט געשפּילט אַ סענטימענטאַלן טאַנגאָ. יידן מיט בערד האָבן געקלאַפּט מיט די פינגער אין די טישן און צוגעברומט בים־באַם. פרויען האָבן זיך אונטערגעזונגען די מעלאָדיע. די קעלנער האָבן פונאַנדערגעטיילט געפילטע פיש. יידן זענען געגאַנגען זיך וואַשן. יידן האָבן געטרונקען, געגעסן און פאַרביסן מיט חלהלעך, וואָס זענען געווען צוגעגרייט פאַר יעדן.

חתן־כלה זענען געזעסן צווישן דעם חתנס עלטערן, זיי ביי די זייטן, שפרה און יצחק. באַשע איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. די ריחות פון עסן און די געטראַנקען האָבן זי געאיבלט. יהודה האָט אונטערן טיש געהאַלטן איר האַנט. ער האָט געדריקט אירע פינגער זי זאָל אים פילן. ער האָט מיטן גאָפּל אָפּגעשניטן אַ שטיקל פון זיין פאַרציע און איר עס צוגעטראָגן צום מויל. זי האָט קוים אַראָפּגעשלונגען דעם ביסן.

מען האָט קוים געענדיקט עסן די פיש, ווען אַ הויכער בחור מיט אַ שיטער יונג בערדל ווי אַ מאָך, האָט אויסגעטאָן די שיך און איז אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ טיש. ער האָט אויסגעטאָן זיין מאַרינאַרקע, זי אַ וואָרף געטאָן אַ יידן און אַ געשריי געגעבן צו די קלעזמער: „אַ פריילעכס!״ דער פידלער, אַ נידעריקער, בייכיקער ייד, האָט זיך אויסגעדרייט צו די קלעזמער. ער האָט זיי אַ ווונק געטאָן און מיטן סמיטשיק אַ ציי געטאָן איבער די סטרונעס. איבערן זאַל האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ הייטערער, חסידישער ניגון. דער בחור האָט אַרויפגעשטעלט זיך אויף דער נאָז אַ פוס פון אַ בענקל און זשאָנגלירנדיק מיט די הענט, ווי אַ באַלערינע, געטאַנצט צום טאַקט פון דער מעלאָדיע. עטלעכע יידן האָבן זיך אָנגענומען ביי די הענט און געטאַנצט אַרום אים אין אַ ראָד. יידן ביים טיש האָבן מיט די הענט אים צוגעקלאַפּט צום טאַקט. די געסט האָבן מיט הנאה און פרייד געקוקט ווי די יידן טאַנצן. פון מאָל צו מאָל האָט אַ ייד אַריבערגעשריגן צו זיי — ש׳כוח! (ישר־כוח) און אויסגעטרונקען אַ גלעזל.

אין אַ געוויסן מאָמענט איז אויך באַשעס פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם בחורס אַקראָבאַטיק. דער אויסדרוק פון איר פּנים איז געווען מילד, אָבער באַלד האָט זי אונטערן טיש אַ ציי געטאָן יהודהס האַנט. ער האָט דערפילט אַז זי ציטערט. ער האָט זי אָנגעקוקט. זי האָט נישט געזען זיין בליק. דער בחור האָט געענדיקט

טאַנצן. ייִדן זענען אַוועק פון די טישן. קרענצלעך פון דרײַ און פינף ייִדן האָבן זיך אָנגענומען בײַ די הענט, ווי קינדער, און געטאַנצט. זײ האָבן געטראָטן אויפן אָרט און זיך צוגעזונגען אַ ניגון, אויך אָן ווערטער. דער ניגון איז געווען אַ פריילעכער. ער האָט זיך געטראָגן איבערן זאַל, ווי ער זאָל צונויפרופן די געסט צו דער שמחה.

באַשע האָט פאַרמאַכט די אויגן. זי האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. זי האָט געפילט אַז אָט קומט ווער, אָבער ווער ?...

די קעלנער האָבן פון לאַנג שוין געהאַט פונאַנדערגעטיילט די בײַלאַגן און דאָס פלייש, צונג, עוף און ברוסט. די געסט האָבן געגעסן, די קעלנער זענען אַרומגעגאַנגען צווישן די טישן און געפרוווט צורעדן די געסט זײ זאָלן פאַרלאַנגען נאָך אַ פּאָרציע. זײ האָבן כסדר צוגעבראַכט פלעשער ביר און זאַפט.

דער אָרקעסטער שפּילט „מי יבנה את הגליל". די פריילעכע מעלאָדיע אײַלט צו די געסט, זײ זאָלן עסן.

ווען די געסט האָבן געענדיקט עסן איז אויך די מוזיק שטיל געוואָרן. דער רבֿ האָט געוויזן דעם פידלער אָן אויפגעשטעלטע האַנטפלאַך — אַ סימן ער זאָל וואַרטן. אין זאַל איז געוואָרן שטיל. די געסט האָבן גערוט פון זעט. בײַם משפּחה־טיש זענען אויך געזעסן דער רבֿ מיט דער רביצין און עטלעכע ייִדן מיט ווײַסע בערד און זייערע ווײַבער. איינער פון די ייִדן, אַ נידעריקער, מיט אַ לאַנגער, ווײַסער באָרד, האָט מיט דער האַנטפלאַך אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און אויסגע־רופן: „שבע ברכות !"

ר' אַברהם האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ דעם רבֿ און יהודהן. דער רבֿ מיט ר' אַברהמען האָבן זיך איבערגעזעצט. צו זײ האָבן זיך צוגעזעצט עטלעכע עלטערע ייִדן און יהודה מיט באַשען. זי האָט געשטעלט די טריט, ווי זי זאָל גיין אויף שטאָלצן. יהודה האָט זי אונטערגעהאַלטן.

די ייִדן האָבן זיך געוואַשן.

דער רבֿ האָט געמאַכט „המוציא" און איבערגעשניטן די גרויסע חלה.

נאָכן עסן האָט אַ ייִד אָנגעגאָסן צוויי גלעזער ווײַן, דער רבֿ האָט גענומען איין כוס אין האַנט, געזאָגט די ברכות און פאַרענדיקט „שהשמחה במעונו". באַשע האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו יהודהן:

— ווו זענען זײ אַלע ?" זי האָט פאַרשטאַנען וואָס דער רבֿ האָט געזאָגט.

יהודה האָט פאַרשטאַנען וועמען זי מיינט. ער האָט זי אַרומגענומען און זי געדריקט צו זיך ווי אַ קינד. זײַנע אויגן זענען געווען נאַס, אירע אויסגעטריקנט.

שפרה האָט אויסגעגלאָצט די אויגן. זי האָט געזען ווי די כלה איבערנעמט זיך. אַ פּחד איז איר באַפאַלן, וואָס עס קען פּאַסירן.

„באַשע !" — האָט זי אַ רוף געטאָן.

באַשעס קאָפּ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי זי זאָל זיך האָבן אויפגעוועקט. זי האָט אָנגעקוקט די שוועסטער. באַשעס אויגן זענען געווען שטאַר, ווי תמיד. יהודה האָט זי אָפּגעלאָזט.

דער רב האָט געבענטשט און אָפּגעטרונקען פון כוס. ער האָט צונויפגעמישט ביידע גלעזער ווײַן און דערלאַנגט די יידן טרינקען.

זיי האָבן געטרונקען און געווונטשן „מזל־טוב!"

די קעלנער האָבן אייליק צונויפגענומען די כלים פון די טישן. דער עולם האָט גערוט און געוואַרט. די בחורים האָבן באַטראַכט די מיידלעך. די מיידלעך האָבן באַקוקט די בחורים, מיט וועמען זיי ווילן טאַנצן.

— צום מצווה־טענצל! — האָט אַ הויכער ייד מיט אַ ברייטער, ווייסער באָרד, אַריבערגעשריגן איבערן טיש און גענומען פּאַטשן מיט די הענט פון פרייד. אַלע, וואָס זענען געזעסן ביים משפחה־טיש, האָבן זיך אויפגעשטעלט. דער פידלער האָט אַ הייב געטאָן די אַקסלען און האָט זיי צוריק אַראָפּגעלאָזט, ווי ער זאָל זיך אַראָפּזעצן, און ער האָט אַ פיר געטאָן דעם סמיטשיק איבער די סטרונעס. דער אָרקעסטער האָט געשפילט.

די כלה איז געשטאַנען אין מיטן זאַל און געהאַלטן אַ ווייס טיכל אין דער האַנט.

די קעלנער האָבן אייליק פונאַנדערגערוקט עטלעכע טישן. דער עולם האָט זיך אַרומגעשטעלט אַרום זיי אין אַ ראָד.

דער ערשטער האָט מיט דער כלה געטאַנצט ר׳ אַברהם. ער האָט געהאַלטן מיט איין האַנט דעם צווייטן שפּיץ פון טיכל.

דער אַלטער האָט, פון פרייד, געטאַנצט ווי אַ יונגער. דער צווייטער האָט מיט דער כלה געטאַנצט דער רב. דאָס איז געווען דעם רבס חתונה־צושטייער, זיין מצווה. ער האָט געוואָלט דערפרייען באַשען — די אַלמנה און יתומה, וואָס איז אַרויס אַ לעבעדיקע פונעם צוררס גיהנום. דערנאָך האָבן, לויט דער ריי, מיט איר געטאַנצט די מחותנים.

באַשע האָט געוווּסט, אַז זי מוז טאַנצן. זי האָט געטאַנצט מיט אַלע. זי האָט דאָך צוגעזאָגט יהודהן. איר יעדע באַוועגונג אָבער איז געווען אַן אויטאָמאַטישע. זי האָט נישט געזען קיין פּנימער, זי האָט נאָר געהערט דאָס גערויש פון דער מוזיק. זי האָט נאָר געזען אַ צונויפגעדריקטע מענטשן־מאַסע. איר פּנים איז געווען אָפּגעצויגן, אירע שטאַרע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט ווי פון טיפע לעכער.

יהודה האָט געקוקט איר אין די אויגן. זיין בליק האָט זי באַגלייט. ער האָט געוווּסט, אַז זי מוז אים זען.

די מוזיק־טענער זענען כסדר שטאַרקער געוואָרן; דער פידלער מיט דער פידל אונטער דער גאָמבע האָט געצויגן פריידיקע טענער, וואָס האָבן דערמאָנט און צוגעזאָגט. דער הויכער ייד, וואָס האָט געשפילט אויף דער פלייט, האָט אויסגעבלאָזן די פרייד. זיינע באַקן זענען געווען אָנגעצויגן. דער ייד, וואָס האָט געשפילט אויפן טראָמפּייט, האָט פונאַנדערגעבלאָזן די פרייד איבער דער וועלט, זי צעשיקט. זיינע גרויסע אויגן זענען געווען אויסגעגלאָצט. דער נידעריקער, ברייטבייניקער ייד, וואָס האָט געשפילט אויפן באַס, האָט געברימפּלט אייליק, ווי ער זאָל מורא האָבן אַז ער וועט פאַרשפּעטיקן, נישט באַווייזן פריילעך מאַכן די

געסט. דער קלײנער, דאַרער ייד, וואָס האָט געשפּילט אויפן פּײקל, האָט געוואָרפן מיט די הענט. ער האָט מיט דעם פרײלעכן פּויקן געוואָלט איבערשטײַגן אַלע קלעזמאָרים, אָבער מען האָט אים קוים געהערט. דער קלאַפּ פון זײַן פּײקל איז געווען הויל.

ווי נאָר די משפחה האָט אָפּגעטאַנצט מיט דער כלה דאָס מצווה־טענצל, האָבן יהודהס חברים און די בחורים וואָס האָבן געטראָגן קאַפּלעך, אַרויפגעזעצט די כלה אויף אַ בענקל. יהודהן, דעם חתן, האָט זײַנער אַ חבר, אַ הויכער, שטאַר־קער בחור, גענומען אויף די אַקסלען. חברה האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מיטן פּאָרל אין אַ קאַראַהאָד. — „יחד! יחד! שבטי ישראל" — האָבן זיי געזונגען מיט ברייט צעעפנטע מײַלער. די מוזיק האָט זיי צוגעשפּילט. דער עולם האָט מיט זיי מיט־געזונגען און געפּאַטשט מיט די הענט. די באַבערדלטע יידן האָבן אין זיי אַרומ־געטאַנצט. אויך איצט, אין דער הויך, האָט יהודה פעסט געהאַלטן באַשעס האַנט.

נאָך דעם ווי מען האָט אָפּגעטאַנצט מיטן פּאָרל, האָבן צוויי בחורים מיט קאַפּעלעך אויף די קעפּ, גענומען טאַנצן. אײנער פון זיי, אין ווייסע זאָקן, האָט געטאַנצט אויף אַ טיש. אים אַנטקעגן האָט געטאַנצט אַ בחור מיט אַ גלאָז ווײַן אויפן שטערן. ביידע האָבן געטאַנצט און געזונגען „עם ישראל חי". די מוזיק האָט זיי צוגעשפּילט.

יהודה האָט געהאַלטן באַשען ביי דער האַנט און זי געפירט צווישן די געסט. ער האָט יעדן באַזונדער געדאַנקט, וואָס ער איז געקומען מיט זיי זיך משמח זײַן. באַשע האָט געשוויגן. אירע אויגן זענען שטאַר געווען. זי האָט נישט אונטער־שיידט די פּנימער. זי האָט נאָר יעדן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ ווען מען האָט גערעדט צו איר. אַזוי איז עס אויך געווען ביים טיש, ווו עס זענען געזעסן יהודהס חברים, מיט וועלכע ער האָט געלערנט, געאַרבעט און געווען מיט זיי אין איין בריגאַדע. ווען די חברים האָבן זיי געמאַכט דעם וויוואַט און דריי מאָל פאַר זיי אויסגעשריגן: „היפּאַק, העי! היפּאַק, העי! היפּאַק, העי! — האָבן באַשעס פּנים־מוסקולן געצוקט.

דער אָפּהילך האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבערן זאַל. די געסט האָבן זיך אומגעקוקט.

יהודה מיט באַשען האָבן זיך צו זיי צוגעזעצט. די קאָרקעס פון די פלעשער שאַמפּאַניער, וואָס זיי האָבן געהאַלטן גרייט צו דער באַגעגעניש, זענען געשפּרונ־גען אין דער הויך, ווי מען זאָל שיסן. אַ הויכער, ברייטביינעקער, בלאָנדער פּאַר־שוין, נתן, יהודהס אָפּיציר אין דער „בריגאַדע", האָט זיך אויפגעשטעלט און מיטן כוס אין האַנט געווונטשן דעם פּאָרל לחיים.

— לחיים! לחיים! — האָט די פרייד פון זייערע מײַלער אַ שאַל געטאָן איבערן זאַל.

יהודה האָט צוגעטראָגן דאָס גלאָז שאַמפּאַניער צו באַשעס מויל.

זי האָט נאָר אײַנגענעצט די ליפּן.

— לחיים! — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן דער חברה און געטרונקען.

אַ הויכער, אַ דאַרער, שוואַרצער מאַן מיט אַ פּאַרקעמטן שרונט, האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו יהודהן און אַ זאָג געטאָן, אַלע זאָלן הערן:

— ער האָט אונדז איינגערעדט אַז ער פֿאָרט קעמפֿן מיט די דייטשן. ער איז געפֿאָרן זוכן זיין ווייב.

אַלעביים טיש האָבן אַ קוק געטאָן אויף באַשען.

איר פּנים איז געווען אַ מאַסקע, אָן אויסדרוק.

— טעג איז ער נישט געווען אין דער מחנה. ער זוכט פּליטים, האָט ער אונדז איינגערעדט — האָט אַ נידעריקער, שטאַרקער מאַן מיט אַ פֿאַרריסענער נאָז, פֿאַרגעוואָרפֿן יהודהן.

— איך האָב געוווּסט וואָס איך דאַרף זוכן — האָט יהודה זיי געענטפֿערט. ער האָט זיי אַ קריץ געטאָן מיט אַן אויג און אַ קוק געטאָן אויף באַשען פֿון דער זייט.

אַלע האָבן געשמייכלט, אים פֿאַרשטאַנען. אַלע האָבן געשמייכלט, אָבער געשוויגן. דאָס געשפּרעך האָט זיך נישט אָנגעקניפּט. יעדער באַזונדער האָט פֿון דער זייט באַטראַכט באַשען.

אויך יהודה האָט געשוויגן. ער האָט באַטראַכט די חברים, זייערע פּרויען, געזען די יאָרן וואָס זענען פֿאַרביי.

באַשע איז געזעסן אָן אָנגעלענטע אין יהודהס אַקסל און געשוויגן. אירע שטאַרע אויגן האָבן אַריבערגעקוקט איבער זיי אַלע.

די קעלנער האָבן אַריינגעטראָגן שוואַרצע קאַווע, קוכן און פּרוכטן. די געסט האָבן געגעסן, געטרונקען, געטאַנצט און געשמועסט. אויך די חברה ביים טיש האָבן געגעסן. דאָ, דאָרט, האָט ווער פֿון דער חברה אַ פֿרעג געטאָן אַ וואָרט, אָבער דאָס געשפּרעך איז נישט געפֿלאָסן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט יהודה אַ זאָג געטאָן:

— חברה! אַ דאַנק אייך! — ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט, באַשע צוזאַמען מיט אים.

— אויף שמחות — האָבן חברה אים געענטפֿערט.

יהודה האָט דערפֿילט, אַז איר האַנט, וואָס ער האַלט, איז שלאַבעריק געוואָרן. ער האָט געוווּסט, אַז זי איז מיד.

— אויף ווידערזען! אויף ווידערזען! — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן דער חברה.

— מיט גליק און הצלחה! — האָבן חברה אים געווונטשן.

יהודה האָט גענומען גיין מיט באַשען.

— יהודה, מיר זעצן פֿאַר אונדזער פֿריינדשאַפֿט, זאָלסט בלייבן אַ „בריגאַ־דיער" און נישט אַ פֿאַנטאַפּל־מאַן — האָט אים אַ זאָג געטאָן זיין געוועזענער אָפֿיציר.

יהודה האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ, אָבער זיינע אויגן זענען געווען טרויעריק.

— יהודה, מיר וואַרטן אויף אַ ברית! — האָט אַ ברייטבייניקער, שוואַרצער בחור מיט גרויסע, ווייסע ציין, אים נאָכגעשריגן.

די מוזיק האָט געשפּילט הורהס און סאַלאָנען־טענץ. אַ מאָל איז געגאַנגען אַ ווילדער קאַראַהאָד־טאַנץ מיט הענט פאַרוואָרפענע איבער די אַקסלען. יידן, געשלאָסענע אין אַ ראָד, טאַנצן. אַ מאָל האָבן זיך באַוועגט פאַרלעך אינטים, איינער נאָענט צום אַנדערן. יהודה האָט געפירט באַשען ביי דער האַנט. זיינע פינגער זענען געווען איינגעשלאָסן אין אירע. פון צייט צו צייט האָט באַשע זיך געגעבן אַ טרייסל. די קני האָבן זיך אונטער איר געבראָכן, ווי זי זאָל וועלן אומפאַלן. זי איז געווען מיד און מוטלאָז. מיט אַ מאָל האָט זי אים אַ צי געטאָן פאַר דער האַנט און איז שטיין געבליבן. זי האָט אַריבערגעקוקט איבער די קעפּ פון די מענטשן.

יהודה האָט געקוקט וועמען זי זוכט.

— בריינע — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן.

ער האָט זיך צעשמייכלט.

בריינע איז מיט קליינע, אַלטע, אָבער אייליקע טריט, געגאַנגען זיי אַנטקעגן. ביידע פרויען, די אַלטע באָבע בריינע און באַשע, די יונגע כלה, זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס. באַשע האָט געהעשעצט שטיל. בריינעס וואַרעמע טרערן האָבן באַנעצט באַשעס פּנים. בריינע האָט אָפּגעלאָזט באַשען און אַ קוק געטאָן אויף יהודהן. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט פון גליק. אַ ווײַלע האָט זי געצעגערט, זי האָט אָבער אויסגעשטרעקט אירע אָרעמס. יהודה האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו איר. זי האָט אויך אים געקושט. ווען זי האָט אים אָפּגעלאָזט זענען זיינע אויגן געווען פאַרלאָפן. אַלע דריי האָבן זיך איבערגעקוקט.

— שלום! שלום! מיט גליק און הצלחה — האָט בריינע זיי געווונטשן. איר גרויער קאָפּ האָט זיי צוגעשאָקלט די פרייד. בריינע האָט זיך אויסגעווישט די אויגן און איז אַוועק.

— עס וועט נאָך לאַנג דויערן? — האָט באַשע אַ פרעג געטאָן יהודהן. אירע אויגן זענען געווען כמעט פאַרמאַכט.

— מיר קענען שוין גיין — האָט ער איר געענטפערט און מיט איר אַוועק צו דער משפחה.

— מיר ווילן שוין גיין — האָט ער אַ זאָג געטאָן דעם פאָטער און, ווי אַ פאַרשעמט ייִנגל, אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

דער פאָטער האָט זיי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ בלאָז געטאָן פון זיך. די משפחה איז געזעסן צוזאַמען און געשוויגן. זיי האָבן געקוקט ווי דער עולם טאַנצט. יעדער באַזונדער האָט זיך געהיטן נישט צו זאָגן אַן איבעריק וואָרט. אַלע האָבן לייכט אַ שאָקל געטאָן מיט די קעפּ אויף יאָ.

יהודה האָט אַ קוק געטאָן אויף באַשען. ער האָט צו איר געלאַכט. ער האָט

באַלד זי אַ נעם געטאָן אויף די הענט און מיט איר אַוועק, ווי ער זאָל טראָגן אַ קינד.

דער עולם האָט אויסגעשטרעקט די קעפּ, זיי נאָכגעקוקט און געקלאַפּט בראַוואָ.

דער ווייסער שלייער און איר ברייט, לאַנג קלייד זענען איר נאָכגעהאָנגען. זי איז געלעגן אין זיינע הענט מיט פאַרמאַכטע אויגן. די שטראַלן ליכט האָבן באַשיינט אירע אויגן־לעפלעך. די משפחה איז זיי נאָכגעגאַנגען.

# יב

די מילדע זונענשטראַלן האָבן אַלץ געגלעט אונטער זיך. דער הימלבלוי איז געווען הויך און פון וויטנס אויסגעזען ווי פּיאַלעט און געווען גלאַט, אָן אַ פּגם, ווי אַ געוואַנט. אַ לייכט ווינטל האָט געבלאָזן. בלעטלעך, קנאָספּן אויף אַ צע־וויגט צווייגל ציטערן. די זונענשיין צעשפּרייט שימער, ווי גינגאָלד. דער פּרילינג־רייץ געוועלטיקט.

באַשעס וועזן ברויזט. זי איז נישט געגאַנגען נאָר געאיילט זיך, ווי זי זאָל עפּעס פאַרשפּעטיקן, אָדער ווי מען זאָל איר נאָכלויפן. טייל מאָל פלעגט זי בלייבן שטיין מיט שטאַרע אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי זי זאָל עפּעס באַטראַכטן. זייט איר חתונה ברויזט באַשע. איר יעדע באַוועגונג איז אַן אויסברוך פון כעס. זי געפינט זיך צווישן איר איצטיקער, נייער משפחה, וואָס איז איר פרעמד. זי איז נעבן איר מאַן מיט וועלכן זי מוז בויען איר נייע משפחה. אָבער וווּ זי גייט און שטייט זעט זי פאַר זיך יעקבן, איר ערשטער מאַן, איר איז נאָכגעגאַנגען הערשעלע, איר קינד, די צוויי נאָענטסטע, וועלכע מען האָט פון איר אַזוי אַכזריותדיק אַוועקגעריסן.

די דיקע, געדיכטע ביימער־צווייגן באַדעקן פון איין זייט דעם שיפן, בלעכע־נעם דאַך. פון דער צווייטער זייט האָבן זיי פאַרשטעלט די ווייסע ציגלווענט. דער לימאָן־ און מאַראַנצן־ריח פון די בליִענדע ביימער, פאַר דער טיר, האָבן זיך געשפּאַרט דורך יעדער שפּאַרע.

באַשע מיט יהודהן וווינען אין אַ קליין הייזל, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי קליינע צימערלעך מיט באַקוועמלעכקייטן. באַשע האָט נישט געקאָנט איינזיצן. דער אומרו האָט זי געטריבן. אָט איז זי אַריין אין שטוב, קוים באַוויזן צומאַכן די טיר הינטער זיך און אָט איז זי אַרויס פון שטוב. זי האָט זיך קוים אַוועק־געזעצט און באַלד אַרויסגעלאָפן צוריק צו דער שוויגער, כדי אין אַ צייט אַרום ווידער צוריקקומען אין שטוב. זי האָט נישט געהאַט קיין מנוחה. וואָס זי האָט נאָר אָנגעהויבן טאָן, האָט זי באַלד אַוועקגעלייגט פון האַנט. אַלץ איז איר נימאס געווען. זי האָט נישט געוואָלט זיין ביי דער שוויגער, ווייל עס זענען דאָרט

געווען מענטשן; פון איר שטוב איז זי געלאָפן, ווייל זי האָט נישט געוואָלט זיין אַליין.

זי איז כמעט נישט אַרויס פונעם שטח פון דער ווירטשאַפט. איר קאָנטאַקט מיט דער וועלט זענען געווען שפרה און יצחק. שפרה האָט זי באַזוכט צוויי־דריי מאָל אַ וואָך. ווען באַשע פלעגט דערזען שפרהן, האָבן אירע אויגן אַ בליץ געטאָן. שפרה, איר איינציקע געבליבענע שוועסטער, איז געווען דער המשך, דער איבער־בלייב פון איר פאַרשניטענער משפחה. באַשע האָט זיך תמיד געפרייט מיט שפרהס קומען, אָבער זי האָט נישט פאַרפירט מיט איר קיין געשפרעך. זי האָט זי קיין מאָל נישט געפרעגט וואָס עס הערט זיך ביי איר. זי האָט איר נאָר געענטפערט אויף פראַגן. שפרה האָט רפין קיין מאָל נישט מיטגענומען. דאָס קינד איז נאָך קיין מאָל נישט געווען ביי באַשען.

איין מאָל האָט באַשע געזאָגט שפרהן, אַז זי האָט געמיינט, אַז אויך יצחק וועט קומען, אָבער רפיס נאָמען האָט זי ביז איצט נישט געברענגט איבער איר מויל. שפרה האָט כסדר לאָווירט מיט די געשפרעכן, אַז עס זאָל איר נישט אויסקומען אַ סטיטשקע מיט באַשען זי זאָל איר דאַרפן פאַרשווייגן.

דעם לעצטן באַזוך ביי באַשען האָט שפרה אָפּגעשטאַט זונטיק פאַר מיטאָג. דאָס קינד האָט זי געלאָזט ביי ברײנען. אַז באַשע האָט זי דערזען דורכן פענצטער איז זי איר אַנטקעגן געגאַנגען. שפרה האָט אַרומגענומען מיטן אָרעם איר האַלדז און זי געקושט. באַשע האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אויף שפרהן, אָבער נאָר אויף אַ ווײַלע.

— וואָס ביסטו געקומען פאַר מיטאָג? — האָט באַשע זי אַ פרעג געטאָן, אָבער איר נישט געקוקט אין די אויגן.

— איך קען דאָך נישט איבערלאָזן מיין קליין שוועסטערל. דו קענסט מיינען אַז איך וויל דיך שוין נישט זען — האָט שפרה איר געענטפערט אין שפּאָס.

זי האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. אירע אויגן האָבן געלאַכט.

באַשע האָט איר נישט געענטפערט.

— דאָ האָסטו — האָט שפרה איר אַ זאָג געטאָן און פון רענצל אַרויסגע־נומען און אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ סלאָי איינגעמאַכץ פון טרוסקאַווקעס און אַוועקגעלייגט דריי פעקלעך שאָקאָלאַד. די זון איז לאַנגזאַם אַרויסגעקומען און ווי פאַרשעמט אַריינגעקוקט דורכן ווינקל פון פענצטער אין שטוב.ביידע שוועסטער האָבן זיך געפונען אין שאָטן פון ליכט.

שפרה האָט געוואַרט באַשע זאָל אָנהייבן עסן די שאָקאָלאַד, אָבער זי האָט זיך צו איר נישט צוגערירט. שפרה האָט אַ ווײַלע געוואַרט, אָבער דאָס שווייגן איז איר געוואָרן אימהדיק. שפרה האָט איבערגעריסן די שטילקייט און אַ זאָג געטאָן.

— ברײנע לאָזט דיך גריסן, זי קלייבט זיך צו דיר מיט אַ באַזוך.

אויך איצט האָט באַשע איר נישט געענטפערט. אירע אויגן זענען געווען פאַרגלייזט. זי האָט געקוקט ווייט.

שפרה האָט נישט געזען אירע אויגן.

— אויך רפי שרייט געוואַלד, פאַר וואָס איך נעם אים נישט מיט צו דער מומען — האָט שפרה איר געזאָגט.

באַשעס פּנים איז געוואָרן גרין און אויסגעצויגן. זי האָט פאַרביילט די פויסטן, איבערגעלייגט זיי איבער די אויגן און אַוועק אין שלאָפצימער, ווי די פיס זאָלן זיך אונטער איר ברעכן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז זי צוריקגעקומען.

שפרה האָט אָפּגעאָטעמט. אירע איבערגעשראָקענע אויגן האָבן געקוקט אויף דער שוועסטער.

— באַשע, קום, וועלן מיר צוראַמען די שטוב — האָט שפרה איר פאָרגע־שלאָגן און גענומען אַליין רוימען. שפרה האָט אָפּגעשטויבט די זאַכן אין שטוב און באַשע איז איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ קינד. אין אַ געוויסן מאָמענט איז זי אַוועק און געבראַנגט די באַרשט און אויסגעקערט די שטוב. ווען שפרה איז אַרײַן אין שלאָפצימער און גענומען איבערבעטן דאָס בעט, איז באַשע ווידער שטיין געבליבן. אויסקלאַפּנדיק די קאָלדרע האָט שפרה אַ פרעג געטאָן:

— נו, האָסט נישט קיין טענה צו דײַן מאַן? — איר פּנים איז געוואָרן צעפלאַמט און זי האָט, פאַרשעמט, געקוקט אַראָפּ.

באַשע האָט אויך איצט איר נישט געענטפערט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט איר פאַרגליווערטע מאַסקע אויף איר פּנים זיך ווי אויסגעקרימט און זי האָט אַ זאָג געטאָן שפּרהן:

— יהודהס עלטערן זענען האַרציקע מענטשן.

— אַ סך פרויען ווינטשן זיך אַזאַ מאַן ווי יהודה — האָט שפרה זי נישט אָפּגעלאָזט.

— ער האָט זיך אויסגעזוכט אַ מציאה, מיך — האָט באַשע איר געענטפערט און אין אירע אויגן האָט אַ פלאַקער געטאָן אַ פאַרשטעלטער פונק.

— שוועסטער — האָט שפרה זיך אַ ווענד געטאָן צו באַשען — יעדער מענטש האָט זײַן גורל — און זי האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט, ווי זי זאָל האָבן געענדיקט די אַרבעט.

באַשע איז שטיין געבליבן דערשטוינט. אירע אויגן זענען אַרויסגעקראָכן פון די אויגן־לעכער. זי האָט געשפּיזט די שוועסטער.

— דאָס איז מיר געקומען? דאָס איז געקומען די אַלע ײדן? — האָט זי מיט פאַרהאַקטע ציין אַ פרעג געטאָן און אירע ליפּן האָבן געציטערט.

שפרה האָט אויפגעציטערט. איר לינק אויג האָט גענומען צוקן.

— צו וואָס האָב איך עס געדאַרפט? — האָט באַשע שטיל מיט די ליפּן אַ פּרעפּל געטאָן, זיך געפרעגט.

איר פּנים איז ווידער געוואָרן פאַרגליווערט.

— פאַר וואָס? — האָט זי שטיל אַ פרעג געטאָן שפּרהן.

— אַז איך וועל זיין אין שטאַט וועסטו מיט מיר גיין קויפן אַ קלייד — האָט שפרה איר געזאָגט. זי איז אַריבערגעגאַנגען אויף אַן אַנדערער טעמע.

באַשע האָט שוין ווידער געשוויגן.

— שוועסטער, איך מוז צוריקפאָרן. איך מוז אויסענדיקן דעם מיטאָג — האָט שפרה איר אַ זאָג געטאָן און זי איז אַריין אין צימער. שפרה האָט פאַרמאַכט דאָס רענצל. זי האָט אויף זיך פאַרקנעפּלט דעם געבלימלטן סוועטער. — באַשע, קום! — האָט זי איר געזאָגט. די שוועסטער זענען אַרויס פון שטוב.

פאַר דער טיר איז באַשע שטיין געבליבן.

— שפרה, איך וויל ווייטער נישט גיין — האָט זי איר אַ זאָג געטאָן. — זי האָט צוגעלייגט איר באַק צו שפרהס פּנים און איז צוריק אַריין אין שטוב.

— מאָרגן קום איך ווידער — האָט שפרה איר נאָכגעשריגן.

שפרה האָט איבערגעשפּרייזט דעם הויף, ווי זי זאָל קיין צייט נישט האָבן. זי האָט נישט געוואָלט, אַז ווער פון דער משפּחה זאָל זי טרעפן. זי האָט די עלטערן נישט געקענט קוקן אין די אויגן. זי איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ געפיל, אַז זי האָט זיי אַריינגענאַרט.

באַשע האָט נישט געפירט קיין ווירטשאַפט. ביידע עסן ביי דער שוויגער. שיינע, די שוויגער, באַגייט זיך מיט איר ווי מיט אַ קליין מיידעלע.

— באַשע, ביסט הונגעריק, נאַ, עס — און איר אונטערגעטראָגן אַ טעפּל קאַווע און אַ סענדוויטש, באַלייגט מיט שווייצער־קעז. אַפילו פיש אויף שבת האָט איצט שיינע געקאָכט צווייערליי. פאַר זיי, רוסישע יידן, האָט זי געקאָכט מיט פעפער, פאַר באַשען, די פוילישע, מיט צוקער, אַזוי ווי זי איז געווען געוווינט אין דער היים.

באַשע האָט געשוויגן. זי האָט זיך געהיט זאָגן דער שוויגער אַ וואָרט, וואָס קען זי פאַרדריסן. באַשע האָט געפילט שיינעס געטריישאַפט צו איר, אָבער זי האָט איר ביז איצט נישט געזאָגט „שוויגער" אָדער „מאַמע". זי האָט זיך צו איר געוואָנדן: — איך גיי, איך קום שוין, איך טו — ווי צו אַ פרעמדער, אַ דריטער פּערזאָן.

שיינע האָט געקוקט און געשוויגן. איר פּנים איז געווען כּסדר גוטמוטיק. זי איז געווען איבערצייגט, אַז באַשע, איר שנור, וועט זיך מיט זיי און איר מאַן איינלעבן. זי וועט זיך באַרויִקן און צופּאַסן.

— באַשעלע, ווילסט קלאַפּן אַ פּיאַנע? — פלעגט שיינע איר פרעגן. טייל מאָל פלעגט זי זי בעטן, מיט אַ שמייכל, זי זאָל איר מאַכן די קאָטלעטן. נאָר ווען באַשע פלעגט אויסדרייען איר האַנט און שיינע האָט דערזען איר נומער, פלעגט זי אַ קרעכץ טאָן.

באַשע האָט אויסגעפירט שיינעס יעדע ביטע, אָבער אָן חשק.

ר' אַברהם מיט מאירן, זיין זון, האָבן געאַרבעט אין שטאָל און נישט אַדורכ־געלאָזט באַשעס אַ גאַנג. זיי האָבן געזען ווי זי גייט און לויפט. דער טאַטע האָט

זיך געהיטן פֿאַרן זון, דער זון פֿאַרן טאַטן, איינער זאָל נישט זען, אַז דער צווייטער קוקט.

יהודה איז געפֿאָרן און געקומען מיטן טענדער. יעדעס מאָל פֿלעגט ער אַ קוק טאָן מיט איין אויג, פֿון דער זייט, וואָס באַשע טוט. ער האָט געקוקט מיט אַ ציטער אין האַרץ.

באַשע האָט געזען, אַז יהודה קוקט איר נאָך. זי האָט געוואַרט ער זאָל זיך צו איר דערנענטערן. אַז ער האָט איר געגעבן אַ גלעט מיט דער האַנט, איז עס געווען אַנשטאָט אַ פֿראַגע — ווי גייט עס דיר?

זי פֿלעגט דעמאָלט אויפֿהייבן די אויגן און אים אָנקוקן. דאָס איז געווען איר דאַנק. אָפֿט, ווען יהודה האָט אָנגעלאָדן דעם טענדער און אַוועקגעפֿאָרן, איז זי געבליבן שטיין אָנגעלענט אָן דעם ברייטן, גרויסן בוים און געקוקט, ווי זי זאָל קוקן ווייט.

די אַלטע טאַטע־מאַמע האָבן געשוויגן. זיי האָבן געזען באַשעסליידן. האָבן איר געוואָלט העלפֿן פֿון גאַנצן האַרצן. זיי האָבן אָבער נישט געוווסט ווי אַזוי. נאָר ביחידות פֿלעגט דער פֿאָטער שטיל פֿרעגן זיין ווייב — נו? — און אַ קוק טאָן פֿון אונטערן שטערן. ער האָט געוואָלט הערן אַ גוטן ענטפֿער. שיינע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט נישט געוואָלט און האָט אויך מורא געהאַט צו רעדן. שיינע האָט, ווי אַ יידישע מאַמע, געהאָפֿט שטיל, און באַמיט זיך העלפֿן באַשען. באַלד נאָך דער חתונה האָט זי אָפּגעמאַכט מיט די טעכטער, אַז אויף זיי ליגט דער חוב אַריינצופֿירן אין לעבן זייער נייע שוועגערין, יהודהס, דעם מיזינקס ווייב, וואָס האָט אַזוי פֿיל מיטגעמאַכט אין איר יונג פֿאַרשניטן לעבן.

חנה און רבקה האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט באַשען. ביידע האָבן פֿאַרנאַכלעסיקט זייערע היימען, אַפֿילו פֿאַרנאַכלעסיקט די אייגענע קינדער. זיי האָבן זיך איינגע־טיילט די טעג אין וועלכע זיי פֿלעגן קומען צו באַשען. זיי האָבן מיט איר שפּאַ־צירט איבער דער סביבה. זיי זענען מיט איר געפֿאָרן אין שטאָט אַריין ווען זיי האָבן געדאַרפֿט איינקויפֿן. גיין מיט זיי צו געסט האָט זי נישט געוואָלט.

באַשע האָט כמעט נישט גערעדט, זי האָט זיך נאָר צוגעהערט, פֿון צייט צו צייט געענטפֿערט דער שוועגערין אויף אַ פֿראַגע. באַשע איז געבליבן אין דרויסן פֿון דעם רחבותדיקן לעבן, וואָס האָט זיך געפֿירט ביי ר׳ אַברהמען אין שטוב. זי איז געווען העפֿלעך צו יעדן פֿון דער משפּחה, זי האָט געפֿילט, אַז יעדער וויל איר העלפֿן. ספּעציעל נאָענט איז איר געווען שיינע, די מוטער. אַזוי ווי פֿריִער איז איר נאָענט געווען בריינע. זי האָט זיך אָבער נישט געקענט דערנענ־טערן צו איר פֿון בושה און דערשלאָגנקייט. זי איז יעדן פֿון זיי געווען דאַנקבאַר. זי האָט זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פֿון זיי. זי פֿלעגט זיך טרעפֿן מיט די שוועגע־רינס ביי דער מוטער אין שטוב. יעדן זייערן פּרווו אַריינצוגיין צו איר אין שטוב האָט זי אָפּגעשטויסן מיט אַ שטומען תּירוץ. אונטער דעם דאַך און צווישן די ווענט פֿון איר וווינונג האָט זי געקענט זיין נאָר מיט יהודהן. ער האָט איר דערלויבט שוויגן.

די דערוואַקסענע האָט זי פאַרטראַגן, אָבער זייערע קינדער האָט זי נישט געקענט זען אויף די אויגן. אַז זי פלעגט זען עמעצן פון די אייניקלעך ווי עס ברענגט אין שטוב אַריין עפּעס אַ מתנה פאַר באָבע־זיידע, האָט זי פאַרמרוזשעט די אויגן, ווי פון קאָפּווייטיק. דעמאָלט איז איר פּנים געוואָרן גרוי, די באַקן איינגעפאַלן. זי האָט קוים געכאַפּט דעם אָטעם ביז זי איז אַרויס פון שטוב.

קיינער, אַפילו די מוטער, האָבן זי דעמאָלט נישט גערופן. אַלע פלעגן זיך שטיל איבערקוקן. קיינער פון די פּרויען־מאַמעס האָט נישט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי אַ יונגע פרוי קען אַזוי פיינט האָבן קינדער.

איין מאָל, אין אַ נאָכמיטאָג, איז געוואָרן רבקהס דיזשור ביי באַשען. רבקה האָט געמוזט מיטברענגען איר זעקס־יעריק טעכטערל. גליה האָט דעם גאַנצן טאָג געשריגן, אַז זי איז שוין לאַנג נישט געווען ביי באָבע־זיידע.

גליה איז אַריין אין שטוב מיט אַ פרייליכן פלאַטער, ווי אַ זומער־פייגעלע. זי איז צוגעלאָפן צו דער באָבען מיט אַ קלינגענדיקן „שלום" און איינגעבאָבלט איר פּנים אין דער באָבעס ברייטער שאַרץ.

די באָבע איז געשטאַנען אַ געבוקטע איבער איר און געקושט און געגלעט אירע האָר און איר פּנים. דער זיידע האָט האַסטיק צוגעשפּרייזט. ער האָט דאָס אייניקל אָפּגעריסן פון דער באָבען:

— קום צום זיידן! — האָט ער פון קינד געפאָדערט. ער האָט זי אַ נעם געטאָן אויף די אָרעמס, געדריקט זיין פּנים צו אירע בעקלעך און זי געקושט.

גליה, אַ דיקלעך מיידעלע מיט אַ קיילעכיק פּנים, פון וועלכן אירע שוואַרצע אויגן האָבן אַרויסגעלויכטן ווי פייערקוילן, האָט געהאַלטן אַרומגענומען מיט ביידע הענט דעם זיידנס האַלדז.

דעם זיידנס דיקע ליפּן האָבן זיך געטרייסלט און ער האָט מיט אַ פינגער געקיצלט דאָס אייניקל.

גליה האָט יעדע ווילע אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. אירע אויפגעבלאָזענע, קיילעכיקע בעקלעך האָבן כסדר געפּלאַצט ווי אַן אָנגעבלאָזענער באַלאָן. אירע פעך־שוואַרצע האָר האָבן ווי איבערגעדעקט דעם זיידנס ווייסע באָרד. שפּילנדיק זיך מיט איר האָט דער זיידע זיך צוגערוקט צו באַשען. ער האָט אויף אַ סעקונדע צוגעלייגט דעם קינדס בעקל צו איר פּנים.

באַשע איז אויפגעשפּרונגען און שטיין געבליבן מיט פאַרביילטע פויסטן.

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. ס׳קינד האָט זיך פאַרקייכט פון געלעכטער. דער זיידע האָט געמרוזשעט די אויגן. רבקה, דעם קינדס מוטער, האָט מיט אויפגעריסענע אויגן באַטראַכט באַשען.

— מאַמע! — האָט גליה זי אַ רוף געטאָן און אויסגעשטרעקט איר די הענטלעך.

דער זיידע איז מיט גליהן אַריין אין דער דערבייאיקער שטוב.

באַשעס וויִעס האָבן געציטערט.

— רבקה, ווילסט טיי? — האָט זי באַשע אַ פרעג געטאָן און איז אַוועק צו דער גאַזקיך. זי האָט געוואָלט וואָס שנעלער ענדערן די שטימונג.

די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבן זיך איבערגעקוקט.

— יאָ, באַשעלע, מאַך טיי — האָט די מוטער זי געבעטן.

באַשע האָט אַרויפגעשטעלט דעם טשייניק און אָנגעצונדן דעם גאַז, אָבער מער האָט זי נישט געקענט. זי האָט אַ שפרונג געטאָן און איז אַרויס פון שטוב. זי איז אַוועק צו זיך אין שטוב.

ווען יהודה איז אַריין אין שטוב איז געווען פינצטער. די שיין פון שטאָל און די הויף־ליכט האָט אַריינגעשיינט צו זיי אין שטוב. באַשע איז געלעגן אויף דער סאָפקע מיט די פיס אונטער זיך. די הענט פאַררוקט אין דער שויס און מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ. דער ליכטשאָטן אין שטוב האָט זיך צונויפגעגאָסן און אין שטוב איז געווען טונקל, נאָר די מעבלקאַנטן זענען געווען בולט, ווי אויסגעשניטן זיך פון דער פינצטער. באַשע האָט געהערט אַז ער איז אַריין. אירע אויגן־לעפלעך האָבן אַ ציטער געטאָן. זי איז געבליבן ליגן, ווי זי זאָל דרימלען.

אַ ווײַלע איז יהודה געשטאַנען, ווי ער זאָל אַדורכקוקן די פינצטערניש. אויך ער האָט איצט אויסגעזען ווי אַ קעגנשטאַנד אין צימער.

— שלאָפסט? — האָט ער שטיל זי אַ פרעג געטאָן.

— ניין — האָט זי אים געענטפערט. איר שטים איז געווען הייזעריק.

יהודה האָט אין איר אַרט ענטפער און אין איר קול שוין געוווסט, אַז עפּעס איז זיך פאַרלאָפן.

— נו — האָט ער אַ זאָג געטאָן, געוואָלט זי זאָל ווייטער רעדן. ער האָט זיך צוגעזעצט צו איר. ער האָט זיין האַנטפלאַך צאַרט אַרויפגעלייגט אויף איר פוס.

זי האָט אויסגעצויגן די פיס, ווי זי זאָל זיי אים געבן.

— געאַרבעט אַ סך, געבערענגט היינט קערנער פאַר די בהמות — האָט ער איר געזאָגט. ער האָט געוואָלט מיט איר אָנקניפּן אַ שמועס.

— פאַר צוויי — האָט זי אַ זאָג געטאָן צווישן די ציין. זי האָט געמיינט אויך פאַר איר.

וואָס האָסטו געטאָן? — האָט ער געפרעגט, כאָטש ער האָט זיך פאַרגע־שטעלט.

— איך? — האָט זי אַ פרעג געטאָן און טיף אַ זיפץ געטאָן. אַ ווײַלע איז אין צימער געווען שטיל. ביידע האָבן געזען די שאָטנס און געהערט די שטיל־קייט. באַשע האָט זיך אַ ריר געטאָן, ווי זי זאָל אונטערהייבן דעם קאָפּ, און האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו יהודהן: — מיין טאָג איז לאַנג, אָן ענדע, אַפילו אין די נעכט חלום איך.

יהודה האָט געשוויגן. ער האָט געוואָלט הערן ווייטער.

באַשע האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אָן דער וואַנט און זי האָט אַ זאָג געטאָן אין רוים אַריין:

— איך האָב שוין געלעבט. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אים אַ זאָג געטאָן:
— איך האָב דיך געוואָרנט און דו האָסט זיך אײַנגעעקשנט.

— שטיי אויף! — האָט ער איר אַ באַפעל געטאָן מיט אַ געמאַכטן כעס און האָט אָנגעצונדן די ליכט.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט. די ליכט האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן איבערן צימער. די שײַן האָט איר אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. ביידע האָבן פאַרמאַכט און געעפנט די אויגן. דער רוים אינעם קליינעם צימערל איז געווען אײַנגע־פּרעסט אין די פיר ווענט. פון אים האָט אַרויסגעשטאַרט אַ ברייטע, קורצע, מיט גרוי באַצויגענע סאָפע, אַ נידעריקער, פירקאַנטיקער, אויף קרעם לאַקירטער, טיש מיט פיר טאַבאַרעטן. איבער דער סאָפקע איז געהאַנגען אַן איילבילד, אַ ים מיט אַן איינציק קליין שיפל, אין דעם שיפל האָט יהודה געזען זיך. דאָס בילד האָט ער געקויפט ווען ער האָט באַשלאָסן חתונה האָבן מיט באַשען. אויפן פּאָל איז געלעגן אַ דיקע, סודאַנער ראָגאָזשע. אין דער זייט איז געשטאַנען אַ, מיט פּערלמוטער אויסגעלייגט, טישל און אויף אים אַ דאַמאַסקער מעשענער קאַפע־סערוויס. אַ העלער, הילצערנער, צוויי־רעריקער לאָמפּ איז געהאַנגען אויף דער וואַנט אַנטקעגן דער קאָזעטקע. דאָס צימער האָט ער אײַנגעאָרדנט לויט זײַן געשמאַק.

באַשע האָט אויף זיך אָנגעצויגן ס׳קלייד און זיך אײַנגעקוקט אין ליכט.

יהודה איז צו איר צוגעגאַנגען. זי האָט אויסגעשטרעקט איר קאָפּ און אים אָנגעלענט אויף זײַן באַק. יהודה האָט איר אַ קוש געטאָן אין באַק. ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך, ווי ער זאָל וועלן זי איבערברעכן. זי האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער. איר אויסגעצויגענער גוף האָט זיך אָנגעלענט אָן אים. זי איז אויף אים ליגן געבליבן אויף אַ זייט.

— האָסט געגעסן? — האָט זי אים אַ פּליסטער געטאָן, ווי אירע ליפּן זאָלן באַרירן זײַן באַק.

ער האָט זי אָפּגעלאָזט. ער האָט געפילט די היץ פון איר קערפּער און אַ רויש אין קאָפּ.

— יאָ, איך בין געווען ביי די עלטערן — האָט ער איר געענטפערט. זײַן קול איז געווען הייזעריק.

זי האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף אים. אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן זענען געווען טרויעריק. איר דורכדרינגלעכער בליק האָט אים ווי געפרעגט.

זי האָט געשוויגן. פון פאַרלעגנהייט אָבער האָט ער געביסן מיט די ציין די אויבערשטע ליפּ. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זי האָט געפילט אַז מען האָט פאַר אים איבערגערעדט די געשעעניש מיט גליהן.

— קום עסן! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און פאַרזשמורעט די אויגן. זי האָט געוואַרט וואָס ער וועט איר ענטפערן.

— איך האָב דאָך שוין געגעסן — האָט ער דערשטוינט איר געענטפערט.

— און דו? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן אַ ווײַלע שפּעטער.

— קום שלאָפן — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און איז אַריין אין שלאָפצימער לאַנגזאַם, ווי זי זאָל שלעפּן די פיס נאָך זיך.

ער האָט אויסגעלאָשן די ליכט און איז איר נאָכגעגאַנגען.

ער האָט אָנגעצונדן די נאַכטליכט. דאָס צימער האָט זיך אַ באַוויז געטאָן. אויך באַשע איז געשטאַנען ווי אַ סטאַטוע. אירע אַקסלען און די הענט זענען געווען אַראָפּגעלאָזט. זייער שלאָפצימער איז געווען אַזוי גרויס ווי דאָס אויפנאַם־צימער. דאָס דאָפּלטע בעט איז געווען כסדר געבעט צום שלאָפן. די פיר־טיריקע ברוינע שאַנק האָט זיך אָנגעזען אויפן גרונט פון די ראָזע ווענט.

באַשע האָט אויף זיך פונאַנדערגעקנעפּלט דאָס קלייד און די וועש. אַלע אירע בגדים זענען ליגן געבליבן ביי אירע פיס. זי האָט איבערגעשפּאַנט די בגדים. זי איז אַריין אין בעט און איז אַרונטערגעקראָכן אונטער דער קאָלדרע.

ער האָט צונויפגענומען און צונויפגעלייגט אירע מלבושים. ער האָט אויס־געלאָשן די ליכט, זיך אויסגעטאָן און איז אויך אַריין אין בעט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

— אַ גוטע נאַכט — ווי ער זאָל די ווערטער צערייבן צווישן די ציין. ער איז באַלד איינגעשלאָפן.

זי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געזען אין דער פינצטער. די פינצטער־ניש איז געווען אַ טיפער תהום. זי איז געלעגן און געהערט די שטילקייט. די שטילקייט האָט איר געקלונגען אין די אויערן. דער קלאַנג איז איר געווען אימהדיק. זי האָט נישט געפילט אירע גלידער, אָבער דער קאָפּ איז איר געווען שווער. אירע אויגן זענען געווען אָפן. די פינצטערניש איז אין זיי געזעסן. זי האָט געזען קאָשמאַר־געשטאַלטן. געשטאַלטן וואָס ברעכן זיך אונטער דער לאַסט, געשטאַלטן וואָס שלעפּן אַ משא, זיי לויפן און מען יאָגט זיי. זי האָט זיך געמאַ־טערט אין אַנגסטן און שווער געאָטעמט. זי האָט גענומען זינקען. די אויגן האָבן זיך איר געקלעפּט. זי האָט איינגעדרימלט.

— איך גיי! — האָט אַן אימהדיק קול פונאַנדערגעריסן די שטילע, פינצטערע נאַכט אין שטוב. באַשע האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט, ווי זי זאָל זיך מיט ווער אַמפּערן און האָט זיך איבערגעוועקט.

יהודה, אַן איבערגעוועקטער, האָט מיט איין האַנטפּלאַך אַ גלעט געטאָן איר היפּט אונטער דער קאָלדרע און ווייטער געשלאָפן.

זי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געקוקט אין דער פינצטער. די וויזיעס האָבן יעדעס מאָל זיך געביטן אין אירע אויגן. אַ מאָל האָט זי געזען אַ תהום אין וועלכן זי זינקט, אַ מאָל האָט זי געזען אַ ים, וועלכן זי קען נישט אַריבער. אַ מאָל האָט זי ווידער געזען אַ מדבר, אין וועלכן זי בלאָנדזשעט. זי איז געלעגן שטיל, נישט רירנדיק זיך, געזאָפּט אין זיך די אימה.

ווי נאָר דער ווייטער פירמאַמענט האָט גענומען גרויען קוים, איז באַשע שטיל אַראָפּ פון בעט און זיך שטיל אָנגעטאָן. זי איז אַוועק אויף די שפּיץ פינגער און שטיל הינטער זיך פאַרמאַכט די טיר.

זי האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט איצט, נאָך דער גאַנצער נאַכט, ווידער דערפילט אירע גלידער. דער קאַלטער פרימאָרגן האָט זי אַדורכגענומען. — „אַה!" — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן און עס איז איר גרינגער געוואָרן אויפן געמיט. זי האָט אונטער דער מאָרגנגרוי דערזען די וועלט. זי האָט זיך איינגע־קוקט אין דיביימער. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט ווי די בלעטער־קנאָספּן עפענען זיך. זי האָט געזען די קאָנטורן פון די שטאָלן, וואָס האָבן זיך ווי געקרייצט. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די באַגוידערטע קי מיט די אַראָפּ־הענגענדע אייטערס קוקן אויף איר מיט זייערע תמימותדיקע אויגן. אַז זי האָט אָבער דערזען פון ווייטנס די ערשטע זונענשטראַלן, האָט זי גענומען שפּרייזן ווי זי זאָל אַהין גיין.

זי גייט און רעדט צו זיך.

— וואָס טו איך דאָ? — האָט זי זיך אַ פרעג געטאָן און געשטעלט קליינע טריט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אַ פרעג געטאָן: — און ווו זענען זיי? — זי האָט גענומען שפּאַנען מיט לאַנגע טריט. אירע אויגן זענען געווען שטאַר און האָבן געקוקט וואַנזיניק. זי איז געגאַנגען אַ מאָל שנעל, אַ מאָל לאַנגזאַם. — איך חלום צי איך בין וואַך? — האָט זי זיך פלוצעם אַ פרעג געטאָן אויפן קול און מיט די הענט זיך אַ קלאַפּ געטאָן איבער די היפטן פון פאַרצווייפלונג.

מאירס פלײשיקער קאָפּ האָט זיך איבערגעבויגן, געקוקט. ער האָט איינגע־הערט איר קול. מאיר, אין זיינע טיפע, גומענע שטיוול, האָט אין פרימאָרגן פונאַנדערגעטיילט די קי צו ביסלעך היי. ער איז שטיין געבליבן מיט אַ גאָפּל היי אין די הענט און איר נאָכגעקוקט. ער האָט געוואָלט איר נאָכגיין, ער האָט אָבער אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ פון פאַרוווּנדערונג און געגעבן די קי ווייטער עסן.

זי איז שטיין געבליבן. זי האָט פון מרחק דערפילט מאירס בליק אויף זיך און באַלד דערהערט זיינע טריט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט. דער גרויער מאָרגן־שלייער איז זיך שוין געהאַט פונאַנדערגעגאַנגען. די ביימער זענען שוין געווען גרין, דאָס זונענצינגל שוין האַלב קיילעכיק. אַן איבערראַשטע האָט זי זיך נאָך אַ מאָל אומגעקוקט און גענומען שנעל גיין אַהיים. זי האָט בישט געוואָלט מען זאָל זי זען.

זי האָט געעפנט די טיר און זי שטיל צוגעמאַכט הינטער זיך. זי האָט זיך אַרײַנגעשליכט און שטיין געבליבן אין מיטן צימער.

יהודה האָט געעפנט די אויגן. ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קאָלדרע און איז אַראָפּ פון בעט. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט. יהודה אין בעגליזש, זי מיט שפּיציקע אַקסלען, אין וועלכע ס'איז געלעגן איר קאָפּ.

— איך האָב שפּאַצירט — האָט זי זיך פאַרענטפערט פאַר אים.

— גוט! — האָט ער איר געענטפערט מיט אַ שמייכל און זי דורכגענומען מיטן בליק. ער איז אַריין אין באָדצימער זיך וואַשן. — ביסט געווען ביי די קי?

— האָט ער זי אַ פרעג געטאָן פון באָדצימער אַרויס.

זי האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי זי זאָל זיך צו אים דערנענטערן, און אַ זאָג געטאָן:

— די בהמות דאָ לעבן בעסער ווי די יידן „דאָרט״.

יהודה האָט זיך אַרומגעווישט און איז האַסטיק אַרײַן צו איר.

— באַשע! מען דאַרף לעבן! — האָט ער קאַטעגאָריש איר אַ זאָג געטאָן און גענומען זיך אָנטאָן. ער האָט שוין פאַרשטאַנען ווי אַזוי זי האָט געקוקט און געזען אויף איר שפּאַציר. ער איז שנעל פאַרטיק געוואָרן מיט זיך. — קום עסן!

— האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און געוואָלט זי אַ נעם טאָן אונטערן אָרעם.

זי האָט זיך אָפּגערוקט פון אים און געענטפערט:

— איך בין שלעכט געשלאָפן ביי נאַכט. איך וויל נאָך דרימלען. איך וועל עסן שפּעטער — האָט זי אים געענטפערט, ווי זיך געבעטן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מיט איין אויג פון דער זייט. ער האָט זיך איבערגעבויגן, איר אַ קוש געטאָן אין קאָפּ און אַרויס פון שטוב.

ווי נאָר די טיר האָט זיך צוגעמאַכט האָט באַשע פאַרבראָכן די הענט און זיך צעהעשעצט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי גענומען גיין איבערן צימער ווי אין אַ קליאַטקע און גערעדט צו זיך:

— ער איז מיין מאַן, איך דאַרף מיט אים בויען אַ משפּחה, איך? — האָט זי פּלוצעם זיך אַ פרעג געטאָן. זי האָט גערעדט ווי זי זאָל זיך פרעגן. זי האָט גערעדט אָפּגעהאַקטע זאַצן. שפּרייזנדיק איז זי כסדר שטיין געבליבן און געקוקט, געזען דעם „דאָרט״. אירע אויגן זענען געווען וואַנזיניק, אויפגעריסן. מיט אַ מאָל איז זי צוגעפאַלן צום פענצטער. זי האָט עס אויפגעפּראַלט און באַלד דערנאָך זיך אַרויסגעוואָרפן אויפן בעט.

יהודה האָט דעם טאָג אַפילו נישט געזען דעם זון־אויפגאַנג. ער איז געשטאַנען ביי דער שטאַל און געקוקט אַראָפּ. ערשט, אַז ער האָט דערפילט דעם ריח פון מיסט, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. איבער דעם מיסטגרוב איז געהאָנגען אַ וואָלקן־פּאַרע. דאָס פאַרטריקנטע איבער דער נאַכט מיסט האָט איצט געטייעט. דאָס מרוקען פון אַ קו, ווי אַ רוף, האָט צוגעצויגן זיין בליק. אים אַנט־קעגן איז געשטאַנען אַ נידעריקע, פליישיקע, שוואַרץ־ווייסע באַגוידערטע קו מיט אַ פולן אייטער מילך און געקוקט אויף אים. אירע תמימותדיקע אויגן זענען געווען פייכט. יהודה האָט איר אַ גלעט געטאָן צווישן די אויגן און צו איר אַ שמייכל געטאָן.

אים, פון דער זייט, איז שטיין געבליבן מאיר. ער, אין זיינע גומענע שטיוול, האָט ווי אַרויסגעשטאַרט פון דעם איינגעטרעטענעם מיסט.

— באַשע איז אין שטוב? — האָט ער מיט חשד אַ פרעג געטאָן יהודהן.

יהודה האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ און אַ פאַרשעמטער אים גע־ענטפערט: „יאָ״.

אַ ווײַלע זענען די ברידער געשטאַנען און געקלערט וואָס איינער זאָל זאָגן

דעם אַנדערן, אָבער אַז אַ צעבריקעוועטע קו האָט אַ שפּרונג געטאָן, האָט מאיר געפּרעגט דעם ברודער נישט זיכער:

— אפשר דאַרף מען מיט איר גיין צו אַ דאָקטער? — און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

יהודה האָט צוריק אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט אויסגעאָטעמט פון זיך, אַרויסגעבלאָזן זיין גאַנצע זאָרג. נישט קוקנדיק דעם ברודער אין די אויגן, האָט ער אים געענטפערט:

— איך האָף, אַז זי וועט זיך איינלעבן אין דער משפחה. — אויף מאירס דירעקטע פראַגע האָט ער נישט געגעבן קיין תשובה.

אַ ווײַלע האָבן ביידע ברידער געשוויגן. די מיסט־זויערקייט האָט געגומען יוירן און זי האָט זיך גענומען פילן אין דער לופט.

— שלום, מאיר! — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן דעם ברודער און איז אַוועק. ער איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

מאיר האָט אַ ווײַלע אים נאָכגעקוקט.

— יהודה — האָט ער אים אַ רוף געטאָן און צו אים צוגעגאַנגען. אַ ווײַלע זענען די ברידער געשטאַנען זיך אַנטקעגן, ווי זיי זאָלן זיך באַטראַכטן. ביידע האָבן געהאַט טרויעריקע אויגן. — יהודה, דו מוזסט אַ טראַכט טאָן וועגן באַשען — האָט מאיר אים געזאָגט און זיך אין אים איינגעקוקט נאָך שטאַרקער.

יהודה האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אים שטיל געענטפערט:

— אַזוי זענען זיי אַלע, וואָס זענען געקומען פון די לאַגערן. — זיין פּנים איז געוווען פאַרזאָרגט. ער האָט גערעדט לאַנגזאַם, ווי ער זאָל ציילן די ווערטער.

— אַ קלייניקייט, וואָס יידן האָבן איבערגעלעבט — האָט מאיר אַ זאָג געטאָן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ פון באַדויער און צער.

ביידע האָבן געשוויגן אַ ווײַלע. שפּעטער האָט מאיר אים אַ פרעג געטאָן:

— אַזוי האָבן יידן זיך פאַרזינדיקט? איך וויל נישט ווידערשפּעניקן — האָט מאיר אַ זאָג געטאָן און אויסגעווישט זיך די ליפּן אין אַרבל פון העמד.

יהודה האָט אַרויסגענומען פון טאַש דעם ציגאַרן־טאַש. ער האָט פאַררויכערט און פאַרצויגן זיך. ער האָט כמעט נישט אַרויסגעלאָזט צוריק קיין רויך פון מויל.

מאיר האָט זיך אין אים איינגעקוקט פון אונטערן שטערן. ער האָט איבער־געלייגט די האַנט איבער יהודהס אַקסלען און אים אַ זאָג געטאָן:

— ברודער, מען דאַרף זי היילן, העלף איר, און וואָס שנעלער — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ טאָן פון אַן עלטערן ברודער. זייערע בליקן האָבן זיך אַ קרייץ געטאָן. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן. — יהודה, איך וועל דיך פאַרטרעטן אין דער אַרבעט. איך וועל אַרבעטן פאַר אונדז ביידן. דו גיב זיך אָפּ מיט באַשען — האָט ער אַ זאָג געטאָן יהודהן. — הערסט! — האָט ער אים ווי געדראָט.

יהודה איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. מאיר האָט אַ קוק געטאָן אויפן ברודער. זיינע אויגן זענען געוווען פייכט.

— מאיר, איך בין באַזאָרגט — האָט יהודה אים געזאָגט, אָבער באַלד זיך

אויסגעגליכן און אים אַ זאָג געטאָן מיט שטאָלץ: — ברודער, איך האָף אַז איך און די משפחה וועלן האָבן נחת פון איר. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן: — עס קומט איר! מאיר, איך גיי — האָט ער אים אַ זאָג געטאָן.

מאיר האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

ביידע ברידער זענען אַוועק. יעדער אין זײַן ריכטונג.

# יג

די טעג זענען געווען העלע, דער הימל דורכזיכטיק, דער הימלבלוי ווייסלעך. די זונענשטראַלן זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל לענגער, שטאַרקער, די לופט, כסדר געדיכטער, די היץ, פון טאָג צו טאָג גרעסער. די ערד האָט זיך אָנגעהויבן קאָרטשען, טריקענען. די תבואות און די פעלדער זענען שוין געווען אויסגעשטאַנען. אין הויף ביי ר׳ אַברהמען איז אָנגעגאַנגען די אַרבעט. מען האָט געבערענגט פּאַשע, געמאָלקן די קי, אַוועקגעפירט די מילך — אַלץ לויטן טאָג־סדר.

די קי, ביים זשלאָב, האָבן געקייעט, אַרומשפּאַצירט זאַטע אַרום דער שטאַל. אַ זאַטע, אויסגעמאָלקענע קו, האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אַ מרוק געטאָן, וואָס האָט פונאַנדערגעריסן די שטילקייט אין הויף. פון צייט צו צייט איז אויך געבוירן געוואָרן אַ קעלבל. מאיר, מיט זיינע לאַנגע הענט, האָט אָפּגענומען דאָס באַשעפעניש און געקוקט וואָס עס איז געבוירן געוואָרן: אַ קעלבל צי אַן עקסל. אין דעם ספּעציעל אָפּגעצוימטן טייל אין דער זייט, ווו די קי קומען נישט אַהין, שטייט „גיבור", דער שוואַרץ־ווייסער געפלעקטער אָקס. ער איז צוגעבונדן צו אַ שטריק. זיין נאָז איז דורכגעלעכערט מיט אַ נאָזרינג. ער — כולו גבורה.

באַשע האָט זיך נישט דערנענטערט צו די שטאַלן, זי האָט נאָר, פון וויטנס, באַטראַכט די קי. נישט איין מאָל האָט זי געהאַט חשק צוגיין און אַ גלעט טאָן אַ קו, אָבער אַ פאַרשטעלטער כוח האָט זי צוריקגעהאַלטן. זי האָט געפילט בחוש די סאַמעטענע גלאַטקייט פון זייערע פעלן, ווי זי זאָל זיי באַרירן. יעדע פון די בעלי־חיים האָט זי אָפּגעשטופּט. זיי האָבן איר דערמאָנט די אומבאַהאָלפנקייט פון די קינדער.

זי האָט אָבער ליב געהאַט די שטוב־חיות. אָפט, ווען זי איז געווען זיכער, אַז אין שטאַל איז קיינער נישטאָ, איז זי צו זיי צוגעגאַנגען, באַטראַכט די בהמות, זייער תמימותדיקן קוק, און זי איז אַוועקגעלאָפן.

ווען עס איז געבוירן געוואָרן דאָס לעצטע קעלבל איז זי, אין איינעם פון די אָונטן, אַוועק אין שטאַל עס זען. שוין פון וויטנס איז זי שטיין געבליבן, ווי פאַרשטיינערט. איר פּנים איז געווען ווייס און אויסגעצויגן, אירע אויגן שטאַר. אַ ווײַלע האָט זי נישט געאָטעמט. מיט אַ מאָל האָט זי פאַרביילט די פויסטן און זיי געשטופּט זיך אין מויל, זיי געביסן מיט תאווה. איצט איז איר פּנים געווען

רויט, צעיאַכמעט. זי האָט געזען ווי די קו באַלעקט דאָס ניי געבוירענע קעלבל. זי האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט און איז אַרויסגעלאָפן, ווי רוחות זאָלן זי יאָגן.

באַשע האָט געפילט דאָס לעבן אַרום זיך אין הויף. זי האָט געוואָלט לעבן מיט אַלע, זי האָט אָבער נישט געקענט. זי האָט געטרוימט אויף דער וואָר. דער „דאָרט" איז איר נאָכגעגאַנגען. יהודה האָט געזען ווי זי אַמפּערט זיך מיט זיך. ער האָט זיך באַמיט איר העלפן. ווי נאָר ער איז געקומען אין הויף אַריין האָט ער זי געזוכט מיט די אויגן. ער האָט זיך איינגעהערט צי אין הויז איז שטיל און געגאַנגען זי זוכן. דערווייל האָט ער איר ווייניק געהאָלפן.

מער פון אַלע האָט איר געהאָלפן שיינע, די מוטער, די מיטלוווקסיקע פרוי מיט די ברייטע אַקסלען. אירע גוטמוטיקע אויגן האָבן אַלץ געזען און תמיד צו איר געשמייכלט. שיינע, מיט איר יידיש מוטערלעך האַרץ האָט אַלץ געטאָן צו פאַרלייכטערן באַשעסליידן. לעצטנס האָט שיינע געקאָכט זייער אָפט יויך מיט לאָקשן און בעבלעך, ווייל באַשע האָט עס ליב. שיינע האָט איר אונטערגעטראָגן די ערשטע יויך מיט די גאָלדענע אויגן. זי האָט געוואָלט באַשע זאָל זיקער ווערן. שיינע האָט זי נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט זי געהאַלטן לעבן זיך ווי אַ קינד. זיי האָבן געאַרבעט צוזאַמען. שיינע האָט געשיילט קאַרטאָפל, באַשע האָט זיי פונאַנ־דערגעשניטן. נישט איין מאָל, ווען זיי האָבן געאַרבעט אין צווייען ביים טיש, פלעגט שיינע אויפהויבן אירע אויגן, אָנקוקן באַשען און געבן אַ זאָג:

— באַשענקע, איך האָב דיך האָלט.

באַשע פלעגט רויט ווערן. די אַרבעטס־כלי איז איר געפאַלן פון די הענט, אירע אויגן־לעפלעך זענען איר רויט געוואָרן. זי האָט געפילט די משפחה־וואַרעמ־קייט אַרום זיך, אָבער זי האָט זיך געפילט ווי אַ פרעמדע.

דער פאַרמיטאָג איז געווען אַ זוניקער. די פענצטער אין קיך זענען געווען צעעפנט. אין שטוב האָט זיך געפילט די פרישקייט פון דרויסן. די זון האָט אַריינגעשיינט. אַ העלער זונענשיין־פלעק האָט שפּאַצירט לאַנגזאַם איבער דער קיך פון אָרט צו אָרט, ווי ער זאָל אָנוואַרעמען יעדן געטראָפענעם קעגנשטאַנד. שיינע האָט געשיילט עפל, באַשע האָט זיי פונאַנדערגעשניטן.ביידע פרויען זענען געזעסן און געאַרבעט בנעימותדיק. מיט אַ מאָל האָט די זונענשיין זיך אַריינ־געדוקט צווישן זיי און ווי פונאַנדערגעטיילט. שיינע האָט דערפילט די מילדע וואַרעמקייט אויף זיך. זי האָט זיך אומגעקוקט. זי האָט דערזען ווי קיילעכיק באַשעס קאָפּ איז, ווי אָוואַל איר פּנים איז. זי האָט זיך צעשמייכלט, כאָטש באַשעס שטאַרע אויגן האָבן זי באַאומרויִקט.

— באַשע, פאַראַן נייע, שיינע קליידער־שטאָפן — האָט שיינע איר אַ זאָג געטאָן, זי האָט געוואָלט מיט איר רעדן.

באַשעס וויִעס האָבן אַ ציטער געטאָן, ווי זי זאָל אָנקוקן די מוטער.

— ווילסט איך זאָל דיר קויפן? — האָט שיינע זי אַ פרעג געטאָן.

— איך האָב קליידער, וואָס איך האָב נאָך נישט געהאַט אויף זיך — האָט

באַשע איר שטיל געענטפערט. אַ דינער גרינצל האָט פֿאַרשאַרצט איר ליפּ און זי האָט ווייטער געאַרבעט.

— באַשעלע, אַ פרוי מוז זיך פּוצן. זי דאַרף געפעלן דעם מאַן — האָט די מוטער זיך צו איר אַ ווענד געטאָן.

באַשע האָט פאַרמאַכט די אויגן. אויף אירע אויגן־לעפלעך, וואָס האָבן גע־גלאַנצט פון שווייס, איז ליגן געבליבן אַ קוים דאַנקבאַרער שמייכל.

— יאָ, פאַרגעסן דיר זאָגן — האָט שיינע זיך ווידער געוואָנדן צו באַשען — חנה האָט געקויפט אַ שיין אַנצוגל פאַר איר „יונגאַטש". אַ גאַנצער מאַנספערשוין דער דריי־יאָריקער לאָבוז — האָט שיינע אַ זאָג געטאָן און געטיילט זיך מיט באַשען מיט איר פרייד. שיינעס אויגן האָבן געגלאַנצט פון נחת.

אין דעם מאָמענט איז באַשעס פּנים געוואָרן פאַרגליווערט און גרוי, ווי פאַר־ברענטע אַש. זי האָט פאַרביסן די ליפּן כדי זיך נישט צעשרייען. זי איז געבליבן מיטן מעסער אין האַנט.

שיינע, וואָס האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער, האָט אַ קוק געטאָן אויף באַשען. זי איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס באַשען האָט פּאַסירט. זי האָט פאַרצויגן די ליפּן און איר שטערן האָט זיך צעקנייטשט.

— באַשע! — האָט זי אַ רוף געטאָן אַן איבערראַשטע.

באַשע האָט שוין ווידער געשניטן אַן עפּל, אָבער זי האָט נישט געוואַגט קוקן שיינען אין פּנים.

אויך שיינע האָט ווייטער געשיילט. איר שטערן איז קלענער געוואָרן און נאָך צעקנייטשטער. זי האָט שטיל אַ קרעכץ געטאָן און שטיל אַ פרעג געטאָן:

— באַשע, נו, ווען וועלן מיר פון דיר האָבן נחת? — זי האָט געמיינט אַן אייניקל. שיינע האָט געצויגן די ווערטער ווי זי זאָל זיך מיט זיי שפּילן.

באַשע איז געבליבן פאַרשטיינערט. דאָס מעסער איז איר אַרויסגעפאַלן פון האַנט. איר פּנים איז געווען טויט־ווייס. מיט אַ מאָל האָט זי אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זי האָט מיט די הענט זיך אָנגעטאַפּט די ברוסטן און דעם בויך, ווי זי זאָל זיך קאָנטראָלירן צי זי קען נאָך זיין אַ מאַמע.

שיינע האָט אַרויסגעלאָזט פון די הענט דעם עפּל און דאָס מעסער. זי איז געווען אויפגעציטערט.

— באַשע, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? — האָט זי דערשיטערט זי אַ פרעג געטאָן.

באַשע האָט גענומען לויפן. זי האָט אויפגעפּראַלט און מיט כעס צוגעהאַקט הינטער זיך די טיר. זי איז געלאָפן צו זיך אין שטוב. לויפנדיק האָט זי זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. זי האָט געיאָמערט און געשריגן:

— נאָך וואָס בין איך לעבן געבליבן?

שיינע האָט איר נאָכגעקוקט דורכן פענצטער און געוואָלט הערן וואָס זי זאָגט. טרערן האָבן פאַרנעצט איר איבערגעשראָקן פּנים.

אַ צייט שפּעטער, ווען יהודה איז אַריין אין שטוב, איז באַשע געלעגן אויף

דער קאָזעטקע. זי איז געלעגן מיטן בויך אַרויף, אירע הענט און פיס זענען אַריבערגעהאָנגען. יהודה איז שטיין געבליבן אַן אויפגעציטערטער. אַ ווײַלע האָט ער געטראַכט וואָס ער זאָל טאָן. ער איז צוגעגאַנגען און זיך צוגעזעצט צו איר.

— באַשע, וואָס איז געשען? — האָט ער שטיל זי אַ פֿרעג געטאָן, ווי ער זאָל זי וועקן.

זי האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט אײַנגעצויגן אירע פיס אונטער זיך. זי האָט אויסגעביילט די הענט, ווי זי זאָל וועמען אַרומנעמען, און האָט אַ העשע געטאָן. זי האָט געוואָלט רעדן, אָבער נישט געקענט. אירע שטימבענדער זענען געווען פאַרטריקנט.

יהודה האָט עטלעכע מאָל איבערגעפירט זײַן האַנטפלאַך איבער אירע האָר. אַ ווײַלע שפעטער האָט ער אויפגעהערט זי גלעטן. ער האָט דערפילט אַז איר קערפער ציטערט.

— אוי! יהודה — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן און האָט זיך נאָך מער אײַנגעקאָרטשעט.

— באַשע — האָט ער איר געזאָגט. ער האָט אַרויפגעלייגט זײַן האַנט איבער איר אָרעם און זי אַ פרעג געטאָן: — געווען ווער?

— ניין — האָט זי אַדורכגעזויגן דאָס וואָרט דורך די ציין.

— דו האָסט געוויינט.

— איך וויין שוין שעהן, אָבער אָן טרערן. מײַנע אויגן זענען פון לאַנג שוין אויסגעטריקנט — האָט זי אים געענטפערט. זי האָט גערעדט פּאַמעלעך, ווי איין וואָרט זאָל נישט האָבן קיין צוזאַמענהאַנג מיטן אַנדערן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ פרעג געטאָן מיט כעס: — וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר?

ער האָט זי אַרומגענומען און געקושט. וואָס עס איז געשען האָט ער נישט געוווּסט. ער האָט נאָר פאַרשטאַנען אַז וואָס עס גייט איר. אַ צייט האָט ער זי געטוליעט צו זיך. אַז ער האָט זי אײַנגעשטילט, האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

— קום עסן!

— דײַן מאַמע איז בייז אויף מיר — האָט זי שטיל אים געזאָגט.

יהודה איז זיצן געבליבן מיט אַן אָפן מויל און אויפגעריסענע אויגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען מיט דער מוטער, ער האָט אָבער נישט באַגריפן, אַז זײַן מוטער האָט געקענט זאָגן איר אַ שלעכט וואָרט.

— איך גיי ברענגען דעם מיטאָג אין שטוב — האָט ער איר געזאָגט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַרויס פון שטוב.

די זעלבע נאַכט איז באַשע געלעגן אין בעט וואַך. די אויגן האָבן זיך איר געקלעפּט פון מידקייט, אָבער זי איז נישט אײַנגעשלאָפן. יהודה, נעבן איר, האָט געשנאָרכט. זי האָט געקוקט אין דער פינצטער און געזען שוואַרצע, געבוקטע, מיט שמאַטעס באַהאָנגענע געשטאַלטן. זייערע טרויעריקע אויגן האָבן אויף איר געקוקט מיט פּחד. זי האָט זיי געזען שוין נישט „דאָרט״, נאָר דאָ, אין זייער הויף, אין די שטאָט־גאַסן. איר מידער קאָפּ האָט פאַרביטן די צייט און אָרט. אויך די

פנימער האָט זי מער נישט דערקענט. אַז זי האָט דערזען אַ צעשפּאָלטן קינדער־קעפּל אין אַ קאַלוזשע בלוט, האָט איר קערפּער זיך אַ וואָרף געטאָן אין קאָנוואול־סיע און זיך איינגעקאָרטשעט פון ווייטאָג.

יהודה האָט פון שלאָף אַ ברום געטאָן: — אַההה! — ווי ער זאָל זי פרעגן און געשלאָפן ווייטער.

זי האָט זיך צו אים צוגערוקט. זי האָט געוואָלט אים פילן, זיין זיכער, אַז ער ליגט נעבן איר, אַז זי איז נישט אַליין. זי זעט די פינצטער און פילט די צייט. די שלייפן האַמערן איר, ביז זי האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. זי איז שוין נישט מסוגל געווען טראַכטן. די אויגן־לעפלעך האָבן זיך איר פאַרמאַכט. זי האָט איינגעדרימלט.

דער מאָרגן האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי זיי ווי יעדער זייער טאָג. באַשעס פּנים איז געווען ווייס, אירע אויגן אונטערגעשלאָגן, איר געשטאַלט אָפּגעצערט. זי איז געווען שלאַנק. זי איז, ווי יעדן טאָג, אַריין צו דער מוטער. זי האָט איר, ווי יעדן טאָג, געהאָלפן אין דער אַרבעט.ביידע האָבן געאַרבעט און געשוויגן. איינע האָט זיך אויסגעהיטן זאָגן דער אַנדערער אַ וואָרט. באַשע האָט נישט געוואַגט איר אַ קוק טאָן אין פּנים. שיינע איז געווען גליקלעך, אַז באַשע האָט פאַרגעסן דעם אינצידענט.

באַשע האָט געטאָן איר אַרבעט. זי האָט יעדעס מאָל נאָר שטיל אַ זיפץ געטאָן, ווי זי זאָל קרעכצן און אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער צי זי הערט.

שיינע האָט, ביי יעדן איר זיפץ, אַ קוק געטאָן פון דער זייט און אַ פאַרזאָרגטע אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

יהודה איז אָפטער ווי יעדן טאָג געקומען מיטן טענדער. ווי נאָר ער האָט פאַרהאַלטן דעם אויטאָ, האָט ער אָנגעשטעלט די אויערן צי עס איז שטיל. ער איז נישט אַריין אין שטוב. ער האָט געקוקט דורך די פענצטער צי באַשע איז ביי דער מוטער און איז צוריק אַוועקגעפאָרן.

די לופט אין שטוב איז געווען אַדורכגעוואַרעמט. דאָס פענצטער איז געווען אָפן. די נאַכט איז געווען אַ זומערדיקע. באַשע איז געלעגן אויף דער קאָזעטקע. יהודה איז געזעסן נעבן איר מיט אויסגעצויגענע פיס. ביידע האָבן זיך געפונען אינעם קרייז פון דער ליכטשיין. איבערן צימער האָבן זיך געשלייכט האַלבע שאָטנס. ביידע האָבן געשוויגן. עס איז געווען שטיל. די נאַכט־פרישקייט האָט זיך געשפּאַרט דורכן פענצטער: — יהודה — האָט באַשע מיט אַ מאָל אים אַ זאָג געטאָן.

ער האָט אָנגעשטעלט אויף איר די אויגן.

— פאַר וואָס ביסטו אַזוי גוט צו מיר? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן.

זיינע אויגן האָבן געשמייכלט. ער האָט אויפגעהויבן אירע הענט און זיי געקושט.

אַ וויילע שפּעטער האָט זי אַרויסגעצויגן אירע הענט פון זיינע. זי האָט איינגעצויגן אַ פּוס. זי איז געבליבן מיט אַן אויסגעשטרעקטער קני און זי האָט זיך צערעדט:

— איך פיל אין הויף יעדן קעגנשטאַנד. אַז איך גיי פאַרביי די שטאַל, דאַכט זיך מיר אַז איך גלעט די קי. איך האָב ליב דיין משפחה. דיינע עלטערן זענען מיר ווי טאַטע־מאַמע. — איצט איז זי שטיל געבליבן. אין אַ וויילע אַרום האָט זי אַ זאָג געטאָן: — מיין טאַטן מיט דער מאַמען האָבן זיי פאַרברענט.

די זומער־שאָטנס אויף דער וואַנט האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן.ביידע זענען זיי געווען נערוועז. אַ וויילע האָבן זיי אונטערגעוואַרט; ער, זי זאָל רעדן ווייטער; זי, ער זאָל זי הערן.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און זי האָט זיך געעפנט מיט אימפּעט.

— שלום! קינדער, וואָס מאַכט איר — האָט שפרה זיי אַ פרעג געטאָן אַ צעשטראַלטע און פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם סוועטער.

— שלום! שלום! — האָבן ביידע, איבערראַשטע, זי באַגריסט און זיי זענען אַראָפּ פון דער קאַזעטקע. יהודה האָט אָנגעצונדן די ליכט.

— איך בין געקומען מיט ליידיקע הענט. איך בין אַרויס פון שטוב, ווי איך זאָל גיין צו אַ שכנה — האָט שפרה זיך פאַרענטפערט.

— ווער עס קומט מיט ליידיקע הענט — האָט יהודה איר אַ זאָג געטאָן און אַ ברייטער שמייכל האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער זיין פּנים.

שפרה האָט באַטראַכט באַשען. אין שטוב איז געווען שטיל. אַן אויסגעצויגענער שאָטן איז געלעגן צווישן זייערע פיס.

באַשע האָט געקוקט אויף שפרהן, ווי זי זאָל זי באַטראַכטן מיט איין אויג. איר פּנים איז געווען מוטלאָז. זי האָט חושד געווען, אַז שפרה איז איר געקומען אויסרעדן די געשעעניש מיט דער מוטער. זי האָט געמיינט, אַז יהודה האָט איר דערציילט.

— וואָס שטייען מיר? פשוט זיך פאַרבענקט נאָך אייך — האָט שפרה אַ זאָג געטאָן און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש.

באַשע האָט זיך צו איר צוגעזעצט און געקוקט אַראָפּ. זי איז געווען זיכער, אַז שפרה ווייסט אַלץ.

יהודה האָט דערפילט די אָנגעשטרענגטע לאַגע. ער האָט נישט געוואָלט, אַז די שוועסטער זאָלן זיך אַדורכשמועסן וועגן דעם אינצידענט מיט דער מוטער.

— איך בין אַרויס פון שטוב בגניבה — האָט שפרה אַ זאָג געטאָן באַשען. אַז זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב צוליב רפין, האָט זי פאַרשוויגן.

באַשעס אויגן זענען געוואָרן פאַרגלייזט, ווי זיי זאָלן זיין פון פאָרצעליין. איר פּנים האָט זיך אויסגעצויגן.

שפרה האָט געקענט דעם אויסדרוק פון באַשעס פּנים און זי איז איבערגע־גאַנגען אויף אַן אַנדער טעמע.

— באַשע, דאַרפסט זען די קליידער־פּאַסאָנען אין די שויפענצטער און די שיך מיט די לאַנגע שפּיצן און הויכע קלעצלעך — האָט זי איר אַ זאָג געטאָן. — בכדי דו זאָלסט זיין עלעגאַנט, מוזסטו זיך אויך עפּעס איינהאַנדלען — האָט זי טראַציק צוגעגעבן.

— שפרה, ווילסט עסן? — האָט יהודה זי אַ פרעג געטאָן.

שפרה האָט זיך צעלאַכט און געוויזן מיט דער האַנט, אַז זי איז פול ביזן האַלדז.

— און טרינקען? — האָט ער זי נישט אָפּגעלאָזט.

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

יהודה איז אַוועק אין קיך. באַשע האָט געשוויגן. זי איז איצט געווען זיכער, אַז שפרהס פאַרשלאָג מיטן קלייד האָט אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער מוטערס שמועס, אַז אַ פרוי דאַרף זיין עלעגאַנט.

— וואָס קויפסטו דיר? — האָט שפרה זי געפרעגט — ווען דו וועסט קומען אין שטאָט, וועלן מיר ביידע גיין זוכן מציאות — האָט שפרה צוגעגעבן.

יהודה האָט געבראַנגט אַ טיפע, שטיינערנע שיסל מיט שוואַרצע און ווייסע געזאַלצענע קערעלעך. ער האָט די שיסל אַרויפגעשטעלט אויפן טיש. „נעמט", האָט ער אַ זאָג געטאָן צו די צוויי שוועסטער. ער האָט זיי אויך אונטערגערוקט דעם גרויסן אַשנבעכער אויף די שאָלן. אויך ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

אַלע האָבן געקנאַקט די קערעלעך.

— וואָס מאַכן די קי? — האָט שפרה געפרעגט יהודהן מיט אַ שמייכל.

— אוי! עס איז געבוירן געוואָרן אַ קעלבל — האָט באַשע איר געענטפערט און איר פּנים איז געוואָרן מילדער.

יהודה האָט באַלד דערזען די ענדערונג אויף איר פּנים.

— פון וועלכער קו? — האָט ער נייגעריק זי געפרעגט.

— די רויטע קו אין ווינקל האָט געבוירן אַ ווייס קעלבל מיט ברוינע פלעקן — האָט זי אים געזאָגט און אים געוויזן מיט אַ פינגער, ווי זי זאָל אים וויזן די קו.

— פון וואַנען ווייסטו? — האָט ער דערשטוינט זי געפאַרשט.

— וואָס אַ קו איז, האָב איך געוווסט נאָך אין שטעטל — האָט באַשע אים באַלערנט. אָבער אין זעלבן מאָמענט איז איר פּנים געוואָרן פאַרגליווערט. זי האָט פון די הענט אַרויסגעוואָרפן אויפן טיש אַרויף די קערעלעך און מיט ביידע פויסטן זיך אונטערגעשפּאַרט די גאָמבע. אירע אויגן זענען געוואָרן אויסגע־גלאָצט.

יהודה מיט שפרהן האָבן זיך איבערגעקוקט. זיינע און אירע אויגן זענען געווען טרויעריק. ערשט אַ ווייַלע שפּעטער האָט שפרה אַ זאָג געטאָן:

— גוטע קערעלעך, ביי אונדז קריגט מען נישט אַזעלכע.

יהודה האָט פּאַמעלעך אַוועקגענומען באַשעס הענט פון אונטער דער גאָמבע. איצט האָבן אַלע ווידער אין איינעם געגעסן. אין שטוב איז געווען שטיל. די

שטילקייט האָט געדריקט אויף זייערע קעפּ. אַ לאַנגע צייט האָט זיך געהערט אין שטוב דאָס קנאַקן פון די אויסגעטריקנטע שאָלן.

— מיר קלייבן זיך צו אייך מיט אַ וויזיט — האָט יהודה געזאָגט שפּרהן מיט שפּאַס.

— נו, ווען? — האָט שפּרה הייטער אַ פרעג געטאָן.

— ווען ווילסטו? — האָט יהודה געפרעגט באַשען.

— איך בין צו ווייניק עלעגאַנט פאַר דער שטאָט — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און ווייטער געקנאַקט די קערעלעך.

ביידע, יהודה מיט שפּרהן, האָבן זיך ווידער אַ מאָל איבערגעקוקט. שפּרה האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. יהודה האָט איר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, זי זאָל שווייגן. שפּרה האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אירע בעקלעך זענען געוועז רויט.

— איך קלייב זיך אין וועג אַריין — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

— אַזוי שנעל? — האָט יהודה אַ פרעג געטאָן.

— איך מוז שוין גיין. איך האָב איבערגעלאָזט די שטוב, די משפּחה, און בין אַרויס ווי אַ פויגל אויף דער פריי — האָט זי אים אויפגעקלערט און גע־שמייכלט צו אים. זי האָט אַרויסגעשיט די געבליבענע איר אין האַנט קערעלעך, אָפּגעווישט זיך מיט איין האַנט די אַנדערע און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט זיך פאַרקנעפּלט דעם סוועטער און גענומען גיין. זיי זענען איר נאָכגעגאַנגען איבערן הויף און געשוויגן. איינער האָט געפירט דעם אַנדערן אונטערן אָרעם און געקוקט אַראָפּ, ווי זיי זאָלן קוקן ווי זיי גייען. שפּרה האָט נישט געוואָלט די מחותנים זאָלן זי זען.

אָבער אין דורכגאַנג ביים הויז האָט יהודה אַ זאָג געטאָן שפּרהן:

— קום, זאָג שלום די עלטערן.

— זיכער — האָט שפּרה אים באַשטעטיקט זיין בקשה, ווי זי זאָל נישט אַנדערש טראַכטן.

יהודה האָט, מיט דער פויסט, אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און מיט דער צווייטער האַנט זי געעפנט. די ליכטשיין האָט זיי אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. זיי זענען אַריין אין שטוב.

— שלום, מחותנים! — האָט שפּרה זיי אַ זאָג געטאָן און איז שטיין געבליבן ביי דער טיר.

— ס'קאָצל קומט! שפּרה! וואָס מאַכט מען? וואָס זעט מען דיך נישט? — האָט שיינע זי באַגעגנט מיט אַ וואַרע. שיינע איז געווען אַליין אין שטוב.

— ביז איך פּאַרע מיך אָפּ מיט דער אַרבעט, איז שוין נאַכט, נישטאָ ווען — האָט שפּרה זיך פאַרענטפערט.

— וואָס שטייט איר ביי דער טיר? קומט ווייטער! — האָט שיינע, אַ פאַר־וווּנדערטע, געפרעגט און זי פאַרבעטן.

— איך בין אַריין אויף איין פוס, נאָר זאָגן „שלום". איך מוז שוין פאָרן. איך האָב איבערגעלאָזט די משפּחה — האָט שפּרה זיך פאַרטיידיקט. ביידע

פרויען האָבן זיך אָפּגעגעבן כבוד, אָבער איינע האָט נישט געוואַגט קוקן דער אַנדערער אין די אויגן. — מחותנתטע, שלום! — האָט שפרה איר אַ זאָג געטאָן קורץ, זי זאָל זי מער נישט פאַרהאַלטן.

— זע נאַר, זע, אַפילו זיך נישט צוגעזעצט, אַ קאַפּ טיי נישט דערלאַנגט — האָט שיינע זיך געקלאָגט, אָבער אַז שפרה האָט זיך אויסגעדרייט צו דער טיר, האָט שיינע איר געזאָגט: — גייט געזונט! און לאָזט אויף זיך נישט וואַרטן.

— ווו איז דער טאַטע? — האָט יהודה אַ פרעג געטאָן.

— ביי מאירן — האָט די מוטער אים געענטפערט.

אַלע דריי זענען אַרויס פון שטוב. זיי האָבן קוים צוגעשפּאַנט צו דער פאַרטקע, ווי אַ דיק קול פון אויטאָבוס אַרויס האָט זיי אַ זאָג געטאָן: „יהודה, שנעלער!" — דער אויטאָבוס, וואָס פאַרט אין שטאָט, איז שטיין געבליבן. דער ברייטפּלייציקער, בלאָנדער שאָפער, יהודהס ידיד, האָט געעפנט די טיר זיי זאָלן איינשטייגן.

— קיף חאַלאַק? (וואָס מאַכסטו) יחיאל — האָט יהודה זיך מיט אים דער־פרייט און לייכט אַ דריק געטאָן שפרהן די האַנט. ער האָט זי אונטערגעהויבן, איר געהאָלפן איינשטייגן און אַ זאָג געטאָן יחיאלן: — מיין שוועגערין!

— טייב! (גוט) — האָט דער שאָפער געענטפערט אַ צופרידענער און גע־לאָזט דעם אויטאָ אין גאַנג.

— שלום! שלום! — האָט באַשע נאָכגעשריגן דער שוועסטער.

יהודה האָט אַ נעם געטאָן באַשען אונטערן אָרעם און איז מיט איר אַוועק אין שטוב.

דער הויף, די מענטשן זענען געוואָרן איר נאָענט. זי האָט געוווּסט, אַז אָט דאָ שטייט דער שפּייכלער, דאָרט ליגט דער סטויג שטרוי, דאָ מעלקט מען די קו, דאָ געפינט זיך דער וואַסערקראַן. איר, באַשען, איז געווען באַקאַנט יעדעס שטיינדל אויפן שטעג אין שטאַל אַריין. זי האָט שוין געקוקט ווי די קי שטייען צעקראַטשעטע מיט זייערע פליישיקע גוידערס און שווערע אייטערס און קוקן מיט זייערע תמימותדיקע אויגן. זי האָט ליב געהאַט איר וווינונג, אירע צוויי צימערלעך. אָפט האָט זי אין זיי אַרומגעקרייזט ווי אין אַ שטייג. איר בליק איז געוואָרן מילדער, אירע אויגן גרעסער, ווען זי פלעגט זען יהודהן, זיין הויכע, ברייטבייניקע געשטאַלט. זי איז געווען צופרידן ווען ער איז געווען נעבן איר. זי האָט ליב געהאַט זען זיינע גרויע, גוטמוטיקע אויגן, וואָס האָבן אַזוי ווייך געקוקט אויף איר. זי האָט געוואָלט זיין גוט צו אים, איבערגעגעבן, אָבער זי האָט נישט געקענט. זי האָט עס נישט געקענט, ווי אַ האַנט זאָל זי שלעפּן אויף צוריק.

יהודה האָט געזען וואָס עס קומט פאָר מיט באַשען. ער האָט געזען ווען זי איז אַפּאַטיש, דערשלאָגן און אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגן־לעפלעך זענען בלוי.

ער האָט געזען ווען אירע אויגן זענען אויפגעריסן, גרויס און פאַרגליזט און זי קוקט ווייט, ווי אַ סגי־נהור. אין די מאָמענטן, האָט ער זי געוואָלט אַרומנעמען, זי קושן, האַלדזן, איר זאָגן: דו ביסט מיר אַלץ אין לעבן. ער האָט אָבער מורא געהאַט זיך צו איר דערנענטערן, איר זאָגן אַ וואָרט. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער קען צעשטערן דאָס קאַפּיטשקע גוטס.

לעצטנס איז יהודה אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער, מער נאָך ווי פריִער. זיין קאָפּ איז כמעט אַראָפּגעהאָנגען איבער אים. זיין שטערן איז געווען צע־קנייטשט. ער האָט געמרוזשעט די אויגן, גערייכערט איין ציגאַר נאָך דעם אַנדערן און טיף פאַרצויגן דעם רויך. ער האָט געוואָלט, אַז באַשע זאָל געזונט ווערן. ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל ווערן די מאַמע פון זיינע קינדער. ער האָט זיך געשעמט, נישט נאָר פאַר טאַטע־מאַמע, נאָר געפילט אַז די שכנים קוקן אים נאָך ווען ער גייט פאַרביי. ביז איצט האָט ער געמיינט, אַז קיינער ווייסט נישט וואָס ביי זיי אין שטוב קומט פאָר.

די לעצטע טעג איז זי בכלל געווען אומדערטרעגלעך. זי איז נישט אַרויס־געגאַנגען פון שטוב. זי האָט געשפּאַנט איבערן צימער אַ פאַרפייניקטע. אירע שטאַרע אויגן האָבן געקוקט און נישט געזען. זי פלעגט נישט גיין צו דער מוטער. יהודה האָט איר געברענגט עסן אין שטוב. זי האָט געגעסן אָן אַ סדר, שנעל, שטייענדיק. ער האָט כמעט נישט געאַרבעט. מאיר, זיין ברודער, האָט אים פאַרטראָטן אין דער אַרבעט. יהודה פלעגט נאָר דערליידיקן דאָס נויטיקסטע. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַ געבוקטער פאַר זייער הויז, אָדער געזעסן פאַר דער טיר און געליטן צוזאַמען מיט איר.

ווען זי פלעגט אים דערזען דורכן פענצטער, זענען אירע אויגן געוואָרן טריב. זי האָט געוואָלט צו אים צוגיין, אים זאָגן אַ גוט וואָרט, אָבער זי האָט נישט געקענט. אומבאַקאַנטע כוחות האָבן זי צוריקגעהאַלטן. די נערוון אירע האָבן איר פאַרזאָגט. אַ מאָל איז זי געשטאַנען ביים פלויט און געקוקט אין גאַס אַריין. אַ גרופּע קליינע, צעשפּילטע קינדער זענען געגאַנגען פון שול. ווי נאָר זי האָט זיי דערזען, זייערע צעהיצטע פּנימלעך און צעשויבערטע הערעלעך, האָט איר אַ קלעם געטאָן ביים האַרץ. אין מאָמענט האָט זי זיך פאַרגעשטעלט, אַז צווישן זיי האָט געקענט זיין איר יינגעלע. זי האָט געוואָלט זען זיין פּנימל, אָבער זי האָט זיך נישט געקענט דערמאָנען. זי איז אַריינגעפאַלן אין שטוב און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער קאָזעטקע אַ פאַרחלשטע.

שיינע איז אַריין צו באַשען אין שטוב. זי האָט געוואָלט זיך מיט איר אַדורכרעדן, אָבער ווי נאָר זי האָט דערזען באַשען ווי זי שפּאַנט איבערן צימער, איז זי שטיין געבליבן, אַ פאַרצווייפלטע, הינטערן פענצטער. זי האָט פאַרבראָכן די הענט און אירע ליפּן האָבן אַ מורמל געטאָן: „גאָט מיינער!" אַ ווילע איז שיינע געשטאַנען און געטראַכט. זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי זאָל טאָן; צי זי זאָל זי רופן, צי זי זאָל אַריין צו איר אין שטוב. באַשע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ווי נאָר שיינע האָט דערזען איר פּנים, האָט זי זיך אויסגעדרייט און אַוועק

אַהיים. זי איז געגאַנגען שנעל, אָבער זי האָט געפילט אויף זיך די עלטער. זי האָט אויפגעפּראַלט די טיר און איז אַריין אין שטוב מיט אימפּעט. די טיר האָט זיך צוגעמאַכט פון זיך אַליין.

— אַברהם, מען מוז ראַטעווען ס׳קינד! — האָט שיינע אַ יאָמער געטאָן. גרויסע טרערן האָבן געקאַפּעט פון אירע אַלטע אויגן און זי האָט געצויגן זיך די פינגער, ווי זי זאָל זיי ברעכן.

ר׳ אַברהם האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון ספר, אין וועלכן ער האָט אַריינ־געקוקט. דער גרויער בין־השמשות האָט ווי פאַרדעקט זיין לענגלעך, פלייִשיק פנים. ער האָט אויף איר געקוקט מיט פאַרזאָרגטן נייגער.

— דאָס קינד ווערט, חלילה, אַראָפּ פון זינען — האָט שיינע אים אַ זאָג געטאָן. אַ געוויין האָט אַ טרייסל געטאָן איר קאָפּ און זי האָט, מיט דער שפּיץ שאַרץ, זיך געווישט די אויגן.

זיינע ברוינע אויגן זענען געווען פול צער. זיינע געדיכטע ברעמען זענען געווען שטייף. זיין פנים איז געווען נאָך מער צעקנייטשט. ער האָט נישט געקענט זען ווי זי וויינט.

— נו, נו, יידענע, גענוג — האָט ער זי אַ בעט געטאָן, זי באַרויִקט. — איך גיי אַריין — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַוועק צו דער טיר.

שיינע האָט זיך צוגעזעצט. זי האָט כסדר מיט דער שאַרץ זיך געווישט די טרערן פון די אויגן. איר קאָפּ האָט זיך געשאָקלט פון צער.

ר׳ אַברהם האָט זיך אומגעקוקט. ער האָט געזוכט, געוואָלט וועמען טרעפן פון די זין אויפן וועג. זיין טראָט איז געווען שווערער. ער איז געגאַנגען פאַמעלעך און געטראַכט. ער האָט פאַרשטאַנען וועגן וואָס שיינע האָט גערעדט.

יהודה איז אים אַנטקעגנגעקומען.

— שלום, טאַטע — האָט ער אַ זאָג געטאָן אַ צעטומלטער, ווי ער זאָל אים זען היינט ס׳ערשטע מאָל.

דער פאָטער האָט געהערט זיינע טריט, אָבער ער האָט ערשט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווען ער איז שטיין געבליבן נעבן אים. דער פאָטער האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אָנגעלענט אָן דער וואַנט פון שפּייכלער. זיין פנים איז געווען צעקנייטשט פון זאָרג.

— זון, וואָס האָט פּאַסירט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן יהודהן, ווי ער זאָל אַדורכזייען די ווערטער דורך די ציין.

— זי האָט זיך אויפגערעגט אַ ביסל — האָט יהודה צונישט געמאַכט דעם פאָטערס פראַגע און, אַ פאַרשעמטער, אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט נישט געוואָלט אויסרעדן זיך זיין ביטער האַרץ פאַרן פאָטער.

דער פאָטער האָט מיט איין האַנט אָנגענומען זיך די שפּיץ באָרד. די אַנדערע האַנט האָט ער אַרויפגעלייגט אויף יהודהס אַקסל און אים אַ זאָג געטאָן שטיל:

— נעם זי צו אַ דאָקטער.

יהודהס פּנים איז געוואָרן גרוי. ער האָט פאַרביסן די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולטער.

דער פאָטער האָט אויך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט נישט געקענט זען דעם זונס צער.

— יהודה, איך בין געניטער פון דיר בלויז פון יאָרן — האָט דער פאָטער זיך פאַרענטפערט פאַר אים. אַ ווײַלע איז דער זון געשטאַנען דעם טאַטן אַנטקעגן און געשוויגן. דער פאָטער האָט געוואָלט יהודה זאָל אים פאָלגן און האָט אים אַ זאָג געטאָן: — איך האָב געשוויגן, אָבער איך זע און ווייס אַלץ. — די פּאָר ווערטער האָבן צענומען יהודהן. זיין קאָפּ איז געבליבן הענגען, ווי זיין רוקנביין זאָל זיך האָבן איינגעבראָכן. ער האָט זיך אונטערגעגעבן.

— גוט, טאַטע — האָט ער אים אַ זאָג געטאָן.

דער פאָטער האָט אים אונטערגעהויבן דעם קאָפּ. אַ ווײַלע האָט דער פאָטער אים אַריינגעקוקט אין די אויגן און אַ זאָג געטאָן:

— יהודה, פאַרליר נישט דעם קאָפּ, גאָט וועט העלפן! — דער פאָטער האָט אַוועקגענומען זיין האַנט און גענומען גיין צוריק אַהיים. פון וועג שוין האָט דער פאָטער אים אַ זאָג געטאָן: — דו זאָלסט זיך מיט מיר אַן עצה האַלטן.

שיינע האָט געשטריקט. זי האָט אויפגענומען ׳אויגן׳ אויף אַ שפּיזל. זי איז געזעסן אָפּגערוקט פון טיש, ווי אַ פּניאַק, וואָס מען קען נישט רירן פון אָרט. ר׳ אַברהם האָט געשפּרייזט איבערן קיכצימער מיט לאַנגע, נישט זיכערע טריט. ער האָט געשפּרייזט מיט די הענט פאַרלייגטע אויף הינטן. פון צייט צו צייט האָט ער, נערוועז, געקנאַקט מיט די פינגער. אין שטוב איז געווען שטיל, אָבער די נערוועזיטעט האָט זיך געפילט אין דער לופט. די אַלטע האָבן אויסגעקוקט דאָס פּאַרל. יהודה איז אַוועק מיט באַשען צום דאָקטער.

מיט אַ מאָל איז דער פאָטער שטיין געבליבן. די מוטער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זיי האָבן דערהערט ווייכע טריט. ביידע האָבן, נערוועז, אַ שנופּ געטאָן מיט די נעז. ער האָט גענומען ווידער שפּרייזן איבערן צימער, זי האָט געטאָן איר אַרבעט. די זומערנאַכט האָט געווייעט דורכן אָפענעם פענצטער.

יהודה האָט געפירט באַשען. זיין אָרעם איז געווען איבערגעלייגט איבער איר אַקסל. זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן. ער האָט זי אַריינגעפירט אין שטוב און אַנגעצונדן די ליכט. די שיין האָט אַ שימער געטאָן אין די אויגן. זיי זענען געשטאַנען אַנטקעגן זיך, אָבער זיי האָבן זיך נישט געקוקט אין די אויגן. איינער האָט זיך געשעמט פאַרן אַנדערן.

— איך וועל מיר נעמען עסן, דו גיי צו די עלטערן — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן.

ער האָט זיך אין איר איינגעקוקט, געוואָלט זען צי זי האָט נישט קיין ספּעציעלע כוונה. איר פּנים איז געווען געגליווערט, אָבער רויִק, גוט.

— איך גיי און קום באַלד צוריק — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן. ער האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַרויס פון שטוב. ביידע האָבן פאַרשטאַנען וואָס זיי דאַרפן טאָן. יהודה האָט זיך אַריינגעשלייכט אין שטוב צו די עלטערן, ווי ער זאָל וועלן זיי זאָלן אים נישט מערקן.

— אָט איז ער! — האָט דער פאָטער אים באַגעגנט מיט פרייד און איז שטיין געבליבן, געוואַרט. די מוטער האָט איבערגעריסן איר אַרבעט און, נייגעריק, אַ קוק געטאָן אויפן זון פון איבער די ברילן אַריבער.

יהודה האָט געוואָלט צו זיי רעדן, אָבער דאָס מויל האָט זיך אים נישט געעפנט. זיין פּנים איז געווען גרוי און גרין. די פאַרביטערונג איז געלעגן אונטער זיינע אויגן.

דער פאָטער האָט פאַרשטאַנען זיין מצב.

— נו, זון, וואָס פאַר אַ גוטס ברענגסטו אונדז — האָט ער אים אַ פרעג געטאָן מיט געמאַכטן קוראַזש.

יהודה האָט אַ צייט זיך געביסן די נעגל. זיינע אויגן זענען געווען פאַרמרוזשעט, ווי ער זאָל זיין איינגעקוקט אין עפּעס. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און זיך צערעדט. ער האָט גערעדט שטיל, ווי די ווערטער זאָלן אים נישט אַדורך דורך דער קעל.

— איך האָב אים אין קורצן איבערגעגעבן אַלץ. — ער האָט פאַרמאַכט די אויגן אויף אַ ווײַלע, אַ שניפּ געטאָן מיט דער נאָז און ממשיך געווען, ווי ער זאָל צונויפשטעלן די ווערטער: — דער דאָקטער שלאָגט פאָר איך זאָל מיט איר גיין אין דאָרף, זי זאָל זיין אויף דער נאַטור. — ער האָט גערעדט און נישט געקוקט די עלטערן אין פּנים אַריין.

די ליכט אין צימער איז ווי טונקעלער געוואָרן, ווי די נאַכט אין דרויסן זאָל זי האָבן איבערגעדעקט. די שטילקייט האָט אַלעמען געקלונגען אין די אויערן. דער פאָטער האָט דערפילט אַז ער דאַרף עפּעס זאָגן.

— ווי האָט זי זיך אויפגעפירט ביים דאָקטער? — האָט ער שטיל אַ פרעג געטאָן.

יהודהס פּנים איז געוואָרן אויפגעלעבט. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער קען אויך דערציילן עפּעס גוטס וועגן באַשען:

— איך האָב איר פאַרגעשלאָגן, אַז מען דאַרף צוגיין צום דאָקטער, האָט זי מיר געענטפערט, אַז זי האָט שוין געטראַכט וועגן דעם. אויך ביים דאָקטער איז זי געווען רויִק. זי האָט זיך צוגעהערט וואָס דאָקטאָר גרין פרעגט און האָט אים געענטפערט.

דער פאָטער האָט די גאַנצע צייט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט געבלאָזן פון זיך און געצויגן זיך די באָרד פון אויפרעגונג. דער מוטערס פּנים איז געווען פאַרקרימט, ווי ביי אַ קינד וואָס וויל וויינען. יהודה האָט געביסן מיט די ציין די אויבערשטע ליפּ און געוואַרט וואָס דער פאָטער וועט זאָגן.

דער פאָטער איז מיט אַ מאָל ווי קלענער געוואָרן. זיין קאָפּ איז אים געבליבן

ליגן אין די אַקסלען און מיט אַ הויכער שטימע, וואָס האָט געציטערט, אַ זאָג געטאָן:

— זאָל דאָס אייך ברענגען מזל! — ער האָט צוריק אויסגעגליכן זיין רוקן. ער האָט מיט דער האַנט זיך אָפּגעצויגן די באָרד און גענומען שפּאַנען איבערן צימער.

— נישט אַזוי האָב איך געמיינט — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן מיט אַ קרעכץ, ווי עס זאָל פון איר טריפן בלוט.

יהודה האָט געזען די עלטערנס פּיין. ער האָט דערפילט אַן איבלקייט. זיין גומען האָט זיך אים איינגעצויגן.

— מיר וועלן זיין אין דאָרף נאָר אַ שטיקל צייט, דערנאָך קומען מיר צוריק אין שטוב — האָט ער זיי געטרייסט.

ביידע אַלטע לייט האָבן זיך איינגעקוקט אין אים. זייערע אויגן זענען געווען נאַס. אַ לויטערער טרער האָט נישט געקענט אַרויספאַלן פון פאָטערס אויגן־ווינקל. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיט אַ געבראָכענער שטימע זיך אַ ווענד געטאָן צו יהודהן:

— איך בין שוין אַלט. דו וועסט מוזן פירן ווייטער דעם שטאָל, געדענק!

די מוטער איז געזעסן ווי זי זאָל האָבן איינגעפאַלן. איר קאָפּ האָט זיך געשאָקלט איבער זיך, ווי אַ זייגער־אומרו.

דער פאָטער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט האַסטיק זיך איינגעקלאַפּט די הענט און מיט אַ הייטערער שטימע אַ זאָג געטאָן:

— יהודה, גאָט איז אַ פאָטער! גיי אין שטוב! — האָט ער אים באַפוילן.

יהודה האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון די צוויי אַלטע לייט. זיין האַרץ איז געווען איבערפולט מיט צער. ער האָט נישט געקענט רעדן. „אַ גוטע נאַכט" — האָט ער נאָר אַ זאָג געטאָן און איז אַרויס פון שטוב.

ביידע אַלטע האָבן מיט אויפגעהויבענע קעפּ אים נאָכגעקוקט, ווי זיי זאָלן אים נאָכזאָגן.

# יד

דער הימל־געוועלב איז געווען הויך. זיין פיאָלעט, געדיכט. דער האָריזאָנט — ווייט, די ליכט דורכזיכטיק, אָבער דיק. די זון האָט געבריט שוין פון דער פרי. די היץ איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג שטאַרקער. דעם בלויען טענדער, אין וועלכן יהודה קען יעדעס שרייפל, פירט איצט מאיר, זיין ברודער. מאיר האָט פאַרקלענערט דעם גאַנג פון אויטאָ. ער האָט פאַרקערעוועט דעם רודער אין אויטאָ און איז אַראָפּ פון הויפּט־טראַקט. ער איז אַרויפגעפאָרן אויף אַ שמאָלן, זייטיקן דאָרפסוועג. נעבן אים זענען געזעסן יהודה מיט באַשען. ביידע האָבן

געשווינגן און געקוקט. דער וועג האָט זיך געשלענגלט באַרג אַרויף. פון לינקס האָט זיך געצויגן אַ שמאָלער, באַאַרבעטער ערד־שטח. דער שטח האָט געצוימט אַ לאַנגע קייט פון בערג. די ערד איז געווען פונאַנדערגעטיילט אין גרינע פירעקן. דער גרין איז געווען פילפאַרביק, ווי אַ דיוואַן־געוועב. אַ ווינטל האָט געווייעט. די צעשאָקלטע געוויקסן האָבן זיך געוויגט. דער דיוואַן־קאָלאָריט האָט זיך געענדערט.

פון דער צווייטער זייט וועג האָט זיך געצויגן אַ נאָדלוואַלד. די דינע, שלאַנקעביימער זענען געשטאַנען אין דער הויך, ווי זייערע קרוינען זאָלן גרייכן דעם הימל. זייערע צווייגן זענען געווען פונאַנדערגעלייגט, ווי זיי זאָלן בעטן. אַ פויגל האָט געקרייזט אין דער לופט און געפּאָכעט מיט די פליגל. אַן איבערגעשראָ־קענער האָז מיט אויפגעשטעלטע אויערן איז אַרויס פון די פעלדער און איז פאַרפאַלן געוואָרן אין וואַלד. די רו איז געלעגן פונאַנדערגעלייגט. באַשע און יהודה האָבן געקוקט. זייערע פּנימער זענען געווען מיד און אָנגעשטרענגט פון אויפרעגונג. באַשעס אויגן זענען געווען שטאַר.

מאיר האָט צוריק אויסגעגליכן דעם רודער. דער אויטאָ, לייכט איבערגעבויגן אויף אַ זייט, האָט זיך צוריק אויסגעגליכן און איז אַרויף אויף דעם פאַרבויגענעם, ווי אַ קני, באַרג. דאָס דאָרף, אין וועלכן זיי האָבן באַדאַרפט לעבן, האָט זיך זיי באַוויזן אין דער גאַנצער פּראַכט, איינגערעמט אינעם פייזאַזש פון אַרום. ברייטע, צעצווייגטע ביימער פאַרשטעלן די הייזער. נאָר קאָלירטע ווענטווינקלען פון די הייזער זעען זיך אַרויס. זיי איז אַנטקעגנגעקומען פון די בערג אַ מילדער ווינט. אַלעמענס נאָזלעכער האָבן אַ פלאַטער געטאָן. באַשע האָט פאַרמאַכט די אויגן און טיף אָפּגעאָטעמט. די פרישקייט האָט זי דערקוויקט. יהודה האָט זי צאַרט צוגעדריקט צו זיך.

יהודה אַרבעט שוין עטלעכע טעג. ער איז דער דאָרפסשאָפער. ער פירט אַ לאַסטאויטאָ און האָט זיך שוין צונויפגעלעבט מיט די דאָרפס־איינוווינער. אים דעם אַבסאָלוועגט פון „מקווה״, זענען די מענטשן געווען נאָענט. נאָר באַשע איז נאָך נישט אַרויס פון שטוב. יהודה באַזאָרגט אַלץ.

היינט איז דער ערשטער נאָכמיטאָג, ווען יהודה פירט באַשען איבער זייער הויף. ער ווייזט איר און זיי באַטראַכטן צוזאַמען דאָס שמאָלע, הויכע קרעם־געקאָלכטע הויז מיטן שיפן דאַך, דעם לענגלעכן הויף מיט די אונטערגעגאָסענע זשעראַניום־קוסטן אונטער די פענצטער. אין צווישנצייט האָט די שכנה זיי גע־פלעגט. ער האָט זי צוגעפירט צום סוף־הויף, צום פלויט פון שטעכלדראָט און מיט אַ פינגער איר אָנגעוויזן אויף אַ קליין, ווייס־געקאָלכט ליידיק הייזל.

— דאָס איז אונדזער שטאַל — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן.

— ווער וועט אַרבעטן? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן, קוים רירנדיק מיט די ליפּן.

יהודהס פּנים איז געוואָרן ערנסט. ער האָט מיט פֿאַרמרוזשעטע אויגן זיך איינגעקוקט אין איר. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער שטיל איר געענטפֿערט:

— איך און דו — און האָט צאַרט אַ גלעט געטאָן איר פּנים.

— אין שטאָט פֿאַראַן אַ סך קי, נישט געדאַרפֿט קומען אַהער — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שוועל.

— יאָ, אָבער — האָט ער אַ שטאַמל געטאָן. ער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ און צו איר זיך צוגעזעצט. ער האָט צוגעוואַרט אַ ווײַלע און פֿאַרענדיקט זײַן ענטפֿער:

— מיר'ן האָבן אויך צוויי דונאַם ערד דאָ — און ער האָט איבערגעלייגט זײַן אָרעם איבער איר אַקסל.

די היץ פֿון דער שוין איבערגעטריקנטער ערד שפּאַרט זיך זיי אין פּנים. אַ יאַשטשערקע איז אָנגעלאָפֿן און אַוועקגעלאָפֿן. באַשע האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, איר נאָכגעקוקט. זי האָט אויסגעשטרעקט איר אויבערשטע טייל קערפּער. זי האָט געקוקט צווישן די גראָזן.

— באַשע, זעסט, יעדער קעמפּט פֿאַר זײַן לעבן — האָט יהודה איר אַ זאָג געטאָן. ער האָט געמיינט די יאַשטשערקע.

— צו וואָס? — האָט זי אים געענטפֿערט און געפֿרעגט. איר קול איז געווען הייזעריק.

יהודה האָט זי אָנגעקוקט. אירע שטאַרע אויגן זענען געווען אויסגעלאָשן. ער האָט זיך צוגערוקט צו איר. זיי זענען געזעסן און געשוויגן. אַרום זיי איז געווען שטיל. מען האָט געהערט ווי די גרעזער טריקענען. ער האָט זיך צערעדט.

— איך מיט דיר בין אַנטלאָפֿן, די מענטשן זאָלן אונדז נישט זען. אַלע זענען דאָך אויפֿגעשטאַנען פֿאַר טאָג, געקומען זיך געזעגענען. — זײַנע אויגן זענען געווען פֿייכט. — גוט וואָס שפרה מיט יצחקן זענען געווען אַ טאָג פֿריִער — האָט ער זיך געטרייסט.

— ווּ זענען געווען די קינדער? — האָט זי זיך אַ פֿרעג געטאָן, ווי זי זאָל אויסהערן די ווערטער און האָט זיך פֿאַרדעקט די אויגן. אירע אויגן־לעפֿלעך זענען געווען בלוי, איר פּנים — אַ מאַסקע פֿון אַ טויטן. זי האָט געוווּסט, אַז זי איז אין אַלעם שולדיק.

ער איז געזעסן און געשוויגן. ער האָט געזען דאָס בילד פֿאַר זיך, דעם אָפּשייד מיט דער משפּחה. ער האָט דערפֿילט אַ ציטער, ווי עס זאָל אים האָבן קאַלט געוואָרן. ער האָט זי און זיך אויפֿגעשטעלט.

— קום אין שטוב — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און געגומען גיין מיט איר. זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן.

דורך די אָפֿענע פֿענצטער האָבן זיך שוין געשפּאַרט אָוונט־שאָטנס. באַשע איז געזעסן אויף דער סאָפֿקע מיט איבערגעלייגטע פֿיס. אירע אַקסלען זענען אַראָפּגעלאָזט. יהודה איז געזעסן אויף אַ בענקעלע איר אַנטקעגן. אין שטוב איז געווען שטיל. מען האָט נאָר געהערט דעם רויש פֿון די וואַסער־שליידערערס,

וואָס נעצן די דאָרפס־פעלדער. זייער איצטיקע דירה איז באַשטאַנען פון אַ ריזיק לאַנג, גרוי־געקאַלכט צימער מיט אַ קיך און באַקוועמלעכקייטן. ער האָט אַלע זייערע זאַכן איבערגעפירט און אויסגעשטעלט אין דעם צימער, נאָר די נאַכט־שענקלעך האָט ער נישט מיטגעבראַכט. זייער בעט איז איצט געשטאַנען אויבן אין צימער, אונטערן פענצטער, ווי אָפּגעזונדערט.

דער וואַסער־געזאַנג איז געווען יהודהן צום האַרצן. ער האָט געהאַט באַשען נעבן זיך, אָבער ער איז געווען אָפּגעריסן פון דער משפחה. ער האָט זיך געפילט ווי דעמאָלט, ווען ער איז געפאָרן קעמפן קיין איטאַליע. נאָר דער צווייגן־ און בלעטער־רויש האָבן געשטילט זיין בענקשאַפט.

איר איז אַלץ געווען פרעמד. דער הימל און די ערד. זי האָט נאָך קיין מענטש נישט געזען. זי האָט ביי זיך נאָר יהודהן. זי האָט כסדר געשוויגן. זי האָט מיט אים גערעדט נאָר איינצלנע ווערטער. זי איז געווען איינגעטאָן אין זיך און אין אירעליידן.

יהודה האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער.

— די נאַכט פאַלט צו, מען דאַרף גרייטן אָוונטברויט — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן. ער האָט פּאַמעלעך זיך אויפגעשטעלט, ווי ער זאָל אויף זיך האָבן אַ משא און איז אַוועק אין קיך.

זי האָט זיך אַריינגעקוקט אין דער סאָפּקע. זי האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ אָן דער וואַנט און מיט אירע שטאַרע אויגן אויסגעקוקט די פינצטער, וואָס האָט זיך דערנענטערט אין שטוב אַריין.

אָפּט איז זי געבליבן שטיין אויפן הויף ווי אַ סטאַטוע, און אירע גלייזיקע אויגן האָבן אַרומגענומען די סביבה. די שטראַלנדע זונהעלקייט האָט געגלעט די שטילקייט. די שטילקייט האָט געקלונגען, ווי דאָס דאַרף זאָל זיין ליידיק. דאָ און דאָרט פלעגט זיך באַווייזן אַ מענטש, וואָס איז באַלד ווי פאַרשוווּנדן אין רוים־שטח. אויף די פעלדער האָט מען געזען געבוקטע רוקנס, ווי פונאַנדער־געלייגטע קופּעס. די וואַסער־שליידערערס האָבן געזעטיקט די געוויקסן מיט נעץ. אַ מרוק פון אַ קו פלעגט זיך אַריינרייסן אין דער שטילקייט. אַ גרילץ פון אַ טראַקטאָר האָט פאַרשטילט איר געשריי.

די רויִקייט האָט אירס געטאָן. באַשע האָט ווייטער געחלומט אין די נעכט, אָבער זי האָט שוין נישט געשריגן מער. זי האָט געפילט אונטער זיך די ערד אויף וועלכער זי האָט געטראָטן.

יהודה איז כסדר געווען אויף די וועגן. ער האָט אַוועקגעפירט דאָס געדעטע־ניש און געברענגט מאַטעריאַל און פּראָוויאַנט פאַרן דאָרף.

באַשע איז געבליבן מיט זיך, מיט איר צייט. זי האָט געהאַט צייט און געשפּאַנט איבערן די צימערן, נישט געוווּסט וואָס זי זאָל טאָן מיט זיך. פון כעס אויף זיך, האָט זי נישט איין מאָל געביסן די פויסטן. אירע שטאַרע אויגן זענען געווען גלייזיק. זי האָט געוואַרט. דאָס שפּאַנען איבערן צימער, דאָס אומ־ענדלעכע וואַרטן האָבן זי אָפּט דערפירט צו וואַנזין, פאַר וועלכן זי אַליין האָט

זיך געשראָקן. דעמאָלט פלעגט זי אַרויס פון שטוב. דעמאָלט האָט זי געבלאָנ־דזשעט אָן אַ ציל. אַ באַרויִקטע פלעגט זי צוריק אַריין אין שטוב.

זי האָט אַליין נישט געמערקט, ווי זי האָט אָנגעהויבן אָפּשטויבן דאָס מעבל אין שטוב און אויסגעווישט די פּאָלן. זי האָט צוגעגרייט אַ סאַלאַט, נישט ווּיסנדיק פון וואָס און פאַר וועמען. זי האָט געטרונקען אַ סך קאַלט וואַסער. ווען זי האָט געזען, אַז די פלאַש איז ליידיק, האָט זי זי ווידער אָנגעפילט און צוריק אַריינ־געשטעלט אין קילשאַנק. זי האָט שוין אויך אונטערגעגאָסן די זשעראַניום אונטער די פענצטער. זי האָט די אַרבעט געטאָן ווי בגניבה, נישט געוואָלט מענטשן זאָלן זען און יהודה זאָל נישט מערקן.

פון זינט יהודה האָט זיך געטראָפן מיט באַשען ביי דער ים־פּראָמענאַדע און זייט זייער חתונה, האָט ער ערשט איצט זיך אָפּגעפונען. ער איז געוואָרן זעלבשטענדיק, געטראָגן אויף זיך דעם עול פון אַ בעל־משפחה און די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר באַשען.

ווי נאָר יהודה האָט געעפנט די טיר און איז אַריין אין שטוב, האָט ער באַלד געוואָרפן אַ בליק פון דער זייט, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד באַשע געפינט זיך. ער איז גרייט געווען אויף איר יעדן רוף און פאַרלאַנג. זי האָט אָבער פון אים גאָרנישט געפאָדערט. זיין האָפענונג איז אָבער געשטיגן פון טאָג צו טאָג. ער האָט געשוויגן, געזען ווי זי אַרבעט. ער האָט אָבער זיך געהיטן, ער זאָל מיט אַ וואָרט אָדער באַוועגונג נישט צעשטערן זיין האָפענונג. אויך ער האָט פון איר גאָרנישט פאַרלאַנגט. נאָר געוואַרט זי זאָל פון אים עפּעס פאָדערן, אָדער אים אַ רוף טאָן.

אירע פאַרגליווּטע אויגן האָבן ווייטער געקוקט שטאַר. ער האָט געמיינט, אַז זי קוקט אויף אים. ער איז געווען דער מאַן, מיט וועלכן זי האָט געלעבט אין איין צימער. זי האָט געפילט זיין נאָענטקייט, זיין ליבע צו איר, אָבער זי האָט זיך נישט געקענט צו אים דערנענטערן. דער שאָטן פון איר אומגעבראַכט ייִנגעלע איז איצט נישט געשטאַנען מער צווישן איר און דער געזעלשאַפט, נאָר צווישן איר און אים.

נישט איין מאָל, ווען זי איז געלעגן שלאָפלאָז ביי נאַכט און געטראַכט וועגן זיך, איר פאַרגאַנגענהייט און געפילט אים נעבן זיך, געהערט זיין אָטעם און געפילט די היץ פון זיין קערפּער, האָט זי אים געוואָלט אַרומנעמען, אָבער מער ווי צו אַ גלעט מיט דער האַנט זיין קערפּער איז זי נישט געווען מסוגל. נישט איין מאָל האָט זי אים איבערגעוועקט מיט איר האַנטגלעט. ער איז געלעגן וואַך, זיין אָטעם איז געווען שווער, ביז ער איז צוריק איינגעשלאָפן. יהודה האָט גע־וואַרט. זיין ליבע און איבערגעגעבנהייט צו איר האָבן געהאַט צייט.

אין די אָוונטן, נאָך דער אַרבעט, האָט ער זי געפירט איבערן דאָרף, זי זאָל עס זען, ליב קריגן. ער האָט שפּאַצירט מיט איר איבער די פעלדער, זי זאָל איינזאַפּן אין זיך די פּראַכט, וואָס באַרויִקט זי. זייער אָפט פלעגט ער שפּאַצירן מיט איר פאַרביי זייער שטיקל ערד, וואָס זיי האָבן באַקומען פונעם דאָרף צו

באַרבעטן. אויפן וועג צוריק איז ער געגאַנגען מיט איר איינקויפן אין דעם קאָנסומהויז. זיי, דאָס פּאָרל, דער נייער דאָרפסשאָפער, זענען שוין געווען אַלעמען באַקאַנט. אַפילו די קליינע קינדער, וואָס האָבן דאָס יאָר אָנגעהויבן גיין אין שול, האָבן אים פון ווייטנס נאָכגעשריגן דעם „שלום". יהודה האָט מיט ליבע געגלעט זייערע קעפּלעך און נישט אָפט, ווען עס איז אים נאָר מעגלעך געווען, מיטגענומען עטלעכע קינדער אויפן אויטאָ, געמאַכט מיט זיי אַ קרייז איבערן דאָרף.

אָפט פלעגט קומען צו אים עפעס אַ שכנה און פרעגן, צי ער קען איר ברענגען עפעס פון שטאָט, אָדער פרעגן, צי מען קריגט עפעס אין שטאָט צו קויפן. דאָס איז געווען דער תירוץ פון דער שכנה צי פון אַן אַנדערע פרוי צו פאַרפירן אַ שמועס מיט באַשען.

באַשע איז געשטאַנען נעבן אים אַ פאַרגליווערטע און געשוויגן. אירע שטאַרע אויגן האָבן געקוקט אַריבער. זי האָט נישט געזען די מענטשן, נישט געוואָלט זיי זען. דעם לעצטן אָוונט, ווען זיי זענען אַרויס אין קאָנסומהויז, זענען צוויי גרויע פרויען זיי אַנטקעגנגעקומען און זיי אָנגעקוקט.

— אַ גוטער שאָפער, אַן אַרבעטסמענטש, די קינדער האָבן אים ליב — האָט די דיקלעכע פרוי שטיל אַ זאָג געטאָן דער שכנה.

— אַ שיינער מענטש — האָט די צווייטע איר געענטפערט און נאָך שטילער ווי איינגערוימט איר — אַזאַ מאַן און האָט אַזאַ ווייב...

— שלום! שלום! — האָט יהודה זיי אַ זאָג געטאָן פאַרבייגייענדיק.

— שלום! שלום! — האָבן זיי פריינדלעך אים געענטפערט און נייגעריק נאָכגעקוקט.

יהודה האָט זיך געפילט עלנט. זיין גאַנצע מענטשן־ליבע און פליס האָט ער אַריינגעלייגט אין דער אַרבעט. די גרעסטע מי האָט ער אַריינגעלייגט אין זיין שטיקל ערד. איין מאָל, ווען יהודה איז געקומען פרי פון שטאָט, האָט ער אָפּגע־לאָדנט דעם אויטאָ און אים אַוועקגעשטעלט אין גאַראַזש. ער האָט גענומען באַשען און איז מיט איר אַוועק אין פעלד. — שאול! שלום! ווי גייט עס? — האָט יהודה פון ווייטנס צו אים געשריגן. דער ריח פון דער אויפגעאַקערטער ערד האָט אים אַ דריי געטאָן אין דער נאָז.

— בסדר! — האָט שאול אים נאָכגעשריגן. ער האָט נאָר־וואָס געהאַט איבער־געדרילט יהודהס שטיקל ערד. שאול, אַ הויכער, בלאָנדער בחור, מיט אַ לענגלעכן קאָפּ, אַ זון פון אַ תושב, האָט געפירט אַ קליינעם טראַקטאָר. ער האָט געהאַט אויף זיך אַ בלויען קאָמבינעזאָן. דער טראַקטאָר האָט געשלעפּט נאָך זיך אַ פאַרזיי־מאַשין און געזייט קוקורוזע.

באַשע איז שטיין געבליבן. אירע שטאַרע אויגן זענען געוואָרן ווייך, איר פּנים מילד. די זון פון אַנטקעגן האָט זי באַשטראַלט. אירע נאָזלעפּלעך האָבן געפלאַטערט. אירע וויִעס האָבן געציטערט. זי האָט געאָטעמט שנעל און מיט אַן אָפן מויל. זי האָט איינגעאָטעמט אין זיך דעם ריח פון דער ערד און געפילט אַרום זיך דעם יאָדער פון לעבן. דער הימל איז געווען לויטער און הויך. זי האָט

זיך דערפֿילט אַליין. עס האָט זי געשראָקן די נאַטורפּראַכט. זי האָט זיך אומגעקוקט און דערזען אַ שטיין. זי האָט אויסגעטאָן די שיך און גענומען גיין. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן שטיין און געקוקט ווי שאול אַרבעט.

יהודה איז נאָכגעגאַנגען שאולן טריט בײַ טריט און געקוקט ווי די געזייטע קערנער פֿאַלן אין דער ערד אַריין, ווי די ערד דעקט זיי צו. זײַן ברוסטקאַסטן איז איצט געווען פֿונאַנדערגעצויגן און ער האָט טיף געאָטעמט. זײַנע נאָזלעפֿלעך האָבן געפֿלאַטערט. זײַנע שפּיץ אויערן זענען געווען רויט. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט שאול איבערגעאַקערט יהודהס שטיקל ערד. דעם זעלבן אָוונט האָט יהודה געעפֿנט דאָס וואַסער. די וואַסערשליידערער האָבן אַ גאַנצע נאַכט באַוואַסערט די ערד.

באַשע איז געזעסן אויפֿן שטיין און געקוקט. זי האָט ערשט איצט דערזען די ערד פֿון אַרום. די צפֿון־גרענעץ פֿון דער ערד איז אַ גענוג טיפֿער ראָוו. דער שטיין, אויף וועלכן זי זיצט, איז גרין, לאַנג און פֿלאַך ווי אַ מזבח. די מילדע ווינטן פֿון די בערג האָבן געשויבערט אירע האָר. דער ווינט האָט געגלעט איר פּנים. פֿון מאָל צו מאָל פֿלעגט זי עפּענען דאָס מויל, ווי זי זאָל וועלן שרײַען. זי האָט זיך דערפֿילט קליין, ווי זי אַליין זאָל אַרײַנוואַקסן אין דער ערד. זי האָט געשוויגן. אַ מאָל ווידער פֿלעגט זי זיך אויפֿשטעלן, ווי זי זאָל וועלן לויפֿן, אָבער זי האָט זיך באַלד אַוועקגעזעצט.

דער הימל איז עטוואָס נידעריקער געוואָרן. די זון האָט זיך אָפּגערוקט שאול איז מיטן טראַקטאָר אַראָפּגעפֿאָרן פֿון פֿעלד. ער האָט פֿאַרענדיקט די אַרבעט.

יהודה האָט אַ ווייז געטאָן באַשען מיט דער האַנט, זי זאָל מיט אים גיין.

באַשע האָט זיך אויפֿגעשטעלט און ביידע זענען צוגעגאַנגען צו שאולן.

— עס זאָל דיר געראָטן — האָט שאול אַ זאָג געטאָן יהודהן און אים אויסגעשטרעקט די האַנט.

— אַ יישר־כוח — האָט יהודה אים געענטפֿערט און אים געדריקט די האַנט.

באַשעס גרויסע אויגן זענען געווען גרעסער ווי שטענדיק.

שאול האָט מיט דער קייט אונטערגעבונדן די פֿאַרזיי־מאַשין, געזאָגט „שלום" און אַרויפֿגעשפּרונגען אויפֿן טראַקטאָר. ער האָט זיי סאַלוטירט און אַוועקגעפֿאָרן.

באַשע האָט זיך צוגעטוליעט צו יהודהן.

ער האָט זי אַרומגענומען מיט ביידע הענט און צוגעדריקט צו זיך. זי האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און טיף געאָטעמט.

— קום אַהיים! — האָט ער איר געזאָגט און זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם.

דער נאָכמיטאָג אין דאָרף איז געווען אַ רויִקער. די זון אין מיטן הימל האָט געבריט. די מענטשן זענען געווען אויף די פֿעלדער. אין דאָרף איז געווען שטיל. דאָס דאָרף איז געווען ווי פֿאַרגליווערט אין דער שטילקייט. אַ פֿרעמדער הונט מיט דער צונג אין דרויסן און דעם ווײַדל צווישן די פֿיס איז געלאָפֿן איבערן דאָרף

אַן איבערגעשראָקענער. אַ סטאַדע דאַרפסהינט זענען אים נאָכגעלאָפן און געבילט אויף אים. די הינער אין די שטייגן האָבן געקוואָקעט און אויסגעטראָגן זייערע אייער. אַ מרוק פון אַ קו האָט פונאַנדערגעריסן די שטילקייט. אַ סטאַדע טויבן מיט צעפּאַכעטע פליגל האָבן זיך אַריינגעריסן אין דעם הימלבלוי.

באַשע האָט זיך געשלייכט איבער די פעלדער. יהודה איז געווען אין שטאָט. זי האָט געשפּרייזט איבער די פעלדער אין איר גרויען לייוונטענעם קיטלקלייד. אירע לענדן זענען געווען אונטערגעבונדן מיט אַ שוואַרצער שנור. זי איז געגאַנגען מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ. אירע האָר זענען געווען צעפּלאָשעט. פון מאָל צו מאָל איז זי שטיין געבליבן. איר געשטעל האָט אויסגעזען, אויפן גרונט פון דער נאַטור, ווי אַ מאָנומענט. זי האָט געשפּרייזט איבער די שטעגן מיט אויפגעריסענע אויגן. די היץ האָט זי געבריט. אַ דינער שווייס, ווי אַ טוי, האָט באַדעקט איר קערפּער. אַן אָנגעטראָגן ווינטל פון די בערג האָט זי געקילט. זי האָט געפילט די ערדווייכקייט אונטער זיך און געאָטעמט די פרישקייט.

זי האָט זיך איינגעלעבט אין דעם אָרט פון „דאָ", זי איז אָבער געווען ווייטער אָפּגעריסן פון לעבן. זי האָט ווייטער געלעבט אין איר פאַרגאַנגענהייט. אין יעדן דאָ געטראָפענעם מענטש, האָט זי געוואָלט זען אַ געשטאַלט פון „דאָרט". די דאָרטיקע פּנימער האָט זי שוין פאַרגעסן, אָבער זי האָט געפּרוווט זיי פאַר זיך אויפלעבן. זי האָט כסדר געשוויגן, אָבער איז געוואָרן צוגעלאָזן צו די מענטשן. זי האָט נאָר נישט געקענט ווערן מיט זיי נאָענט און פריינדלעך. צווישן איר און דער וועלט איז נאָך אַלץ פאַראַן דער שאָטן פון איר קליינעם זונעלע.

באַשע איז אַריין אין דאָרף. זי האָט זיך אומגעקערט פון שפּאַציר. זי האָט דערפילט די ענגשאַפט פון די הייזער. איר האָט איצט געפעלט דער ברייטער, אָפענער, מיט ווינט אַדורכגענומענער ערד־שטח. זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך און געקוקט, ווי זי זאָל זיך צו עפּעס צוהערן. מיט אַ מאָל איז זי שטיין געבליבן. זי האָט דערהערט אַ לויטער געוויין פון אַ קינד. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן. איר פּנים איז פאַרגליווערט געוואָרן און געאָטעמט שנעל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוריק געעפנט די אויגן. זי האָט דערהערט הוילע, באָרוועסע טריט. נעבן איר איז פאַרבייגעגאַנגען אַ יינגעלע און זיך מיט די פינגער געריבן די פאַר־ווייַנטע אויגן. נישט פילנדיק האָט זי אַ גלעט געטאָן זיין בלאָנד קעפּל, נאָר אין דעם מאָמענט האָט זי שנעל אַוועקגעכאַפּט איר האַנט, ווי זי זאָל זיך האָבן אָפּגע־בריט אירע פינגער. זי איז אַוועקגעלאָפן. גייענדיק האָט זי זיך געצויגן די פינגער און געריסן די באַקן.

שעהן איז באַשע געשטאַנען יעדן טאָג אַ געבוקטע אין איר הויף. זי האָט אונטערגעגאָסן די פלאַנצן און אויפגערודערט מיט דעם דראָטענעם גאָפּל די ערד אַרום די וואָרצלען. זי האָט אַרויסגעריסן די ווילדע גראָזן. זי באַטראַכט יעדן פלאַנץ און איר דאַכט זיך, אַז זי זעט ווי יעדעס בלעטל וואַקסט. די אַרבעט האָט זי אָפּגעריסן פון איר עלנט.

נישט ווייט פון פענצטער האָט יהודה איר פאַרזעצט עטלעכע קוסטעס בלומען, נעגעלעך. פון דער זייט, ביים פענצטער, האָט ער פאַרפלאַנצט אַ לעבעדיקן פאַרקאַן. צווישן די ציבל האָט ער פאַרזעצט צוויי באַרן און צוויי עפּלביימער.

באַשע האָט אָפּט צו זיך אַליין געשמייכלט איבער די פעלדער. דעמאָלט האָט זי געפילט איר פרייהייט. זי איז נישט געווען געבונדן מיט קיין מענטש. זי האָט זיך געפונען אין דער שויס פון דער נאַטור. זי האָט אָבער ליב געהאַט שפּאַצירן מיט יהודהן איבער די שטעגן. ער האָט זי געפירט אונטערן אָרעם אָדער זיין האַנט איבערגעלייגט איבער אירע אַקסלען, ווי ער זאָל זי שטופּן פאָרויס. זי האָט ליב געהאַט מיט אים אַזוי גיין, אים האָבן נעבן זיך און באַוווּנדערן די פּראַכט פון דער נאַטור.

זייער לעצטער שפּאַציר איז געווען נעכטן פאַר נאַכט. זיי זענען געגאַנגען זען זייער קוקורוזע.ביידע זענען שטיין געבליבן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. אין ביידע האָט געזונגען די פרייד פון אויפגאַנג. דינע, גרינע בלעטלעך האָבן באַדעקט זייער ערד. יהודה האָט איינגעריבן די הענט און גענומען לויפן, געעפנט דעם וואַסער־שיבער. די וואַסער־שליידערער האָבן זיך גענומען באַוועגן — זיך צעזונגען. זיי האָבן אויסגעשפּילט זייער וואַסער־מעלאָדיע.

די פונאַנדערגעוואָרפענע וואַסער־טראָפּנס האָבן גענעצט און געזעטיקט די ערד. יהודה האָט פאַררייכערט און פאַרצויגן מיטן רויך. באַשע האָט זיך אונטער־געהויבן, ווי זי זאָל שטיין אויף די שפּיץ פינגער, וועלן טאַנצן. יהודה איז געשטאַנען אין דער זייט. ער האָט באַטראַכט דאָס פעלד און געזען זי. זיינע אויגן זענען געווען פייכט. אַ מילד ווינטל, וואָס האָט געווייעט פון די בערג, האָט זיי לייכט געגלעט.

# טו

די טעג זענען געווען הייסע. די זון איז שוין פון גאַנץ פרי הויך. דער הימל־בלוי טונקל. דער הימל אַליין איז אָנגעגליט. דער זונענגלי האָט געטריקנט אַלץ אונטער זיך. די לופט איז פייכט. די היץ טריפט. דאָס דאָרף שטאַרט אין דער היץ. די גאַס מיט די פיר געסלעך וואָס קרייצן זיך, שאַפן דעם דאָרפס־קוואַדראַט. די קאַלירטע, איינשטאָקיקע הייזער, האָבן געטונקען אין גרין. די צווייגן פון די ביימער און די קוסטעס זענען פונאַנדערגעוואָקסן אַרום די הייזער און די פענצטער און טירן, ווי אָפענע שירעמס, וואָס פאַרשטעלן די זון. פון דאָרף האָט מען געזען דאָס בערגל. פון איין זייט, לינקס, איז געשטאַנען דאָס קאָנסומהויז און דער וואַסער־טורעם, רעכטס, איז געשטאַנען די שול און דאָס פאַרוואַלטונגס־הויז. אין סאַמע מיט בערגל איז געשטאַנען די שולע.

די היץ האָט געבריט. די לופט איז געווען אָנגעדראָלט, ווי זי זאָל יוירן.

די איינוווינער האָבן געאַרבעט אין די פעלדער. זייער מי איז אין דעם יאָר אָנגעלייגט. די גערעטעניש איז אַ פולע. נישט נאָר דיביימער האָבן זיך געבויגן אונטער דער שפע פון זייערע פירות, אויך די איילבירטן און די קוקורוזע. אַפילו די טאָמאַטן־קוסטעס זענען אויסגעוואַקסן הויך און האָבן פאַרשטעלט אַ מענטש.

ספּעציעל איז געראָטן יהודהס קוקורוזע. די באַדעלעס זענען הויך, די בלעטער זייערע זענען ברייטע, לאַנגע און פעטע. אויף זייער שפּיץ־קרוין שטייען די פולע סעלעדיקן גרינע קוקורוזע־קעפּ. די שטאָט־סוחרים זענען געקומען גערן צו יהודהן קויפן. די עלטערע פויערים אין דאָרף האָבן אונטערגעטראָגן יהודהן, דעם יונגן שאָפער, דעם „שלום". זיי האָבן געשעצט זיין פליס.

אַנומלט, ווען יהודה האָט אָפּגעלאָדן אין קאָנסומהויז די ליידיקע הינערשטייגן, וואָס ער האָט געברענגט פון שטאָט, האָט דער אַלטער מיכל אים אַ זאָג געטאָן „שלום". מיכל, אַ קרעפטיקער ייד, אַ זשוואַווער, מיט לאַנגע גרויע האָר אויף זיין פלאַכן קאָפּ, האָט זיך נעבן אים פאַרהאַלטן.

— יהודה — האָט מיכל אים אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך ווענדן צו אַן אייגענעם זון — וואָס איז דער סוד, וואָס דיין קוקורוזע איז אַזוי אויסגעשאָסן?

יהודה האָט אַ שמייכל געטאָן אונטער דער נאָז פון שטאָלץ. מיכל, איינער פון די צען ערשטע קאָלאָניסטן אין דאָרף, האָט אים געפרעגט וואָס צו טאָן.

— ר' מיכל, נישטאָ קיין סודות, די ערד איז פאַסיק און איך האָב זי עטלעכע מאָל געוואָסערט — האָט ער זיך פאַר אים פאַרטרויט.

— דאָס איז, אַז מען לערנט אין „מקווה" — האָט מיכל אים געענטפערט. מיכל האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געגאַנגען ווייטער. עס איז אים דאָך נישט אָנגעשטאַנען.

אַפילו די קאָלאָניסטן אין דאָרף, אַז זיי האָבן געטראָפן יהודהן, האָבן זיי אים פריינדלעך געזאָגט „שלום". געוועזן פרויען, וואָס האָבן געפּרוווט אָפּשטעלן באַשען, געוואָלט מיט איר פאַרפירן אַ שמועס. זי האָט זיי אָבער נאָר געזאָגט „שלום" און געענטפערט יאָ אָדער ניין. זי האָט קיינעם פון די פרויען נישט געקוקט אין פּנים אַריין. זי האָט ווייטער אַראָפּגעקוקט, אָדער אַריבערגעקוקט איבער די מענטשן. זי האָט איצט זיך געהילט אין די בערג־ווינטן און געזען דעם הימל און די בערג.

אַנומלט, אַז די צוויי מיטליעריקע פרויען פירה און יהודית, ביידע מיט ברייטע פּנימער, האָבן געטראָפן באַשען, האָט פירה אַ זאָג געטאָן: — אָט איז זי. באַשע האָט זיך אומגעקערט פון אַ פעלד־שפּאַציר.

די ווייבערס הענט זענען געווען אויסגעאַרבעט, ווי זיי זאָלן זיין אויסגעצויגן. זיי זענען געגאַנגען מיט פולע קוישן אין קאָנסומהויז אַריין.

באַשע איז זיי נאָכגעגאַנגען.

יהודית האָט איר נאָכגעקוקט.

— וואָס פאַראַ אָרט איז דאָס? — האָט פירה אַ פרעג געטאָן — אַ פרוי שלייכט זיך איבער די פעלדער אַליין.

יהודית האָט געשוויגן. זי האָט מיט דער צונג זיך נאָר אָפּגעווישט די ליפּן.

— אַ פרוי זאָל נישט אויסרעדן אַ וואָרט צו אַ מענטש — האָט פירה ממשיך געווען.

יהודית האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז זי איז מסכים מיט איר און אַלץ נאָך געשוויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אומגעקוקט, צי עס הערט זיך ווער נישט אונטער. זי האָט צוגעבויגן איר קאָפּ צו פירהן און איר אַ זאָג געטאָן:

— מען זאָגט, אַז זי רעדט מיט זיך. איך האָב נישט געהערט. מען זאָגט אַזוי — האָט זי זיך פאַרענטפערט פאַר פירהן. איר פּנים האָט געפלאַמט.

די פרויען אין דאָרף האָבן באַשען נישט אָפּגעלאָזט. זיי זענען געווען בײַגע־ריק ווער באַשע איז. אויפן וועג אין קאָנסומהויז אַרײַן האָט די הויכע, דאַרע גאָלדע, וואָס האָט געהאַט אַ לאַנג פּנים, אַ זאָג געטאָן דער נידעריקער שושנהן:

— באַשע איז נעכטן אין אָוונט ספּעציעל אַרײַן צו מיר אין שטוב.

שושנה האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. בײַדע פרויען האָבן געטראָגן אין קאָנ־סומהויז אַרײַן זייער אייער־אָפּקלייב.

— דעם שאָפערס ווײַב איז צעדרייט פון אַן אומגליקלעכער ליבע — האָט גאָלדע איר געזאָגט. — זי איז יאָרן אַרומגעגאַנגען מיט אַ בחור און צום סוף איז ער אַוועק קיין ענגלאַנד שטודירן — האָט זי איר אויפגעקלערט.

שושנה האָט אויף איר אָנגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע, פאַרוווּנדערטע אויגן:

— יעדע פרוי האָט אַ ליבע־דעריגערונג פון די קינדער־יאָרן — האָט זי אַ זאָג געטאָן גאָלדען. איר פּנים האָט זיך אויסגעקרימט פון ביטול. בײַדע זענען אַרײַן אין קאָנסומהויז.

פירה איז געקומען אין לאַנד אַרײַן מיט די ערשטע חלוצים פון רוסלאַנד. אירע שוואַרץ גרויע אונטערגעשוירענע האָר האָבן צוגעגעבן גוטסקייט איר ברייטבייניק פּנים. זי האָט פאַרשטאַנען, לויט באַשעס באַנעמען זיך, אַז די יונגע פרוי האָט איבערגעלעבט אַ טראַגעדיע. זי האָט געוואָלט וויסן וואָס, ווען און ווו? אַז פירה האָט געטראָפן אין גאַס נחמהן, באַשעס שכנה, האָט זי איר אַ זאָג געטאָן:

— נחמה, שלום! — און איז שטיין געבליבן.

נחמה, אַ מיטלוווקסיקע, בלאָנדע פרוי, מיט אונטערגעשוירענע האָר און גרויסע, בלויע אויגן, האָט געשטאַמט פון פּוילן. זי האָט געהאַט אַ קורצע, דינע נאָז און אַן אָוואַל פּנים, וואָס די זון און מי האָבן עס צעקנייטשט.

— וואָס איז פאַראַן אמת אין די אַלע פּלאָטקעס, וואָס גייען אַרום איבערן דאָרף וועגן דיין נייער שכנה? — האָט פירה זי אַ פרעג געטאָן און נײַגעריק איר געקוקט אין פּנים אַרײַן. זי האָט געוואָרט אויף ענטפער.

נחמה האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. אירע צעלאָזטע האָר האָבן אויפגע־דעקט איר פּנים. זי האָט זיך איינגעקוקט אין פירהן. אירע אויגן זענען געווען פאַרמרוזשעט.

— ווייבער! — האָט זי סאַרקאַסטיש איר געזאָגט — לאָזט זי געמאַך — האָט זי קאַטעגאָריש צוגעגעבן.

— פירה איז רויט געוואָרן. זי האָט זיך געפילט געטראָפן וואָס זי נעמט זי אויך אַריין אין קרענצל ווי אַלע ווייבער.

— זי לעבט נאָך איבער די לאַגערן! — האָט נחמה אַ זאָג געטאָן מיט איבל.

פירה איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל און אויפגעריסענע אויגן. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן: — אַ־ז־ו־י?! — זי האָט אַראָפּגעשלונגען דאָס שפּייַכץ פון מויל און, אַ פאַרשעמטע, אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— נחמה, וואָס מאַכן די קינדער? — האָט זי אַ פרעג געטאָן און, נישט וואַרטנדיק אויף ענטפער, איר אַ זאָג געטאָן „שלום".

— שלום! — האָט נחמה געענטפערט. ביידע פרויען זענען אַוועק אַהיים.

פון דעמאָלט אָן, ווי נאָר באַשע קומט אין קאָנסומהויז, שטרעקן די פרויען אויס די קעפּ. זיי ווילן זען באַשעס נומער אויף איר האַנט. זייערע אויגן זענען איבערגעשראָקן, פול מיטלייד און באַדויער.

באַשע אַליין האָט מער געפילט ווי געהערט ווי די ווייבער שושקען זיך ווען זיי דערזעען זי. אין אַזאַ מאָמענט האָט זי געוואָלט זיך מיט זיי אָפּשטעלן, זיי עפּעס זאָגן, אָבער באַלד פלעגט זי אַרומכאַפּן אַ היץ און אַ מורא. זי איז זיי פאַרבייגע־גאַנגען, ווי זי זאָל זיי נישט קענען.

די איינציקע פרוי, צו וועלכער באַשע האָט זיך דערנענטערט, איז נחמה, איר שכנה. אָפט, אַז באַשע איז געשטאַנען מיטן פּיאַש אין האַנט און איבערגעגראָבן די ערד, אָדער איז געזעסן אויף די קני און אויסגעריסן די ווילדע גרעזער, איז נחמה שטיין געבליבן, געוואַרט זי זאָל קענען אַ שמועס טאָן מיט באַשען איבערן פּלויט אַריבער. זי האָט געוואָלט פאַרלינדערן באַשעס עלנט. יהודה האָט דער־ציילט, אין קורצן, נחמהן וועגן באַשען, איר טראַגעדיע, אַז זי איז געקומען פון די לאַגערן.

באַשע האָט געאַרבעט פלייסיק. אין דער אַרבעט פלעגט זי פאַרגעסן, אַז זי לעבט אַ טאָפּלט לעבן. זעלטן ווען זי האָט אויפגעהויבן די אויגן פון דער ערד אָדער זיך אומגעקוקט. נחמה האָט איר נאָכגעקוקט דורכן פענצטער. נישט איין מאָל האָט נחמה זי אַ רוף געטאָן: — באַשע!

באַשע האָט אויסגעגליכן איר רוקן און זיך אומגעקוקט אַ דערשראָקענע ווער עס רופט זי: — אָה! די שכנה? — פלעגט זי שטיל אַ זאָג טאָן, ווי זי זאָל רעדן צו זיך. אירע שטאַרע אויגן זענען אויף אַ רגע מילד געוואָרן.

נחמה האָט שטענדיק געהאַט אַ גוט וואָרט פאַר באַשען, האָט זי כסדר געפרעגט צי זי דאַרף עפּעס. נחמה האָט זי געלערנט וואָס צו טאָן, כאָטש באַשע האָט זי נישט געפרעגט. אָפט, אַז נחמה פלעגט גיין אין קאָנסומהויז איינקויפן, האָט זי מיטגענומען אָדער עפּעס געברענגט באַשען. שוין אַ סך מאָל האָט נחמה זי איינגעלאַדן צו זיך. באַשע האָט שטענדיק מוטלאָז אַ שמייכל געטאָן, אַ פאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזט די אויגן און לייכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אָדער אַ שמייכל געטאָן אומבאַהאָלפן. זי האָט אָנגענומען נחמהס איינלאַדונג, אָבער זי איז צו איר קיין מאָל נישט געקומען.

דער פֿאַרמיטאָג איז געװען אַ הײסער. די לופֿט נאַס. די מענטשן האָבן שװער געאָטעמט. באַשע האָט געשפּאַנט איבערן הױף אַ באַרװעסע אין אַ גרױ קיטלקלײד. צוליב דעם װעטער איז זי נישט אַװעק אין די פֿעלדער. זי האָט געשפּאַנט און װי דערזען איר הױז, איר הױף, די פֿלאַנצן און דאָס דאָרף פֿון װײַטנס. זי האָט דערפֿילט איר האַרץ־טיאָך. זי האָט מורא באַקומען, צי איז זי נישט געבליבן אַלײן אין דער חמימה. זי האָט דערפֿילט איר עלנט. זי האָט אױפֿגעהױבן דעם קאָפּ און דערזען נחמהס, דער שכנהס, רױטן אָנגעגליטן דאַך. זי האָט זיך דער־פֿילט נאָך עלנטער. זי האָט זיך געלאָזט גײן און איז אַרױס פֿון הױף.

זי האָט אָנגעקלאַפּט בײַ נחמהן אין טיר.

נחמה האָט אױפֿגעפּראַלט די טיר און אױף איר װי אַרױפֿגעפֿאַלן. דורכן פֿענצטער האָט זי דערזען, אַז זי קומט צו איר. — סוף־סוף — האָט נחמה איר אַ זאָג געטאָן. זי האָט זי אַרומגענומען און אַרײַנגעפֿירט אין שטוב אַרײַן און זי אַרײַנגעזעצט אין אַ טיפֿן פֿאָטעל, װאָס איז געשטאַנען אין װינקל אין אױפֿנאַם־צימער.

באַשע האָט געקוקט אַראָפּ אַ פֿאַרשעמטע. אירע באַקן זענען געװען רױט און אומבאַהאָלפֿן. איר צעפּלאָמט פּנים האָט װי געגליט.

נישט פֿרעגנדיק זי איז נחמה אַװעק און איר געבערענגט אַ גלאָז לימאָנאַדע. זי האָט איר צוגערוקט אַ קלײן כּיבוד־טישל און דערלאַנגט איר די משקה.

— טרינק — האָט זי געבעטן באַשען.

זי האָט אָפּגעטרונקען אַ ביסל. איר מױל איז געװען טרוקן, װי אַן אַלט שטיק לעדער. נחמה האָט זיך אַרײַנגעבערענגט יורמס, דעם עלטסטן זונס, הױזן צו לאַטען. זי האָט זיך אַװעקגעזעצט איר אַנטקעגן און געטאָן איר אַרבעט. זי האָט נישט געװאָלט פֿון באַשעס באַזוך מאַכן אַ װעזן. נחמה האָט געװאָלט זי זאָל װידער קומען. אין שטוב איז געװען שטיל. בײדע פֿרױען האָבן געשװיגן.

באַשע האָט דערפֿילט די רײנע שטובן־פֿרישקײט. זי האָט אױפֿגעהױבן די אױגן־לעפֿלעך. זי האָט באַטראַכט דאָס לאַנגע גרױסע צימער, די עטלעכע צעהאָנ־גענע, איבער די װענט, בילדער, די טיפֿע נידעריקע סאָפֿע, דעם ברױנעם, מאַסיװן, נידעריקן טיש און די בונטע געבעטע פֿאָטעלן. זי האָט שטיל אַ זיפֿץ געטאָן, װי זי זאָל אים אַראָפּשלינגען.

נחמה האָט פֿון איר נישט אַראָפּגענומען די אױגן.

באַשע האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט די אױגן־לעפֿלעך. זײ זענען געװען נאַס. אין שטוב איז געװען שטיל. בײדע פֿרױען האָבן זיך געזוכט אין דער שטילקײט.

— גוט, װאָס דו ביסט געקומען — האָט נחמה איר אַ זאָג געטאָן. דב איז אַװעק אין פֿעלד, זען װאָס די בינען טוען. די דרײַ יונגעלײַט זענען אין שול. נחמה האָט געהאַט דרײַ זין פֿון אַכט, צען און צװעלף יאָר.

די אױוטנעקײט האָט אַרומגענומען באַשען. זי האָט געהערט די שטילקײט. זי האָט אָנגעשפּאַרט אירע עלנבױגנס אױף די קני. זי האָט אַרײַנגעלײגט אין די

הענט איר קאָפּ, ווי זי זאָל זיך שעמען קוקן נחמהן אין די אויגן, און גענומען רעדן, נישט פילנדיק, אַז זי דערציילט.

— ביי מיינע עלטערן אין סאַלאָן איז געשטאַנען אַ טיפע, ברייטע, מיט לעדער באַצויגענע, סאָפע און אַ לאַנגער דעמבענער טיש מיט בענקלעך, אויך מיט לעדער באַצויגן, אַ פאַרגלאָזטע, געשניצטע מיט ש״ס שאַנק, אַ הויכער קאַכלאויוון, וואָס האָט געגלאַנצט, און אַ בייכיקער בופעט. — באַשעס פנים איז געווען מילד, נחמהן האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט אַפילו געשמייכלט. — אין בופעט זענען געשטאַנען צוויי האַלבע־ליטער־פלאַשן מיט אָקאָוויט — האָט באַשע ווייטער דערציילט. — אין פלעשל איז געווען פאַרפּראַוועט מיט ציטרין־שאָל, דאָס צווייטע מיט אַ פּיאָלון־שטרוי. פרייטיק, נאָך דער שוויץ, האָט דער טאַטע געמאַכט אַ כוסה פון דעם ציטרין־אָקאָוויט. שבת, נאָך די פיש, האָט ער געטרונקען פון דעם פּיאָלון־ספּירט. — איצט איז באַשע שטיל געבליבן.

נחמה האָט געלאָטעט די הויזן, אָבער געוואַרט אַז באַשע זאָל רעדן ווייטער. זי איז געווען גליקלעך וואָס באַשע דערציילט איר, רעדט זיך אַראָפּ.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט באַשע אַ זאָג געטאָן. זי האָט גערעדט צו זיך:

— אין דער משפחה זענען געווען שטאַרקע, הויכע מענטשן, זין, טעכטער און אייניקלעך. — זי האָט צעלייגט די הענט אַ פאַרצווייפלטע און איז אויפגעשפּרונגען פון פאָטעל. אַ דערשטוינטע האָט זי זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער ביז זי האָט באַמערקט נחמהן: — גערעדט נאַרישקייטן — האָט זי אַ זאָג געטאָן און געוואַרט וואָס נחמה וועט איר ענטפערן. זי האָט מורא געהאַט זי זאָל זיך נישט אויסרעדן און פאַררעדן פאַר נחמהן.

נחמה האָט אַוועקגעלייגט די הויזן און געקוקט אויף איר מיט מיטלייד. זי און באַשע זענען געווען בלייך פון אויפרעגונג.

— שלום! — האָט באַשע איר אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק צו דער טיר.

— שלום! — האָט נחמה איר נאָכגעשריגן און זיצן געבליבן ווי אַ פאַר־ווײַנטע. אַז די טיר האָט זיך שטיל צוגעמאַכט הינטער באַשען, האָט נחמה אַ זאָג געטאָן: — וואָס זיי האָבן געמאַכט פון מענטשן — און, אַ פאַרשעמטע, אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ.

יהודהס טריט זענען געווען שנעלע. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט, זיין פּנים איז ווידער געוואָרן רויִק און גוטמוטיק, ווי ער זאָל צו יעדן שמייכלען. אין אים האָט זיך דערוועקט די האָפענונג. ער האָט געזען די ענדערונג אין באַשען. ער האָט געאַרבעט איצט מיט מער פלייס, פון פרי ביז נאַכט; אויפן אויטאָ און אין פעלד. ער האָט אויך פאַרזאָרגט די שטוב. יעדעס מאָל, ווען ער איז געווען אין שטאָט, איז ער אַריין צו די עלטערן און צו שפרהן און מיט זיי געטיילט זיך מיט זיין האָפענונג. שפרה איז עטלעכע מאָל געווען ביי זיי אין דאָרף. שפרה איז געווען מיט איר וועזן ביי דער שוועסטער, אָבער זי איז געקומען צו איר זעלטן. זי האָט

געוואַרט, באַשע זאָל זיך באַרויִקן, זיך איינלעבן מיט די מענטשן, ווערן אַ בירגע־רין אין „אוֹן".

יהודה האָט געאַרבעט און געשוויגן, אָבער אין אים האָט געזונגען די פרייד. אָפט האָט ער זיך אונטערגעברומט אַ ניגון. זיין טרוים איז געווען די ערד־ווירט־שאַפט מיט אַ משפחה קינדער.

באַשע האָט געפלעגט יעדע פלאַנץ אין הויף מיט צערטלעכקייט. איר בליק האָט געגלעט יעדעס בלעטל. אין די שעהן, וואָס יהודה איז נישט געווען אין שטוב, האָט זי שפּאַצירט איבער די פעלדער, טייל מאָל אַפילו ווען די זון איז שוין געווען אין מיטן הימל. אירע האָר זענען געווען איצט לענגער, האָבן איבערגע־דעקט איר קאַרק. זי האָט געטראָגן אַ ברייטן, בלויען קאַפּעליוש, געהיטן זיך פון דער זון. אירע שטאַרע אויגן זענען קלענער געוואָרן, זיי האָבן שוין נישט געקוקט אַזוי דערשראָקן. איר בליק איז געוואָרן מילדער. זי האָט געשפּאַנט איבער די פעלדער, ביז זי איז געבליבן אָן כוחות. דעמאָלט פלעגט זי ווערן אַפּאַטיש און געגאַנגען אַהיים. דעמאָלט האָט זי אויך געשאָקלט מיטן קאָפּ צו די באַגעגנטע מענטשן, כאָטש זי האָט נישט געוווּסט ווער זיי זענען.

דאָס לעצטע מאָל איז זי אַפילו שטיין געבליבן אונטער אַ וואַנטווינקל און געמרוזשעט די אויגן, געקוקט ווי די קינדער אין שפּילגאָרטן פילדערן און שפּילן זיך. פּלוצלונג האָט זי זיך געכאַפּט, אַז „שאָש", די יונגע, שוואַרץ באַחנטע לערערין, מיט אַ שמאָל אָוואַל פּנים, דינע לאַנגע נאָז, מיט צעקעמטע האָר מיט אַ שרונט אין דער זייט, קוקט אויף איר. דעמאָלט איז זי שנעל אַוועקגעלאָפן.

ווען זי איז געקומען צוריק פון די פעלדער, האָט זי זיך אַריינגעשלייכט אין שטוב ווי אַ גנבטע, נחמה זאָל זי נישט זען. די לאָדנס פון די פענצטער האָט זי נישט געעפנט. פאַרבייגייער האָבן געמיינט, אַז קיינער איז אין שטוב נישטאָ. אין די נעכט האָט זי ווייטער געחלומט, אָבער אירע חלומות זענען שוין געווען גאַנץ אַנדערע. זי האָט שוין מער נישט געזען די אָפּגעריסענע, אין שמאַטעס, מיט טויט־דערשראָקענע אויגן, די יידן פון „דאָרט". זי האָט שוין נישט געשריגן יאָמערלעך פון שלאָף, זי האָט געוויינט פון שלאָף שטיל, ווי אַ קינד, ווען עס טוט עפּעס וויי.

יהודה איז געשלאָפן אין די נעכט.

די פאַרגאַנגענע נאַכט האָט באַשע זיך אויפגעריסן פון שלאָף אַ צעטומלטע. זי איז געווען נאַס פון שווייס. זי האָט קוים געכאַפּט דעם אָטעם. זי האָט געפילט אַ דרוק ביים האַרץ. אירע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן זיך איינגעקוקט אין דער פינצטער. אַ פּחד איז זי באַפאַלן. זי האָט געפילט די פינצטער אַרום זיך. עס איז געווען שטיל. זי האָט זיך איינגעהילט אין אַ שטיק פון ליילעך, אויף וועלכן זי איז געשלאָפן. זי האָט זיך אָפּגעווישט דאָס פּנים פון שווייס און אָפּגעאָטעמט. עס איז איר גרינגער געוואָרן אויפן געמיט. זי האָט זיך ווידער איינגעקוקט אין דער פינצטער. זי האָט געזען אַ שיף וואָס טרינקט זיך, מענטשן וואָס שפּרינגען אין וואַסער, ווי זיי שרייען פאַרצווייפלט. ריזן־פיש זענען געשווומען אַרום זיי.

איבער זיי האָט געשיינט די זון, ווי אַ פייער וואָס ברענט: — אָה! — האָט זי יאָמערלעך אַ שריי געטאָן. זי האָט נאָך אַ מאָל איבערגעלעבט איר חלום.

יהודה האָט זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט.

— וואָס איז? — האָט ער, אַ דערשראָקענער, זי אַ פרעג געטאָן. אינסטינקטיוו האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט און זי אַרומגענומען. ער האָט זי אַריינגעצויגן צו זיך אין בעט און זי געדריקט צו זיך.

זי האָט אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסטקאַסטן און אים שטיל, ווי זי זאָל מורא האָבן, אַז עמעץ וועט הערן, אים דערציילט דעם חלום.

— באַשענקע, אַ גוטער חלום, פיש אין וואַסער איז אַ סימן, אַז מיר וועלן מאַכן אַ וויטע רייזע — האָט ער איר פּותר־חלום געווען. די אויגן האָבן זיך אים געקלעפּט שלאָפן. ער האָט זי אַ צי געטאָן אויף היגטערוויילעכץ. ביידע האָבן זיך אַוועקגעלייגט. ביידע זענען צוריק איינגעשלאָפן. די נאַכטשטילקייט האָט געוואַכט איבער זיי.

# טז

די לופט איז געוואָרן אָנגעדראָלט מיט היץ און פייכטקייט. ביי טאָג האָבן געווייעט הייסע, צעגליטע מדבר־ווינטן. ביי נאַכט זענען געקומען קילע ווינטן פון די בערג. דער הימלבלוי איז געווען טיף טונקל. די זון האָט געגליט. די ערד איז געווען אויסגעטריקנט. די תבואות זענען שוין געווען איינגעזאַמלט, די פעלדער פוסטע. די ערד האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַרלאָזטע, נישט ראַזירטע באָרד. אָפּט זענען די בעלי־חיים געשטאַנען מיט אָפענע מיילער, די צונגען אין דרויסן, די ווידלען צווישן די פיס און געפרייכט. „און” האָט זיך געטונקען אין דער היץ.

דער זונענגלי האָט איינגעהילט דאָס דאָרף. די ערד אַרום די הייזער איז געווען צעפּלאַצט. די ווענט און די דעכער האָבן געטרעשטשעט. די בלעטער אויף די ביימער זענען געווען איינגעשרומפּן. אַ גרויער טומאַן איז געלעגן איבערן דאָרף. די ערד האָט געלעכצט נאָך די ערשטע רעגן־טראָפּנס. די איינוווינער האָבן געטראָגן ברייטע קאַפּעליושן און צעכראַשטשעטע העמדער. די היץ האָט זיי געבוקט, זייערע הענט זענען ווי לענגער געוואָרן.

באַשע האָט זיך באַרויִקט. זי איז ווי שלאַנקער געוואָרן. איר בליק איז געוואָרן לויטערער און מילדער. איר הויט פון פּנים איז געווען דין און דורכזיכטיק, כאָטש זי איז געווען אָפּגעברענט. אירע באַוועגונגען זענען געווען קורצע און פּאַמעלעכע. זי האָט באַאַרבעט דאָס הויז און דעם הויף; געררוימט, געקאָכט און פּאַרזאָרגט די בעלי־חיים. אין דער שטייג האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ סטאַדע קאָקאָשקעס. פאַר די צען אונטערוואַקסנדע שעפּעלעך האָט יהודה אויסגעבויט אַ שעפּסנשטאַל פון דריי הילצערנע ווענט מיט אַ בלעכענעם, אָנגעקאַלכטן דאַך.

יהודה האָט געטרוימט וועגן אַ ווירטשאַפט מיט אַ סך קי און שעפּסן, אָבער די שטייג און דעם שעפּנסשטאַל האָט ער איינגעשאַפט פאַר באַשען. ער האָט געוואָלט זי זאָל זיין פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג. ער האָט געוואָלט זי זאָל האָבן וואָס ווייניקער צייט צו טראַכטן. ער האָט געוואָלט זי זאָל ווערן אַ דאָרפס־בעל־הביתטע.

באַשע איז געוואָרן נאָענט צו יהודהן. זי האָט אים אויסגעקוקט און געוואַרט אויף זיין קומען אין שטוב. יעדע זאַך, וואָס זי האָט געטאָן, איז זי זיך שואל־עצה מיט אים אין געדאַנק, ווי ער זאָל שטיין נעבן איר. אַז זי איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, איז זי געגאַנגען צו דער שכנה.

נחמהס בלויע אויגן האָבן שטענדיק באַגעגנט באַשען מיט אַ שמייכל. נחמה, די בלאָנדע פרוי, וואָס איז געווען נישט קיין סך עלטער פון באַשען, האָט זיך באַצויגן צו איר ווי אַ מאַמע. נחמה האָט איבערגעלאָזט איר אייגענע אַרבעט און געגאַנגען איר ווייזן. זי האָט איר געוויזן איין מאָל און נאָך אַ מאָל, ווי אַזוי מען שניידט דין דאָס גרינס פאַר די הינדלעך. זי האָט זי געלערנט ווען זי זאָל בייטן דאָס וואַסער, ווי אַזוי זי זאָל פאַר זיי אָוועקשטעלן די קערנער, עס זאָל זיי באַקוועם זיין צו עסן. זי האָט זי געלערנט ווי אַזוי זי זאָל באַגעגענען די איינגעדאַרטע קוקור־רוזע־באַדעלעס, וואָס יהודה האָט איר געבראַנגט יעדן פרימאָרגן פאַר די שעפּסן.

באַשע האָט געהאָרכט און געטאָן וואָס נחמה האָט איר געהייסן. באַשע האָט זיך צוגעוווינט צו די בעלי־חיים, וואָס זענען איר נאָענט געוואָרן, זי האָט זיי באַדינט, געאַרבעט אַרום זיי געטריי. זי איז געשטאַנען, געקוקט מיט פרייד ווי די שניי־ווייסע קאָקאָשקעס שפּרייטן אויס זייערע פליגל. זי האָט געשמייכלט ווען איינע פון זיי האָט געפּרוווט אַ קריי טאָן, פאַרדרייענדיק דערביי דאָס קעפּל.

ספּעציעל נאָענט זענען איר געוואָרן די שעפּסן. זי פלעגט שטיין און באַ־טראַכטן, ווי איין שעפּס לייגט איבער דעם קאָפּ איבער דעם אַנדערן. זי האָט באַוווּנדערט זייערע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אַזוי תמימותדיק אויף איר, ווי קינדער. זי האָט געגלעט זייערע פייכטע פּיסקעס און איר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי ווילן צו איר רעדן.

אין איינעם פון די טעג, איז אויך שפרה געקומען צו זיי. יהודה איז געווען ביי דער אַרבעט. אַזוי האָט ער אָפּגערעדט מיט שפרהן. שפרה איז געקומען באַלד נאָך מיטאָג. זי האָט אָנגעקלאַפּט און איז אַריין אין שטוב. זי האָט נישט געוואַרט מען זאָל זי אַריינבעטן: — אוי! — האָט באַשע, אַ דערשטוינטע, אַ קוויטש געטאָן פון פרייד. דאָס פלאַנעל־שמאַטקעלע, מיט וועלכן זי האָט געווישט דעם שטויב, איז איר אַרויסגעפאַלן פון די הענט. די שוועסטער זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס און זיך געקושט. שפרה האָט געוויינט פון פרייד. באַשעס אויגן זענען געווען נאָך טרוקן. איר פּנים איז געווען בלייך פון אויפרעגונג. די שוועסטער האָבן זיך אָפּגעלאָזט. זיי זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן און זיך באַטראַכט.

פאַר וואָס האָסטו נישט צו וויסן געטאָן מיט יהודהן, אַז דו קומסט? — האָט באַשע אַ פרעג געטאָן ביי דער שוועסטער.

— יצחקן טוט ווי אַ פינגער. ער איז היינט געבליבן אין שטוב, האָב איך

אויסגענוצט די געלעגנהייט און בין געקומען — האָט שפרה איר געזאָגט אַ ליגן.
— איך האָב דיר אַפילו גאָרנישט געבראַכט — האָט שפרה זיך פאַרענטפערט.
זי האָט אויסבאַהאַלטן פאַר באַשען דעם אמת, אַז זי איז געקומען זען ווי זי פילט זיך.

— געווען געוווסט, וואָלט יהודה געבליבן אפשר אין שטוב — האָט באַשע איר אויפגעקלערט.

— מענער מוזן אַרבעטן — האָט שפרה שפּאַסיק איר געענטפערט.

באַשע האָט געעפנט דאָס מויל און פאַרבויגן איר צונג, זי אָנגעלענט אויף אירע אויבערשטע ציין.

שפרה האָט פון איר נישט אַראָפּגענומען די אויגן. זי האָט באַוווּנדערט באַשען. באַשע איז געווען שלאַנק. שפרהן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי איז העכער געוואָרן. זי איז געווען אָפּגעברענט, אָבער איר פּנים איז געווען גלאַטיק. יעדע ווײַלע האָט פון איר אויג אַ קאַפּע געטאָן אַ טרער אויף אירע הענט, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַרלייגט איבערן בויך.

באַשע האָט געקוקט אויף איר. זי האָט פאַרשטאַנען, וואָס איר שוועסטער טראַכט וועגן איר. אין מאָמענט האָט זי דערזען די מענטשן „דאָרט״, באַלד דערויף די שטוב ביי שפרהן.

— קום, זעץ דיך! — האָט זי אַ זאָג געטאָן שפרהן און פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער קאָזעטקע.

אַ ווײַלע זענען זיי געזעסן נעבן זיך. יעדע פון זיי האָט אַוועקגעקוקט אין אַ זייט. זיי האָבן געוואָלט געפינען די טעמע פאַרן שמועס.

— וואָס הערט מען אין שטאָט? — האָט באַשע אַ פרעג געטאָן.

— ווי אין שטאָט, מענטשן שמייען — האָט שפרה איר געענטפערט. שפרה איז געווען אויסער זיך. זי האָט געאָטעמט שנעל פון פרייד. — יצחק אַרבעט, איך מאַך די שטוב, מ׳אַרבעט און מען לעבט — האָט שפרה ממשיך געווען. רפין האָט זי נישט דערמאָנט.

דווקא באַשע האָט איר אַ זאָג געטאָן:

— נו, און „ער״? — און אַוועקגעקוקט אין אַ זייט.

שפרה איז בלאַס געוואָרן פון שרעק. זי האָט פאַרשטאַנען וועמען באַשע האָט געמיינט.

— פון צייט צו צייט פאָר איך צו יהודהס עלטערן — האָט שפרה איר איבערגעגעבן.

— טייערע מענטשן — האָט באַשע איר אַ זאָג געטאָן. זי האָט אָפּגעלענקט דאָס געשפּרעך. באַשע האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ טיפער קנייטש האָט זיך איינגעשניטן אין איר שטערן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— וואָס רעדט מען דאָרט וועגן מיר? — אירע שטאַרע אויגן זענען געווען פאַרזאָרגט.

— יהודה זאָגט זיי, אַז דו ביסט ביטער — האָט שפרה איר געענטפערט און

איינגעביסן זיך אַ פינגער צווישן די ציין. זי האָט זיך דערשראָקן צי באַשע פאַר־שטייט איר שפּאַס.

באַשע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט זיך איינגעקוקט אין שפרהן און איר געזאָגט:

— ביי מיר איז יהודה דער בעסטער פון אַלע. — אירע אויגן האָבן געגלאַנצט.

שפרה האָט פאַרבראָכן די הענט פון פרייד און זיך אַ קניפּ געטאָן אין די באַקן, זי זאָל זיך נישט צעוויינען.

באַשע האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ שלונג געטאָן, ווי זי זאָל זיך שטיקן. זי האָט פאַרשטאַנען דער שוועסטערס אויפרעגונג.

— וואָס ביסטו אַזוי לאַנג נישט געווען? — האָט זי אַ פרעג געטאָן שפרהן. איצט איז זי איבערגעגאַנגען אויף אַ צווייטער טעמע.

שפרה האָט זיך באַהערשט.

— דיך צו באַזוכן דאַרף איך אַ פרייען טאָג — האָט זי זיך פאַרענטפערט. אַז באַשע זאָל זיך מער נישט פרעגן, האָט זי געפרעגט:

— וואָס מאַכסטו? — ווי זי זאָל זיך קרעקן מיט די ווערטער.

באַשע האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז גוט, און גענומען איר דער־ציילן ווי שיין דאָס דאָרף איז, ווי אַזוי די קוקורוזע זייערע איז געראָטן און וואָס פאַר אַ שכנה זי האָט. צום סוף האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— אָה! פאַרגעסן דיר זאָגן; מיר האָבן אַ שטייג מיט הינער און אַ שטאַל מיט שעפּסן.

— איך ווייס — האָט שפרה זיך פאַררעדט און אירע באַקן זענען געווען רויט פון בושה.

באַשע האָט זי אַדורכגענומען מיטן בליק און זי האָט באַלד אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען.

אַ ווײַלע האָבן זיי געשוויגן. איצט, האָט באַשע אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ.

— יאָ, די זון איז שוין דאָ אין פענצטער — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זי איז אַוועק און צוגעלענט די פענצטער־לעדן. אין שטוב איז געוואָרן שאָטנדיק.

— מיר האָבן זיך פאַררעדט און איך האָב דיר נישט מכבד געווען אַפילו — האָט באַשע אַ זאָג געטאָן שפרהן און איז אַוועק אין קיך.

שפרה האָט פאַרביילט די פויסטן, זי זאָל נישט שרייען פון פרייד. איר האַרץ האָט געטיאָכקעט, ווי עס זאָל וועלן בלייבן שטיין. אירע אויגן האָבן געפינטלט, די טרערן האָבן זי געביסן.

באַשע האָט געבראַכט אַ הילצערנע, פול אָנגעשטעלטע טאַץ; אַ גלעזערנע קרוג מיט לימאָנאַדע, צוויי הויכע וואַסער־גלעזער און אַ פאַרצעלאַנענע שיסל מיט עפּל, באַרן און גויאַוועס.

— עס! אַלץ איז געוואַשן — האָט באַשע אַ זאָג געטאָן. זי האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזער לימאָנאַדע, צוגעטראָגן דער שוועסטער און אַליין אויך געטרונקען.

שפרה איז געווען זאַט, אָבער זי האָט געגעסן אַין פּרוכט נאָך דער אַנדערער. זי האָט געוואָלט מהנה זיין באַשען און זיך געמאַכט דעם תענוג. ביידע שוועסטער האָבן זיך געפילט געמיטלעך. די לופט אין שטוב איז געווען פאַרנע, אָבער דער־טרעגלעך.

שפרה האָט איינגעביסן אַ באַר.

— זאַפטיק — האָט זי אַ זאָג געטאָן און געגעסן.

באַשע האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זי אַ פרעג געטאָן:

— וואָס מאַכט... — זי האָט אַראָפּגעשלונגען דעם ביסן און ערשט איצט אַ זאָג געטאָן — רפי? — ווי זי זאָל נאָכשלינגען דאָס וואָרט.

ביז שפרה האָט איר געענטפערט, האָט געדויערט. דער ביסן איז איר שטעקן געבליבן אין קעל.

— גוט — האָט זי געענטפערט מיט אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט. די לופט אין שטוב האָט ווי אָנגעיווירן. די יערנדע לופט האָט געזאָפּט אין זיך די שטילקייט.

— שלום! — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן שוין הינטער דער טיר. די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט און יהודה איז אַריין אַ נייגעריקער. — שלום! שוועגערין — האָט יהודה, אַ פאַרוווּנדערטער, זי באַגריסט, ווי ער זאָל נישט וויסן אַז זי איז דאָ. זיי האָבן זיך צעקושט, צוגעלייגט אַ באַק צו אַ באַק. — פאַר וואָס האָסטו נישט געזאָגט, אַז דו קומסט? איך וואָלט דיך מיטגענומען — האָט יהודה זי אַ פרעג געטאָן, ווי ער זאָל פון גאָרנישט וויסן.

— אַ גוטער שוואָגער דאַרף וויסן ווען די שוועגערין וויל קומען — האָט זי זיך מיט אים גערייצט.

— אָבער איך בין נאָך נישט דער נאַר — האָט באַשע זיי אַ זאָג געטאָן און אויסגעדרייט זיך צו אים מיטן רוקן.

יהודה און שפרה האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן פאַרשעמטע. דער שמייכל איז ביי יעדן פון זיי געלעגן אונטער דער נאָז. ביידן איז די סיטואַציע נישט געווען באַקוועם. שפרה האָט אַ קוק געטאָן אויף איר האַנטזייגערל.

— יאָ, צייט צו פאָרן. אין אַ האַלבע שעה אַרום גייט אָפּ דער אויטאָ — האָט שפרה אַ זאָג געטאָן אַלע זאַלן הערן.

— שוועגעריק, נישט פיין — האָט יהודה מיט איר אַ שפּאַס געטאָן — אַז איך קום, גייסטו אַוועק? מיר האָבן אַפילו זיך נישט אַדורכגערעדט מיט דיר. נעכטיק דאָ — האָט ער איר פאַרגעשלאָגן. — איך וועל דיר מאָרגן ברענגען אין שטאָט אַריין — האָט ער זי געפּרוווט איבעררעדן.

— ניין! איך קען נישט און איך טאָר נישט. איבערגעלאָזט די שטוב און ס'קינד. — דאָס ערשטע מאָל האָט שפרה דערמאָנט רפין אין קעגנוואַרט פון באַשען. יהודה און שפרה האָבן זיך איבערגעקוקט. יהודה האָט אויך געכאַפּט אַ קוק מיט איין אויג פון דער זייט, ווי שפרהס רייד האָבן געווירקט אויף באַשען. ער האָט דאָך נישט געוווּסט וועגן זייערע שמועסן צווישן זיך.

— גוט! — האָט יהודה מסכּים געװען — אָבער, עס עפּעס, אײדער דו גײסט אַװעק — האָט ער פֿון איר געפֿאָדערט.

— טײַערינקע, איך בין זאַט ביזן האַלדז — האָט זי צו זײַ אַ זאָג געטאָן און אַ װײַז געטאָן מיט דער האַנט, אַז זי איז פֿול ביז אונטער דער גאָמבע. — שױן, קומט, איך בין גרײט — האָט שפּרה געפֿאָדערט פֿון זײַ און האָט אָפּגעצױגן אויף זיך ס׳קלײד.

— איך װעל דיר מיטגעבן אױפֿן װעג עטלעכע קיכלעך — האָט יהודה איר געזאָגט און איז אַװעק אין קיך.

— יהודה! קום! — האָט שפּרה געזאָגט און אַ נעם געטאָן באַשען אונטערן אָרעם.

באַשע איז מיט איר געגאַנגען צו דער טיר.

יהודה איז אונטערגעקומען מיט אַ שקאָרמיצל אין האַנט. ער האָט פֿאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, אַ נעם געטאָן פֿון שפּרהן איר האַנט־טאַש, אַרײַנגעלײגט איר דעם שקאָרמיצל און צוריקגעגעבן די טאַש.

דאָס קורצע, זאַמדיקע, נאָך נישט אַספֿאַלטירטע געסל אין מערב פֿון דאָרף, האָבן זײ שנעל איבערגעשפּרײזט. אויך די הױפּטגאַס האָבן זײ איבערגעקרײצט און זענען אַרויף אויף דעם סקװער. די ערד אויפֿן סקװער איז געװען האַרט, אָנגעטראָטן. דער גרינער אויטאָבוס האָט געװאַרט. עטלעכע מענטשן זענען אין אים שוין געזעסן. דער שאָפֿער, אַ דיקלעכער מאַן מיט לאַנגע, פֿאַרדרײטע װאָנ־סעס, האָט געװאַרט אויף פּאַסאַזשירן. אַן עלטערע, נידעריקע, גרויע פֿרוי האָט שטיל אַרײַנגערעדט צו איר טאָכטער אין אויטאָ. עטלעכע ײנגלעך זענען געלאָפֿן אַרום דעם אויטאָ און זיך געשפּילט.

— אַהאַלאַן! (װילקאָמען) — האָט דער שאָפֿער באַגריסט יהודהן. — חאַמדו־לילה! (גאָט צו דאַנקען) אַבו עודד — האָט יהודה אים צוריק געענטפֿערט.

— אײַנשטײַגן! איך פֿאָר! — האָט דער שאָפֿער אין אויטאָ אַ זאָג געטאָן. ער האָט געמײנט שפּרהן.

שפּרה מיט באַשען האָבן זיך צעקושט. אויך מיט יהודהן האָט שפּרה זיך צעקושט. זי האָט אים נאָך אַ קניפּ געטאָן אין באַק און איז אַרײַן אין אויטאָ.

אַז די ײנגלעך האָבן דערהערט, אַז דער אויטאָ פֿאָרט, זענען זײ שטײן געבליבן.

— עס װעט רעגענען — האָבן זײ, פֿאַרשעמטע, אַ זאָג געטאָן, זעענדיק װי זײ קושן זיך.

— שפּרה, גיב איבער אַ גרוס יהודהס עלטערן — האָט באַשע איר אַרײַנ־געשריגן אין אויטאָ און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט זיך געשעמט קוקן יהודהן אין פּנים.

דער אויטאָ האָט גערירט פֿון אָרט. די גומי־רעדער האָבן איבערגעלאָזט סימנים־אָפּדרוקן אויף דער ערד.

יהודה, דערהערנדיק באַשעס רײד, איז געבליבן מיט אַן אָפֿן מויל פֿון איבער־

ראַשונג. ער האָט זי אַרומגענומען און איר אויסגעקושט די אויגן. זי האָט זיך צו אים געטוליעט.

אַ יינגל, וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט, האָט אַריינגעשטעקט צוויי פינגער אין מויל און אַ פייף געטאָן.

יהודה האָט זיך אומגעקוקט און צו אים אַ שמייכל געטאָן. ער האָט אַ נעם געטאָן באַשען אונטערן אָרעם און מיט איר אַוועק אַהיים.

דער אָוונט איז געווען אַ הייסער. די היץ איז אַריינגעדרונגען אין די חדרים דורך די שפּאַרעס. אין שטוב, ביי באַשען, איז געווען דעמפּיק, ווי אין אַ הייסן אָוונט, ווען די קילקייט דאַרף פאַרבייטן די היץ. באַשע מיט יהודהן האָבן שווער געאָטעמט אין דער היץ. יעדער מעבל־קאַנט איז בולט געווען אין דער היץ. די זאַכן אין שטוב האָבן אויסגעזען ווי גרעסער. אין שטוב איז געווען ליכטיק, אָבער אין די ווינקלען, ביים פּאָל, איז שוין געווען טונקל. יהודה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער קאָזעטקע. זיינע קני זענען געווען שפּיציק. ער האָט געהאַט לאַנגע פיס. באַשען איז געווען הייס. איר קלייד אויפן רוקן איז געווען פונאַנדערגעקנעפּלט. יעדע ווײַלע האָט יהודה אַ קוק געטאָן אויף איר טיפן ברוסטשליץ.ביידע האָבן זיך געשלייכט איבער דער דירה.ביידנס בליקן זענען געווען אומרויִק, ווי זיי זאָלן וואַרטן, עפּעס אויסקוקן. ביידע זענען זיך געווען נאָענט, אָבער אַן אומזע־באַרע פרעמדקייט האָט זיי פונאַנדערגעטיילט. עס איז זיי געווען אומהיימלעך, ביידע האָבן געשוויגן. יהודה האָט געפּרווט לייענען די אָוונט־צייטונג, אָבער ער האָט יעדע ווײַלע זי צוריק אַוועקגעלייגט. ער האָט געררויכערט אָן אויפהער.

באַשע האָט געפּרוווט זיך פאַרטאָן, יעדע ווײַלע ביי אַן אַנדער אַרבעט. זי האָט אַפילו אויסגעקערט די שטוב. צום סוף אָבער האָט זי אַריינגעזעצט אין דער קאָזעטקע, טיף מיט אויסגעצויגענע פיס. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף יהודהן און אָנגעהויבן אים דערציילן, ווי זי וואָלט גערעדט צו זיך:

— איך קען שוין מאַכן אַלע אַרבעטן. די אַרבעט איז מיר שפּאַרעווודיק — און ווידער אַ קוק געטאָן אויף אים.

ער האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַ צופרידענער.

— איך רודער אויף די ערד, גיב וואַסער, אַלץ אין הויף וואַקסט — האָט זי זיך באַרימט פאַר אים.

יהודהס אויגן האָבן געלאַכט צו איר.

זי איז אַראָפּ פון דער קאָזעטקע, איז איבערגעגאַנגען זיינע קני, האָט איבער־געלייגט אירס אַ האַנט איבער זיינע אַקסלען און זיך אָן אים אָנגעלענט.

ער האָט זי אַרומגענומען מיט ביידע הענט אין דער טאַליע און זי געהאַלטן ווי אַ קינד.

אירע אויגן־לעפּלעך זענען געווען האַלב אָפן און געגלאַנצט.

— די הינער וואַקסן, אויך זייערע קאַמען. מען דערקענט שוין אַ האָן — האָט זי אים דערציילט.

— איך האָב ליב זען אין שטייג ווי די הינער שטופּן זיך, דזשאָבען די קערנער — האָט זי אים דערציילט.

יהודהס אויגן זענען געווען ווייך ווי אַ סאַמעט.

זי האָט איבערגעלייגט איר האַנט איבער זיין קאַרק.

די הויט האָט אויף אים אַ ציטער געטאָן. זיינע קינבאַקן זענען געווען בולט. ער האָט געביסן די ליפּן.

זי האָט זיך נאָך שטאַרקער אויף אים אָנגעלענט און ממשיך געווען.

— איך האָב ליב זען ווי אַ הון צעשפּרייט די פליגל און פּרוּווט פליִען. אָבער ספּעציעל האָב איך ליב זען ווי די שעפּסן הייבן אָן לויפן, ווי מען זאָל זיי יאָגן, ווי זיי זאָלן עפּעס ווען, און בלייבן מיט אַ מאָל שטיין אומבאַהאָלפן. זיי דרענגען זיך צונויף און קוקן דערשטוינט מיט זייערע תמימותדיקע אויגן, האָט זי אים דערציילט.

ער האָט איר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט געהערט דעם טיאָך פון זיין האַרץ און דעם פּולס פון איר בלוט. יהודה האָט געוווּסט, אַז ער דאַרף איר אויך עפּעס זאָגן, זיך באַטייליקן אין איר פרייד:

— מאָרגן וועט יחיאל אַרויספירן מיסט אויף אונדזער שטיקל ערד און עס איבעראַקערן — האָט ער איר איבערגעגעבן.

— וואָס וועסטו דאָרט זעצן? — האָט זי נייגעריק אים געפרעגט.

— טאָמאַטן — האָט ער לאַקאָניש איר געענטפערט, אָבער ער האָט פאַר־האַקט די ציין, ער זאָל זיי נישט איינבייסן אין איר פלייש.

באַשע האָט גערעדט געלאַסן, אָבער אויך זי איז געווען אומרויִק. איר אָטעם איז געווען קורץ.

ער האָט געפילט איר אומרו, די היץ פון איר קערפּער. ער האָט זי אָבער אָפּגעלאָזט.

די שאָטנס אין די ווינקלען האָבן גענומען אַרויסקריכן. די שיין אין צימער איז כסדר טונקעלער געוואָרן. דאָס ליכט אין די פענצטער האָט זיך געקרייצט מיט דער טונקלקייט אין די ווינקלען. דער אָוונט איז געבליבן אין דרויסן הינטער די ווענט. אין שטוב איז שוין געווען טונקל.

— איך גיי מאַכן עסן — האָט באַשע אַ זאָג געטאָן, נישט קוקנדיק יהודהן אין די אויגן. זי האָט זיך געשעמט פאַר אירע אייגענע רייד. זי איז אַוועק אין קיך.

יהודה האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ, ווי אַ ווילד פערד. דאָס שפּייעכץ אין מויל איז אים נישט אַדורך דורך דער קעל. זיין פּנים איז געווען ווייס פון אויפרעגונג. ער האָט זיך אונטערגעהויבן, געשטעלט אַ טריט, געוואָלט איר נאָכגיין. ער האָט זיך אָבער צוריקגעקערט, מיטן רוקן אָנגעשפּאַרט אין וואַנט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, געוואַרט. ער האָט געאָטעמט שווער, געפילט און געהערט זיין האַרץ־טיאָך.

באַשע איז אַריין אין קיך. זי האָט געמאַכט ליכט. זי איז שטיין געבליבן

געפּלעפּט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט. זי האָט געזען די זאַכן: דאָס טישל מיט די טאַבאָרעטן, די גאַזקיך, די קילשאַנק. זי האָט צונויפגעלייגט די הענט, ווי זי זאָל בעטן. אַלץ איז איר נאָענט געוואָרן. זי האָט זיך גענומען פּאָרען, אָבער די הענט האָבן זיך איר נישט געלייגט צו דער אַרבעט. זי האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און איז צוריק אַריין אין שטוב.

יהודה האָט דערהערט אירע טריט און געעפנט די אויגן.

באַשע האָט שטיל און פאַרשעמט אים אַ רוף געטאָן — יהודה?

ער איז אויפגעשפּרונגען. אַ ווײַלע איז אַ שאָטן געשטאַנען צווישן זיי. ביידע האָבן געאָטעמט שנעל. די שטילקייט אין שטוב האָט זיך איבערגעגאָסן, ווי פליגל זאָלן פלאַטערן. זי האָט זיך איינגעקוקט אין אים. זי האָט אים אויסגעשטרעקט די הענט, געוואָלט צו אים גיין.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיינע ברייטע אָרעמס.

זי איז אין זיי ווי אַריינגעפאַלן.

ער האָט זי אַרומגענומען, ווי ער זאָל זי אַרומהילן מיט זיין קערפּער. זי איז געלעגן אויף אים. ער האָט געפילט די פליישיקייט פון אירע ברוסטן. ביידע האָבן געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן. ביי ביידע האָבן די נאָזלעפלעך געפלאַטערט. ביי ביידע האָבן דינע שווייסטראָפּנס באַדעקט זייער אויבערשטע ליפּ. ביידע האָבן שווער געאָטעמט.

ער האָט אויסגעשטרעקט אַ פוס און זי אַ נעם געטאָן אויף די הענט.

איר פּנים האָט געשטראַלט, אירע אויגן זענען געווען נאָס.

ביידע האָבן ס׳ערשטע מאָל געוויינט צוזאַמען פון גליק.

ער איז מיט איר אַוועק, צוגעטראָגן און אַרויפגעלייגט אויפן בעט.

זי האָט, מיט אירע פאַרוואָרפענע הענט איבער זיין האַלדז, אים אַ צי געטאָן צו זיך. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי האָט זיך אים איבערגעגעבן, אים געגאַרט.

## יז

באַשע האָט זיך איבערגעוועקט. זי איז ליגן געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן. די מאָרגן־פרישקייט האָט זיך געשפּאַרט דורך די אָפענע פענצטער. ביי נאַכט איז אַראָפּ דער „יורה״. דער זומערשטויב האָט זיך איינגעלייגט. די בלעטער און גרעזער האָבן זיך אָפּגעשווענקט, די וואָרצלען האָבן אָפּגעאָטעמט. באַשע איז געלעגן און געשעפּט אין זיך די פרישקייט. זי האָט געוואַרט עס זאָל איר גרינגער ווערן. אַ שטאַרקער שלוקעכץ האָט זי אונטערגעהויבן. זי איז זיצן געבליבן אין בעט.

יהודה האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קאָלדרע און אַראָפּגעלאָזט די פיס פון בעט.

— באַשע? — האָט ער צאַרט זי אַ פרעג געטאָן.

אָן איבל האָט זי אַ טרייסל געטאָן. זי האָט זיך איבערגעבויגן און אָפּגעגעבן. ער האָט זיך צו איר איבערגעבויגן און מיט דער האַנט איר אונטערגעהאַלטן דעם קאָפּ.

— שוין גוט — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און זיך צוריק אַוועקגעלייגט.

ער איז אַראָפּ פון בעט. ער האָט איר דערלאַנגט אַ ביסל וואַסער און איר אָפּגעווישט דאָס מויל. אַ ביסל שפּעטער האָט ער אויך אויסגעווישט דעם פּאָל. ער האָט זיך אָנגעטאָן, זיך אַרומגעוואַשן און זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר אויפן ראַנד פון בעט. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט און געשוויגן. פון ביידנס אויגן האָט אַרויסגעקוקט זייער גליק.

יהודה האָט זיך איבערגעבויגן צו איר און צאַרט געגלעט אירע האָר, געקושט איר פּנים, די אויגן און דעם האַלדז.

זי האָט געגלעט זײַן האַנט.

— עס וועט הייסן נאָך מײַנע עלטערן — האָט זי שטיל אים אַ פּליסטער געטאָן. איר קול האָט געציטערט ווי זי זאָל וויינען.

ער האָט צאַרט אַוועקגעלייגט זײַן קאָפּ אויף איר ברוסט און שטיל געוויינט. אירע אײַנגעקלאַמערטע פינגער האָבן געהאַלטן זײַן צעשויבערטע טשופּרינע אין האַנט.

יהודה האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעשטעלט. ער האָט זיך אַ וויג געטאָן ווי אַ שיכּור. ער האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן, זיך אָפּגעטריקנט די אויגן. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך באַהערשט.

— וואָס זאָל איך דיר צוגרייטן? — האָט ער זי געפרעגט.

— מען דאַרף נישט, איך קען אַליין — האָט זי אים געענטפערט.

זײַן גוטמוטיקער בליק האָט געשטראַלט.

זי האָט אים אויך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַז זי קען אַליין.

— באַשע, פון איצט אָן וועט זײַן אַן אַנדערער סדר אין שטוב. — די ווערטער, ווי ער האָט זיי געזאָגט, זענען געווען ווי אַ געבעט און וואָרעניש.

ער האָט זיך אַ פאָרע געטאָן. ער האָט צונויפגעלייגט די זאַכן, געמאַכט אַ ביסל סדר אין שטוב.

זי האָט נאָכגעקוקט נאָך יעדער זײַן באַוועגונג. זי האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— יהודה, פאָרסט אין שטאָט. זאָג אָן די עלטערן און שפּרהן די בשורה.

יהודה איז געבליבן געפּלעפט.

אַ טרער האָט פאַרגלייזט באַשעס אויגן. זי האָט געקוקט ווײַט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אים אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ער זאָל צו איר צוגיין.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ איר אויפן בעט. ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין איר און געוואַרט.

— דערציייל זיי, אַז דאָס איז מיין צווייט קינד. זאָלן זיי וויסן — האָט זי אים געבעטן דורך אירע טרערן. זי איז אַרויפגעפאַלן אויף אים און געוויינט.

זיינע טרערן האָבן באַנעצט איר קאָפּ, ווי אַ רעגן פון ברכה. אין שטוב איז געווען שטיל.

די מאָרגן־שטילקייט האָט זיי באַוויינט.

# א

דער הימלבלוי איז געווען אַ געדיכטער, אָן אַ וואָלקן־פּגם און פונאַנדערגעשפּרייט ווי אַ געוואַנט. דער בלוי האָט באַדעקט די זון וואָס האָט פונאַנדערגעשפּרייט אַ מילדע וואַרעמקייט. דער טאָג איז געווען אַ העלער, די לופט דורכזיכטיק.

דער פונאַנדערגעלייגטער ערדפלאַך צווישן באַרג טבור און די נפתלי־בערג איז געווען איינגעהילט אין אַ וואַרעמקייט, וואָס האָט געזעטיקט די כל מיני פלאַנצן. דער וועג טבריה — עמק הירדן האָט דורכגעשניטן די ערדפלאַך. די זייטיקע פון אים וועגן האָבן געפירט אין די פונאַנדערגעלייגטע איבערן שטח דערפער. דער וועג לינקס, וואָס האָט זיך געשלענגלט אַראָפּ, ווי ער זאָל אַנטלויפן, האָט מיט אַ מאָל גענומען קלעטערן אַרויף, קיין יבֿנאל.

יבֿנאל איז אַן איינגעזעסן דאָרף. די ערשטע מתישבֿים דאָרט האָט באַזעצט באַראָן ראָטשילד. דאָס דאָרף באַשטייט פון אַ ברייטער גאַס לענג־אויס דעם דאָרף און פינף זייטיקע, קורצע גאַסן, וואָס זענען פאַרבויט מיט איינשטאָקיקע הייזער. צעצווייגטע ביימער, פאַלמען, פיקוסן, אייקאַליפּטוסן, קאַזירינעס און צעדער וואַקסן פון ביידע זייטן גאַס. יעדעס הויז שטייט אין אַ רחבֿותדיקן הויף אויף וועלכן עס געפינען זיך בדרך־כלל אַ שטאַל, אַ שטייג, אַ שפּייכלער און די קאַמערן. פונאַנדערגעצווייגטע ביימער דעקן איבער די דעכער.

דאָס דאָרף פון דרויסן האָט אויסגעזען ווי אַ פונאַנדערגעוואַקסענער סאָד. דער הויכער בעטאָנענער וואַסער־טורעם אין דער זייט פון דאָרף איז געשטאַנען, ווי ער זאָל אַריבערקוקן איבער די הייזער, באַוואַכט דאָס דאָרף. די לעצטע גאַס פון לינקס האָט זיך געשלענגלט העט אַרויף און זיך איינגעשניטן אין דעם בערגל וואָס איז דאָרט פאַראַן. די גאַס האָט ווי אָפּגעטיילט דאָס דאָרף פון דעם דערנאָך צוגעבויטן ווײַנפּערטל. די הייזער אין דאָרף זענען געווען געבויט מיט שטיינער. די הייזער אין דעם ווײַנפּערטל זענען געווען פון בלאָקן און באַוואָרפן מיט טינק. אין דעם אָ ווײַנפּערטל האָבן געוווינט יידן וואָס האָבן אַמאָל געאַרבעט ביי די מתישבֿים. יאָרן שפּעטער האָבן אויך זיי באַקומען ערד. די מתישבֿים האָבן זיי גערופן „די צוגעקומענע”.

אינעם ווײַנפּערטל, דעם ערשטן הויז רעכטס, האָט געוווינט יעקבֿ כּפרי. זיין ווירטשאַפט איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ נידעריקן הילצערנעם פּלויט פון געשניטענע צווייגן. דער פּלויט פון פראָנט איז באַשטאַנען פון אַ געדיכטן צע־

וואַקסענעם איזביסקוס. אָפּגערוקט פונעם פּלויט איז געשטאַנען, ווי אַרויסגע־וואַקסן פון דער ערד, אַ פּירקאַנטיק הויז מיט אַ רויטן און שיפּן דאַך פון דאַכל־קעס. אַ שמאָלע בייט אַרום דעם הויז, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט ווינקע, האָט אַרומגעגאַרטלט דאָס הויז ביז אין דער העלפט. אויף דעם שטח אין פראָנט, צווישן הויז און דעם פּלויט, זענען געוואַקסן צוויי נוסביימער. די גרינע נאָך וועלטשענע ניס האָבן אַרויסגעקוקט פון צווישן די בלעטער ווי צעהאָנגענע גלעקלעך. ביי דעם אָפענעם הויז־איינגאַנג, פאַר וועלכן עס זענען געלעגן צוויי לאַנגע, ברייטע מאָזאַיִק־טרעפּ, איז געוואַקסן אַ פאַרוואָרצלטער צעדערבוים. דער איינגאַנג איז געווען דאָס פאָדערהויז און גלייכצייטיק אַ וועראַנדע.

אָפּגערוקט פונעם הויז, לינקס, איז געוואַקסן אַן אַלטער, הויכער, ברייט־צעצווייגטער אייקאַליפּטוס, וועמענס צווייגן האָבן דערגרייכט דעם דאַך פון הויז. דער בוים האָט אָפּגעטיילט דאָס הויז פון די שטעלער און דער שטייג, וואָס זענען געשטאַנען פון דער צווייטער זייט בוים. אַרום דעם בוים איז געשטאַנען אַ האַלב־רונדיקער טיש צונויפגעקלאַפּט פון דיקע ברעטער — דאָס איז געווען דער אַרבעטס־טיש. נעבן אים האָט זיך געפונען דער וואַסערקראַן, וואָס איז געווען צוגעפּעסטיקט צו אַן אַריינגעהאַקטן דראַנג אין דער ערד. ווייטער אַרויף, נאָך דעם צעוואַקסענעם אייקאַליפּטוס־בוים, איז געשטאַנען די קי־שטאַל. דערנעבן איז געשטאַנען דער קערנער־שפּייכלער און דער אָפענער אַן ווענט שטרוי־ און היי־שייער. אָפּגערוקט ביים פּלויט, לינקס, איז געשטאַנען די הינערשטייג. הינטער דער קי־שטאַל, ביים פּלויט, רעכטס, איז געשטאַנען די שטאַל פונעם מוילאייזל. דערנעבן האָט זיך אויך געפונען די קאַמער מיט אַרבעטס־כלים. די דעכער פון די געביידעס זענען געווען געדעקט מיט גרויע דאַכלקעס.

נישט ווייט פונעם מוילאייזלס שטאַל, אינעם פּלויט, געפינט זיך אַ הילצערנע פאָרטקע — דער וועג צו דער מיסטגרוב. די מיסטגרוב האָט זיך געפונען פון דער צווייטער זייט פּלויט אויף דעם שמאָלן ערדפּאַס, וואָס האָט צו קיינעם נישט געהערט. דאָרט זענען געוואַקסן נידעריקע, דינע נישט אויסגעוואַקסענע אייקאַ־ליפּטוסן. ביים פּלויט הינטן, אין דער מיט, איז געשטאַנען אַ געמויערטע פון בלאָקן הייזקע. יעקבס ערשט הויז ווען ער איז אַרויף אויפן באָדן. דאָרט, אין פּלויט, איז אויך געווען אַ פאָרטקע וואָס איז איצט פאַרהאַקט.

יעקב, אַ הויכער, ברייטבייניקער ייד מיט אַ גרויער, צעשויבערטער טשופּרינע און לענגלעך פּנים, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ כמעט קאַנטיקער גאָמבע. די קינבאַקן זיינע זענען געווען בולט. דער בליק פון זיינע גרויע אויגן איז געווען אַ שאַרפער. זיין דינע נאָז האָט ווי פונאַנדערגעטיילט זיין פּנים. „געענדיקט!" — האָט יעקב אַ זאָג געטאָן און אויסגעגליכן דעם רוקן. נעבן אים, אונטערן בוים, האָט זיך געשטאָפּלט אַ שטויס פאַרראָכטענע קאַסטנס אין וועלכע ער האָט געפּאַקט די אַראָפּגענומענע גרינסן פון די פעלדער. יעקב האָט אַ קוק געטאָן אין הימל. כאָטש די זון איז געווען פאַרדעקט האָט ער געוווּסט, אַז די מיטאָג־שעהן דער־נענטערן זיך. ער האָט צונויפגענומען דעם האַמער און די פּושקע נעגל און זיי

אַוועקגעטראָגן אין דער קאַמער פון די כלים און איז אַוועק אין שטוב. מיט אַ מאָל האָט אַן אויסגעצויגענער, פאַרבענקטער קו־„מ ו ו ו" פונאַנדערגעריסן די פאַרגליווערטע שטילקייט אין הויף. אינסטינקטיוו איז ער שטיין געבליבן, אָבער באַלד געגאַנגען ווייטער.

יעקב האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר. ער האָט אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן אַפיר צי דינה איז דאָ אין שטוב און געגאַנגען ווייטער. דער גרעסטער צימער אין הויז איז געווען די קיך, וואָס איז אויך געווען דאָס עסצימער. אין דעם צימער זענען געווען פינף טירן. דריי פון זיי האָבן געפירט אין די חדרים. איינע האָט געפירט אין דער שפּיזשאַרניע. די פינפטע טיר איז געווען די אייגאַנגס־טיר. צוויי נידעריקע, ברייטע פענצטער האָבן געקוקט אין הויף אַריין. אויף דער וואַנט, רעכטס, האָט זיך געפונען די קיך־שיסל מיט אַ וואַסערקראַן איבער איר. אויף די שענקלעך זענען געלעגן מאַרמאָר־פּלאַטן און אויף זיי זענען געשטאַנען די קנויט־מאַשינקעס אויף וועלכע מען האָט געקאָכט. אין דער זייט, רעכטס, איז געשטאַנען די קילשאַנק. דער קאַלך אויף די ווענט איז געווען אַ טונקל־בלויער. איבער איינעם פון די פענצטער איז געהאָנגען אַ געפלאָכטן בינטל קנאָבל, איבער דעם צווייטן — אַ בינטל ציבעלעס. אין מיטן קיך איז געשטאַנען אַ לאַנגער, הילצער־נער יוסטער טיש מיט האַרטע בענקלעך אַרום. איבער דעם טיש איז געהאָנגען אַן עלעקטריע־לאָמפּ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ נאַפטלאָמפּ.

יעקב האָט אַרויסגענומען פון קילשאַנק אַ טיפע שאָל מיט זויערמילך און אַ לאַנגן זופּ געטאָן. „אַהה" — האָט ער זיך געקוויקט. ער האָט מיטן פוס אָפּגערוקט אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, ווי אויף דערוייל. ער האָט פון דער שאָל ווידער אָפּגעטרונקען און פון ס'ניי זיך אַ קוויק געטאָן: „אַהה", און מיט דער צונג זיך געווישט די ליפּן.

דינה האָט נישט נאָר געהערט, נאָר אויך געזען אים קומען. זי, וואָס האָט גראָד אַראָפּגענומען פון שטריק און צונויפגעלייגט די טרוקענע וועש, איז נישט אַריין צו אים ביז ער האָט געענדיקט טרינקען. דינה איז געווען אַ הויכע, דיקע פרוי מיט פולע ברוסטן, מוסקולירטע הענט און לענגלעך פּנים. אירע גרויע האָר זענען געווען צעקעמט מיט אַ שרונט אין מיט און זענען איר אַריבערגעהאָנגען איבער די אויערן. זי איז אַריין צו אים מיט דראָבנע טריט און אַ זאָג געטאָן: „דאָס מאָל איז די זויערמילך ספּעשל" — און זיך צעשמייכלט. גראָד ווען זי איז אַריין האָט אַ זעץ געטאָן אַ פּאַרע פון טאָפּ, וואָס האָט זיך געקאָכט אויף דעם קנויט־אויוון און די שטאַרץ האָט זיך אונטערגעהויבן. זי איז צוגעגאַנגען און אַראָפּגעדרייט דעם פלאַם.

— די מילך איז איצט פעט, די פּאַשע וואָס די בהמות באַקומען איז אַ גוטע — האָט יעקב געזאָגט און ווידער אַ זופּ געטאָן פון דער שאָל מיט זויערמילך. ער האָט מיט דער שפּיץ צונג זיך אָפּגעווישט די ליפּן און צוגעגעבן:

— די הויפּטזאַך, אַז די זויערמילך זאָל זיך נישט איבערשטיין, נישט ווערן איבערזאַצט.

דינה, אַ פרוי ביי די זעכציק. פון איר פּנים האָבן אַרויסגעקוקט נייגעריקע, ברוינע אויגן, זי האָט נאָר געוווינט אין דאָרף. אפרים, איר מאַן, האָט געמאַכט אַלע נייטיקע אין דאָרף אַרבעטן. ער האָט פאַרראַכטן אַ וואַסער־רער, געצויגן אַן עלעקטרישע דראָט, אויסגעהאַקט אַ טיר אָדער זי פאַרמויערט. ער האָט פאַרראַכטן אַ שלאָס און צוגעפּאַסט אַ שליסל. זייער הויז אויף די צוויי דונאַם ערד האָט זיך געפונען אויפן עק דאָרף. זייערע צוויי טעכטער זענען געווען שוין מאַמעס. ביידע האָבן געוווינט אין חיפה. יעקב איז שוין יאָרן געווען אַן אַלמן. דינה האָט אים געפירט דיווירטשאַפט.

דינה האָט עטוואָס אָפּגעדעקט די שטאַרץ פון טאָפּ. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און אַ פרעג געטאָן: — יעקב! ווי לאַנג איז דער שיער איך זאָל זיך פאָרען אין דיין הויז? — און באַלד מיט אַ שמייכל צוגעגעבן: — איך ווער נישט יינגער.

יעקב האָט איר נישט באַלד געענטפערט. ערשט שפּעטער האָט ער איר אַ זאָג געטאָן: — וואָס זאָל איך נאָך זאָגן. — זיין גאָמבע האָט זיך אָנגעלענט אויף זיין ברוסטקאַסטן. דינה האָט אים נישט געענטפערט, נאָר אַז יעקב האָט אַ זאָג געטאָן „יאָ", ווי ער זאָל האָבן אַ קרעכץ געטאָן, האָט זי זיך דערבאַרעמט אויף אים און געזאָגט: — דו האָסט נישט געבטלט, דו ביסט געגאַנגען דיין לעבן אַנטקעגן.

אַ צייט האָבן ביידע געהערט די שטילקייט אין שטוב און דאָס בולבען זיך פון דער פליסיקייט וואָס האָט געקאָכט אינעם טאָפּ. מיט אַ מאָל האָט יעקב אַ זאָג געטאָן, ווי צו זיך: — יעקבן דעם קרימטשאַק קען די גאַנצע סביבה — זיין גרויער קאָפּ האָט זיך אַ וויג געטאָן ווי אַ בוים אין אַ שטורעם. ער האָט זיך איינגעקוקט אין רוים אַרום און ממשיך געווען: — בין געגאַנגען צופוס ביז דער שיף אין אָדעס. אין גליל האָב איך געאַרבעט און אויך געהונגערט. אין די שפּעטערע יאָרן געטאָגט און געגעכטיקט אינעם זאָטל אויפן פערד, געהיטן די יידישע פּראָצע אין די פעלדער... — ער האָט זיך פאַרטראַכט און אַ ווײַלע שפּעטער ווייטער גערעדט: — געטראָפן אין דגניה די יאָדערדיקע בלאָנדע חדווה. ווי נאָר איך בין אונטער־געריטן און אַ פייף געטאָן האָב איך זי באַלד דערזען, ווי זי זאָל האָבן מיך אויס־געקוקט... — ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דינהן מיט זיינע אַלטע, נאָר גוטע אויגן, און ווייטער דערציילט:

— זי האָט געפאָדערט איך זאָל זיך אומקערן צו דער ערדאַרבעט און מיר האָבן זיך באַזעצט אין יניב. יאָרן האָב איך געאַרבעט אַלס לוין־אַרבעטער. ווען מען האָט געפונען וואַסער אין יניב, און דער קרן־קיימת האָט געגעבן די יניבער אַרבעטער די פינף און צוואַנציק דונאַם באָדן, זענען מיר אַרויף אויף אונדזער ערד. דאָס הויז האָב איך געבויט מיט די אייגענע הענט. חדווה האָט מיר דער־לאַנגט דעם טינק און די בלאָקן.

— אויסגעפּילט זיך דאָס לעבן — האָט דינה שטיל אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל נישט וואָגן אים אַריינרעדן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז ווידער געווען שטיל אין שטוב. איינער האָט געפילט

דעם צווייטנס אַנוועזנהייט. יעקב האָט אויסגעשפּיצט די אַקסלען זיינע. דער קאָפּ איז אים אויף זיי ווי ליגן געבליבן און ער האָט צוגעגעבן:

— נאָר יאָרן שוין ווי זי איז געשטאָרבן און איך בין געבליבן מיט אַ קליינעם זון...

אין שטוב איז ווידער געוואָרן שטיל. אַפילו דאָס בולבען זיך אין טאָפּ איז געוואָרן שטילער. דינה האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן און אים אַ טרייסט געטאָן:

— גדעון וועט חתונה האָבן און פאַרלייגן אַ משפּחה און דו וועסט דערלעבן נחת פון אייניקלעך...

— ווער ווייסט — האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי עס זאָל פון אים אַרויסרעדן.

— דאַרפסט שטיין דערויף, ביסט אַ טאַטע — האָט זי אים פאַרגעהאַלטן — אַזוי פיל טעכטער פאַראַן אין יניב און פאַרדרייט זיך דעם קאָפּ מיט עפּעס איינער פון דער פרעמד — האָט ער געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף דינהן פון דער זייט.

— די צייט שטייט נישט — האָט זי אים געזאָגט און אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ. עס האָט איר פאַרדראָסן פאַר וואָס זי האָט אים דאָס געזאָגט און האָט צוגעגעבן — עס וועט שוין גוט זיין — אים געטרייסט און אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט פון אויפרעגונג.

— איך מוז וואַרטן און גלויבן — האָט ער אַ זאָג געטאָן הילפסלאָז. דער רוקן זיינער האָט זיך אויסגעבויגן און ער איז זיצן געבליבן, ווי עפּעס אַ פּאַק זאָל ליגן אויפן בענקל. די שטילקייט אין שטוב איז געוואָרן אַן אָנגעדראָלטע. דינה האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט געוואָלט אַרויס פון צימער, נאָר נישט געוואָגט גיין.

יעקב האָט זיך אויפגעשטעלט און פאַמעלעך, ווי ער זאָל אויף זיך טראָגן אַ משא, איז ער אַרויס פון שטוב. זי האָט אים נאָכגעקוקט וווּ אַהין ער גייט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַראָפּגענומען פון טיש זיין נישט אויסגעטרונקענע זויער־מילך און איז אַריין אין דערבייאיקן צימער.

# ב

גדעון האָט אַ צי געטאָן די לייצעס. דאָס מוילאייזל איז שטיין געבליבן ביים סאָד. זיינע גרויסע אויערן האָבן אַ ציטער געטאָן און זיך אויסגעשפּיצט. זיין ברוינע פעל האָט אַ בלאַנק געטאָן אין דער זונענשיין. דער דיסקוס וואָס דאָס מויל־אייזל האָט געשלעפּט נאָך זיך איז ליגן געבליבן ווי אַן אומבאַוועגלעכער קעגנ־שטאַנד. די שאַרף פון די קיילעכדיקע מעסערס האָט אויך אַ בלאַנק געטאָן אין דער זון. גדעון האָט איבערגעוואָרפן די לייצעס איבערן מוילאייזל, אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּאָשלאַדעק און אַ זאָג געטאָן: „פּלוטאָס!" ווי ער זאָל אים דאַנקען פאַר זיין פראַצע און אַ רייב געטאָן אים זיין פאַרשוויצטע מאָרדע.

גדעון, דער הויכער, ברייטביייניקער מאַן מיט דער געדיכטער שוואַרצער טשופּרינע און גרויסן אויסגעביילטן שטערן, אונטער וועלכן עס זענען געזעסן צוויי שוואַרצע גלי̇ענדע אויגן, האָט פאַרצויגן די ליפּן. אויף זיין לענגלעך, ברוין, ווי בראָנדז פּנים, איז פאַראַן אַ קורצע, עטוואָס ברייטע נאָז און אַ גרויסע געדיכטע וואָנסע. פון אים האָט געשלאָגן דרייסטקייט, זיכערקייט. ער האָט אָפּגעאָטעמט טיף און דערפילט די פרייד פון דער פראַצע. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום סאָד. די ווי אויסגעסדרטע אין רייען ביימער מיט פונאַנדערגעלייגטע, באַבלעטערטע צווייגן, וואָס זענען געווען באַזעצט מיט ווייסע בלימעלעך, אין וועלכע עס האָט זיך שוין געפּיקט דער עפּל־יאָדער, האָבן זיך ווי געשפּיגלט אין דער פריש־אויפגעאַקערטער ערד. די ביימער־צווייגן האָבן זיך געוויגט, ווי פאַר אים זיך געבוקט. די בליטער־ווייסקייט האָט אים געבלענדט. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ.

דער ווייטער האָריזאָנט איז געווען רויט, ווי ער זאָל זיך צינדן. די זון האָט אָנגעהויבן זיך זעצן. דער בלויער הימל איז געווען הויך. די ווייטע בערג־שפּיצן האָבן געשטאַרט אין דער הויך, ווי זיי זאָלן אויף זיך האַלטן דעם הימל. אַ לייכט ווינטל האָט געווייעט פון די בערג, געגלעט אַלעס וואָס אויף דער ערד און געקילט די טאָג־וואַרעמקייט.

גדעון האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. פון פרייד האָבן זיי געגלאַנצט. אַ פייכטקייט האָט זיי באַדעקט. ער איז שטיין געבליבן אַ פאַרטראַכטער און אַן איינגעקוקטער אין רוים פון צווישן צוויי ביימער. מיט אַ מאָל האָט זיין פּנים זיך צעשמייכלט און ער האָט פאַרמרוזשעט די אויגן, ווי ער זאָל אַריינקוקן אין אַ טיף און אַ זאָג געטאָן: „זי" און מיט פּאַמעלעכע טריט אַוועק צום מוילאייזל. „טצו!" — האָט ער אַ צמאָקע געטאָן פלוטאָסן און צוגעגאַנגען צום וואָגן. גדעון האָט אָפּגעטשעפּעט דעם דיסקוס און אים אַרויפגעלייגט אויפן וואָגן. ער האָט איינגעשפּאַנט פלוטאָסן און אים אַ זאָג געטאָן: „דיאָ!" דאָס מוילאייזל האָט אַ צי געטאָן נאָך זיך דעם וואָגן. גדעון איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן.

די נאַכט האָט נאָך נישט געהאָט זיך איינגעזעצט. די פינצטער איז געווען אַ שיטערע. די לבנה האָט זיך נאָך נישט באַוויזן אויפן הימל. אין די ווינקלען האָבן געלויערט שאָטנס. ביי כפּרין אין די חדרים איז געווען פינצטער. אויך פון די מעבל־ווינקלען האָבן אַרויסגעקוקט שאָטנס. נאָר דאָס גרויסע צימער איז געווען באַלויכטן. אין דעם דריי־רערנדיקן לאָמפּ, האַרט ביי דער סטעליע, ווי אַ פלעדערמויז זאָל דאָרט זיצן, האָט געברענט נאָר איין לאָמפּ. די ליכטשיין איז געווען אַ גרינלעכע. דאָס צימער איז געווען גרויס און לענגלעך. די ווענט זענען געווען געקאַלכט מיט אַ לימאָן־פאַרב. פיר פענצטער, צו צוויי אין אַ וואַנט זיך אַנטקעגן, און צוויי טירן זענען געווען אין דעם צימער. דאָס צימער איז געווען מעבלירט ווי אַלע בערך אויפנאַמס־צימערן אין די דערפער. דאָס באַזונדערע איז געווען

דאָס אויסגעזעצטע מיט פערלמוטער קיילעכיקע דאַמאַסקוס־טישל אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ מעשענער קאַווע־סערוויס.

איבער דעם טישל, אויף דער וואַנט, איז געהאַנגען די ביקס און שאַבאַריע, דעם אַלטן יעקבס כלי־זין פון די יאָרן ווען ער איז געווען אַ שומר. אויף דער צווייטער וואַנט, אונטער די צוויי פענצטער, איז געשטאַנען אַ טישל מיט אַ גרויסן סאַמאָוואַר, וואָס חדווה, זיין פאַרשטאָרבענע פרוי, האָט אים געקויפט אַ מתנה. דעם סאַמאָוואַר האָט יעקב אַליין געפּוצט.

ביידע, יעקב דער טאַטע און גדעון דער זון, האָבן זיך געפונען אין צימער. דער פאָטער, אין האַקי־בגדים, איז געזעסן אויף דער סאָפע מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָן אָנגעלענטער אויף אַן עלנבויגן. דער זון, אין האַקי־הויזן און בלוי העמד מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, איז געזעסן ביים טיש, אים אַנטקעגן, מיט אַ צייטונג אין האַנט.

— גיי שלאָפן — האָט גדעון אַ זאָג געטאָן דעם פאָטער, ווי ער זאָל דאָס אַרויסלייענען פון דער צייטונג.

איך בין וואַך און רו — האָט דער פאָטער אים געענטפערט.

אַ ווײַלע איז אין צימער ווידער געווען שטיל, נאָר באַלד האָט ער צוגעגעבן נישט רירנדיק זיך פון אָרט:

— געשענקטע יאָרן — און ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זון פון דער זייט.

— אַהאָ! — האָט גדעון אַ זאָג געטאָן, ווידער ווי פון דער צייטונג אַרויס.

דער פאָטער האָט זיך אויסגעגליכן. ער האָט די הענט אַרויפגעלייגט אויף די קני און אַ פרעג געטאָן דעם זון:

— דער עפּלבלי איז אַ שטאַרקער?

— אויב עס וועלן אין צווישנצייט נישט זיין קיין חמסינען, וועט דאָס יאָר זיין אַן עפּל־גערעטעניש — האָט גדעון אים געענטפערט. איצט איז ווידער געווען שטיל אין צימער. אַ צייט שפּעטער האָט גדעון ווידער אַ זאָג געטאָן:

— באַלד וועל איך זיך שטעלן קאַלכן די ביימער...

דער פאָטער האָט אויף אים אַ קוק געטאָן און לייכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. איצט האָט גדעון אויפגעהויבן זיין קאָפּ פון דער צייטונג און צווישן געטאָן דעם פאָטער:

— ווען כ׳וועל ענדיקן די אַרבעט וועל איך צופאָרן קיין תל־אביב אויף אַ טאָג, צוויי — און געוואַרט וואָס דער פאָטער וועט אים זאָגן.

דער פאָטער האָט אים נישט געענטפערט, נאָר צוריק אָנגעלענט דעם קאָפּ אויפן אָנלען. ער האָט געוווסט ווו אַהין דער זון קלייבט זיך פאָרן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, ווי ער זאָל זיך שעמען פאַר דעם זון און זיך אַראָפּגערעדט פאַר אים:

— איך בין מאַריך ימים נאָר איך ווער וואָס אַ מאָל שוואַכער און עלטער. איך וויל זיין זיכער, אַז דו ועסט מיין ערד, וואָס כ׳האָב יאָרן באַנעצט מיט מיין

שוויס, נישט פֿאַרלאָזן — און ער איז געבליבן אַן אָנגעלענטער, ווי ער זאָל האָבן איינגעדרימלט.

גדעון האָט פֿאַרשטאַנען ווו אַהין דער פֿאָטער צילט. ער האָט אַרויסגעלאָזט פֿון האַנט די צייטונג און גלייכגילטיק אים געענטפֿערט:

— טאַטע, דו וועסט זיך נאָך לאַנג שפּילן מיט דיינע אייניקלעך.

— דער פֿאָטער האָט נאָר אַ קרעכץ געטאָן: „אָה!". דער קרעכץ האָט זיך צעטראָגן איבערן צימער ווי אַ ווידערקול. די שטילקייט אין צימער איז געוואָרן געפּרעסט. אַ צייט האָבן ביידע מענער געשוויגן. דער פֿאָטער האָט געמרוזשעט די אויגן. גדעון האָט געקוקט אויף אַ שפּיץ פֿון טיש, ווו דאָרט זאָל זיין די גרענעץ פֿון זיינע מחשבות. די שטילקייט איז געווען פּיינלעך פֿאַר ביידע. גדעון האָט ווידער און ווידער זיך איבערגעלייגט און געמאַכט אַ סך־הכל פֿון זיין מצב. די מיידלעך אין דאָרף, וואָס וואַרטן ווען ער וועט אויסקלייבן. די מענטשן אין דאָרף ביי וועלכע ער איז שוין אַן אַלטער בחור, זיין אַלטער טאַטע, דינה, און די קיבוץ־ניצע סמדר, צו וועלכער ער בענקט און גאַרט און זי איז אַזוי קאַפּריזנע. ער האָט פֿאַרביסן די ליפּן און עס האָט אים אַ שטיק געטאָן אין קעל. ער האָט אַ הויך געטאָן „האָאָ!", אויסגעאָטעמט זיין הייסן אָטעם און איז זיצן געבליבן הילפֿלאָז.

אַ צייט שפּעטער איז ער האַסטיק אויפֿגעשטאַנען. נישט קוקנדיק דעם פֿאָטער אין די אויגן, האָט ער אים אַ זאָג געטאָן:

— די היינטיקע אַרבעט איז אָפּגעטאָן. די בעלי־חיים זענען זאַט. איך גיי צו נתנען, וועל זיך ביי אים נישט זוימען. אַ גוטע נאַכט טאַטע — און איז אַרויס פֿון צימער.

דער טאַטע האָט געהערט ווי גדעון פֿאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

# ג

גדעון האָט אָנגעקלאַפּט מיט די שפּיץ פֿינגער אין דער באַלויכטענער שויבן־טיר. ער האָט נישט געוואַרט אויף אַן ענטפֿער און אַריין אין שטוב.

— גוט אָוונט! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ דיקע האַלדז־שטימע און צוגעגאַנגען צום טיש. ביידע, נתן און אורה, האָבן אין איינעם אויסגעשריגן מיט פֿרייד: „גדעון!" און אויסגעשטרעקט די קעפּ פֿון נייגער. אורה האָט אים אַ זאָג געטאָן: „אַ גאַסט". נתן האָט אַ שמייכל געטאָן. ביידע האָבן איבערגעריסן זייער אַרבעט. נתן האָט אָפּגערוקט אין אַ זייט פֿון טיש די חשבונות וואָס ער האָט איבערגעקוקט. אורה, וואָס איז געזעסן אין דער זייט און פֿאַרראַכטן אַ פּאָר הויזן, האָט זיך אויפֿגעשטעלט. זי איז צוגעגאַנגען צום טיש ווו ביידע מענער זענען געזעסן און זיך צוגעזעצט צו זיי.

— אָט דאָס הייסט אידיליע: „זי און ער" — האָט גדעון אַ שפּאַס געטאָן אַ

צעשמייכלטער און מיטן בליק אַרומגענומען דאָס גרויסע פּירקאַנטיקע, נידעריקע צימער, ווו די משפּחה מינס האָט בדרך־כּלל אויפגענומען געסט. גדעון האָט אויס־געצויגן די פּיס אונטער דעם לאַנגן טיש, זיך אָנגעשפּאַרט אינעם הילצערנעם בענקל־אָנלען און פאַרמרוזשעט די אויגן, ווי די שיין פון פלאָרעסצענט אויף דער סטעליע זאָל אים בלענדן.

— דאָס יינגעלע רמי שלאָפט שוין — האָט אורה אים אַ זאָג געטאָן. נתן האָט איר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. די שטילקייט אין צימער האָט זיך ווי אַ באַוועג געטאָן. גדעון האָט איבערגעלייגט זיין אונטערשטע ליפּ איבער דער אויבערשטער און איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ פול באַדויער. אורה האָט באַמערקט זיין שטימונג. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף נתנען. ער איז געזעסן ווי פאַרטראַכט און אַ פרעג געטאָן:

— גדעון, וואָס מאַכט דער טאַטע? זי האָט געוואָלט פאַרפירן אַ שמועס, ענדערן זיין שטימונג. גדעון האָט איר נישט געענטפערט באַלד. ערשט דערנאָך האָט ער איר אַ זאָג געטאָן מיט סאַרקאַזם:

— ער און זיין שכל זענען געזונט. זיין זון איז אין אים נישט געראָטן.

— דיין טאַטע זאָגט דאָס נישט — האָט נתן אים געענטפערט.

גדעון האָט פאַרביסן די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולטער. אורה און נתן האָבן זיך אין אים איינגעקוקט. גדעון האָט אַ קוק געטאָן אויפן טיש און אַ זאָג געטאָן:

— אויך איך האָב היינט באַקומען די חשבונות.

— די פרייזן אויפן שפּיץ מעסער, ווי שטענדיק — האָט נתן אים געענטפערט.

— נישט צו פאַרזינדיקן — האָט גדעון אים געזאָגט.

— יאָ, וואָס באַקומען מיר, און וואָס זענען די פרייזן אין שטאָט? — האָט נתן אים אַ פרעג געטאָן.

— שטענדיק און אין דער גאַנצער וועלט איז פאַראַן אַ פרייז־אונטערשייד — האָט אים גדעון געענטפערט.

— אָבער אַזאַ אונטערשייד? — האָט אים נתן ווידער אַ פרעג געטאָן.

— אין דער וועלט קריגט דער פּויער כמעט גאָרנישט פאַר זיין פּראַצע, זיי ווערן פשוט אָפּגענאַרט. פאַראַיאָרן האָט אונדז באַזוכט קיי, דעם טאַטנס אַ ווייטער קרוב. ער איז געקומען זען די יידישע מדינה. ער האָט אין דעטראָיט אַ פעדער־פאַבריק, האָט ער אונדז דערציילט, אַז אַ פעדער וואָס ער פאַרקויפט פאַר איין דאָלאַר ווערט אין די געשעפטן פאַרקויפט פאַר צוויי — האָט גדעון אים אויפגע־קלערט.

— אָבער די טאַטעס אונדזערע זענען געקומען אַהער ווייל זיי האָבן געוואָלט לעבן אַנדערש — האָט נתן פאַרגעזעצט זיין מיינונג.

— מיר לעבן טאַקע אַנדערש אויף אונדזער ערד — האָט גדעון אים געענט־פערט.

— מען דאַרף נאָר נישט וועלן אַלץ, האָט מען גענוג — האָט אורה אַ זאָג געטאָן. די מענער האָבן זיך איבערגעקוקט. אין קאָנסום־הויז זעט מען וואָס אַ מאָל

נייע פּראָדוקטן, ממש אַ שפע, און מענטשן קויפן — האָט אורה זיי אויפגעקלערט. דאָס געשפּרעך האָט זיך איבערגעריסן. אין שטוב איז געוואָרן שטיל. אורה האָט פונאַנדערגעלייגט איבער אירע קני די הויזן און באַטראַכט די פּירקאַנטיקע לאַטע וואָס זי האָט צוגענייט.

— אַ שטיק לאַטע — האָט זי זיך געוווּנדערט.ביידע מענער האָבן אַ קוק געטאָן אויף איר. זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס זיי זאָלן איר זאָגן.

נתן האָט זיך אַריינגערוקט טיפער אין בענקל אויף וועלכן ער איז געזעסן און זיך אַ ווענד געטאָן צו גדעונען:

— איך וויל אָנהייבן האָדעווען קעלבער אויף פליייש.

— וועסט באַווייזן אַלץ אַרומאַרבעטן? — האָט גדעון אים אַ פרעג געטאָן און אים אָנגעקוקט.

נתן האָט זיך פאַרטראַכט און אים געענטפערט:

— איך קלער פאַרקלענערן די מילך־שטאַל.

— זיי נישט היציק, דו ווייסט נישט וואָס די קעלבער אויף פליייש קענען דיר אַריינטראָגן — האָט גדעון אים געוואָרנט.

— וואָס שטעל איך איין? איך וועל אָנהייבן מיט איין קעלבל און יעדן חודש צושטעלן נאָך אַ קעלבל — האָט נתן אים אויפגעקלערט.

— וואַרט אונטער — איז גדעון געשטאַנען אויף זיינס.

— איך גיי ברענגען כיבוד — האָט אורה אַ זאָג געטאָן און אַ קוק געטאָן אויפן מאַן. זי האָט צונויפגעלייגט די הויזן און געוואָלט זיך אויפשטעלן.

— וואַרט — האָט נתן איר געזאָגט און איר אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט זי זאָל בלייבן זיצן. ער אַליין האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געווען מיטלגע־וואַקסן, ברייטפּלייציק און געהאַט אַ לענגלעכן קאָפּ מיט געדיכטע, שוואַרצע האָר. ער איז אַוועק אין קיך. גדעון האָט זיך איינגעקוקט אין אורהן. זי האָט אַראָפּגע־לאָזט די אויגן. זיין בליק האָט איצט זי אַדורכגעדרונגען.

— אין אַ ווירטשאַפט דאַרף זיך פאַרען אַ ווייב — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן.

— האָב חתונה — האָט זי אים געענטפערט און זיך צעשמייכלט, אָבער תיכף געוואָרן ערנסט. זי האָט באַמערקט ווי זיין פּנים איז געוואָרן אָנגעשטרענגט און האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— אייער דינה טוט די אַרבעט בשלמות — זי האָט געוואָלט פאַרבעסערן אים די שטימונג.

— זי איז דאָך אַ פרעמדע אין שטוב — האָט ער איר אָפּגעענטפערט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן:

— איך וואָלט געוואָלט די מאַמע זאָל מיך אויסהערן און מיר אויסרעדן און איך זאָל זיך קענען פאַר איר אַראָפּרעדן, פאַרטרויען. איך האָב עס נישט געהאַט אין מיין לעבן — האָט ער זיך געקלאָגט.

אורה האָט נישט געוווּסט וואָס זי דאַרף אים זאָגן. זי האָט אים פאַרשטאַנען און מיטגעפילט. דאָך האָט זי אים אַ זאָג געטאָן:

— לעצטנס איז דיר בכלל שווער אויפן האַרץ, אַזאַ געפיל האָב איך — און זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

ער האָט איר נישט באַלד געענטפערט. ערשט שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— מען דאַרף נישט זיין קיין אויבער־חכם. מען דאַרף נעמען ס'לעבן אַזוי ווי עס איז, אָן פּרינציפּן.

— אָן דיינע פּרינציפּן וואָלסטו נישט געווען גדעון — האָט זי אים געענט־פערט.

— עה! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט כעס און אַ וואָרף געטאָן די האַנט מיט ביטול.

נתן איז צוריקגעקומען און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ טעצל מיט צוויי געעפנטע פלאַשן ביר, צוויי הויכע גלעזער און אַ טעלערל מיט געזאַלצענע שטעקעלעך.

— אפשר וויל גדעון טיי? — האָט אורה אַ פרעג געטאָן און געשמייכלט.

— ביי זיך אין שטוב וועט ער טרינקען טיי — האָט נתן אים געענטפערט. ער האָט אָנגעגאָסן די גלעזער און זיך אַוועקגעזעצט.

— ווילסט אויך? — האָט נתן זי אַ פרעג געטאָן און איר צוגעטראָגן צום מויל זיין גלאָז ביר. אורה האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

— לחיים — האָט נתן אַ זאָג געטאָן און אָפּגעטרונקען פון גלאָז.

— לחיים — האָט גדעון אים געענטפערט און אויסגעטרונקען די גלאָז ביר מיט איין מאָל.

אַ צייט האָבן אַלע געשוויגן. זיי האָבן זיך געקוויקט מיטן ביר. נתן האָט אָנגעגאָסן גדעונען נאָך אַ גלאָז. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און געזאָגט:

— גוט וואָס דו ביסט געקומען, קען מען כאַפּן אַ טרונק און מען קען זיך אַדורכרעדן. גדעון האָט עטלעכע מאָל אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, באַשטעטיקט זיינע ווערטער און אים אַ זאָג געטאָן:

— ווען דער מענטש זאָל נישט האָבן זיך פאַר וועמען אַראָפּצורעדן, וואָלט ער געפּלאַצט.

ביידע, נתן און אורה, האָבן אים אָנגעקוקט נייגעריק און געוואַרט ער זאָל ווייטער רעדן. גדעון האָט געוואָלט רעדן, אָבער נאָר פאַר נתנען. כדי אונטערצו־האַלטן דאָס געשפּרעך האָט גדעון אַ זאָג געטאָן:

— לעצטנס וויל איך זיך געפינען צווישן מענטשן, ווו עס רוישט, איך וויל זיך פאַרטאָן.

— אַ מענטש זאָל נישט קענען אויסקומען אָן רעש — האָט נתן זיך געוווּנ־דערט.

— פאַראַן צייטן ווען דו ווילסט נישט זיין ניכטער, ווילסט זיך פאַרגעסן — האָט גדעון זיך פאַרטיידיקט.

— אויב דו פאַרלירסט דעם קאָפּ איז אַלץ דיר איבעריק — האָט נתן דירעקט אים אַ זאָג געטאָן.

— דעם קאָפּ פֿאַרלירט מען נישט, נאָר עס ווערט אָנגעדראָלט אויף דער נשמה — האָט גדעון זיך פֿאַרטיידיקט.

אַ טיפֿע פֿאַלד האָט זיך אַריינגעשניטן אין נתנס ברייטן שטערן. ער האָט זיך געוווּנדערט, נישט פֿאַרשטאַנען גדעונס רייד. אורה איז געזעסן אַ פֿאַרטראַכטע, ווי זי זאָל אַוועקקוקן, נאָר זי האָט זיך צוגעהערט וואָס די מענער רעדן. גדעון האָט אָפּגעטרונקען פֿון זיין גלאָז ביר. נתן האָט אויסגעטרונקען זיין ביר ביזן סוף. אין צימער איז געווען שטיל. די שטילקייט האָט זיך איינגעזעצט.

אורה האָט אויפֿגעהויבן די אויגן, זיי אָנגעקוקט.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, איך בין מיד — האָט זי צו זיי אַ זאָג געטאָן.ביידע מענער האָבן זיך איבערגעקוקט. אורה איז נישט געווען אַזוי מיד. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז גדעון וויל רעדן ביחידות מיט נתנען. זי האָט אַריינגעשטאָכן די איינגעפֿעדעמטע נאָדל אין די פֿאַרראַכטענע הויזן און זיך אויפֿגעשטעלט. זי איז געווען עטוואָס העכער פֿון נתנען און שלאַנק. אירע שוואַרצע האָר זענען געווען אונטערגעשוירן. איר פּנים איז געווען לענגלעך, די אויגן אירע גרין.

— אַ גוטע נאַכט — האָט זי זיי געזאָגט און איז אַוועק פֿון טיש מיט די הויזן אין האַנט. גדעון האָט איר נאָכגעקוקט ביז זי האָט פֿאַרמאַכט די טיר פֿון שלאָפֿ־צימער. ער האָט אויסגעטרונקען זיין אין גלאָז פֿאַרבליבענע ביסל ביר. ער האָט מיט דער אונטערשטער ליפּ זיך אָפּגעווישט די אויבערשטע און טיפֿער זיך איינ־געזעצט אין בענקל, זיך צוגעגעבן מוט. נתן האָט אָבער נישט געוואַרט און אים אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס האָט דיך אַהערגעברענגט אין אַ פֿראָסטן מאָנטיק?

פֿון איבערראַשונג איז גדעון געבליבן מיט דער שפּיץ צונג צווישן די ציין, נאָר באַלד האָט ער אים אַ זאָג געטאָן:

— זיך אַדורכגעוואַרטלט מיטן טאַטן. ער פֿאַרלאַנגט איך זאָל חתונה האָבן.

— גדעון, ער וועט דיך נישט אָפּלאָזן און מיט רעכט — האָט נתן געזאָגט.

— יאָ, איך וויל סמדרן און זי עקשנט זיך. זי האָט מורא פֿאַרלאָזן דעם קיבוץ — האָט גדעון זיך באַקלאָגט.

— עס מוז דאָך קומען צו אַן ענדע. דו קענסט דאָך נישט בלייבן הענגען ביי איר אַזוי סתם — האָט נתן אים געמוסרט.

גדעונס קינבאַקן האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן. ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַר נתנס עצה. ער האָט אָפּגעשלעפּט דעם סוף: — שווער, שווער — האָט ער אַ זאָג געטאָן און אָפּגעזיפֿצט.

— די צייט שטייט נישט, דו מוזסט זיך דעצידירן — האָט נתן אים פֿאַרגע־וואָרפֿן.

— דעם טאַטנס רייד — האָט גדעון אים אָפּגעענטפֿערט.

— די טאַטעס זענען נישט קיין נאַראָנים — האָט נתן אים אויסגערעדט.

— אָבער ביי מיר איז עס נישט פּשוט — האָט גדעון אַ זאָג געטאָן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך באַדויערט.

— דאָס זאָגט גדעון — וואָס האָט אויף אַ פערד נאָכגעיאָגט אַ גנב ביז איבערן ירדן אַריבער און בײַ אים אָפּגענומען די צװײ קי, וואָס ער האָט אַרויסגעגנבעט בײַם טאַטן פון שטאָל? — האָט נתן אים אַ פרעג געטאָן מיט איראָניע.

— אים האָב איך אָנגעבראָכן די בײנער, סמדרן האָב איך מורא אָנרירן — האָט גדעון אַ זאָג געטאָן און סאַרקאַסטיש זיך צעלאַכט: „כאַ, כאַ, כאַ" — ווי ער זאָל כאָרכלען.

— זי האָט דיך פאַרכישופט — האָט נתן אים געזאָגט און אויף אים אַ קוק געטאָן מיט איין אויג פון דער זײַט.

גדעון האָט אים נישט געענטפערט. זײַן פּנים איז רויט געוואָרן, ווי געשוואָלן, און האָט פאַרמאַכט די אויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיי צוריק געעפנט און אַ קוק געטאָן אויף נתנען פון דער זײַט. ער האָט נישט געפונען קיין וועג ממשיך צו זײַן דאָס געשפּרעך. ער האָט נאָר אַ זאָג געטאָן:

— זיך פאַררעדט און זיך פאַרזעסן. שוין שפּעט — און ער האָט זיך אויפגעשטעלט. נתן האָט די גאַנצע צײַט נישט אַראָפּגענומען פון אים די אויגן.

— מען דאַרף גיין — האָט גדעון אַ זאָג געטאָן. נתן האָט אים אָנגעקוקט.

— אַ גוטע נאַכט — האָט גדעון אים אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק צו דער טיר. נתן האָט אים נאָכגעקוקט ביז ער האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

כאָטש די נאַכט איז געווען אַ העלע איז גדעון ווי אַרײַנגעפאַלן אין איר. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער לבנה און שנעל אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער איז געגאַנגען מיטן קאָפּ צווישן די אַקסלען ווי אַ פאַרשעמטער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז די לבנה לאַכט פון אים.

# ד

אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן. די זון איז שוין אַריבער אויף דער צווייטער זײַט הימל. דער הימלבלוי איז איצט געווען אַ געדיכטער. די חמימה האָט זיך געקילט. גדעון, אין אַ ווײַסן קורץ העמד אַריבערגעלאָזט איבער די בלויע הויזן, האָט געשפּאַנט איבערן ברייטן פעלדער־שטעג און געאָטעמט מיט דער גאַנצער ברוסט. די פרישקייט פון די רײַפנדע זיך תבואות האָט אים געזעטיקט. פון מאָל צו מאָל האָט אַ לײַכטער ווינט אַ רויג געטאָן די זאַנגען, זיי אַ בויג געטאָן, ווי זיי זאָלן אים באַגלייטן. אַ דינער, ווי אַ טוי, שווייס האָט באַדעקט זײַן פּנים, נאָר דער בליק זײַנער איז געווען אַ שאַרפער און אָנגעשטרענגטער.

— ווען גדעון איז אַדורך דעם טויער פון רבד האָט זײַן האַרץ אַ טיאָכקע געטאָן און ער האָט פאַרביסן די ציין. ער איז געגאַנגען מיט אַ לאַנגן שריט, נאָר די פיס געשטעלט פון אויבן אַראָפּ, ווי ער זאָל ווילן זיך איבערצײַגן, אַז ער שטעלט זיי גוט. ער איז געגאַנגען מיט די זײַטיקע שטעגן. ער האָט געקענט דעם קיבוץ. ער איז געגאַנגען און באַטראַכט די הײַזער, די קלאָמבן און קוסטעס אַרום

זיי. ווו נישט ווו איז אים פֿאַרבייגעגאַנגען אַ מענטש, וואָס האָט נייגעריק אים אָנגעקוקט. ער האָט אויסגעמיטן יעדנס בליק. ער איז געגאַנגען און געזאָפּט אין זיך דעם ריח־געמיש פֿון שטאַלמיסט, געמאָלענע תבואה און פֿעלדער־געוויקסן.

ווען ער האָט דערזען די הילצערנע באַראַקן האָט זיין האַרץ אַ טיאַקקע געטאָן נאָך שנעלער. די עטלעכע באַראַקן, אין וועלכע עס האָבן געוווינט די פֿרייליידיקע, זענען געשטאַנען אויף אַ באַרגיקער זאַמדפּלאַך. דאָ איז נישט געוואַקסן קיין גראָז. אַרום יעדן באַראַק איז נאָר געווען אַ שמאָלע בייט מיט אַנעמישע בלומען און עטלעכע נידעריקע קאַקטוסן. גדעון האָט געוווּסט ווו עס געפֿינט זיך סמדרס צימער. ווען ער איז שטיין געבליבן פֿאַר דער מיטלסדיקער איינגאַנגס־טיר אינעם גרינעם באַראַק, האָט ער לייכט אָפּגעהוסט און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ. גע־האַרכט. ער האָט מיט צוויי פֿינגער־שפּיצן זיך צוגעגלעט די וואָנסע און אָנגע־קלאַפּט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער לייכט געעפֿנט די טיר און אַרייַנגעשטעקט דעם קאָפּ. סמדר איז נישט געווען אין שטוב. ער האָט פֿאַרמאַכט די טיר און אַוועק.

ער האָט זיך געשלייכט צווישן די באַראַקן אַן אויפגערעגטער און פֿאַרנודע־טער. ער האָט געוווּסט, אַז זי אַרבעט אין קינדערהיים, אָבער נישט געוואָלט איר שטערן. ער איז געגאַנגען מיט אַ פֿוילן טריט און פֿון וויטנס געזען דעם ים־ברעג. אָבער גייענדיק צוריק, אין מיטן וועג, האָט ער גענומען גיין שנעל. ער האָט פֿון וויטנס דערזען סמדרן. אויך זי האָט אים דערזען און אַ לויף געטאָן צו אים.

— סמדר! — האָט ער אַ שריי געטאָן. אין לויפֿן האָט איר גרין, מיט אַ שוואַרצע קראַטע קלייד, געפֿלאַטערט ווי אַן אויסגעדעמטער מאַסט. זי איז אַרייַנ־געפֿאַלן אין זיינע אויסגעשטרעקטע אָרעמס. ער האָט זי געטוליעט צו זיך און געקושט איר פּנים. זי איז געהאַנגען אויף זיינע אָרעמס.

ער האָט זי אָפּגעלאָזט. ביידע האָבן שווער געאָטעמט. אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען זיך אַנטקעגן און זיך באַטראַכט. זי, מיט אויפגעריסענע אויגן, ער, מיט פֿאַרפּרעסטע ליפּן. זיין צעגליטער בליק האָט געשפּיזט איר הויכע און פֿון אים עטוואָס נידעריקערע געשטאַלט. איר פֿולער קערפּער איז געווען יאָדערדיק, ווי אויסגעקנעטן. אירע רויטע, אונטערגעשווירענע, געלאָקטע האָר, האָבן געשימערט. אין איר פּנים־אָוואַל איז געווען אַ ברייטער שטערן, גרויסע גרויע אויגן, אַ גלייכע נאָז מיט ברייטע נאָזלעכער און רויטע, עטוואָס דיקלעכע ליפּן. זי האָט אויסגע־שטרעקט אַ האַנט און אַ צי געטאָן זיינע אַ שפּיץ וואָנסע. ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און איינגעביסן איר פֿינגער, וואָס האָט געצויגן די וואָנסע.

— אָה! — האָט זי אַ קוויטש געטאָן און אָפּגעשפּרונגען פֿון אים. אַ צע־שמייכלטער, מיט פֿאַרמרוזשעטע אויגן, האָט ער ווידער אַרומגענומען אירע לענדן און זי געפֿירט. זי האָט איבערגעלייגט איר האַנט איבער זיינע אַקסלען. זיי זענען געגאַנגען מיט אַן אויסגעצויגענעם שריט, ווי זיי זאָלן זיך דערוויטערן פֿון מענטש־לעכע אויגן.

זי איז אַריין אין שטוב די ערשטע. ער האָט נאָך זיך צוגעמאַכט די טיר. אַן אָנגעגליטע און דורכגענומענע מיט פֿייכטקייט לופֿט האָט זיי אַרומגענומען. די

העלקייט אין צימער איז געווען אַ גרויע, ווי אין בין־השמשות. סמדר האָט אָפּגע־רוקט אַ טאַבאַרעט פון טיש און זיך אַוועקגעזעצט, ווי די כוחות זאָלן זי האָבן אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך צוגערוקט צו איר און אַוועקגעלייגט זיין האַנט אויף איר נאַקן. זיין הייסע האַנט האָט זי אַ ברי געטאָן. זי האָט אַנגעלענט איר קאָפּ אויף אים און אים אַ פרעג געטאָן: — אויף לאַנג געקומען?

— ניין — האָט ער איר געענטפערט. זיין שטימע איז געווען הייזעריק.

פאַר וואָס? — האָט זי אים אַ פאַרש געטאָן און אַ קוק געטאָן צו אים אַרויף. אירע אויגן זענען געווען פייכט, פאַרלאָפן.

— דער טאַטע איז אַליין — האָט ער איר קוים געענטפערט. ביידע האָבן נישט געהאַט קיין כוח ממשיך זיין דעם שמועס. זי האָט געהערט איר אייגענעם אָטעם וואָס איז כסדר געוואָרן שווערער. זי האָט געפילט ווי די בלוטן שטראָמען אין איר. זי האָט געפיבערט. זיינע גלייזיקע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט איבערן צימער, ווי ער זאָל עס זען דאָס ערשטע מאָל. ער האָט געאָטעמט שווער, ווי ער זאָל אויף זיך האָבן אַ משא. איר האָט איצט גערוישט אין קאָפּ. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי זינקט זיך אונטער. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט און מיט אַלע כוחות זיך אויפגעשטעלט. זיין האַנט איז אַראָפּגעפאַלן ווי אַן אָפּגעהאַקטע.

ער האָט פאַרביסן די ציין. זיינע נאָזלעכער זענען געווען צעצויגן. אַ שווייס האָט באַדעקט זיין שטערן. זי האָט גענומען זיך פאָרען. אירע באַוועגונגען זענען געווען פוילע, פאַמעלעכע. זי האָט גענומען אין האַנט אַ טעצל, זיך אַראָפּגעבויגן, געוואָלט אים מכבד זיין, נאָר זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן ווי אַ שיכורע. דאָס טעצל איז איר אַרויסגעפאַלן פון האַנט. ער איז צו איר צוגעשפרונגען, זי דערכאַפּט. זי אונטערגעהויבן און אַרומגענומען. זי איז געבליבן הענגען אויף זיינע אָרעמס און געגליט. זיינע בלוטן האָבן געברויזט. זיינע שלייפן האָבן געהאַמערט. ביידנס אויגן זענען געווען ווי צו. ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. זי האָט דערפילט אויף איר נאַקן דעם נאָג פון זיינע הייסע ליפּן.

— מאַיאַ — האָט זי קוים אַ שטאַמל געטאָן, ווי פון חלשות. ער האָט זי אָפּגעלאָזט. זיינע הענט זענען געבליבן הענגען. אין מאָמענט איז ער וואַך געוואָרן. זי האָט נישט געקענט שטיין אויף די פיס. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע. ער האָט זיך אָנגעלענט אין דער שאַנק ווי אַן אומגעפאַלן ביימל. ביידע האָבן געאָטעמט שווער. אַ צייט שפּעטער האָט זי ווידער אַ שטאַמל געטאָן, ווי זי זאָל זיך פאַרענטפערן: — מאַיאַ קומט שוין...

ער האָט זיך אָפּגעריסן פון דער שאַנק, געעפנט די אויגן און שטיין געבליבן ווי אַ בוים אָן צווייגן. ער איז געשטאַנען און נישט געוווסט וואָס ער זאָל טאָן.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. אין דורכגאַנג איז שטיין געבליבן מאַיאַ, אַ מיטלוווקסיקע, בלאָנדע פרוי. איר פליישיק פּנים איז געווען קיילעכיק. אירע האָר זענען פון הינטן געווען צוזאַמענגעבונדן און זענען אַראָפּגעהאַנגען ווי אַ ווײדל. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אַ ווײלע שפּעטער האָט זי, אַ פאַרשעמטע, גע־זאָגט: — איך האָב נישט געוווסט, אַז דו האָסט אַ גאַסט.

— אומפּאַרהאָפּט — האָט סמדר אַ שטאָמל געטאָן, זיך פּאַרענטפּערט.
— איר וועט מיר אַנטשולדיקן — האָט מאַיאַ אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל.
סמדר האָט זיך אויסגעגליכן און איר געענטפּערט מיט אַן איראָנישן שמייכל:
— מיר זענען דערוואַקסענע מענטשן.
אַ ווײַלע האָט מאַיאַ געשוויגן. באַלד האָט זי אַ זאָג געטאָן:
— שלום גדעון, וואָס מאַכסטו? — צו אים אַ לאַך געטאָן און איז אַרײַן אין צימער.
— ער האָט איר געענטפּערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל און אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל שלינגען דאָס וואָרט: — גוט.
מאַיאַ האָט געפֿילט, אַז זי איז איבעריק אין שטוב און האָט אַ זאָג געטאָן:
— איך גיי זיך וואַשן — און איז אַרײַן אין באָדצימערל.
בײדע, אי גדעון אי סמדר, האָבן אַוועקגעקוקט. זיי האָבן נישט געוואָלט זיך זען. די בלוטן זייערע האָבן געברויזט. זייער אָטעם איז געווען אַ קורצער און האַסטיקער. די שטילקייט אין שטוב איז געווען אַ געפּרעסטע, אויף זיי געדריקט. ווען זיי זאָלן זײַן מסוגל אויסשטרעקן אַ האַנט, וואָלטן זיי זיך ווידער אַרומגענומען. דער שאָרך פֿון די וואַסער־טראָפּנס, וואָס זענען געפֿאַלן אין באָדצימערל, האָט זיי אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ, ווי מען זאָל זיי באַוואַרפֿן מיט אַרבעס.
מאַיאַ איז אַרײַן צוריק צו זיי. זי האָט געהאַט אויף זיך די זעלבע בגדים וואָס פֿריִער: בלויע הויזן און אַ גרין אויסגעפּאַסט סוועדערל. זי האָט זיי נישט געוואָלט שטערן און איז נישט צוגעגאַנגען צו דער שאַנק זיך איבערטאָן. גייענדיק איבערן צימער, ווי זי זאָל זיך אײַלן, האָט זי מיטן קאָפּקעמל זיך פֿאַרקעמט און שוין בײַ דער טיר, געזאָגט:
— סמדר, איך קלייב זיך די נאַכט שלאָפֿן בײַ די עלטערן — און מיט אַ געמאַכטן שמייכל צוגעגעבן: — פֿאַראָן בײַ זיי גוטע זאַכן — און זי איז אַרויס פֿון שטוב נישט זאָגנדיק „שלום". סמדר האָט איר נישט געענטפּערט. בײדע, זי און גדעון, זענען געווען פֿאַרשטאַרט.
דער קלאַפּ פֿון דער צוגעמאַכטער טיר האָט זיי ווי איבערגעוועקט. זי האָט אויפֿגעהויבן די אויגן. זיי זענען געווען פֿאַרלאָפֿן. זי האָט געזען ווי דורך אַ נעפּל. אין צימער איז געווען דער בין־השמשות. זײַנע שטאַרע, אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט. ער האָט נאָר געזען די קאָנטורן פֿון דער שאַנק, די ביכער־עטאַ־זשערקע, דעם פּירקאָנטיקן טיש, די טאַבורעטן און די צוויי סאָפֿעס. מיט אַ מאָל האָט ער ווי אַ רעווע געטאָן: „אַהה!" ווי ער זאָל זיך שטיקן. זײַנע בלאָנדזשענדע אויגן האָבן זי דערזען. זי איז געזעסן אויף דער סאָפֿע. ער איז צו איר צוגעפֿאַלן, זי אײַנגעקלאַמערט אין זײַנע אָרעמס און אײַנגעביסן זײַנע ציין אין איר נאַקן און זי אַוועקגעלייגט.

# ה

זיי זענען אַריין אין עסזאַל. די ליכטשיין האָט זיי אַ בלענד געטאָן. אין זאַל איז געווען רווישיק, אַ זשום, ווי אַ ראַי בינען זאָלן פליִען, האָט זיך געטראָגן איבער די קעפּ פון די מענטשן. די, וואָס האָבן זיי דערזען, האָבן אויפגעהויבן די קעפּ פון איבער די טעלער, זיי נייגעריק אָנגעקוקט. אַ מידקייט איז געלעגן אויף סמדרס און גדעונס פנים. סמדר איז געגאַנגען פאָרויס, געזוכט אַ פּאַסיק אָרט צום זיצן. ער איז איר נאָכגעגאַנגען. די מענטשן, וואָס זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיי אָנגעקוקט, געוואָלט זען מיט וועמען סמדר גייט. אַ טייל מענטשן האָבן אַפילו זיי נאָכגעקוקט.

אין ווינקל, ביי דער וואַנט, איז געווען אַ פריי טישל. זיי האָבן זיך אַוועקגע־זעצט זיך אַנטקעגן. זיי זענען געזעסן אונטער אַ גרויס און ברייט פענצטער. די ליכט אין עסזאַל האָט אויך באַשיינט דעם דרויסן אַרום. די פענצטער־שויבן האָבן ווי געגליט. די ליכט־שטראַלן האָבן זיך ווי געבראָכן אין זיי. די מענטשן זענען געגאַנגען און געקומען. די וועגעלעך מיטן עסן און די מענטשן וואָס האָבן זיי געפירט, האָבן זיך באַוויגן ווי פון זיך אַליין. אַ וועגעלע האָט זיך אויך פאַרהאַלטן ביי זייער טישל.

סמדר האָט אַ קוק געטאָן אויפן וועגעלע, באַטראַכט די מאכלים. זי האָט אַראָפּ־גענומען אַ פּאָרציע אייערשפּייז, אַ שטיקל הערינג און עס דערלאַנגט גדעונען. זי האָט אַ ווונק געטאָן דער דיקער פרוי וואָס איז געווען אַרומגעהילט מיט אַ ווייסע שאַרץ און איר אַ זאָג געטאָן: „דאָס איז אַלץ”. דאָס וועגעלע איז געפאָרן ווייטער.

סמדר האָט זיך גענומען פון די גריגסן וואָס זענען געווען אויפן טיש און געדיכט זיי באַזאַלצן. ער האָט אָנגעשמירט צוויי מוציאס ברויט. איינע האָט ער איר דערלאַנגט, די צווייטע האָט ער געגעסן. זיי האָבן געגעסן און געשוויגן. פון מאָל צו מאָל האָט איינער אָנגעקוקט דעם אַנדערן. אַלע אין זאַל האָבן געגעסן און גערעדט. צו זיי זענען דערגאַנגען נאָר אָפּגעהאַקטע זאַצן: „אַ שיין קלייד, שוין געקומען, שטיל אין דער סביבה, אויסגעפּאַסט מאָדערן”. סמדר האָט אויך געהערט ווי אַ הויכע, דאַרע פרוי מיט אַן אויסגעצויגן פנים, וואָס איז געזעסן פאַר איר, האָט אַ זאָג געטאָן: „ער לאָזט זי נישט אָפּ. די עלטערן אירע זענען מיט אים נישט איבערגליקלעך”. סמדר האָט נישט געוווסט וועמען די פרוי מיינט. זי האָט נאָר געמערקט, אַז די פרוי האָט אַ קוק געטאָן אויף גדעונען און באַלד אויף איר צי זי האָט געהערט. סמדר האָט פאַרשטאַנען, אַז די פרוי האָט זי געמיינט. דער אָפּהילך פון דער פרויס רייד האָט איר געגרילצט אין די אויערן, ווי צעשריגענע ביי נאַכט זשאַבעס פון אַ סאַזשלקע אַרויס.

ווען סמדר און גדעון האָבן געשטילט זייער ערשטן הונגער, האָט גדעון אַ קוק געטאָן אויף איר. ער האָט זיך אַרומגעקוקט צי קיינער הערט נישט און איר אַ זאָג געטאָן: „שווער אויסצוקומען אין אַזאַ רעש”.

דער ביסן איז איר געבליבן שטעקן אין דער קעל. די אויגן אירע זענען געווען

שטאַר. ער האָט שוין נישט ממשיך געווען. ער האָט דערזען דעם אומעט אין אירע אויגן.

— מיר וועלן ענדיקן דאָס געשפּרעך אין שטוב — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און אַוועקגערוקט דעם טעלער מיטן געבליבענעם עסן. ער האָט ווייטער געגעסן, נאָר פאַמעלעכער, ווי ער זאָל נאָכטראַכטן. זי האָט פון דער קאַן אויפן טיש איינגע־גאָסן צוויי שאָלן קאַווע. איינע האָט זי אים צוגערוקט. זי האָט געטרונקען אַ זופּ נאָך אַ זופּ, אַ פאַרקוקטע אין דער רויטער, פאָרמייקע־טישפּלאַטע. ער האָט געענ־דיקט עסן, האָט אַרויסגענומען פון טאַש די סיגאַרעטן און זיי איר אונטערגע־טראָגן. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין. ער האָט פאַררויכערט און זיך אָנגעלענט אין בענקל־אָנלען. די קנוילן רויך זענען הענגען געבליבן איבער זיי. ער האָט געמרוזשעט די אויגן, זי באַטראַכט פון אונטערן שטערן אַפּיר, זי געזען ווי דורך אַ וואָל.

גדעון האָט עטלעכע מאָל זיך אַ דריי געטאָן אויפן בענקל. זי האָט פאַרשטאַ־נען זיין אומרויִקייט און זיך אויפגעשטעלט. ער נאָך איר. זיי זענען אַוועק צום זייטיקן אויסגאַנג.

די לופטיקע פינצטער האָט זיי אַרומגענומען און זיי אָפּגעקילט. זיי זענען געגאַנגען מיט אַ נאָכלעסיקן טריט פון זעט און געשוויגן. זייערע אויגן האָבן געגנישטערט די פינצטער. זיי האָבן פון ווייטנס געזען סילועטן פון מענטשן, וואָס האָבן זיך באַוויגן אין דער פינצטער, ווי זיי זאָלן שווימען, און געהערט דעם אָפּהילך פון זייערע טריט. סמדר האָט געעפנט די טיר. זי איז אַריין אין צימער און אָנגעצונדן דאָס וואַנטלעמפּל איבער דער סאָפע. ער האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

דאָס ליכט אויף דער וואַנט האָט געשיינט אַרויף און געשפּרייט איבערן צימער פאַרטונקלטע העלקייט. אין די ווינקלען פון צימער זענען געזעסן שאָטנס. סמדר האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איר סאָפע מיטן קאָפּ אָנגעלענט אויף דער וואַנט. ער האָט זיך צוגערוקט אַ טאַבורעט און זיך אַוועקגעזעצט איר אַנטקעגן. אירע שטייפע ברוסטן און איר אויסגעצויגענער איצט האַלדז, האָבן אים געררייצט.ביידע האָבן געשוויגן. ביידע האָבן געפילט די פרייד פון זיין צוזאַם. סמדר האָט געוואָלט די שטילקייט זאָל אָנהאַלטן וואָס לענגער, נאָר אין רוים האָט געשוועבט דער שאָטן פון זייער שטרייט: „ווי אַזוי?" ער האָט מורא געהאַט זי ווידער אַ פרעג טאָן וואָס וועט זיין? מיט אַ מאָל האָט זי קאַפּריזנע אַ זאָג געטאָן: — מיר וועלן זיך מכבד זיין.

— לאָז געמאַך — האָט ער איר אָפּגעענטפערט, נאָר זייערע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. ער האָט זיך איבערגעבויגן, זי אָנגענומען ביי דער האַנט און זי אַ צי געטאָן צו זיך און זי פאַרמאַכט אין זיין שויס. אַ פּיכטיקייט, ווי אַ הייטל, האָט זיך איבערגעצויגן איבער אירע אויגן. זייערע בליקן האָבן זיך אַ קרייץ געטאָן. מיט אַ מאָל איז דער בליק זיינער געוואָרן שפּיזיק, זיין פּנים ערנסט. אירע אויגן זענען געוואָרן גרויס, פול פּחד. ביידנס הערצער האָבן אַ טיאַכקע געטאָן. זי איז

אים געוואָרן אַ שאָד. ער האָט זיך אויף איר מרחם געווען. דאָך האָט ער זיך נישט באַהערשט און זי אַ פרעג געטאָן:

— וויפל איז דער שיער איך זאָל אַהין און צוריקפאָרן? — די ווערטער זענען ווי שטיינער אַריינגעפאַלן אין דעם שטילן רוים.

— קום צו מיר — האָט זי אַ שטאַמל געטאָן און נישט געוואַגט אים אַ קוק טאָן אין די אויגן.

ער האָט געשוויגן און געהערט דעם טיאַך פון זיין האַרץ. זיין שווייגן האָט זי געקרענקט און געשראָקן און זי האָט זיך אַ פרווו געטאָן פאַרענטפערן:

— אַלע, די עלטערן, מיין ברודער מיט דער שוועגערין און קינדער זענען דאָ.

ערשט איצט האָט ער געענטפערט איר מיט סאַרקאַזם און אַכזריות:

— מיין טאַטע, מיין ערד. — זי, אַן אויפגעציטערטע פון זיין כעס, האָט גע־וואָלט אים מפייס זיין און האָט אַ זאָג געטאָן, ווי צו זיך:

— בין דאָ געבוירן, די מענטש אין דרויסן, זייער שטייגער איז מיר פרעמד.

ער איז אויפגעשפרונגען ווי אַן אָפּגעלאָזטע ספרוזשינע. שפּיזנדיק זי מיט די אויגן האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

— דו וועסט דאָך קומען צו מיר אין דאָרף?!

זי האָט געוואָלט אים ענטפערן און נישט געקאָנט. די ליפּן אירע האָבן גע־ציטערט. אירע שלייפן האָבן געהאַמערט.

זי האָט אים לייד געטאָן. ער האָט געוואָלט זי אַרומנעמען, צודריקן. ער האָט זי נאָר אַ פרעג געטאָן:

— שותפות ערד? אַלץ באַקומען? אויך באַפעלן?... — און זיך ביי איר אַ בעט געטאָן:

— קום מיט מיר, שטעל מיך נישט פאַר אַ נסיון...

זי האָט באַלד אים נישט געענטפערט. אַ צייט לאַנג האָבן ביידע געשוויגן. די לופט אין צימער איז געוואָרן אָנגעדראָלט, ווי געגליוועט.ביידן איז שווער געווען אָטעמען, זיי האָבן מורא געהאַט זיך אָנקוקן. ערשט שפּעטער האָט זי פּאַמעלעך אויפגעהויבן די אויגן, אים אָנגעקוקט. אירע אויגנאַפּלען זענען געווען גלייזיק ווי פאַרצעלאָן און אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ הייזעריק קול, ווי עס זאָל פון איר אַרויס־רעדן: — קלייב אויס!

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און פאַרביילט די פויסטן. זיין פּנים איז געווען ווייס און שטאַר, ווי אַ מאַסקע פון אַ טויטן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער איר און זיך געענטפערט:

— דו דאַרפסט פאַרלאָזן געוווינהייטן, איך מיין ערד...

די הענט זיינע זענען אים אַראָפּגעפאַלן אָנמעכטיק. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער געעפנט די אויגן. זי איז געשטאַנען אַן איינגעהויקערטע מיט אויסגעגלאָצטע, צעשראָקענע אויגן. אַן אומבאַהאָלפענער האָט ער אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און איר אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל ציילן די ווערטער:

— וועסט וועלן מיך זען, וועסטו מיר צו וויסן טאָן.

— זי איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי אַ פיש אויף דער יבשה. זי האָט געוויינט אָן טרערן.

— זיי געזונט — האָט ער אַ שטאַמל געטאָן און מיט אַ שווערן טריט, ווי אַ זקן, אַוועק צו דער טיר. אָבער ער איז נישט אַרויס פון צימער.

זי איז געשטאַנען אַ געליימטע, נישט געזען אויף די אויגן. זי האָט נאָר געפילט ווי זי זאָל זינקען. זי האָט אָנגעשטרענגט אַלע אירע כוחות, געצוווּנגען אירע שטים־בענדער רעדן און ווי אַ קריי געטאָן: — גדעון!. איר קול איז געווען אימהדיק, ווי ביי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך. ערשט איצט האָט זי דעם קאָפּ אַריינגעלייגט אין אירע הענט, פאַרמאַכט די אויגן און אַ רעווע געטאָן: — אָההה... די כוחות האָבן זי אָפּגעלאָזט. ער, וואָס איז געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך אָפּשאָקלען, און איז צוגעגאַנגען צו איר.

ער איז שטיין געבליבן איר אַנטקעגן. זיין פנים איז געווען שטאַר, נאָר זיינע קינבאַקן האָבן זיך באַוועגן. זיינע ציין זענען געווען פאַרקריצט. זי איז געשטאַנען אַ געבוקטע מיטן קאָפּ צווישן די אַקסלען, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, רעזיגנירט ווי אַ פרוי וואָס טרויערט. ער האָט מורא געהאַט זיך צו איר צורירן. זי האָט אים געפילט נעבן זיך, נאָר אים נישט געזען. זי האָט געוואָלט צו אים רעדן און נישט געקענט. אים האָט דאָס האַרץ זיך געשניטן. ער האָט נישט געקענט זי זען אין אַזאַ צושטאַנד. זיינע שטאַרע אויגן זענען פייכט געוואָרן. ער האָט זי אַרומגענומען, צוגעדריקט צו זיך. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און זי געקושט. זי איז געלעגן אין זיינע אָרעמס ווי עפּעס אַ משא. מיט אַ מאָל, ווי ער זאָל האָבן זיך דערשראָקן, אַז ער קען זי צעברעכן, האָט ער פּאַמעלעך זי צוגעפירט און זי אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע.

ערשט איצט האָט זי זיך צעהעשעט, געוויינט אָן טרערן. איר קערפּער האָט זיך געטרייסלט ווי אין קאָנווולסיע. ער איז געזעסן נעבן איר, געגלעט איר די פּיס און צאַרט זי באַרויִקט: „נו געגוג שויך, פאַרגעס", און אַוועקגעקוקט אַ פאַרשעמ־טער און פאַרטראַכטער.

דערפילנדיק זיין צאַרטקייט האָט זי לאַנגזאַם זיך באַרויִקט. זי איז געלעגן אַן אייגעקאָרטשעטע ווי אַ מושלע אין איר שאָל, מיט פאַרמאַכטע אויגן. פון מאָל צו מאָל האָבן אירע אויגן־לעפּלעך זיך אַ באַוועג געטאָן, אויף אים אַ קוק געטאָן ווי דורך אַ שפּאַרע. אין צימער איז געווען שטיל. די שטילקייט האָט אים געקלונ־גען אין די אויערן. ער איז געזעסן אַן אָנגעלענטער אין דער וואַנט און צאַרט זי געגלעט. ער האָט יעדעס מאָל אַ קוק געטאָן וואָס זי טוט. ער האָט געמרוזשעט די אויגן און געקנייטשט דעם שטערן. ער איז געווען צופרידן וואָס ער האָט זי גובר געווען און זיך געקרענקט פאַר וואָס עס האָט געמוזט קומען צו דעם. אים האָט איצט געמאַטערט דער געדאַנק, וואָס וועט איצט זיין?

זי האָט געעפנט די אויגן און אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך: „אַן אומגליקלעכער מענטש". אַן איבערראַשטער האָט ער אַ גלעט געטאָן איר פּוס. ער האָט זיך איבער־

געבויגן איבער איר און איידל זי געטרייסט: — באַרויִק זיך, סמדר, ביסט יונג, שיין און געזונט — אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן — און איך ביי דיר.

זי האָט באַלד אים נישט געענטפערט. ערשט שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— איך דאָ, דו דאָרט.

ער האָט זיך אין איר איינגעקוקט. ער האָט נאָר געזען איר פּנים־פּראָפיל און זי באַרויִקט: — מיר וועלן געפינען אַן אויסוועג.

— ווי אַזוי? איך וועל אַזוי נישט אַרויס פון מיין קיבוץ — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן און געבעטן און פון מורא איינגעגראָבן איר פּנים אין דער סאָפע.

ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער איר. זיין פּנים איז געווען איצט שטאַר. ער האָט אָפּגעאָטעמט טיף, ווי עס זאָל אים האָבן פאַרפעלט אָטעם און זי אַ פרעג געטאָן, ווי אַ קינד ביי וועמען מען בעט זיך: — וואָס שרעקסטו זיך אַזוי? גייסט צווישן גזלנים? גייסט דאָך צווישן יידן.

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אים אָנגעקוקט.

אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן. ער איז נישט געווען זיכער צי ער מעג איר פאַר־לייגן, אָבער ער האָט איר אַ זאָג געטאָן:

— פּרוּוו. קום אין שטאָט אויף אַ צייט — און זיך אין איר איינגעקוקט מיט אַ האַרצקלאַפּ און געוואַרט, ווי עס האָט געווירקט אויף איר זיין פאַרשלאַג.

זי האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ. אירע אויגן האָבן פאַרוווּנדערט און דער־שטוינט אים אָנגעקוקט.

— איך וועל דיך איינאָרדענען, פאַר דיר זאָרגן — האָט ער זיך ביי איר געבעטן.

איר קאָפּ איז צוריק אַראָפּגעפאַלן און ליגן געבליבן צווישן אירע הענט, ווי זי זאָל אים האָבן פאַרניאַרעט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אירע הענט, געוואָלט זען צי זי וויינט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז זי וויינט ווידער.

— איך וועל פּרוּוון — האָט זי דווקא אים געענטפערט, ווי זי זאָל אַריינרעדן אין אַ הוילער פּאַס. פון שרעק, וואָס זי האָט אים געזאָגט, איז איר קערפּער איינ־געשרומפּן ווי אַ קנויל און זי האָט געסאָפּעט ווי אַ בלאָזזאַק.

ער האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. ער איז צו איר צוגעפאַלן, זי געקושט. זיינע ליפּן האָבן געגליט פון פרייד. ער האָט זי אויפגעזעצט, אַ צי געטאָן צו זיך און זי איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס. אַ צייט זענען זיי געזעסן און זיך נישט גערירט. איינער האָט געהערט דעם צווייטנס אָטעם. זיי איז גוט געווען אין איינעם. זיין האַרץ איז געווען איבערפולט מיט פרייד. איר האַרץ האָט געצאַפּלט פון שרעק.

אין צימער איז געווען שטיל. זיין אויער האָט געהערט ווי די פינצטער און די צייט גיסן זיך איבער. ער האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער צאַרט געגלעט אירע האָר. איר קאָפּ איז געלעגן אויף זיין ברוסט. מיט אַ מאָל האָט ער זיך צערעדט. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, וואָרט נאָך וואָרט, ווי צו זיך, נאָר מיט איר:

— באַשליס, ווי דיר איז באַקוועם. איך וועל זיך צו אַלעם צופּאַסן.

זי האָט אומבאַהאָלפן אַ הייב געטאָן די אַקסלען און אים אַ זאָג געטאָן:

— איך ווייס נישט ווי מען הייבט אָן...

ער האָט אַ טראַכט געטאָן און פּאַמעלעך, ווי ער זאָל קלייבן די ווערטער, איר פאָרגעשלאָגן:

— קום קיין טבריה, נאָענט צו מיר. איך וועל דיך איינאָרדענען, דאָרט האָב איך באַקאַנטע, כ׳וועל פאַר דיר זאָרגן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט ווי זי נעמט אויף זיין פאָרשלאָג. זיין אָטעם איז געוואָרן שטיל, ווי ער זאָל זיך האָבן פאַרהאַלטן. ער האָט געמרוזשעט די אויגן, געוואַרט.

— איך וועל פּרווון — האָט זי ווידער אַ מאָל אים אַ זאָג געטאָן.

ער האָט אָפּגעאָטעמט ווי ער זאָל האָבן אַראָפּגעלאָזט פון זיך אַ משׂא. ער האָט איבערגעלייגט די הענט איבער אירע אַקסלען, אָנגעלענט זיין גאָמבע אויף איר קאָפּ און זי אַ פרעג געטאָן, ווי ער זאָל אַריבעררעדן צו איר:

— ווען ?!

— איך מוז זיך און די עלטערן צוגרייטן — האָט זי אים געענטפערט — און דעם קיבוץ — האָט זי אַ ווײַלע שפּעטער צוגעגעבן — דאָס איז פאַר מיר דאָס ערגסטע — האָט זי ווי זיך געזאָגט און אירע אויגנלעפּלעך זענען אַראָפּגעפאַלן.

ער האָט אָפּגעוואַרט, געוואָלט זי פרעגן און נישט געוואַגט. זי האָט אָבער געוווסט אויף וואָס ער וואַרט און אים אַרויסגעהאָלפן:

— איך וועל דיר צוווּיסן טאָן ווען איך קום, בערך אין אַ חודש אַרום. — זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט.

אירע רייד האָבן אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט געוואָלט רעדן און נישט געקענט. ער האָט נאָר זיין פּנים צוגעלייגט צו אירס און מיט פאַרמאַכטע אויגן געהערט זייערביידנס האַרץ־טיאַק. אַ צייט זענען זיי געזעסן אַזוי, נישט באַוועגנ־דיק זיך. אין אים האָט געזונגען דאָס גליק. זי האָט געשטאַרט פון מורא. אַ צייט שפּעטער האָט ער אַ באַוועג געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך אומקוקן. פּלוצעם האָט זיך אים געדאַכט, אַז די שאָטנס אין די ווינקלען האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן. דאָס ליכט אויף דער וואַנט איז געווען גרין, ווי אַנעמיש.

— איך מוז זיך גרייטן אין וועג אַרײַן — האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך היטן זי נישט אויפוועקן.

זי האָט אָפּגעריסן איר קאָפּ פון אים און אָנגעקוקט. ביידע זענען זיי געווען דערשטוינט.

— כ׳האָב געלאָזט דעם אַלטן טאַטן אַליין ווירטשאַפטן — האָט ער איר אויס־געררעדט איר שטוינונג און זיך פאַרענטפערט.

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, באַשטעטיקט זיינע רייד.

— איך מוז — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און אויך זי אויפגעשטעלט.

— איך גיי דיך באַגלייטן — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן.

— מען דאַרף נישט, די נאַכט איז אַ קילע — האָט ער איר געזאָגט און אַ קוק געטאָן אין פענצטער ווי די נאַכט זעט אויס. ער האָט זי אַרומגענומען און צוגעטוליעט צו זיך. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און צוגעלייגט די ליפן צו איר שטערן. ער האָט זי אָפּגעלאָזט, געעפנט די אויגן און איז אַוועק צו דער טיר. זי איז אים נאָכגעגאַנגען.

די קילע נאַכט־פינצטער איז זיי אַנטקעגנגעקומען און זיי אַרומגענומען. אויפן ווייטן האָריזאָנט האָט דער קאַיאַר גענומען זיך שוין פיקן.

— גיי אין שטוב, עס איז קאַלט — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און איר אַ קוש געטאָן אין די ליפן. זי האָט אים אַ קוש געטאָן אין אויער. ער האָט אַ גלעט געטאָן איר פנים, ווי ער זאָל זי אָנטאַפּן אין דער פינצטער, און איז אַוועק. זי איז געשטאַנען, אים באַגלייט מיט די אויגן, כאָטש זי האָט אים נישט געזען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אויסגעדרייט און מיט אַ פאַמעלעכן טריט אַוועק אין שטוב.

ער איז געגאַנגען מיט אַן אַריינגעצויגענעם קאָפּ צווישן די אַקסלען און געזוכט דעם וועג אין דער פינצטער.

# ו

די טעג זענען הייסע. שוין גאַנץ פרי באַווייזט זיך די זון אויפן הימל, נאָר אַ מילד כנרת־ווינטל קילט. דער הימל איז הויך און פיאָלעט. ער הענגט איבער דער ערד ווי אַ באַלדאַכים. גדעון שטייט אויף מיטן קאַיאַר. די פרייד לאָזט אים נישט שלאָפן. ער שוויַיגט, נאָר זיין געמיט זינגט. זיינע אויגנאַפּלען גלאַנצן, ער איז הייטער. די באַוועגונגען זיינע זענען שנעלע. ער שוויַיגט, טראַכט און טוט אַריין זיין פרייד אין דער אַרבעט.

אויך היינט איז ער אַרויס אין הויף צו דער אַרבעט ווען דער מאָרגן האָט ערשט געגרויט. נאָר אויף דעם ווייטן האָריזאָנט, וווּ דער הימל האָט געקושט די ערד, איז דער הימלראַנד געווען אָפּגעדעקט, שוין העל. ער איז שטיין געבליבן פאַר דער טיר. ער האָט אָפּגעאָטעמט מיט דער פולער ברוסט און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ. אַ נעפל, ווי אַ וואַל, האָט איינגעהילט די סביבה. די דעכער זענען געווען נאַס, אָפּגעוואַשן. דיקע טראָפּנס טוי, ווי פונאַנדערגעשיטע פערל, האָבן באַדעקט די בלעטער.

גדעון האָט זיך אויסגעדרענגט, דערפילט די ביינער זיינע. דער כוח האָט פון אים געשפּאַרט. זיינע מוסקולירטע הענט האָבן זיך געשפּאַרט אין די אַרבל פון זיין העמד, ווי זיי זאָלן אָט־אָט זיי פונאַנדעררייסן. ער האָט זיך צוגעגלעט די טשופּרינע און זיך געלאָזט גיין.

דאָס ערשטע האָט ער צעעפנט די טויערן פון די שטעלער. די מאָרגן־פריש־קייט האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן דורך זיי. די אָנגעזאַמלטע אין דער נאַכט דעמפּיקייט איז אַרויס אין דרויסן. אַן אויסגעבענקטער קו־מווו האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן

איבער דער סביבה. די הענער האָבן געענטפערט מיט אַ קו־קו־ריקו. דאָס מויל־אייזל האָט אויסגעשפּיצט די אויערן און האָבן געציטערט. ער האָט דערלאַנגט די קי צו ביסלעך היי איבערצוקייען. יעדע קו כמעט האָט אַ צי געטאָן אַ הויפן היי שוין פון זיין האַנט.

גדעונס פּנים איז געווען אויסגערוט און גוטמוטיק. אים האָט זיך געדאַכט, אַז די קי קוקן אויף אים. ווען ער האָט דערלאַנגט דעם מויל־אייזל זיין פּאָרציע עסן, האָט ער אַ וואָרף געטאָן מיט דעם ווידל, אים אַ שמיץ געטאָן אין פּנים. ער האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּאָשלאַדעק און אַ זאָג געטאָן מיט הנאה: „פּלוטאָס״.

אויך די הינער האָט ער געגעבן פּריש וואַסער און צוגעשיט קערנער. די הינער זענען געשטאַנען מיט איינגעצויגענע קעפּ, ווער פון זיי אויף איין פוס און ווער אויף ביידע. אויפן ערשטן אָנבליק האָבן זיי אויסגעזען ווי קופּקעס בוימוואָל. די צעשראָקענע הינער האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן, איבערגעריסן זייער נאַכט־דרימל. איבער דער שטייג האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ ניגון פון קאָ־קאָ־קאָ.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן הויף צי אַלץ איז אין אָרדענונג און איז אַריין רייניקן די שטאַל. ער האָט מיטן גאָפּל צונויפגענומען אויף קופּקעס דאָס אָנגעלעגענע דורכגעפוילטע שטרוי און אונטערגעשפּרייט די קי פריש שטרוי. די קי זענען געשטאַנען רויק, געוואָרפן מיט די ווידלען און פון מאָל צו מאָל אונטער־געהויבן אַ הינטערשטן פוס, אַוועקגעטריבן אַ זלידנע פליג. פאַרבייגייענדיק האָט ער איין קו אַ קלאַפּ געטאָן אין האַלדז, אַ צווייטער אין פּאָשלאַדעק.

ווען ער האָט געענדיקט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין דער טיר און באַטראַכט די שטאַל: די קאָלירפולע פעלן פון די פינף קי אין איין זייט און פון די זעקס קי אין דער אַנדערער זייט שטאַל האָבן געגלאַנצט. די קי זענען געשטאַ־נען צעקראַטשעטע. זייערע פולע אייטערס האָבן זיי אַראָפּגעשווערט, די גוידערס זייערע זענען אַראָפּגעהאָנגען.

גדעון איז אַרויס און אַריינגעבערענגט אין שטאַל די טאַטשקע. ער האָט מיטן גאָפּל אָנגעפילט מיט מיסט איין טאַטשקע נאָך דער אַנדערער. ווען די טאַטשקע איז געווען איבערגעלאָדנט, האָט ער דעם גאָפּל אַריינגעשטאָכן אין דעם מיסט און זי אַרויסגעפירט.

יעקב, דער פּאָטער, האָט אַ געשריי געטאָן צו אים שוין פון ווייטנס:

— גוט מאָרגן גדעון! — דאָס ווידערקול האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבערן הויף.

— אַ ליכטיקן מאָרגן — האָט גדעון אים געענטפערט. דער פּאָטער איז אַריין אין שטאַל.

גדעון האָט אויסגעגליכן דעם רוקן און איבערגעריסן די אַרבעט. ער האָט פאַרענדיקט גרייטן דאָס עסן פאַר די בהמות. דער פּאָטער האָט אַ קוק געטאָן וואָס ער גיט זיי צו עסן: געמאָלענעם באָקסער און קוקורוזע פאַרמישט מיט קלייען און שעצקע. דער פּאָטער האָט מיטן בליק אַרומגענומען דעם שטאַל־רוים און אַ זאָג געטאָן:

— דו האָסט אָפּגעטאָן די אַרבעט — און זיך איינגעקוקט אין דעם זון. זיינע אויסגעשלאָפענע אויגן האָבן געגלאַנצט און מיטן בליק געגלעט דעם זון.

— געבליבן נאָך פּאָר דיר אויך אַרבעט, אַפילו נאָך אויף אַ גאַנצן טאָג — האָט גדעון אים געענטפערט אַ צעשמייכלטער. אַ ווײַלע זענען דער זון מיטן טאַטן געשטאַנען אַנטקעגן זיך, ווי זיי זאָלן זיך וויזיטירן. ביידנס אויגן זענען געווען פול מיט ליבע. יעקב, דער טאַטע, האָט זיך געפרייט. די הויט אַרום זיינע אויגן־ווינקלען איז געווען געריגנצלט. גדעון האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווי ער זאָל זיך שעמען און האָט אַ זאָג געטאָן:

— עס וועט זיין גוט — און זיך אויסגעדרייט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פאָטער וויל וויסן ווי ער האַלט, מיט וואָס ער איז צוריקגעקומען פון קיבוץ. דער פאָטער האָט אָנגענומען מיט דער האַנט דעם גרויסן בלעכענעם טאָפּ, די מאָס און גענומען פונאַנדערטיילן דאָס עסן פאַר די קי. ער האָט אָנגעהויבן פון אויבן, פון דער ברוינער דאַנאַ. די הויכע און לאַנגע שטאַרקע קו מיטן דאַרן בויך האָט צו אים אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי נאָר ער איז צו איר צוגעגאַנגען, און אים אָנגעקוקט מיט אירע תמימותדיקע אויגן. זי האָט מיט איר לאַנגער צונג זיך אַרומגעווישט דעם פּיסק, זיך באַלעקט.

גדעון האָט אין צווישן אַ שפּאַציר געטאָן איבערן שטאַל. ער האָט געוואָלט זען צי אַלץ איז אין אָרדענונג. אים איז אַנטקעגנגעקומען דינה מיט אַ „גוט־מאָרגן". זי האָט זיך אויך אַליין געענטפערט: „אַ ליכטיקן מאָרגן". ביידע מענער האָבן, מיט פרייד, אַ שאָקל געטאָן צו איר מיטן קאָפּ.

דינה, מיט אַ רויִק, אויסגערוט פּנים, האָט אויך שנעל אַ באַטראַכט געטאָן די שטאַל און אַ זאָג געטאָן, ווי צו זיך: „אַלץ בלאַנקט".

— עס איז דאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן — האָט דער פאָטער איר געענטפערט מיט שטאָלץ.

— גיב אים נישט די מורנו אין פּנים — האָט זי אים געענטפערט.

— איך בין עס נישט ווערט? — האָט גדעון זי אַ פרעג געטאָן איראָניש.

— אַ מאַן אין דיינע יאָרן דאַרף זאָרגן פאַר עפּעס מער און נישט נאָר פאַר דער אַרבעט. די צייט שטייט נישט. דו וועסט נאָך אַ מאָל נישט יינגער ווערן — האָט זי אים געענטפערט און אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט מיט איין אויג.

ביידע מענער האָבן איר פאַרשוויגן. ביידע האָבן פאַרשטאַנען וואָס זי איז אויסן. זי האָט געזען, אַז די מענער ווילן מיט איר נישט אַריין אין אַ שמועס.

— מען דאַרף זיך נעמען צו דער מעלק — האָט זי אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק.

גדעון האָט זי באַגלייט מיט די אויגן און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— ביסט נייגעריק, וואַרט אונטער — און באַלד דערויף אַ זאָג געטאָן דעם פאָטער:

— איך פאָר זען די סעדער און ברענגען גרינס פאַר די בהמות — און איז אַוועק צו דער טיר.

— אויך קאַניטשינע — האָט דער פּאָטער אים נאָכגעשריגן.

דינה איז צוריקגעקומען. דער פּאָטער האָט צוגעוואַרט ביז ער איז געווען זיכער, אַז גדעון איז שוין אַוועק און אַ זאָג געטאָן דינהן:

— נישט געדאַרפט אים זאָגן דאָס, איבערהויפּט איצט, ווען, ווי איך פאַרשטיי, איז ביי אים פאַראַן אַן ענדערונג. דו זעסט דאָך. פון פרייד ווערט די אַרבעט אים פאַרברענט אונטער די הענט — מיט זיין אַרט רעדן האָט ער אויסגעדריקט זיין פאַראיבל.

דינה, וואָס איז שוין געזעסן ביי אַן אייטער פון אַ קו, האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ און געענטפערט:

— איך בין נישט די מאַמע, אָבער איך האָב אים כמעט אויפגעצויגן. אַוודאי זע איך די פרייד זיינע און איך פאַרשטיי, אַז ער האַלט ביי עפּעס. נאָר וואָס שנעלער — האָט זי זיך פאַר אים פאַרענטפערט. זי האָט זיך איינגעזעצט אין בענקעלע, איינגעשטעלט די מילך־קאַן צווישן די פיס און עס האָט זיך דערהערט דער פלוך פונעם ערשטן מילך־שטראָם, ווי פון אַ רעגן, וואָס פאַלט אויף אַ הוילע בלעך. יעקב האָט פאַרענדיקט אַרומטיילן דאָס עסן פאַר די קי און זיך אויך אַוועק־געזעצט מעלקן אַ קו.

גדעון האָט אונטערגעטראָגן דעם מוילאייזל אַ קיבל וואַסער. פלוטאָס האָט שוין פון ווייטנס דערשפּירט דאָס וואַסער. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, פאַרשאַרצט די ליפּן, אַ וויז געטאָן זיינע גרויסע, געלע ציין. ער האָט איינגע־טונקען דעם פּיסק און געזשלאָקעט ווי אַ פּאָמפּע וואָס זויגט. ווען ער האָט געענ־דיקט האָט גדעון איבערגעוואָרפן איבער אים ס׳געשיר און אַ קלאַפּ געטאָן אים אין פּאָשלאַדעק. פלוטאָס איז אַרויס פון שטאַל. גדעון האָט אים איינגעשפּאַנט אין דעם צוויי־רעדער־וואָגן. ער האָט אַריינגעלייגט אין וואָגן די קאָסע און סערפּ און אַ זאָג געטאָן: „דיאָ!" פלוטאָס האָט אַ צי געטאָן דעם וואָגן, די רעדער האָבן זיך אַ קאָלער געטאָן.

גדעון איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן. די טויבן, וואָס האָבן געזוכט קערנער אויפן הויף האָבן, דערשראָקענע, אַ פלי געטאָן אין דער הויך. זייער פלי־פּלאָטער האָט צעשטערט די שטילקייט. די צעפּלאָשעטע טויבן האָבן זיך פונאַנדערגעזעצט אויף די דעכער אַרום. די זון, איבער די דעכער שוין, האָט אים נאָכגעקוקט.

ער איז געפאָרן מיט דעם שטיינערנעם, זייטיקן וועג. ער האָט אויסגעמיטן דאָס דאָרף, נישט געוואָלט זיך טרעפן מיט מענטשן, כדי זיך נישט מוזן זיך פאַרהאַלטן. דאָס מוילאייזל איז געגאַנגען אַליין. ער איז געזעסן מיט די לייצעס אין האַנט און געגאַפט איבער דער סביבה. דער פאַרשידנאַרטיקער גרין אויף די ערד־קוואַדראַטן האָט זיך צונויפגעגאָסן און געשאַפן אַ קאָלירפולן דיוואַן. די ביימער אין דער סביבה און אין די סעדער, מיט זייערע פונאַנדערגעלייגטע צווייגן, האָבן דערגענצט די פּאַנאָראַמע. גדעון האָט געאָטעמט מיט דער פולער ברוסט און געהאָרכט. ער האָט געהערט דעם רעדער־געקלאַנג, דעם קלאַפּ פון פלוטאָסעס קאָפּיטע, דעם אינזעקטן־זשום און דעם שאָרך פון דער שטילקייט וואָס האָט זיך געזעצט. פון

מאָל צו מאָל האָט גדעון אויפגעהויבן די אויגן און יעדעס מאָל פונסני פאַרהאַלטן דעם אָטעם, זיך געכליניעט מיט דער נאַטור־שײנקייט און געגאַפּט איבער דער אורקראַפט פון די בערג אַרום, וואָס האָבן געשטאַרט אין די הימלען.

גדעון האָט אַ צי געטאָן אײן זײט לײצע. פלוטאָס האָט פאַרקירעוועט אויף לינקס. ער איז אַרויף אויף אַן אויסגעפּאַרענעם שטעג וואָס האָט געפירט צו זײער ערד. זײ זענען געפאָרן נאָך אַ װײלע צײט און גדעון האָט אַ זאָג געטאָן פלוטאָסן: „אויס!" דאָס מוילאײזל איז שטײן געבליבן. ער איז אַראָפּגעשפרונגען פון וואָגן און גענומען איבערקוקן די בײמער. די בלעטער האָבן אים געשטערט זען. ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף די קני, געקוקט. צווישן די בײמער האָט געלויערט אַן אויסגעשטאַנענע שטילקײט, וואָס נאָר אַן אַראָפּגעפאַלענע פרוכט האָט זי איבער־געריסן. זײער ערד האָט זיך געצויגן לענגויס דעם וועג. דער צוגאַנג צו יעדן ערדטײל איז געווען גלײך פון שטעג. גדעון האָט אַרויסגענומען פלוטאָסן די צוים פון מויל, אים אויסגעשפּאַנט פון אײן פאָסטראָנעק, וואָס ער האָט איבערגעוואָרפן איבער אים. פלוטאָס האָט גענומען קײען די גרעזער וואָס זענען געוואַקסן בײ די זײטן.

גדעון האָט גענומען שפּאַצירן צווישן די מאַרעלן־בײמער. ער איז געגאַנגען פון בוים צו בוים און זײ באַטראַכט. זײן פּנים איז געווען פול פרײד. די בײמער זענען געווען שוין לײדיק, אַ פרוכט נאָר דאָ, דאָרט, איז הענגען געבליבן אויף אַ צווײג אַ נישט דערזעענע. פון דאָרט איז ער אַרײן צו די פאַזשעכעס. די בײמער זענען געווען צעוואָקסענע, נאָר נידעריקע. אויך דאָ איז ער געגאַנגען פון בוים צו בוים, באַטראַכט די פרוכט. זײער רײפקײט האָט געזעטיקט זײן אויג. דאָ, דאָרט, האָט ער אויך אַ טאַפּ געטאָן אַ פרוכט. צום סוף האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן: „מען דאַרף זײ אַראָפּנעמען פון בוים" און איז אַרײן צו די עפּלבײמער. ער האָט אַ פיר געטאָן זײנע אויגן איבער די בײמער. ער האָט אויסגעשפּיגן און אַ זאָג געטאָן אויפן קול: „טפו!" — אַ סגולה פאַר אַן עין־הרע. די צווײגן האָבן זיך געבויגן אונטער דער לאַסט פון דער גרערעטעניש. ער האָט אַרויפגערוקט דאָס לײוונטענע קאַפּעלושל, ער זאָל בעסער זען, און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

ער איז געגאַנגען פון בוים צו בוים און ווו עס איז געווען נויטיק האָט ער אונטערגעשטעלט אַ קלאָניצע, די צווײגן זאָלן זיך נישט ברעכן. די גאַנצע צײט וואָס ער האָט געאַרבעט האָט די זון אַריבערגעשײנט איבער די צווײגן, ווי איבער אַן אָפענעם שערם. ווען ער איז אַרײן אין װײנגאָרטן האָט ער מיטן קאַפּעלוש זיך אַרומגעווישט דעם שווײס פון פּנים און האָט אָפּגעאָטעמט. דאָ, צווישן די װײנשטאָקן מיט זײערע צוגעבונדענע צו די דראָטן צווײגן, וואָס האָבן פון װײטנס אויסגעזען ווי די אָרעמס פון אַ געקרײציקטן, האָט די זון געוואַרעמט. די צעהאָנ־גענע בינטן טרויבן האָבן געגלימערט אין דער זונשײן, ווי זײ זאָלן זיך אין איר שפּיגלען. דער זאַפטיקער טרויבן־ריח האָט געשיכורט די סביבה.

ער איז געגאַנגען פון אַ װײנשטאָק צו אַ װײנשטאָק און באַטראַכט די פרוכט. די סלינע איז אים געקומען אין מויל. ער האָט דערפילט דעם טעם פון די טרויבן.

ער האָט אָפּגעריסן אַ בינטל גראַנאַטענע טרויבן, וואָס זענען געווען באַנעצט פון טוי. יעדע טרויב האָט אויסגעזען ווי אַ קינדער־בעקל. שטייענדיק האָט ער מיט די צייַן געביסן און געשלונגען אַ טרויב נאָך אַ טרויב. ווען ער האָט געענדיקט עסן, האָט ער זיך אַ קוויק געטאָן: „אַההה״. ער האָט זיך אויסגעווישט די הענט אין די הויזן און איז אַוועק אין פעלד, וווּ עס איז געוואַקסן די וויקע. דאָ האָט זיין בליק אַ וואַנדער געטאָן איבער די מרחקים, די גרינע שליאַכן. די גאַנצע צייט וואָס ער איז געגאַנגען איבער זיינע סעדער איז פלוטאָס אים נאָכגעגאַנגען און געצופּט די גרעזער וואָס זענען געוואַקסן ביי די זייטן. דאָ, אין פעלד, האָט גדעון צוריק פאַרלייגט פלוטאָסן די צוים אין מויל, צוריק צוגעטשעפּעט דעם פּאָסטראָ־נעק צום וואָגן און צוגעבונדן צו אים די לייצעס, אַז פלוטאָס זאָל נישט קענען אַראָפּבייגן דעם קאָפּ, אויסצופרעסן די וויקע.

גדעון האָט אַרויסגענומען די קאָסע מיטן סערפּ פון וואָגן און איז אַריין אין פעלד. ער האָט בודק געווען די שאַרף פון דער קאָסע. די שאַרף האָט אַ גלימער געטאָן דער זון אַנטקעגן. ער האָט צעשטעלט די פיס און מיט אַ פאַרנעם פון דער גאַנצער ברייט פון זיינע הענט, אַ פיר געטאָן די קאָסע איבער דער וויקע. די אונטערגעהאַקטע גרעזער האָבן זיך אויסגעלייגט, ווי לעקלעך ווען אַ טאַטע ברענגט שערן ס׳ערשטע מאָל זיין קינד. ער איז געגאַנגען טריט נאָך טריט און געשניטן די וויקע. דער שטח אונטער אים איז געבליבן גאָל, ווי אַן אָפּגעגאָלטער קאָפּ. ער האָט אָנגעלאָדנט דעם וואָגן ביז אַרויף, די קאָסע האָט ער איצט אַריינגעשטעקט אין דער וויקע. דער סערפּ, וואָס ער האָט נישט באַנוצט, האָט ער אַריינגעלייגט אונטערן געזעס.

ער האָט מיטן קאַפּעלוש זיך ווידער אַ מאָל אָפּגעווישט דעם שוויס פון זיין פּנים און זיך אַ טאַפּ געטאָן די טאַשן, געוואָלט פאַררויכערן; ער האָט אָבער נישט געהאַט מיט זיך די סיגאַרעטן. ער האָט זיך אויסגעדרייט, נאָך אַ מאָל אַ באַטראַכט געטאָן די סביבה, זיינע פעלדער, ווי ער זאָל זיך געזעגענען, און האָט אַ געשריי געטאָן: „דיאָ! אַהיים!״ פלוטאָס האָט אַ צי געטאָן דעם וואָגן און גדעון איז אַרויפגעשפּרונגען אויף אים שוין אין פאָרן.

## ז

די זון אויפן הימל איז געווען ווי צעגאָסן און געגליט ווי אַ לאַווע. אויך די לופט איז געווען אַ געדיכטע, אָנגעגליט און דעמפּיק. שווער געווען צו אָטעמען. איר רבד, וואָס ליגט נאָענט צום ברעג ים, האָט אַפילו נישט אַ וויי געטאָן קיין ווינטל. אַלץ האָט געגליווערט אין דער חמימה. די גרעזער און בלעטער זענען פאַרשרומפּן. די קי זענען געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער, זייערע אויגן זענען געווען גלייזיק פאַרלאָפּן און האָבן געפּראַכט מיט די צונגען אין דרויסן.

די הינער אין די שטייגן האָבן געדרימלט. אַ סך פון זיי זענען געשטאַנען אויף איין פוס מיט פאַרלייגטע קעפּ צווישן די פליגל. פון מאָל צו מאָל האָט אַ הון אויך אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און פאַרוווּנדערט, דערשראָקן אַ קוק געטאָן, צוגעלאָפן צום וואַסער, געשטילט דעם דורשט.

די מענטשן אין צעכראַסטעטע העמדער און איבערגעדעקטע קעפּ האָבן גע־אָטעמט שווער און זיך באַוויגן פויל. פון די אָנגעגליטע ווענט און דעכער האָט געשלאָגן אַ היץ.

די נאַכט ווען סמדר האָט זיך געזעגנט מיט גדעונען האָט זי נישט פאַרמאַכט קיין אויג. זי האָט געפיבערט. זי איז געלעגן מיט אויפגעריסענע אויגן איינגעקוקט אין דער פינצטער, ווי זי זאָל זי וועלן דורכקוקן. אָבער זי האָט נישט געקענט איינליגן. אָט האָט זי זיך איבערגעדרייט אויף אַ זייט און דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. אָט האָט זי פאַרוואָרפן די הענט איבערן קאָפּ, געפּרוּווט איינשלאָפן. באַלד האָט זי זיך איבערגעקערט, איז ליגן געבליבן אויפן רוקן מיט צעשפרייטע פיס, די הענט אונטערן קאָפּ און ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל געוואָלט און נישט געקענט איינשלאָפן. זי איז געלעגן אין די נעכט אַ וואָכע און געפילט ווי די טרערן רינען איר איבערן פּנים. זי האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן איר היים און זיך נישט געקענט שענקען פאַר וואָס זי האָט מסכּים געווען, צוגעזאָגט גדעונען. זי האָט זיך דערמאָנט אירע קינדער־יאָרן, ווי זי גייט אין קינדער־גאָרטן, דערנאָך אין שול, ווי זי שטיפט און ברוגזט זיך מיט די חברים, אירע פלירטן און ליבעס, אירע דערגרייכונגען און דורכפאַלן, מיט וועלכע זי איז געקומען צו דער מוטער זיך רימען אָדער פאַרקלאָגן. די מאַמע האָט איר שטענדיק אויסגערעדט און אַלס פאַר־גיטיקונג זי געשיקט מיטן טאַטן שפּאַצירן.

זי האָט זיך דערמאָנט אין אַלע אירע אויספלוגן, אין די לערער, וועלכע זי האָט גערן געהאַט און אין די, וועלכע זי האָט נישט פאַרטראָגן. זי האָט געזען פאַר זיך איר יוגנט ווי אויף אַ פילם־לענטע, ביז דער צייט ווען זי איז אויסגעוואַקסן און אַליין געוואָרן אַ חברה אין רבד און אָנגעהויבן אַרבעטן אין קינדערהיים.

שעהן האָט זי זיך געמאַטערט ביז זי האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. איר מוח איז מיד געוואָרן. זי האָט דערפילט די פּיזשאַמע אויף זיך. איר איז שווער געווען דאָס אָטעמען. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, געעפנט דאָס מויל, געוואָלט זיך פאַרלייכטערן און האָט איינגעדרימלט.

ווי נאָר דער מאָרגן האָט גענומען גרויען איז זי אַראָפּ פון געלעגער. זי האָט זיך אויסגערענגט און שנעל אָנגעטאָן.

אַ טאָג האָט געביטן אַ טאָג. זי האָט געלעבט אין אַ קאָשמאַר, געשטאַרט פון צער. זי האָט נישט געהאַט קיין מוט צו נעמען אויף זיך דעם לעבנס־עול. זי האָט געוואָלט גיין צו גדעונען און זיך געשראָקן בלויז פאַר דעם געדאַנק, אַז זי וועט דאַרפן אַוועק פון רבד. איר אָוואַל פּנים איז געוואָרן אָפּגעצערט און אויסגע־צויגן. האַלבע, שוואַרצע קרייזן האָבן גערעמט אירע אויגן. איר קוק איז געווען פאַרנעפּלט. אירע רויטע האָר האָבן נישט געגלימערט ווי שטענדיק. זי האָט גע־

שוויגן און קיין שמייכל נישט געטאָן. זי האָט זיך באַוויגן ווי אַ מאַריאָנעטע. זי האָט איר אַרבעט ווי אָפּגעפּטרט, געאַרבעט אָן ווילן. זי האָט נישט צוגעטוליעט אַ קינד ווי פריִער. די קינדער וואָס האָבן ליב געהאַט איר קול, איר געלעכטער און פרייד, האָבן זי אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן, געוואַרט אויף אירס אַ גוט וואָרט ווי פריִער, נאָר זי האָט זיך געצווונגען נישט זען זיי.

די מורא פאַר דעם וואָס איר שטייט פאָר, האָט געגנאָגט איר האַרץ. זי האָט געמיטן מענטשן. זי האָט נישט געוואָלט און מורא געהאַט אַז זי קען זיך נאָך פאַר וועמען אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט. גלייך פון דער אַרבעט איז זי אַוועק אין שטוב, זיך אויסגעצויגן אויף דער סאָפע און געלעגן מיט אויפגעריסענע אויגן. זי איז געלעגן ביז די שטילקייט אין שטוב האָט אויף איר אָנגעוואָרפן אַ פּחד. זי האָט זיך אויפגעזעצט, זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער, ווי זי זאָל וועמען זוכן. אַן אויפגעטרייסלטע איז זי אַרויס פון צימער. זי האָט נישט געוואַרט אויף מאַיאַן. מאַיאַ האָט אין די טעג זיך פאַרזוימט, געקומען אין שטוב שפּעט. זי האָט געזען סמדרס באַנעמען זיך און איר שטימונג. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי לעבט עפּעס שווער איבער.

סמדר, מיט אַן איבערגעצויגענעם איבער די אויגן לייוונטענעם קאַפּעליוש, האָט זיך געשלייכט אַ צעיאַכמעטע איבער די קיבוץ־שטעגן אין די שוין נאַקעטע, אָן תבואה, פעלדער. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט זי זיך אומגעקערט אַהיים. זי איז געגאַנגען מיט אָפּגעלעגענע שטעגן, וווּ קיינער איז כמעט נישט געגאַנגען. זי איז נישט אַריין אין לייענזאַל, אויך נישט אין קולטורזאַל און אַוודאי נישט אין דער קאַפעטעריע, וווּ יעדער חבר האָט געקאָנט זיך מכבד זיין מיט אַ קאַווע און אַ קיכל. אויך אינעם עסזאַל איז זי איצט געקומען מיט די לעצטע, ווען דער זאַל האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ חתונה. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל אין אַ ווינקל ווי אַ פרעמדע, נישט געבעטענע. זי האָט געגעסן פון וואָס עס האָט זיך געפונען אויפן טיש. ווען אַ פאַרטיילערין איז צוגעקומען צו איר מיטן וואָגן עסן, האָט זי גענומען וואָס זי האָט איר פאָרגעשלאָגן. זי האָט געגעסן אָן אַפּעטיט, נישט געפילט וואָס זי עסט. ווי נאָר זי האָט געענדיקט עסן איז זי אַרויס דורך אַ זייטיקער טיר, מען זאָל זי נישט מערקן.

יעדער טאָג אירער איז געווען אַ גרויער. דער אַרום, וואָס איז געווען איר אַזוי נאָענט, האָט זי איצט פון רוב ליבשאַפט געשראָקן. זי האָט נאָר געאַרבעט, געגעסן און געפרווווט שלאָפן. איר צייט האָט זיך איר צונויפגעגאָסן, ווי עס זאָל נישט זיין קיין טאָג און נאַכט. זי איז געווען פאַרנומען מיט זיך, מיט אירע געדאַנקען און זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אַלע. אַפילו מיט מאַיאַן, איר חברטע פון צימער האָט זי נישט גערעדט כמעט, נאָר דאָס נויטיקסטע.

מאַיאַ איז געגאַנגען איר פון וועג. זי האָט זיך געזוימט ביי די עלטערן, זיך פאַרהאַלטן ביי באַקאַנטע, געבליבן לענגער ביי חנוכן. זי איז געקומען אין שטוב שפּעט שלאָפן, ווען סמדר איז שוין געלעגן אויף איר געלעגער, אָדער ווען אין צימער איז שוין געווען פינצטער. אויך אין דער פרי, ווען זיי האָבן זיך געגרייט

צו דער אַרבעט, האָט מאַיאַ געשוויגן. זי האָט סמדרן נאָר געענטפערט אויף אירע פראַגן און דאָס אויך מיט אויפמערקזאַמקייט, כדי סמדר זאָל חלילה נישט זיין באַליידיקט אָדער אויפגערייצט. מאַיאַ איז געווען איבערצייגט, אַז סמדר האָט זיך צעקריגט מיט גדעונען.

אויך צו די עלטערן איז סמדר נישט געגאַנגען איצט ווי פריִער אין די אָוונטן אַ נאַש טאָן אָדער איבערבייסן. זי האָט נישט געוואָלט מצער זיין די עלטערן און נישט באַווייזן זיי איר אומבאַהאָלפנקייט. זי האָט געמיטן די חברים, זי איז אָבער געוואָרן זיי אויפפאַלנד. זי איז געוואָרן אין קיבוץ אַ „פּראָבלעם". אַלע האָבן איר נאָכגעקוקט ווי זי גייט, וואָס זי טוט. די חברים האָבן איר נאָכגעפּאַלגט אַפילו פון די פענצטער אַרויס. נישט איין מאָל האָבן אירע חברטעס ביי דער אַרבעט, אָדער די חברים אין עסזאַל, זיך איבערגעקוקט דערשטוינגטע ווען זיי האָבן געזען איר באַנעמען זיך. אָפט האָט אויך איינער אַ פרעג געטאָן דעם אַנדערן: „וואָס איז מיט איר?" דער געפרעגטער האָט דערשטוינט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אָדער אַ הייב געטאָן די אַקסלען, פּונקט ווי דער פרעגער האָט עס געטאָן פריִער. קיינער האָט נישט געוווּסט עפּעס קאָנקרעטעס.

אויך ווען די מוטער אָדער דער פאָטער זענען אַריין אין עסזאַל, האָבן חברים זיי נייגעריק אָנגעקוקט. אפשר ווייסן די עלטערנס שווייגן זיי עפּעס פאַרראַטן? די עלטערן זענען אַרומגעגאַנגען פאַרזאָרגטע. זיי האָבן די טאָכטער איצט געזען נאָר יעדע עטלעכע טעג. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער טאָכטער לעבט עפּעס שווער איבער, נאָר נישט געוווּסט וואָס. טאַטע־מאַמע האָבן זיך געהיטן. זיי האָבן נישט געוואָלט די זאַך זאָל ווערן באַקאַנט ברבים. יעדער פון זיי האָט זיך געער־גערט באַזונדער און געהאָפט, אַז דאָס איז אַ פאַרבייגייענדע זאַך. די מוטער איז עטלעכע מאָל אַריין צו איר אין צימער זען וואָס מיט איר איז. זי האָט יעדעס מאָל זיך אַרומגעקוקט איבער דעם ליידיקן צימער און צוריק אַרויס.

אַנומלט האָט סמדר דערזען פון ווייטנס די מוטער גיין צו איר. זי האָט אייליק פאַרקערעוועט אין אַן אַנדערער ריכטונג, זי זאָל זי נישט זען. דער ענין סמדר איז אין קיבוץ דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען ריבה, די קראַנקן־שוועסטער אין רבד, אַ מיטלוווקסיקע פרוי מיט אַ לענגלעך פול פּנים און איבערגעלייגטע איבערן קאָפּ, ווי אַ קראַנץ, גרויע צעפּ, האָט אין איינעם פון די אָוונטן זי באַמערקט אין עסזאַל, איז זי צו איר צוגעגאַנגען. זי האָט שנעל אויף זיך פאַרראַכטן די ווייסע שעלקע־שאַרץ, וואָס זי האָט געטראָגן אויף די בגדים, און זי אַ פרעג געטאָן: — וואָס הערט זיך סמדר? — און זיך צוגעזעצט צו איר, ווי זי זאָל כלומרשט פון גאָרנישט וויסן. סמדר איז געזעסן אין אַ ווינקל אַליין און איר געענטפערט לאַקאָ־ניש: — מען אַרבעט און מען איז פאַרנומען.

— פאַר וואָס קומסטו נישט אין קראַנקן־צימער עפּעס נעמען ווי שטענדיק — האָט ריבה זי נישט אָפּגעלאָזט.

סמדר, וואָס האָט געוואָרט זי זאָל שוין גיין, האָט ווידער איר געענטפערט:

— איך בין געזונט, כ׳דאַרף נישט קיין הילף — און זיך אויפגעשטעלט.

— איך וועל דיך באַגלייטן — האָט ריבה איר געזאָגט, זיך אויך אויפגעשטעלט און אַוועק צוזאַם מיט איר. אַלע אין עסזאַל האָבן זיי נאָכגעקוקט. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז ריבה וויל זיך מיט איר דורכרעדן, איר העלפן.

די אָנגעגליטע פינצטער אויף דער גאַס האָט זיי אַ ליאַפּע געטאָן אין פּנים. זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט ריבה זיך אַ ווענד געטאָן צו איר:

— וואָס פעלט דיר? ביסט קראַנק? איך וויל דיר העלפן, פאַר מיר קענסטו רעדן.

סמדר איז שטיין געבליבן אַ געליימטע, ריבה מיט איר.

— איך בין געזונט און דאַרף נישט קיין הילף! לאָז מיך געמאַך! — האָט סמדר איר געענטפערט קאַטעגאָריש און געלאָזט זי שטיין. ריבה איז געשטאַנען און איר נאָכגעקוקט. אַ ווײַלע שפּעטער איז זי צוריק אַוועק אין עסזאַל.

סמדר איז אַרײַן אין צימער מיט אימפּעט. זי האָט מיט די הענט זיך פאַרדעקט דאָס פּנים און זיך אַ זאָג געטאָן: — וואָס איז פון מיר געוואָרן! — און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער סאָפע.

אין איינעם אַ טאָג איז די היץ געווען אַ טרוקענע. מענטשן האָבן געאָטעמט לײַכטער. דאָס איז געווען עטלעכע טעג נאָך דעם אינצידענט מיט ריבהן. סמדר האָט צונויפגענומען דאָס צעוואָרפענע שפּילצײַג. עטלעכע קינדער זענען אַרומגעגאַנגען אַרום סמדרן. יעדעס שפּילצײַג וואָס סמדר האָט גענומען אין האַנט האָבן זיי מיט התלהבות אָנגערופן ביים נאָמען: — דער פייערלעשער־אויטאָ, דער טראַקטאָר, באַמבי, דער בער. די הויט אַרום אירע אויגן איז געווען געריבצלט פון אָנשטרענגונג. סמדר האָט נישט געוואָלט ווערן מיטגעריסן מיט דער קינדישער התלהבות. אויך ווען יעל, אַ מיידעלע מיט קיילעכיקע בעקעלעך, שוואַרצע אויגן און שוואַרצע געלאָקטע האָר, האָט איר אַ זאָג געטאָן: — קום זיך מיט אונדז שפּילן — האָט זי נישט רעאַגירט, ווי זי זאָל נישט האָבן געהערט און געטאָן איר אַרבעט ווייטער. נאָר ווען דער דריי־יאָריקער שי, אַ הויך באַחנט ייִנגעלע, האָט אַוועקגעוואָרפן דעם פּאַיאַץ און איז צו איר צוגעפאַלן, אַרומגענומען אירע היפטן, געטוליעט זײַן קעפּל אין איר שויס און אַ צעשטראַלטער געשריגן: — סמדר, סמדר! — האָט זי נישט אויסגעהאַלטן און אים אַ נעם געטאָן אויף די הענט. ער האָט מיט בײדע הענטלעך געהאַלטן אַרומגענומען איר האַלדז און געטוליעט זײַן קעפּל צו איר ברוסט.

סמדר האָט דערפילט אַ וואַרעמען שטראָם אַרום איר האַרץ, ווי עפּעס זאָל זיך אין איר האָבן איבערגעריסן. איר מויל איז געווען פול סלינע. זי איז געוואָרן צענומען. איר האָט באַהערשט די פרייד פון אַ יונגער פרוי, וואָס האַלט אַ קינד אין אירע אָרעמס. זי האָט דאָס ייִנגעלע צוגעטוליעט, אים געקושט און געשטראַלט פון גליק. די באַקן אירע זענען געווען פאַררויטלט. זי האָט ס'ערשטע מאָל נאָך אַ

סך טעג געשמייכלט. זי האָט אים אויך אויפגעהויבן איבער זיך, ווי זי זאָל אים ווייזן אַלעמען, און שטיל זיך אַ זאָג געטאָן: — איך וועל פּרוּוון. זי האָט אים אַראָפּגעלאָזט און זיך אַרומגעקוקט צי קיינער האָט נישט געהערט. באַלד האָט זי אַ זאָג געטאָן: — קינדער, קומט טאַנצן אין אַ ראָד!

— יאָ, יאָ, גוט! — האָבן די קינדער אַ טומל געטאָן פון פרייד. זיי האָבן באַלד זיך אויסגעשטעלט אין אַ ראָד און זיך אָנגענומען ביי די הענטלעך. זי האָט זיך צעזונגען: — „עוגה, עוגה, עוגה, במעגל נחוגה" — און זי האָט זיי אַ פּיר געטאָן, מיט זיי געטאַנצט.

דעם זעלבן אָוונט האָט מאַיאַ פּאַמעלעך אָפּגעלענט די טיר. זי האָט פּאַמעלעך אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, געווען נייגעריק, וואָס עס הערט זיך ביי איר אין צימער.

— קום אַריין, איך וועל דיר נישט אָפּבייסן — האָט סמדר אַ שפּאַס געטאָן.

מאַיאַ האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר און שטיין געבליבן אַן אומבאַהאָלפענע. זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי צו פרעגן און אויך נישט באַגריפן וואָס מיט סמדרן איז פאָרגעקומען. סמדר, וואָס איז געלעגן אויף איר סאָפע און אַריבערגעקוקט צו מאַיאַן, האָט איר אַ זאָג געטאָן: — ווי לאַנג איז דער שיער זיין זויער און שרעקן די חברים אַז זיי זאָלן מיינען וועך ווייסט וואָס — און זיך צעלאַכט.

— די לעצטע טעג ביסטו טאַקע נישט געווען אַזוי זיס. ביסט אַרומגעגאַנגען אַן אָנגעבלאָזענע ווי אַ פּאַווע. חן האָט עס דיר נישט צוגעגעבן — האָט מאַיאַ איר אָפּגעענטפערט און זיך צעשמייכלט.

— אַלץ איז פאַרביי, איך האָב זיך דעצידירט — האָט סמדר איר אויפגע־קלערט. זי האָט זיך אויפגעזעצט, אַ שמייכל געטאָן, און באַוויזן אירע גרויסע, ווייסע ציין.

— וואָס האָסטו באַשלאָסן — האָט מאַיאַ אַ פרעג געטאָן נייגעריק.

— זעץ דיך — האָט סמדר זי געבעטן.

— מאַיאַ האָט זיך אָוועקגעזעצט און איינגעקוקט אין איר מיט נייגער.

סמדר איז געוואָרן ערנסט. איינגעשניטענע פעלדלעך האָבן פונאַנדערגעטיילט איר שטערן און זי האָט זיך פאַר איר פאַרטרויט:

— איך האָב באַשלאָסן גיין אין שטאָט אויף עטלעכע חדשים.

מאַיאַ איז זיצן געבליבן מיט אַן אָפן מויל און אויפגעריסענע אויגן. איר פּנים איז געווען שטאַר. אַ ווײַלע האָבןביידע געשוויגן, מאַיאַ, פון איבערראַשונג, סמדר, פון בושה. די שטילקייט אין צימער איז געווען אָנגעדראָלט. סמדר האָט זיך איינ־געקוקט אין אַ פּונקט פאַר זיך און ממשיך געווען:

— איך בין געבוירן און אויפגעוואַקסן אין רבד, מיין וועזן איז דער קיבוץ. איך וויל אָבער זען ווי מען לעבט אין שטאָט.

— גייסט זוכן גליק, צי אַן אַוואַנטורע? — האָט מאַיאַ זי אַ פרעג געטאָן.

סמדר האָט זי אָנגעקוקט. איר בליק האָט זי אַדורכגעדרונגען. זי האָט געוואָלט וויסן צי מאַיאַ ווייסט וואָס מיט איר קומט פאָר. אַ ווײַלע האָט מאַיאַ געשוויגן. ערשט שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן סמדרן:

— ווּעסט זיך אָנמאַטערן און צוריקקומען.

— מען דאַרף פּרוּוון — האָט סמדר זיך פאַרטיידיקט צעציִענדיק די ווערטער, ווי זי זאָל זיי ציילן.

— די עלטערן זענען מסכּים? — האָט מאַיאַ זי אַ פרעג געטאָן.

— איך גיי זיי טאַקע זאָגן — האָט זי שנעל אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט אויסגענוצט מאַיאַס פראַגע. זי האָט איבערגעריסן זייער שמועס און איז אַוועק צו דער טיר. גייענדיק האָט זי איר נאָר אַ זאָג געטאָן אויף הינטער־ווײַלעכץ:

— מיר זענען יונג, מען דאַרף דערקענען ס'לעבן — און זי איז אַרויס פון שטוב.

אַ ווײַלע איז מאַיאַ געזעסן און נאָכגעטראַכט, ביז זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אַוועק זיך איבערטאָן.

סמדר האָט אָפגעלענט די טיר. זי איז שטיין געבליבן אין דורכגאַנג און באַטראַכט די לאַגע אין שטוב. די מוטער איז געזעסן ביי דעם אָנגעצונדענעם שוין שטיילאָמפּ און האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון איבערן בוך, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט. זי האָט דערשטוינט אָנגעקוקט די טאָכטער און איר אַ זאָג געטאָן מיט פאַראיבל:

— גוט וואָס דו האָסט זיך דערמאָנט, אַז דו האָסט עלטערן און באַוויליקט זיי אָפּשטאַטן אַ וויזיט.

— זעסט, אַז מען קומט נישט איז מען אַן אָנגעלייגטער גאַסט — האָט סמדר איר געענטפערט מיט שפּאַס און שמייכל. זי האָט אָבער אַוועקגעקוקט אין אַ זייט. זי האָט זיך נישט געטרויט אַ קוק טאָן אויף דער מוטער, נישט געווען זיכער ווי אַזוי די מוטער האָט אויפגענומען איר שפּאַס.

די מוטער האָט איר נישט געענטפערט באַלד. זי האָט זי נאָר באַטראַכט, געוואָלט זיך איבערצייגן צי סמדר איז טאַקע אין אַ גוטער שטימונג. ערשט איצט האָט די מוטער זיך אַ ווענד געטאָן צו איר מיט פאַרוואָרף:

— אַ טאָכטער דאַרף וויסן, אַז ווען זי געפינט זיך אין אַ נויט קומט זי צו די עלטערן. איך בין אפשר פאַר דיר נישט גענוג פאַרגעשריטן, אָבער דער טאַטע קאָן דאָך זיכער געבן אַן עצה — זי האָט זיך איינגעקוקט אין דער טאָכטער און זיך אויפגעשטעלט. זי איז געווען הויך און פליישיק, געהאַט דיקע אָרעמס און אויסגעאַרבעטע הענט. אירע שוואַרצע האָר זענען געווען אונטערגעשוירן, איר פּנים ברויין, פאַרברענט פון דער זון.

— אַהאַ! — אָנגערירט דער מאַמעס כּבוד — האָט סמדר ווידער אַ שפּאַס געטאָן. זי האָט נישט געוואָלט זייער שמועס זאָל ווערן ערנסט.

— אליעזר! האָסט אַ גאַסט! דיין טאָכטער איז געקומען! — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן אויפן קול.

— איך קום שוין! — האָט דער פֿאָטער געענטפֿערט פֿון באַדצימער אַרויס.
— אויב איך בין נאָר דעם טאַטנס טאָכטער, זעץ איך זיך וואַרטן אויף אים — האָט סמדר אַ זאָג געטאָן, ווי עס זאָל זי פֿאַרדריסן, און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ טאַבורעט.

די טיר האָט אַ סקריפּ געטאָן. אין שטוב איז אַריין אַ מיטלוווּקסקער, ברייט־ביינקער ייד מיט אַ גרויער, נאַסער טשופּרינע, וואָס איז אַ מאָל געווען געל. זיינע שטאַרקע אויסגעאַרבעטע הענט זענען געווען באַצויגן מיט אָדערן ביז די עלנבויגנס.

— וואָס זאָגסטו צו דיין טאָכטער? — האָט סמדר אים אַ פֿרעג געטאָן, נאָר מיטן זעלבן טאָן צוגעגעבן: — פֿאַרגעסן זאָגן „שלום".

— נאַרישקייטן, אַבי מען זעט דיך ווידער און אין אַ גוטער שטימונג — האָט דער פֿאָטער איר געענטפֿערט און זיך אַריינגעזעצט אין טיפֿן אויסגעבעטן פֿאָטעל, אויף וועלכן די מוטער איז פֿריִער געזעסן.

— דאָס זענען דיבורים — האָט סמדר אַ זאָג געטאָן און זיך אַרומגעקוקט איבערן פּאָדער־צימער, כאָטש זי האָט עס גוט געקענט ווי די אַלע סטאַנדאַרט־צימערן אין קיבוץ: אַ ברייט פֿענצטער מיט אַ פֿאַרהאַנגל, אַ טיש מיט בענקלעך, אַ קליינע קילשאַנק, אַ שענקל מיט עטלעכע קיך־כלים און אַן עלעקטרישער קאָכער.

— אַ חשבון מיט דיר האָב איך מיין טאָכטער, נאָר אַ שטיקל קוכן מיט אַ גלאָז קאַווע וועל איך דיר דערלאַנגען — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן און געוואָלט איר גרייטן דעם כּיבוד.

— מאַמע, איך וועל גאָרנישט טועם זיין, איך בין זאַט. איך בין געקומען זיך אַדורכשמועסן.

דער טאַטע און די מאַמע האָבן זיך איבערגעקוקט דערשטוינט. די מוטער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל, דער טאָכטער אַנטקעגן, מיט פֿאַרלייגטע הענט איבערן בויך. דער פֿאָטער האָט נערוועז אַ שניפּ געטאָן מיט דער נאָז. אין צימער איז געווען הייס. אויך דורכן אָפֿענעם פֿענצטער האָט זיך געשפּאַרט די היץ. די שטילקייט אין צימער האָט ווי געציטערט. מען האָט נאָר געהערט דעם זשום פֿון דער איינציקער פֿליג, וואָס האָט געקרייזט אַרום דעם ברענענדן שטיילאָמפּ.

סמדר האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי אַ גאַנדז ווען זי דערפֿילט געפֿאַר. איר פֿלייצע איז געוואָרן קיילעכיק און זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— איר דאַרפֿט מיך פֿאַרשטיין, איך טו עס נישט פֿון רשעות. איך האָב גאָר־נישט צו קיינעם פֿון די חברים און אַוודאי און אַוודאי נישט עפּעס צו אייך. איר זייט פֿאַר מיר טרייע און פֿאַרשטענדלעכע עלטערן, נאָר איך מוז, איך קען נישט ווייטער. איך האָב באַשלאָסן גיין אין שטאָט אויף עטלעכע חדשים.

זי האָט גערעדט לאַנגזאַם, ווי צו זיך; אַליין האָט זי זיך צוגעהערט צו אירע רייד. איר אַליין איז איצט קלאָר געוואָרן וואָס זי גייט טאָן. ביז איצט האָט זי נאָר געטראַכט וואָס זי גייט טאָן.

די עלטערן זענען געבליבן זיצן פֿאַרשטייפֿטע. די פּנימער זייערע זענען געווען שטאַרע מאַסקעס, נאָר זייערע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט.

— פֿאַר וואָס? — האָט דער פֿאָטער זי אַ פֿרעג געטאָן, ווי ער זאָל דאָס וואָרט אַדורכשטופּן דורך די ציין.

— אַזוי שלעכט איז דיר דאָ? — האָט די מוטער אים צוגעהאָלפֿן.

סמדר האָט זיך אויסגעגליכן. זי האָט פֿאַרלייגט אַ פֿוס איבער אַ פֿוס און מיט די הענט אַרומגענומען די קני. זי האָט זיי געענטפֿערט:

— איך האָב ליב אייך און מיין געבורטסאָרט. כ׳בין דאָ אויפֿגעוואַקסן און באַקומען אַלץ וואָס אַ מענטש דאַרף. מען האָט פֿאַר מיר געזאָרגט און מיר פֿאַר־זאָרגט, אָבער איך מוז עס טאָן — זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און איז זיצן געבליבן אַ פֿאַרטראַכטע. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי ממשיך געווען: — טאָג איין, טאָג אויס די זעלבע מענטשן, די זעלבע הייזער, די זעלבע שטעגן — זי האָט גערעדט שנעל, ווי זי זאָל זיך פֿאַרטיידיקן. זי האָט נישט געוואָלט זיי דערציילן דעם אמת.

— וואָס וועלן זאָגן די חברים? — האָט די מוטער זי אַ פֿרעג געטאָן.

— איך לעב פֿאַר זיך — האָט סמדר איר אָפּגעענטפֿערט.

— דו ווייסט נישט די שוועריקייטן אויף וועלכע דו וועסט זיך אָנטרעפֿן אין שטאָט. דו שטעלסט זיך נישט פֿאָר ווי שווער עס וועט דיר אָנקומען זיך איינ־אָרדענען, באַקומען אַרבעט — האָט דער פֿאָטער, אַ פֿאַרזאָרגטער, זי געוואָרנט.

— איך וועל זיך אַן עצה געבן, נישט גיין פֿאַרפֿאַלן — האָט זי אים געענט־פֿערט געלאַסן.

— דו ווייסט וואָס דו ווילסט אויף זיך נעמען? — האָט די מוטער זי אַ פֿרעג געטאָן.

— איך וויל זיין זיכער, אַז איך וויל לעבן אין קיבוץ, נישט נאָר ווייל איך בין דאָ געבוירן — האָט זי זיי צו פֿאַרשטיין געגעבן.

— ווי קאָן אַ מענטש אַלץ איבערלאָזן און אַוועקגיין, סתם, ווי אַ פֿרעמדער? מען מוז דאָך זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר זיך און פֿאַר דער געזעלשאַפֿט — האָט דער פֿאָטער ביי איר געפֿאָדערט.

— קודם־כל וויל איך דורכקומען מיט זיך אַליין — האָט זי אַ זאָג געטאָן שטיל, מיט אַ טאָן, ווי זי זאָל רעדן צו זיך.

— וואָס וועלן זאָגן די חברים און וואָס וועל איך זיי זאָגן? — האָט די מוטער געפּרוּווט ווירקן אויף איר.

— איך אַנטלויף נישט. איך וועל קומען כסדר און זיי וועלן מיך זען — האָט זי באַרויִקט די מוטער און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, די מוטער זאָל נישט באַמערקן אַז זי זאָגט ליגן.

— טאָכטער — האָט דער פֿאָטער זיך צו איר אַ ווענד געטאָן — מיר זענען דער אַלטער דור. האַלט זיך אַן עצה מיט דיין ברודער. ער האָט די זעלבע השׂגות ווי דו. הער וואָס ער וועט דיר זאָגן.

— ער לעבט זיין לעבן, איך מיינס — האָט סמדר דעליקאַט אים געענטפערט.
אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן — יאָרן וועל איך שוין זאָגן — און געוואָלט זיך אויפשטעלן צום גיין.

— זיץ — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן און אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט זי זאָל בלייבן זיצן און געפרעגט:

— טאָכטער, איז דאָס דער אמת? עפּעס איז מיר נישט קלאָר דיין רייסן זיך אין שטאָט אַריין.

— אָה! וואָס דיר פאַלט איין — האָט סמדר צונישט געמאַכט איר פראַגע.

— אויב אַזוי, איז פון וואַנען האָט זיך גענומען דיין שטימונג? — האָט די מוטער זי געפאָרשט.

סמדר איז זיצן געבליבן אַ געפּלעפטע. זי האָט אַ טראַכט געטאָן צי ווייסט די מוטער? זי האָט אויך אַ טראַכט געטאָן צי זי זאָל איר זאָגן, נאָר אין מאָמענט האָט זי זיך באַהערשט און האָט איר נאָר געענטפערט:

— ווען אַפילו יאָ, איז אויך נישט קיין עוולה. איך בין שוין נישט קיין קינד.

— דו דאַרפסט זוכן אַ בחור אין דער פרעמד? זאָג נאָר וועמען דו ווילסט, און נישט גיין אים זוכן אין שטאָט — האָט די מוטער געדריקט אויף איר.

— איר דאַרפט זיך נישט ערגערן. אַלץ וועט זיך רעגולירן — האָט סמדר זיי פאַרזיכערט.

— אַ ווײַלע איז אַרום זיי ווידער געווען שטיל. איינער האָט געוואַרט דער צווייטער זאָל רעדן. מיט אַ מאָל האָט די מוטער אַ פרעג געטאָן:

— ווי לאַנג קלערסטו בלייבן אין שטאָט?

— מאַקסימום אַ האַלב יאָר — האָט סמדר איר געענטפערט און האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט געוואָלט פאַרענדיקן דעם שמועס.

— זיץ נאָך. געוואָלט דיך מכבד זיין מיט אַ שטיקל קוכן פון שבת — זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער און אַ פרעג געטאָן:

— ווער וועט דיר באַקן אַ קוכן אין שטאָט? — סמדר האָט אַ שמייכל געטאָן.

— אַגב, אין וועלכער שטאָט ווילסטו וווינען? — האָט דער פאָטער שטיל זי אַ פרעג געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט.

— איך ווייס נאָך נישט. אַלנפאַלס אין צפון, ווייט פון רבד, נאָר איך וועל כסדר קומען צו גאַסט — האָט סמדר אים פאַרזיכערט.

— אַזוי גאָר, טאָכטער — האָט די מוטער אַ שפּעט געטאָן פון איר.

— מאַמע, איך באַגיי נישט קיין פאַרברעכן — האָט סמדר איר געענטפערט.
די מוטער האָט איר פאַרשוויגן.

— שוין צווויסן געטאָן אין סעקרעטאַריאַט? — האָט דער פאָטער אַ פרעג געטאָן.

— ניין.

— דאַרפסט רעדן מיט שלמהן — האָט דער פאָטער איר אויפגעקלערט.

— טאַטע, איך וועל מיט אים רעדן, אַלץ וועט זיך איינאָרדענען, זאָרג נישט

— האָט סמדר אים פאַרזיכערט. באַלד דערויף האָט זי זיי אַ זאָג געטאָן: — אַ גוטע נאַכט — זיי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַוועק פון שטוב.

— אַ רויִקע נאַכט — האָט די מוטער אַ שטאָמל געטאָן. זי האָט יעדעס וואָרט אַרויסגערעדט באַזונדער. דער פאָטער האָט עטלעכע מאָל איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זי באַדויערן.

אַ ווײַלע זענען טאַטע־מאַמע געשטאַנען זיך אַנטקעגן, ווי זיי זאָלן זיך באַטראַכטן, און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. מיט אַ מאָל האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן: אַה! — און אַ הייב געטאָן די אַקסלען. די מוטער איז אַוועק אין צימער.

# ח

די טעג זענען געווען הייסע, די היץ אויסגעשטאַנען, אָבער די זונשטראַלן שוין עטוואָס קירצער. די אָוונטן זענען געווען שוין אָפּגעקילטע. דער הייסער נעפּל, וואָס איז אַ גאַנצן זומער געהאָנגען איבערן טאָל, איז שוין פאַרשוווּנדן. דער הימל איז געווען אויסגעלייטערט. דער כנרת איז געלעגן אין זיין בעקן און האָט אויסגעזען ווי אַ גלאָז־טאַוול. אין אים האָט זיך געשפּיגלט דער אָרום.

סמדר געפינט זיך שוין אין טבריה עטלעכע וואָכן. זי ציילט איר יעדן טאָג אין שטאָט. זי לעבט מיטן געפיל, אַז זי געפינט זיך אין שטאָט נאָר צייטווייליק. וואָס עס האַלט זי אין שטאָט איז גדעון און זייער ליבע. אין די נעכט חלומט זי, אַמאָל, אַז די מוטער רופט זי: „סמדר קום אין שטוב, צוגעגרייט פאַר דיר גוטע זאַכן", אַ מאָל, אַז יאיר, איר ברודער, איז געקומען צו איר און פרעגט זי אויס ווי עס לעבט זיך איר אין שטאָט. ווידער אַ מאָל האָט זי זיך געפונען ביי חברים אויף אַ מסיבה. לעצטנס האָט זי אויך געחלומט, אַז זי איז אין דער היים. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט איז זי ליגן געבליבן אַן איינגעקוקטע אין דער פּינצטער, וואָס זי האָט נאָר געדענקט איז געווען דעם פאָטערס קוידערדיק פּנים און דער מוטערס רייד: „שוין גענוג, קענסט שוין קומען אַהיים", נאָר איר לעצטער חלום איז געווען, אַז זי ליגט ביי זיך אין צימער אויף דער סאָפע און דרימלט. מאַיאַ קומט אַריין אין די אַרבעטס־בגדים און פרעגט זי: „שוין צוריקגעקומען?" זי האָט פון פרייד אַ שריי געטאָן: „מאַיאַ!" און זיך אויפגעכאַפּט. זי האָט אויך איבער־געוועקט איר בעל־הביתטע, וואָס איז אַראָפּ פון בעט און דורך דער טיר אַ פרעג געטאָן: — וואָס איז געשען? — סמדר האָט איר נישט געענטפערט.

סמדר וווינט אין דער נייער שטאָט אויפן באַרג. דאָרט זענען די הייזער געבויט פון בלאָקן און זייערע פלאַכע דעכער זענען פון בעטאָן. איין הויז איז אָפּגערוקט פון אַנדערן. דאָ זענען אויך פאַראַן בערג־ווינטן. פון ווייטנס זעען די הייזער אויס ווי מען זאָל זיי האָבן צוגעפּירט און אַוועקגעשטעלט, נישט אַזוי ווי די שטיינערנע הייזער אונטן אין שטאָט.

איר צימער איז גרויס און נידעריק. זי שלאָפֿט אין אַ הויך, אײַזערן בעט, וואָס איז איבערגעדעקט מיט אַ גרינגער פּליושענער דעק. בײַם בעט שטייט אַ נאַכט־שענקל. דאָס ברוין געפּאַרבטע צווייטיריק שענקל האָט אויף זיך אַ גזימס. דער טיש אין מיטן שטוב איז קײַלעכדיק. די בענקלעך־געזעסן זענען פֿון גע־פֿלאָכטענע שטרוי.

נחמה, די בעל־הביתטע, אַ דאַרע, הויכע פֿרוי מיט אַ בייניק פּנים מיט אַ שרונט אין מיטן קאָפּ און אַ גרויען, פֿאַרדרייטן קאָקס פֿון הינטן. זי איז געקומען אַהער וווינען נאָך דעם ווי זי איז געוואָרן אַן אַלמנה. שׂמחה געלער, איר מאַן, איז געווען אַ בוכהאַלטער, אירע קינדער, אַלע אויסגעגעבן. צוויי זין אירע און די דריי טעכטער וווינען אין צענטער און אין דרום פֿון לאַנד. זי האָט געוווינט אין צוויי צימערן אַליין, דערפֿאַר האָט זי איין צימער פֿאַרדונגען.

נחמה איז פֿון נאַטור אַ גוטמוטיקע און גענײטע פֿרוי. אין משך פֿון די פֿערציק יאָר, וואָס זי האָט געלעבט מיט איר מאַן, איז זי בײַגעשטאַנען נסיונות וואָס אַ ווײַב, מאַמע און בעל־הביתטע קען געפּרוּווט ווערן. זי, די עלטערע, באַשיידענע פֿרוי, האָט צוגעגאַרט סמדרן. זי האָט זיך צו איר באַצויגן ווי אַ מאַמע צו אַ טאָכטער. ווען זי איז געגאַנגען אײַנקויפֿן פֿאַר זיך, האָט זי געקויפֿט אויך פֿאַר איר עסן, כאָטש סמדר האָט זי נישט געבעטן. איר עסן האָט סמדר געהאַלטן בײַ איר אין קילשאַנק. ווען עס איז אָנגעקומען סמדרן אַ פּעקל פֿון דער היים און נחמה איז געגאַנגען אין גאַס, פֿלעגט זי איר עס ברענגען. זי האָט סמדרן געראָטן וואָס זי זאָל קויפֿן און וואָס זי זאָל עסן. ווען זי האָט אָפּגעקאָכט געפֿילטע פֿיש אויף שבת, האָט זי איר מהנה געווען מיט אַ פּאָרציע.

זי האָט געזען און געהערט ווען גדעון קומט צו סמדרן. זי האָט פֿאַרשטאַנען אין זײַער באַנעמען זיך, וואָס עס קומט פֿאַר צווישן זיי. ווען גדעון איז אַרײַן אין שטוב, איז די אַלטע נחמה אַוועק צו אַ שכנה, אָדער אַרײַן אין דער קיך כּדי זיי נישט שטערן. זי האָט אויך נישט געהאַט קיין פֿאַראיבל אויף סמדרן פֿאַר וואָס זי באַקענט זי נישט מיט גדעונען. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז פֿאַראַן אַ מניעה.

סמדר האָט געשעצט נחמהן. זי האָט געזען אַלע אירע מעלות, אָבער איר באַציִונג צו נחמהן איז געווען נאָר אַ קאָרעקטע, ווי פֿון אַ יונג מיידל צו אַן עלטערער פֿרוי. סמדר האָט עטלעכע מאָל איר געבראַכט אַ פּאָר בלומען אויף שבת. זי האָט זיך מיט איר געטיילט מיט די עפּל, אייער און קיכלעך און אַלע אַנדערע נאַשערייען, וואָס די מוטער האָט יעדעס מאָל איר צוגעשיקט. נאָר צווישן איר און דער עלטערער פֿרוי איז געווען אַן אָפּשטאַנד. זי איז געווען ווײַט פֿון נחמהס שטייגער און באַנעם. זי איז נישט געווען געוווינט, אַז אַ פֿרוי, אַפֿילו אַן עלטערע, אַרבעט נישט, נאָר פֿאַרעט זיך אַ גאַנצן טאָג אין אירווירטשאַפֿט. אויך איר אויפֿפֿירן זיך, איר צוריקגעהאַלטנקייט, זי זאָל איר, חלילה, נישט פּוגע בכבוד זײַן, האָט איר געשטערט. זי איז געווען געוווינט צו פֿרויען וואָס האָבן געוואָלט

וויסן און געוווּסט די ענינים פון אַלע און אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער גרויסער קיבוץ־משפחה.

זי האָט די טעג אירע פאַרברענגט ביי דער אַרבעט. גדעון האָט געזאָרגט פאַר אַלץ, אַזוי ווי פריִער ווען דער קיבוץ האָט געזאָרגט פאַר איר. ער האָט געדונגען איר דאָס צימער און איר פאַרשאַפט אַרבעט אין אַרבעטס־אַמט. זי טוט איר אַרבעט, פּירט אויס איר פליכט. די אַרבעט איז איר אָבער נודנע, סטאַטיש. די ציפערן וואָס זי סומירט אַ גאַנצן טאָג זענען טויט, באַוועגן זיך נישט. זי זיצט קוים איין די אַכט שעה אויפן בענקל אין דער „לשכת המס" (שטייעראַמט). איר פעלט אויס דעם קליינוואַרגס אימפּולסיוויקייט, די קינדערהיים, דער געפּיל־דער, זייער געוויין און זייער טוליען זיך צו איר. נישט איינמאָל גיט אין איר אַ ברויז איר אָנגעזאַמלטע ענערגיע, דעמאָלט וויל זי אויפשפּרינגען פון בענקל און לויפן. יעדעס מאָל אָטעמט זי אָפּ שווער און בלייבט זיצן מיט אַן אָפּן מויל.

די באַציִונג פון די באַאַמטע צו איר, פון די וואָס אַרבעטן אין זעלבן צימער מיט איר, איז ווי צו אַן ייִנגערער פון זיי מיטאַרבעטערין, וואָס איז אומבאַהאָלפן. אָפּט מאָל, ווען זי גיט אַן אויפגערעגטע אַ זאָג: „אוף!" — בלייבט הינטער איר שטיין אַ באַאַמטער, וואָס גיט זי אַ פרעג מיט אַ שמייכל: „וועלכע קאָלומנע ציפערן שטימט דיר נישט?" און ער נעמט זוכן דעם טעות אירן.

אַלע באַאַמטע אין איר צימער זענען עלטער פון איר. זי איז ביי זיי דאָס קאַפּריזנע מיידל, וואָס קאָן נישט און וויל זיך נישט צופּאַסן צו די באַדינגונגען. זי, איר טיפּ, געפעלט זיי. זי איז זיי אַזוי פרעמד און אַנדערש ווי די טעכטער אין שטאָט. זיי שמייכלט איר באַנעמען זיך. זי זאָגט יעדן פון זיי: „גיב מיר, ברענג מיר, נעם דיר". זי ווענדט זיך צו יעדן פון זיי ווי צו אירס גלייכן. אַפילו אין געלט־ענינים איז זי נישט מקפּיד. זי פרעגט קיין מאָל נישט וויפל איר קומט, פאַר וואָס מען צאָלט איר. איר איז רעכט, אַז וויפל מען צאָלט איר אויס איז גענוג. בכלל גייט זי אַרום מיט אַ געפיל, אַז זי האָט פולע טאַשן מיט געלט. דאָס געלט איז איר איבעריק. אַחוץ דאָס נויטיקסטע, קויפט זי גאָרנישט. נישט ווייל עס איז איר אַ שאָד. דאָס געלט האָט ביי איר נישט קיין ווערט. זי האָט זיך נאָך נישט געוווינט געבן און נעמען געלט. זי שטייט נישט אויפן מקח.

יעדער פון די באַאַמטע גיט זיך די מי איר פאַרלייכטערן דאָס אויפהאַלטן זיך אין שטאָט. זיי העלפן איר מיט וואָס זיי קאָנען נאָר.

אַנומלט איז יעקובי, אַ ייד מיט אַ היפּשן פּליך און גרויע באַקנבערד, צוגע־גאַנגען צו איר באַלד נאָך דער אַרבעט און איידל, מיט טאַקט, איר פאָרגעשלאָגן: „סמדר, איך לאַדן דיך איין צו אונדז. נאָר צו אונדז, אַלטע, וואָלט איך נישט גע־וואַגט, דו זאָלסט זיך מיט אונדז לאַנגווייליקן, נאָר איך האָב אַ טאָכטער אין דיין עלטער, אַ לערערין, איך בין זיכער, אַז איר וועט האָבן אַ געמיינזאַמע שפּראַך".

סמדר האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט אים נאָר אָנגעקוקט מיט פאַר־וווּנדערטע אויגן און אַ שטאַמל געטאָן: „צו וואָס?"

יעקובי האָט אַ שמייכל געטאָן און אַ קוק געטאָן אין דער זייט, צי עס האָט

ווער געהערט זיין איינלאַדונג און איר אָפּזאָג. ער האָט איר נאָר אַ זאָג געטאָן: „צום ווידערזען" — און איז אַוועק אַהיים.

איר איז די שטאָט געווען פרעמד. זי האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט זיך צוגעוווינען צו דעם שטאָט־שטייגער. זי האָט געוואָרצלט אין איר שבט אין קיבוץ. זי האָט געבענקט צו דעם עסזאַל, ווו אַלע קומען זיך צונויף עסן און דעם געפּילדער און טומל פון די צעשפּילטע קינדער און צו זייער קינדערהיים. צו די געמיינזאַמע באַדערפענישן און זאָרגן וואָס פאַרבינדן די מענטשן, שאַפן די משפחה. דאָ, אין שטאָט, האָט זי אויך געאַרבעט ווי אין רבד, נאָר זי איז זיך פאַרגעקומען איבעריק און אין דער פרייער צייט האָט זי נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט זיך. זי האָט נישט געקענט זיך איינלעבן אין דעם טבריהער שטייגער.

דאָס, וואָס עס האָט זי געהאַלטן אין טבריה, איז געווען גדעון. ער איז צו איר געקומען אָפט, ווען די אַרבעט האָט אים נאָר דערלויבט. זי האָט געבענקט צו גדעונען און גלייכצייטיק קיין רבד. זי האָט זיך נישט געקאָנט קאָנצענטרירן און אויך נישט מסוגל געווען לייענען, זיך אין עפּעס פאַרטיפן. זי האָט זיך דערוויי־טערט פון מענטשן און זיך געקלאַמערט אין דער נאַטור, אין איר אורשיינקייט.

זי האָט כסדר שפּאַצירט. אָפט איז זי פון דער אַרבעט נישט געגאַנגען אַהיים, נאָר אַוועק צום כנרת. זי האָט שפּאַצירט אַרום דעם האַלב־רונדן ברעג, ווי זי זאָל זיך שפּיגלען אין דער וואַסערפלאַך. ווען דער כנרת האָט געשטורעמט, איז זי געשטאַנען אַ פאַרגאַפטע, געקוקט ווי איין כוואַליע יאָגט און באַדעקט די אַנדערע. זי האָט געקוקט ווי די צעברויזטע, צעשוימטע כוואַליעס ביים ברעג צעגיסן זיך, ווי זיי זאָלן נישט האָבן שוין קיין כוח צו שטורעמען. ווען אירע אויגן זענען מיד געוואָרן, האָט זי זיך איינגעקוקט אין די ווייסע, ווייטע שנייבערג־שפּיצן פונעם חרמון, וואָס ציִען זיך לענגאויס דעם כנרת, ווי זיי זאָלן אים באַוואַכן.

אַ פאַרכאַפּטע פון דער שיינקייט, האָט זי געלאָזט זיך גיין לענגאויס דעם ברעג, נישט וויסנדיק ווו אַהין. נאָר אַז זי האָט איינגעזען דעם ירדן, וואָס איז געפלאָסן אין מזרח, ווי ער זאָל זיך איילן אַ קוש טאָן דעם כנרת, האָט זי זיך אַ ריס געטאָן, שנעל געגאַנגען צוריק. זי איז אַנטלאָפן, נישט געוואָלט זען „דגניה", די מענטשן דאָרט, פון וועלכע זי פרוווט זיך דערווייטערן און עס געלינגט איר נישט. זי איז אַוועק מיט די שטעגן און די בערג. זי האָט געשפּאַנט פון איין באַרגרוקן צום צווייטן, אַריינגעטאָעמט אין זיך די קילקייט, געפילט איר איינזאַמקייט, די מרחקים אַרום און דעם הימל איבער זיך, וואָס איז איצט געווען נידעריק, נאָענט צו איר. ווען זי איז אַריין אין שטוב, אַ פאַרמאַטערטע, איז שוין געווען נאַכט.

יעדעס מאָל, ווען גדעון איז געקומען, האָט ער איר געבערענגט פון כל־טוב: פעק פּראָוויאַנט פון דער היים און אויך וואָס ער האָט געקויפט אין שטאָט. פון מאָל צו מאָל האָט ער איר אויך געבערענגט אַ מתנה. זי האָט יעדעס מאָל אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן פול דאַנקבאַרקייט און ליבע. זי האָט באַלד אָנגעטאָן די בראָנדזועלעט אָדער דעם מעדאַליאָן, זיך אַנטציקט מיט דער מתנה און מיט זיין געשמאַק, נאָר באַלד צומאָרגנס האָט זי די מתנה אַריינגעלייגט אין שופלאָד

ווו איר צירונג איז געלעגן. נישט איינמאָל האָט זי אַ קוק געטאָן אויף דעם אָנגע־קליבענעם שמוק אירן, וואָס איז איצט איר נישט נויטיק געווען.

גדעון איז יעדעס מאָל מיט איר אַרויסגעגאַנגען. ער האָט זי געפירט אין די פאַרשידענע רעסטאָראַנען און קינאָס. ער האָט זיך די גרעסטע מי געגעבן, גע־וואָלט פאַרגרינגערן איר גלות און זי דערנענטערן צום לעבנס־שטייגער אין שטאָט. זי איז מיט אים געגאַנגען וווהין ער האָט זי געפירט. זי האָט אים אַלץ נאָכגעגעבן, נאָר דאָס איז פאַר איר געווען אַן אָפּקומעניש.

איר איז נאָר לייכטער געוואָרן ווען ער איז געווען מיט איר ביי איר, אין אירע פיר ווענט. ער, דער גברן, האָט זי געלאָקט, צו אים האָט זי געגאַרט. פאַר זיין גוטמוטיקן, דורכדרינגלעכן בליק און האַרציקן, תמימותדיקן שמייכל איז זי אויסגעגאַנגען. נישט איינמאָל איז זי זיצן געבליבן אַן איינגעקוקטע אין אים. זי האָט געזען, נישט נאָר זיין פּנים, נאָר יעדן פּנים־שטריך זיינעם, יעדעס וואָרצעלע און פאָרע אין זיין הויט. זי האָט געקוקט אויף אים, ביז זי איז געוואָרן אָנמעכטיק.

אָפט איז זי געזעסן אַ פאַרקוקטע אין אים, זיך נישט געקענט באַהערשן און מיט צוויי פינגער אָנגענומען זיינע אַ שפּיץ־וואָנסע און מיט לאַכעדיקע אויגן זיך צוגעטוליעט צו אים. ער האָט זי געקושט, געהאַלדזט, און ביידנס אָטעם האָט געגליט.

די שעהן, וואָס זיי זענען געווען צוזאַם, האָבן פאַרגיטיקט זייערע ליידן. זי האָט געהאַט נעבן זיך איר גברן, ער — זיין סמדר. אין די שעהן האָבן זיי פאַרגעסן אין אַלץ וואָס האָט זיי געקוועלט און אין אַלץ אין וואָס זיי האָבן געצווייפלט. זיי האָבן געהאַט זיך צו זאָגן אַ סך, נאָר האָבן גערעדט ווייניק. זיי האָבן ביז איצט נאָך נישט געהאַט זיך אַדורכגעשמועסט ווו און וואָס ווייטער. איבער זייער ליבע איז געהאָנגען אַ וואָל, וואָס זיי האָבן מורא געהאַט אויפהייבן, נישט געוואָלט צעשטערן זייער גליק.

אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג, די זון האָט געהאַט שוין איינגעצויגן אירע לעצטע שטראַלן, האָט גדעון זי אָפּגעוואַרט ביי דער אַרבעט. סמדר, ווי נאָר זי האָט אים דערזען האָט, אַ צעשטראַלטע, אַ קוויטש געטאָן: „גידי! גידי!" און איז צו אים צוגעפאַלן. ער האָט זי אַרומגענומען און זי געטוליעט צו זיך. ווען זיי האָבן זיך באַפרייט האָט ער אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט.

— איך געפעל דיר נאָך? — האָט זי טראַציק אים אַ פרעג געטאָן.

ער האָט איינגעביסן זיין אונטערשטע ליפּ און געשמייכלט:

— קודם־כל קום עסן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און פאַרמרוזשעט די אויגן, נישט אַראָפּלאָזנדיק זי פון אויג. זי האָט שטיפעריש אָוועקגעבויגן דעם קאָפּ, ווי זי זאָל צו אים אַרויפקוקן. זי האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און אים געפירט.

ער האָט זי אַדורכגעלאָזט. זי איז אַריין אין רעסטאָראַן די ערשטע. דיקע,

ברוינע בראָקאַט־פאָרהאַנגען האָבן פאַרשטעלט די פענצטער־ליכט. איר איז געוואָרן ענג. די סטעלע אין זאַל איז געווען נידעריק. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז די סטעלע ליגט איר אויפן קאָפּ. די שיטערע, גרינע לאָמפּן־ליכט האָט זיך ווי געלאָשן, נישט בכוח געווען באַלייכטן דעם גרויען און דעמפיקן זויערן רוים. זי, וואָס איז געוווינט געווען צו איר רוישיקן עסזאַל אין קיבוץ און דעם ברייטן פעלד־מרחב, האָט דערפילט אַן איבל. ער האָט זי צוגעפירט און זיי האָבן זיך, ווי שטענדיק, אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל אין אַ ווינקל.

דער קעלנער, אַ הויכער, דאַרער פאַרשוין מיט אַ לאַנגער נאָז און שיטערע, אויסגעפעטסטע האָר, וואָס האָבן פאַרדעקט זיין פליך, איז שוין געשטאַנען אין דער זייט, געוואַרט. גדעון האָט זי אַנגעקוקט און זי אַ בעט געטאָן: „באַשטעל".

זי איז זיצן געבליבן אומבאַהאָלפן, ווי אַ קינד וואָס ווייסט נישט וואָס עס זאָל וועלן. גדעון איז געקומען איר צו הילף. ער האָט זיך אַ ווענד געטאָן און אַ פרעג געטאָן דעם קעלנער:

— חומוס איז דאָ? געזייערטע ירקות אויך? שעפּסן־ריפּן מיט טשיפּס איז היינט דאָ? אַ קאַלטע ביר און אַ טערקישע איז דאָך אויך דאָ! — דאָס זענען געווען מאכלים וואָס ער און זי האָבן ליב. דער קעלנער, וואָס האָט נאָך יעדן געפרעגטן מאכל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ „יאָ", איז אַוועק אין קיך. סמדרס אויגן זענען געווען גרויס פון דערשטוינונג און געגלאַנצט, זי האָט אַ פרעג געטאָן גדעונען:

— דאָס אַלץ ווועסטו עסן?

— אויך דו — האָט ער איר געענטפערט שטיפעריש און אַ שמייכל געטאָן.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, זיך פאַרשעמט. איר איז געווען נישט אָנגענעם פאַר וואָס זי האָט אים איבערגעפרעגט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס הערט זיך ביי דיר אין דער ווירטשאַפט? — זי האָט געוואָלט איבער־גיין אויף אַן אַנדערע טעמע. איצט האָט זי אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז און זיך פאַרקרימט. די שאַרפע, געדיכטע זויערקייט האָט אַ רייץ געטאָן אירע נאָזלעכער.

— אַלע זענען געזונט. די קי מעלקן זיך, די הינער לייגן זיך — האָט ער איר געענטפערט מיט אַ ברייטן שמייכל אויפן פּנים.

— וואָס מאַכט דער טאַטע? — האָט זי אים נישט דרייסט אַ פרעג געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט.

זי האָט אויפגעהויבן די אויגן, ווי זי זאָל זיך אַרומקוקן. ערשט איצט האָט זי דערזען, אַז אויף די טישלעך ליגן קאָלירטע טישטעכער און אַז ביים בופעט שטייט אַן איבערגעבויגענע פרוי, ווי זי זאָל באַטראַכטן איר אייגענעם גרויסן בוזעם.

— וואָס שרייבט מען דיר פון קיבוץ? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן, ווי דרך־אַגב.

— ווי טאַטע־מאַמע צו אַן אייגענער טאָכטער אין דער פרעמד — האָט זי אים געענטפערט און נישט געזאָגט וואָס.

דער קעלנער האָט זיך אומגעקערט מיט אַ גרויסער טאַץ אין די הענט. ער האָט געברענגט און זיי דערלאַנגט די באַשטעלטע מאכלים, אַחוץ דעם פלייש.ביידע האָבן זיך צוגעבויגן צום טיש און גענומען עסן. אין זאַל איז געווען שטיל. זיי האָבן נאָר געהערט דעם קלאַנג, ווען זייערס אַ גאָפּל אָדער מעסער האָט אָנגע־רירט אַ טעלער. פאַר זיי זענען געשטאַנען צוויי הויכע גלעזער מיט ביר. זי האָט נאָר אָפּגעטרונקען פון זיין גלאָז. ער האָט איבערגעריסן דאָס עסן און געקוקט ווי זי טרינקט. אים האָט הנאה געטאָן איר באַנעמען זיך. זי האָט עס באַמערקט. זי האָט אַוועקגעשטעלט די גלאָז און אים אַ זאָג געטאָן: — דו וועסט אויסטרינקען אויך מיין ביר — און זיי האָבן ווייטער געגעסן.

ווי נאָר זיי האָבן געשטילט זייער ערשטן הונגער האָט זי זיך אַ ווענד געטאָן צו אים:

— רירנד זענען די מענטשן ביי דער אַרבעט. זיי באַציִען זיך צו מיר ווי צו אַ מיידעלע. יעדער ווייזט מיר, אַלע ווילן מיר העלפן. זיי ווילן אויסדרעסירן די נישט דערפאַרענע קיבוצניצע, מיך אַריינפירן אין לעבן, דאָס הייסט אין זייער לעבן. אַ שמייכל האָט געריזנצלט אירע באַקן און זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים.

ער האָט זיך צוגעהערט צו איר, אָבער איר נישט געענטפערט. אַ צייט האָבן זיי געגעסן און געשוויגן. זיי האָבן אַפילו נישט געזען ווער עס קומט אַריין אָדער ווער עס גייט אַוועק. זיי האָבן נאָר געזען דעם קעלנער, וואָס האָט זיך ווי געשלייכט צווישן די טישלעך מיט פולע און ליידיקע טעלער אין די הענט.

איצט האָט דער קעלנער זיי צוגעטראָגן און דערלאַנגט דאָס פלייש. סמדר האָט אַ קוק געטאָן אויף איר טעלער מיט פלייש און האָט אַ זאָג געטאָן:

— אוף, איך קאָן שוין נישט.

גדעון האָט אויף איר אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן.

סמדר האָט פאַרצויגן אירע ליפּן, ווי אַ קינד וואָס ווערט ברוגז. ער האָט עס נישט באַמערקט. ער האָט זיך שוין געפּאַרעט מיט זיינע שעפּסן־ריפּן אויפן טעלער. זי איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אין בענקל־אָנלען, געקוקט און געשמייכלט ווי ער עסט מיט אַפּעטיט. פּלוצעם האָט ער אַרויפגעהויבן די אויגן פון טעלער און איר אַ זאָג געטאָן: — עס, דאָס פלייש איז אַ מעדן״. — זי האָט זיך צוגעבויגן און גענומען עסן. זי האָט זיך נישט געקענט אים אַנטקעגנשטעלן. זי האָט אָבער דאָך נישט געקענט איבערגיין איבער איר פאַרדרוס. זי האָט איבערגעריסן דאָס עסן אינמיטן און אים אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב אַפילו אין חלום זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז ביי מיינע דריי און צוואַנציק יאָר וועט מען ווען וועלן און דאַרפן מיך באַלערנען. — אַ ווײַלע שפּע־טער האָט זי צוגעגעבן — אַ געוווינהייט ווערט אַ נאַטור און לאָזט זיך נישט ענדערן.

גדעון האָט געענדיקט עסן און אַוועקגערוקט דעם טעלער. ער האָט זי

אָנגעקוקט. אירע באַקן זענען געווען רויט און זי האָט געקוקט אַראָפּ. ער האָט נישט געוואָלט זי דערצערענען, איר ווי טאָן, ער האָט געשוויגן ווייטער און גע־שמייכלט אונטער דער נאָז. אירע רויטע האָר און צעפּלאָמטע באַקן האָבן אים געשטאָכן די אויגן. ער האָט נישט געקאָנט זיך באַהערשן און איר אַ זאָג געטאָן: „זיסע!״

זי האָט אים אָנגעקוקט און מיטן פוס אונטערן טיש אים געגעבן אַ לייכטן קלאַפּ.

— וואַרט! וואַרט! — האָט ער איר אַ דראָ געטאָן און געשמייכלט.

— אַזוי?! — האָט זי זיך אַ רייץ געטאָן מיט אים און זיך פאַרטראַכט. אַ צייט שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי זי אַליין זאָל זיך קלאָר מאַכן די אומ־שטענדן: — דער מענטש אין קיבוץ איז פון אַן אַנדערע חברה. זיינע באַגריפן און באַדערפענישן זענען אַנדערע.

דער קעלנער האָט זיי צוגעטראָגן די קאַווע. גדעון האָט אַ זופּ געטאָן פון דער קאַווע און אַ זאָג געטאָן דעם קעלנער, וואָס האָט געוואַרט אין דער זייט:

— מיר האָבן געענדיקט.

דער קעלנער האָט אַראָפּגענומען פון טיש די טעלער און איז אַוועק.

ערשט איצט האָט גדעון איר געענטפערט:

— דאָס זענען נאָר באַדינגונגען.

איצט האָט זי אים פאַרשוויגן און ווייטער געטרונקען די קאַווע. אַ צייט שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן, מער צו זיך ווי צו אים:

— ווער, ווער?

זיי זענען געזעסן ביי איין טיש, צוזאַם געגעסן און געשמועסט, נאָרביידע זענען געשטאַנען פאַר אַ מכשול, וואָס זיי האָבן נישט געקענט איבערקומען. אַ ווײַלע לאַנג האָבן זיי געשוויגן. די שטילקייט האָט זיי אָפּגעזונדערט. מיט אַ מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל אים צו וויסן טאָן:

— די עלטערן שטייען דערויף איך זאָל זיי באַזוכן.

זי האָט געקוקט אַראָפּ, געוואַרט ער זאָל רעאַגירן.

ער האָט זי אָנגעקוקט, געוואַרט זי זאָל ממשיך זיין, אים צו וויסן טאָן איר באַשלוס. ביידע זענען געווען אָנגעשטרענגט. זייער שווייגן איז געוואָרן אומ־היימלעך. גדעון, ווי ער זאָל זיך האָבן דערמאָנט, האָט אַרויסגענומען פון טאַש די סיגאַרעטן. ער האָט זיי איר צוגעטראָגן. זי האָט אים נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז זי וויל נישט. ער האָט פאַררויכערט און פאַרצויגן. די רויך־קנוילן האָבן געשוועבט, זיי פאַראייניקט און צעשיידט.

— קום אין שטוב — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט.

דער קעלנער איז צוגעקומען. זי איז מיט אַ דראַבנעם טריט אַוועק צו דער טיר. ער האָט שנעל באַצאָלט און איר נאָכגעגאַנגען.

סמדר האָט אויפגעפּראַלט די איינגאַנגס־טיר און מיט אימפּעט אַרייַן אין קאָרידאָר. דאָס האָט זי אויסגעלאָדנט איר כעס און אומבאַהאָלפנקייט. נחמה, דער־

הערנדיק דעם רעש, איז אַרויס פון קיך זען וואָס עס איז געשען. זי איז געבליבן געפּלעפט. זי האָט סמדרן נאָך נישט געזען אין אַזאַ צושטאַנד. גדעון האָט געלאָזן צוגעמאַכט די טיר און פאַרזיכטיק שטיין געבליבן הינטער סמדרן, ווי ער זאָל נישט וועלן איר שטערן. סמדר האָט אים נישט געזען, נאָר געפילט הינטער זיך.

— שלום! געבּרענגט אַ גאַסט — האָט זי אַ זאָג געטאָן נחמהן.

אַן אַנגעלייגטער גאַסט — האָט די אַלטע, געניטע, קלוגע פרוי איר געענט־פערט, אַ פיר געטאָן אירע אויגן איבער בײדע און זיי אַ זאָג געטאָן: — שלום!

גדעון האָט איר אויסגעשטרעקט די האַנט. בשעת ער האָט געדריקט איר די האַנט האָט ער איר נישט געקוקט אין די אויגן. אים איז נישט געווען ניחא וואָס די אַלטע בעל־הביתטע זעט זי אין אַזאַ מצב.

— גייט, רוט אייך אויס — האָט נחמה זיי אַ זאָג געטאָן פאַר יוצא־וועגן. פון העפלעכקייט האָט זי אַ שמייכל געטאָן און צוריק אַרײַן אין קיך. זי האָט געוווּסט, אַז זי דאַרף זיי נישט שטערן.

סמדר האָט פאַרמאַכט די טיר פון איר צימער. אַ ווײַלע זענען זיי בײדע געשטאַנען ווי זיי זאָלן באַטראַכטן דאָס צימער. זיי האָבן זיך געשעמט אָנקוקן. זיי האָבן זיך געשעמט פאַר זייער באַנעמען זיך און פאַר זייער אַרט רעדן.

זי האָט אַ שפּאַן געטאָן און זיך אַוועקגעזעצט. זי איז געזעסן אַן איבערגע־בויגענע איבער זיך מיט צענומענע פּיס, די הענט אַרײַנגעטאָן אין דער שויס און געקוקט אַראָפּ. ער האָט אָפּגערוקט אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר. זיינע אויגן האָבן אַ שפּאַציר געטאָן איבער דעם מעבל, ווי ער זאָל עס זען ס'ערשטע מאָל. זיין בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף די ווייסע געטופּטע פאָר־האַנגלעך, וואָס זענען געווען איבערגעצויגן איבער די פענצטער־שויבן. בײדע האָבן געשטאַרט אין זייער פּיין, נישט געוואַגט זיך צורירן איינעם צום אַנדערן.

אינעם פאַרמאַכטן צימער איז געווען הייס און דעמפּיק. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אויפגעשטעלט און פּאַמעלעך, אַן חשק, געמאַכט עטלעכע טריט. אַ ווײַלע האָט זי זיך געפּאָרעט ביים נאַכט־שענקל. ווען זי האָט זיך אומגעקערט, האָט זי אַוועק־געשטעלט אויפן טיש אַ שיסעלע מיט פיסטאַשקעס און ראַזשינקעס. זי האָט גע־וואָלט איבעררייסן זייער געשפּאַנטע שטימונג. זי האָט אים נישט געזאָגט: „זיי זיך מכבד". ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אין שיסעלע אַרײַן און זיך נישט צוגערירט צו דעם כיבוד.

זי האָט זיך איבערגעבויגן און אָנגעלענט איר קאָפּ אויפן בעט, אַזוי ווי זי זאָל קוקן אויף אים. די ווײַעס זיינע האָבן אַ ציטער געטאָן. ער האָט זיך אונטער־געהויבן, צוגעזעצט זיך צו איר און פאַרלייגט אַן אָרעם איבער אירע פּיס. זייערע בליקן האָבן זיך אַ קרייץ געטאָן:

— וואָס הערסטו פון די עלטערן? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן, געוואָלט איר פאַרלייכטערן איר געמיט, זי צוריקברענגען צו אירע נאָענטע, צו איר היים און זיך דערוויסן צי זי קלייבט זיך טאַקע זיי באַזוכן, אָדער זי האָט אים געגעבן נאָר אָנצוהערן.

די אויגן אירע זענען געוואָרן פייכט און טרויעריק:
— איך דאַרף פאָרן זיי זען — האָט זי אים געענטפערט.
זיין פּנים איז ווי לענגער געוואָרן. ער האָט פאַרביסן די ציין. זיינע קינבאַקן האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן, אים האָט פאַרדראָסן זיין פראַגע.
אַ ביסל שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן:
— שוין פאַרגעסן ווי אַ ווירטשאַפט זעט אויס. באַלד וועל איך דאַרפן פרעגן צי אַ קו האָט הערנער און צו וואָס מען באַנוצט אַ טראַקטאָר — און זי האָט זיך איינגעקוקט אין דער ווייט אַ פאַרטראַכטע. זי האָט גערעדט ווי צו זיך אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, ווי זי זאָל צונויפשטעלן די זאַצן. ער האָט צונויפגעפּרעסט די ליפּן, פאַרמרוזשעט די אויגן, נישט געקענט פאַרשטיין אירע ליידן. ער האָט גע־וואָלט איר העלפן און נישט געוווּסט ווי אַזוי. ער האָט נאָר אַ גלעט געטאָן אירע פּיס. זי האָט אים אָנגעקוקט. אירע אויגן זענען געווען שטאַר, ווי זי זאָל וועלן וויינען.
אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן, געאָטעמט זייער פיין און געהערט די שטיל־קייט וואָס איז אימהדיק פאַר זיי. מיט אַ מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי די ווער־טער זאָלן זיך האָבן איר אַרויסגעריסן: — אַ שווערער נסיון. — זי האָט אַ שלוקעכץ געטאָן און פאַרביסן די ליפּן, פאַרשטיקט איר ווייטאָג.
זיין בליק איז פאַרגליווערט געוואָרן אויף איר.
— איך זאָל עס נאָר ביישטיין — האָט זי ווי צו זיך אַ זאָג געטאָן.
דאָס בלוט איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין. ווען ער האָט אָפּגעאָטעמט האָט ער דערפילט אַז זיין צונג איז שטייף. ער האָט נישט געקענט צונויפנעמען די געדאַנקען, נישט געוווּסט וואָס ער זאָל איר זאָגן. ער האָט אַ שטאַמל געטאָן: — שווער.
זי האָט פאַרמרוזשעט די אויגן, נישט געוואַגט אים קוקן אין פּנים און האָט אַ זאָג געטאָן: — אַכזריותדיק איז דער גורל — און האָט ווידער אַ שלוקעכץ געטאָן. איר גאָמבע האָט אַ ציטער געטאָן און איר פּנים האָט זיך פאַרקרעמפּט. זי האָט אויפגעריסן די אויגן, אים אָנגעקוקט. איר בליק איז געווען באַנומען. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון בעט און אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיינע קני.
זיין פּלייצע האָט זיך אויסגעבויגן, געוואָרן קיילעכיק. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער שוועבט. זיין פּנים איז געווען אַ שטאַרע מאַסקע. ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי ער זאָל האַנדלען. ער האָט נאָר געוווּסט, אַז ער שטייט פאַר אַן אָפּגרונט, אַ פאַרצווייפלטער. זיינע הענט האָבן גענומען זיך באַוועגן. זיי האָבן געגלעט איר קאָפּ, איר פּנים און האַלדז. זי האָט געקושט זיינע פינגער.
אַ צייט לאַנג זענען זיי אַזוי געזעסן אַריינגעטאָן אין זיך, אין זייער פּיין. זייערע שלייפן האָבן געהאַמערט. די געדאַנקען זייערע זענען געווען אויסגעטריקנט. ווען זי האָט געעפנט די אויגן איז אין צימער שוין געווען האַלב טונקל, שוין בין־השמשות.

— שוין שפּעט — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זיינע הענט זענען ליגן געבליבן אויף איר ווי געליימט.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אים אַ זאָג געטאָן:

— דיין טאַטע איז געבליבן אַליין אין שטוב. — ער האָט אַ טרייסל געטאָן דעם קאָפּ, ווי ער זאָל זיך אָפּשאָקלען. אירע רייד האָבן אים ווי וואָך געמאַכט. ער האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער. ער האָט איר אַ קוש געטאָן. זי האָט אים געעפנט די ליפּן, זיי האָבן געבריט. ער האָט פאַמעלעך און צאַרט צוריק איבער־געלייגט איר קאָפּ אויפן בעט אַרויף און זיך אויפגעשטעלט.

זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, שטיין געבליבן אים אַנטקעגן. זי האָט געציטערט פון אויפרעגונג. ער איז געשטאַנען מיט אַן אַריינגעלאָזטן קאָפּ צווישן די אַקסלען און געביילט די פויסטן.

— גיי געזונט — האָט זי אים געזאָגט. זי האָט מורא געהאַט, אַז אירע נערוון וועלן נישט אויסהאַלטן און זי צוזאַמענברעכן. ער האָט זיך צו איר צוגעבויגן און איר אַ קוש געטאָן אין האַלדז. זי האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. ער איז אַוועק צו דער טיר, געשלעפּט די פיס ווי אַ זקן. אַ צייט לאַנג איז זי געשטאַנען פאַר־קוקט אין דער טיר, ווי זי זאָל וואַרטן ער זאָל צוריקקומען.

# ט

סמדר איז ליגן געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן. זי איז געלעגן און נאָכ־געטראַכט, געוואָלט זיך דערמאָנען וואָס מיט איר איז געשען און ווו זי געפינט זיך. אַרום איר איז געווען שטיל און פינצטער. זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און זיך אויסגערענקט. זי האָט דערפילט די גלידער, געווען מיד און פאַרמאַ־טערט פון ליגן און אָנשטרענגונג. די שעהן פון זינט גדעון איז פון איר אַוועק, איז זי געלעגן אין אַ דעליריום. זי איז נישט געשלאָפן און נישט געווען וואָך. „בררר!" — האָט זי אַ ציטער געטאָן, מער פון אויפרעגונג ווי פון קעלט.

די לופט אינעם פאַרמאַכטן צימער איז געווען אָנגעדראָלט, דעמפּיק. זי האָט שנעל זיך אויפגעבעט ס'בעט, זיך שנעל אויסגעטאָן די בגדים, געלאָזט זיי ליגן אויפן פאָל און איז אַריין אין בעט.

זי האָט שוין נישט געקאָנט איינשלאָפן. זי איז געלעגן אַן איינגעקאָרטשעטע מיט פאַרמאַכטע אויגן, נישט געוואָלט זען די פינצטער. זי האָט געזען איין בילד נאָכן אַנדערן. זי האָט געזען רבה, זיינע הייזער, די גראָז־דיוואַנען, די אייקאַליפּ־טוס־אַלייען און דעם ברעג־אָפּריס פון ים. זי האָט געזען די קינדערהיים און די קינדער, ווי אַ קינד וויינט און שפּילט זיך און באַלד דערנאָך מיכאלן אויף זיין טראַקטאָר. זי האָט אויך געזען גדעונען ווי ער שטייט און באַטראַכט זי פון דער זייט. זי האָט נישט געוווסט צי ער איז פריילעך אָדער דערשלאָגן. זי האָט אים

געזען און נישט געקאָנט אים צונויפּפּאָרן מיט אַ געשעעניש. איר מוח איז געווען מיד פֿון אָנשטרענגונג און איבערלעבעניש. זי איז נישט מסוגל געווען טראַכטן. זי האָט געחלומט די וואָר און נישט באַגריפֿן די ווירקלעכקייט. דאָס איז שוין פֿאָרגעקומען אין דער לעצטער נאַכט־אַשמורת. ווי נאָר דער טאָג האָט גענומען גרויען איז זי אַראָפּ פֿון בעט און גענומען זיך אָנטאָן.

יעדן פֿרימאָרגן, ווי נאָר דער טאָג שטעלט זיך און זי דערזעט די טאָגשײַן, דערשרעקט זי זיך פֿאַר דעם לאַנגן טאָג, וואָס וועט זיך קוים ענדיקן. זי גייט צו דער אַרבעט ווי פֿריִער, נאָר די צײַט איז פֿאַר איר אַ תהום, ווײַל יעדע מינוט איז פֿאַר איר נאָר פּײַן. דאָס מוזן זײַן אין טבריה איז פֿאַר איר אַן אָפּקומעניש. זי וועלקט אין דער שטאָט ווי אַן איבערגעפֿלאַנצטע בלום אויף אַ נישט געהעריקן באָדן. אַלץ אַרום איז איר געווען פֿרעמד. זי האָט געהערט קיין רבד, צו די מענטשן דאָרט, זייער שטייגער איז געווען די קרקע, אויף וועלכער זי איז אויפֿגעוואַקסן. קיין טבריה איז זי געקומען ווײַנען צוליב גדעונען. די ליבע זײַערע האָט באַ־ווירקט אירע אַלע חושים און געפֿילן. זי האָט מיט איר געאָטעמט און אויסגעפֿילט מיט איר יעדע רגע. איצט, ווען גדעון איז פֿון איר אַוועק אין דעם אָט אַ צושטאַנד, זענען אירע חושים פֿאַרתמט, זי קען נישט טראַכטן; זי איז נאָר געטריבן פֿון אירע געפֿילן, זי לעבט אין אַ צווייפֿל און האָט נישט דעם כוח אים איבערקומען.

איר איינציקער וועג איצט איז פֿון שטוב צו דער אַרבעט און פֿון דער אַרבעט אין שטוב. זי האָט נישט געוואָלט זען קיין מענטשן. אויך צו דער אַרבעט איז זי אַרײַן ווי אַ ווילדע. זי האָט אַ ברום געטאָן אַ הייזעריקן: „שלום" און זיך אַוועק־געזעצט בײַ איר אַרבעט. זי איז געזעסן מיטן, אין די אַקסלען, אַרײַנגעלאָזטן קאָפּ איבער די ציפֿערן, נאָר זי האָט זיי נישט סומירט. זיי האָבן איר געטאַנצט פֿאַר די אויגן. זי האָט זיך אויך אויסגעטאָן פֿון דעם טאָג־טעגלעכן. זי איז נישט געגאַנגען עסן און אויך נישט אײַנגעקויפֿט. אויפֿן וועג אַהיים האָט זי ערגעץ־ווו שטייענדיק, שנעל געקייט און געשלונגען שטיקער פֿון אַ פֿאַרטריקנטן סענדוויטש אָדער בייגל און פֿאַרטרונקען מיט אַ גלאָז סאָדע־זאַפֿט, נישט וויסנדיק וואָס זי עסט אָדער טרינקט.

בײַ איר אין צימער איז כסדר געווען פֿינצטער אָדער פֿאַרטונקלט. די פֿענצ־טער־לאָדנס זענען כסדר געווען צוגעלענט. זי איז געלעגן אויפֿן בעט אָדער געזעסן אויפֿן פֿאָל אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פֿיס, אַן איבערגעבויגענע איבער איר אייגענער שויס, אין וועלכער זי האָט געהאַלטן די הענט, ווי זי זאָל טרויערן נאָך אַ טויטן. זי האָט געטרויערט איבער איר גורל.

נחמה האָט געזען אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד סמדר געפֿינט זיך. נישט איין מאָל איז זי שטיין געבליבן הינטער איר פֿאַרמאַכטער טיר און געהאָרכט. אינע־ווייניק איז געווען שטיל ווי אין אַ קבר. נחמה האָט נישט געוואָגט אָנקלאַפּן, אַרײַנגיין צו איר. די אַלטע, גרויע פֿרוי האָט פֿאַרשטאַנען סמדרס ווייטאָג. זי האָט זיך אויך משער געווען, אַז סמדרס באַנעמען זיך איצט איז אין צוזאַמענהאַנג מיט גדעונס באַזוך. טראָץ דעם אַלעם איז די אַלטע פֿרוי אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרזאָרגטע.

עטלעכע טעג האָט סמדר זיך אַזוי געמאַטערט. עס האָבן זי געדריקט צער און צווייפל.

אַנומלט איז זי געזעסן אַ פאַרזונקענע אין איר אומעט, ווי אַ סך מאָל לעצטנס, אַ געבוקטע אויפן פאָל איבער זיך אַליין און אַפילו נישט באַמערקט, אַז דער אָוונט פאַלט צו. מיט אַ מאָל האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווי זיך צוגעהאָרכט. באַלד האָט זיך דערהערט אַן אומגעדולדיקער קלאַפּ אין טיר. נאָך איידער זי האָט זיך געכאַפּט וואָס עס קומט פאָר, האָט זיך אויפגעפּראַלט די טיר. פּירה, איר מוטער, איז שטיין געבליבן אין דורכגאַנג אַ געליימטע, איינזעענדיק ווי סמדר זיצט אַ פאַרקימערטע. — אוי — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן.

— מאַמע! — האָט סמדר היסטעריש אַ שריי געטאָן. זי איז אויפגעשפּרונגען און זיי זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס.

נחמה, וואָס האָט געוויזן פּירהן די טיר, איז אַוועק צו זיך אין צימער מיט שטילע טריט.

די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבן זיך געקושט און געהאַלדזט לאַנג און האַרציק. סמדר האָט נישט געפילט ווי די טרערן קייקלען זיך איר איבער אירע באַקן. די מוטער האָט נישט געפילט זייער נעץ אויף איר פּנים. ווען זיי האָט פאַרפעלט אָטעם האָבן זיי זיך אָפּגעלאָזט.ביידע זענען זיי שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, ווי זיי זאָלן זיך האָבן פאַרמאַטערט און איינע האָט באַטראַכט די אַנדערע. אַ ווײַלע האָט די מוטער געשאָקלט מיטן קאָפּ, באַדויערט ווי איר סמדר זעט אויס. סמדר האָט געשמייכלט אַ פאַרשעמטע. זי האָט פאַרשטאַנען דער מוטערס צער. זי האָט אין דער מוטערס אָרעמס צוריק באַקומען איר גלייכגעוויכט, זיך באַהערשט.

— האָסט דיך נישט געענדערט — האָט סמדר איר אַ זאָג געטאָן אַ צופרידענע. פון דער מוטערס קאָרפּולענטער געשטאַלט האָט זיך געשפּאַרט איר ענערגיע. אירע פאַרברענטע פון דער זון באַקן האָבן געפלאַמט פון אויפרעגונג.

— יאָ — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן און באַלד צוגעגעבן: — גענוג געשטאַנען, קום זיך צוזעצן — אין צווישן האָט זי געכאַפּט אַ קוק ווי דאָס צימער זעט אויס: — דו וווינסט אַזוי ווי פאַרצייטנס — האָט זי איר געזאָגט.

— מיין בעט איז ווייך, פאַראַן אויך בעטגעוואַנט — האָט סמדר איר געענטפערט. סמדר האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און אַ ציי געטאָן צו זיך. ביידע האָבן זיך אַריינגעזעצט אין בעט. אַ ווײַלע האָבן זיי געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט די מוטער זיך אַ ווענד געטאָן צו איר:

— טאָכטער, איצט וויל די מאַמע וויסן און אַלץ וויסן וואָס מיט דיר איז — און מיט אָנגעשטעלטע אויף איר אויגן געוואַרט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט די מוטער זיך צוגעבויגן צו איר און ממשיך געווען: — מיט דיין אויסזען בין איך נישט גליקלעך. ביסט מיד, נישט אויסגעשלאָפן, פאַרזאָרגט.

פון איבעררעאַשונג האָט סמדר פאַרצויגן די ליפּן, אָבער פאַר דער מוטער האָט דאָס באַדייט, אַז איר מיינונג ווונדערט זי. די מוטער האָט זי נישט אָפּגעלאָזט.

— אומזיסט זיך געערגערט. צי דו גיסט זיך נאָר אַן עצה, אָבער איך זע, אַז דו ביסט פֿאַרלוירן געגאַנגען אין דער פֿרעמד.

— איך בין טאַקע אַ קיבוצניצע, אָבער דיין טאָכטער. האָסט דאָך מיך גע־לערנט וואָס דאָס לעבן איז — האָט סמדר איר געענטפֿערט.

— ווי אַזוי האָסטו באַלד געפֿונען אַ צימער און זיך אויסגעזוכט אַרבעט? אַ פֿרעמדע אין שטאָט, אָן קיינעמס הילף, דאָס איז דאָך דיר אַוודאי נישט לייכט אָנגעקומען? — האָט די מוטער זי געפֿאַרשט.

— איך האָב גענומען אויף זיך אַ מיסיע, האָב איך זי געוואָלט אויספֿירן, מיינס דערגרייכן — האָט סמדר איר געענטפֿערט און אַוועקגעקוקט אין אַ זייט, זי האָט נישט געוואָלט די מוטער זאָל אויף איר דערקענען, אַז זי זאָגט ליגן.

— און ווי האָסטו זיך צונויפֿגעלעבט מיט די מענטשן? אין שטאָט איז דאָך אַלץ אַנדערש ווי ביי דיר אין דער היים? — האָט די מוטער זי אויסגעפֿרעגט.

סמדר, אַן אָנגעשטרענגטע שוין במילא פֿון דער מוטערס אויספֿאָרשונג, האָט דערפֿילט אַז אירע שלייפֿן האָבן אַ האַמער געטאָן ווען די מוטער האָט איר אַ זאָג געטאָן „ביי דיר אין דער היים". זי האָט פֿאַרפֿרעסט די ליפּן פֿון ווייטאָג, אָבער באַלד ממשיך געווען:

— אויך אין שטאָט זענען פֿאַראַן גוטמוטיקע, האַרציקע מענטשן. די אַלע וואָס איך קויף ביי זיי, די מענטשן אין די רעסטאָראַנען ווו איך עס, קענען מיך שוין און איך זיי. די מענטשן ביי דער אַרבעט האָבן מיר געוויזן און געהאָלפֿן. אויך איצט באַמיִען זיי זיך מיר אַרויסהעלפֿן מיט וואָס זיי קענען. וועגן נחמהן, מיין בעל־הביתטע, איז דאָך אָפּגערעדט — און זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַ געמאַכט געלעכטער.

— יאָ, נחמה איז אַ האַרציקע יידישע באָבע. ווי נאָר איך בין אַריין צו איר, איר געזאָגט ווער איך בין, האָט זי זיך פֿאַר מיר פֿאַרגעשטעלט און מיר האָבן זיך שנעל צערעדט. גוט וואָס דו האָסט געטראָפֿן אַזאַ פֿרוי, אַזאַ איינזאַמע פֿרוי און דו ביסט פֿאַר איר ווי אַ טאָכטער. דיר איז גוט ביי איר און איר מיט דיר, זי איז מער נישט איינזאַם — האָט די מוטער איר אויפֿגעקלערט.

סמדר האָט נייגעריק אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער פֿון דער זייט. זי האָט געוואָלט זיך איבערצייגן וואָס די מוטער איז אויסן מיט אירע רייד, אָבער באַלד האָט זי איר אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל זיך רימען פֿאַר איר:

— אין שטאָט איז אַנדערש ווי אין קיבוץ. דאָ קויפֿט מען פֿאַר געלט, מען דאַרף אַלץ אויסזוכן און זיך דערויף פֿאַרשטיין — נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ פֿרעג געטאָן דער מוטער:

— וואָס הערט זיך אין דער היים — און מיט גרויסע, נייגעריקע אויגן געוואַרט אויף אַ תשובה.

— נישטאָ קיין אויסטערלישע געשעענישן, שאַ, שטיל, מען לעבט רויִק. פּרטים וועל איך דיר דערציילן שפּעטער, איצט וויל איך וויסן אַלץ פֿון דיר — האָט די מוטער איר געענטפֿערט און באַלד צוגעגעבן — ביסט אַרויס פֿון רבד

ווי אַ פויגל פון אַ שטייג, נישט ווי רבד זאָל זיין דיין געבורטס־אָרט, וווּ דו האָסט דאָרט עלטערן און געשוויסטער. איך האָב נישט געגלויבט, אַז וועסט קאָנען זיך אַזוי לאַנג איינהאַלטן און נישט קומען אונדז באַזוכן. דיינע בריוו זענען ווי צו עפּעס אַ ווייטער קרובה — האָט די מוטער איר פאָרגעוואָרפן.

סמדר האָט זיך איבערגענומען מיט דער מוטערס רייד, ביז אַ טרער, וואָס האָט נישט געקענט אַרויספאַלן, האָט זיך באַוויזן אין אירע אויגן־ווינקלען. זי האָט פאַרפּרעסט די ליפּן און זיך אָנגעשטרענגט זי זאָל זיך נישט איינברעכן און האָט נאָר אַ זאָג געטאָן: „מאַמע!" — און איר פּנים האָט זיך אויסגעצויגן.

די מוטער האָט פאַרשטאַנען, אַז אירע רייד פאַרשאַפן איר וויי. זי האָט נישט געוואָלט די טאָכטער זאָל מיינען, אַז זי איז געקומען זי נאָר שטראָפן און זי האָט איר אַ זאָג געטאָן:

— די גאַנצע משפחה איז פאַרזאָרגט צוליב דיר. דיינע בריוו זענען אַזוי נישט קלאָרע, ווי דו זאָלסט עפּעס אויסבאַהאַלטן פאַר אונדז — און זי האָט אַ קוק געטאָן אויף סמדרן מיט אַ פאָרשנדן בליק.

די ברעמען ביי סמדרן האָבן זיך צונויפגעצויגן. איר פּנים איז געוואָרן טרויעריק.

— טאָכטער, מיר זענען דאָך שוין יאָרן חברות, איך האָף, אַז פאַר מיר האָסטו נישט קיין סודות? — האָט די מוטער זי אַ פרעג געטאָן.

— וואָס פאַלט דיר איין — האָט סמדר איר אַ זאָג געטאָן מיט פאָרוווּרף און זיך אַ טוליע געטאָן צו איר מיט פאַרמאַכטע אויגן. איצט איז די איינגעהאַל־טענע טרער אַראָפּגעפאַלן און פאַרנעצט אירע באַקן.

אַ היפּשע ווײַלע זענען ביידע געווען פאַרזונקען, יעדע אין איר מחשבה. אַ שטילער קלאַפּ אין טיר האָט זיי אַרויסגעריסן פון זייערע געדאַנקען. ביידע, די מאַמע און די טאָכטער, האָבן אויסגעשטרעקט זייערע העלדזער.

— ביטע! — האָט סמדר אַ זאָג געטאָן. איר קול איז געווען הייזעריק. נחמה איז אַריין מיט אַ מעשענע טאַץ עסן. דורך דער אָפענער טיר האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן די ליכטשיין, וואָס האָט געברענט אין נחמהס צימער. ביידע, די מאַמע און טאָכטער, האָבן אַ קוק געטאָן אין פענצטער.

— נישט באַמערקט ווי די נאַכט איז צוגעפאַלן — האָט סמדר אַ זאָג געטאָן און איז צוגעגאַנגען אָנצינדן די ליכט. געלע, שיטערע ליכט־שטראַלן פון אונטער אַ פאַפּירענעם אַבאַזשור האָבן באַלויכטן דאָס צימער.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן — האָט נחמה זיך ווי אַ בעט געטאָן און אַוועקגעשטעלט די טאַץ מיטן עסן אויפן טיש און נישט דרייסט אַ זאָג געטאָן:
— איר זייט דאָך שוין אויסגעהונגערט.

— זעסט מאַמע, וואָס פאַר אַ מענטשן זענען פאַראַן אין טבריה. איינע פון זיי איז נחמה — האָט סמדר אַ זאָג געטאָן און זי אָנגעקוקט.
— משטיינס געזאָגט — האָט נחמה איר געענטפערט.

די מוטער האָט אַ קוק געטאָן אויף סמדרן פון דער זייט. זי האָט פאַרשטאַנען ווו אַהין די טאָכטער האָט געצילט און האָט אַ זאָג געטאָן נחמהן:

— טאַקע פּיקאַנטע מאכלים, נאָר ווער וועט דאָס אַלץ עסן?

אויף דער טאַץ איז געשטאַנען אַ טעלער מיט סענדוויטשן, צוויי טעפּלעך קאַווע, זויערמילך און אַ טעלערל מיט עטלעכע שטיקלעך מאַנקוכן.

— אַ דאַנק אייך, ביי אייער אייניקלס בר־מצווה וועל איך זיך די מי געבן אייך אָפּדינען — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן נחמהן.

— מען זאָל נאָר דערלעבן — האָט נחמה זיך אַ בעט געטאָן און צוגעגעבן — דאָס עסנוואַרג וואָס איר האָט געברענגט האָב איך אַריינגעשטעלט אין קילשאַנק.

— וואָס האָסטו שוין אַלץ אָנגעשלעפּט? — האָט סמדר אַ פרעג געטאָן דער מוטער מיט אַ געמאַכטן כעס.

— אַ מאַמעס האַרץ קען נאָר אַ מאַמע פילן — האָט נחמה איר געענטפערט. זי האָט אַ שמייכל געטאָן: — „עסט געזונט!" — און זיך אויסגעדרייט, געוואָלט אַוועקגיין.

— אַ דאַנק אייך פאַר אַלץ. ביי דער געלעגנהייט וועל איך זיך אויך מיט אייך געזעגענען, וועל מיר איינשפּאָרן אַ וועג, איך בין מיד — האָט פירה איר געזאָגט.

נחמה האָט זיך צוריק אויסגעדרייט און האָט אַ פרעג געטאָן פירהן:

— וואָס עפּעס אַזוי שנעל? אַז מען פאָרט שוין אַרויס, איז וואָס דער געאייל?

— מען קען נישט צעטרענצלען די טעג, מען דאַרף אַרבעטן — האָט פירה איר געענטפערט.

— אפשר וויל סמדר די נאַכט שלאָפן ביי מיר אויף דער סאָפע, וועט איר זיך קענען אויסרוען — האָט נחמה זיי פאָרגעשלאָגן.

סמדר האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, געוואַרט אויף איר מיינונג.

— ניין! איך וויל שלאָפן מיט דער טאָכטער. מיר האָבן נאָך נישט פאַרענדיקט אונדזער שמועס — האָט פירה געזאָגט, זיך צעשמייכלט און באַלד דערויף אַ זאָג געטאָן:

— זייט געזונט און נאָך אַ מאָל אַ דאַנק פאַר אַלץ — און זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט.

סמדרס פנים איז געווען ווי אַ מאַסקע. שווער געווען וויסן וואָס זי פאַרהוילט: איר טרויער אָדער פרייד. נחמה האָט שטיל פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

— פאַרגעסן אַז דו דאַרפסט עסן. די אַלטע זאָרגט פאַר מיר — האָט סמדר אַ זאָג געטאָן און באַלד צוגעגעבן — קום עסן!

— איך וועל נאָר איבערבייסן אַ סענדוויטש מיט זויערמילך. איך בין מיד און וויל שלאָפן. נאָך אַ טאָג אַרבעט, פאָרן קיין טבריה איז אַן אָנשטרענג. — האָט די מוטער איר געענטפערט און זיך אַוועקגעזעצט עסן.

— זיכער! אַז אַ מאַמע מוז קומען זען צי מען האָט נישט פאַרפירט איר טאָכטער — האָט סמדר איר געענטפערט מיט איראָניע, אָבער דער טרויער איז

געלעגן אויף איר פּנים. אויך זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. זי האָט געגעסן פון אַלעם און שנעל פאַרטרונקען מיט קאַווע. זי האָט מיטן עסן געשטילט מער איר צער ווי איר הונגער. זיי האָבן געגעסן און געשוויגן. פון מאָל צו מאָל האָט ווער פון זיי בגניבה אַ קוק געטאָן אויף דער אַנדערער. די מוטער איז געווען דערשטוינט זעענדיק ווי סמדר עסט. ביי איר האָט זיך פאַרגנבעט אַ חשד, אַז זי איז אויסגעהונגערט.

— וואָס עסטו בכלל — האָט די מוטער זי אַ פרעג געטאָן.

— זאָרג נישט, איך פאַרהונגער נישט. איך האָב אויף אַלץ — האָט סמדר איר געענטפערט מיט אַן אַנגעשטעלטער גאווה און אַ קוק געטאָן פון דער זייט ווי אירע רייד האָבן געווירקט אויף דער מאַמען.

— דער טאַטע איז חושד, אַז דער ווילן צו האָבן געלט האָט דיך געצויגן אין שטאָט — האָט די מוטער איר צו וויסן געטאָן. זי האָט אויף איר אַ קוק געטאָן און אַראָפּגעשלונגען אַ לעפעלע זויערמילך.

— ווען נאָר דאָס זאָל זיין דער אמת — האָט סמדר אַ זאָג געטאָן צווײדײטיק. די מוטער האָט איר נישט געענטפערט. אַ ווײלע שפּעטער האָט סמדר צוגעגעבן מיט באַדויער — אָבער נישט אַלץ קויפט מען פאַר געלט.

די מוטער, וואָס האָט דערווייל געענדיקט עסן, האָט איר אָפּגעענטפערט:

— חוץ געלט איז פאַראַן נאָך עפּעס אין לעבן — און געוואָרט וואָס די טאָכטער וועט איר ענטפערן.

סמדר האָט אויפגעהערט עסן און איז זיצן געבליבן אַ פאַרטראַכטע. אַ ווײלע שפּעטער האָט זי איר געענטפערט:

— דאָס אומגליק איז, וואָס איך קאָן זיך נישט צוגעוווינען און נישט אָפּגעוווינען — און זי איז זיצן געבליבן אַ פאַרקוקטע, ווי זי זאָל זען ווייט.

— צו וועמען? — האָט די מוטער שטיל זי אַ פרעג געטאָן ווי דרך־אַגב. זי האָט זיך אויפגעשטעלט פון טיש און ווידער איר אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב אַ סך נאָך צו רעדן מיט דיר. מיר וועלן ממשיך זיין אין בעט — אירע אויגן זענען געווען מיד.

— אפשר בלייבסטו דאָך נאָך אַ טאָג מיט מיר? איך קאָן זיך באַפרייען פון דער אַרבעט — האָט זי פאַרגעשלאָגן דער מוטער.

— איך דאַרף זיך נישט באַפרייען, נאָר איך וויל אַהיים — האָט די מוטער איר אָפּגעענטפערט.

סמדר האָט נאָר איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דאָס האָט געקענט באַדייטן יאָ ווי אויך באַוואונדערונג.

— קענסט מיט מיר מיטפאָרן — האָט די מוטער זי אַ רייץ געטאָן.

סמדרס אויגן האָבן אַ גלי געטאָן, ווי זיי זאָלן זיך האָבן אָנגעצונדן, אָבער באַלד זענען זיי געוואָרן מאַט, אויסגעלאָשן. די מאַמע האָט עס נישט באַמערקט. די מוטער איז צוגעגאַנגען און אַרויסגענומען פון רענצל איר פּיזשאַמע.

— איך בין מיד און וויל נישט פאַרשפּעטיקן דעם ערשטן אויטאָ — האָט זי זיך פאַרענטפערט.

סמדר האָט אויפגעבעט דאָס בעט. ביידע האָבן זיך אויסגעטאָן, יעדע אין אַן אַנדערן ווינקל, ווי איינע זאָל זיך שעמען פאַר דער אַנדערער. די מוטער איז די ערשטע אַריין אין בעט. — אָה! — האָט זי אָפּגעזיפצט, דערפילנדיק אונטער זיך דעם מאַטראַץ. סמדר האָט אויסגעלאָשן די ליכט און געעפנט די פענצטער־לאָדנס כדי די מוטער זאָל נישט פאַרשפּעטיקן. זי האָט זיך צוגעלייגט צו דער מוטער. די מוטער איז שוין געשלאָפן.

סמדר איז ליגן געבליבן אויפן ראַנד פון בעט. זי האָט נישט געוואָלט שטערן דער מוטער. זי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, איינגעקוקט אין דער געדיכטער נאַכט־פינצטערניש. זי האָט געהערט דער מוטערס רעגלמעסיקן אָטעם און געזען ווי אויף אַ פילם בילדער פון איר לעבן אין רבד: די קינדערהיים, די צעשפּילטע קינדער מיט זייערע געלאָקטע קעפּלעך, ווי זיי וויינען און לאַכן און פּילדערן. זי האָט געזען די חברים בשעת דער אַרבעט און אין עסזאַל, זי האָט געזען דעם גרויסן, הויכן, באַלויכטענעם אין די אָוונטן עסזאַל, ווי ער פילט זיך מיט אַ מאָל אָן מיט די הונגעריקע חברים, ווי מיט אַן אַנגעקומענער לאַווע.

באַלד דערנאָך האָט סמדר דערזען דעם ליידיקן שוין עסזאַל און דערפילט די ליידיקע שטילקייט דאָרט, ווען די חברים פאַרלאָזן אים. זי האָט דערזען איר צימער און מאַיאָן ווי זי זיצט אויף איר סאָפע און וואַרט, אַז חנוך, איר חבר, זאָל זי קומען נעמען צום עסן. זי האָט אָפּגעאָטעמט טיף, ווי זי זאָל זיך שטיקן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. אירע חושים זענען געווען מטושטש.

זי האָט דערזען די קו־שטאַל און איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי דערהערט דאָס מרוקען פון אַ קו. זי האָט געדרימלט און געחלומט, אַז זי שפּאַצירט איבער די גראָז־לאָנקעס אין קיבוץ און זי שפּאַנט איבער די שטעגן. ווען זי איז צוגעקומען צום ים־ברעג און דערזען ווי די וואַסערן ליגן רויִק און אין זייער בעקן, אויסגעגאָסן ווי אַ גלאָז־טאָוול, האָט זי אַן אויפגערעגטע אַ שריי געטאָן: „אוי!" אין דעם מאָמענט האָט זי זיך דערמאָנט, אַז די מוטער שלאָפט מיט איר. זי איז געלעגן אַ פאַרמאַטערטע און געהאָרכט צי די מוטער איז וואַך — ביז זי איז איינגעשלאָפן.

אַ פאַרשלאָפענע מיט אַראָפּגעלאָזטע לעפּלעך איבער די אויגן, האָט די מוטער זי אַ וועק געטאָן, ווי זי זאָל רעדן פון שלאָף: — סמדר!

— מאַמע — סמדר איז ווידער געווען וואַך.

— ווו און מיט וועמען פאַרברענגסטו נאָך דער אַרבעט? — האָט די מוטער זי אַ פאָרש געטאָן.

סמדר האָט זיך דערפרייט דערהערנדיק דער מוטערס קול. זי האָט געמיינט, אַז זי איז בכלל נישט געשלאָפן.

— איך באַמי זיך טרעפן מיט מענטשן פון אַלע שיכטן. איך וויל דערקענען

די יוגנט אין שטאָט, דעם קרעמער און דעם אינטעליגענט — האָט זי געזאָגט איר אַ ליגן.

— ווי אַזוי קומסטו צו זיי? — האָט די מוטער זי אַ פרעג געטאָן, ווי זי זאָל קייען די ווערטער אין שלאָף.

— איינער ברענגט מיך צום צווייטן — האָט זי באַלערנט די מוטער. די מוטער איז שוין ווידער געשלאָפן. אַ צייט איז סמדר געלעגן מיט אָפענע אויגן און געוואַרט די מוטער זאָל זיך ווידער איבערוועקן, אָבער דערווייל האָט זי אַליין געדרימלט. זי האָט געדרימלט און כסדר געעפנט די אויגן, ווי זי זאָל וועלן זען צי די מוטער איז וואַך. אַ ביסל שפּעטער האָט די מוטער זיך איבערגעוועקט. אַ היפּשע ווײַלע איז זי געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיך איבערגעלייגט, געוואָלט פאַרשטיין וואָס די טאָכטער האָט איר געזאָגט.

— סמדר! — וואָס האָסטו עפּעס אויסגעקליבן טבריה? — האָט זי אַ פרעג געטאָן די טאָכטער, ווי זי זאָל ממשיך זיין ס׳געשפּרעך.

סמדר איז געווען וואַך אַפילו ווען זי האָט געדרימלט, נאָר די נערוון אירע זענען געווען אָנגעשטרענגט און זי האָט אַ זאָג געטאָן דער מוטער ווי מיט כעס:

— ווייל ער געפינט זיך אין יניב, נאָענט פון טבריה — און זי איז ליגן געב־ליבן אָן אָטעם, ווי דער קאָפּ זאָל איר האָבן אַריינגעפאַלן אין קישן.

פון איבעראַשונג האָט די מוטער געוואָלט זיך אויפזעצן, אָבער דער קאָפּ איז איר געווען שווער און זי איז געבליבן ליגן. זי האָט זי נאָר אַ פרעג געטאָן:

— דאָס האָסטו געמוזט אויסבאַהאַלטן פאַר דיין מאַמע?

עס האָט געדויערט ביז זי האָט געענטפערט דער מוטער:

— ביסט דאָך אויך געווען יונג.

אַ צייט איז געווען שטיל, ווי ביידע זאָלן האָבן איינגעשלאָפן. ביידע זענען געווען וואַך און די מוטער האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז ער אַנדערש ווי חסון, מיט וועמען דו ביסט צוזאַם אויפגעוואַקסן אויף איין שולבאַנק און ביי איין עסטיש?

— ער איז אַנדערש ווי אַלע. ער איז דער וואָס געפעלט מיר — האָט זי פאַרזיכערט דער מוטער.

אַ צייט האָבן ביידע געשוויגן. די פינצטער אין רוים איז נאָך געדיכטער געוואָרן. די שטילקייט האָט געשאַרכט, ווי זי זאָל זיך אַריינגיסן אין דער פינצטער. איינע האָט געהערט דער צווייטערס אָטעם.

— מאַיאַ זאָגט טאַקע, אַז דו ביסט אַוועק אין שטאָט צוליב אַ מאַן — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל איר איבערגעבן די זאַך.

— קודם זאָל מאַיאַ צוהאַלטן חנוכן — האָט סמדר איר אָפּגעענטפערט מיט כעס.

— דאַרפסט זי נישט חושד זיין. זי איז אַ גוטע בחורה און איז דיר טריי. זי קומט כסדר זיך נאָכפרעגן אויף דיר. זי וויל אַלעמען איבערצייגן אַז נישט

עפּעס צוליב אַן אויסרעכענונג ביסטו אַוועק פון קיבוץ — האָט די מוטער איר דערקלערט און פאַרטיידיקט מאַיאַן.

— לייכט באַשולדיקן ווען דאָס האַרץ צאַפּלט — האָט זי אַ זאָג געטאָן דער מוטער ווי מיט פאַרוואָרף.

— וואָס איז זיין טאָן? — האָט די מוטער זי אַ פרעג געטאָן.

— ער איז אַ פּלח.

— אַזעלכע דאַרף מען דאָך ביי אונדז אין קיבוץ — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן מיט פרייד.

סמדר האָט איר נישט באַלד געענטפערט. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך:

— איך ליב אים, ער מיך אויך. נישט ווייניקער ליבט ער זיין ערד אויף וועלכער ער איז אויפגעוואַקסן און איינגעוואַקסן — זי האָט גערעדט ווי זי זאָל זיך קלאָגן פאַר דער מוטער.

— אויב אַזוי, דעצידיר, וואָס דאַרפסטו זיך וואַלגערן אין שטאָט, אין דער פרעמד. גיי צו אים אין מושב — האָט די מוטער געעצהט.

— לייכט געבן עצות ווען אַלץ אויסערן קיבוץ איז מיר אַזוי פרעמד — האָט זי אָפּגעענטפערט דער מוטער.

— דו ביסט אַ דערוואַקסענער מענטש. קיינער, אַפילו דיין אייגענע מאַמע, וואָס וויל דיר זען גליקלעך, וועט דיר נישט עצהנען. נאָר איינס וועט דיין מאַמע דיר זאָגן, דיר וואָרענען. באַשליס, דעצידיר, בלייב נישט הענגען אַן אומגליק־לעכע. — די מוטערס רייד האָבן זיך איינגעשניטן אין דער געדיכטער, שטילער פינצטער.ביידע זענען געלעגן מיט אָפענע אויגן און געשוויגן. סמדר האָט גע־הערט דער מוטערס אָטעם, די מוטער דער טאָכטערס שלוכצן. זי האָט איבערגע־לייגט איר אָרעם איבער דער טאָכטערס קאָפּ. ביידע האָבן ווידער איינגעדרימלט. אַ צייט שפּעטער האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן פון שלאָף: — פאַר מיט מיר צום טאַטן — ווי זי זאָל קיינען די ווערטער.

סמדר האָט ווי פון שלאָף אַ שטאַמל געטאָן: „ניין". ערשט איצט, ווען די נאַכט איז אַריין אין דער לעצטער אַשמורת, זענען זיי ביידע איינגעשלאָפן.

מיטן קאַיאַר איז אין צימער געווען נאָך פינצטער. פּירה האָט געעפנט די אויגן. זי האָט נאָר געזען די קאָנטורן פון מעבל. אַ ווײַלע האָט זי אַ טראַכט געטאָן: „ווו געפין איך זיך?" און איז אַראָפּ פון בעט, סמדר נאָך איר. זי האָט זיך אויס־געצויגן די גלידער, אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער און זיך גענומען אָנטאָן. באָרוועסע האָבן ביידע, אייליק, שטיל, זיך אָנגעטאָן און אין רעש זענען זיי צוזאַמען אַריין אין דעם באַדצימער. אַ צייט שפּעטער זענען זיי צוריקגעקומען. די מוטער האָט אויסגעטרונקען די קאַלטע קאַווע. זי האָט געשטילט איר דורשט און זיך אָפּגעפרישט. סמדר האָט דערווייל פאַרפּאַקט עטלעכע סענדוויטשן און צוויי שטיק־

לעך קוכן. זי האָט דאָס עסן אַריינגעלייגט אין טאָרניסטער און אים דערלאַנגט דער מוטער. פירה האָט אים זיך איבערגעהאַנגען איבערן אַקסל. ערשט איצט האָבן זיי אָנגעטאָן די שיך און איינע האָט אַ קוק געטאָן אויף דער אַנדערער. די מוטער האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, זי גערופן זי זאָל מיט איר גיין. זיי זענען אַרויס אויף די שפּיץ פינגער. סמדר האָט שטילערהייט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

די קילע מאָרגן־פרישקייט איז זיי אַנטקעגן געקומען. זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן. נישט געווען נאָך קיין אויטאָ צו פאָרן. זיי זענען געגאַנגען באַרג אַראָפּ. זיי אַנטקעגן איז געלעגן דער כנרת, איבער וועלכן עס איז געהאָנגען אַ געדיכטער נעפּל, ווי אַ וואָלקן זאָל זיך טובלען אין אים. מיט אַ מאָל האָט דער האָריזאָנט זיך אויסגעלייטערט, געוואָרן העל, די נאַכט־גרוי האָט גענומען זיך פונאַנדערגיין, און די בערג־שפּיצן אין דער ווייט האָבן זיך גענומען באַווייזן.

— סמדר, קום צו פאָרן — האָט די מוטער איר אַ זאָג געטאָן.

סמדר האָט איר נישט געענטפערט. אירע אויגן זענען קליין געוואָרן, ווי זיי זאָלן זיך פאַרמאַכן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט די מוטער צוגעגעבן:

— איך וועל זאָגן אַלע אַז דו קלייבסט זיך קומען — און נישט געוואַגט אַ קוק טאָן אויף איר. סמדר האָט נאָר אַ הייב געטאָן די אַקסלען.

שוין פון ווייטנס, ווי נאָר דער שאָפער, אַ קרעמפּער פאַרשוין מיט שטאַרקע הענט, וואָס איז געזעסן ביים רודער פון דעם אָנגעצונדענעם שוין מאָטאָר, האָט זיי דערזען, האָט ער אַ רוף געטאָן: „שנעלער! מען פאָרט שוין!" ביידע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מיט צוגעאײַלטע שריט. די מוטער האָט אײַלנדיק זיך צעקושט מיט דער טאָכטער און איז אײַנגעשטיגן. דער אויטאָ האָט גערירט פון אָרט.

אַ צייט איז סמדר געשטאַנען און נאָכגעקוקט דעם אויטאָ. איר איז שווער געווען שטעלן אַ פוס, מאַכן אַ טראָט. זי איז ווידער געווען עלנט, געבליבן אַליין מיט זיך. ערשט, אַז זי האָט זיך דערמאָנט אין סאַראַ מצב זי געפינט זיך, האָט זי גענומען גיין אײַליק, ווי זי זאָל אַנטלויפן.

ז

דער הימלבלוי איז אַ געדיכטער. אויסגעצויגענע וואָלקנס גאַרבן דעם הימל. די לופט איז אַ פּייכטע, ווי זי זאָל זיך לאָזן אָנטאָפּן. פון מאָל צו מאָל יאָגט אָן אַ מדבר־ווינט וואָס טוט אַ ברי און טריקנט דורך די לופט.

גדעון שווייגט. ער איז צוריקגעקומען פון טבריה אַן אויפגעטרייסלטער. נישט נאָר ער מיידט אויס מענטשן, נאָר אויך דעם טאַטן און דינהן קאָרגט ער אַ וואָרט. ער רעדט מיט זיי נאָר דאָס נויטיקסטע. ער איז איצט שטום און אומרויִק. דער מאָרגן שרעקט אים. ער האָט מורא פאַר דעם מאָרגן ווען ער וועט בלייבן אַליין, אָן איר. בלויז פונעם געדאַנק ווערט דאָס בלוט אין אים געגליווערט.

זיין אומזיכערקייט פאַרטוט ער אין דער אַרבעט. די נעכט זיינע זענען קורצע, ער שלאָפט ווייניק. שוין מיטן קאַיאָר איז ער אויף די פיס. ער עסט אָפּט אייליק, נעמט אויך מיט עסן און גייט פון שטוב ווי בגניבה, ווי ער זאָל אַנטלויפן. דער פאָטער איז שוין וואַך, דעמאָלט נאָר בלייבט ער ליגן אין בעט, וויל נישט שטערן דעם זון.

אויך די בעלי־חיים זענען שוין וואַך ווען גדעון הייבט זיך אָן פאַרען. ערשטנס גייט ער צום מוילאייזל. פלוטאָס, אַן אויסגערוטער, נעמט קלאַפּן מיטן פאָדערשטן פוס. גדעון דערלאַנגט אים עסן, דערנאָך עפנט ער די שטאַל־טויערן. די קי, וואָס זענען די גאַנצע נאַכט געשטאַנען צעקראַטשעט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, שטעלן איבער די פיס און וואַרפן מיט די ווידלען. די איבערגעוועקטע אין די שטייגן הינער שטעקן אויס די העלדזער, ווי זיי זאָלן אים האָבן דערפילט און צעשפּרייטן די פליגל. ער שפּאַצירט אַדורך דעם הויף, קוקט, וויל זען צי אין משך פון דער נאַכט איז גאָרנישט געשען. זיינע טריט זענען מידע, נישט ווי דער טאָג זאָל זיך ערשט שטעלן, נאָר ווי ער זאָל שוין זיין נאָך אַ טאָג אַרבעט. ער איז מיד פון זאָרג. נישט איין מאָל בלייבט ער שטיין ביים פלויט און קוקט אַריבער. אַ פאַרבלאָנדזשע־טער הונט, וואָס האָט זיך ביי נאַכט אָפּגעריסן פון דער קייט, בילט אויף אים. ער דערמאָנט זיך ווו ער שטייט און גייט איינשפּאַנען פלוטאָסן.

אין די טעג איז ער נישט מסוגל טראַכטן. דער קאָפּ איז אַ מאָל אים אויס־געהוילט, אַ מאָל שווער. ער איז כסדר אומרויִק. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דעם אומבאַוווסטן. ער האָט אויסגעמיטן דעם פאָטער און געשעמט זיך פאַר דינהן. ער האָט זיין אומרו אויסגעטראָגן אַליין, אים פאַרטאָן אין דער אַרבעט.

גדעון איז געזעסן אויפן וואָגן מיטן קאָפּ צווישן די אַקסלען, מיט די לייצעס אין האַנט, ווי ער זאָל זיין אַ געבוקטער. פלוטאָס איז געגאַנגען איבער די פעלד־שטעגן, ווי נישט ער זאָל אים אַנטרייבן. דער ווייטער האָריזאָנט האָט זיך געגרויט און וואָס אַ מאָל געוואָרן העלער. עטלעכע טעג שוין ווי ער אַליין, אָן יעדע הילף, נעמט אַראָפּ פון פעלד די גרויסע, גריין־ברוינע הייפּטלעך קרויט. אַ געבוקטער האַלט ער צו מיט איין האַנט דאָס הייפּטל און מיט דער אַנדערער פירט ער איבער מיט שווונג די שאַרף פון זיין שפּרינג־מעסער איבער דעם קרויט־גלאָמב. דאָס אונטערגעשניטענע הייפּטל לייגט ער אַריין אין קאַסטן.

די טריט זיינע זענען דראָבנע, די באַוועגונגען קורצע, נאָר די אָפּגעליידיקטע קרויט־שורות מערן זיך כסדר. די אָנגעקליבענע הייפּטלעך טראָגט ער אַוועק, זאַמלט זיי צונויף און לייגט זיי איין אין אַ פּיראַמידע אין דער נאָענט פון וואָגן. ווען די פּיראַמידע איז שוין הויך און שפּיציק, רייסט ער אַראָפּ פון די הייפּטלעך די אויבערשטע בלעטער. זיין בליק גלעט די פרישע, גלאַנציקע ווייסקייט פון די אויסגעשיילטע הייפּטלעך. אָבער זיין פּנים איז שטאַר. נאָר פון מאָל צו מאָל טוט זיינס אַ פּנים־נערוו אַ ציטער. די אָנגעסדרטע אין די קאַסטנס הייפּטלעך לאָדנט ער אָן אויף דעם וואָגן. די אָפּגעריסענע בלעטער האָט ער כסדר אונטערגעטראָגן פלוטאָסן, וואָס האָט מיט אַפּעטיט זיי געגריזשעט.

ער, אין זיין צעכראַשטשעט העמד, פון וואַנען עס האָט אַרויסגעשטאַרט זיין ברייטער, ברוינער, ווי קופּער אויסגעהאַמערטער ברוסטקאַסטן, איז אין משך פון טאָג שטיין געבליבן עטלעכע מאָל און געמרוזשעט די אויגן ווי ער זאָל קוקן ווייט. ער האָט אָבער געקוקט אין זיך אַריין. ער האָט יעדעס מאָל פאַררויכערט און זיך פאַרצויגן. ער איז געשטאַנען אַ פאַרקוקטער, ווי ער זאָל שטאַרן.

אין אַ מיטן טאָג. דער הימלגרוי איז ווי שיטערער געוואָרן און די היץ איז געווען אַ פּייכטע. ער האָט מיטן לייוונטענעם קאַפּעליוש זיך אָפּגעווישט דאָס פּנים און די האַנטפלאַכן אויסגעווישט אין די הויזן. ער האָט פון וואָגן אַרויסגענומען זיין עסן פון אונטערן געזעס און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פּיס. ער און פלוטאָס האָבן געגעסן צוזאַם. ער האָט געהערט ווי פלוטאָס גריזשעט, ווי ער זאָל מיט די ציין מאָלן די זאַפטיקע קרויטבלעטער. ער האָט געגעסן די מיט שאַרפן קעז איבערגעלייגטע פּעניצן ברויט און פאַרטרונקען מיט קאַלטער קאַווע. ער האָט געגעסן פאַמעלעך. זיינע קינבאַקן האָבן רעגלמעסיק זיך באַוועגן.

ער איז צוויי, דריי מאָל אין משך פון טאָג געפאָרן אין דאָרף אַריין, אַוועקגעפירט דאָס קרויט. די נסיעות זענען געווען אייליקע. ער האָט פלוטאָסן געצויגן ביי די לייצעס, אים אונטערגעיאָגט, געוואָלט וואָס שנעלער איבערקומען דעם מרחק. פלוטאָס, מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ און אומגעלייגטע אויערן, האָט שנעל געצויגן דעם וואָגן. ער איז פאַרביי די מתישבים אויף די אַנגעלאָדענע מיט גערעטעניש וועגענער און די מתישבים אין פעלד, וואָס זענען שטיין געבליבן מיט דער קאָסע אָדער מיטן גאָפּל אין דער האַנט, געוואַרט אויף אים, געוואָלט זאָגן „שלום״, כאַפּן מיט אים אַ שמועס. ער איז זיי שנעל פאַרבייגעפאָרן און נאָר אַראָפּגעשריגן פון וואָגן: „שלום״.

די יידן, פאַר וועלכע ער איז פאַרבייגעפאָרן, האָבן געשטוינט, נאָכגעקוקט אים פאַרוווּנדערטע און געשאָקלט מיט די קעפּ. זיי האָבן געזען, אַז ער מיידט זיי אויס. ער האָט נאָר ביי יעדער אַזאַ פּאַסירונג אַ קוק געטאָן מיט איין אויג פון דער זייט, צי דער מתישב פרוווט אים נישט פאַרהאַלטן. ער האָט מיט קיינעם נישט געוואָלט רעדן. ער האָט זיך געשטיקט מיט זיין שווייגן, וואָס האָט פאַרפּילפאַכט זיין אומזיכערקייט.

אויך אויף דער זאַמלשטעלע, דער גרויסער, אָפענער שאָפּע מיטן בלעכענעם דאַך, האָט ער געשוויגן. ער האָט נאָר דעם הויכן און דאַרן עובדיהן מיט זיין אַראָפּגעצויגענעם ביז די אויגן קאַשקעט, פון אונטער וועלכן עס האָבן נאָר אַפּירגעהאָנגען זיינע גרויע פּיאות, אַ זאָג געטאָן צווישן די ציין „שלום״, אַ שאָקל געטאָן צו אים מיטן קאָפּ און אַרויפגעשטעלט אויף דער וואָג פיר קעסטלעך קרויט מיט אַ מאָל.

עובדיה האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון אונטערן שטערן אַפּיר, אים געענט־

פערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל און געוויגן ס׳קרויט. עובדיה איז געקומען קיין יניב צוזאַם מיט גדעונס פּאָטער. ביידע, ער און יעקב, זענען געווען טאָג־אַרבעטער. עובדיה האָט זיין ווירטשאַפט שוין לאַנג איבערגעגעבן אילנען, זיין זון. ער אַליין האָט געאַרבעט אויף דער זאַמלשטעלע, כדי זיך נישט לאַנגווײַלן אויף דער עלטער. ווען עובדיה האָט געענדיקט וועגן, האָט גדעון אים אַפילו נישט איבערגעפרעגט וויפל וואָג ער האָט געבראַנגט. גדעון האָט אים נאָר אַ זאָג געטאָן „פאַרשרייב״, אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און צוריק אַוועק.

עובדיה האָט דערשטוינט און נייגעריק אים נאָכגעקוקט. מיט דער זאַמל־שטעלע גרענעצט זיך דער אייער־מאַגאַזין. אין אים אַרבעט חנה, אַ נידעריקע, דיקע פרוי מיט אַ גרין טיכל אויפן קאָפּ. דערזעענדיק אים האָט זי צו אים אַרי־בערגעשריגן: „גדעון! זאָל דער טאַטע מאָרגן ברענגען די אייער גאַנץ פרי״ — ער האָט איר נישט געענטפערט, נאָר אַרויפגעשפרונגען אויפן וואָגן און אַ צי געטאָן די לייצעס. פּלוטאָס האָט אַ צי געטאָן. די וואָגן־רעדער האָבן זיך אַ קאָלער געטאָן. עובדיה האָט איצט צו איר אַריבערגעשריגן — „חנה, וואָס איז מיט אים?״

— זאָרג נישט, ער וועט זיך סטאַטקעווען ווי אַלע יונגע — האָט זי אים גע־ענטפערט, נישט באַוויזנדיק זיך אין פענצטער. עובדיה האָט נאָר געהערט איר געלעכטער.

דעם טאָג איז ער ווי עס איז איבערגעקומען, דערפאַר זענען אים די אָוונטן געווען אומדערטרעגלעך. ער איז געווען אומרויִק. זינט דער לעצטער באַגעגעניש מיט סמדרן האָט ער נישט געוווּסט ווי ער האַלט מיט איר.

אין די אָוונטן איז ער כמעט נישט אַרויס פון שטוב. על פּי רוב, ווי נאָר ער האָט אָפּגעגעסן, האָט ער דעם פאָטער געלאָזט אַליין ביים טיש און איז אַריין צו זיך אין צימער. אָפט איז ער שטיין געבליבן אין צימער אַ צעטומלטער. עס האָט געדויערט ביז ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער שטייט סתם. ער איז געווען זיך איבעריק, נישט געהאַט זיך ווו אַהין צו טאָן. די צייט זיינע איז געווען אויסגע־ליידיקט, אָן יעדן אינהאַלט און פאַרלאַנג. ער איז געשטאַנען ווי ער זאָל באַ־טראַכטן ס׳צימער, אָבער ער האָט נישט געזען זיין העל באַצויגענע סאָפע, דאָס טישל מיטן פאַטעפאָן, דעם פאָטעל וואָס איז געשטאַנען ביי דער וואַנט און אויך נישט די עטאַזשערקע מיט ביכער. על פּי רוב איז ער געשטאַנען מיט אַראָפּגע־לאָזטע אויגן אונטער דער ליכטשיין, וואָס האָט געשטראָמט פון פלאַכן, ווי אַ טעלער אַבאַזשור.

גדעון האָט זיך אויך אויסגעהיטן אַ קוק טאָן אויף דער מאַמעס בילד, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט. אים האָט זיך יעדעס מאָל געדאַכט, אַז זי לאַכט פון אים. דאָך האָט ער צווישן די פיר ווענט פון זיין צימער זיך געפילט זיכערער ווי ערגעץ אַנדערש, נאָר אָפּגעריסן פון אַלץ און אַלע.

אָפט, אַז ער איז אַריין אין צימער, האָט ער זיך אויך אַרויפגעוואָרפן אויף דער סאָפע און געלעגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. ער איז געלעגן מיט די הענט אונטערן קאָפּ, די פיס צעשפּרייט, אַ פאַרקוקטער אין דער סטעליע. ער האָט גע־

דרימלט און דאָך געווען וואַך. ער האָט זיך איבערגעלייגט פון איין זייט אויף דער אַנדערער און זיך נישט געפונען קיין אָרט. אַ מאָל, אַ מאָל האָט ער אויך געפרוווט לייענען אַ צייטונג אָדער אַ בוך. ער האָט איבערגעמישט די בלעטלעך אַהין און צוריק, אָדער איבערגעקוקט די קעפּלעך אין דער צייטונג. ער האָט נישט געקענט זיך קאָנצענטרירן, צונויפנעמען די געדאַנקען.

דער אַלטער טאַטע האָט נישט איין מאָל אַ פאַרזאָרגטער אַ קוק געטאָן דורך דער אָפּגעלענטער טיר, זען וואָס דער זון טוט און נישט געוואַגט און נישט גע־וואָלט צו אים אַריינגיין. נאָר היינט, די נאַכט איז געווען אַ פאַרנע, די לופט אַ געדיכטע, ווי מען זאָל זי קענען אָנטאַפּן. אין דער לופט האָט זיך שוין געפילט די פייכטקייט פונעם אָנקומענדן רעגן. פאַרבייגייענדיק האָט דער פאָטער אויך אַ קוק געטאָן דורך דער אָפּגעלענטער טיר און איז שטיין געבליבן ווי אַ געליימטער. גדעון איז געשטאַנען אַן אָנגעלענטער אין דער וואַנט, ווי ער זאָל אויף איר האָבן אַרויפגעפאַלן. אַן אויפגעציטערטער האָט ער מיט אַ דערשראָקן קול, ווי ער זאָל אַ קריי טאָן, אויסגעשריִען: „געווג!" — און ער איז אַוועק, ווי ער זאָל שלעפּן נאָך זיך די פיס.

גדעון האָט זיך אָפּגעריסן פון דער וואַנט. ער האָט אַ טרייסל געטאָן דעם קאָפּ, ווי ער זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט, און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער סאָפע.

אויך די ווייבער אין דאָרף האָבן אים אָנגעהויבן נאָכקוקן ווי ער פירט זיך אויף. די מענער זייערע, וואָס האָבן זיך מיט אים געטראָפן אויף די פעלדער, האָבן אַ ברום געטאָן אויף זיין חשבון: „נו!" ווען זייערע ווייבער האָבן זיי גע־פרעגט וואָס מיט אים איז.

אין איינעם פון די טעג איז גדעון פאַרבייגעפאָרן זיינע צוויי שכנים דודן און יחזקאלן און זיי נישט געזאָגט „שלום". דוד, אַ הויכער, ברייטביייניקער ייִד מיט אַ פלייִשיקן קאָפּ און אַרויסשטאַרנדן בויך, האָט געשניטן קוקורוזע. ער איז שטיין געבליבן מיטן סערפּ אין האַנט.

— יחזקאל! — האָט ער צו אים אַריבערגעשריגן.

יחזקאל, אַ מיטלוווקסיקער ייִד מיט אַ בייניק פּנים און לאַנגע הענט, האָט צונויפגעגראַביעט די אונטערגעשניטענע וויקע. ער איז שטיין געבליבן מיטן גאָפּל אין האַנט, גרייט אויפצונעמען אַ הויפן וויקע.

— גדעון זעט נישט קיין מענטשן, ווייזט אויס, מענטשן ווייסן וואָס זיי זאָגן — האָט דוד אים געזאָגט.

— וואָס אַזוינס? — האָט יחזקאל נייגעריק אים אַ פרעג געטאָן.

— ער קלייבט זיך פאַרלאָזן דעם טאַטן — האָט דוד אים געענטפערט.

— דעם טאַטן ווי דעם טאַטן, נאָר פון דער ערד וועט גדעון נישט אַוועק — האָט יחזקאל אים פאַרזיכערט.

— אַזוי זאָגן די טעכטער אין דאָרף — איז דוד געשטאַנען אויף זיינס און נאָך צוגעגעבן — דערפאַר שעמט ער זיך זאָגן „שלום".

— דוד, אַלץ איז רכילות — האָט יחזקאל אַ שריי געטאָן און ווייטער געאַרבעט. דוד האָט אויך געטאָן זיין אַרבעט.

נאָר אין אָוונט, נאָכן עסן, איז יחזקאל זיצן געבליבן מיט דער צייטונג אין האַנט. ער האָט זיך פאַרטראַכט און אַ פרעג געטאָן זיין ווייב:

— מאַשע, דו האָסט אויך געהערט, אַז גדעון ציט זיך איבער אין שטאָט אַריין?

מאַשע, וואָס האָט געוואַשן די כלים פון עסן, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון וואַשבעקן. אויך זי האָט אַ טראַכט געטאָן און אים געענטפערט: — מען רעדט. — די שטילקייט אינעם קיכצימער האָט זיך ווי אַ באַוועג געטאָן און ביידע האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע אַרבעטן.

ווי נאָר ווער פון די ווייבער האָט געטראָפן יעקבן אין וועג, אָדער אין קאָנסום־הויז, האָט זי אים באַטראַכט פון דער זייט צי עס מערקט זיך אויף אים אַן ענדערונג, געוואָלט זיך איבערצייגן צי עס זענען אמת די קלאַנגען. אין איינעם פון די פרייע אָוונטן איז חנה אַריין אין קאָנסום־הויז גלייך פון דער אַרבעט. אירע שוואַרצע האָר, וואָס זענען אַ גאַנצן טאָג געווען אַרומגעבונדן מיטן טיכל, זענען געווען צוגעפּלאַטשט. זי האָט זיך איינגעקויפט דאָס נויטיקסטע. ווען דינה איז אויך אַריין אין קאָנסום־הויז איז חנה שטיין געבליבן הינטער אַ פּאָליצע און זי באַטראַכט. חנה, די נידעריקע, דיקע פרוי, וואָס שפּריצט מיט ענערגיע טראָץ איר עלטער, האָט שנעל פאַרענדיקט אירע קניות. זי האָט באַצאָלט, נאָר איז געבליבן וואַרטן. ווען דינה איז אַרויס אויף דער גאַס איז חנה איר נאָכגעגאַנגען.

— שלום דינה! — האָט זי איר אַ זאָג געטאָן פון הינטערווײַלעכץ.

דינה האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און איר געענטפערט: — שלום חנה! — און צוגעוואָרט. זיי האָבן זיך אויסגעגליכן אין די טריט. אַ ווײַלע זענען זיי געגאַנגען און געשוויגן. ביידע האָבן געוואָלט רעדן און ביידע האָבן געשוויגן. דאָך האָט חנה נישט אויסגעהאַלטן און זי אַ פרעג געטאָן:

— דינה, טאָקע נישט דיין זון, נאָר האָסט אים דאָך אויפגעצויגן, וויל איך דיך פרעגן. אַנומלט איז גדעון געווען אויף דער זאַמלשטעלע, האָב איך צו אים אַריבערגעשריגן ער זאָל זאָגן דעם פאָטער, ער זאָל ברענגען פרי די אייער, האָט ער מיר אַפילו נישט געענטפערט און זיך אויך נישט אומגעקוקט צו מיר.

דינה האָט געפּרוּווט שמייכלען און אים פאַרטיידיקט: — ער האָט נישט געהערט...

חנה האָט, אַ פאַרוואונדערטע, זי אָנגעקוקט און איר געזאָגט:

— עפּעס פירט ער זיך אויף לעצטנס מאָדנע.

דינהס באַקן האָבן אַ פלאַם געטאָן, נאָר זי האָט איר געענטפערט געלאַסן:

— עס דאַכט זיך דיר.

אַ ווײַלע זענען זיי געגאַנגען און ווידער געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט חנה אַ זאָג געטאָן:

— אָבער אין יניב רעדן די מענטשן.

דינה האָט געשוויגן, זיך איבערגעלייגט וואָס זי זאָל איר ענטפערן. אָבער איצט האָט זי איר געענטפערט, ווי זי זאָל פון זיך אַרויסוואַרפן די ווערטער:

— די מיידן, פון קינאה.

חנה האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אויסגעווישט די מויל־ווינקלען און אַ זאָג געטאָן דינהן:

— ווייזט אויס, אַז אַלע אין יניב ווייסן, נאָר די אייגענע נישט...

דינה האָט, אין גאַנג, זי אָנגעקוקט, געוואַרט זי זאָל ממשיך זיין. חנה האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט און טאַקע איר דערציילט:

— מען רעדט, אַז ער האָט זיך פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט עפּעס אַ קיבוצניצע און זי פירט אים ביי דער נאָז.

דינהס באַקן האָבן אַ פלאַם געטאָן. זי האָט געשוויגן און געאָטעמט שווער, נאָר באַלד האָט זי מיט שפּאָס אַ זאָג געטאָן:

— ער לאַכט זיך אויס פון אַלע ריידערייען — און דערויף אַ זאָג געטאָן — חנה, שלום! איך גיי מיט דעם וועג — און איר אַ ווייז געטאָן מיטן קאָפּ דעם שטעג און איז אַוועק פון איר. דאָס איז געווען אַ זייטיקער שטעג. זי האָט אָנגע־לייגט וועג, אַבי זי זאָל נישט דאַרפן גיין צוזאַם מיט חנהן און אויסהערן אירע רייד. חנה איז געגאַנגען איר וועג.

יעקב איז געזעסן מיט אויסגעצויגענע פיס אונטערן לאַנגן טיש און מיט איבערגעלייגטע איבער אים עלנבויגנס. ער האָט גערוט נאָך אַ טאָג אַרבעט. דינה איז אַריין אין שטוב מיט אימפּעט, אַ צעפלאַמטע און אויפגערעגטע. שוין אין דער טיר האָט זי אַ זאָג געטאָן אויפן קול:

— זיך דערוואַרט! זיין ביי אַלע אין מויל.

יעקב, וואָס איז געזעסן מיט אַן איבערגעהאַנגענעם קאָפּ איבערן טיש, האָט אויפגעהויבן די אויגן, דערשטוינט זי אָנגעקוקט.

דער בין־השמשות איז שוין געשטאַנען אין די צוויי ברייטע פענצטער. אין שטוב האָט שוין געגרויט. דינה האָט אייליק אַוועקגעשטעלט אין ווינקל דאָס קיישל מיט די איינגעקויפטע פּראָדוקטן און איז שטיין געבליבן אַנטקעגן יעקבן.

— וואָס איז געשען? — האָט ער גוטמוטיק, נאָר מיט זאָרג, זי אַ פרעג געטאָן. זיין אַרט פרעגן האָט איינגעשטילט איר כעס.

— דו ביסט אַ גוטער טאַטע, לאָזט אים זיך פירן ווי ער וויל. איצט איז ער ביי אַלע אין די מיילער — האָט זי שטיל אים געזאָגט, ווי זי זאָל אים פאַרוואַרפן און זיך ביי אים בעטן.

יעקב האָט אַראָפּגענומען די הענט פון טיש און זיך אויסגעגליכן אויפן בענקל.

— איך פאַרשטיי נישט, אַ טאַטע, וואָס גיט איבער דעם זון די ערד, דער־לאָזט ער זאָל זיך אַרומשלעפּן מיט אַ מויד אָן אַ טאַלק. אַלע אין יניב לאַכן פון אים — האָט זי אים פאַרגעוואָרפן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן — אַזוי פירט זיך אַ יינגל און נישט אַ דערוואַקסענער מאַן, וואָס דאַרף שוין זיין אַ טאַטע — האָט זי געטענהט.

בשעת זי האָט גערעדט האָט ער איר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. נאָר ווען זי האָט געענדיקט, האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

— ער איז נישט קיין יינגל — אין די רייד זיינע האָט זיך געפילט באַדויער.

— אָבער ער איז יונג און דו, דער טאַטע, דאַרפסט אים איבערצייגן — האָט זי פון אים געפאָדערט.

ער האָט איר באַלד נישט געענטפערט. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זי אַ פרעג געטאָן: — ווער האָט דיך אָנגערעדט?

— אַפילו חנה האָט מיט אים צו טאָן — האָט זי אים פאַרגעוואָרפן.

ער האָט זיך צעשמייכלט און גוטמוטיק איר אַ זאָג געטאָן:

— נו, דו ווייסט דאָך פאַר וואָס.

— וואָס איז? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן און אים אויך געענטפערט: — איך יעל איז דאָך שוין אַ מאַמע.

ער האָט איר נישט געענטפערט, נאָר זיך פאַרטראַכט. ערשט שפּעטער האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל אים נישט צווינגען.

— דו דאַרפסט ביי אים פאָדערן ער זאָל זיך אַנטשליסן. ווי לאַנג איז דער שיער? — איז זי געשטאַנען אויף אירס.

פון פאַרדראָס האָט ער גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ. ער האָט באַדויערט זיך און דעם זון. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

— דו ביסט מיד, גיי אַהיים. דיין אפרים וואַרט אויף דיר — ער האָט געוואָלט פאַרענדיקן דאָס געשפּרעך.

זי האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער, ווי זי זאָל נישט זען אַז אין שטוב גרויט שוין. זי האָט זיך אַ פאַרע געטאָן. זי האָט דאָס קיישל מיטן פּראָוויאַנט אַריינגעשטעלט אין קילקאַסטן. אַלע טעפּ אַריינגעשטעלט אין שענקל און זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער צי אַלץ איז אויפן אָרט. זי האָט אירע אַראָפּהענגענדע אין די זייטן האָר פאַרלייגט אונטער די אויערן, אים אַ זאָג געטאָן „אַ גוטע נאַכט!" און איז אַוועק צו דער טיר.

— גיי געזונט! — האָט ער איר נאָכגעזאָגט. ער איז זיצן געבליבן אָן אָנגעשפּאַרטער אויפן בענקל־אָנלען, נאָר דער קאָפּ זיינער איז אים אַראָפּגעהאָנגען. די נאַכט איז מיט אַ מאָל אַריין אין שטוב.

גדעון האָט געעפנט די טיר. שוין אויף דער שוועל פון דער וועראַנדע האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט און אָנגעצונדן ס׳ליכט. די ליכטשיין האָט אים אַ בלענד געטאָן. ווען ער האָט געעפנט די אויגן איז ער געבליבן שטיין אַ דער־ציטערטער:

— טאַטע!? — האָט ער אים אַ רוף געטאָן און איז צו אים צוגעלאָפן —

וואָס האָט פּאַסירט? — האָט ער שטיל אים אַ פרעג געטאָן, נאָר זיין קול האָט געציטערט.

דער פּאָטער האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַז גאָרנישט, נאָר ער האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע שטאַרע אויגן. גדעון האָט מיטביידע הענט זיך אָנגעלענט אויף אַ בענקל און געשוויגן. ער האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל זאָגן דעם פּאָטער. ער איז געשטאַנען אַן אָנגעלענטער און געמרוזשעט מיט די אויגן. דעם פּאָטערס בליק האָט אים אַדורכגענומען. מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן דעם פּאָטער: — גיי שלאָפן! — ער האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און אונטערגעפירט. אויף דער שוועל פון פּאָטערס צימער האָט ער אים אַ זאָג געטאָן: — אַ גוטע נאַכט!

גדעון האָט צוריק אויסגעלאָשן דאָס ליכט. דאָס קיך־עסצימער איז אים געווען גרויס אין די אויגן. אַ היפּשע ווײַלע איז ער געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן. ווען ער האָט דערפילט דעם קערפּער זיינעם און דאָס בלוט האָט געקרייזט אין אים, איז ער אַרויס פון צימער.

ווען ער איז אַריין צו נתנען האָט ער אים געטראָפן אין הויף. ער האָט קאָנטראָלירט די שטאַל און די שטייג־טירן. נתן, דערהערנדיק טריט, האָט זיך אומגעקוקט.

— שלום, גדעון! — האָט ער זיך מיט אים דערפרייט.

— שלום! — האָט גדעון אים געענטפערט, ווי ער זאָל קרעכצן. אורה, נתנס ווייב, דערהערנדיק אַז מען רעדט אין דרויסן, האָט אַ קוק געטאָן דורכן פענצטער און, אינסטינקטיוו, אָנגעצויגן אויף זיך ס׳קליידל. זי האָט געוואַרט די מענער זאָלן אַריין אין שטוב.

— גוט וואָס מען זעט דיך אַ מאָל — האָט נתן געהאַט צו אים אַ טענה.

— עס איז מיר קאָלעמוטנע אויף דער נשמה — האָט גדעון אים געענטפערט און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטויס בעלקעס, וואָס זענען געלעגן אין דער זייט. נתן האָט זיך צו אים צוגעזעצט. אַ צייט האָבן ביידע געשוויגן. נתן האָט געוואַרט גדעון זאָל רעדן. גדעונען איז שווער געווען צו רעדן. די צוויי חברים זענען געזעסן נעבן זיך און די נאַכט האָט זיך געשפּרייט צווישן זיי און איבער זיי. נאָר מיט אַ מאָל האָט גדעון זיך צערעדט, ווי די ווערטער זאָלן אים אַרויספאַלן פון מויל:

— כ׳בין געקומען אין שטוב, האָט דער טאַטע אויף מיר געוואַרט. ער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, נאָר זיין שטומער, פול ווייטאָג קוק גייט מיר נאָך, לאָזט מיר נישט צו רו. איך ווייס וואָס אים טוט וויי. אַוודאי זענען צו אים דערגאַנגען „שמועות״. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל מכריז זיין — „יניב און גדעון״.

נתן, וואָס האָט אים אויסגעהערט, האָט שטיל אים אַ זאָג געטאָן:

— ביסט זיך אַליין שולדיק.

ערשט אַ היפּשע ווײַלע שפּעטער האָט גדעון אים געענטפערט: — יאָ, יאָ!

— גוט אָוונט — האָט אורהס קלינגענדע שטימע איבערגעריסן זײַער שװײַגן. גדעון האָט דערזען איר שלאַנקן סילועט — כ׳האָב געװאָרט איר זאָלט אַרײַן אין שטוב, נאָר װײַזט אויס, אַז איר האָט גרויסע סודות — האָט זי זײַ געזאָגט טראַציק און אויך צוגעגעבן — טרינקט, צום געזונט. — זי האָט יעדן דערלאַנגט אין האַנט אַ פלאַש ביר און אַ גלאָז. — גדעון, אַ גוטע נאַכט! — האָט זי אים געזאָגט און איז צוריק אַוועק.

גדעון האָט איר נאָכגעקוקט אין דער פינצטער. באַלד האָט ער אַ זשליאָקע געטאָן פון פלעשל װי ער זאָל זויגן. נתן האָט אים נאָכגעטאָן. אַ צײַט האָבן בײדע געטרונקען און געשװיגן. װען זײ האָבן געענדיקט, האָבן זײ אַװעקגעשטעלט די פלעשער און די גלעזער אויף דער ערד. אַ צײַט האָבן זײ װידער געשװיגן. מיט אַ מאָל האָט נתן זיך אַ װענד געטאָן צו גדעונען, װי ער זאָל אים פאַרשלאָגן — „דעצידיר" — נאָר באַלד האָט ער װי אַ פאַדער געטאָן פון אים:

— דו מוזט מאַכן אַ סוף, אָדער זי קומט צו דיר, אָדער דו גײסט צו איר — די לעצטע װערטער האָט ער שוין געזאָגט נישט זיכער.

גדעון האָט אים נישט באַלד געענטפערט. ערשט אַ צײַט שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן, װי צו זיך: „לײַכט צו זאָגן", און ער האָט אָפּגעאָטעמט.

נתן האָט זיך אין אים אײַנגעקוקט. עס האָט אים לײד געטאָן, דאָך האָט ער זיך אַ װענד געטאָן צו אים:

— טראַכט נישט נאָר װעגן זיך, טראַכט אויך װעגן דײַן אַלטן טאַטן. ער איז אַ „זקן מופלג". ער האָט גערעדט פאַמעלעך, װי ער זאָל זיך צוקלײַבן די װער־טער. גדעון האָט אים נישט געענטפערט.

אַ צײַט לאַנג זענען זײ געזעסן און געשװיגן. מיט אַ מאָל האָט גדעון זיך אויפגעשטעלט.

— אַ גוטע נאַכט — האָט ער געזאָגט, װי ער זאָל אַרײַנרעדן אין דער פינצטער, און איז אַװעק.

גדעון איז געגאַנגען מיט אַן אַרײַנגעלאָזטן קאָפּ אין די אַקסלען און מער געפילט װי געהערט די אײגענע טריט. נתן איז געשטאַנען און אים נאָכגעקוקט, ביז זײַן סילועט איז פאַרשװונדן אין דער פינצטער.

# יא

סמדר איז אין משך פון די עטלעכע טעג זײַט זי האָט באַגלײט די מוטער צום אויטאָ געװאָרן נישט צום דערקענען. זי איז געװאָרן אָפּגעצערט. די בגדים זענען אויף איר געהאָנגען. זי האָט אויסגעזען װי זי זאָל האָבן אויסגעװאַקסן. אַ מאָל האָבן אירע אויגן געגלאַנצט, אַ מאָל זענען זײ געװען אויסגעלאָשן. אירע נעכט זענען געװען שלאָפלאָזע. שעהן איז זי געלעגן אַ פאַרקוקטע אין דער

סטעלע אָדער אין דער פינצטער אַרום איר. אירע אויגן האָבן זיך איר נישט פאַרמאַכט. נישט איין מאָל האָט זי אויך געהאַט דאָס געפיל, אַז די פינצטער באַוועגט זיך. עטלעכע מאָל, ווען זי איז מיד געוואָרן פון ליגן, איז זי אַראָפּ פון בעט און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל. זי איז געזעסן אַן איינגעקאָרטשעטע ביז דער מאָרגן האָט אָנגעהויבן גרויען, ווי זי זאָל באַוויינען איר גורל.

זי איז געווען דערשראָקן און דערשלאָגן. אַן אומרו האָט איר באַהערשט. פון פחד איז איר שווער געווען טראַכטן. זי איז געזעסן איבער די קאָלומנעס ציפערן און נישט געקענט און נישט געוואָלט זיי צוזאַם סומירן. איין ציפער איז איבער־געשפרונגען דעם אַנדערן. זי האָט איבערגעהיפּערט און פאַרביטן די ציפערן און די שורות.

אָפט איז זי זיצן געבליבן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווייל די ציפערן האָבן גענומען זיך באַוועגן, איר געטאַנצט פאַר די אויגן. זי האָט נישט נאָר עקשנות־דיק געשוויגן נאָר אויך משונהדיק זיך אויפגעפירט, ווי זי זאָל זיין אַליין. אַ דענערווירטע און דערשלאָגענע האָט זי נישט איין מאָל זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער און געקוקט אויף די בערג. אירע מיטאַרבעטער האָבן דעמאָלט דערשטוינט און פאַרזאָרגט זיך איבערגעקוקט, נישט געוווּסט ווי אַזוי זיי קענען איר העלפן.

אין איינעם פון די טעג איז זי באַלד אָנהויב טאָג זיצן געבליבן איבער אירע פאַרשריבענע בויגנס מיט פאַרמאַכטע אויגן און מיט דער פעדער אין האַנט. רבקה, אַ דיקלעכע בחורה מיט אַ העלן, געדיכטן קאָפּ האָר פאַרבונדענע פון הינטן ווי אַ פערד־ווײדל, וואָס איז געזעסן איר אַנטקעגן, האָט זיך אומגע־קוקט צי קיינער זעט נישט און שטיל זי אַ רוף געטאָן: „סמדר". סמדר האָט דערשטוינט זי אָנגעקוקט, ווי זי זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט. פון בושה האָבן אירע ווייִעס אַ ציטער געטאָן און אירע אויגן־לעפּלעך האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף רבקהן. זי האָט זיך געגעבן די מי זיך נישט צעוויינען און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

אויך נאָך דער אַרבעט איז זי נישט געגאַנגען אַהיים. זי איז פון דער אַרבעט אַוועק מיט די פעלדשטעגן, אַנטלאָפן פון די געסלעך, די קרומע הייזער מיט זייערע פאַרהויקערטע דעכער, ווי איינער זאָל אַרויפקריכן אויפן אַנדערן. איר מוח איז געווען אויסגעטריקנט. זי האָט נישט געטראַכט. דאָ אויף די פעלדער־שטעגן מיט דער הימל־קאָפּולע איבער איר, האָט זי פרייער געאָטעמט. דאָ, אויף די גרינע, קאָלירפולע פליינען, דער טאָגשיין אַנטקעגן, האָבן אירע נערוון זיך באַרויִקט. יעדעס אָנגעטראָגענע פון די בערג ווינטל האָט איר אַ גלעט געטאָן און געקילט איר צעגליט געמיט. שפּאַנענדיק איבער שטעגן איז אויך איר מוח קלאָר געוואָרן און זי האָט נישט איין מאָל זיך אַ פרעג געטאָן ממש מיט ווערטער, אָבער שטיל: „צו וואָס? נישט כדאי!" די איינצלנע ווערטער זענען געווען דער רעזומע פון איר טראַכטן.

מיט עטלעכע טעג צוריק, אין אַן אָוונט, איז זי אַ פאַרמאַטערטע אויף דער־

גאַנגען מיט זײַטיקע שטעגן צום כּנרת. אַן אַנגעלענטע אין אַן אײקאַליפּטוס איז זי געשטאַנען אַן אײַנגעהאָרכטע אינעם שאָרך פון די אָנקומענדע כוואַליעס וואָס האָבן געשווענקט די ברעגן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז יעדע אָנשווימענדע כוואַליע וואַשט איר געמיט.

נחמה, מיט אירע פאַרטריקנטע פון דער עלטער ליפּן און הויט, די אַלטע מאַמע און באָבע, האָט מיט איר לעבנסגעניטקייט געזען ווי סמדר פּירט זיך אויף. לויט איר אויסזען האָט נחמה געוווּסט, אַז סמדר דערעסט נישט. זי האָט מיט אירע אַלע מאַמע־געפילן געוואָלט איר צוטראָגן אַ געקעכטס נאָר נישט געוואַגט. זי האָט פאַרשטאַנען וואָס מיט סמדרן קומט פאָר און איז גרייט געווען איר העלפן. נישט איין מאָל האָט נחמה אַ טראַכט געטאָן צי זי דאַרף נישט איבער־רעדן מיט גדעונען אָדער גאָר מיט סמדרן, נאָר זי האָט זיך אָפּגעהאַלטן, זי האָט נישט געוואָלט זיך מישן אין זײַערע ענינים, זי האָט נאָר אַכט געלייגט צי סמדר גייט יעדן טאָג צו דער אַרבעט און אַן אומרויִקע זי אויסגעקוקט אויף צוריק.

סמדרס טאָג איז געווען אַן אויסגעצויגענער, אָן אַ סוף. זי איז געווען וואַך כּמעט דעם גאַנצן מעת־לעת. זי האָט געוואַרט אויף עפּעס און נישט געוווּסט אויף וואָס. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ צעשראָקענע. זי האָט געבענקט אַהיים, צו אירע נאָענטע, נאָך אירע געוווינהייטן און שטייגער. אָבער ווי נאָר זי האָט אין איר מחשבה דערזען גדעונען האָט איר האַרץ אַ טיאַכקע געטאָן ווי עס זאָל זיך אָפּרײַסן. נאָך יעדער אַזאַ ווײַזיע איז זי שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַ טיף פאַרטראַכטע.

אין איינעם פון די אָוונטן איז זי ווידער געשטאַנען אַן אַנגעלענטע אין אַן אײקאַליפּטוס, ווי זי זאָל זיך צוהערן צו דעם כוואַליע־שאָרך, אָבער זי האָט געזען אין דמיון ווי זי שפּאַצירט מיט גדעונען. פּלוצעם האָט זי אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ. אַ הוילער קנאַק פון אַ שטאַרקער כוואַליע, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָגן אין ברעג, האָט זי ווי איבערגעוועקט. זי האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און ווידער אַ פליסטער געטאָן „כּדאַי ?" ווי זי זאָל פרעגן די בערג אַרום. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אָפּגעריסן פון בוים און איז אַוועק אַהיים.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער. אַ צעגליטער מדבר־ווינט האָט געבריט און אַלץ געטריקנט. אַ דיקער, גרויער ווי אַ וואָלקן נעפּל האָט אַלץ איבערגעדעקט. די ראיה איז געווען אַ מינימאַלע. די מענטשן האָבן געפּרייכט און זענען אָפּגע־גאַנגען אין שווייס.

נאָך מיטאָג איז גדעון געקומען קיין טבריה. ער האָט אויסגענוצט די צײַט. עס איז צו הייס געווען אַרבעטן אין פעלד. גדעון, אין אַ דין, ווייס צעקנעפּלט העמדל אַריבערגעלאָזט איבער די הויזן, מיט אַן אָפּגעדעקטן ברוסטקאַסטן, איז אַראָפּ פון אויטאָ און געלאָזט זיך גיין. ער האָט געהאַט פרייע הענט. ער האָט נישט באַוויזן אײַנצוקויפן די גוטע זאַכן ווי יעדעס מאָל ווען ער איז געקומען.

ער האָט באַשלאָסן, אַז דאָס מאָל וועט ער צוזאַם מיט סמדרן איינקויפן אין שטאָט.

ער איז געגאַנגען באַרג אַרויף אַ פאַרטראַכטער. ער האָט נאָר געפילט דעם שאָטן ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַ הויז. די אַלע טעג פון זינט ער איז געווען ביי סמדרן האָט ער געלעבט אין אַנשטרענגונג און געצאַפּלט פון אומרו. ער האָט אָן אויפהער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל זיך איבערגעלייגט ווי אַזוי עס איז אויסגעפאַלן זיין לעצטע באַגעגעניש מיט סמדרן און וועגן זיין אינצידענט מיטן פאָטער. אויך איצט האָט ער געקלעטערט איבער דעם אַספאַלט־וועג, באַרג אַרויף, אָן אַ פרייד. ער איז נישט געווען זיכער ווי אַזוי סמדר וועט אים באַגעגענען און אויפנעמען.

נחמה, וואָס איז כסדר צוגעגאַנגען צום פענצטער זען צי סמדר גייט שוין, האָט איצט אַ שריי געטאָן מיט התלהבות: „אָט איז ער" און צונויפגעקלאַפּט די הענט פון פרייד. זי האָט אַ שפּאַן געטאָן צו דער טיר און זי אויפגעפּראַלט. שוין פון וייטנס האָט זי אים אַ שריי געטאָן: „„שלום עליכם!" זי האָט נישט געוואַגט אַ רוף טאָן אים ביים נאָמען נאָר שטיין געבליבן און געוואַרט.

— שלום און ברכה — האָט גדעון איר געענטפערט מיט זיין פולער שטימע און פאַרשנעלערט זיין שריט. די קנייטשן אויף נחמהס פּנים זענען ווי פאַר־שווּנדן. זי איז געווען זיכער, אַז איצט וועט סמדרס שטימונג זיך בייטן.

— ברוך הבא! — האָט נחמה אים נאָך אַ מאָל אַ זאָג געטאָן ווי נאָר ער איז איבערגעטראָטן איר שוועל. זי האָט שנעל פאַרמאַכט די טיר און אים אַ זאָג געטאָן:

— אַ ווילדע היץ היינט, מען טאָר זי נישט אַריבערלאָזן איבער דער שוועל.

גדעון האָט געשמייכלט און אויסגעשטרעקט איר די האַנט. זי האָט געדריקט זיין האַנט מיט איר גאַנצן כּוח און אים אַ זאָג געטאָן:

— סמדר איז נאָך נישט געקומען. אַ חשק שפּאַצירן אין אַזאַ חמסין. — נאָר בכדי צו פאַרטושן איר באַמערקונג האָט זי אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ווילט איר טרינקען?

— אַ דאַנק, איך האָב געטרונקען — האָט ער איר געענטפערט, כאָטש ער איז געווען דורשטיק. נחמה האָט אַ שמייכל געטאָן אַ פאַרוווּנדערטע און אויף אים אַ קוק געטאָן פון דער זייט, כאָטש זי איז געשטאַנען אים אַנטקעגן. זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי זאָל אים זאָגן און וואָס זי דאַרף אים זאָגן. לשם העפלעכקייט האָט זי אים נאָר אַ וואָרף געטאָן די ווערטער:

— גוט וואָס איר זייט געקומען.

— יאָ — האָט ער שטיל געענטפערט און אַ שאָקל געטאָן איר מיטן קאָפּ. בשעת זיי האָבן זיך איבערגערעדט האָבןביידע אַוועקגעקוקט, ווי איינער זאָל זיך שעמען פאַר דעם אַנדערן. נחמה האָט די גאַנצע צייט מיט דער שפּיץ צונג זיך געווישט אירע פאַרטריקנטע פון דער היץ ליפּן. זי האָט געוואָלט רעדן און זיך נישט געטרויט. זי האָט אים נאָר אַ זאָג געטאָן:

— איך בין שטאַרק באַזאָרגט — און נישט געענדיקט פאַר וואָס. אַ ווײַלע

שפּעטער האָט זי אים נאָר אַ זאָג געטאָן — אַזאַ היץ, אַלע זענען אויסגעטריקנט. איר זייט אַזוי פיל שעהן שוין אין וועג און איר ווילט אַפילו נישט אַ קאָפּ וואַסער.

— איך בין ווי אַ קעמל אין דער מדבר, פאַרטראַג טריקעניש — האָט ער איר געענטפערט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט זיך געפילט נישט באַקוועם אין איר אַנוועזנהייט. ער האָט געפילט, אַז די אַלטע פרוי ווייסט וועגן זייער געראַנגל און צער. ער איז אויך געווען צעטראָגן וואָס ער האָט נישט געטראָפן סמדרן אין שטוב. נחמה האָט דווקא געוואָלט אָנהאַלטן מיט אים דעם שמועס ביז סמדר וועט קומען. זי האָט געקלערט, אַז אפשר וועט איר געלינגען אים אָנדייטן אין וואָס פאַראַ צושטאַנד סמדר געפינט זיך, אָבער זי האָט אים נאָר אַ זאָג געטאָן:

— איך בין שוין אַלט, נאָר יעדעס מאָל שטויס איך זיך אָן אויף געשעענישן, ווי איך זאָל זיין יונג און נישט דערפאַרן.

ער האָט איר נישט געענטפערט, כאָטש ער האָט פאַרשטאַנען וואָס זי איז אויסן מיט אירע רייד. ער האָט זיך נאָר איינגעקוקט אין פענצטער, נישט געוואָלט איר קוקן אין די אויגן. אַ ווילע האָבן ביידע געשוויגן. די היץ אין שטוב איז געווען דעמפּיק ווי זי זאָל טריפן. מיט אַ מאָל האָט גדעון אַ זאָג געטאָן שנעל:

— זי גייט! אַנטשולדיקט! — ער האָט אַ שפּאַן געטאָן צו דער טיר און איילנדיק זי פאַרמאַכט הינטער זיך.

איצט האָט נחמה זיך איינגעקוקט אינעם פענצטער. איר פּנים איז געוואָרן ערנסט. דער שמייכל אויף איר אייבערשטער ליפּ איז פאַרשוווּנדן.

— סמדר!

— גדעון! — האָבן ביידע גלייכצייטיק זיך אַ רוף געטאָן. זייערע שטימען האָבן אַ קלונג געטאָן פון פריידן און מידקייט. זיי זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס. ער האָט איינגעפּרעסט זיינע צעגליטע ליפּן אין איר פּיכטן, הייסן האַלדז. איר קאָפּ איז געווען פאַרוואָרפן. זי האָט מיט איין האַנט אים געהאַלטן אַרומגענומען און מיט דער צווייטער געגלעט זיין פּנים.

זי האָט זיך די ערשטע באַפרייט. זי איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און זיך געזעגעטיקט מיט זיין גבֿרישקייט.

ער איז געשטאַנען מיט אויפגעריסענע אויגן און עס האָט אים געדרוישט אין קאָפּ ווי ער זאָל זיין שיכור. אין מאָמענט האָט ער זיך אויסגעניכטערט. זיינע אויגן זענען געוואָרן גרויס און באַלד קליין, פאַרשרומפּן. ער האָט געשטויבט פון צער. ער האָט געזען ווי זי זעט אויס. איר לאַנג האַקי־העמד איז אַריבערגע־האַנגען איבער אירע ווייסע הויזן. איר פּנים איז געווען אָפּגעצערט, גרין, די אויגן אירע אונטערגעהאַקט. אירע רויטע האָר זענען געווען מאַט, ווי אָפּבלאַקירט.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זיין בליק האָט זי איינגעבראַכן.

— קום — האָט זי אַ פּליסטער געטאָן און זיך געלאָזט גיין. איר טראָט איז געווען אַ מידער. ער איז געגאַנגען מיט איר ווי ער זאָל איר נאָכגיין. זיינע ברייטע אַקסלען זענען געווען שפּיציק, דער קאָפּ זיינער האָט פון זיי אַרויסגעשטאַרט.

נחמה איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ביים פענצטער און זיי באַטראַכט. ווען זיי זענען אַדורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר איז איר שטערן געוואָרן צעקנייטשט, אירע ברעמען פאַרצויגן.

די פאַרשטאַרטע אין סמדרס צימער לופט איז געווען דעמפּיק. ביידע זענען שטיין געבליבן זיך אַנטקעגן ווי זיי זאָלן זיך זיין פרעמד. ביידע האָבן זיי געוואָלט רעדן און פון פּחד נישט געקענט. איינער האָט זיך געשראָקן פאַר דעם צווייטנס רייד. זיי האָבן געקוקט אַראָפּ. אַ צייט שפּעטער ערשט, האָט ער זי אַ פרעג געטאָן:

— פאַר וואָס זעסטו אַזוי אויס? — די ווערטער זיינע זענען געווען אָפּגע־האַקטע און ווייך, ווי ער זאָל זיי האָבן צעקוועטשט אין מויל.

זי האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט נאָר פאַרפלאָכטן איין האַנט פינגער אין דער צווייטער און איר קאָפּ איז געבליבן הענגען. זי איז געשטאַנען ווי זי זאָל זיך באַוויינען.

זיין פּנים איז געווען שטאַר ווי אַ מאַסקע, נאָר די קינבאַקן זיינע זענען געווען בולט, ווי זיי זאָלן זיין אָנגעשוואָלן. נישט זאָגנדיק קיין וואָרט האָט זי זיך אַריינ־געזעצט אין בעט און אַריינגעלייגט די הענט אין דער שויס. ער האָט צוגערוקט אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט אין מיטן שטוב איר אַנטקעגן, נאָר געקוקט האָט ער אין אַ זייט.

לאַנג, לאַנג זענען זיי אַזוי געזעסן און געשוויגן. די לאָדנס איבער די פענצ־טער זענען געווען פאַרמאַכט. אין צימער איז געווען גרוי, די לופט, ווי פאַר־גליווערט. ביידע האָבן געאָטעמט שווער און נישט אַ פיר געטאָן מיט אַן אֵבר. ביידע האָבן געשטאַרט אינעם אָנגעגליטן חלל און אין זייער שרעק און צער.

שפּעט שוין, ווען די גרויקייט אין שטוב האָט גענומען זיך זעצן און כסדר געוואָרן געדיכטער, האָט סמדר, נישט רירנדיק מיט קיין גליד, אַ מורמל געטאָן מיט די ליפּן: „די מאַמע האָט מיך באַזוכט".

זיינע שלייפן האָבן אַ האַמער געטאָן. זיין קאָפּשיידל האָט אַ קנאַק געטאָן ווי מען זאָל אים האָבן געגעבן מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ. זיינע גרויסע אויפ־געריסענע אויגן זענען געוואָרן שטאַר און האָבן געגלאַנצט ווי פאָרצעלאַן. ער האָט געוואָלט רעדן, זי פרעגן, אָבער זיינע שטים־בענדער זענען געווען ווי געליימט. ער האָט נאָר געפילט די היץ פון זיין אייגענעם אָטעם וואָס האָט געבריט זיינע ליפּן.

ערשט, ווען דער בין־השמשות איז שוין געווען אין שטוב און אין די ווינקלען האָבן זיך שוין באַזעצט בלאַסע שאָטנס, האָט ער זי אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האָסטו באַשלאָסן? — ווי ער זאָל צו איר אַרויפרעדן. זיין שטימע איז געווען דיק און הייזעריק.

זי האָט אים נישט באַלד געענטפערט. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן. איר פּנים האָט אויסגעזען ווי ביי אַ טויטן. זי האָט געוויינט אָן טרערן. ערשט איצט האָט זי אים אַ זאָג געטאָן: „דערווייל פאַר איך אַהיים". זי האָט אַפילו נישט

אַ ריר געטאָן מיט די ליפּן. די ווערטער זענען ווי אַרויסגעפֿאַלן איר פֿון מויל. זיי זענען געווען קלאַנגלאָז, אָן געפּיל.

ער איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון בענקל און ווילד אַ כאָרכל געטאָן „אַההה!", ווי אַ געקוילעטע בהמה. ער האָט געוואָלט שרייען און נישט געקענט. ער האָט פֿאַרביילט די פֿויסטן און געקריצט מיט די ציין, ווי ער זאָל מיט זיי קרישלען שטיינער. ער האָט מיט בײדע פֿויסטן זיך אַ זעץ געטאָן אין ברוסטקאַסטן. דער אָפּהילך איז זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען איבערן צימער, ווי ער זאָל האָבן אַ קלאַפּ געטאָן אין אַ הוילער פֿאַס. די דיקע, דעמפּיקע היץ האָט אַ ציטער געטאָן. אַ ווילדער, צערייצטער איז ער צוגעפֿאַלן צו דער טיר. ער האָט זי אַ ריס געטאָן און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב.

אַן אימהדיקער קרעכץ „אַהה" האָט זיך איינגעשניטן אין דער אָנגעגליטער, פֿאַרגליווערטער שטילקייט. דאָס האָט סמדר אַ יאָמער געטאָן. נחמה, וואָס איז געלעגן בײַ זיך אין צימער אויף דער סאָפֿע, האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און אַ ווײלע אויפֿגעהאָרכט. סמדר האָט אַרײַנגעשטופּט די פֿויסט אין מויל און געביסן זיך די פֿינגער. זי האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן בעט. אַ קאָנוווּלסיע־געוויין האָט געטרייסלט איר קערפּער. אין שטוב איז שוין געווען פֿינצטער.

# יב

דער ווינטער איז דאָס יאָר אַן איינגעשטעלטער. די רעגנס זענען פֿאַרטיילט. פֿאַראַן רעגן־טעג און אויסגעלייטערטע טעג. די רעגנס זענען געדיכטע און רויִקע. די רעגנטראָפּנס זענען קליינע און די ערד זאַפּט זיי. די ערד איז זאַט און לייכט. די אויסגעלייטערטע טעג זענען אַלע כמעט זוניקע און לופֿטיקע. די תבֿואה אין די פֿעלדער איז געדיכט און הויך. יעדן פֿרימאָרגן ליגט אויף די פֿעלדער, ווי אַ וואָלקן, אַ געדיכטער נעפּל.

אויך יניב, דאָס דאָרף אויף דעם פּלאַכן בערגל, איז דורכגעווייקט. ווען עס רעגנט גלאַנצט די נעץ אויף די שיפֿע און פּלאַכע דעכער. די דאָרפֿגאַס און די געסלעך זענען ליידיק. ווען דער טאָג איז אַן אויסגעלייטערטער שטייען די הײַזער אויסגעצוואָגענע. די מילדע זון טוט זיך טייל מאָל אויך אַ שפּיל אויף אַן אויס־געוואַשענער וואַנט. די באַשטראַלטע בלומען אַרום די הײַזער עפֿענען זייערע בעכער.

פֿאַר די מתישבֿים אין יניב ליגן זייערע פֿעלדער ווי אין אַ טאָל. זיי ליגן פֿונאַנדערגעלייגטע ווי אַ גרינער, פֿאַרביקער דיוואַן.

גדעון קוקט אַראָפּ. ער קוקט נישט קיינעם אין די אויגן. ער מיידט אַפֿילו אויס דעם טאַטנס בליק. ער איז באַליידיקט פֿון גורל, ער שעמט זיך. זיין אָטעם איז אַ קורצער, ווי אָפּגעהאַקט. די ציין זיינע זענען פֿאַרהאַקט, זיינע קינבאַקן

בולט. ער רעדט נישט. זינט ער איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט סמדרן האָט ער פֿאַרלוירן דעם לעבנס־חשק. ער באַוועגט זיך, טוט עס אָבער נאָר פֿון געוווינ־הייט. ער טראָגט אין זיך אַן אומרו וואָס נאָגט אים. שטענדיק האַלט ער אין מויל אַ פֿאַרלאָשענעם סיגאַר. זיין פּנים איז אויסגעצויגן. ער גיט נישט קיין שמייכל. ער געפֿינט זיך אין יניב מיטן טאַטן און דינהן, אָבער מיט זיין וועזן איז ער ביי סמדרן. זי איז ווייט פֿון אים, אין רבד, זי איז אָבער מיט אים. ער זעט דעם גלימער פֿון אירע רויטע האָר, הערט איר גאַנג און קול. אירע גרויסע, גרויע אויגן קוקן אויף אים. אָפֿט, אין שלאָף, האַלט ער זי אין די אָרעמס און פֿילט די יאָדערקייט פֿון איר קערפּער. דעמאָלט כאַפּט ער זיך אויף און קוקט זיך איין אין דער פֿינצטער, ווי ער זאָל איר נאָכקוקן.

זיין בענקשאַפֿט און אומרו פֿאַרטוט ער אין דער אַרבעט. ער אַרבעט אין פֿעלד. די טעג אַרבעט ער אין וויינגאָרטן. דאָ, ווייט פֿון די מענטשן, פֿון זייערע בליקן, אונטער דעם ברייטן, אומענדלעכן, פֿאַרוואָלקנטן הימל, אָטעמט ער רויִקער. דאָ, אויף זיין זאַטער ערד, וואָס הוידעט זיך אונטער זיינע פֿיס, פֿילט ער זיך זיכער. יעדער פֿרימאָרגן, ווי נאָר דער נאַכטנעפּל צעגייט זיך, דעקט אָפּ דעם פֿאַרוואָלקנטן הימל, דערהערט זיך זיין דיקער, ווי הייזעריקער, „אויס!" וואָס פֿאַרהאַלט פּלוטאָסן.

דאָס מוילאייזל איז שטיין געבליבן און ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון וואָגן. ער האָט אויסגעשפּאַנט פּלוטאָסן, אים אַרויסגענומען די צוים פֿון מויל און אים צוגעבונדן צום וואָגן. פּלוטאָס האָט גלייך גענומען אַרויסעסן פֿון וואָגן דאָס צוגעגרייטע היי פֿאַר אים.

יעדער פֿרימאָרגן, ווען גדעון איז אַריין אין וויינגאָרטן, האָט ער מיטן בליק אַרומגענומען די שוואַרצע ווי איינגעדאַרטע וויינשטאָקן. זיי זענען געווען נאַקעטע, אָן אַ בלעטל. זייערע צווייגן זענען געווען צעלייגט און געבונדן צו די דראָטן ווי די אָרעמס ביי אַ געקרייצטן. די געבליבענע אויף זיי רעגנטראָפּנס האָבן דערמאָנט דעם מילכטראָפּ אויף אַ מאַמע־ברוסט וואָס זייגט אַ קינד.

גדעון איז געגאַנגען פֿון איין וויינשטאָק צום אַנדערן. ביי יעדן באַזונדער איז ער שטיין געבליבן, אים באַטראַכט איידער ער האָט זיך צו אים צוגערירט. צווישן אים און דעם וויינשטאָק איז פֿאַראַן דער קאָנטאַקט פֿון געבערן. ער האָט געוווּסט ביי וועלכן וויינשטאָק זענען די וואָרצלען אָפּגעדעקט, ביי וועלכן וויינ־שטאָק האָבן די וואָרצלען געשלאָגן אין דער ערד טיף און ביי וועלכן זענען זיך די וואָרצלען צעגאַנגען אין דער ברייט פֿון דער ערד. ער האָט געאַרבעט מיט פֿלייס און זאָרג. ביז ער האָט באַשלאָסן אָפּשניידן דאָס פֿאַרטריקנטע צווייגל האָט ער צו ערשט עטלעכע מאָל אַ צוויק געטאָן מיט דער שער אין דער לופֿט. זיין שער־צוויק איז געווען אַ ריטמישער: טיק, טיק, טיק. פֿון מאָל צו מאָל האָט אים אַקאָמפּאַנירט אין דער אַרבעט אַ פֿויגל: ציף, ציף, ציף, אָדער אַ גראַ, גראַ פֿון אַ ווילדער טויב.

אָפּט איז ער שטיין געבליבן מיט דער אָפענער שער אין האַנט, ווי זי זאָל האָבן אים געליימט געוואָרן, און זאָרגזאַם באַטראַכט די צווייג ווי ווייט ער מוז זי אָפּשניידן ער זאָל חלילה נישט פאַרשניידן אַ צווייג, ווי ער זאָל זיין אַ כירורג וואָס דאַרף אָפּשניידן אַ לעבעדיקן אבר. ער האָט די אַראָפּגעלאָזטע צווייגן אונטערגעהויבן. זיי צוגעבונדן. נישט אויף איין צווייג, פון וועלכער ער האָט אַראָפּגעטרייסלט די רעגנטראָפּנס האָט זיך אָפּגעזעצט זיינס אַ טראָפּן שווייס. יעדע אויסגעענדיקטע שורה האָט ער באַטראַכט מיט איין אויג פון דער זייט, ווי אַן אָפּיציר זיינע זעלנער, וואָס שטייען פאַר אים אין אַ שורה.

איין מאָל, נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעענדיקט אַ שורה, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער נאַסער ערד. ער האָט מיט די הענט אַרומגענומען זיינע אונטערגעצויגענע פיס און זיין קאָפּ איז ליגן געבליבן אויף די קני. ער האָט זיך באַדויערט. אַ צייט שפּעטער האָט ער אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן ווי ער זאָל וועמען נאָכקוקן. זיין בליק איז געווען שטאַר, און אים האָט געגליווערט זיין צער. מיט אַ מאָל האָבן זיינע ליפּן זיך אַ באַוועג געטאָן, ווי זיי זאָלן ציטערן, און ער האָט אַ פּליסטער געטאָן: „צו וואָס ?" זיינע שפּיץ וואָנסעס זענען הענגען געבליבן ווי ביי אַ טויטן. די אויגן־לעפּלעך האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזט, זיין פּנים איז געווען שטאַר, אַ מאַסקע. נאָר נישט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן זיין רעזיגנאַציע. באַלד איז ער אויפגעשפּרונגען און געשטעלט זיך אַרבעטן.

ווען ער האָט געענדיקט די אַרבעט איז ער מיטן פּיאַש אין האַנט געגאַנגען פון איין ווייִנשטאָק צום אַנדערן און איבערגעאַקערט די ערד, פאַרדעקט זייערע וואָרצלען. אין אַזעלכע שעהן האָט ער פאַרגעסן אין אַלץ. ער האָט אַפילו נישט געפילט קיין הונגער. ער האָט נאָר געררייכערט און פאַרצויגן ליידנשאַפטלעך. גדעון איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט, אַז ער האָט נישט געמערקט, ווי דער טאָג פאַרגייט. ערשט, ווען דער טאָג האָט גענומען גרויען, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן. ער האָט אָפּגעאָטעמט און איז שטיין געבליבן. ער האָט אַ צעפּיר געטאָן די הענט, זיך אויסגעררענגט. ער האָט צונויפגענומען די כלים און איז אַוועק צום וואָגן איינשפּאַנען פלוטאָסן און פאָרן מיט אים אַהיים.

אומדערטרעגלעך זענען אים געווען די שעהן נאָך דער אַרבעט אין שטוב. דאָ איז ער ווידער געווען מיט זיך. זיין מוח האָט געפּיבערט. ער האָט זיך געשטיקט פון בושה און בענקשאַפט. ער האָט געשוויגן אַפילו ביים טיש בעתן עסן. פון מאָל צו מאָל האָט ער נאָך אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער און נאָכגעקוקט דינהן. זיין בליק איז געווען שטאַר. די שטילקייט אין די חדרים איז געווען ווי נאָך אַ מת, וואָס מען האָט אַרויסגעטראָגן פון שטוב. דינה האָט זיך באַוויגן פאַמעלעך, ווי זי זאָל זיך היטן, כדי נישט אָנשטויסן זיך אין עפּעס, מאַכן אַ רעש. דער פאָטער איז בדרך־כלל געזעסן ביים טיש אַן אָנגעשפּאַרטער אויף די עלנבויגנס, ווי ער זאָל באַטראַכטן זיך די הענט. אויך זיין בליק איז געווען שטאַר, ווי זיינע אויגן

זאָלן זײַן אויסגעטריקנט. אַלעמענס טריט זענען געווען נישט זיכערע, ווי זיי זאָלן גיין אויף די שפּיץ פֿינגער. איינער איז געגאַנגען דעם צווייטן פֿון וועג. אָפּט איז דינה אַפֿילו אַוועק פֿון שטוב אָן אַ „שלום". זי האָט זיך אַרויסגעשלײַכט ווי זי זאָל אַנטלויפֿן. דער פֿאָטער איז נישט איין מאָל זיצן געבליבן אין דער פֿינצטער ווײַל ער האָט נישט געוואָלט זיך איבערצייגן, אַז ער איז אַליין.

גדעון, ווי נאָר ער האָט געענדיקט עסן, איז אויפֿגעשטאַנען פֿון טיש און איז אַריין צו זיך אין צימער. נישט איין מאָל איז ער שטיין געבליבן אין מיטן צימער מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי ער זאָל דאָס צימער זען ס׳ערשטע מאָל. אַלץ אין צימער איז אים געווען פֿרעמד. יעדעס מעבלשטיק איז אים געווען בולט, האָט אַרויסגעשטאַרט פֿון רוים. ער איז געשטאַנען און נישט געוווּסט נאָך וואָס ער איז אַריין. ווען דער פֿאָטער זאָל אַ רוף טאָן אים ביים נאָמען וואָלט ער נישט געוווּסט, אַז דאָס רופֿט ער אים, אַזוי פֿאַרטראָגן איז ער געווען. ווען ער איז צו זיך געקומען האָט ער זיך געכאַפּט ביים קאָפּ און געריסן זיך די האָר. אַ צע־שויבערטער מיט שטאַרע, גלײַזיקע אויגן האָט ער אויסגעזען ווי ער זאָל זײַן חסר־דעה. נישט איין מאָל איז ער אַריין צוריק אין עסצימער און געגאַנגען אַהין און צוריק. ווען ער האָט זיך פֿאַרמאַטערט איז ער ווידער אַריין צו זיך אין צימער און זיך אויסגעצויגן אויף דער סאָפֿע.

ער איז געלעגן שעהן מיט אָפֿענע אויגן און אַפֿילו נישט אַ טראַכט געטאָן. זײַן מוח איז געווען ליידיק, אָן יעדן געפֿיל. טייל מאָל האָט ער אויך אײַנגע־דרימלט. ער האָט געדרימלט מיט אָפֿענע אויגן, ווי ער זאָל זײַן וואַך. ער האָט נישט געזוכט קיין אויסוועג. ער האָט נישט געפּרוּווט ענדערן זײַן מצב. ער איז פּשוט געווען זיך איבעריק. אַ מאָל, אַ מאָל, האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט, גענומען די צייטונג, געפּרוּווט לייענען און גאָרנישט פֿאַרשטאַנען. ער האָט גע־בלעטערט די צייטונג ווי ער זאָל אין איר עפּעס זוכן און זי צוריק אַוועקגעלייגט.

אַ פֿאַרשטאַרטער אין זײַן אַפּאַטיע האָט ער טייל מאָל יאָ אַ טראַכט געטאָן און זיך אַ פֿרעג געטאָן: „וואָס ווייטער?" דעמאָלט איז אים באַפֿאַלן אַ פּחד. פֿון שרעק און אומבאַהאָלפֿנקייט האָט ער אַ פֿאַרבייל געטאָן די פּויסטן און איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער סאָפֿע, ווי ער זאָל ווילן אַנטלויפֿן, נאָר נישט געהאַט ווו אַהין און צו וועמען, ווײַל אין דער צייט וואָס ער האָט פֿאַרברענגט מיט סמדרן האָט ער זיך דערווייטערט פֿון אַלע חברים און באַקאַנטע. איצט האָט ער זיך פּשוט געשעמט זיך ווייזן פֿאַר זיי. זיך צו באַרויִקן האָט ער אַראָפּגע־נומען פֿון דער עטאַזשערקע ס׳פֿלעשל וואָס איז געשטאַנען פֿאַרשטעלט הינטער אַ ביכל. ער האָט אַ זשליאָקע געטאָן אַ פֿול מויל און עס צוריק באַהאַלטן. אַ באַרוישטער האָט ער זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף דער סאָפֿע און איז אײַנגעשלאָפֿן.

נאָר אָפֿט איז ער נישט אַריין אַפֿילו צו זיך אין צימער. ווי נאָר ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער אַרבעט האָט ער זיך אַרומגעוואַשן, איבערגעטאָן און אַוועק פֿון שטוב, אַפֿילו נישט אָפּגעגעסן ס׳מאָלצײַט. דער פֿאָטער און דינה האָבן נאָר געהערט ווי ער צינדט אָן דעם מאָטאָציקל און פֿאָרט אַוועק. באַלד נאָך דעם

ווי ער האָט איבערגעריסן מיט סמדרן האָט ער זיך געקויפט דעם מאַטאָציקל און אַזוי ווי אין די ייִנגל־יאָרן האָט ער שעהן פֿאַרבראַכט בײַ אים, גערייניקט און געפּוצט אים, ביז יעדעס שטיקל ניקל האָט געגלימערט.

בײַ יעקבן אין די חדרים איז לעצטנס געווען שטיל, ווי דער פֿאָטער און דינה זאָלן זיך נישט אויפֿהאַלטן אין זיי. די שטילקייט איז געווען אַן אימהדיקע, ווי רוחות זאָלן זיך אין זיי אויסבאַהאַלטן. אין די חדרים איז כסדר געווען טונקל. די מעבל האָבן אויסגעזען ווי זיי זאָלן זײַן אַרײַנגעפּרעסט אין דעם טונקעלן חלל. ביידע, סײַ דינה סײַ דער פֿאָטער, האָבן געשוויגן. יעדער באַזונדער האָט זיך געהיטן רעדן, כּדי נישט זאָגן אַן איבעריק וואָרט. איינער איז געגאַנגען דעם צווייטן פֿון וועג. ביידע האָבן פֿאַרשוויגן און פֿאַרשטיקט אין זיך זייער ווייטאָג. ביידע האָבן זיי פֿאַרשטאַנען וואָס גדעון לעבט איבער.

דער פֿאָטער האָט געשוויגן און זיך אײַנגעהויקערט. די אויגן זײַנע זענען געווען טריב, ווי זיי זאָלן זײַן איבערגעצויגן מיט אַ הײַטל. אָפּט, ווען ער האָט אַ קוק געטאָן, האָט דינה געמיינט אַז ער זעט נישט און האָט שטיל אַ זיפֿץ געטאָן. יעקב, דער פֿאָטער, האָט נישט באַגריפֿן וואָס פֿון זײַן זון איז געוואָרן. ער האָט זיך נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז גדעון, וואָס איז בטבע געווען פֿול מיט לעבן, האָט זיך אײַנגעבראָכן צוליב עפּעס אַ מיידל. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרזאָרגטער. ער האָט נישט משׂיג געווען, אַז גדעון, יעקבס דעם קרימטשאַקס זון, קאָן נישט מוותּר זײַן אויף אַ מיידל. כאָטש ער האָט געדענקט ספּעציעל איצט זײַן ליבע מיט חדוהן — גדעונס מוטער. ער האָט נישט אײן מאָל אַ טראַכט געטאָן און באַשלאָסן: איך וועל מיט אים רעדן! נאָר ער האָט ווײַטער געשוויגן. ער האָט זיך געשראָקן אַז גדעון וועט אָוועק פֿון שטוב.

דינה, די הויכע קאָרפּולענטע פֿרוי, איז אַרומגעגאַנגען אַ נערוועזע. פֿון אויפֿרעגונג האָבן אירע ברוינע אויגן געגלאַנצט ווי זיי זאָלן זײַן אויסגעפּעטסט. זי האָט געליטן צוזאַם מיט יעקבן און באַדויערט גדעונען. אויך זי האָט אָפּט אַ טראַכט געטאָן אַז זי דאַרף מיט אים רעדן. יעדעס מאָל אָבער האָט זי זיך געענטפֿערט: „„ביסט נישט זײַן מאַמע". כאָטש זי האָט זיך געבונטעוועט: „איך האָב אים אויפֿגעצויגן", נאָר זי האָט געשוויגן און אין זיך געדריקט איר עגמת־נפֿש.

נאָר אין אַן אָוונט, ווען דינה האָט זיך געקליבן שוין אַהיימגיין, איז זי שטיין געבליבן אין אַ ווינקל און באַטראַכט יעקבן. זי האָט אים באַדויערט. יעקב איז געזעסן אַן אָנגעלענטער אויף זײַנע עלנבויגנס וואָס ער האָט אָנגעשפּאַרט אויפֿן טיש. ער האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און דערפֿילט אויף זיך איר בליק. ביידע זענען געבליבן אין פֿאַרלעגנהייט, פּשוט, איינער האָט זיך געשעמט פֿאַר דעם אַנדערן.

— דו דאַרפֿסט מיט אים רעדן — האָט דינה אַ זאָג געטאָן צום טאַטן.

יעקב האָט איר נישט געענטפערט באַלד. ער האָט עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ פון באַדויער און ערשט איצט אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך: „יונג בלוט, אַנדערע צייטן" — אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער ממשיך געווען: „ער איז ביי מיר דער איין און איינציקער, וואָס וועל איך טאָן, אַז ער וועט מיך לאָזן און וועט אַוועק?" די שטילקייט אין שטוב איז געווען אימהדיק. ביידע האָבן זיי געפילט די אימה. זי האָט געאָטעמט שווער, געוויינט אָן טרערן, נאָר אירע ליפּן האָבן אַ פליסטער געטאָן:

— פּרוּוו דאָך מיט אים רעדן. — אַ טרער האָט זיך צונויפגענומען אין אירע אויגן־ווינקלען. ער האָט געשוויגן.

— שלום — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן און איז אַרויס פון שטוב.

יעקב איז זיצן געבליבן אַ פאַרגליווערטער. ער האָט נאָר געהערט די טריט אירע אין הויף.

גדעונען איז נימאס געוואָרן די שטוב, זיין מאַטערן זיך און זיין קעמפן מיט זיך. אים האָט וויי געטאָן דעם פאָטערס עגמת־נפש און דער אָפּהילך פון דעם פאָטערס אַלטע, מידע טריט הינטער זיין טיר. ער האָט געוווּסט, אַז דער פאָטער קוקט אים נאָך, וויל זען וואָס ער טוט. ווי נאָר עס איז געוואָרן פינצטער איז ער אויפגעשפּרונגען פון דער סאָפע און אַוועק פון שטוב.

אַזוי ווי די מענטשן אין שטוב האָבן אים דערדריקט, אַזוי האָבן די בערג און טאָלן אים געלאָקט. די ווינטן אָדער די רעגנס האָבן אים נישט געשטערט. ער איז געפאָרן אויף זיין מאָטאָציקל מיט דער גרעסטער שנעלקייט איבער די פאַרשידענע וועגן אין גליל. דער ווייזער פון קילאָמעטראַזש־זייגער האָט געצי־טערט ביים סוף ציפערבלאַט ווי אַט, אַט זאָל ער זיך אָפּרייסן. ער האָט אין פאָרן געטריבן הפקר־האַזאַרד, זיך באַפרייט פון זיין פיין. דער רעש פון מאָטאָר איז דערגאַנגען ביז ווי ווייט. נישט איין מענטש אין דער סביבה האָט, דערהערנדיק דעם רעש, אַ זאָג געטאָן: „דער יניבער מאַכט שוין זיין נאַכט־טורניר".

ער איז געפאָרן איבער פאַרשידענע מקומות. יעדעס מאָל איז ער אַריין אין אָן אַנדערן רעסטאָראַן. ער האָט געקענט אַלע פלעצער ווו ער האָט געקאָנט אויסטרינקען און אָפּזיצן ביי אַ גלעזל און אַלע רעסטאָראַטאָרן האָבן אים געקענט. ער האָט אָבער מיט קיינעם פון זיי זיך נישט אַריינגעלאָזט אין קיין שמועס. ער האָט פאַר קיינעם פון זיי נישט געפּרוּווט זיך אַראָפּרעדן. ער האָט געשוויגן פּונקט ווי אין שטוב.

מיט וועמען ער האָט יאָ אויסגעוועקסלט איינצלנע ווערטער דאָס איז געווען זוסיאַ אין עפולה. זוסיאַ, אַ מיטלוווּקסיקער, ברייטפּלייציקער, געלער ייד, וואָס איז במעט שטענדיק געווען באַוואַקסן, נישט ראַזירט, האָט געהאַט אַ קאַנטיק פּנים און געטראָגן אַ קאַשקעט. ער איז געווען דער בעל־קאַפע וואָס האָט זיך געפונען אין „אגד"־סקווער, ווי מען האָט עס גערופן אין עפולה. איבער זיין ברייטער, פאַרגלעזטער טיר איז געהאַנגען אַן אָפּבלאַקירטע פון דער זון שילד „רויה". זיין קאַפע איז באַשטאַנען פון אַ שמאָלן לאָקאַל מיט קליינע, צעשטעלטע

טישלעך איבערן זאַל. אין דער זייטביים איינגאַנג איז געשטאַנען דער שענקטיש מיט אַן אויסגעבויגענעם ניקעלנעם בירקראַן. ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ פּאַליצע מיט פלעשער געטראַנקען. די קילשאַנק איז אויך געווען דער שענקטיש. אַ פאַרגלאָזטע שויב פון פאָרנט האָט געוויזן די מאכלים וואָס זענען פאַראַן אין איר. דער גרויער קאַלך אויף די ווענט האָט געגלאַנצט פון אַלטקייט. צוויי איבער־געדעקטע מיט פאַרצעלאַן אַבאַזשורן־לעמפּ האָבן פונאַנדערגעשפּרייט גרינע ווי אָפּבלאַקירטע ליכט. דאָ אַהער איז גדעון גערן געקומען. דאָ איז ער געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אין די שעהן ווען גדעון איז געקומען איז די קאַפע געווען כמעט שטענדיק ליידיק. דאָ, ביי אַ טישל אין ווינקל, איז ער ביי אַ קאָניאַק געזעסן אַליין און אין זיך געאָטעמט די אַדורכגעזאַפּטע לופט מיט אַלקאָהאָל און גע־פּרעגלט פעטס. אַ צעקנעפּלטער איז ער געזעסן איבערן גלעזל, פאַמעלעך געזופּט און געשוויגן. זיין פּנים איז געווען אָנגעשטרענגט, ווי ער זאָל זיין אין כעס. ווען ער איז הונגעריק געוואָרן האָט ער אַ זאָג געטאָן: „זוסיאַ, אַ סענדוויטש!" צוויי מוציאס וויס ברויט אַדורכגעלייגט מיט שאָפּנקעז איז געווען זיין באַליבטער מאכל.

זוסיאַ איז שטענדיק געשטאַנען הינטערן שענקטיש אַן אָנגעלענטער אין דער פּאַליצע אָדער אויף זיינע אָנגעשפּאַרטע עלנבויגנס אויפן טיש, און אים באַטראַכט. דאָס האָט ער געטאָן פון נייגער און לאַנגווייל. גדעון האָט געזען, אַז זוסיאַ באַטראַכט אים, נאָר אים האָט נישט געאַרט וואָס ער טראַכט וועגן אים. בדרך־כלל האָבן זיי ביידע געשוויגן. אַ מאָל, אַ מאָל האָט זוסיאַ אים אַ פרעג געטאָן — „גוטער קאָניאַק?" אָדער — „גוטער קעז?" צי גאָר אים געפרעגט — „קאַלט אין וועג?" געוואָלט מיט אים פאַרפירן אַ שמועס. גדעון האָט אים געענטפערט אויף יעדער פראַגע, נאָר נישט מער.

אין איינעם פון די באַזוכן איז גדעון זיך פאַרזעסן. פלוצעם האָט זיך דער־הערט דער פליוך פון די געדיכטע רעגנטראָפּנס וואָס זענען געפאַלן אין דרויסן און דאָס ווויען פון אַ בייזן הונט. אַ קעלט האָט אויך אַ שפּאַציר געטאָן איבער דעם לאַנגן לאָקאַל. גדעון האָט אַ הייב געטאָן די אַקסלען, ווי ער זאָל זיך קאָר־טשען פון קעלט און אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך: „ס׳מאַכט נישט, עס וועט וואַקסן בעסער אין די פעלדער".

זוסיאַ האָט זיך אָפּגעריסן פון שענקטיש און איז שטיין געבליבן אַ פאַר־וווּנדערטער. גדעונס קול האָט אים איבעררעאַשט.

— יידן דאַרפן פּרנסה — האָט ער אים געענטפערט. זוסיאַ האָט מער־ווייניק געוווּסט ווער גדעון איז. ער האָט אָבער געוואָלט באַפרידיקן זיין נייגער און זיך דערוויסן פּרטים. ער האָט דעריבער באַשלאָסן אויסנוצן די געלעגנהייט. ער איז צוגעגאַנגען און זיך אַ פּאָרע געטאָן. ער האָט אויסגעליידיקט און איבערגע־שטעלט די אַשנבעכער אויף די טישלעך און אַ זאָג געטאָן גדעונען:

— אין שטוב מיינען זיי, אַז איר זייט אין וועג.

גדעון האָט געשוויגן. ער האָט זוסיאַן אָנגעקוקט מיט איין אויג פון דער זייט,

ווי ער זאָל זיך ווען איבערצייגן וואָס דער ייד איז אויסן, און איצט ערשט אים געענטפערט:

— נישטאָ ווער עס זאָל זיך זאָרגן וועגן מיר. — ער האָט פאַרביסן די ציין, די קינבאַקן זיינע זענען געוואָרן בולט און ער האָט אויך אַ זאָג געטאָן מיט סאַרקאַזם — דער טייוול וועט מיך נישט נעמען.

— אַ בעל־משפּחה? — האָט זוסיאַ נייגעריק אים אַ פרעג געטאָן און כלומרשט געטאָן ווייטער זיין אַרבעט.

— ניין — האָט גדעון אים אָפּגעענטפערט ווי מיט כעס.

— אַ ייד דאַרף האָבן אַ משפּחה — האָט זוסיאַ אים פאַרגעהאַלטן.

— ער דאַרף — האָט גדעון אים געזאָגט ווי צו זיך און אַ קריץ געטאָן מיט די ציין.

זוסיאַ איז שטיין געבליבן אַן איבעראַשטער פון זיין כעס און שטיל אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס, עס פעלן אין לאַנד בחורות?

— פאַראַן, פאַראַן — האָט גדעון אים אָפּגעענטפערט אַן אויפגערייצטער.

איצט האָט זוסיאַ אים נייגעריק באַטראַכט פון דער זייט.

— ר' ייד, זייט געזונט — האָט גדעון אים אַ זאָג געטאָן אַקצענטירנדיק יעדעס וואָרט און איז האַסטיק אויפגעשטאַנען. ער האָט אַוועקגעלייגט אַ מטבע אויפן טישל און איז אַוועק צו דער טיר. גייענדיק האָט ער זיך פאַרקנעפּלט. ער איז אַרויס אין גאַס אין רעגן אַריין.

זוסיאַ איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ פאַרוווּנדערטער.

# יג

די רעגנס זענען געוואָרן כסדר שיטערער און זעלטענער, נאָר דער ווינטער האָט זיך פאַרצויגן. גדעון מיידט נישט נאָר די באַקאַנטע נאָר אויך זיינע חברים פון אַמאָל. ער שעמט זיך פאַר זיי. ער איז איבערצייגט, אַז אַלע אין יניב ווייסן זיין דורכפאַל. ער קרענקט עס איבער.

די מתישבים אין יניב באַרעדן אים טאָקע. ווי נאָר צוויי יידן אָדער ווייבער טרעפן זיך אין וועג אָדער אין קאָנסום־הויז, צי גאָר אין קילהויז און כאַפּן אַ שמועס, איז וועגן וואָס זיי האָבן נישט געזאָלט רעדן האָבן זיי זיך דעררעדט צו גדעונען. ווייבער האָבן פאַרטרויט זיך אַ סוד, מענער האָבן גערעדט שטיל, ווי אונטערן נאָז. די מתישבים האָבן געפרעגט, זיך אַליין דערקלערט און דערציילט גוזמאות און רכילות.

אַנומלט האָבן דב און יהודה,ביידע לייביקע יידן מיט אויסגעאַרבעטע הענט און פלייסיקע פּנימער זיך געטראָפן אין וועג. דב איז אַרויס פון קילהויז. יהודה איז געגאַנגען אַהין מיט צוויי קאַנען מילך.

— שלום דב! וואָס הערט זיך? — האָט יהודה אים אַ פרעג געטאָן און זיך מיט אים אָפּגעשטעלט.

— גאָר קיין נייעס, עס רעגנט און אין די פעלדער וואַקסט — האָט ער אים געענטפערט און זיך צעשמייכלט.

— אויף דעם וואָרט מען דאָך אין יניב — האָט יהודה אים געענטפערט.

— וואָס הערט זיך אַזוי? — האָט דב אים אַ פרעג געטאָן בייגעריק.

— אין יניב קומען נישט פאַר קיין געשעענישן — האָט יהודה זיך אַ רים געטאָן.

— נו! נו! און די מעשׂה מיט גדעונען — האָט דב אַ פּראַל געטאָן.

— וואָס איז געשען מיט אים? — האָט יהודה פאַרווּנדערט געפרעגט.

— זיינע וואָנסע־שפּיצן הענגען אים שוין אַראָפּ, ער ווייזט זיך נישט אויף די אויגן — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט סאַטיספאַקציע.

— אַ רחמנות דער אַלטער טאַטע, זיך אויסגעאַרבעט אויף דער עלטער — האָט אים יהודה באַדויערט.

— זי האָט אים פאַרטריבן. ער האָט געדראָט איר מיט אַ מעסער. זי האָט געמאַכט אַ געוואַלד איז ער אַנטלאָפן דער פּחדן. די קיבוצניקעס זענען אים נאָכגעלאָפן מיט דרענגער אין די הענט — האָט דב געפּראַלט מיט פאַנטאַזיע.

יהודה האָט פאַרווּנדערט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט אַ נעם געטאָן די צוויי קאַנען מילך, אים אַ זאָג געטאָן „שלום" און איז אַוועק.

— ער קאָן נעמען אַ טאָכטער אין יניב — האָט דב אים נאָכגעשריגן און איז אַוועק צום וואָגן.

האָט ווער איינגעזען יעקבן אָדער דינהן, האָט ער זיך איינגעקוקט אין זיי, ווי זיי זאָלן זיין פרעמדע אין דאָרף. ווער עס האָט זיי געטראָפן האָט זיי געזאָגט „שלום" און געקוקט זיי אין די אויגן, אפשר וועלן זיי רעדן. ווען דער אַלטער יעקב האָט געבּרענגט זיין גערעטעניש אויף דער זאַמלשטעלע אָדער אין קילהויז אַריין, האָבן די מתישבים וואָס זענען דאָרט געווען, געהאָלפן אים אָפּלאָדענען און אים געקוקט אין די אויגן מיט רחמנות און כבוד. יעקב האָט געשוויגן.

אַנומלט, פאַר נאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָט די הויכע, דאַרע און מיט אַ פולן בוזעם, שׂרה, אָפּגעוואַרט דינהן. ווי נאָר שׂרה האָט זי דערזען פון ווייטנס האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן צו איר מיט אימפּעט און איר אַ זאָג געטאָן אויפן קול:

— דינה, שלום! וואָס מאַכסטו? וואָס הערט זיך עפּעס גוטס? — ווי זיי זאָלן זיין נאָענטע באַקאַנטע, כאָטש זיי האָבן קיין מאָל מער ווי „שלום" זיך נישט געזאָגט.

— שלום — האָט דינה איר געענטפערט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און זי פאַרבייגעגאַנגען. זי האָט פאַרשטאַנען וואָס שׂרה איז אויסן.

מיט אַלע פּליאָטקעס און רעדערייען האָבן זיך איבערגענומען זיינע אַמאָליקע חברות, אַלע וואָס האָבן אים געדענקט, דעם דרייסטן, דעם ספּאָרטסמאַן, דעם וואָס האָט געפירט די מחנה אויף אַן אויספלוג, דעם וואָס איז צום ווייטסטן

אַרויסגעשווומען אין אָפענעם כנרת. גדעון, וואָס איז געווען דער ערשטער הורה־טענצער אין יניב און דער וואָס האָט איינגעאָרדנט די „קומזיצן“. זיי האָט באמת געאַרט זיין צושטאַנד. איצט, ווען כמעט זיי אַלע זענען שוין געווען טאַטעס און ערד־באַזיצער, האָבן פון מאָל צו מאָל אין מוצאי־שבת זיך צונויפגענומען ביי אָשרן אין דער דאָרפס־קאַפע. אָשר איז געווען אַ רויטער ייד, געהאַט איין פוס און איז געגאַנגען מיט אַ שטעקן. דעם פרעמדן פוס האָט ער נישט געשטעלט פאָרויס נאָר אין דער ברייט.

די קאַפע איז געווען איינס פון אָשרס חדרים, דער המשך פון זיין שפּייזקראָם וואָס ער האָט געפירט. אין דער קאַפע זענען געשטאַנען אַ לאַנגער מיט אַ ווייסער צעראַטע באַדעקטער טיש, מיט בענק פון ביידע זייטן. אין דער זייט איז געשטאַנען אַ גרויסער ראַדיאָ־קאַסטן וואָס האָט פאַרהילכט ווען מען האָט אים געעפנט. אויף דעם מוצאי־שבת האָבן פיר פון דער חברה זיך געטראָפן ביי אָשרן. אין דרויסן האָט גערעגנט. די נעץ איז אַריינגעדרונגען אין די ביינער. די פיר הויכע, ברייטפּלייציקע מענער מיט שטאַרקע, מוסקולירטע הענט און געדיכטע טשופּרי־נעס זענען געזעסן מיט אויסגעצויגענע פיס אונטערן טיש. זיי האָבן געטרונקען אויפגעקאָכטן וויין און האָבן אַרומגערעדט די דאָרפס־ענינים און געשעענישן. דאָס צימער איז געווען העל באַלויכטן. אַלע דריי לעמפּ אויף דער סטעלע, וואָס זענען אַראָפּגעהאַנגען ווי אַ דרייעק, האָבן געברענט.

זיי האָבן געטרונקען בנעימותדיק און צווישן איין זופּ און דעם אַנדערן זיך דורכגערעדט. זיי האָבן גערעדט אָן אָנשטרענגונג, ווי די ווערטער זאָלן פון זיך אַליין אַרויס פון זייערע מיילער. דערביי זענען זיי איבערגעגאַנגען פון איין טעמע צו דער צווייטער. זייערע טעמעס זענען געווען אָן המשך, ווי זיי זאָלן זיך צו וויסן טאָן.

— הייאָר זענען די רעגנס גוט פאַרטיילט — האָט פּנחס אַ זאָג געטאָן.

— דערפאַר איז די פּאַשע זאַפטיק — האָט אפרים אים געענטפערט. אַלע האָבן מסכים געווען. שפּעטער, ווען מיכל האָט געזאָגט: „מען קריגט נישט קיין באָקסער — האָט ברוך אים אויפגעקלערט:

— די שיף וואָס דאַרף אים ברענגען איז שטעקן געבליבן אין ציפּערן. — אפרים האָט אַ זופּ געטאָן פון זיין גלאָז. ער האָט מיט דער צונג זיך אַרומגעווישט די ליפּן און אַ זאָג געטאָן:

— דאָס שטרוי וועט היי־יאָר זיין נידעריק און נישט שפּאָרעוודיק.

— דערפאַר איז עס טייער — האָט ברוך אים געענטפערט.

אַ ווייַלע האָבן זיי ווידער געשוויגן. מען האָט נאָר געהערט דעם ווערטער־אָפּהילך וואָס איז דערגאַנגען אַהער פון אַ דערבייאיק צימער. מיט אַ מאָל האָט אפרים אַ זאָג געטאָן:

— יואל איז געווען אין חיפה. ער האָט איינגעצאָלט פאַר אַ טראַקטאָר.

— איך וועל אויסקומען מיט מיין פרעידע (מוילאייזל) — האָט מיכל אים געענטפערט.

— איך וואָלט דאָס געלט פאַרנוצט אויף עפּעס אַנדערש — האָט פּנחס זיך אַ וויצל געטאָן.

— ער וועט אַקערן ביי לייטן און פאַרדינען — האָט ברוך זיי אויפגעקלערט.

אַ צייט לאַנג האָבן זיי געשוויגן ווי זיי זאָלן שוין מיד זיין. מיט אַ מאָל האָט פּנחס אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך קוויקן:

— ניצנה ברענגט אַ בחור פון בוסתניה.

— אַזוי גאָר?! — האָט מיכל אַ פרעג געטאָן פאַרוווּנדערט.

— איך האָב אים געזען. אַ יונג אַ בוים — האָט פּנחס זיי פאַרזיכערט.

איצט איז געוואָרן שטיל אין שטוב. מען האָט נאָר געהערט דעם שאַרך ווען ווער פון זיי האָט אַ זופּ געטאָן פון זיין גלאָז. דאָס וואָס ניצנה האָט זיך אויסגעזוכט אַ בחור האָט ברוכן דערמאָנט גדעונען. ברוך איז אין די שוליאָרן געזעסן אויף איין באַנק מיט גדעונען. זיין אַמביציע איז געווען זיך אויסגלייכן מיט גדעונען אין אַלעם. ברוך האָט אַ קוק געטאָן אויף די חברה, ווי ער זאָל אָפּשאַצן יעדנס שטימונג און האָט אַ זאָג געטאָן: „אַ שאָד גדעונען".

אַלע דריי האָבן אים אָנגעקוקט מיט נייגער, געוואָלט וויסן וואָס ער איז אויסן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט פּנחס אים געענטפערט:

— נישט געדאַרפט קריכן אין קיבוץ. אַנדערע מענטשן.

— דאַרפן נישט זאָרגן, קומען אויפן גרייטן — האָט מיכל אים צוגעהאָלפן.

— דער שמועס האָט זיך איבערגעריסן. אַ ווײַלע איז ווידער געווען שטיל אין צימער. ברוך איז געזעסן מיט דעם קאָפּ פאַרריסן און געטראַכט. מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— מען דאַרף אים העלפן.

— העלפן! אַז מען זעט אים נישט און מען הערט אים נישט — האָט אפרים אים געענטפערט.

— ער שעמט זיך — האָט מיכל אים פאַרענטפערט.

— דווקא אים האָט עס געדאַרפט טרעפן — האָט אפרים זיך געוווּנדערט.

אין צווישן האָבן זיי איינציקווייז פאַרענדיקט טרינקען. אין צימער איז געווען שטיל. אַלע זענען זיי געווען מיד פון רועך און באַרוישט פון וויין. מיט אַ מאָל האָט פּנחס אַ זאָג געטאָן:

— דער רעגן האָט אויפגעהערט. מען דאַרף גיין אַהיים. שוין שפּעט.

אַ ווײַלע האָבן אַלע געהאַרכט און איינציקווייז פאַמעלעך זיך אויפגעשטעלט.

— אָשר! אַ גוטע נאַכט! — האָט אפרים אים אַריינגעשריגן. ער האָט זיך געפונען אין אַ דערבייאיק צימער. פּנחס און מיכל האָבן אים נאָכגעטאָן. ברוך האָט אַלץ נאָך געטראַכט און געשוויגן און אויך זיך דערנענטערט צו דער טיר.

— אַ גוטע נאַכט חברה! — האָט אָשר זיי אַריינגעשריגן און אַפילו נישט אַ קוק געטאָן צי זיי גייען. זיי זענען אַרויס מיט דער זייטיקער טיר.

עטלעכע טעג בשעת דער אַרבעט און נאָך דער אַרבעט איז ברוך געגאַנגען איבער יניב און געזוכט גדעונען. צוגיין צו אים אַהיים האָט ברוך נישט געוואָלט.

ער איז נישט געווען זיכער ווי אַזוי עס קען אויספאַלן זייער באַגעגעניש נאָך אַזאַ לאַנגן איבעררייס און ספּעציעל איצט אין אַזאַ אָוונט. דער טאָג איז געווען אַ טריבער. אַ געדיכטער נעפּל האָט איבערגעדעקט די פעלדער. ברוך האָט ווי דער שטייגער ווידער געזוכט גדעונען איבערן דאָרף. מיט אַ מאָל האָט ער אים דערזען אין צפון פון דאָרף אויף דעם וועג קיין טבריה. ער איז ווי שטענדיק אָנגעפּאָרן מיט אימפּעט און רעש.

ברוך איז נישט נאָר נישט אַוועק אין אַ זייט, נאָר געגאַנגען אים אַנטקעגן. ער איז געגאַנגען אין אַ זיגזאַג, גדעון זאָל זיך מוזן אָפּשטעלן. טראָץ דעם האָט גדעון געוואָלט אים אויסמיידן. ערשט ווען ברוך האָט אים געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט ער זאָל זיך אָפּשטעלן, האָט ער פאַרהאַלטן און אויסגעלאָשן דעם מאָטאָר. אַ ווײַלע האָט איינער באַטראַכט דעם אַנדערן. ביידע האָבן זיך געוווּנדערט. מיט אַ מאָל האָט גדעון צעשטעלט די פיס ווי ער זאָל האָבן באַשלאָסן צו וואַרטן. ברוך האָט זיך באַהערשט און מיט אַ געמאַכטער הייטערקייט אים אַ פרעג געטאָן:

— ווי גייט עס? וואָס מאַכסטו? — ווי זיי וואָלטן נישט נאָר זיך נישט געטראָפן אַ לאַנגע צייט, נאָר ווי עס זאָל אויך גאָרנישט האָבן זיך פאַרלאָפן אין דער צייט.

גדעון האָט אים געענטפערט מיט אַ קאָפּשאָקל.

ברוך האָט זיך איינגעקוקט אין אים, געוואָלט דערגיין וואָס באַדייט זיין קאָפּשאָקל און האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— מיר האָבן זיך אַזוי דערווייטערט איינער פון אַנדערן, פאַר וואָס?

אויף איצט האָט גדעון נאָר אַ שמייכל געטאָן און אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אַוועקגעקוקט.

ברוך האָט אַ טראַכט געטאָן וואָס נאָך ער זאָל אים זאָגן כדי אים צווינגען רעדן.

גדעון האָט צוריק אָנגעצונדן דעם מאָטאָר. דער רעש פון מאָטאָר האָט זיי פאַרטויבט.

— זיי געזונט — האָט ער אַ שריי געטאָן ברוכן און איז אַוועקגעפאָרן, געלאָזט נאָך זיך אַ קנויל רויך.

ברוך איז אַוועק אַהיים.

דער איינציקער אין יניב מענטש פאַר וועמען גדעון האָט זיך יאָ אַראָפּגעעדט איז געווען נתן. ער איז געווען אַ יאָר עלטער פון גדעונען. אין שול איז נתן געווען אַ קלאַס העכער פון אים, נאָר זיי האָבן צוזאַמען געשטיפט, צוזאַמען איינגעאָרדנט „קומזיצן", צוזאַמען געגאַנגען מיט מיידלעך. זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען אין די פעלדער כאַפּן האָזן און צוזאַמען געשווומען אין כנרת און אין ירדן. אָפט איז איינער געבליבן נעכטיקן ביים צווייטן און נישט איין מאָל זיך אַפילו געטוישט מיט די העמדער אָדער הויזן. זיי האָבן געהאַט געמיינזאַמע פאַרלאַנגען

און געשמאַק. בײדע זענען זײ געװען בײ זײערע עלטערן אײנציקע. אויך קײן חפציה צו אורהן, זײן װײב, װען ער האָט זיך מיט איר באַקאַנט, האָט נתן אים געגומען. דער ערשטער, פאַר װעמען נתן האָט זיך פאַרטרויט, אַז זײ װעלן חתונה האָבן, איז געװען גדעון. עטלעכע מאָל האָבן זײ געמאַכט אויך אַן אויספלוג אין דרײען און געפאָרן אין שטאָט צוזאַם פאַרברענגען. בײ זײער חתונה האָט גדעון זיך געפאָרעט װי בײ אַן אײגענעם ברודער.

איצט האָט נתן געליטן צוזאַם מיט גדעונען. ער האָט געװוּסט, װאָס עס קומט פאַר צװישן גדעונען און סמדרן. איז גדעון נישט געקומען צו אים עטלעכע טעג — איז נתן געגאַנגען צו אים זען װאָס ער טוט. אָפט האָט נתן זיך אַרומגעדרײט פאַר זײער הויז, געװאַרט גדעון זאָל אונטערקומען. ער האָט זיך געהיטן דער אַלטער יעקב זאָל אים נישט זען. אויך גדעון איז נישט אײן מאָל געזעסן אונטערן אײקאַליפּטוס אין הויף און געװאַרט אפשר װעט נתן אַנקומען. האָט נתן נישט באַװיזן זיך טרעפן מיט אים אין הויף, איז ער געפאָרן אין פעלד אַרײן, געהאָפט אַז אפשר װעט ער אים דאָרט טרעפן.

כמעט יעדע װאָך האָט אײנער אָפּגעזוכט דעם אַנדערן שפּעט אין אָװנט װען יעקב, דער פאָטער, איז שוין געשלאָפן. אַ מאָל זענען זײ געזעסן אויף דער באַנק אונטערן שטאַמיקן אײקאַליפּטוס פאַרזונקען אין דער שטילער, קילער נאַכט־פינצטערניש. נאָר דער פײערפונק פון סיגאַר װען עמעץ פון זײ האָט פאַר־צויגן, איז געװען דער סימן, אַז זײ זיצן דאָרט. בדרך־כלל איז גדעון געקומען צו נתנען אין שטוב װען אין זײן הויז איז געװען פינצטער און שטיל. אורה און זײער רמי זענען געװען שוין אין די בעטן. זײ, די צװײ מענער, זענען געזעסן אין קיך בײ אַ גלעזל משקה אָדער אַ הײסן טרונק הינטער פאַרמאַכטע טירן.

גדעון האָט זיך געפונען אויפן אָפּגרונט. ער איז געקומען צו נתנען, בײ אים געזוכט דעם װעג, געװאָלט צוריק אַרײן אין לעבן. ער איז געקומען צו אים װען די בענקשאַפט איז אים דערגאַנגען צום האַרץ. געװען מאָמענטן װען גדעונס האַרץ האָט פון בענקשאַפט אַ טיאָכקע געטאָן, באַלד שטיל געבליבן, װי עס זאָל האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער פאַלט אין אַ תהום. זײנע שלײפן האָבן אים געהאַמערט און זײערע אָדערן זענען געװען אַנגעשװאָלן. אים האָט אַ מאַטער געטאָן דער געדאַנק: „צו װאָס? פאַר װעמען?" ער האָט געאַרבעט נאָר מיט ענערגיע, נישט געפילט קײן פרײד פון שאַפן. אַלץ אַרום איז אים געװען נימאס.

זײ זענען געזעסן בײם טיש, כמעט זיך נישט באַװעגט, װי זײ זאָלן זײן אײנגעפּאַסט אין דער שטילקײט. רוב צײט האָבן זײ געשװיגן. די צײט זײערע איז װי געשטאַנען. פון מאָל צו מאָל האָט נתן זיך אַ װענד געטאָן צו גדעונען מיט אַ פראַגע און אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זײט װי זײן פראַגע האָט אויף אים געװירקט. נתן האָט זיך געהיטן מיטן װאָרט, נישט געװאָלט אים מצער זײן. ער האָט געװאָלט אים העלפן. גדעון האָט אים געענטפערט אויף יעדער פראַגע װי ער זאָל אַרײנרעדן אין חלל. פון אײן פראַגע ביז דער אַנדערער האָט גע־

דויערט. נתנס ווערטער האָבן אָפּגעהילכט אין דער שטיל ווי אַן עכאָ. גדעונס ווערטער זענען געווען קאַנטיקע און האָבן געריסן די שטילקייט.

נאָר דעם לעצטן מאָל האָט נתן אים אַ זאָג געטאָן פּאַרזיכטיק:

— דו דאַרפסט צוריק אַריין אין דער חברה. דאָס איז געשען ווען גדעון האָט צווישן אַלעם אַנדערן אויך געזאָגט:

— מיר איז שוין אַלץ איינס... גדעון האָט באַלד אים נישט געענטפערט אויף זיין פאַרלאַנג, ערשט שפּעטער האָט ער אים אַ זאָג געטאָן:

— דו האָסט געוואָלט אורהן, איך וויל סמדרן. — נתן האָט אים אָנגעקוקט. זיינע אויגן זענען געווען פאַרמרוזשעט. זיין אָפּגעצערט פּנים איז געווען גרין און שטאַר ווי אַ מאַסקע.

אין אַ געוויסן אָוונט זענען זיי ווידער געזעסן פאַרזונקען אין דער שטילקייט און געשוויגן. אורה איז שטיין געבליבן הינטער נתנען און זיי אַ זאָג געטאָן: „גוט אָוונט". ביידע האָבן אַ טרייסל געטאָן מיט די קעפּ, זיך ווי איבערגעוועקט. זיי האָבן נישט געהערט אַז זי קומט. זי איז אַריין מיט אַ שטילן טריט: „שוין שפּעט" — האָט זי זיי אַ זאָג געטאָן און האָט אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף נתנס אַקסלען.

— יאָ — האָט נתן איר געענטפערט. גדעון האָט איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ביידע האָבן זיך אויפגעשטעלט. גדעון, דערזעענדיק אורהן, האָט פאַרביסן די ציין. זי איז געווען אין דער פּיזשאַמע, ביי וועלכער דער אויבערשטער קנאָפּ איז געווען נישט צוגעקנעפּלט און עס האָט זיך אַרויסגעזען די שליץ פון אירע ברוסטן. ער האָט דערפילט די פרישקייט פון סמדרס ברוסטן.

— אַ גוטע נאַכט — האָט ער אַ זאָג געטאָן. זיין שטימע איז געווען הייזעריק און ער איז אַוועק צו דער טיר ווי ער זאָל אַנטלויפן.

דערשטוינט האָט אורה זיך איבערגעקוקט מיט נתנען. נתן האָט אַראָפּגע־לאָזט די אויגן. אים האָט געאַרט גדעונס אויפפירן זיך.

— קום שלאָפן — האָט אורה אים אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק אין צימער. נתן האָט פאַרשלאָסן די אַריינגאַנגס־טיר און איז אַוועק צו אורהן.

אויך נתן האָט גדעונען נישט געהאָלפן. גדעון האָט זיך צוגעהערט צו נתנס רייד, נאָר זיי נישט באַנומען. זיין מוח איז געווען טעמפּ צו אַלץ וואָס אַרום אים. ער האָט געבענקט צו סמדרן. אויך צו רינהן, דעם מיטלוווקסיק, גענוג באַחנט מיידל וואָס האָט געהאַט אַן אָוואַל פּנים, דיקע ליפּן און שוואַרצע צעפּ, איז ער געבליבן גלייכגילטיק. זי איז נאָך פון די שוליאַרן געווען איינגעליבט אין גדעונען. זי האָט זיך איינגערעדט, אַז ער וועט מיט איר חתונה האָבן. זיי האָבן זיך געטראָפן אויף דאַרפס־שמחהס, צוזאַמען זיך באַטייליקט אין אויספלוגן און „קומזיצן". זי האָט ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן איר פאַראינטערעסירונג מיט אים. גדעון האָט נישט אָפּגעשטופּט איר פריינדשאַפט, אָבער נישט מער. קען זיין ווייל זיי זענען צוזאַם אויפגעוואַקסן.

רינה איז געווען דבס טאָכטער. דב האָט געהאַט די גרעסטע קישטאַל אין

יניב און האָט איצט אויך געהאָדעוועט קעלבער אויף פלייש. דב האָט געהאַט אַ האַרץ אויף גדעונען. ער האָט געוווּסט זיין טאָכטערס טראַגעדיע.

די לעצטע יאָרן פון זינט זיי זענען אויסגעוואַקסן, אַריין אין דער אַרבעט, האָט גדעון בכוונה אויסגעמיטן רינהן. זי האָט געליטן און געוואַרט. זי האָט געגנוי געוווּסט וואָס עס קומט פאַר ביי גדעונען. איצט האָט זיך ווידער אין איר דערוועקט אַ האָפענונג. זי האָט באַשלאָסן אים און זיך העלפן. זי האָט געטאָן אַלץ כדי זיך מיט אים טרעפן. אין די אָוונטן, ווי נאָר זי האָט דערהערט דעם רעש פון זיין מאָטאָציקל, איז זי אַרויס פאַר דער טיר, געוואַרט, אפשר וועט ער דאָס מאָל פאַרבייפאָרן. נישט איין מאָל האָט זי אויך אין מיטן טאָג געלאָזט די אַרבעט און געגאַנגען איבערן דאָרף, אים געזוכט אומעטום. ווען זי האָט געטראָפן אין קאָנסומהויז זיין טאַטן, דעם אַלטן יעקב, אָדער דינהן, האָט זי צוגעוואַרט, אפשר וועט ווער פון זיי זיך צו איר ווענדן. איר האַנאָר האָט איר אָבער נישט דערלויבט צו זיי צוגיין.

אין אַ פאַרמיטאָג. דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט. אַ מילד ווינטל האָט פון מאָל צו מאָל אַ וויי געטאָן. רינה, מיט איבערגעוואָרפענע צעפּ איבער די אַקסלען, האָט אים געזוכט איבערן דאָרף. מיט אַ מאָל האָט זי אים דערזען פון ווייטנס. זי האָט פאַרשנעלערט אירע טריט. גדעון איז נאָכגעגאַנגען אַ באַלאָדנטן וואָגן מיט וויקע. איר האַרץ האָט אַ טיאָכקע געטאָן און איר איז ענג געוואָרן אין קעל. שוין פון ווייטנס האָט זי אים אַ זאָג געטאָן: „שלום, גדעון!" — און זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. געוואַרט.

— שלום — האָט ער איר געענטפערט מיט אַ דיק קול, זי אָנגעקוקט, ווי ער זאָל האָבן געטראָפן אַ פרעמדע און געפאָרן ווייטער.

איר קאָפּ איז ווי אַראָפּגעפאַלן, געבליבן הענגען איבער איר ברוסט, ווי דער נאַקן זאָל איר האָבן איינגעבראָכן. זי איז געשטאַנען ווי אַ פאַראורטיילטע. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אויסגעדרייט און אַוועק אַהיים.

די מתישבים אין יניב האָבן געלעבט מיט זייער טאָג־טעגלעכקייט. געאַרבעט אין די פעלדער, געמאָלקן די קי, אָפּגענומען די אייער ביי די הינער, פאַרקויפט און געקויפט, געפאָרן אין שטאָט און איילִיק צוריקגעקומען. אין די פאַרנאַכטן האָבן זיי פאַרברענגט מיט דער משפּחה צוזאַם און אויך מיט באַקאַנטע. זיי האָבן געגעסן פון דער רו נאָך אַ טאָג פראַצע. נאָר אין יעדן הויז און אין אַלע זייערע שמועסן האָט קיינער פון זיי נישט פאַרגעסן אין גדעונען.

דער מאָרגן איז געווען נאָך גרוי. די טאָג־העלקייט האָט זיך ערשט געלייטערט. אין די חדרים ביי יעקבן זענען די נאַכטשאָטנס נאָך געזעסן אין די ווינקלען. דער אַלטער יעקב איז געשטאַנען מיטן קאָפּ אָנגעלענט אין דער ראַם פון פענצטער ווי ער זאָל זי צוהאַלטן. זיינע טריבע, נישט אויסגעשלאָפענע אויגן האָבן געקוקט און נישט געזען. אויך זיין געדאַנק איז געווען באַנומען. ער האָט

נישט געטראַכט. ער איז געווען הילפלאָז, עלנט און פּאַרזונקען אין זיין יאוש. ער איז געשטאַנען הינטערן פּאַרמאַכטן פענצטער און דאָך געפילט דעם ערד־ריח וואָס איז אויפגעגאַנגען נאָכן לייכטן נאַכט־רעגן.

דינה איז שטיין געבליבן ביי דער טיר אַן אויפגעציטערטע. זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי דאַרף טאָן, אַריינגיין צי וואַרטן און אים נישט שטערן. טראָץ דעם וואָס ער האָט זי געזען גיין, האָט ער זיך נישט אויסגעדרייט צו איר. ער האָט זיך געשעמט.

— גוט מאָרגן — האָט זי שטיל אים אַ זאָג געטאָן.

ער האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ערשט איצט זיך אויסגעדרייט, זי אָנגעקוקט דערשטוינט. ביידע האָבן געשוויגן. די שטילקייט איז געווען אַ פּיינלעכע. פון מורא און בושה האָט יעקב זי אַ פרעג געטאָן:

— שוין געקומען. אַזוי פרי?

— כ'וויל היינט פריִער ענדיקן די אַרבעט, איך האָב צו טאָן אין שטוב — האָט זי אים געענטפערט. זי האָט אים נישט געזאָגט, אַז זי איז די נאַכט נישט געשלאָפן, אַז זי איז געקומען זען וואָס ער מאַכט. גדעון האָט נעכטן באַלד נאָך דער מיטאָג־מעלק זיך איבערגעטאָן און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט אַוועק פון שטוב. ער האָט אָנגעצונדן דעם מאָטאָר און אַוועקגעפאָרן. אַ לאַנגע צייט האָבן ביידע נאָך אַלץ געשוויגן. ביידע האָבן זיי געשוויגן פון פּחד. מיט אַ מאָל האָט יעקב אַ זאָג געטאָן נישט באַוועגנדיק אַפילו מיט די ליפּן, ווי עס זאָל אַרויסרעדן פון אים:

— נישט געקומען שלאָפן...

איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן. ביידנס אויגן זענען געווען פול מיט מורא און צער. לאַנג האָט דינה אים נישט געענטפערט. אויך זי איז געווען באַזאָרגט און זיך איבערגעלייגט וואָס זי זאָל אים זאָגן. נאָר ווען יעקב האָט אַ קרעכץ געטאָן „אוי!” האָט זי זיך צו אים אַ ווענד געטאָן:

— טאַקע אַן איינציקער זון, נאָר אַ טאַטע דאַרף דערצו נישט דערלאָזן.

יעקבס אויגן זענען געוואָרן קליין. ער האָט אין זיי פאַרשטעלט זיין אָנמאַכט און, ווי ער זאָל זיך ביי איר בעטן, האָט ער איר שטיל געענטפערט:

— גרינג צו זאָגן אַן אַלטן טאַטן. דאָס זענען נישט די צייטן פון אַמאָל. אַ נייער דור — אַ נייער ייִד.

עס האָט איר לייד געטאָן יעקבס צער. זי האָט אים באַדויערט. זי האָט געוואָלט אים דערמוטיקן און האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— נישט אַ סך יידן דערגייען צו אַזאַ געבענטשטער עלטער. דו ביסט זיין טאַטע און דיר געהערט די ערד.

יעקב האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ. זיינע אויגן זענען ווידער געוואָרן גרויס, אויפגעריסן, דערשטוינט.

— איך וועל דיר מאַכן צו טרינקען — האָט דינה אים אַ זאָג געטאָן, געוואָלט אים אָפּלענקען פון דער טעמע.

— איך האָב שוין געטרונקען — האָט ער איר געזאָגט אַ ליגן און מיט דער האַנט זיך אַרומגעווישט זיינע פאַרטריקנטע ליפּן.

זי האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער און אַ זאָג געטאָן:

— איך גיי אין שטאַל. — זי האָט אויסגעטאָן און אויפגעהאַנגען דעם פּאַלטן. זי האָט זיך איינגעריבן די הענט און איז אַרויס פון שטוב.

— יאָ! איך גיי אויך! — האָט ער איר נאָכגעזאָגט און זיך נישט גערירט פון אָרט. אַ געוויסע צייט איז ער געשטאַנען ווי געליימט, נאָר אַז ער האָט דער־הערט דעם רעש פון מאָטאָציקל, וואָס איז אַריינגעפּאָרן אין הויף, האָט ער אויס־געדרייט דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אין פענצטער, ווי ער זאָל זיך האָבן איבער־וועקט.

גדעון איז אַריין אין שטוב מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אַ מידער, נישט אויס־געשלאָפן. זיין פּנים איז געווען שוואַרץ. דערזעענדיק דעם פאָטער איז ער שטיין געבליבן אים אַנטקעגן. דער טאַטע מיטן זון האָבן זיך איבערגעקוקט. דער פאָטער האָט געקוקט אויף אים און די ליפּן זיינע האָבן געציטערט. ער האָט נישט געקענט זען ווי גדעון זעט אויס. זיינע צעקנייטשטע און צעקנעפּלטע בגדים זענען געווען דורכגעווייקט און האָבן געטריקנט אויף אים. גדעון האָט פאַרביסן די ציין. ער האָט נישט געקענט זען דעם פאָטערס צער. ער האָט אַוועק־געדרייט דעם קאָפּ, שנעל אַראָפּגענומען פון זיך די קורטקע, זי אַרויפגעוואָרפן אויף אַ בענקל און זיך אויסגעדרייט, געוואָלט אַרויסגיין אויפן הויף.

דער פאָטער, וואָס האָט מער געפילט זיין יעדע באַוועגונג ווי אים געזען, האָט זיך צו אים אַ ווענד געטאָן:

— איך וועל שוין לאַנג זיך נישט אַרומדרייען אויף דער ערד דאָ. וואָס וועט זיין מיט דיר? ווו וועסטו זיך אַהינטאָן? — ער האָט גערעדט שטיל, וואָרט נאָך וואָרט. זיין קול איז געווען דיק, עס האָט געציטערט, געווען פול געוויין.

גדעון האָט זיך אויסגעגליכן. ער איז ווי גרויס געוואָרן צוריק. אין מאָמענט האָט ער זיך אויסגעניכטערט און זיך איינגעקוקט אין פאָטער. דעם פאָטערס רייד האָבן אים אויפגעטרייסלט. ער האָט נישט געוווּסט צי דאָס האָט דער פאָטער אים געדראָט, צי איז דאָס זיין באַשלוס. ער האָט געוואָלט ענטפערן דעם פאָטער, אָבער ער האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל אים זאָגן. ער האָט נאָר אַריינגעלייגט דעם קאָפּ אין זיינע אונטערגעשטעלטע הענט, זיך באַדויערט און זיך איבערגעלייגט.

דער פאָטער איז געשטאַנען אים אַנטקעגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ, באַ־דויערט אים און זיך. שפּעטער איז דער פאָטער צו אים צוגעגאַנגען און שטיל, ווי ער זאָל אים איבערגעבן אַ סוד, אים געזאָגט:

— דיין שטאַם איז דער באַרג־ייד. דיינע אָבות האָבן זייער כבוד פאַרטיי־דיקט אַפילו מיט דער ביקס אין האַנט. דו שלעפּסט זיך נאָך עפּעס אַ מויד. — ביטול און צער האָט זיך געפילט אין יעדן וואָרט זיינעם.

גדעון האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און אַראָפּגעלאָזט די הענט און זיך איינגעקוקט אין פאָטער. כעס האָט געברענט אין זיינע אויגן. ער האָט צעעפנט

דאָס מויל, ווי ער זאָל וועלן שרייען אויפן פאָטער. ער האָט אָבער נאָר שטיל אַ זאָג געטאָן:

— איך גיי אין שטאָל — און איז אַרויס פון שטוב.

דער פאָטער איז אים נאָכגעגאַנגען.

# יד

דער פרילינג־הימל איבער יניב איז ווידער בלוי און הויך, ווי ער זאָל זיך האָבן דערוויטערט. די זון איז קאָנצענטרירט. אירע מילדע שטראַלן דערגרייכן די דעכער אין דאָרף און שלאָגן זיך אָפּ פון זיי ווי פון אַ שפּיגל. די לופט איז דורכזיכטיק. יניב זינקט אין איר שטילקייט. פון מאָל צו מאָל ווערט די שטילקייט איבערגעריסן פון אַן אויסגעצויגענעם „מווווו״ פון אַ קו אָדער פון אַ הילכיק פערד־הירזשען „העעע!״ די אינזעקטן אין דער לופט זשומען, זינגען אויס זייערע מעלאָדיעס. זיי באַגלייט דער אויסגעדריוולטער הינער־„קאָאָאָ, קאָאָאָ!״ אין די פעלדער אַרום האָרעווען די מתישבים. פון ווייטנס זעען זיי אויס, מיט זייערע געבויגענע רוקנס, ווי אָנגעלייגטע קופּעס. די ריחות פון די רייפנדע זיך גרינסן און פרוכטן און די שוין אויסגעשטאַנענע ווייַנטרויבן פילן אָן דעם רוים פון יניב און שיכורן די מענטשן.

אויך גדעון אַרבעט אָנגעשטרענגט. ער האָרעוועט פונעם מאָרגנגרוי ביז פינצטער. ער אַרבעט מיט אימפּעט. די אַרבעט לייטערט אים, נעמט אָפּ פון אים זיין כעס. חדשים ווי ער שלעפּט זיך שוין איבער די קאָפּעען אין דער סביבה. ער שיכורט שוין נישט, איז ווידער ניכטער. דער איבערברוך איז אַנט־שטאַנען אין אים ווען דער אַלטער טאַטע האָט געלאָזט אים הפקר, אים מער נישט געמוסרט, אים גרינגגעשעצט. גדעון האָט גענומען חושד זיין דעם פאָטער, אַז ער וויל אים מעביר נחלה זיין. דער געדאַנק האָט זיך אין אים דערוועקט, ווען ער האָט באַמערקט, אַז דער פאָטער סודעט זיך מיט דינהן און ווערן שטיל ווען ער קומט אָן. אים האָט באַהערשט דער פּחד „וואָס וועל איך טאָן? וווּ וועל איך גיין? בלייבן אָן דער ערד?״ אין זיינע טעמפּע, פאַרמאַטערטע חושים האָט אַ בליץ געטאָן דער געדאַנק „צוליב דער ערד בין איך אַוועק פון סמדרן, איצט וועל איך אויך מוזן אַוועק פון דער ערד״.

דער פּחד, אַז דער פאָטער וועט אים אַנטאייגענען, האָט אים אויסגעניכטערט. צוגעהאָלפן דערצו האָבן אויך די גרינסן וואָס האָבן זיך שוין געררייפט אין די פעלדער און די ביימער־בליטער. ער האָט ווידער אַ מאָל דערפילט די יוירנדע געבערקראַפט אין דער ערד.

ער האָט זיך דערפילט שולדיק לגבי דעם אַלטן טאַטן פאַר דעם עגמת־נפש און די פּיין וואָס ער פאַרשאַפט אים און זיך. אים האָט שוין געאַרט וואָס זיין טאַטע איז אויף אים בייז פאַר וואָס ער האָט נאָך נישט חתונה געהאַט און ער

האָט נישט דעם נחת פֿון אים ווי אַלע טאַטעס אין יניב. געווען טעג ווען ער איז דעם פֿאָטער געגאַנגען פֿון וועג, זיך געשעמט אים קוקן אין די אויגן. פּונקט ווי ער האָט זיך געשעמט פֿאַר זיך אַליין. ער האָט איצט פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז געבליבן מיט זײַן גורל און ער מוז זיך דעצידירן.

ער איז אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער און אַן אויפֿגעטרייסלטער. ער האָט געביסן די ליפּן. די קינבאַקן זײַנע זענען געווען בולט, ווי ער זאָל בײַסן אַ האַרטע זאַך. נישט איין מאָל האָט ער פֿון מיטלייד איבער זיך געביסן זײַנע פֿינגער־בעגל.

נאָר אין איינעם פֿון די טעג, ווען דער מאָרגן האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן גרויען, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט, זיך שנעל אָנגעטאָן און איז אַרײַן אין באָדצימער. ער איז געשטאַנען אונטער דעם פּליסנדן, צעשפּריצטן וואַסערשטראָם מיט אַן אָפֿן מויל, ווי אונטער אַ געדיכטן רעגן, און געפֿילט אַ דערלייכטערונג אין זײַן געמיט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער פּליסנדער וואַסערשטראָם וואַשט פֿון אים אָפּ זײַן אָנגעקליבענעם אין אים יאוש און כעס. ער האָט שנעל זיך אַרומגעווישט, אַרויפֿגעצויגן אויף זיך זײַנע אַרבעטס־בגדים און נאָך איידער ער האָט אויסגעטרונקען אַ טעפּל וואַרעמס, איז ער אַרויס אין הויף צו דער אַרבעט.

ער האָט געאַרבעט מיט אימפּעט, ווי ער זאָל מיט זײַן מי פֿאַרגיטיקן דעם פֿאָטער פֿאַר זײַנע לײַדן. ער איז געשטאַנען, פֿאַרמישט אַן עסן פֿאַר די בהמות און עס זײ פֿונאַנדערגעטיילט אין די זשלויבן. די קי, ווי נאָר זײ האָבן דערפֿילט דעם ריח פֿון דעם פֿריש געמאָלענעם באָקסער און קוקורוזע, האָבן פֿונאַנדער־געשטעלט זייערע פּיסקעס און געשמאַק אַרויסגעגעסן פֿון די זשלויבן. ער האָט אויך פֿאַרמישט אויף אַן איבערבײַס אַ ביסל געמאָלענע גערשטן מיט אַ ביסל שעטשקע און קלייען און עס דערלאַנגט פֿלוטאָסן. ווי נאָר דאָס מוילאייזל האָט דערזען פֿון ווײַטנס גדעונען האָט ער אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און געשטשערעט זײַנע גרויסע געלע ציין, ווי ער זאָל לאַכן און פֿון זײַנע צעשפּרייטע נאָזלעכער האָט געשלאָגן אַ פּאַרע.

באַלד דערנאָך האָט ער זיך געשטעלט רייניקן די שטאַל. ער האָט צונויפֿ־גענומען דאָס מיסט און אונטערגעבעט פֿרישע שטרוי פֿאַר די קי. ווי נאָר ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט האָט ער גענומען רוימען דעם הויף. יעדעס ווינקל אין הויף האָט אַ בלאַנק געטאָן.

די אַרבעט האָט אים געברענט אונטער די הענט. ער האָט זיך געאײַלט, געוואָלט וואָס שנעלער אָפּטאָן זי. ווען דער פֿאָטער איז דערנאָך אַרויס אין הויף איז אַלץ שוין געווען גרייט. גייענדיק האָט יעקב זיך אומגעקוקט צי גדעון איז נאָך דאָ, זיך געוווּנדערט וואָס אַלץ ער האָט באַוויזן אָפּטאָן און איז אַרײַן אין שטאַל מעלקן. די זאַטע קי האָבן אויך דערפֿילט יעקבן און אים באַגעגנט מיט אַן אויסגעצויגענעם „מווו!“ דעם טאַטנס אויגן האָבן ווידער געגלאַנצט ווי אַמאָל.

ווי נאָר גדעון איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט אין הויף האָט ער פֿלוטאָסן אָנגעטאָן דאָס געשפּאַן און אים אַרויסגעלאָזט פֿון שטאַל. פֿלוטאָס איז שוין אַליין אַוועק צום וואַסערקראַן. גדעון האָט אים דערלאַנגט אַ קובעל וואַסער

און פּלוטאָס האָט עס געזשליאָקעט. גדעון האָט מיט איין האַנט אים אונטערגע־האַלטן דעם קובעל און מיט דער אַנדערער געגלעט זיין האַלדז. פון מאָל צו מאָל האָט די פעל אויף פּלוטאָסעס האַלדז אַ ציטער געטאָן פון פּילבאַרקייט, ביז גדעון האָט צוגעלייגט זיין קאָפּ צו זיינעם. פּלוטאָס איז געווען די איינציקע, לעבעדיקע באַשעפעניש וואָס איז אים געווען נאָענט. אין זיין צוגעלאָזנקייט צו פּלוטאָסן האָט זיך אויסגעדריקט זיין עלנט און בענקשאַפט.

גדעון האָט אים איינגעשפּאַנט, אַ זאָג געטאָן „דיאָ!" און אַליין אַרויפגע־שפּרונגען אויפן וואָגן, ווען דער וואָגן איז שוין געפאָרן. אין די טעג האָט ער געטאָן צוויי אַרבעטן אין פעלד. ער האָט געשניטן קוקורוזע פאַר די בהמות און אַראָפּגענומען די פּאַרטיקע אוגערקעס. ווי נאָר ער האָט דערפילט אונטער זיך די ערד־עלאַסטישקייט האָט ער זיך איינגעקוקט אינעם מרחק פון די ערד־שטחים און געאָטעמט אין זיך מיט דער פולער ברוסט די ריחות פון די רייפנדע זיך גערעטענישן. ער האָט אַ צעשטעל געטאָן זיינע פיס און מיט שווונג אַ פיר געטאָן די קאָסע אין אַ האַלבן רונד. די אונטערגעהאַקטע ווי קוסטעס הויכע קוקורוזע־שטאַנגען מיט זייערע ברייטע, זאַפטיקע בלעטער האָבן זיך אויסגעלייגט אין אַ שורה. ער איז געגאַנגען מיט דער קאָסע איבער די קוקורוזע־שטאַנגען טריט נאָך טריט און זיי האָבן זיך אָנגעלייגט ווי אַ שטיגן־גאַנג.

אויף דעם אוגערקע־פעלד האָט ער געשפּאַנט אַ געבוקטער פון איין וואָרצל־שטאָם צום אַנדערן, געזוכט אונטער די בלעטער און געריסן די רייפע אוגערקעס און זיי געזאַמלט אינעם זאַקביטל וואָס ער האָט געהאַט אויף זיך. די אָנגע־קליבענע אוגערקעס האָט ער אָנגעלייגט אין קאַסטנס, וואָס זענען געשטאַנען ביים שטעג ווו פּלוטאָס, אַ האַלב אויסגעשפּאַנטער, האָט געגריזשעט אָדער מעלה־גרהט די אַראָפּגעשלונגענע גרעזער וואָס זענען געוואַקסן ביי די זייטן פון שטעג.

די אָנגעקליבענע אוגערקעס האָט ער אַוועקגעפירט אויף דער זאַמלשטעלע. ער האָט מיט קיינעם פון די דאָרט געטראָפענע מענטשן נישט גערעדט. ער איז געווען רויִק אָבער זיך ווייטער געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון די מענטשן. ער האָט זאבן, אַ קרעפּטיקן ברייטביינינקן ייד מיט אַ פלייש־קן קאָפּ, נאָר מיט איין אויג, דערלאַנגט די קאַסטנס מיט אוגערקעס. זאב האָט זיי געוווגן און פאַרשריבן די וואָג. אויך מיט אים האָט ער נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. ער איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן ווי ער זאָל זיך שעמען. ער האָט נאָר זאבן שטיל אַ זאָג געטאָן „שלום" ווען ער איז געקומען און אַוועקגעגאַנגען. דער „שלום" זיינער איז אָבער געווען אַ טרוקענער.

די אַרבעט האָט פאַרשלונגען זיין מהות, געלייטערט זיין געמיט. ער איז געווען מסוגל זיך צווינגען, זיין רויִק, נישט טראַכטן איבער זיין בענקשאַפט. אין די אָוונטן איז ער געבליבן אין שטוב. אַ פאַרמאַטערטער פון זיין לאַנג־שעהנ־דיקן אַרבעטסטאָג האָט ער גערוט. ביידע, דער טאַטע און דער זון, האָבן נישט שטענדיק זיך געפונען צוזאַם. על פי רוב איז יעדער איינער געווען ביי זיך אין צימער. זיי האָט אָפּגעשיידט דער פּחד, אַז עס קען צווישן זיי זיך אַנטוויקלען אַ

געשפּרעך װאָס יעדער פֿון זײ האָט אָפּגעשטופּט. קײנער פֿון זײ האָט נישט גע־װאָלט דערנענטערן דעם סוף, טאָמער חלילה װעט צװישן זײ דערגײן צו אַ װער־טער־אױסטױש, װאָס װעט צעשטערן די צוריקגעשטעלטע רו אין דער משפּחה.

דער הױכער, ברײטבײניקער יעקב, מיט זײַן גרױער שױן שיטערער, שטענ־דיק צעשױבערטער טשופּרינע, װי נאָר ער האָט דערפֿילט מיט זײַן פֿאָטער־אינסטינקט, אַז דער זון איז פֿאַרנומען מיט זיך, איז ער אַרױס פֿון קיך־עסצימער. ער איז אַװעק זיך צולעגן בײ זיך אין צימער. ער איז געלעגן מיט אָפֿענע אױגן אײַנגעקוקט אין דער פֿינצטער און געהאָרכט װאָס גדעון טוט. די טירן פֿון אײן צימער אין אַנדערן זענען געװען אָפֿן. די ליכטשײַן, פֿון װעלכן צימער זי איז געקומען, האָט אַרײַנגעשײַנט אין אַלע צימערן. דער טאַטע און דער זון, כאָטש זײ האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט, האָט אײנער געפֿילט דעם צװײטנס נאָענט־קײט.

זײ האָבן זיך געטראָפֿן בײם טיש. אין אָװנט איז דער טיש שטענדיק געװען געדעקט צום עסן. דינה, פֿאַרן גײן אַהײם, האָט פֿאַר זײ צוגעגרײט אָװנטברױט. דאָס קיך־עסצימער איז שטענדיק געװען באַלױכטן שױן אַפֿילו אין בין־השמשות. דערפֿאַר, װי נאָר ער איז אַרײַן אין צימער, האָט יעקב גלײַך אָנגעצונדן ליכט, װאָס איז געװען פֿאַר אים, דעם אַלטן טאַטן, אַ יום־טובדיקײט. ער האָט געװאָלט זיצן מיטן זון בײ אַ באַלױכטענעם טיש. ער האָט אָנגעצונדן אַלע פֿיר לעמפּ אין די זשיראַנדאָלן. דער געדעקטער טיש און די אַ סך טירן און די ברײטע פֿענצ־טער האָבן זיך אָנגעזען אין דעם גרױסן צימער. דער טאַטע מיטן זון האָבן געגעסן פּאַמעלעך, געגעסן פֿון זײער מנוחה נאָכן לאַנגן אַרבעטס־טאָג און גע־שװיגן. דער פֿאָטער האָט געגעסן פֿון יעדן מאכל צו ביסלעך. גדעון האָט געגעסן מיט אַפּעטיט, נאָר ער האָט אױפֿגעפּאַסט דער פֿאָטער זאָל זיך נישט דאַרפֿן באַמיִען. ער האָט אים צוגערוקט דעם טעלער אָדער דערלאַנגט דאָס מעסער. יעדעס מאָל, װען גדעון האָט אים באַדינט מיט עפּעס־װאָס, האָט דער פֿאָטער אױף אים אַ קוק געטאָן מיט אַ װאַרעמען בליק, אים באַדאַנקט.

בײדע האָבן געשװיגן. זעלטן װען װער פֿון זײ האָט געפֿרעגט עפּעס דער צװײטער זאָל אים דאַרפֿן ענטפֿערן יאָ צי נײן, נאָר אָן צו רעדן איז דאָ געװען צװישן זײ אַ פֿאַרשטענדעניש. װי נאָר זײ האָבן געענדיקט עסן האָט דער פֿאָטער גענומען אָפּרוימען פֿון טיש און גדעון האָט געלײענט די צײַטונג. אין דער צײַט האָט דער פֿאָטער אױך אָפּגעװאַשן די כלים. אָפֿט איז גדעון זיצן געבליבן מיט דער צײַטונג אין האַנט אַ פֿאַרטראַכטער, װי ער זאָל אַריבערקוקן איבער דער צײַטונג. דעמאָלט איז דער פֿאָטער שטײן געבליבן, פֿון דער זײַט באַטראַכט דעם זון און איבערגעקלערט װאָס װעט זײַן גדעונס װײַטערער שריט. גדעון האָט יעדעס מאָל, װי ער זאָל זיך פֿױלן, פּאַמעלעך אױפֿגעשטעלט און אַ קוק געטאָן אױפֿן פֿאָטער, אים אַ זאָג געטאָן „אַ גוטע נאַכט" און איז אַװעק צו זיך אין צימער. דער פֿאָטער האָט אים נאָכגעקוקט ביז ער איז אַרײַן אין צימער.

װען דער פֿאָטער האָט געענדיקט זײַן פֿאַרען זיך, איז ער אַרײַן צו זיך אין

צימער, אָדער ער איז אַרויס אויפֿן הויף זען וואָס די בעלי־חיים מאַכן און צי די שטעלער־טויערן זענען פֿאַרמאַכט.

ביי זיך אין צימער, ווען גדעון איז געבליבן מיט זיך אַליין און מיט זיין פֿרייער צייט, האָט ער אַלץ געטאָן ער זאָל זיין מיט עפּעס באַשעפֿטיקט, זיין פּאַרנומען, נאָר מערסטנטייל איז ער געלעגן אויף דער סאָפֿע און געדרימלט. אָפֿט איז ער געלעגן מיט אָפֿענע אויגן פֿאַרקוקט אין דער סטעליע און מיט אַן אָפֿן מויל און געסאָפּעט שווער. לאַנג האָט ער אַזוי נישט אויסגעהאַלטן. ווען ער איז אַראָפּ פֿון דער סאָפֿע איז ער שטיין געבליבן מיט ביידע הענט אין די טאַשן און געקוקט דערשטוינט ווי ער זאָל נישט וויסן וואָס ער זאָל מיט זיך טאָן. דעמאָלט האָט ער פֿאַמעלעך אַראָפּגענומען אַ בוך פֿון דער עטאַזשערקע און נאָך פֿאַמע־לעכער געבלעטערט עס. על פּי רוב האָט ער אַריינגעקוקט אין אַ פֿאַכמענישׂ אַגראַר־בוך, נאָר אָפֿט האָט ער אויך געלייענט אַ קרימינאַל־ראָמאַן. ער האָט אָבער קיין איין בוך נישט דערלייענט ביזן סוף. ער האָט נאָר אָפּגעלייענט עטלעכע בלעטער און צוריק זיך אומגעקערט צום אָרט ווו ער האָט אָנגעהויבן. אים איז שווער געווען זיך קאָנצענטרירן און דאָך האָט ער געוואָלט וויסן די אַנטוויקלונג פֿון דער געשעעניש.

נאָר נישט יעדעס מאָל איז עס אים געלונגען ווייל, ווי נאָר ער איז געבליבן מיט זיך האָט ער גענומען זיך באַטראַכטן, זיך איבערגעלייגט זיין מצב: ער, זיין אַלטער טאַטע, דינה, יניב, די מענטשן אין דאָרף און סמדר. ער האָט זיך דערפֿילט איינזאַם. בכדי ער זאָל זיך באַפֿרייען פֿון זיינע געדאַנקען, האָט ער עטלעכע מאָל אָנגעשטעלט דעם פּאַטעפֿאָן און אונטער די קלאַנגען פֿון טשייקאָווסקיס „שוואַנען־אָזיערע", די „מאַזעפּע" פֿון ליסטן אָדער „די טראַגעדיע" פֿון שובערטן איז ער איינגעשלאָפֿן.

אָפֿט, אַז ער האָט געוואָלט איבעררייסן זיינע מחשבות האָט ער געעפֿנט דעם ראַדיאָ, וואָס ער האָט זיך לעצטנס איינגעשאַפֿט, אָבער נאָר מינוטן האָט ער זיך צוגעהערט צום ספּיקער אָדער צו דער מוזיק, און באַלד, ווי מיט כעס, פֿאַרמאַכט צוריק דעם ראַדיאָ. זיינע נערוון האָבן נישט אויסגעהאַלטן. נאָך יעדער אַזאַ פּאַסירונג איז ער געבליבן זיצן מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ און זיינע טעמפּע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט איבערן צימער, ווי ער זאָל וועמען זוכן.

אַנומלט, נאָך דעם ווי ער האָט פֿאַרמאַכט דעם ראַדיאָ, האָבן זיינע טעמפּע אויגן, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט אַרום, זיך פֿאַרהאַלטן אויף דער מוטערס בילד וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. ער האָט באַטראַכט דער מוטערס גוטמוטיקע אויגן און זיך דערמאָנט ווי זי האָט אויסגעזען, די הויכע יאָדערדיקע פּרוי מיט איר בלאָנדן, געדיכטן קאָפּ האָר, וואָס זענען פֿון הינטן געווען פֿאַרדרייט אין אַ קאָקס. ער האָט זי געדענקט מער פֿון פֿאָטערס דערמאָנען זי און נישט ווי ער אַליין האָט זי געדענקט. מיט אַ מאָל האָט ער פֿאַרמאַכט די אויגן און זיין שטערן האָט זיך צעקנייטשט. ער האָט דערזען סמדרן אויפֿן אָרט פֿון דער מוטער. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער פֿאַמעלעך געעפֿנט צוריק די אויגן, ווי ער זאָל זיין

שלעפּעריק און שטיל זיך אַ זאָג געטאָן: „שפּעט, מאָרגן דאַרף מען אַרבעטן״. ער האָט אייליק אויסגעלאָשן דאָס ליכט, ווי ער זאָל מורא האָבן פֿאַר זיך אַליין. ער האָט שנעל זיך אויסגעטאָן און נאָך שנעלער זיך געלייגט שלאָפֿן.

אויך דינה האָט יעדן פֿרימאָרגן, ווען זי איז אַריין אין שטוב, אומרויִק זיך אַרומגעקוקט. זי האָט געוואָלט זיך איבערצייגן צי ביי יעקבן אין הויז האָט אין משך פֿון דער נאַכט נישט פּאַסירט עפּעס אויסטערלישעס. זי האָט נישט אויסגעהאַלטן, כאָטש זי האָט געזען אַז יעקב איז רויִק, און זי האָט עטלעכע מאָל אים אַ פֿרעג געטאָן: „וואָס הערט זיך?״ יעקב האָט איר נישט געענטפֿערט. ער האָט איר נאָר אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט איר באַשטעטיקן אַז ער האָט געהערט איר פֿראַגע, נאָר די אויגן זיינע האָבן אים אַ פֿינקל געטאָן. זי האָט יעדעס מאָל אַ פֿאַרלייג געטאָן זיך אירע אויסגעאַרבעטע הענט איבערן בויך. זי האָט זיך צעשמייכלט און אַ זאָג געטאָן:

— מען דאַרף זיך נעמען צו דער אַרבעט.

אַ גאַנצע וואָך האָט גדעון געאַרבעט און נישט אַרויס פֿון שטוב. דערפֿאַר זענען די שבתים געווען פֿאַר אים אַן אָפּקום. ער האָט נישט געאַרבעט און געהאַט צייט זיך אַמפּערן מיט זיינע געדאַנקען. אים איז געווען נישט באַקוועם און ער האָט אויך נישט געוואָלט בלייבן דעם גאַנצן שבת מיט דעם אַלטן טאַטן אין שטוב. ער האָט נישט געוואָלט געבן דעם פֿאָטער די געלעגנהייט ער זאָל זיך מיט אים קענען פֿונאַנדעררעדן. שבת איז ער שוין גאַנץ פֿרי אַוועק פֿון שטוב. ער האָט געשטיקט אין זיך זיין כעס צו זיך אַליין און געצוווּנגען זיך אומקערן צו אַ נאָרמאַל לעבן פֿון אַ מתישב אין יניב. ער האָט געוואָלט פֿאַרגעסן זיין ביז איצט, איבעררייסן מיט דעם וואָס איז געווען. ער האָט געוואָלט חתונה האָבן און אין געדאַנק געזוכט אַ בחורה זי זאָל אים זיין פּאַסיק, אָבער דעם פֿאַרלאַנג זיינעם האָט ער באַגריפֿן נישט רעאַל. ער האָט עס געוואָלט, געוואַרט עס זאָל געשען און עס אָפּגעשטופּט פֿון זיך אויף וואָס שפּעטער. אים האָט אָפּגעהאַלטן דערפֿון אַן אינערלעכער ווידערשטאַנד.

נאָר צו צוימען זיין כעס וואָס איז דערגאַנגען ביז יאוש האָט ער געמוזט דאָס טאָן. בכדי ער זאָל קענען איבערקומען זיין דורכפֿאַל און עקזיסטירן אַן סמדרן האָט ער געוווּסט, אַז ער מוז חתונה האָבן. דאָס איז אים אָבער נישט אָנגעקומען גרינג. צוליב זיין ווידערשטאַנד האָט ער נישט געוווּסט ווען ער זאָל און דאַרף אויסקלייבן. וואָס פֿאַרא בחורה ער האָט געטראָפֿן האָט ער אין זיין אונטערבאַוווסטזיין פֿאַרגליכן מיט סמדרן. אַ פּאַסיקע פֿאַר זיך בחורה וואָלט ער זיכער געפֿונען אין יניב, נאָר דאָס האָט ער נישט געקענט טאָן. דערמיט וואָלט ער פֿאַר די מענטשן אין יניב באַוויזן זיין דורכפֿאַל.

צו פֿאַרטרייבן די צייט און צו באַרויִקן זיך איז ער אַרומגעפֿאָרן אויף זיין מאָטאָציקל איבער דער סביבה. ער איז איצט געפֿאָרן געלאַסן, אַן רעש, נישט אַזוי ווי פֿריִער. די נאַטור האָט געלינדערט זיין בליק און געמיט. ער איז געפֿאָרן איבער די דערפֿער. בדרך־כלל איז ער די דערפֿער נאָר אַרומגעפֿאָרן, ווי ער זאָל

אין זיי אַריינקוקן. פון מאָל צו מאָל איז ער אויך אַריינגעפאָרן אין אַ דאָרף. ער איז אַרומגעפאָרן איבער די דאָרפישע גאַסן, באַטראַכט די הייזער, די אָנגעטראָ־פענע אין וועג מענטשן און געפאָרן ווייטער. אַפילו ווען וועד פון די באַגעגנטע האָט אים דערקענט און געוואָלט אָפּשטעלן, איז ער געפאָרן ווייטער. אים האָט קיינער נישט אינטערעסירט.

אַז ער איז מיד געוואָרן איז ער אָפּגעפאָרן אין אַ זייט און שטיין געבליבן, גערוט. טייל מאָל איז ער זיצן געבליבן אויפן מאָטאָציקל מיט אָנגעשפּאַרטע פיס אויף דער ערד, אַ צווייט מאָל, ווען דאָס איז געווען ביי אַ פּאָלאַנקע אָדער וועלדל, האָט ער זיך אויסגעצויגן. אַ מאָל איז ער געלעגן און געקוקט אין הימל. אַ סך מאָל איז ער אויך איינגעשלאָפן.

ווען ער האָט דערפילט הונגער איז ער צוגעפאָרן קיין עפולה, שטענדיק אין דעם זעלבן רעסטאָראַן. צוליב שבת איז נאָר דער איינער רעסטאָראַן געווען אָפן. דער רעסטאָראַן האָט זיך געפונען אויף דער הויפּטגאַס. דער רעסטאָראַן איז געווען דאָס איינציקע אין עפולה געשעפט, וואָס האָט געהאַט אַ ברייטע איינגאַנגס־טיר און אַ גרויס שויפענצטער. דער רעסטאָראַן איז געווען אַ גרויסער, לאַנגער לאָקאַל מיט אַ נידעריקע סטעליע פון האָלץ און איז געווען איינגעריכטעט ווי די מאָדערנע קאַפעען אין לאַנד.

אין רעסטאָראַן זענען תמיד געווען צוויי מענטשן וואָס האָבן באַדינט די געסט. יוליוס, אַ הויכער, דאַרער פאַרשוין, וואָס האָט געהאַט אַ לאַנגן ווי אַן איי גלאַטן קאָפּ אָן אין האָר. דער פּליך זיינער האָט געגלאַנצט, ווי ער זאָל זיין אויס־געפוצט. יוליוס איז פון פאַך געווען אַן אַדוואָקאַט און איז אָנגעקומען אין לאַנד מיט דער דייטשער עליה. דאָס קאַפעהויז האָט נישט געהאַט קיין שילד. די איינ־וווינער אין עפולה האָבן עס גערופן יוליוסעס קאַפע. די צווייטע פּערזאָן איז געווען העלאַ, די קעלנערקע, אַ הויכע, שלאַנקע בחורה מיט רויטע געלאָקטע האָר און פאַרריסענע נאָז. אירע שוואַרצע געפאַרבטע ברעמען זענען געווען בולט אויף איר אָוואַל פּנים. זי האָט געהאַט לאַנגע פינגער און רויטע געפאַרבטע נעגל. אין קיך האָט זיך געפונען פּאַולאַ, אַ הויכע דיקע פרוי מיט אַ ברייטן בוזעם, יוליוסעס ווייב.

על פי רוב איז גדעון אַהינגעקומען שפּעט אין אָוונט. ביידע, יוליוס און העלאַ האָבן אים באַגעגנט מיט אַ פריינדלעכן „שלום" און מיט אַ שמייכל. ער איז פאַר יוליוסן שוין געווען אַ שטאַם־גאַסט. העלאַן איז ער געפעלן פון ערשטן מאָמענט. איר האָט אימפּאָנירט זיין אויסזען, זיין וואָנסע און זיין געדיכטע, שוואַרצע טשור־פּרינע. שטענדיק האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש אין אַ ווינקל. העלאַ האָט יעדעס מאָל, ווי נאָר די אַרבעט האָט עס איר דערלויבט, זיך אַוועקגעשטעלט אים אַנטקעגן ער זאָל זי זען און כסדר צו אים געשמייכלט. דאָס איז שוין נישט געווען איר שטענדיקער שמייכל וואָס זי האָט געהאַט פאַר די געסט.

ערשט איצט איז זי צו אים צוגעגאַנגען און מיט אַ צעקלונגענער שטימע אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס עסט איר הײַנט? — סײַ העלאָ סײַ די באַלעבאָטים האָבן געוווּסט וואָס ער וועט באַשטעלן.

— ווי שטענדיק — האָט ער איר געענטפערט, זיך אָנגעשטרענגט און אויך אַ שמייכל געטאָן.

ער האָט געגעסן פּאַמעלעך, בנעימותדיק. ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ קאָניאַק און אַ ירקות־סאַלאַט. דערנאָך האָט ער געגעסן אַ זשאַרקויע (אײַנגעדינצט פלייש) מיט קאַרטאָפל און פאַרטרונקען מיט אַ פלאַש ביר. פאַרענדיקט האָט ער מיט אַ שוואַרצע קאַווע. צו די מאכלים האָט אים צוגעוווינט דינה. בײַ יוליוסן אין רעסטאָראַן האָט זיך גדעון גוט געפילט. אין די שעהן ווען ער איז געקומען זענען אין רעסטאָראַן געווען נאָר אײַנצלנע געסט. ער און די געסט זענען זיך געווען פרעמד, נאָר זיי האָבן אים געלאָקט. ער האָט געוואָלט זיצן מיט זיי צוזאַמען, נאָר נישט דאַרפן מיט זיי רעדן.

שוין עטלעכע וואָכן ווי גדעון קומט יעדן שבת צו יוליוסן. לעצטנס קומט ער אויך פריִער. אים איז אָנגענעם העלאָס אָנוועזנהייט. אויך זי האָט אויף אים געמאַכט אַן אײַנדרוק דעם ערשטן אָוונט וואָס ער איז געקומען. ער רעדט זיך אײַן, אַז זי איז ענלעך צו סמדרן. צו קיין ערנסטן שמועס זענען זיי ביז איצט נישט דערגאַנגען. ווען ער קומט, באַגריסן זיי זיך פרײַנדלעך. ער זעצט זיך אַוועק, באַשטעלט און עסט. עס איז קאָנטיק אויף ביידע, אַז זיי זענען צופרידן וואָס זיי האָבן זיך געטראָפן. יעדעס מאָל רעדן זיי זיך איבער ווי צופעליק אין דורכגאַנג. ווען זי גייט אים פאַרבײַ פרעגט זי אים: „עס שמעקט?" אָדער „איז דאָס ביר קאַלט?" און גייט ווייטער. פון אָנהייב האָט ער געפּרוּווט צו איר שמייכלען און נישט געקענט. ער האָט נאָר פאַרזשמורעט די אויגן און איר אַ שאָקל געטאָן יאָ.

אַ מאָל האָט זי אים אַ זאָג געטאָן: „אַ שיין וועטער". ער האָט געוואָלט איר ענטפערן, נאָר זי איז צוגעגאַנגען צו אים אַזוי נאָענט און אים צוגערוקט דעם אַשנבעכער, אַז דער פאַרפום, מיט וועלכן זי איז געווען באַשפּריצט, האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין נאָז און ער האָט איר נישט געקענט ענטפערן. נאָר זי האָט אים געענטפערט אויף איר פראַגע:

— עס וועט אויך זײַן אַן אויסגעשטערנטע נאַכט — זי האָט נישט געוואַרט און אים ווידער אַ פרעג געטאָן:

— איר זײַט מיד פון וועג?

— ניין — האָט ער איר געענטפערט דאָס מאָל.

— אַ מאַן! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן מיט חניפה.

— איך בין דויערהאַפט. איך בין אַן ערד־אַרבעטער — האָט ער כמעט נאַיִוו איר געענטפערט. זי איז אַוועק צו אַ גאַסט.

— אַ צווייט מאָל האָט זי אים אַ פרעג געטאָן — ווײַט געפאָרן?

— פון יניב אַהער — האָט ער איר געענטפערט.

— וואָס איז דאָס? — האָט זי אַ שפּאַס געטאָן.

— מיין דאָרף! — האָט ער איר געענטפערט מיט גאווה. זי האָט אים נאָר געענטפערט מיט אַ שמייכל און איז אַריין אין קיך.

איין מאָל איז ער געקומען געגוג שפּעט. דער רעסטאָראַן איז געווען באַזעצט ווי שטענדיק. ער האָט באַשטעלט און אָפּגעגעסן און כסדר זיך אַרומגעקוקט איבערן לאָקאַל. העלאַ איז געווען פאַרנומען. זי האָט נישט געהאַט קיין צייט צו אים. אין לאָקאַל איז געווען געגוג רויִשיק. ער האָט זיך געגויטיקט אין רו. ער האָט אָפּגעציילט ס׳געלט וואָס ער האָט געדאַרפט באַצאָלן פאַרן עסן און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש. ער האָט נאָר געוואָרט צו זאָגן העלאַן: „שלום״. ווי נאָר זי איז צוגעקומען האָט ער זיך אויפגעשטעלט.

— אַזוי שנעל? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן דערשטוינט און אים אַ זאָג געטאָן: „די משפחה וואַרט?״

— איך בין צום האָבן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן מיט אַ געלעכטער. זי איז, פון אָנשטרענגונג, געווען צעפלאַמט און שיין.

— איך אויך — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און אויך אַ לאַך געטאָן. זי האָט געוויזן אים אירע גרויסע, ווייסע ציין און איז אַוועק ווייטער באַדינען די געסט.

— שלום — האָט ער איר נאָכגעשריגן און אַוועק צו דער טיר.

לעצטנס בלייבט ער זיצן ביי יוליוסן ביז שפּעט. יוליוס און זיין פרוי האָבן שוין באַמערקט און פאַרשטאַנען, אַז ער בלייבט זיצן צוליב העלאַן. זיי האָט עס נישט געקימערט. פאַר זיי איז ער געווען דער סטאַבילער שבת־גאַסט. וואָס מער ער איז געקומען, אַלץ דרייסטער איז העלאַ געוואָרן צו אים. זי האָט איצט שוין שטענדיק געהאַט צייט פאַר אים. זי האָט נישט אַדורכגעלאָזט קיין פרייען מאָמענט כדי מיט אים צו כאַפּן אַ שמועס. אין די שפּעטע אָוונטן האָט זי נישט געדאַרפט דערלאַנגען עסן. די געסט זענען געווען ס׳רוב מענער, וואָס זענען געקומען טרינקען. מערערע מאָל האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט ביי זיין טיש. זי האָט זיך אַפילו אַוועקגעזעצט ביי אַ דערבייאיקן טיש וואָס איז געווען פריי און מיט אים געשמועסט.

זי האָט שוין געוווּסט ווער ער און זיין פאָטער זענען. אַז ער איז דאָ געבוירן און אַז זיי האָבן אַ ווירטשאַפט אין יניב. זי האָט שוין געוווּסט ווו דאָס דאָרף געפינט זיך. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי מענטשן. אויך ער האָט געוווּסט וועגן איר. זי האָט געקענט גאָר וויניק עברית. זי האָט גערעדט אָפּגעהאַקטע זאַצן און צעצויגן די ווערטער ווי זי זאָל זינגען. זי האָט צו יעדער האַ צוגעשטעלט אַן אַלף. זי האָט געזאָגט האַ אִ י ת י. זי האָט געהאַט מאַטורע, געשפּילט פּיאַנאָ און איז געווען שוין פאַרשריבן אין קראָקעווער אוניווערזיטעט. זי האָט געוואָלט לערנען אַלגעמיינע ליטעראַטור. זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ רייכן לעדער־סוחר בערנאַרד לאַופער.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז העלאַ אַנטלאָפן נאָך

רוסלאַנד. זי האָט זיך דאָרט געוואַלגערט און געהונגערט. איר משפחה, די עלטערן און צוויי ברידער זענען אומגעקומען בײַ די דײַטשן אין לאַגער. זי איז געקומען אין לאַנד אַרײַן אין איין קלייד און אין איין פּאָר שיך, וואָס זי האָט געהאַט אויף זיך. דאָ, אין עפולה, וווינט זי אין אַ קליין צימערל בײַ אַן אַרבעטער־משפּחה.

העלאַ האָט זיך די מי געגעבן, גדעון זאָל וויסן וועגן איר אַלץ. ער איז איר זייער געפעלן. ער איז געווען אַזוי אַנדערש ווי אַלע ייִדן און אַפילו גויִים וואָס זי האָט געקענט. נאָך דעם אַלעמען וואָס זי האָט מיטגעמאַכט איז זי אויך איצט געווען אויסגעוואָרפן, עלנט און פרעמד. זי האָט געוואָלט האָבן אַ מאַן, שאַפן זיך אַ היים. אויך ער האָט זיך צו איר דערנענטערט, אָבער נאָר ביז אַ געוויסער מאָס. אויך זי איז געווען פאַר אים אַנדערש ווי די בחורות פון דער סביבה.

דעם לעצטן מוצאי־שבת איז ער געבליבן זיצן ביז גאָר שפּעט. ער איז דער איינציקער געבליבענער גאַסט.

יוליוס איז געזעסן אין דער זײַט און איבערגעקוקט אַן אילוסטרירטן זשור־נאַל. זײַן פרוי איז געווען שוין אין שטוב. גדעון איז שוין געזעסן בײַ נאָך אַ גלעזל קאָניאַק. דאָס איז בײַ אים געווען לעצטנס אַ זעלטענע דערשײַנונג. די לעצטע טעג איז ער ווידער געווען אומרויִק, ווי ער זאָל פאַרפּילן אַז עפּעס וועט געשען. דאָס טרינקען האָט אים צוגעגעבן מוט. העלאַ איז מיט אים געזעסן בײַ זײַן טישל און זיך מיט אים אַדורכגעשמועסט. זיי האָבן גערעדט וועגן פאַרשיי־דענע ענינים. געפירט דעם שמועס האָט זי. זי האָט געוואָלט אים דערפירן ער זאָל איר זאָגן עפּעס מער קאָנקרעטעס. אין רעדן האָט זי אים אויך אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל אים מקנא זײַן:

— איר זײַט דאָ געבוירן און אײַנגעלעבט. איך בין אַן עמיגראַנטין — ווי זי זאָל זיך באַדויערן.

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן. ער האָט זיך משער געווען, אַז זי איז עפּעס אויסן מיט אירע רייד, נאָר נישט געוווּסט וואָס. דאָך האָט ער זי אַ טרייסט געטאָן:

— אַלע זענען מיר ייִדן.

— די היים איז דער מענטש. איך וואָלט אַזוי געוואָלט ווידער האָבן אַן אייגענע היים — האָט זי זיך ווי אַ בעט געטאָן בײַ אים.

גדעון האָט פאַרמרוזשעט די אויגן, ווי זיי זאָלן זיך אים האָבן פאַרמאַכט. זײַן פּנים איז געווען ווי אַ מאַסקע. ער האָט אַרײַנגעטראַכט אין אירע רייד. אים איז מיט אַ מאָל קלאָר געוואָרן צו וואָס זי צילט. ער האָט געפּרוּווט זיך מאַכן אַ סך־הכּל. באַלד האָט ער זיך אַ פרעג געטאָן אַן ווערטער: „זי וועט פירן די ווירט־שאַפט? מעלקן די קי? וואָס וועט זאָגן דער טאַטע? די מענטשן אין יבנאל?" — אין דעם מאָמענט האָט ער דערזען פאַר זיך סמדרן אַזוי ווי ער האָט זי געזען אין רבד.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: — שפּעט — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן פון דערשטוינונג.

ער האָט אויסגעשטרעקט איר די האַנט. זי האָט זי שטאַרק געדריקט און אַ שטאַמל געטאָן:

— כ׳האָב געזאָגט עפּעס איבעריקס?

— ניין! ניין! — האָט ער זי באַרויִקט, איר אַ זאָג געטאָן „שלום״ און אַוועק צו דער טיר.

יוליוס האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון זשורנאַל, אים נאָכגעקוקט.

העלאַ איז געשטאַנען ווי אַ געליימטע. גדעון איז אַוועק אויף שטענדיק.

# טו

דער הימלבלוי איז הויך. דער רוים אַרום גרויס, ווי ער זאָל זיך נישט ענדיקן. די זונען־שטראַלן זענען לאַנגע. שוין דער פרימאָרגן איז אַ וואַרעמער. פון דער ווינטערנעץ איז שוין נישט געבליבן קיין שפור.

גדעון גייט אַרום אַן אָנגעברוגזטער. ער איז אין כעס אויף זיך אַליין און שווייגט. ער שווייגט און טראַכט. נישט איין מאָל גיט ער זיך אַ זאָג „אַ פלאָנטער״ און קוקט זיך אום צי עס האָט ווער נישט געהערט. איצט טראַכט ער שוין נישט וועגן איין בחורה, נאָר וועגן בחורות. ער איז איצט פריי. ער קען גיין, קומען און פאָרן וווּ ער וויל. נאָר זיין וועג איז פון שטוב אין שטאַל און פון שטאַל אין הויף און אין פעלד און אויף צוריק. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ געפיל פון אַן אומבאַהאָלפענעם. ער האָט זיך געאַמפּערט מיט זיך אַליין ווי אַ פיש וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ.

איצט, נאָך דער געשעעניש מיט העלאַן איז ער באַליידיקט און פאַרשעמט. ער שעמט זיך פאַר די שטוביקע און פאַר די מענטשן אין דאָרף. ער איז געווען איבערצייגט, אַז אַלע ווייסן וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן זיי, אַז אַלע זעען אין אים אַן אַוואַנטוריסט. פון בושה האָט ער געמיטן מענטשן. ער איז געפאָרן אין פעלד אַריין ווען די גאַסן אין יניב זענען געווען נאָך ליידיק. אויך דעמאָלט איז ער געפאָרן מיט די זייטיקע גאַסן און וועגן, נישט געוואָלט טרעפן קיין מענטשן. האָט ער יאָ געטראָפן וועמען, האָט ער דער ערשטער געזאָגט „שלום!״ אפילו אַ ייִנגערן פון זיך. זיין „שלום״ איז געווען אַ טרוקענער, אָפּיציעלער. ער האָט נישט געגעבן קיינעם די מעגלעכקייט, אַז דער באַגעגנטער זאָל זיך וועלן מיט אים אָפּשטעלן. ער איז נאָר אויסן געווען ער זאָל וואָס וויניקער זיין ביי די מענטשן אין די מיילער. אים איז נישט געגאַנגען אין זיין כבוד, נאָר אין טאַטנס כבוד.

אין דער צייט וואָס ער איז געפאָרן צו העלאַן האָבן די רעדערייען אין דאָרף וועגן אים און אַרום אים אויפגעהערט. די מענטשן אין יניב האָבן פאַרשטאַנען,

אַז ער פֿאָרט מיט אַ ציל. געװען מענטשן װאָס האָבן געװוּסט װוּ אַהין ער פֿאָרט. איצט, אַז ער האָט איבערגעריסן מיט העלאַן, איז ער װידער אַרײַנגעטאָן מיט זײַנע רמ״ח אבֿרים אין דער אַרבעט און איז װידער געװען די טעמע בײַ די מענטשן אין יניב.

זײ האָבן דערצײלט מעשׂהס, װאָס קײנער האָט נישט קאָנטראָלירט, מיט שאַדנפֿרײד און אױך מיט באַדױער. געװען אַזעלכע װאָס האָבן אַפֿילו אױסגערעדט: „װוּ אַ מױד — דאָרט גדעון", אָדער „ער זוכט יונגע מײדלעך", „ער טאַנצט און קלערט גאָרנישט חתונה האָבן", „ער פֿאַרשװאַרצט דעם טאַטן דאָס פּנים. דער אַלטער טאַטע רעדט מיט אים נישט". די מענטשן האָבן אױך מיט אים נישט גערעדט. געװען מענטשן װאָס פֿאַרבײַגײיענדיק האָבן זײ אים אײליק געזאָגט „שלום" און געגאַנגען װײַטער, װי זײ זאָלן זיך שעמען אים קוקן אין פּנים. געװען אױך בחורות װאָס פֿאַרבײַגײיענדיק אים האָבן זײ אַ קוק געטאָן אױף אים פֿון דער זײַט, געװאָלט זען װי ער זעט איצט אױס.

אַנומלט. די זון האָט זיך געהאַט שױן געזעצט. אָט, אָט האָט דער בין־השמשות זיך אײַנגעשטעלט. גדעון איז געפֿאָרן פֿון פֿעלד. ער איז געזעסן אױף אַן אָנגע־לאָדנטן װאָגן מיט װיקע. פֿון אַ זײַטיק פֿעלדשטעגל זענען אים אַנטקעגנגעקומען צװײ מענער: רפֿאל, אַ הױכער, ברײטפּלײצעקער בחור, אין גדעונס יאָרן, און יהודה, אַ מיטלװוּקסיקער ייִד מיט קורצע, שטאַרקע הענט, אַ טאַטע פֿון צװײ זין. בײדע האָבן אױפֿן קול אים געענטפֿערט „שלום". װען גדעון איז זײ פֿאַרבײַגעפֿאָרן האָט יהודה אַ פֿרעג געטאָן רפֿאלן:

— װאָס איז מיט אים געשען?

— ער האָט מײדלעך — האָט רפֿאל אים געענטפֿערט און זיך צעשמײכלט. אַ װײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן:

— איך האָב אים געטראָפֿן בײַ יוליוסן אין עפּולה.

יהודה האָט נײַגעריק אים אָנגעקוקט. ער האָט נישט געװוּסט װער יוליוס איז. רפֿאל האָט פֿאַרשטאַנען יהודהס קוק און האָט אים אױפֿגעקלערט:

— דאָרט איז פֿאַראַן אַ רױטע קעלנערקע.

— אַזױ גאָר? — האָט יהודה דערשטױנט אַ זאָג געטאָן.

— דאָס איז בײַ אים געװאָרן אַ פֿאַך — האָט רפֿאל אים באַלערנט. ער האָט גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן יהודהן אין דער פּלײצע און אים אַ זאָג געטאָן:

— זײ געזונט!

— גײ געזונט — האָט יהודה אים געענטפֿערט און רפֿאל איז אַװעק פֿון אים מיט אַ זײַטיקן שטעג.

אױך בײַ יעקבֿן אין הױז איז געװען שטיל. די שטילקײט איז געװען אַן אימהדיקע. בײדע, דער אַלטער טאַטע און גדעון, זענען זיך געגאַנגען פֿון װעג און נישט גערעדט צו זיך, װי אין שטוב זאָל זײַן אַ חולה־מסוכן. פֿון גדעונס באַנעמען זיך, ער איז אין די אָװנטן װידער געבליבן אין שטוב, האָט דער פֿאָטער פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט װידער אױפֿגעהערט פֿאָרן צו אַ געװיסער בחורה, אַן

צו וויסן צו וועמען. אויך דינה, וואָס האָט אים נאָכגעקוקט וואָס ער טוט און ווי ער פירט זיך אויף, האָט פאַרשטאַנען, אַז גדעון ליידט. זי האָט מיט אים מיט־געליטן, ווי ער זאָל זיין איר זון צוזאַם מיט יעקבן. ביידע האָבן געטאָן זייער אַרבעט און אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

גדעון ווידער האָט געמיטן זיין חבר נתנען. ער האָט זיך פּשוט געשעמט פאַר אים. נתן האָט אַ ווייב, אַ קינד און איז אַ בעל־הבית אין יניב. נאָר דווקא ער, גדעון, איז אומבאַהאָלפן, קען זיך נישט צוקלייבן קיין בחורה, שלעפּט זיך אַרום יעדעס מאָל מיט אַן אַנדערער. ער האָט כסדר נאָכגעטראַכט: אויף דער זעלבער ערד אויפגעוואַקסן צוזאַם, צוזאַם געמאַכט די לעקציעס, צוזאַם געשטיפט און צוזאַם געמאַכט די „קומזיצן". גדעון האָט אים אויסגעמיטן. נתן האָט אים געלאָזט זיך פירן לויט זיין ווילן, נאָר ער איז אים טריי געבליבן. אָבער אין דער שטיל, דורך קיינעם נישט באַמערקט, אים נאָכגעקוקט.

נתן האָט נישט איין מאָל זיך געשלייכט אַרום יעקבס הויז, געוואָלט זען אָדער הערן וואָס ביי זיי טוט זיך און געוואַרט אפשר וועט ער טרעפן גדעונען. ער האָט נישט איין מאָל אָנגעלייגט וועג, געפאָרן מיט אַ זייטיקן שטעג, געמיינט אַז אפשר געפינט זיך גדעון אין פעלד. ער איז אַפילו שטיין געבליבן און זיך צוגעהאָרכט ווען מענטשן האָבן גערעדט, געוואָלט הערן צי זיי רעדן נישט וועגן גדעונען. ער האָט מער וויניקער געוווּסט וואָס גדעון טוט, ווען און ווי ער גייט און קומט.

אין צווישן איז אָנגעקומען די צייט ווען גדעון האָט געדאַרפט באַאַרבעטן זיין עפּלסאָד. אין די טעג איז גדעון געווען נאָך מער פאַרהאָרעוועט. מאָרגנס, ווען די מתישבים זענען ערשט אַרויס אין הויף, האָט גדעון שוין געהאַט אָפּגע־טאָן די אַרבעט אין שטאַל און געפאָרן אָדער שוין געווען אין סאָד. ער איז געווען אַזוי פאַראַרבעט, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין צייט טראַכטן. זיין פּנים איז געוואָרן גרוי, די באַקן זיינע איינגעפאַלן ווי ער זאָל האָבן אָפּגעצערט. זיין אָנגעוואַקסענע דורך דעם מעת־לעת באָרד איז געווען האַרט ווי די האָר ביי אַן אָפּגענוצטער באַרשט. אויפן ווייטן האָריזאָנט, ווען ס'האָבן גענומען זיך ערשט באַווייזן די ערשטע זונען־שטראַלן, איז גדעון שוין געגאַנגען נעבן דעם אָנגע־לאָדנטן וואָגן, וואָס פלוטאָס האָט געצויגן. די רעדער האָבן זיך געקאָלערט לאַנג־זאַם און גדעון מיטן גאָפּל אין די הענט האָט אָנגעפילט די ערד־שיסל אַרום יעדן בוים מיט מיסט פון עופות. דער אויפגערודערטער מיסט־ריח וואָס האָט זיך געמישט מיט דער ערד און ביימער־ריח האָט אים געקוויקט.

ווען ער האָט געענדיקט די אַרבעט האָט ער פלוטאָסן איינגעשפּאַנט אין אַקעראייזן. אויך איצט האָט דאָס מוילאייזל געצויגן דעם אַקעראייזן אַ מאָל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַ מאָל מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז. גדעון איז אים נאָכגעגאַנגען טריט נאָך טריט און די סקיבעס ערד האָבן זיך אויסגעלייגט אַ שורה נאָך אַ שורה און געגלאַנצט דער זון אַנטקעגן. נאָר נישט איין מאָל האָט ער איינגעהאַלטן דעם אַקעראייזן און שטיין געבליבן אַ פאַרטראַכטער, ווי ער

זאָל אין דער ווייט האָבן ווענען דערזען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן „דיאַ" און פלוטאָס האָט ווידער געצויגן דעם אַקעראײַיזן און געאַקערט ווײַטער.

דאָס לעצטע מאָל, ווען ער האָט אײַנגעהאַלטן דעם אַקעראײַיזן און שטיין געבליבן, האָט ער אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל ווערן עפּעס זען, דער־גייען. ער האָט געזען סמדרן און העלאַן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך וואָס ער האָט געפרווּוט זיי פאַר־גלייכן. „דיאַ" — האָט ער אַ געשריי געטאָן ווי ער זאָל זיך בייזערן אויף פלוטאָסן פאַר וואָס ער איז שטיין געבליבן. דאָס מויִלאײַיזל האָט האַסטיק אַ צי געטאָן דעם אַקעראײַיזן.

די לעצטע אַרבעט וואָס גדעון האָט געטאָן אין סאָד איז געווען דאָס באַשפּייזן די ביימער מיט דער כעמישער פליסיקייט. ער איז געגאַנגען מיט דעם קעסל אויף דער פּלייצע פון איין בוים צום אַנדערן און עס באַשפּריצט, די כל־מיני שרצים זאָלן איבער אים נישט האָבן קיין שליטה. אין אָוונט איז ער שטיין געבליבן און מיטן בליק אַ שפּאַציר געטאָן איבער די ביימער. די אויגן זײַנע זענען געווען פאַרמרוזשעט, די ליפּן אָפּגעלענט, די הויט פון זײַן פּנים לייכט געריינצלט. ער האָט נאָך אַ סך טעג ס׳ערשטע מאָל געשמייכלט. די ביימער האָבן געגלאַנצט און זיך געשפּיגלט אינעם שימער פון די ערד־סקיבעס. אויך ער און זײַן געמיט האָבן זיך געשפּיגלט אין דער ערד צוזאַם מיט די ביימער.

נתן, וואָס האָט נאָכגעקוקט גדעונען, געזוכט אַ געלעגנהייט זיך מיט אים טרעפן, מיט אים זיך דורכשמועסן, האָט באַשלאָסן אויסנוצן דערצו יעדע מעגלעכע געלעגנהייט. גדעון האָט אים די געלעגנהייט נישט געגעבן. נאָר אין איינעם פון די טעג, ווען די זון איז שוין געווען אין מיטן הימל און געוואַרעמט, נאָר פון מאָל צו מאָל האָט אַ ווײַ געטאָן אַ מילד ווינטל, ווי אַ שאַרך זאָל זיך האָבן אַדורכגעשלאָגן, ווען יעדעס אָנגערירטע גרעזל אָדער בלעטל האָט זיך אַ וויג געטאָן ווי צו אַ געבעט, האָט נתן פאַרהאַלטן זײַן שימל. ער איז געפאָרן אין פעלד אַרײַן נאָך פּאַשע. וויסנדיק, אַז גדעון געפינט זיך אין ווײַנגאָרטן, האָט ער אָנגעלייגט וועג און צוגעפאָרן צו אים.

גדעון איז געשטאַנען צווישן די ווײַנשטאָקן פאַרשטעלט. ער האָט נישט געהערט נתנען קומען. ערשט ווען ער האָט דערהערט הינטער זיך אַ הילכיקן „שלום, גדעון!" האָט ער האַסטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ. „אַ! נתן!" — האָט ער דערשטוינט אַ שריי געטאָן, כאָטש ער האָט דערקענט זײַן קול פון הינטער־וואַל. ביידע האָבן אויסגעשטרעקט די הענט און זיך אַרומגענומען. זיי זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן ווי זיי זאָלן זיך באַטראַכטן. דאָס זענען געווען נאָר די רגעס פון זייער בושה. נתן האָט דער ערשטער אַ פיר געטאָן זײַנע אויגן איבערן ווײַנגאָרטן:

— דו האָסט הייאָר אַ גערעטעניש, ביי מיר נישט אַזוי — האָט נתן אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל רימען גדעונען.

— עה! — האָט גדעון אַ זאָג געטאָן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, מבטל געווען נתנס רייד און מיט דער האַנט נערוועז זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ.

נתן האָט אים פאַרשטאַנען און אים אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז אונדזער פרייד און קיום.

— יאָ! — האָט גדעון אים געענטפערט און דערויף אַ זאָג געטאָן — קום זיך אַוועקזעצן — אַ נעם געטאָן אים אונטערן אָרעם און אַוועקגעפירט אין אַ זייט. ער האָט איבערגעדרייט צוויי קאַסטנס און זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט זיך אַנטקעגן.

נאָך אַ לענגערן שמועס האָט נתן נאָך אַ מאָל אַ באַטראַכט געטאָן דעם ווייַנגאָרטן, די באַלייגטע מיט טרויבן וויינשטאָקן. אַ באַפליגלטע שטילקייט האָט געפלאַטערט איבערן ווייַנגאָרטן. עטלעכע פּאָר זיי שורות האָבן זיך ריטמיש באַוויגן צוויי געבוקטע געשטאַלטן, ווי דאָס זאָלן זיין אַנגעצויגענע אויף שטריק מאַריאָנעטקעס. דער קניק פון די שערן מיט וועלכע זיי האָבן געשניטן די טרויבן איז געווען אַזוי רעגלמעסיק, ווי דאָס זאָלן זיין אויסגעקלאַפּטע טאַקטן לויט נאָטן, נאָר ווען ביי וועמען פון זיי איז דער האַנטקאַסטן געוואָרן איבערפולט, האָט ער זיך אויסגעגליכן און אַוועקגעטראָגן די אָפּגעשניטענע טרויבן. גדעון איז געזעסן פאַרקוקט אין אַ ווייַנשטאָק. אים האָט זיך אויסגעוויזן אַז יעדע מוסקאַט־טרויב איז אַ פּנים וואָס האָט ראָזע בעקלעך און דער ווייַנשטאָק איז אַ שוואַנגערע פרוי. נתן האָט אָפּגעאָטעמט און אַרויסגענומען פון העמדטאַש דאָס פּושקעלע ציגאַרעטן. זיי האָבן פאַררייכערט. אַ היפּשע ווײַלע האָבן זיי געשוויגן. די קנוילן רויך האָבן געהילט זייערע קעפּ.

— וואָס הערט זיך ביי דיר? — האָט גדעון אַ פרעג געטאָן.

— געמיינט, אַז האָסט שוין פאַרגעסן אין מיר — האָט נתן אים געענטפערט.

גדעון האָט אויף אים אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן אַפיר. זיין בליק איז געווען פול פאַרוווּרף און געבעט.

ערשט איצט האָט נתן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אים געענטפערט:

— אורה פילט זיך גוט, רמי וואַקסט. די טרויבן מיינע וועלן זיין צייטיק אין אַ וואָך אַרום. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן — איך וויל בייטן דעם שימל.

— ער האָט דיר אָפּגעאַרבעט — האָט גדעון אים אַ זאָג געטאָן מיט סאַטיספאַקציע.

— איך וויל גאָרנישט טראַכטן וואָס זיין גורל וועט זיין. דער טאַטע האָט אים נאָך געבראַכט — האָט נתן געזאָגט ווי ער זאָל באַדויערן דאָס פערד.

— אַזוי איז דער גורל. ער קען דאָך נישט זיין בעסער ווי ביי אַ מענטש — האָט גדעון אים אויסגערעדט, נאָר זיין טאָן איז געווען סאַרקאַסטיש.

— אָה! האַ! האַ! אַ זקן רעדט — האָט נתן אַ שפּאָס געטאָן.

גדעון האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און צעעפנט די ליפּן.

— שלום, נתן — האָט אַ יונג קול אַ הילך געטאָן, ווי מען זאָל נתנען אַריינ־רעדן אין פּנים אַריין.

— שלום רענן! — האָט נתן אים געענטפערט מיט אַ שמייכל אויפן פּנים.

רענן האָט געטראָגן צוויי קעסטלעך טרויבן אויפן אַקסל. רענן איז געווען אַ זון פון אַ מתישב וואָס האָט ערשט געענדיקט די שול. ער איז געווען איינער פון די צוויי אַרבעטער וואָס האָבן צוזאַם מיט גדעונען אים געמאַכט דעם ווייַנטרויב־שניט. גדעון, וואָס האָט זיך ווי איבערוועקט, האָט אַ קוק געטאָן אויף רענגען. באַלד האָט ער אויפגעהויבן די אויגן, ווי ער זאָל אָנקוקן נתנען און זיך צערעדט. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, ווי צו זיך, אָן אַ באַוועגונג — זיך פאַרפלאָנטערט, געוואָלט זיך אויפפּלאָנטערן, שיער זיך ווידער נישט פאַרפלאָנטערט. שווער זיך צו באַפרייען — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט רעזיגנאַציע און איינגעביסן זיין אונטערשטע ליפּ.

נתן האָט געוואַרט. געוואָלט גדעון זאָל ווייטער רעדן.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט גדעון ממשיך געווען:

— געטראָפן העלאָן די קעלנערקע ביי יוליוסן. זיך פאַרטשעפּעט מיט איר, נאָר באַלד רעזיגנירט פון איר — און ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

נתן האָט געלאָזט אים רעדן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז גדעון דאַרף זיך אָפּרעדן. ער האָט אים נישט באַלד געענטפערט. ערשט ווען גדעון האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, האָט ער גענומען אים אויסרעדן:

— דו ביסט נישט דער איינציקער און אויך נישט דער לעצטער. אין לעבן געשעט פאַרשידנס, איבערהויפּט ווען מען איז יונג. אויך איך האָב געקליבן ביז כ׳האָב אויסגעקליבן אורהן.

גדעון האָט אים אָנגעקוקט. זיין בליק איז געווען שאַרף.

— מער ווייניקער ווייס איך וואָס עס איז פאַרגעקומען אין עפולה — האָט נתן אים אַ זאָג געטאָן נישט קוקנדיק אים אין די אויגן.

גדעון האָט אים ווידער אָנגעקוקט. זיינע אויגן זענען געווען גרויס, פול פראַגע.

נתן האָט אים געוואָלט באַרויִקן, אים מפייס זיין און ער האָט אים געענט־פערט:

— מיר זענען דאָך ברידער, ווייל מיר זענען די איינציקע ביי אונדזערע טאַטע־מאַמע, דעריבער זאָג איך דיר: די בלאָנדע, געשמינקטע בחורה איז נישט קיין פּרוי פאַר דיר.

גדעון האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט איין אויג פון דער זייט. געוואַרט וואָס נתן וועט ווייטער זאָגן.

נתן האָט טאַקע זיך אַ ווענד געטאָן צו אים:

— דו האָסט חלילה נישט געהרגעט. זי וויל, דו ווילסט נישט. יוגנט־שמערץ, נישט געפערלעך. ווערסט די זאַך אַ מאָל זען ווי אַ פאַרגאַנגענהייט.

גדעון האָט שטיל אַ זיפץ געטאָן.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט נתן זיך צוגעבויגן צו אים און אים פֿאַרגעשלאָגן:
— אַנומלט איז מיר אויסגעקומען זײַן אין זכריה אין דער פּרויען־פּאַרם־שול. פֿאַראַן דאָרט מיידלעך איינס און איינס. יעדע מויד אַ צעדער. אַלע זין אין דאַרף פֿאַרן אַהין זוכן אַ ווײַב. ספּעציעל איז מיר דאָרט געפֿעלן תּמר, אַ רויטהאָריקע בחורה.

אַ צײַט זענען זיי געזעסן און געשוויגן. זיי האָבן נאָר געהערט דעם זשום פֿון די אינזעקטן אין דער לופֿט. נתן האָט אים נישט אויסגעזאָגט, אַז אורה איז געווען צו גאַסט בײַ איר קרובה אין טבריה און אין זעלבן הויז וווינט תּמרס מומע. אורהס קרובה האָט איר דערציילט וועגן דער מומע און איר פּלימעניצע תּמר, וואָס לערנט אין דער פּרויען־פּאַרם־שול אין זכריה.

— עס וואָלט געווען אַ יושר זאָלסט צופֿאָרן אַהין — האָט נתן אים פֿאַר־געשלאָגן כּלאַחר־יד.

גדעון האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן. ערשט איצט האָט ער אַ שפּאָס געטאָן:
— ווילסט מיך שדכנען.

נתן האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל אים ענטפֿערן, נאָר באַלד האָט ער אים אַ זאָג געטאָן: „וואָס מײַנסטו" — און זיך צעשמייכלט.

זייער שמועס האָט זיך איבערגעריסן. אַ צײַט לאַנג זענען זיי געזעסן און געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט נתן זיך אָנגעבויגן און אַ קוק געטאָן אין הימל אַרײַן:
— שוין מיטאָג. די זון איז אין מיטן הימל. מען דאַרף זיך צעוויילן. — ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט און גענומען גיין. גדעון איז אים נאָכגעגאַנגען.
— שלום! קום צו גיין — האָט אים נתן אַ זאָג געטאָן נישט קוקנדיק אים אין די אויגן. ער איז אַוועק צו זײַן געשפּאַן.
— שלום! שלום! — האָט גדעון אים שוין נאָכגעשריגן און איז אַוועק צוריק צו דער אַרבעט.

# טז

דער שבת־פֿאַרמיטאָג איז געווען אַ פּרעכטיקער. די זון האָט געשטראַלט און געשימערט ווי גינגאָלד. יעדעס בלעטל און גרעזל האָט געגלימערט דער זון אַנטקעגן. די לופֿט איז געווען פּיאַלעט בלוי און דורכזיכטיק. גדעון איז אָפּגעפֿאָרן אין אַ זײַט און אויסגעלאָשן דעם מאָטאָציקל. אַ ווײַלע האָט ער זיך אומגעקוקט. די זונען־שטראַלן איבער די שיפּע דעכער האָבן זיך אָפּגעשלאָגן און געשפּרייט ליכטיקע וואַרעמקייט. די פֿאַרוואָרצלטע און פֿאַרצווייגטע ביימער אין דער סבֿיבֿה האָבן געשפּרייט שאָטן. די גרינע גראָז־בייטן מיט די אײַנגעזעצטע אין זיי בלומען־קלאָמבן זענען געלעגן ווי אויסגעשפּרייטע דיוואַנען.

גדעון האָט אויסגעטאָן די וועג־ברילן, זיך אַרומגעשטויבט און געלאָזט גיין

מיט אַ שטעג. די שטילקייט האָט געוועלטיקט איבער דער סביבה און האָט גע־קלונגען גדעונען אין די אויערן. ער איז געגאַנגען, זיך אַרומגעקוקט און קײנעם נישט געזען. מיט אַ מאָל האָט ער דערהערט אַ קול־אָפּהילך און איז אַוועק אין דער ריכטונג. ער האָט איבערגעשפּרייזט די שוועל פון דער אָפענער טיר און איז שטיין געבליבן. זײנע אויגן האָבן אַ בלאַנדזשע געטאָן איבערן קולטור־זאַל, ווי ער זאָל באמת ווּעמען זוכן. אַ דיקלעכע בחורה מיט שוואַרצע איבערגעלייגטע איבערן קאָפּ צעפּ, וואָס איז אים אַנטקעגנגעקומען, האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— ווּעמען זוכסטו?!

— תמרן — האָט ער לאַקאָניש איר געענטפערט, ווי ער זאָל זיין איר באַקאַנטער.

— תמר! מען איז געקומען צו דיר! — האָט די בחורה זי אַ רוף געטאָן אויפן קול און זי איז אַרויס פון זאַל.

תמר איז שטיין געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן און אָפן מויל. זי איז געווען זיכער, אַז דאָס מיינט ער נישט זי.

— דו ביסט תמר? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן און אין דער צייט זי אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ. זי האָט אים נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. פון איבערראַשונג איז איר שווער געווען רעדן. איר אָטעם איז געווען קורץ און צוגעאײַלט.

— איך בין גדעון פון יניב — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר אַקסל. זי איז אים געפעלן. זי איז געווען הויך און יאַדערדיק, געהאַט רויטע געלאָקטע האָר, אַ לענגלעך מאָט פּנים, גרויסע גרינע אויגן און אַ שמאָלע נאָז. פון איבערראַשונג איז זי געשטאַנען ווי אַ צוגעשמידטע און געשוויגן. זי האָט נאָר כסדר אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן אויף אים און זיי צוריק אַראָפּגעלאָזט. זי האָט באַוואונדערט זיין קרעפטיקייט. אויך ער האָט זי באַטראַכט און אַ ווײלע שפּעטער איר אַ זאָג געטאָן:

— געהערט, אַז אין זכריה פאַראַן אַ באַחנטע בחורה, תמר, בין איך געקומען זי זען — און ער האָט זיך צעשמייכלט.

— ווער האָט געזאָגט? — האָט זי אַ שטאַמל געטאָן און אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן.

— אַלע אין דער סביבה ווייסן — האָט ער איר געענטפערט און איבער־געלייגט זיין אָרעם איבער אירע אַקסלען.

— קום, זעץ דיך — האָט זי אים פאַרבעטן און אים צוגעפירט צום ערשטן טישל וואָס איז געווען פריי.

זי איז געזעסן אים אַנטקעגן און געשוויגן. זי האָט זיך נישט געטרויט קוקן אויף אים און שווער געאָטעמט. גדעון האָט זי באַטראַכט און דעם אָרום און געדרייט זיך אַ שפּיץ וואָנסע. די פענצטער זענען געווען אָפן. די זונען־ליכט האָט אַרייַנגעדרונגען און געשפּרייט העלקייט. די פייגל אויף די ביימער אין דרויסן האָבן געזונגען. די טויבן אויף די דעכער האָבן געוואָרקעט. די פלאַנצן אין די

בלומענטעפּ אין זאָל האָבן זיך געבויגן צו דער זון. איבער די בילדער אויף די ווענט האָט די זונשיין געשימערט. די אַרומזיצנדע בחורות האָבן געלייענט; ווער אַ בוך און ווער האָט געבלעטערט אַ זשורנאַל צי גאָר געשטיקט אָדער געשטריקט.

אין זאַל איז געווען שטיל. פון מאָל צו מאָל האָט ווער פון די בחורות אַ קוק געטאָן אויף גדעונען און זיך אַ שושקע געטאָן מיט אַ חברטע. גדעון, דער הויכער, ברייטפּלייציקער מאַן מיט זיין שוואַרצער, געדיכטער טשופּרינע און גרויסע, דיקע וואָנסע, איז אַלעמען געפעלן.

אַ צייט האָבןביידע געשוויגן. פון מאָל צו מאָל האָט ווער פון זיי אויפגעהויבן די אויגן און אָנגעקוקט דעם צווייטן. גדעון האָט אויסגעצויגן די פיס אונטערן טיש, ווי ער זאָל זיי ווילן אויסרוען און אַ זאָג געטאָן:

— עס איז טאַקע אַזוי ווי מען זאָגט. — תמר האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים. זי האָט אים געפרעגט נישט רעדנדיק.

— דו ווילסט דווקא איך זאָל זאָגן, אַז דו ביסט שיין? — האָט ער איר געענטפערט מיט אַ פראַגע און פאַרמרוזשעט די אויגן.

— דאָס קען נישט שאַטן אַ בחורה — האָט זי אים געענטפערט ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער און זיך צעשמייכלט, אים געוויזן אירע גרויסע, ווייסע ציין.

דער אָנגעהויבענער שמועס האָט זיך איבערגעריסן. זיין פּנים איז געווען אָנגעשטרענגט. פאַרטראַכט. זי האָט אַוועקגעקוקט. ערשט אַ צייט שפּעטער האָט ער ווידער זי אַ פרעג געטאָן:

— ווי לעבט זיך דיר דאָ?

— ווי אַ מיידל אין אַ פרויען־פאַרם — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט אָפּגעאָטעמט ווי איר זאָל זיין הייס און האָט צוגעגעבן:

— מען אַרבעט, מען רוט און מען פאַרברענגט צווישן זיך.

— דו ספּעציאַליזירסט זיך אין עפּעס אַ צווייג? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן גלייכגילטיק, ווי אָן אַ מיין.

— איך טו יעדע אַרבעט. איך וויל זיין אַ בעל־הביתטע — האָט זי אים קאַטעגאָריש געענטפערט.

— ווו וווינען דיינע עלטערן? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן און זיך איינגעקוקט אין איר.

— ליידער. איך האָב געהאַט עלטערן — האָט זי אים געענטפערט מיט ווייטיק און איז שטיל געוואָרן, נאָר נישט אויף לאַנג. זי האָט געהאַט דאָס באַדערפעניש זיך אַראָפּצורעדן פאַר אים. זי האָט זיך צוגעבויגן און אים דערציילט, ווי זי זאָל אים פאַרטרויען אַ סוד:

— מיין פאָטער, אַלכסנדר שרון, איז געווען אַ ציין־טעכניקער אין סלאָנים. דאָ אין לאַנד האָט ער נישט געקענט באַקומען קיין אַרבעט ביי זיין פאַך. מיר האָבן געוווינט אין פּתח־תקווה און ער האָט געאַרבעט אין אַ פּרדס. די מאַמע, פרידע, האָט געאַרבעט ביי סאָרטירן אייער. אין סעזאָן האָט זי געוויקלט מאַראַנצן.

אין סלאָנים איז זי געװען די הײבאַם פון די אָרעמע פרויען. בײדע האָבן נישט אויסגעהאַלטן...

...די ערשטע איז געשטאָרבן די מאַמע. עטלעכע חדשים שפּעטער דער טאַטע. איך בין געבליבן אַ יתומה אַלס קלײן מײדל. איך האָב זיך דערצויגן אין טבריה בײם פעטער דוד שמר. ער איז געװען דעם טאַטנס ברודער, אַ באַן־אַרבעטער אין צמח. װען ער איז געשטאָרבן איז זײן װײב, די מומע חינקה, איבערגעגאַנגען װױנען אין אַ קלענערער דירה. זי איז געװען אַן עלנטע אַלמנה. אירע צװײ טעכטער זענען שוין געװען פאַרהײראַט. איך, אַ דערװאַקסענע שוין, בין אָנגעקומען קײן זכריה אין דער פּרויען־פאַרם. — זי האָט גערעדט געלאַסן און שטיל, נאָר אירע ברוסטן האָבן זיך באַװעגן שנעל, װי אַ בלאָזזאַק װאָס אַרבעט.

גדעון האָט די גאַנצע צײט זי באַטראַכט װי ער זאָל קוקן אויף איר פון אונטערן שטערן אַפיר. זי איז געזעסן מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ, װי זי זאָל אויף װעמען װאַרטן. אין זאַל איז געװען שטיל און מען האָט נאָר געהערט אַ זשום פון די צונויפגעגאָסענע װערטער און דעם שאָרך פון די איבערגעבלעטלטע ביכער און זשורנאַלן. דער שאָטן אין די פענצטער האָט כסדר זיך גערוקט פאָרויס.

— האָסט אַ חבר? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן איראָניש, נאָר מיט תקיפות.

זי האָט אים געענטפערט נאָר מיט אַ קאָפּ־שאָקל, נײן, װי זי זאָל זיך שעמען.

— געהאַט? — האָט ער זי װידער געפרעגט און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, געקוקט איר אין די אויגן.

— נישט באַװיזן. כ׳האָב נישט קײן מזל — האָט זי איראָניש אים אַ זאָג געטאָן.

— נעבעך. פירסט אַ לעבן פון אַ נאָנע — האָט ער אַ שפּאַס געטאָן.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע גלײזיקע אויגן, װי זײ זאָלן זײן פון פאַרצעלאָן. זי האָט געװאָלט דערגײן װאָס ער איז אויסן און זי האָט אים געענטפערט: „פאַראַן, נאָר נישט אײנער אַ סטאַבילער" — פון אײן פראַגע ביז דער אַנדערער האָט געדויערט. גדעון איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער. זי האָט אים באַטראַכט פון דער זײט און שנעל געאָטעמט. זי איז געװען איבערראַשט די גאַנצע צײט פון דער אומפאַרהאָפטער קאָנטשאַפט. פון זינט דער לעצטער תשובה האָט ער אָפּגענויגן לײכט דעם קאָפּ, געמרוזשעט די אויגן און געקנײטשט דעם שטערן. ער האָט געטראַכט. זײער שװײגן האָט זיך פאַרצויגן. מיט אַ מאָל האָט ער שטיל זי אַ פרעג געטאָן: „װי לאַנג דאַרפסטו נאָך דאָ זײן?" — אָן אַ באַװעג צו טאָן מיט אַן אבר און נאָר גערירט מיט די ליפּן.

זי האָט אויסגעגליכן דעם רוקן. אירע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. זײן פראַגע האָט זי געמוטיקט:

— נאָך אַ האַלב יאָר, נאָר װער עס װיל קען שוין איצט פאַרלאָזן. צװײ מײדלעך זענען שוין אַהײמגעפאָרן — און זי האָט אַװעקגעדרײט דעם קאָפּ אַ

פאַרשעמטע. איר האָט זיך געדאַכט, אַז ער קען נאָך מיינען, אַז זי וואַרפט זיך אים אָן. דאָך האָט זי זיך נישט איינגעהאַלטן און אים אַ פרעג געטאָן: „ווער ביסטו?"

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פון אונטערן שטערן, ווי ער זאָל זי חושד זיין. זי האָט איינגעהאַלטן איר אָטעם. זי האָט געפילט אויף זיך זיין בליק וואָס האָט זי געפּאַרשט. נאָר ער האָט געלאָזן איר געענטפערט:

— אַ זון פון יעקב כפרי, אַ בעל־משק אין יניב און אויך זיך אויפגעצויגן אָן אַ מאַמע.

זי האָט די גאַנצע צייט אויף אים געקוקט און נישט געוווסט צי ער באַדויערט זיך אָדער טרייסט זי און געוואַרט ער זאָל ווייטער רעדן. נאָר ער האָט געשוויגן. זי האָט געוואָלט ער זאָל רעדן, ווייל זי איז געווען בייגעריק און האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— ווער האָט דיר געזאָגט אַז איך בין דאָ?

— ווענט האָבן אויערן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און פאַרקרימט זיין פּנים. ער האָט געוואָלט שמייכלען און נישט געקענט.

איר פּנים האָט יאָ ברייט זיך צעשמייכלט. אין צווישן איז יעדעס מאָל אויפגעשטאַנען פון טיש אָן אַנדער מיידל און איז אַרויס פון זאַל. נאָר איינצלנע בחורות זענען געבליבן נאָך זיצן. די לופט אין זאַל איז געווען איצט אָן אָנגעדראָלטע. דעמפּיק. מיט אַ מאָל האָט אַ גאַנג זיך צעקלונגען. תמר האָט זיך אומגעקוקט. זי האָט דערזען, אַז דער זאַל איז שוין כמעט ליידיק.

— שוין מיטאָג? — האָט זי דערשטוינט זיך אַ פרעג געטאָן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: „האַלב איינס" — האָט ער איר צווויסן געטאָן. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אים אַ זאָג געטאָן:

— איך פאַרבעט דיך צו מיטאָג.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר ווי ער זאָל זי פרעגן, אפשר נישט?

— ביטע! — האָט זי שאַרמאַנט אים אַ זאָג געטאָן און זיך געלאָזט גיין. ער איז איר נאָכגעגאַנגען. אין דרויסן האָבן ביידע פאַרמרוזשעט די אויגן. די זון האָט זיי אַ בלענד געטאָן. ער האָט איבערגעלייגט אָן אָרעם איבער אירע אַקסלען. זי האָט אַ קוק געטאָן צו אים אַרויף. ווען זיי זענען אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג איז זי אַ גיי געטאָן פאַרויס, אַפּירגעגאַנגען פון אונטער זיין אָרעם. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט און זיין בליק האָט אַ שפּאַציר געטאָן איבער אירע אָפּגעברענטע, אויסגעפּאַרעמטע היפטן. ער האָט פאַרגרעסערט זיין שריט און זי אַ צי געטאָן ביי די האָר. זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטן און אַ קוויטש געטאָן פון ווייטאָג: „אַה!" ער האָט אַרומגענומען איר האַלדז, ווי ער זאָל זי שטיקן און איר אַ קוש געטאָן. איר צעשויבערטער קאָפּ איז ליגן געבליבן אויף זיין אָרעם. אירע אויגן האָבן געבריט. ער האָט געזשמורעט די אויגן. די האָרברעמען זיינע זענען געווען שטייף, זיין אָטעם האַסטיק:

— פאָר מיט מיר אין שטאָט עסן — האָט ער זיך ביי איר אַ בעט געטאָן.

ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט. אים איז געווען שווער צו רעדן.

זי האָט נישט געהאַט קײן כּוח אים ענטפערן. איר קאָפּ איז געלעגן אין זײַן אָרעם און זי האָט געהאַט דאָס געפיל אַז זי זינקט. ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך. זי האָט אַ זיפץ געטאָן: „אױ!" און אַ שטאַמל געטאָן: „גוט". ער האָט איר אַ קוש געטאָן און זי אָפּגעלאָזט. ער האָט זי אָנגענומען בײ דער האַנט און זי געפירט װי אַ מײדעלע.

בײם מאַטאָציקל זענען זײ שטײן געבליבן. ער האָט איבערגעשטעלט אַ פוס איבערן מאַטאָציקל און אָנגעצונדן דעם מאָטאָר. דער מאָטאָר האָט אַ װאָרקע געטאָן און פאַרהילכט די סביבה. „שטײג אויף!" האָט ער איר אַ זאָג געטאָן. זי, אין אַ פּאָר קורצע האָקי־הײזלעך און פלאַכע סאַנדאַלן, האָט זיך אויפגעזעצט און מיט בײדע הענט אים אַרומגענומען פון הינטערװײלעכץ. ער האָט אָנגעדריקט דעם סטאַרטער און דער מאָטאָציקל האָט זיך אַ ריס געטאָן, פאַרויס געלאָפן אין דער װײט.

פון דעם שבת אָן איז ער יעדן שבת געקומען צו איר. זי איז מער נישט געגאַנגען זיך טרעפן, פאַרברענגען מיט די חברטעס. זי האָט אויף אים געוואַרט אין שטוב, אים אויסגעקוקט מיט אומגעדולד. ליאורה, איר שכנה אין צימער, אַ הויכע בחורה מיט אַ שוואַרצן געלאָקטן קאָפּ און שוואַרצע אויגן, איז אַװעק פון צימער באַלד אין דער פרי. אויך כמעט אַלע בחורות אין דער פרויען־פאַרם, װען װער פון זײ האָט נאָר דערהערט דעם רעש פון מאָטאָציקל, האָט בײגעריק אַ קוק געטאָן דורכן פענצטער צי דאָס פאָרט ער. װען ער איז געקומען איז דער פאַל אין צימער געװען אויסגעװאַשן און אויפן טיש איז געשטאַנען אַ װאַזע מיט פרישע בלומען. דאָס פאָרהאַנגל איז געװען פאַררוקט. אין צימער איז געװען האַלב טונקל.

זי האָט שטענדיק געטראָגן אירע האָקי־הײזלעך און אַ לײװנטן בלוזקעלע אָן אַרבל פון װעלכן עס האָט זיך געזען דער שליץ פון אירע געפּאַרעמטע ברוסטן. אָפט איז זי אַרומגעגאַנגען אַ באָרװעסע. פון איר האָט געשטראַלט די יוגנט־פרישקײט. װי נאָר ער האָט זי דערזען האָט ער פאַרמרוזשעט די אויגן און זײנע באַזלעכער האָבן אַ פלאַטער געטאָן. ער האָט דערפילט איר קערפער־פרישקײט. זי האָט עס געפילט און געװען אומרויִק. איר האַרץ האָט געטיאַכקעט.

ער האָט זיך גוט געפילט אין איר אָנװעזנהײט. ער איז גערן געבליבן מיט איר שמועסן, געװאָלט הערן איר קול, זיך צו איר צוגעװױנען, דערנענטערן זיך, אײנלעבן מיט איר. דאָס האָט זי ריזיקירט, כאָטש עס איז געװען אַ פאַרבאָט זיך טרעפן מיט אַ בחור אין צימער. ער האָט זי אויסגעפרעגט װי עס גײט איר, בײ װאָס זי האָט געאַרבעט די װאָך, װאָס עס קומט פאָר בײ זײ אין דער װירטשאַפט. ער האָט איר איבערגעגעבן װאָס ער האָט געטאָן, בײ װאָס ער האָט געאַרבעט, אַז ,הײיאַר איז בײ זײ אַ גערעטעניש אין די סעדער, אַז ער האָט אַ סך אַרבעט, מוז כסדר אונטערשטעלן קלאָניצעס אונטער די באַלײגטע מיט פרוכט צװײגן זײ

זאָלן זיך נישט איינברעכן און אַז כוכבה האָט אים געבוירן אַ קאַלב. זי האָט אים געענטפערט און אויך געפרעגט פראַגן, נאָר איינצלנע און אָפּגעהאַקטע זאַצן: ווי אַזוי, פאַר וואָס? זי האָט זיך געהיטן אים נישט פרעגן אַן איבעריקע פראַגע, נישט געוואָלט זיך אָנוואַרפן.

דעם פאַרגאַנגענעם שבת, נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט זי אויספרעגן און איר איבערגעגעבן זיינע ענינים, זענען זיי זיצן געבליבן זיך אַנטקעגן; ער אויף אַ בענקל אָפּגערוקט פון טיש, זי אויף דער סאָפע. ביידע האָבן זיי געפילט די שטילקייט ווי זי זאָל זיך זעצן. מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך אָנגעקוקט. די בליקן זייערע האָבן זיך אַ קרייץ געטאָן ווי אַ שאַרף אויף אַ שאַרף. זי האָט שנעל אַראָפּ־געלאָזט די אויגן און טיף אָפּגעאָטעמט. עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אים פאָרגעשלאָגן: „איך וועל דיך מכבד זיין" און געוואָלט זיך אויפשטעלן.

— זיץ! — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און אויך געגעבן אַ סימן מיט דער האַנט זי זאָל זיך נישט אויפשטעלן. זי האָט געוואָלט זיך אויפשטעלן ווייל ער האָט פון איר נישט אַראָפּגענומען די אויגן און זיין בליק האָט זי אַדורכגענומען און אין איר דערוועקט אומרו. זי איז זיצן געבליבן און אים אַ זאָג געטאָן:

— איך לייען אַן אינטערעסאַנט בוך, „לונה" פון בורלאַן, און אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט.

ער האָט באַלד איר נישט געענטפערט. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן ווי ער זאָל אַרויפקוקן. זיינע ברעמען און די הויט אין די אויגן־ווינקלען האָבן זיך געמאַרשטשעט.

— יאָ! נאָר דאָס לעבן איז אַנדערש — האָט ער אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך. זי האָט אים פאַרשוויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זי אַ פרעג געטאָן:

— מיר פאָרן?

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. די אויגן אירע האָבן געגלאַנצט, ווי זיי זאָלן זיין פייכט און זי האָט אים געענטפערט:

— איך גיי זיך איבערטאָן — און זי איז אַריין אין באַדצימער. די גאַנצע צייט וואָס זי האָט זיך דאָרט געפּאָרעט איז ער געזעסן און געסאָפּעט, ווי ער זאָל האָבן אויף זיך אַ משא. ערשט ווען זי איז אַריין אַן איבערגעטוענע, זי האָט געביטן נאָר אירע האַקי־הייזלעך אויף די לאַנגע בלויע הויזן, האָט ער אָפּגעאָטעמט און זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און אָן צו זאָגן אַ וואָרט אַרויס פון צימער. זי איז אים נאָכגעגאַנגען. זי, אין לייוונטן געבלומטן בלוזקעלע, די בלויע הויזן מיט סאַנדאַלן אויף נאַקעטע פיס און אין דעם האַקי־קאַפּעלושל איבער די אויגן, איז געווען מלא־חן.

זי איז געווען געניגלט אין גראַשן. ער האָט נישט געשפּאָרט אויף איר. ער האָט געוואָלט פאַרברענגען. דאָס האָט אים דערמעגלעכט וואָס ווייניקער טראַכטן. ער איז מיט איר אַרומגעפאָרן איבער דער סביבה, איבער די שטעט און דערפער. נאָר ער איז מיט איר נישט אַריינגעפאָרן קיין טבריה און אויך נישט אַראָפּגע־

פאָרן מיט איר צום כנרת. ער האָט אָפּגעשטויסן און אויסגעמיטן די דערינערונ־גען פון דאָרט, פון אַמאָל. ער איז מיט איר געזעסן אין די קאַפּעען, מיט איר געגעסן אין די רעסטאָראַנען, מיט איר געגאַנגען אין קינאָ און אויך געגאַנגען מיט איר זען אַ פאָרשטעלונג.

וואָס מער זיי האָבן זיך געטראָפן, אַלץ מער האָבן געברויזט זייערע געמי־טער. ווי נאָר זיי האָבן זיך דערזען האָט זייער בלוט אַ פּולסיר געטאָן.ביידע זענען געווען פול דערוואַרטונג. ער איז צו איר געקומען יעדן שבת, דאָך האָט ער זיך איינגערעדט, אַז דאָס איז פאַר אים נאָר אַ צייט־פאַרטרייב. ער האָט זיך באַמיט וואָס ווייניקער טראַכטן, נאָר אין אים האָט גענאָגט די בענקשאַפט וואָס ער האָט געוואָלט פאַרגעסן און אויך געדענקען. ביי יעדער געלעגנהייט ווו ער האָט זיך מיט איר געפונען, האָט ער ביי פאַרשידענע אומשטענדן אַ דערזע געטאָן סמדרן. זיין טרעפן זיך מיט תמרן איז געווען די נקמה אין סמדרן.

תמר, פון זינט זי האָט זיך מיט אים באַקאַנט, האָט איר האַרץ געטיאַכקעט ווי עס זאָל זיך איילן. זי האָט זיך געמאַטערט. עס האָט געדויערט ביז זי איז אין די נעכט איינגעשלאָפן. אָפט האָט זי זיך איבערגעוועקט און איז ליגן געבליבן מיט אָפענע אויגן און געהערט איר אייגענעם אָטעם, איר בלוטפּולס און אין קעל איז איר געווען ענג. זי האָט געזען זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן ווי זיי קוקן אויף איר און זיין גרויסע געדיכטע וואָנסע. ווען איר איז קלאָר געוואָרן, אַז זי האָט אים ליב, האָט איר באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס און איר האָט באַהערשט אַ געפיל אַז זי אַנטרינט, הערט אויף עקזיסטירן.

די טרעפונגען זייערע האָבן אָנגעהאַלטן און כסדר זיך פאַרצויגן. ער האָט וואָס אַ מאָל זי געבערענגט אַהיים שפּעטער. די בחורות האָבן געוווסט און אויך געזען ווען זי קומט. זיי האָבן געשוויגן און זיך באַצויגן צו איר ווי עס זאָל גאָר־נישט פאָרקומען. זיי האָבן צוזאַם מיט איר געהיטן איר סוד. אויך בצלאל, אַ קרעפּטיקער ייד מיט אַ פליישיקן קאָפּ און קאַנטיק פנים, דער נאַכט־שומר, האָט נאָר צוגעלענט די פאָרטקע, תמר זאָל נישט דאַרפן קריכן איבערן פּלויט. יעדעס מאָל, ווען גדעון האָט זי צוריקגעבערענגט, האָט ער זי אַראָפּגעלאָזט פון מאָטאָ־ציקל ווייט פון טויער, מענטשן זאָלן זיי נישט זען. בצלאל, ווי נאָר ער האָט דערהערט זיי קומען, איז אַוועק אין אַ זייט, ער זאָל זיי נישט שטערן.

אויך רחל, די ווירטשאַפטס־לייטערין, אַ דיקע, ברוסטיקע פרוי מיט אויס־געאַרבעטע הענט און צעקנייטשט פנים פון דער זון און ווינט, נאָר מיט סימנים פון אַמאָליקער שיינקייט, אַן אַלטע מויד, האָט אויך געשוויגן. זי האָט נאָר ביי יעדער געלעגנהייט, ווען תמר האָט נישט באַמערקט, זי אַ באַטראַכט געטאָן מיט קינאה, ווי זי זאָל זי זען דאָס ערשטע מאָל.

גדעון איז געקומען אַהיים נאָך שפּעטער. צו מאָרגנס איז ער געווען מיד, נישט אויסגעשלאָפן. ער האָט געשוויגן אין שטוב און ביי דער אַרבעט. די ציין זיינע זענען כסדר געווען פאַרהאַקט, די קינבאַקן זיינע בולט. ווען ער האָט גערעדט מיטן פאָטער האָט ער אַפּירגעקוקט פון אונטערן שטערן, ווייל, וואָס מער ער

האָט פֿאַרברענגט מיט תמרן, אַלץ מער האָט ער געדענקט סמדרן. ער איז אויך איצט געווען אין כעס אויף איר. ער האָט כסדר פֿאַרגליכן תמרן מיט איר. ער האָט אָן אויפֿהער זיך איינגערעדט, זיך געוואָלט איבערצייגן, צוליב אירע האָר, אַז תמר איז ענלעך צו איר. אויך די שטימונג זיינע איז געווען אַ פֿאַרשידנאַרטיקע. ער האָט געשוויגן, נאָר דער אויסדרוק פֿון זיין פּנים האָט אָפּט זיך געביטן, אַ מאָל איז עס געווען רויִק, אַ מאָל ווידער אָנגעשטרענגט; די באַקן זיינע איינגעפֿאַלן, די קינבאַקן בולט. אויך זיינע אויגן זענען אָפּט מאָל געווען מאַט, אויסגעלאָשן, ווי זיי זאָלן נישט זען.

אויך יעקב, דער פֿאָטער, און דינה האָבן אין זיין אָנוועזנהייט געשוויגן. ווען ער איז פֿאַרבייגעגאַנגען האָבן זיי זיך איבערגעקוקט. דינה האָט פֿאַרזאָרגט אים נאָכגעקוקט. דעם פֿאָטערס אויגן זענען מאַט געוואָרן, ווי זיי זאָלן האָבן טריב געוואָרן. ביידע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז גדעונס אַרומפֿאַרן איז אויף עפּעס, אַז ער טרעפֿט זיך ווידער מיט אַ בחורה. זיי האָבן אויך פֿאַרשטאַנען פֿאַר וואָס ער שווייגט. נישט איין מאָל, ווען גדעון איז צוגעקומען צום טיש עסן, אָדער ווען ער איז אַוועק פֿון טיש נאָכן עסן, האָט דער פֿאָטער געלאָזט פֿאַלן אַ וואָרט אויפֿן זונס חשבון: „נישט צו דערקענען אים". דאָס לעצטע מאָל האָט דער פֿאָטער אַ פֿליסטער געטאָן: „דאָס איז מיין זון?" דינה, ווי יעדעס מאָל, האָט אויך איצט געגעבן אים אַ נערוועזן סימן מיט די אויגן ער זאָל שווייגן.

אַנומלט, ווען דינה האָט זיך שוין געקליבן אַהיימגיין, איז גדעון זיי פֿאַרביי־געגאַנגען. ער האָט נישט געזאָגט „שלום", נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַרויס פֿון שטוב. „ווען וועט זיך דאָס אַלץ שוין ענדיקן" האָט דער פֿאָטער זי אַ פֿרעג געטאָן און זי אָנגעקוקט פֿול זאָרג. זי האָט אַ קוק געטאָן צי גדעון איז שוין אַוועק און זיך אַ בעט געטאָן ביים פֿאָטער: „האָב געדולד, ער האָט נישט פֿאַרלוירן דעם שׂכל". זי האָט צוגעוואָרט און איז אַוועק אויסרוימען די קילשאַנק. זי האָט נישט געוואָלט לאָזן איצט דעם אַלטן יעקבן אַליין.

מוצאי־שבת, דער הימל איז געווען אַ פֿינצטערער. נאָר איינצלנע שטערן האָבן אַראָפּגעקוקט פֿון אים. גדעון און תמר זענען געגאַנגען זייט ביי זייט און געשוויגן. ער האָט געפֿירט זיין אויסגעלאָשענעם מאָטאָציקל. תמר האָט נישט געוואָלט מען זאָל אין דער פֿאַרם זען ווען זי איז צוריקגעקומען. זיי האָבן דעם גאַנצן טאָג פֿאַרברענגט אין חיפֿה. ביז מיטאָג האָבן זיי זיך געבאָדן אין ים. מיטאָג האָבן זיי געגעסן שפּעט אין „המזין" אויפֿן כרמל. נאָכן עסן זענען זיי אַרויס אויף דער וועראַנדע. זיי זענען געזעסן אָפּגעזונדערט אין אַ ווינקל ביי דער באַריערע און אַראָפּגעקוקט. אונטן איז געלעגן דער ים אין זיין בעקן און האָט אויסגעזען ווי אַ גלאָזטאָוול.

זיי האָבן געשוויגן. עס איז זיי שווער געווען רעדן. האָט איינער אַ קוק געטאָן אויפֿן אַנדערן, האָט ער שנעל אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי איז דווקא געווען יאָ

געניט צו רעדן, געוואָלט זיך מיט אים פונאַנדערעדן, זיך אַראָפּרעדן, אים אַלץ זאָגן, נאָר זי האָט געשוינט איר כבוד. זי האָט נישט געוואָלט זיך אים אָנוואַרפן, זיך דערנידעריקן. זיין, ווי פון בראָנדז אויסגעהאַמערטע, מוסקולירטע געשטאַלט, ווי זי האָט אים געזען אין די באָדהייזלעך, איז איר געשטאַנען פאַר די אויגן. איר איז דערפון געווען אַליק אין מויל און זי האָט געשלונגען די סלינע.

אין ים זענען זיי געשווומען צוזאַם מיט אַלע. זי האָט עטלעכע מאָל אים באַפּליוסקעט ווי נישט ווילנדיק און דערביי זיך געפּרייט ווי אַ צעשפּילט קינד. ער האָט יעדעס מאָל פאַרזשמורעט די אויגן, ווי די זון זאָל אים בלענדן און פאַרביסן די ליפּן, זיך געצוווּנגען נישט צופאַלן צו איר. אויך דערנאָך, שוין אויפן ברעג, האָט ער מיט די אויגן געקושט אירע אַקסלען און ברוסטן. יעדעס מאָל, ווען זי האָט דערפילט אויף זיך זיין בליק, האָט זי פאַרמאַכט די אויגן און עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם. ער האָט באַטראַכט יעדן איר אֵבר און נישט אַדורכ־געלאָזט איר קלענסטע באַוועגונג. זי האָט זיך אים איינגעקריצט אין זכרון.

ביידע האָבן געשוויגן ווייל אויך ער האָט זי געדענקט ווי ער האָט זי געזען אויפן ברעג ים. ער האָט זיך געצווונגען שווייגן. דער אייזקרעם וואָס זי האָט געגעסן איז שוין לאַנג זיך געהאַט צעגאַנגען. די קאַווע וואָס ער האָט געטרונקען איז שוין לאַנג געווען קאַלט. ביידע זענען זיי געזעסן פאַרזונקען, יעדער אין זיינע געדאַנקען און געשוויגן. דאָס שווייגן איז זיי שווער אָנגעקומען. בדוחק האָט ווער פון זיי אַ זאָג געטאָן אַ וואָרט: „שיין, אָנגענעם, רויִק וואַסער, די זון זעצט זיך". דער ענטפער איז געווען אַ קאָפּשאָקל, ווי ביידע זאָלן זיך פוילן רעדן.

אין אָוונט איז ער מיט איר אַוועק זען אַ באַלעט. ווען עס האָט זיך געענדיקט זענען זיי אַרויס אויף דער גאַס. ביידע האָבן אָפּגעאָטעמט און נישט געוואָגט זיך אָנקוקן. זיי זענען געגאַנגען און ווידער געשוויגן, פּונקט ווי זיי האָבן געשוויגן בשעת דער פאָרשטעלונג. ביידע האָט נישט אינטערעסירט די עלאַסטישקייט פון די טענצערס. זיי האָבן זיך באַגערט. פאַרבייגייענדיק אַ רעסטאָראַן איז ער שטיין געבליבן.

— ניין, איך וויל נאָר עפּעס איבערכאַפּן שטייענדיק — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און געגאַנגען ווייטער. ביי דעם באַלויכטענעם און באַלאַגערטן מיט יוגנט בופעט, האָבן אויך זיי זיך פאַרהאַלטן. זיי האָבן געגעסן אַ פאַלאַפעל און פאַר־טרונקען מיט אַ גלאָז גאַזאַז. זיי האָבן געגעסן פאַמעלעך. זיי איז שווער געווען אַראָפּשלינגען דעם ביסן.

בצלאל, דערהערנדיק טריט, איז, ווי שטענדיק, אויך איצט אַוועק אין אַ זייט. ער איז געשטאַנען און געוואַרט, געוואָלט זען מיט וועמען זי קומט. ביז איצט איז זי געקומען אַהיים אַליין.

ביים איינגאַנג אין צימער, אונטערן פּירעקיקן מיט דאַכלקעס געדעקט דעכל איז זי שטיין געבליבן. זי האָט נישט געוואָלט ער זאָל מיט איר אַריין אין צימער. זי האָט אָבער אויך נישט געוואָלט מיט אים זיך שיידן. ער האָט געוואַרט.

— וואַרט — האָט זי אים אַ פליסטער געטאָן און איז אַריין אין צימער.

אין דער פינצטער, אויף די שפּיץ פינגער, זי זאָל נישט איבערוועקן ליאורהן, האָט זי אַ נעם געטאָן איר קאָץ און נאָך שטילער פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

— קום — האָט זי שטיל אים אַ רוף געטאָן און זיך אָנגעהאָנגען אויף זיין אָרעם.

— צום געזונט! — האָט בצלאל זיך אַ זאָג געטאָן שטיל, אַ לאַך געטאָן און איז אַוועק אויף זיין מאַרשרוט.

זי האָט פונאַנדערגעשפּרייט דעם קאָץ אונטער דעם בוים. ביידע זענען אויף אים ווי אַרויפגעפאַלן פון מידקייט און באַגער. אַ ווײַלע צייט זענען זיי געלעגן אונטער דעם נידעריקן צעצווייגטן פיקוס, ווי אונטער אַ באַלדאַכים. זיי זענען געלעגן און געסאָפּעט, געהערט די נאַכט־שטילקייט און געאָטעמט די פינצטער. ביידע האָבן געפיבערט, געבריט, ביידן האָט געגרוישט אין קאָפּ. ביידע האָבן זיי געפילט זייער בלוטשטראָם, ווי די אָדערן זייערע זאָלן זיך רייסן.

ער האָט אַריבערגעלייגט די האַנט איבער איר, זי אַרומגענומען און אָפּגעאָטעמט „אַהה!" זי האָט אַ ציטער געטאָן. עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם. זי האָט קוים אונטערגעהויבן איר קאָפּ, אַוועקגעלייגט אים אויף זיין ברוסט. ער האָט זי צוגעטוליעט און איינגעפּרעסט זיינע הייסע ליפּן אין איר בריִענדן האַלדז.

— אַהה! — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן. די נאַכט האָט זיי צוגעדעקט.

# יז

פון דעם שבת האָט גדעון זיך געענדערט. ער באַנעמט זיך אַנדערש און שווייגט ווייטער, נאָר ער קוקט שוין נישט פון אונטערן שטערן אַפּיר. אַ טיפער קנייטש אין דער ברייט טיילט זיין ברייטן שטערן, נאָר דאָס פּנים זיינס איז שוין נישט אָנגעשטרענגט און ער מרוזשעט נישט מער די אויגן. זיין אימפּעט האָט זיך אויסגעלאָזט. ער גייט אַרום אַ פאַרטראַכטער. אָפּט רייסט ער איבער די אַרבעט אָדער בלייבט שטיין אין גיין. ער רעדט מיט זיך אָן ווערטער.

דינסטיק נאָך מיטאָג, ווי נאָר ער האָט אָפּגעגעסן, האָט ער אָן צו זאָגן דעם פאָטער, זיך איבערגעטאָן און איז אַוועקגעפאָרן. דער אַלטער טאַטע, וואָס האָט גראָד אין הויף צונויפגעטראָגן די מילך־קאַנען, איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, איינהערנדיק דעם רעש פון אַנגעצונדענעם מאָטאָציקל. ער איז געשטאַנען און הילפלאָז אים נאָכגעקוקט ווי ער פאָרט אַוועק.

— דינה! — האָט ער מיט יאוש אַ שריי געטאָן. זיין קול איז געווען הייזעריק און אויסגעצויגן.

דינה האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער. זעענדיק ווי יעקב זעט אויס, האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— ער האָט דיר עפּעס געזאָגט? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן. זי האָט אים

נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַז ניין און איז אַוועק פון פּענצטער. יעקב האָט זיך אָנגעבויגן, ווידער אָנגענומען ביי די אויערן די צוויי קאַנען און געגאַנגען ווייטער.

גדעון איז געגאַנגען מיט אַן איסטן טריט און זיך אַרומגעקוקט אפשר טרעפט ער תמרן. זי איז געווען אין שטוב. זי האָט היינט געאַרבעט אין דער ערשטער שיכט, אַראָפּגענומען פּאָמידאָרן אין פעלד. זי האָט אייליק אַ קוק געטאָן אין פענצטער. זי האָט דערקענט גדעונס טריט. אירע אויגן זענען געוואָרן גרויס פון פרייד. זי האָט אַ שפּרונג געטאָן און שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר. פון פרייד האָט זי געציטערט.

— שלום תמר! — האָט אַ הילך געטאָן זיין שטימע און ער האָט זי אַרומגענומען. זי האָט זיך צו אים צוגעטוליעט ווי אַ קעצל ווען אַ האַנט טוט אַ גלעט איר פעל. אָן צו זאָגן אַ וואָרט האָט ער זי אַ צי געטאָן מיט זיך און מיט איר אַריין אין שטוב. די טיר האָט פון זיך אַליין זיך צוגעמאַכט. זי האָט זיך געטוליעט צו אים און ווי געהאָנגען אויף זיינע אָרעמס. זיינע נאָזלעפּלעך האָבן געפלאַטערט. ער האָט איר אַ גלעט געטאָן אין קאָפּ ווי אַ קינד וואָס מען באַרויִקט, זי אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע און טיף אָפּגעאָטעמט.

אַ היפּשע ווײַלע איז ער געשטאַנען און זי באַטראַכט, ווי ער זאָל אַראָפּקוקן צו איר. זי האָט אויף אים געקוקט מיט גרויסע, פייכטע אויגן פול געבעט. ווי שטענדיק האָט זי אויך איצט געטראָגן אירע האַקי־הייזלעך און אַ טריקאָ־סוועטערל אָן אַרבל, וואָס איז געווען אויסגעפּאַסט אויף איר. די פאָרם פון אירע ברוסטן און איר קערפּער־יאָדערדיקייט האָט אים פאַרכאַפּט.

די שטילקייט אין צימער האָטביידן געקלונגען אין די אויערן. ביידע זענען זיי געווען אומבאַהאָלפן. זי האָט נישט געקענט צונויפנעמען די געדאַנקען. זי האָט אַפילו נישט געוווסט וואָס זי זאָל טאָן. זי האָט אויך נישט באַמערקט, אַז ליאורה האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער און איז שנעל צוריק אַוועק. ווען זי האָט זיך באַרויִקט האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן: „זעץ זיך".

ער האָט זיך צוגערוקט מיטן פוס אַ טאַבורעט און זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט זיך אויסגעגליכן ווי ער זאָל אויסרענקען די ביינער און זיך פאַררויכערט. די גרויע רויך־קנוילן זענען כסדר הענגען געבליבן איבער איר קאָפּ ווי אַ נעפּל. אירע רויטע האָר האָבן געשימערט. דאָס פּנים אירס האָט געפלאַמט. אַ צייט זענען זיי געזעסן און געשוויגן. פון מאָל צו מאָל האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים מיט איין אויג פון דער זייט. זי האָט נאָר געזען זיין ברוינעם, ווי אויסגעהאַמערטן ברוסטקאַסטן, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרט פון זיין צעכראַסטעטע העמד און זיינע נאַקעטע קני. ער האָט געטראָגן קורצע האַקי־הויזן.

זי האָט זיך באַהערשט און אים אַ זאָג געטאָן: „איך וועל דיר מאַכן אַ קאַווע" און געוואָלט זיך אויפשטעלן. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט, זי איינגעהאַלטן און איר אַ זאָג געטאָן: „נישט איצט". זיין קול איז געווען דיק, ווי ער זאָל האָבן אַ פול מויל. זי איז זיצן געבליבן. זיי האָבן ווידער געשוויגן. ער האָט

געקוקט אַראָפּ און זיך געגלעט די טשופּרינע. אַ צייט שפּעטער האָט ער זי אָנגע־קוקט און אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך: „תמר, געשען וואָס געשען. וואָס ווייטער?”

אירע אויגן זענען געוואָרן גרויס. פּחד האָט פון זיי אַרויסגעקוקט. זי האָט געהערט איר האַרץ־טיאַך און נישט געוווּסט וואָס זי זאָל אים ענטפערן. זיינע אויגן זענען געווען שטאַר. ער האָט נישט געוווּסט צי זי האָט אים נישט פאַר־שטאַנען, צי וויל זי אים נישט ענטפערן. ערשט שפּעטער האָט ער זי אַ פרעג געטאָן: „ביסט בייז אויף מיר?” אירע גרויסע אויגן זענען מיט אַ מאָל קליין געוואָרן. איר פּלייצע איז געוואָרן קיילעכיק. זי האָט געוואָלט אַ שריי טאָן „איך האָב דיך ליב”, נאָר זי האָט נישט געקענט רעדן. ער האָט זיך איינגעקוקט אין איר. זי האָט אים לייד געטאָן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז זי דרימלט: „דערציייל וועגן זיך” האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל נישט וועלן זי איבערוועקן.

זי האָט אים דערשטוינט אָנגעקוקט. אירע אויגן זענען געווען גרויס, פול געבעטט און פראַגע. דאָך האָט זי אים אַ זאָג געטאָן: „מיין יוגנט איז געווען אַ גרויע”. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן: „נישט אַזוי ווי דיינע” און אויף אים אַ קוק געטאָן פון דער זייט. די אויגן אירע האָבן געגלאַנצט. זי האָט געוואָלט ער זאָל רעדן, נאָר זי האָט נישט געוואָגט אים עס זאָגן.

— אויך איך בין אַלס ייִנגל אַ יתום געוואָרן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן. ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן און ממשיך געווען:

— געגאַנגען אין שול, געקומען אין דער יוגנט־אַרבעטער־נעסט, צוזאַם גע־זונגען, צוזאַם פאַרבראַכט און צוזאַם געמאַכט אויספלוגן. נאָך דער שול בין אַריין אין דער אַרבעט — און ער איז שטיל געבליבן. ער האָט איר נישט דערציילט זיין ווייטערן לעבנס־מהלך. בשעת ער האָט גערעדט האָט ער אַוועקגעקוקט. ערשט איצט האָט ער אויפגעהויבן די אויגן, ווי ער זאָל אַרויפקוקן. אָבער באַלד האָט ער ממשיך געווען: — איך בין אויך אַרומגעגאַנגען מיט אַ קיבוצניצע — און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער זאָל מבטל זיין דעם ענין, נאָר זיין קול איז געווען טרוקן ווי אַ טיר וואָס סקריפּעט.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. זי האָט געוואָלט און געוואַרט ער זאָל נאָך און נאָך איר דערציילן. זי האָט אויך געוואָלט הערן פון אים, אַז צו איר האָט ער אַן אַנדערע באַציִונג ווי צו דער קיבוצניצע. זי האָט געוואָלט וויסן און מורא געהאַט וואָס ער קען איר זאָגן. דאָך איז זי געווען פאַר־אינטריגירט און נייגעריק וואָס ער דערציילט איר נישט. ער האָט באַמערקט איר פּחד. ער האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און איז זיצן געבליבן ווי אַ מומיע. זי האָט אים לייד געטאָן. ער האָט דערפילט צו איר אַ נאָענטקייט. ער האָט געוואָלט אויסשטרעקן די האַנט, זי אַרומנעמען, נאָר נישט געקענט, ווי די האַנט זאָל אים זיין געליימט.

גדעון האָט געטראַכט וועגן איר און געזען פאַר זיך סמדרן. ווען דאָס איז אים קלאָר געוואָרן איז אים הייס געוואָרן, נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם, אָבער נאָר אַ ווײַלע. באַלד האָט ער אָפּגעאָטעמט און פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט

אַ טראַכט געטאָן, זיך אַ פרעג געטאָן: „זי?" — און זיך געענטפערט: „זי, אָדער שוין קיינער נישט". ער האָט געעפנט די אויגן, זי אָנגעקוקט ווי ער זאָל זי זען דאָס ערשטע מאָל. ער האָט געעפנט דאָס מויל, געוואָלט רעדן און דאָך געשוויגן. נאָר מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן שנעל, ווי ער זאָל איבערשפּרינגען אַ גרוב:

— האָב חתונה מיט מיר!

זי איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי זי זאָל אים ווייזן די צונג. זי האָט געוואָלט אים זאָגן, שרייען „יאָ" און נישט געקענט. איר בלוט האָט געברויזט, געשפּאַרט זיך אין די אָדערן. אַ ווײַלע האָט זי געסאָפּעט, אַ ווײַלע האָט איר געפעלט אָטעם. איר איז געווען ענג אין קעל. אויך אים האָט געגנאָגט ביים האַרץ און געאָטעמט שנעל. אָבער ער האָט פאַרשטאַנען איר צושטאַנד. ער האָט זיך איבערגעבויגן, זי אַרומגענומען און אַ קוק געטאָן איר אין די אויגן. זי איז צו אים צוגעפאַלן, אויף אים געבליבן ליגן, ווי זי זאָל זיין פאַרחלשט. אירע טרערן האָבן באַנעצט זיין ברוסט.

עס האָבן זיך דערהערט טריט פון דרויסן און אַן אָפּהילך פון אַ געשפּרעך. ער האָט זי אָפּגעלאָזט און איז זיצן געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און פאַרמאַכטע אויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך באַהערשט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר. זי האָט נאָך אַלץ געסאָפּעט, נאָר איר פּנים איז געווען שוין רויִק. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און איבערגעבויגן זיך איבערן פענצטער. אַ מאַמע האָט געפירט אַ קינד אין אַ וועגעלע. אַ מאַמע וואָס האָט זי באַגלייט, האָט געפירט אַ יינגעלע ביים הענטל. ביידע האָבן געמיטלעך געשמועסט. אַן אַרבעטער אין אַ בלויען אָוועראָל האָט געלאָזט די וואַסערשליידערס. דער שאָרך פון דעם געוואָרפענעם וואַסערשטראָם, וואָס איז געפאַלן אויף דעם גראָז־דיוואַן, האָט אים באַרויִקט.

ער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט.ביידן איז געווען טרוקן אין מויל. ער איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער, ווי ער זאָל וועמען אויסקוקן. זי האָט געהאַלטן פאַרקלאַמערט איין האַנט פינגער אין דער אַנדערער, ווי זי זאָל זיך אָנשטרענגען שטאַרקן און געקוקט אַראָפּ.

— שבת פרי וועל איך קומען און נעמען דיך צו מיר אַהיים — האָט ער איר געזאָגט. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, וואָרט נאָך וואָרט. ער אַליין האָט געוואָלט הערן זיינע ווערטער, זיך איבערצייגן. זי האָט זיך צעוויינט און געשלוקעכצט. זי האָט שוין נישט געקענט מער מיט זיך קעמפן. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, ער האָט נישט געוואָלט זי זען וויינען און אַ זאָג געטאָן:

— כ'בין אַוועק אין מיטן דער אַרבעט. — ער האָט געוואָלט זי זאָל אויפהערן וויינען און אויך זיך געשטראָפט. באַלד האָט ער זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר קאָפּ און איר אַ זאָג געטאָן:

— זיי גרייט!

זי איז מיט אַ מאָל וואַך געוואָרן.

— דאָס איז נישט געווען דיין שוואַכע מינוט? — האָט זי אים געפרעגט שנעל.

— אַזוי האָט עס געדאַרפט געשען — האָט ער איר געענטפערט מיט תקיפות.

זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און איר קאָפּ אַריינגעלייגט אין אירע אונטער־געשטעלטע הענט. אירע אַקסלען האָבן זיך געטרייסלט. באַלד האָט זי זיך באַרויִקט און אַ זאָג געטאָן אָן אַ ריר צו טאָן מיט אַן אַבר:

— געהאַט חברים, דיך האָב איך ליב. — זי איז אויפגעשטאַנען און אַוועק־געלייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט, אים געקושט. ער האָט זי אַרומגענומען, איר אַ קוש געטאָן, און זיין קאָפּ אָנגעלענט אויף אירן. זי האָט זיך געטוליעט צו אים.

— איך פאַר אָנזאָגן דעם טאַטן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן. זיין שטימע איז געווען טרוקן, ווי געגליווערט. ער האָט אַ קוש געטאָן איר אין נאַקן און זי אָפּגעלאָזט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און מיט קליינע טריט אַוועק צו דער טיר. זי האָט נישט געזען, נאָר געפילט אַז ער גייט אַוועק.

זי האָט אַ קוק געטאָן ווו ער איז און איז אים נאָכגעגאַנגען. איר טריט איז געווען שלאַבעריק. אַ שוויס האָט באַדעקט איר שטערן. ער איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל. די זון, וואָס האָט זיך שוין געזעצט, האָט אים אַ שיין געטאָן אין די אויגן. די צוויי מאַמעס וואָס האָבן שפּאַצירט מיט זייערע קינדער האָבן זיי אָנגעקוקט. תמר האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און מיט אים געגאַנגען. זי האָט געוואָלט די צוויי מאַמעס און אַלע אין דער פאַרם זאָלן זיי זען.

# יח

גדעון איז אַריין אין שטוב איילִיק. די ליכטשיין אין צימער האָט זיך ווי צונויפגעגאָסן מיט דער שיין פון דער העלער נאַכט. ער איז געווען לאַנג אין וועג. ער איז געפאָרן פאַמעלעך, איבערגעלייגט זיך זיין באַשלוס און זיך געאַמפּערט מיט זיך. ער איז געווען צופרידן און זיך אויך באַדויערט. דערזעענדיק דעם טאַטן, וואָס איז געזעסן אָנגעלענט מיט די עלנבויגנס אויפן טיש, האָט ער הילכיק אים אַ זאָג געטאָן:

— שלום, טאַטע. — ער האָט זיך געמוטיקט, געמאַכט קוראַזש.

דער פאָטער האָט געהערט זיין קומען, נאָר ער האָט זיך נישט אַ ריר געטאָן פון אָרט, אַפילו נישט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג. אויך איצט האָט ער נאָר אויפגעהויבן די אויגן און אים נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. גדעון האָט פאַר־שטאַנען, אַז דער טאַטע איז אויף אים ברוגז ווייל ער איז אַוועק אין מיטן טאָג פון דער אַרבעט. ער האָט געוואָלט אים מפייס זיין, אים פאַרשאַפן פאַרגעניגן, באַפרייען פון זיין צווייפל און האָט אים אַ זאָג געטאָן מיט געצווונגענער פרייד:

— טאַטע, איך האָב חתונה!

דעם פּאָטערס שטאַרע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן, ווי אַ פונק זאָל זיך אין זיי האָבן צעפלאַקערט. נאָר זיין פּנים איז געבליבן שטאַר פון איבערראַשונג. גדעון האָט געזען זיין שטוינונג. אין מאָמענט האָט ער אַ טראַכט געטאָן: „כ'האָב עס געטאָן מער פאַר אים ווי פאַר זיך".

דער פּאָטער איז צו זיך געקומען, זיך דערפרייט מיט דער אומגעריכטער בשורה און זיך צעשריגן ווי אַ קינד:

— דינה! דינה!

דינה איז נאָך דער אַרבעט נישט אַוועק אַהיים. זי האָט נישט געוואָלט לאָזן יעקבן אַליין ווען ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט. אויך זי האָט געהערט ווען גדעון איז געקומען. זי איז אַריין אין דער שפּיזשאַרניע, זיך געפּאַרעט דאָרט, נישט געוואָלט זיין אָנוועזנד ביי זייער באַגעגענען זיך. זי האָט זיך צוגעהאָרכט וואָס זיי האָבן גערעדט. ווען יעקב האָט זי אַ רוף געטאָן איז זי אַריינגעלאָפן צו אים.

— גדעון האָט חתונה! — האָט ער אויסגעשריגן, ווי ער זאָל קרייען און זיך פאַרקרעקט. זיין פּנים איז געווען רויט פון פרייד און אָנשטרענגונג.

— מזל־טוב! מזל־טוב! — האָט דינה זיי געווונטשן. אויך איר פּנים איז געווען רויט און די אויגן אירע פייכט. פון פרייד האָט זי געקלאַפּט מיט די הענט ווי זי זאָל זיי אַפּלאָדירן.

גדעון איז געשטאַנען ווי נישט אים זאָל מען מיינען. ערשט, ווען דער פּאָטער איז צו אים צוגעגאַנגען, אים אַרומגענומען, זיך מיט אים צעקושט און אים אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע, האָט גדעון אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפן פּאָטערס אַקסל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון פּאָטערס הענט און איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט אומבאַהאָלפן. ער האָט נישט געוווסט וואָס ער זאָל זאָגן דעם פּאָטער, נאָר אַז ער האָט דערזען ווי ביידע, דער פּאָטער און דינה, שטייען און וואַרטן ער זאָל רעדן, זיי דערציילן, האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם פּאָטער:

— איצט בין איך ווידער אַ גוטער זון?

— איך וויל דיר שוין זען אונטער דער חופּה — האָט דער פּאָטער אים געענטפערט.

דינה, וואָס האָט די גאַנצע צייט געטרייסט דעם פּאָטער ווען ער האָט זיך פאַר איר געקלאָגט, האָט אויך איצט געענטפערט יעקבן דעם זעלבן ענטפער:

— עס וועט גוט זיין.

— ווער איז זי? — האָט דער פּאָטער אַ פרעג געטאָן.

גדעון האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין אַלטער טאַטע איז נייגעריק און האָט אים געענטפערט:

— אַ באַחנטע בחורה. אַ יתומה, ענדיקט איצט די פּרויען־פאַרם אין זכריה.

— זיין פּנים איז געווען ערנסט. ער אַליין האָט זיך צוגעהערט צו זיינע רייד,

זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז ער. אַ ווײַלע לאַנג האָט דער פֿאָטער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף הסכמה און אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך:

— אַן אַרבעטס־פֿרוי. — דינה האָט נערוועז אַ שניפּ געטאָן מיט דער נאָז און מיט פֿרייד אַ זאָג געטאָן: — דאָס הויז דאַרף אַזאַ בעל־הביתטע.

ביידע, דער פֿאָטער און דער זון, האָבן זי אָנגעקוקט, געוואָלט זיך איבער־צייגן צי זי מיינט עס ערנסט. זי האָט אויפֿגעכאַפּט און פֿאַרשטאַנען זייער קוק און האָט זיי אַ זאָג געטאָן: — איך ווער אַלט, פֿירן צוויי הייזער איז שוין נישט פֿאַר מײַנע כּוחות. — איצט האָט יעקב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פֿון הסכמה און באַדויער. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— דינה ווערט אַלט, איך בין שוין אַלט, די זעכסטע צייט זאָלסט ברענגען אַ ווײַב אין שטוב.

אַ ווײַלע האָבן אַלע געשוויגן. באַלד האָט יעקב אויפֿגעהויבן די אויגן און אַ פֿרעג געטאָן גדעונען מיט אָנגעשטעלטער תּקיפֿות:

— ווען זעען מיר זי בײַ אונדז?

דער פֿאָטער און דינה האָבן אײַנגעהאַלטן זייער אָטעם. דער פֿאָטער האָט געוואָלט וויסן ווי ווײַט דער ענין האַלט שוין.

— שבת אין דער פֿרי — האָט גדעון לאַקאָניש אים געענטפֿערט.

דער פֿאָטער האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פֿון דער זײַט. ער האָט געוואָלט זיך איבערצייגן צי ער מאַכט נישט פֿון אים ליצנות. באַלד האָט ער אַ קוק געטאָן אויף דינהן, ווי ער זאָל זי פֿרעגן „געהערט?"

— אין אַ מזלדיקער שעה! — האָט דינה אַ זאָג געטאָן אַ צעשטראַלטע.

אַ ווײַלע האָט דער פֿאָטער געקוקט אויף גדעונען. ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי ער זאָל פֿאַרבינדן זייער ווײַטערדיק געשפּרעך. מיט אַ מאָל האָט ער אַ פֿרעג געטאָן גדעונען ווי אַ מאָל, ווען גדעון איז געווען אַ ייִנגל:

— ביסט הונגעריק?

— ניין — האָט גדעון אים געענטפֿערט מיט איראָניע.

— גיי שלאָפֿן, ביסט מיד פֿון וועג — האָט דער פֿאָטער אים פֿאָרגעשלאָגן.

גדעונס שטערן האָט זיך אַ צעקנייטש געטאָן. אים האָט געאַרט דעם פֿאָטערס דיקטאַט, ער האָט אָבער אַ זאָג געטאָן: — אַ גוטע נאַכט! — און טאַקע ווי אַ ייִנגל אַרײַן צו זיך אין צימער.

— אַ גוטע נאַכט! — האָבן ביידע אים נאָכגעזאָגט און זיך איבערגעקוקט. ביידע זענען זיי שטיין געבליבן, ווי מענטשן וואָס זענען געשטאַנען בײַ אַ וואָגן און ער איז אַוועקגעפֿאָרן. יעקב האָט זיך אַרומגעקוקט. די שטוב איז אים אויס־געקומען גרויס איצט. — דינה — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו איר — גיי אַהיים, אפֿרים קען דיך נאָך קומען זוכן.

אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען און זיך איבערלייגט. יעקב האָט געוווּסט וואָס

זי קלערט און ער האָט איר אַ זאָג געטאָן: — די פּרטים װעלן מיר מאָרגן אָפּרעדן. איך בין מיד פֿון גליק — האָט ער זי אַ בעט געטאָן.

— גוט! — האָט זי אים געענטפֿערט שטיל און גענומען זיך פּאָרען בײַ איר רענצל.

— דינה, אַ גוטע נאַכט! — האָט יעקב איר אַ זאָג געטאָן און איז אַװעק צו זיך אין צימער.

דינה האָט אױסגעטאָן די שטובלאַטשן און אָנגעטאָן די שיך. זי האָט מיטן קעמל פֿון קאָפּ זיך צוגעקעמט און גענומען דאָס רענצל אין האַנט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער צי אַלץ געפֿינט זיך אױפֿן אָרט און געװאָלט גײן. פּלוצים איז זי געבליבן װי געליימט און געהאָרכט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז יעקב װײנט. זי האָט נאָך אַ מאָל זיך אומגעקוקט איבערן צימער און איז אַװעק צו דער טיר. זי האָט אױסגעלאָשן דאָס ליכט און צוגעמאַכט נאָך זיך די טיר.

# יט

דער שבת־פֿרימאָרגן איז געװען אַ זוניקער. די זונענשײַן האָט אַרײַנגעלױכטן דורך די אָפֿענע פֿענצטער. יעקבס גרױסער קיך־עסצימער איז געװען פֿול ליכט. די אױסגעװאַשענע באַלאַטן און דאָס װײַסע טישטעך איבערן לאַנגן טיש האָבן געבלאַנקט דער זונענשײַן אַנטקעגן. אַן אױסגעצװיגענער זונען־שאָטן איז געלעגן אױפֿן פּאָל װי אַ דיװאַן. אַ ריח פֿון טרוקן שטרױ און זאַפֿטיק גראָז האָט אױסגע־פֿולט דעם צימער־רױם. די געמיטלעכקײט איז געזעסן אין יעדן װינקל.

יעקב, אין אױסגעפּרעסטע האָקי־הױזן און אין אַ קורץ װײַס העמד אַריבער־געלאָזט איבער די הױזן, האָט שפּאַצירט איבער די צימערן. ער איז געװען פֿול דערװאַרטונג און גענאָסן פֿון דער רו. אַן אױסגעצװיגענער „מװו" פֿון אַ קו האָט אַדורכגעריסן די שטילקײט. יעקב איז שטײן געבליבן מיט אַן אױסגעשטרעקטן קאָפּ, געהאָרכט צי אין שטאָל איז רױִק. מיט אַ מאָל האָט ער אָנגעשפּיצט זײַנע אױערן. ער האָט דערהערט טריט אױף דער װעראַנדע און שױן זענען אין דער טיר געשטאַנען גדעון מיט תמרן.

— שלום טאַטע! — האָט גדעון אַ זאָג געטאָן אױפֿן קול און שטיל צוגע־געבן — דיר געבערענגט דעם גאַסט — און נאָך שטילער אַ זאָג געטאָן — מײַן כלה...

— שבת שלום! — האָט תמר דרײסט אַ זאָג געטאָן און איז שטײן געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. זי האָט דאָך זיך פֿאַרלױרן.

— שבת שלום! ברוכים הבאים! — האָט דער פֿאָטער איר געענטפֿערט, נישט אַראָפּנעמענדיק פֿון איר די אױגן. זי איז געװען אָנגעטאָן באַשײדן אין אַ קרעם לײַװנטן קלײדל מיט אַ קלײן ברױן בלימעלע געבלומט און אין סאַנדאַלן

אויף באָרוועסע פיס. אַלץ האָט איר געקליידט. גדעון האָט איבערגעלייגט אַן אָרעם איבער אירע אַקסלען און האָט אַ זאָג געטאָן: — אַט ביסטו שוין ביי אונדז אין שטוב. — ער האָט געוואָלט איר העלפן.

דער פאָטער, וואָס האָט באַטראַכט נישט נאָר יעדע איר באַוועגונג און אויך יעדן איר אויג־פינטל, האָט נאָך אַ מאָל זי אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ און איר אַ זאָג געטאָן: — פיל זיך ווי ביי זיך. — זי האָט אָפּגעאָטעמט. איר איז גרינגער געוואָרן אויפן געמיט. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט דאַנקבאַרקייט. יעקב האָט איר אַרויסגערוקט אַ בענקל און נאָך אַ מאָל אַ זאָג געטאָן: — זעץ זיך — און אַליין זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש דער ערשטער. תמר האָט אים נאָכגעטאָן.

אַ ווײַלע איז גדעון געשטאַנען ווי ער זאָל זיי באַטראַכטן. אַלע האָבן געשוויגן. אַלע האָבן געוואָלט רעדן און נישט געוווּסט ווי אָנהייבן. דווקא תמר האָט די ערשטע זיך אַ ווענד געטאָן צום פאָטער: — האָט איר זיך מיך אַזוי פאָרגע־שטעלט? — און אַראָפּגעלאָזט די אויגן און פאַרשעמט געשמייכלט.

גדעון האָט אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער, ווי ער זאָל צו אים אַריבערקוקן. ער, אין גרויע מיט אַ קנייטש הויזן און אין אַ ווייס, אויסגעשטייפט מיט פאַר־לייגטע אַרבל העמד, האָט געוואָרט: — כאַראַשאָ — האָט יעקב אַ זאָג געטאָן מיט אַ האַרטן רייש, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. תמרס אויגן האָבן אַ לאַך געטאָן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי געפעלט דעם פאָטער. גדעון האָט מיט ביידע הענט זיך אַ דריי געטאָן די שפּיץ וואָנסעס, ווי ער זאָל זיי אויסציִען און איז אַוועק פון טיש.

אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן. זי און דער פאָטער האָבן אַוועקגעקוקט. די זון־העלקייט פון דרויסן האָט נישט נאָר באַלויכטן דאָס צימער, נאָר אויך בולט געמאַכט די שטילקייט אין צימער. יעקב האָט אויף איר אַ קוק געטאָן פון דער זייט. זי איז געזעסן רעכטס פון אים און זיך אַ ווענד געטאָן צו איר, ווי ער זאָל רעדן צו זיך: — יאָרן ווי גדעונס מאַמע איז געשטאָרבן. איך האָב אים אַליין אויפגעצויגן. גדעון איז אַ מענטש מיט געוויסן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט — און אויפגעהויבן די אויגן. זייערע בליקן האָבן זיך אַ קרייץ געטאָן און ער האָט ממשיך געווען: — די שטוב־אַרבעט האָט געמאַכט דינה און געהאָלפן דערציִען גדעונען — ער האָט זיך איינגעקוקט אין אַ פּונקט אויפן טישטעך און שטיל צוגעגעבן — אַ ווײַלע פרוי ביז גאָר, נאָר נישט קיין מאַמע — ער האָט אָפּגע־אָטעמט און ממשיך געווען וואָרט נאָך וואָרט, ווי ער זאָל זי בעטן: — איך וויל, אַז אין אונדזערע דלת־אמות זאָל ווידער הערשן משפחה־פרייד ווי אַמאָל.

תמר האָט די גאַנצע צייט זיך נישט אַ ריר געטאָן פון אָרט, אים געהערט. די אויגן אירע זענען געווען טרויעריק. זי האָט אים מיטגעפילט, אים באַדויערט. זי האָט אויסגעשטרעקט איר קאָפּ עטוואָס און זיך איינגעקוקט אין רוים. זי האָט געוואָלט אים צוזאָגן, נאָר נישט געוווּסט צי זי דאַרף עס טאָן. זי האָט אָבער געוואָלט אים ווערן נאָענט און אַ זאָג געטאָן: — אויך איך בין אַ יתומה.

— איך ווייס — האָט ער שטיל איר געענטפערט.

זי האָט ממשיך געווען: — געהאַט אַ שווערע יוגנט. ערשט אין דער פרויען־פּאַרם בין איך געוואָרן זעלבשטענדיק. נאָר אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען.

יעקב האָט זי אָנגעקוקט. זיינע אויגן זענען געווען פייכט. ער האָט זיך איבערגעבויגן און עטלעכע מאָל איר אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע, ווי ער זאָל זי גלעטן. גדעון, וואָס האָט די גאַנצע צייט זיך געפּאָרעט ביי דער קילשאַנק און כסדר געעפנט און צוגעמאַכט די שענקלעך, האָט צוגעברענגט און אַוועקגע־שטעלט אַ באַלאָדנטע מיט מאכלים טאַץ און איז ווידער אַוועק.

— איך וועל בעטן און האָפן, אַז איר זאָלט האָבן די זכיה צוזאַם אויפבויען אַ געזונטע משפחה און איך זאָל דערלעבן נחת פון אייך און פון די אייניקלעך — האָט יעקב אַ זאָג געטאָן און זיך איינגעקוקט אין איר.

איר פּנים האָט אַ פלאַם געטאָן. די אויגן אירע זענען נאַס געוואָרן. זי האָט געאָטעמט שווער, געקעמפט מיט זיך זי זאָל זיך נישט צעוויינען. גדעון האָט ווידער געברענגט אַ טאַץ, זי אַוועקגעשטעלט און אַ באַטראַכט געטאָן דעם טיש און זיי. תמר האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און צוגע־גאַנגען צום פאָטער. זי האָט זיך אָנגעבויגן, אים אַ קוש געטאָן אין האַנט און אין באַק. ער האָט זי אַרומגענומען, זי צוגעדריקט און איר אַ קוש געטאָן אין שטערן.

— אויך איך — האָט גדעון שטיל אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל אַראָפּשלינגען די ווערטער און האָט צוגעלייגט זיין קאָפּ צו זייערע קעפּ. דער פאָטער האָט אַרומגענומעןביידע און אויך גדעונען אַ קוש געטאָן אין שטערן. תמרן זענען געראונען טרערן פון די אויגן.

דער ערשטער האָט גדעון זיך באַפרייט. תמר האָט זיך אויך אויסגעגליכן און זיך איבערגעקוקט מיט אים. זי האָט זיך צוגעבויגן און אים אַרומגענומען. זיי האָבן זיך צעקושט. דער פאָטער האָט בגניבה זיך געווישט די אויגן. ער האָט געוואָלט זיי זאָלן אים נישט זען וויינען.

— קומט צום טיש — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן. זיין שטימע האָט געציטערט.

איצט זענען ווידער אַלע געזעסן ביים טיש. תמר האָט אַ קוק געטאָן וואָס גדעון האָט אַלץ אָנגעשטעלט אויפן טיש: — אָהאָ! — האָט זי אַ זאָג געטאָן. דער פאָטער האָט פאַרשטאַנען מיט וואָס תמר אַנטציקט זיך און האָט אַ זאָג געטאָן ווי אין חלל אַריין:

— דאָס אַלץ האָט דינה צוגעגרייט, די עפּל האָט גדעון געברענגט פון סאָד. ער איז געגאַנגען פון בוים צו בוים און אַרויסגעקליבן יעדן עפּל.

תמרס באַקן האָבן אַ פלאַם געטאָן. זי איז געווען גליקלעך. זי האָט געוואָלט עס אים זאָגן, נאָר נישט געטרויט זיך. זי האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף אים. גדעון, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און אַוועקגעקוקט, האָט אויף איר אַ קוק געטאָן. ער האָט דערפילט, אַז זי קוקט אויף אים. אַ גרימאַס האָט אויסגע־קרימט זיין פּנים. דאָס האָט געזאָלט זיין זיין שמייכל.

— אַ טיש סערווירן געהערט דער פרוי — האָט דער פּאָטער ווי אַ שפּאַס געטאָן.

תמר האָט אָפּגעאָטעמט, זיך באַהערשט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פּאָטער מיינט זי. — איך וועל אייך באַדינען — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל אויפן פּנים און זיך אויפגעשטעלט.

זי האָט צעשטעלט די טעלער מיט כּיבוד און די פלעשער געטראַנקען. זי האָט יעדן אַוועקגעשטעלט אַ טעלערל און אַ גלעזל און אַוועקגעלייגט אַ מעסערל מיט אַ גאָפּעלע. די סערוועטקעס האָט זי אַריינגערוקט אין מיטן טיש. זי האָט אָפּגעשניטן עטלעכע חלקים טאָרט און יעדן דערלאַנגט אַ פּאַרציע און צוויי קיכלעך.

דער פּאָטער האָט געקוקט ווי זי טוט עס. זי איז געווען איבערגענומען מיט איר פונקציע. אירע באַוועגונגען זענען געווען עלאַסטיש, ווייך. זי איז זייער געפעלן דעם פּאָטער. גדעון האָט אין צווישן געעפנט די פלאַש וויין און אָנגע־פּילט תמרס גלעזל. אין זיין און אין דעם פּאָטערס גלעזל האָט ער אָנגעגאָסן קאָניאַק. תמר האָט זיך אַוועקגעזעצט און אַ באַטראַכט געטאָן דעם טיש, צי זי האָט געמאַכט אַלץ ווי געהעריק.

זיי זענען געזעסן און געשוויגן. יעדער באַזונדער איז געווען אַריינגעטאָן אין זיך און געפילט ווי די צייט בייט זיך. די רגעס זענען געווען ליידיק. מען האָט געוואַרט אויף דינהן מען זאָל אויסטרינקען צוזאַם. דער פּאָטער האָט כּסדר אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן צי דינה גייט שוין. דער אַלטער איז געוואָרן אומגעדולדיק. ער האָט געוואָלט אָנהאַלטן די שמחה. ער האָט אָבער נישט געקענט זיך דערוואַרטן. ער האָט גענומען דאָס גלעזל אין האַנט און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, זיי אָנגעקוקט. ער האָט געוואָלט זאָגן „איר זאָלט זיין גליקלעך״, ער האָט אָבער אַ זאָג געטאָן: „לחיים! עס זאָל גוט זיין!״

— לחיים! לחיים! — האָבן ביידע אים געענטפערט און מיט אים צוזאַם אויסגעטרונקען. די שטימונג איז ווידער געוואָרן אַ געהויבענע. אַלע האָבן פאַר־זוכט דעם טאָרט. פונעם וויין האָבן תמרס באַקן נאָך מער געפלאַמט. זי האָט געגעסן און כּסדר געקוקט אויף גדעונען. זי האָט געוואָלט ער זאָל אַ שמייכל טאָן. ער האָט געגעסן און געקוקט אין טעלער אַריין.

— וואָס איז דיין הויפּט־אַרבעט? אין וואָס האָסטו זיך ספּעציאַליזירט? — האָט דער פּאָטער זי אַ פרעג געטאָן און אַ קוק געטאָן אויפן זון.

— הינער און בלומען — האָט זי אים געענטפערט.

— די ערד אונדזערע איז אַ שווערע און נישט פּאַסיק פאַר בלומען — האָט דער פּאָטער זי באַלערנט.

תמר האָט אָפּגעאָטעמט. איר איז געווען הייס. די אויגן אירע האָבן געגלאַנצט פונעם וויין און פון פרייד: — איך ווייס — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן דעם פּאָטער.

אַלע האָבן געגעסן פּאַמעלעך. פון איין ביז צום אַנדערן האָט געדויערט.

דער פּאָטער האָט געגעסן צוליב העפלעכקייט, נישט פאַרטראָגן קיין זיסע זאַכן. גדעון איז געווען אַריינגעטאָן אין זיך, געטראַכט. תּמר האָט געגעסן נאָר צוליב געזעלשאַפט.

— שוין לאַנג נישט געווען אין אייערע קאַנטן — האָט יעקב אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך האָבן דערמאָנט.

תּמר האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. זי האָט נישט געוווּסט צי זי דאַרף עס טאָן, זי איז אָבער געווען אויפגעהייטערט און האָט אַ זאָג געטאָן:

— איך פאַרבעט דיך. וועסט זיין מיין גאַסט.

יעקב האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איר אַ פּליסטער געטאָן:

— אַ ביסל צו אַלט. — שפּעטער האָט ער זיך איינגעגאָסן נאָך אַ גלעזל און אַ קוק געטאָן אויף גדעונען. ער האָט אים אַ לענגערע ווײַלע באַטראַכט. ער האָט זיך געוווּנדערט וואָס ער איז אַזוי פאַרקלערט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף תּמרן צי אויך זי זעט עס און זי אַ פרעג געטאָן:

— ווי ווירטשאַפט איר זיך? איר האַלט זיך אויס?

— ווי אין אַ פּרויען־ווירטשאַפט — האָט זי אַ שפּאַס געטאָן און זיך צעלאַכט אויפן קול. גדעון האָט זי אָנגעקוקט, ווי זי זאָל אים האָבן איבערגעוועקט.

אין דער טיר איז שטיין געבליבן דינה: — שלום — האָט זי אַ זאָג געטאָן נישט דרייסט און אַ קוק געטאָן וואָס עס קומט פאָר.

— שלום! שלום! קום ווייטער! מיר קוקן דיך אויס — האָט יעקב אַ צופרידענער זי פאַרבעטן. צוליב תּמרס געלעכטער האָט קיינער נישט געזען און נישט געהערט זי קומען. דינה איז צוגעגאַנגען צום טיש מיט דראָבנע טריט און געשמייכלט צו אַלע, נאָר נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון תּמרן: — איך בין דינה — האָט זי זיך פאַרגעשטעלט און דערלאַנגט איר די האַנט.

— איך בין תּמר — האָט זי שקאָציש איר געענטפערט און זיך צעשמייכלט און געוויזן אירע גרויסע, ווייסע ציין. דינה האָט עטלעכע מאָל איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אַוועקגעזעצט.

— זי הייסט נישט נאָר דינה, זי איז אונדזער דינה — האָט דער פּאָטער אַ זאָג געטאָן און פון פרייד פאַררינצלט די באַקן. גדעון האָט אויפגעהויבן די אויגן און אַלע אָנגעקוקט. אויך תּמר און אויך דינה האָבן יעדע ווײַלע בגניבה אַ קוק געטאָן איינע אויף דער אַנדערער. אַ צייט איזביים טיש געווען שטיל.

— תּמר, טו דיין אַרבעט ביזן סוף — האָט דער פּאָטער האַרציק און גוטמוטיק איר אַ זאָג געטאָן. ער האָט איר נישט געזאָגט „בעל־הביתטע". ער האָט נישט געוואָלט דינהן פּוגע בכבוד זיין. ביידע, אי דינה אי תּמר, האָבן אַ שמייכל געטאָן. תּמר האָט אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויפן פּאָטער און אויך אויף דינהן. זי האָט געוואָלט זען דעם אויסדרוק פון זייערע פּנימער. זיי האָבן עס נישט באַמערקט. תּמר האָט זיך אַ פּאָרע געטאָן און דערלאַנגט דינהן איר פּאָרציע. יעקב האָט נאָך אַ מאָל אָנגעפילט די גלעזלעך. אַלע זענען געזעסן פאַרגאַפט, די הענט אַראָפּגעלאָזט, געוואַרט.

— דינה — האָט יעקב זיך אַ ווענד געטאָן צו איר — טרינק מיט אונדז פּאָר תמרס און גדעונס גליק!

די שטילקייט אין צימער האָט אַ ציטער געטאָן, ווי אַ דרוק זאָל זי האָבן אַדורכגעריסן. גדעונס אויגן זענען שטאַר געוואָרן. זיין פּנים איז געווען ווי אַ מאַסקע. תמרס אויגן זענען געווען נאַס. די ליפּן אירע האָבן זיך באַוויגן ווי זי זאָל שלינגען. זי האָט זיך געצווונגען נישט וויינען. דינה האָט געשטראַלט. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט פון פרייד. דער פאָטער האָט אויפגעהויבן זיין גלעזל, אַלע נאָך אים.

— עס זאָל זיין מיט מזל! — האָט דער פאָטער געווונטשן.

— מיט מזל און גליק! — האָט דינה אים געענטפערט.

— לחיים! — האָט דער פאָטער אויסגערופן.

— לחיים! — האָט דינה אים געענטפערט. גדעון און תמר האָבן זיי שטיל אונטערגעהאַלטן. די פרויען האָבן נאָר אָפּגעטרונקען פון זייערע גלעזלעך. די מענער האָבן אויסגעטרונקען זייער קאָניאַק. גדעון האָט זיין גלעזל איבערגע־קערט, אַריינגעגאָסן זיך דעם קאָניאַק אין מויל. דינה האָט אויך נאָר איין ביסן קוכן אַראָפּגעשלונגען.

אַ ווײַלע איז אין צימער ווידער געווען שטיל. יעדער באַזונדער איז געווען אַריינגעטאָן אין זיין מחשבה. דינה האָט די ערשטע זיך אַ ווענד געטאָן צו יעקבן, אים שטיל אַ זאָג געטאָן: — אַז מען לעבט דערלעבט מען. — ער האָט איר נאָר געענטפערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל: „יאָ". ער האָט זיך נישט געטרויט באַשטעטיקן אירע רייד מיטן מויל. תמר האָט געהערט וואָס דינה האָט געזאָגט דעם פאָטער. פון גליק האָבן אירע וויִעס אַ ציטער געטאָן. יעקב האָט עס באַמערקט און אַ זאָג געטאָן דינהן:

— מיר דאַרפן זיך געוווינען צו די מנהגים פון דער יונגער בעל־הביתטע, דאָס איז דער סדר־עולם, דו און איך, אונדזער דור האָט זיינס געטאָן — האָט ער איר אויפגעקלערט, אַז תמר זאָל הערן. בשעת ער האָט גערעדט האָט ער געקוקט ווי זיינע רייד ווירקן אויף תמרן.

— איך קוק אויס גדעונס גליק. איך בין נישט די מאַמע, נאָר ער איז מיר ווי אַ זון. איך האָב אים אויפגעצויגן. איך ווער אַלט, מיר איז שוין שווער פירן צוויי הייזער — האָט דינה אַ זאָג געטאָן תמר זאָל הערן. זי האָט גערעדט שטיל, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט.

עטוואָס שפּעטער האָט יעקב איר געענטפערט:

— האָפנטלעך וועט תמר נישט זיין אַן ערגערע בעל־הביתטע ווי דו.

— יונגע כוחות און האָט געלערנט און נישט ווי מיר אַמאָל, וואָס מיר האָבן נישט געוווּסט ווו איין און ווו אויס, ווי מען טוט עפּעס — האָט דינה אים געענטפערט און זי האָט אַ קוק געטאָן אויף תמרס הענט.

— זי איז געניט אין אַלע אַרבעטן — האָט יעקב זי אַ רים געטאָן.

דינהס לעפלעך האָבן ווי איבערגעדעקט אירע אויגן און זי האָט שנעל אָ זאָג געטאָן:

— איך וועל דיר אַרויסהעלפן ווי אַן אייגענער טאָכטער.

בשעת דעם געשפּרעך האָט תמר אַראָפּגעקוקט און פון מאָל צו מאָל אַ קוק געטאָן אויף גדעונען צי ער הערט און ווי ער רעאַגירט. זי האָט געוואָלט אים זען שמייכלען. נישט נאָר איר פּנים נאָר אויך אירע אויגן־לעפלעך און די שפּיץ אויערן אירע האָבן איר געגליט. גדעון האָט געהערט וואָס זיי רעדן. ער איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער מיטן ליידיקן גלעזל אין האַנט. איין מאָל האָט ער אויך אַ קוק געטאָן אויף תמרן פון אונטערן שטערן אַפּיר.

די שטילקייט ביים טיש האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. דער פּאָטער האָט באַלד אַ קוק געטאָן אויףביידע. ער האָט געזען, אַז גדעון און תמר זענען אָנגע־שטרענגט. ער האָט געוואָלט, אַז תמר זאָל אין אים פילן אַ טאַטן און ער האָט אַ זאָג געטאָן דינהן:

— זי האָט נישט געהאַט גרינג. אַ יתומה, פון קינדווייז זיך דערצויגן ביי אַ מומע. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן — איצט קומט זי אויף איר נחלה — און האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט.

תמרס באַקן האָבן אַ פלאַם געטאָן ווי זיי זאָלן זיך האָבן אָנגעצונדן. זי האָט אָפּגעאָטעמט טיף מיט אַן אָפן מויל, ווי זי זאָל זיך שטיקן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, איר האָט געררוישט אין קאָפּ. טרערן האָבן פאַרגאָסן איר פּנים. גדעונס פּנים איז געווען אַ מאַסקע.

אַ צייט לאַנג איז ווידער געווען שטיל. יעקב מיט דינה האָבן זיך שוין געזאָגט אַלץ. גדעון און תמר האָבן געוואַרט; ער, דער באַזוך זאָל זיך ענדיקן, זי — ווי אַזוי דער באַזוך וועט זיך ענדיקן. די לופט אין צימער איז געווען אָנגע־דראָלט. יעקב האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, ווי ער זאָל אַוועקקוקן. די אויגן זיינע האָבן געגלאָצט. ער האָט זיך איבערגעלייגט און געאָטעמט מיט אַן אָפן מויל. אַ צייט שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל רעדן אין רוים אַריין, אָן אַ ריר צו טאָן זיך פון אָרט: — אָפּגערעדט, אַז איר האָט חתונה — די עטלעכע ווערטער האָט ער געזאָגט מיט אַזאַ טאָן, אַז דאָס האָט געקענט זיין אי אַ פראַגע, אי אַ באַשטעטיקונג. אַלעמענס בליקן האָבן זיך אַ ווענד געטאָן צו אים. זיי זענען געווען דערשטוינט. תמר, פון שרעק און דערוואַרטונג, גדעון — פון איבעראַשונג. דינה האָט אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויף ביידע. אַלעמען איז קלאָר געוואָרן נאָך וואָס זיי זענען זיך צונויפגעקומען. דער אַלטער איז געזעסן און געוואַרט. אויך תמר איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן — געוואַרט. זי האָט געפילט, אַז גדעונען איז נישט גרינג ענטפערן.

— יאָ — האָט גדעון שטיל אַ זאָג געטאָן. ער האָט אויף אַ רגע פאַרמאַכט די אויגן און אַריינגעשטופּט זיין שפּיץ צונג צווישן די ליפּן.

תמר האָט שטיל אַ זיפץ געטאָן און פאַרביסן די ליפּן. אירע פּנים־נערוון האָבן געצוקט. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט נישט וויינען. די אָנגעשטרענגטקייט

ביים טיש איז פאַרביי. אַלע האָבן אָפּגעאָטעמט. יעקב האָט זיך אויפגעשטעלט.

— איצט וועלן מיר אויסטרינקען פאַרן גליק פון יונגן פּאָר — האָט ער אַ זאָג געטאָן און גענומען אָנפילן די גלעזלעך. — מזל־טוב חתן־כלה! — האָט יעקב אויסגעשריגן מיט אַלע זיינע כוחות. אַלע האָבן אויפגעהויבן די גלעזלעך — און נחת דעם אַלטן טאַטן — האָט יעקב צוגעגעבן. פון גערירטקייט האָט זיי קול געציטערט — לחיים!" — האָט ער אַ שריי געטאָן ווי ער זאָל קרייען. עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם.

— לחיים! — האָבן אַלע געענטפערט און אויסגעטרונקען.

— האַאַ! — האָט דער פאָטער אַ האַך געטאָן זיך, איינגעריבן די הענט און זיך אַוועקגעזעצט. זיין בייניק פּנים איז געווען רויִק. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט. אַ צייט לאַנג האָבן אַלע געשוויגן. אַלע זענען געווען איבערגענומען פון דער דערהויבנקייט און דער אַחריות פון דער געשעעניש. יעקב, דער פאָטער, האָט נישט פאַרטראָגן די שטילקייט. זי איז געווען אים דערווידער. ער האָט געוואָלט רעדן. זיך אַראָפּרעדן. יאָרן האָט זיין לעבן זיך קאָנצענטרירט אַרום גדעונען און דינהן. איצט, אויף די אַלטע יאָרן זיינע, וועט פאַרקומען די ענדערונג אין זיין לעבן. אַ שנור וועט אַריינקומען אין שטוב. ער וועט הערן איר יונג, הילכיק קול. זי וועט ווירטשאַפטן און גרייטן. צו זיין פרייד איז נישט געווען קיין גרענעץ. ער האָט מיט דער צונג זיך אַרומגעווישט די ליפּן, עטלעכע מאָל אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז. זיינע שוין אויסגעטריקנטע באַזלעפּלעך האָבן אַ פלאַטער געטאָן און ער האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו תמרן:

— אונדזער ווירטשאַפט איז נישט פון די ערגסטע אין יניב. גדעון קען די אַרבעט, ווייסט זיך ווי צו ווירטשאַפטן. דאָך איז אונדזער ווירטשאַפט נישט אַזוי ווי זי קאָן זיין ווען אַ פרוי זאָל זיין אין שטוב. דינה האָט פאַר אונדז געטאָן איבער די כוחות. זי האָט געאַרבעט פאַר צוויי, פאַר דער מאַמע און פאַר דער שנור. מיר איז זי געווען אַ שוועסטער, גדעונען אַ מומע — ער האָט אָפּגעאָטעמט און איז געבליבן שטיל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אָנגעקוקט תמרן און איר אַ זאָג געטאָן:

— איצט וועסטו איבערנעמען די ווירטשאַפט, ברענגען פרייד אין דער משפּחה.

תמרס ברוסטן האָבן זיך אַ כוואַליע געטאָן. אירע ווי‍ִעס האָבן אַ ציטער געטאָן. זי האָט דערפילט די האַר־וואָרצלען. זי האָט פאַרביסן די ציין, געשטיקט אין זיך די טרערן. זי האָט געוואָלט זיך אויפשטעלן, צוגיין צום פאָטער, אים אַרומנעמען, אים קושן, נאָר זי איז נישט אין שטאַנד געווען עס טאָן: — מיר האָבן זיך ליב — האָט זי אַ שטאַמל געטאָן און האָט אַ קוק געטאָן אויף גדעונען. גדעון האָט איר אַ שמייכל געטאָן אָן אַ קוק צו טאָן אויף איר. זיינע אויגן זענען געווען טרויעריק.

— דינה, זיי מיר נישט קיין פרעמדע, איך וועל דיר זיין אַ טאָכטער — האָט תמר זיך אַ בעט געטאָן ביי איר.

ביידע מענער האָבן פון דאַנקבאַרקייט צו תמרן פאַרזשמורעט די אויגן. דינה האָט געוואָלט צוגיין זי אַרומנעמען. זי האָט נאָר אויסגערעגט זיך די פינגער און אַ שאָקל געטאָן איר מיטן קאָפּ, אַז זי איז מסכים. איר פּנים איז געווען רויט. זי איז געווען גערירט און געשוויגן. זי האָט נישט געוואָלט זיין אַ צד אין דער משפּחה.

יעקב, דער פאָטער, האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַ צעשטראָלטער אַ זאָג געטאָן: — קינדער, איצט תכלית. — אַלע האָבן אים אָנגעקוקט — אויף ווען שמועסן מיר אָפּ די חתונה? — האָט ער זיי אַ פרעג געטאָן.

דעם פאָטערס עטלעכע ווערטער האָבן אַ הילך געטאָן איבערן צימער, ווי קלעפּ אין אַ הוילער פאַס. אָן איבערראַשטער האָט גדעון אַ קוק געטאָן אויף תמרן. פּחד האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן. ער האָט דערהערט, אַז זיין גורל איז געחתמעט. זי איז די פרוי מיט וועלכער ער גייט אין לעבן און נישט סמדר. ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, מיט כוח זיך אָפּגעטרייסלט, פאַרטריבן זיינע מחשבות. זיין אונטערשטע ליפּ איז געבליבן הענגען ווי ביי אַ זקן. תמר איז געזעסן אָן אַ ריר צו טאָן זיך. זי האָט געהערט ווי דאָס בלוט קרייזט אין איר, ווי עס זאָל פון איר אָפּרינען.

— מיר וועלן זיך איבערלייגן — האָט גדעון אַ שטאַמל געטאָן אָן זיך אומ־צוקוקן. ער האָט גערעדט אין רוים אַריין.

— איך בין אַלט, וויל נישט וואַרטן — האָט דער פאָטער פון אים געפאָדערט מיט תקיפות. תמר האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דינה האָט אַ קוק געטאָן אויף גדעונען. גדעון האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וויל שווימען דעם שטראָם אַנטקעגן. פּאַמעלעך, ווי מיט ווייטאָג, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אומבאַהאָלפן אָנגעקוקט דעם פאָטער.

יעקב האָט פאַרשטאַנען, אַז ער קען און דאַרף באַשליסן. ער האָט אויסגעצ־שטרעקט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל אַ קוק טאָן אויף דער סטעליע, זיך איבערלייגט. די ליפּן זיינע האָבן עטלעכע מאָל זיך אַ טרייסל געטאָן. ער האָט פאַרמאַכט די פינגער, געציילט און האָט אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל מכריז זיין:

— דעם דריטן דינסטיק. אַ מזלדיקער טאָג און שוין נאָך עומר.

— יאָ! — האָט דינה מיט ענטוזיאַזם אַ שריי געטאָן. זי האָט נישט געקענט זיך איינהאַלטן. פון פרייד האָט זי צונויפגעקלאַפּט די הענט. תמרס פּנים איז געוואָרן רויט, ווי אָנגעשוואָלן. אַ נערוו אין איר לינקער באַק האָט קאָנוווּלסיוו אַ ציטער געטאָן. גדעונס אויגן־לעפּלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. זיין פּנים איז געווען שטאַר, אָן אויסדרוק. יעקב און דינה האָבן זיך אַ ווונטש געטאָן:

— מזל־טוב! מזל־טוב!

מיט אַ מאָל האָט יעקב האַסטיק זיך אויפגעשטעלט און איז צוגעפאַלן צו תמרן. ער האָט זי אויפגעהויבן פון בענקל, זי צוגעדריקט צו זיך און זי געקושט. זי, ווידער, האָט אים געקושט די הענט. גדעון איז צוגעגאַנגען צו זיי. דער פאָטער האָט זיך איינגעקוקט אין אים. זיינע אויגן זענען געווען פול ליבע. ער האָט מיט

אײַן האַנט אויך אים אַרומגענומען און בײדע געקושט. װען ער האָט זײ אָפּגע־לאָזט איז ער שטײן געבליבן, װי ער זאָל זיך האָבן פֿאַרמאַטערט. גדעון האָט אַרומגענומען תמרן און אַ קוש געטאָן איר אין האַלדז. זי האָט צוגעדריקט אירע ליפּן צו זײַנע און איז הענגען געבליבן אויף זײַנע אָרעמס. דער פֿאָטער האָט זײ באַטראַכט פֿון דער זײַט.

תמר האָט זיך באַהערשט. זי האָט גדעונען אַ קוק געטאָן אין די אויגן און זיך באַפֿרײַט פֿון זײַנע הענט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דינהן און איז צו איר צוגעגאַנגען. פֿון אויפֿרעגונג האָט דינה אַ פֿינטל געטאָן מיט די אויגן, שנעל אויסגעשטרעקט די הענט, זי אַרומגענומען און זי געקושט. תמר האָט אַװעקגע־לײגט דעם קאָפּ אויף איר ברוסט. דערנאָך האָט זי איר אַ קוש געטאָן און זיך באַפֿרײַט פֿון אירע הענט.

אַלע זענען געשטאַנען װי זײ זאָלן זיך האָבן פֿאַרמאַטערט. איצט האָט דינה אַ פֿרעג געטאָן: — װוּ װעט זײַן די חתונה?

תמר האָט אַ קוק געטאָן אויף גדעונען, גדעון אויפֿן פֿאָטער.

— בײַ אונדז! און די חתונה װעט זײַן גראַנדיעז! — האָט דער פֿאָטער באַשטימט.

— יאָ! — האָט גדעון אים געענטפֿערט און אַ פֿרעג געטאָן תמרן: — מסכּים?

תמר האָט אים געענטפֿערט מיט אַ שאַרפֿן בליק און אַ שמײכל אויפֿן פּנים.

אַ װײַלע האָבן אַלע װידער געשװיגן, װי געװאַרט װאָס װײַטער? נאָר אויך איצט האָט דינה אַ זאָג געטאָן פֿון דער האַנט אַװעק:

— איך גײ גרײטן מיטאָג.

— נײן, מיר מוזן נאָך הײַנט זײַן אין טבריה בײַ תמרס מומע — האָט גדעון איר צו װיסן געטאָן.

— שוין? געװאָלט איר װײַזן די װירטשאַפֿט — האָט דער פֿאָטער פּראָ־טעסטירט.

גדעון האָט דעם פֿאָטער אויסגעשטרעקט אַ האַנטפֿלאַך, אַ צײכן ער זאָל זיך נישט אויפֿרעגן און אים אַ זאָג געטאָן:

— באַלד װעסטו זי האָבן אין שטוב שטענדיק. — תמר האָט זיך אײַנגעקוקט אין גדעונען. ער האָט איבערגעלײגט אַן אָרעם איבער אירע אַקסלען און זי אַ פֿיר געטאָן װײַזן די דירה.

אַ װײַלע האָבן בײדע, דינה און דער פֿאָטער, געשװיגן. נאָר באַלד האָט דינה אים שטיל אַ זאָג געטאָן:

— אַ באַחנט מײדל ביז גאָר. זי װעט זײַן אַ גוט װײַב.

יעקבס קאָפּ האָט זיך אַ װיג געטאָן װי אַ צװײַג אין אַ װינט און שטיל, װי די ליפּן זײַנע זאָלן ציטערן, זיך אַראָפּגערעדט פֿאַר איר:

— ער האָט מיר צוגענומען דעם שלאָף פֿון די אויגן, געזאָרגט זיך טאָמער

וועט ער בלייבן אַן אַלטער בחור. אויך איצט האָב איך נישט געוווּסט מיט וועמען ער גייט אַרום און נישט געוווּסט וועמען ער וועט ברענגען אין שטוב.

— דו דאַגהסט שטענדיק מער ווי מען דאַרף — האָט זי אים אויסגערעדט.

— אַ מתישבֿ איז נישט קיין בעל־מלאָכה, אַרבעט אָפּ און גייט. איך האָב געוואָלט זיין זיכער, אַז איך לאָז מיין ערד אין זיכערע הענט. דאָס איז אַנבאַלאַנגט אין ווייב — האָט יעקבֿ איר אָפּגעענטפערט.

— דו האָסט געצווייפלט אין דיין גדעונען? — זי האָט אים אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן אים מיט גאווה — איך נישט!

— אַ סך קינדער האָב איך נישט — האָט ער זיך פאַרענטפערט.

ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט און זיך איינגעהערט. זיי האָבן איינגעהערט אַן אָפּהילך פון ווערטער. דער אָפּהילך איז כסדר געוואָרן העכער, זיך דערנענטערט. וואָס זיי רעדן האָבן זיי נישט געהערט.

גדעון מיט תמרן האָבן זיך אומגעקערט. זיי זענען אָבער נאָר פאַרבייגעגאַנ־גען די צוויי אַלטע. גדעון האָט צוגעפירט תמרן צו דער טיר און איר אַ זאָג געטאָן: — אונדזער הויז איז נישט פון די גרויסע הייזער.

דער פאָטער האָט אונטערגעכאַפּט דאָס געשפּרעך און געענטפערט גדעונען:

— אַז מען וועט דאַרפן וועט מען צובויען. נישט געוועזן פאַר וועמען. דינה האָט אַ שמייכל געטאָן און צוגעגעבן: — זי וועט איינאָרדענען די דירה ווי אַזוי זי וועט וועלן.

תמר האָט נישט געענטפערט. זי האָט נאָר אָנגעקוקט גדעונען מיט גרויסע אויגן.

גדעון האָט איבערגעלייגט אַן אָרעם איבער אירע אַקסלען און פאַרמאַכט די טיר נאָך זיך.

דער פאָטער איז אַוועק און זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער, זיי נאָכגעקוקט. דינה איז אַוועק און זיך געפּאָרעט ביי דער קילשאַנק. זי האָט צונויפגעגאָסן און איבערגעשטעלט טעפּ און שיסלען. — עס וועט זיין עסן אויף אַ גאַנצער וואָך — האָט זי אַ זאָג געטאָן זיך מיט פאַרדראָס.

גדעון האָט נישט געפירט תמרן איבערן הויף. ער האָט מיט דער האַנט איר נאָר אָנגעוויזן יעדעס ווינקל. ער האָט זי יאָ אַריינגעפירט אין דער שטאַל און אין דער הינערשטייג און מיט איר צוגעגאַנגען צו פלוטאָסן. דאָס מוילאייזל האָט תמימותדיק זיי אָנגעקוקט מיט זיינע אויסגעגלאָצטע פאַרגלייזטע אויגן. גדעון האָט גוטמוטיק אים אַ קלאַפּ געטאָן אין שטערן אויך איצט און אַ זאָג געטאָן „יאָ!" ער האָט ווידער אַ מאָל איבערגעלייגט זיין אָרעם איבער תמרס אַקסלען און מיט איר אַוועק צוריק אין שטוב.

— דינה, זיי גייען — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק פון פענצטער.

דינה האָט ווי אָפּגעשטויבט די בגדים אויף זיך און איז צו אים צוגעגאַנגען.

— אַלץ געזונט — האָט תמר אַ זאָג געטאָן דעם פאָטער.

— אויף ווידערזען! מיר פאָרן! — האָט גדעון שנעל אַ זאָג געטאָן. ער האָט נישט געוואָלט אַריינלאָזן זיך ווידער אין אַ געשפּרעך. תמר האָט אויסגעשטרעקט די האַנט דעם פאָטער. ער האָט אַ דריק געטאָן איר האַנט מיט זיין גאַנצן כוח, זי אַרומגענומען און זי געדריקט צום האַרץ. ביידע האָבן נישט אַרויסגערעדט אַ וואָרט. דער פאָטער האָט באַלד זי אָפּגעלאָזט. גדעון האָט געוואָרט. תמר האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט. דינה האָט זי אַ גלעט געטאָן מיט די אויגן און געדריקט איר די הענט, ווי זיי זאָלן זיין קינדער וואָס שפּילן זיך.

גדעון האָט צאַרט זי אַ צי געטאָן ביי די האָר פון הינטן און איר אַ זאָג געטאָן: — קום! — און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. תמר האָט אַ שמייכל געטאָן, שנעל אַ זאָג געטאָן „שלום!" און אים נאָכגעגאַנגען.

— תמר! זאָל גדעון דיך ברענגען דעם צווייטן שבת אַהער! — האָט דער פאָטער זיי נאָכגעשריגן און באַלד זיי אָנגעווונטשן: — פאָרט בשלום און קומט בשלום!

— שלום! שלום! — האָט דינה זיי געזעגנט. ביידע, יעקב און דינה, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער.

ווען זיי זענען אָנגעקומען איז גדעון נישט אַריינגעפאָרן אין הויף. ווי נאָר זיי זענען איצט אַרויס פון הויף האָט תמר אַרומגענומען גדעונען און אים געקושט. ער האָט נאָר געשמייכלט. יעקב און דינה האָבן געקוואָלן פון נחת.

גדעון האָט איבערגעשטעלט אַ פוס איבער דעם מאָטאָציקל און אים אָנגעצונדן. תמר האָט זיך אויפגעזעצט פון הינטן, אים אַרומגענומען מיט ביידע הענט און אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין פּלייצע. גדעון האָט אָנגעדריקט דעם סטאַרטער און זיי זענען אַוועקגעפאָרן.

# כ

די רעגנס זענען נאָך גענוג שטאַרק, נאָר די טראָפּנס פאַלן באַזונדער. דער הימלגרוי בלייכט זיך, ווערט כסדר העלער. די טעג זענען רויִקע, נאָר די נעכט זענען ווינטיקע. דער ווינטער דערנענטערט זיך צום סוף. אַ יאָר שוין כמעט זינט גדעון מיט תמרן האָבן חתונה געהאַט.

תמר איז די בעל־הביתטע אין הויז, פירט די ווירטשאַפט. זי האָט אויף זיך גענומען וואָג, געוואָרן פולער. די באַקן אירע רויטלען זיך. זי איז שיין און באַחנט. אין שטוב האָט אַ סך זיך נישט געענדערט. דאָס אויפנעם־צימער און די קיך־עסשטוב זענען געבליבן ווי געווען. געביטן האָבן זיך די שלאָף־צימערן. דער פאָטער איז געשטאַנען דערויף, אַז דאָס פּאָרפאָלק זאָל איבערגיין אין זיין שלאָף־צימער, וואָס איז געווען גרעסער. זיי האָבן זיך געביטן מיט די צימערן. זיי האָבן איבערגעפירט דעם פאָטערס אייזערנע בעט מיטן נאַכטשענקל, די צוויי־

טיריקע ברוין געפּאַרבטע שאַנק מיטן איינגערעמטן פון דרויסן שפּיגל און דעם טיש מיט די צוויי בענקלעך.

צו זיי אין צימער האָט תמר געקויפט נאָר דאָס נויטיקסטע. זי איז געווען שפּאָרזאַם. זי האָט אויך איצט זיך געפירט ווי אַמאָל, ווען זי איז געווען געענגט אין גראָשן. די ביכער־עטאַזשערקע האָט זי אַוועקגעשטעלט אין ווינקל. דעם פּאַטעפאָן, דעם ראַדיאָ און דאָס בילד פון גדעונס מוטער האָט זי איבערגעפירט צו זיי אין צימער. דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן געקויפט איז געווען די צוויי אייזערנע סאָפעס מיט די העלע איבערוואָרפן, אַ דריי־טיריקע שאַנק און די גרויע פאָרהאַנגען. די קרעם אויסגעקאַלכטע ווענט האָבן געבלאַנקט מיט פרישקייט.

תמר האָט פון ערשטן טאָג אָן וואָס זי איז געקומען אין שטוב, איבערגענומען דיווירטשאַפט. זי איז געווען געניט אין דער אַרבעט. זי האָט נאָר געדאַרפט זיך געוווינען צו די באַדינגונגען און צום געפיל, אַז דאָס איז איר אייגן הויז און איר אייגענע משפחה. די ערשטע טעג איז דינה געקומען זען, געוואָלט זי באַלערנען, איר העלפן, נאָר זי האָט נישט געהאַט איר וואָס צו זאָגן און נישט וואָס צו ווייזן. תמר האָט געקענט די אַרבעט. זי איז אויפגעשטאַנען צוזאַם מיט די הינער. איידער די מענער זענען אַרויס צו דער אַרבעט זענען שוין אויפן טיש געשטאַנען די גלעזער מיטן טערמאָס טיי און אַ טעלער קיכלעך איבערצובייסן. זי האָט געהאָדעוועט די הינער, דעם איזביסקוס־פּלויט און די ווינקעס, וואָס זענען ביי זיי געוואַקסן. זי האָט אויך פאַרפלאַנצט פון פאָרנט, פאַרן הויז, אַ קלאָמב מיט נעלקן, אַסטרעס און אַרבעס וואָס שמעקן.

תמר האָט צוויי מאָל אַ וואָך גערוימט די צימערן. די ריינקייט האָט אַרויסגעבלאַנקט פון יעדן ווינקל. זי האָט געקאָכט און געבאַקן און געזאָרגט אַלץ זאָל זיין אין דער צייט. זי האָט געדאַגהט די מענער זאָלן האָבן ריינע בגדים צו דער אַרבעט און אויפגעפּאַסט דעם פּאָטער זאָל גאָרנישט פעלן. האָט מען געדאַרפט אַראָפּנעמען פון פעלד די אוגערקעס, אָדער באַקלאַזשאַנען, איז זי אַוועק אין פעלד אַרבעטן.

זי האָט געאַרבעט מיט חשק און זיך צוגעזונגען. גדעון איז נישט איין מאָל שטיין געבליבן און געהאָרכט ווי זי זינגט האַרציק און דערנאָך זיך אומגעקוקט צי זי האָט אים נישט באַמערקט. נאָר אין מאָמענט, ווי נאָר ער איז אַוועק, האָט ער שוין געטראַכט וועגן זיין טענדער וואָס ער האָט געקויפט. זיין מאָטאָציקל איז איצט געשטאַנען אַ צענומענער און אויסגעשמירטער אין שפּייכלער, איבערגעדעקט מיט אַ וואַנטוך.

ביי זיי אין די חדרים האָט געהויזט די שטילקייט און געמיטלעכקייט. ווען דינה איז אַריין אין שטוב האָט זי געהאַט דאָס געפיל, אַז זי הערט שאָרכן. דאָס האָט די שטילקייט און די געמיטלעכקייט ווי געעוירן. דינה האָט נישט געקענט זיך אָפּוווּנדערן וואָס פאַר אַ בעל־הביתטע תמר איז. זי איז אויך געווען זיכער, אַז גדעון האָט שוין לאַנג פאַרגעסן זיינע אַמאָליקע ליבעס. דינה האָט זיך באַצויגן

צו תמרן ווי אַ מאַמע און זיך ביי איר געלערנט. זי האָט געפרעגט תמרן ווי אַזוי מען באַקט ענגליש קעקס, ווי אַזוי זי קאָכט שוואָמען פון באַקלאַזשאַנען, ווי אַזוי זי קאָכט איין ציבל אין טאָמאַטן־סאָס.

זי האָט תמרן נאָר אַריינגעפירט אין דער משפחה און אין דער סביבה. זי האָט איר דערציילט וועגן גדעונס מוטער איז געווען, ווי אַזוי זי האָט אויפגעצויגן גדעונען און ווי אַזוי זיין יוגנט איז אָפּגעלאָפן. זי האָט איר דערציילט ווי די מיידלעך אין דאָרף האָט פאַרדראָסן און האָבן באַדויערט וואָס גדעון האָט זי אויסגעקליבן. זי האָט אַפילו איר דערציילט בסוד אַז רינה, דבס טאָכטער, האָט ליב גדעונען און זי איז אַוועק אין שטאָט צוליב דעם.

איין מאָל, ווען תמר האָט צעהאַנגען אין הויף די אויסגעוואַשענע וועש און האָט דינהן פאַרשטעלט מיט אַ נאַס ליילעך, האָט זי אויך תמרן אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער:

— גדעון איז אויך אַרומגעגאַנגען מיט אַ בחורה פון קיבוץ. זי האָט איר נאָר נישט דערציילט, אַז דאָס איז געווען אַ הייסע ליבע.

זי האָט תמרן דערציילט וועגן אַלע אין יניב מענטשן און די רכילותן וואָס עס קומט פאָר אין דאָרף. תמר, די יתומה, האָט זיך צו איר צוגעהערט ווי צו אַ מאַמע און געשוויגן. זי איז געווען פאַרכליניעט פון איר גליק. דינה איז געקומען צו איר אָפט. זיי זענען אויך געגאַנגען צוזאַם אין קאָנסומהויז איינקויפן.

די מענטשן אין יניב האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן גדעונס אַוואַנטורעס פון אַמאָל. גדעון איז איצט דער געניטער און אַרבעטסזאַמער מתישב פון צווייטן דור אין יניב. תמר איז באַליבט און אַלע רעספּעקטירן זי, אַפילו די עלטערע פרויען, ווען זיי טרעפן זי, זאָגן זיי איר די ערשטע „שלום". זיי שעצן איר אַרבעטסזאַמקייט ווייל זי איז די איינציקע אין דאָרף, וואָס האָט געענדיקט אַ פרויען־פאַרם־שול. נאָר תמר האָט זיך צו קיינעם פון זיי נישט דערנענטערט. די איינציקע אין דאָרף מיט וועמען תמר האָט זיך צוגעפּגעלעבט איז דינה. אָפט זוימט זיך איינע אין קאָנסומהויז, וואַרט, אפשר וועט די אַנדערע קומען. ווען זיי טרעפן זיך, פאַרהאַלטן זיי זיך און שמועסן זיך דורך. אַלע אין דאָרף באַוווּנדערן זייער פריינדשאַפט. זיי וווּנדערן זיך וואָס דינה האָט נישט קיין פאַרדרוס צו תמרן וואָס זי האָט געמוזט פאַרלאָזן די אַרבעט ביי יעקבן.

פאַרקערט, ווען ווער פון די פרויען פאַרפירט אַ שמועס מיט דינהן, פירט זי אַרויף דעם שמועס אויף אַ טעמע זי זאָל קענען רימען תמרן, דערציילט אירע מעלות. פון נקמה וויל זי, אַלע אין דאָרף זאָלן עס וויסן. זי איז זיי נישט מוחל וואָס זיי האָבן אויסגערעדט אויף גדעונען און פאַרשאַפט עגמת־נפש יעקבן.

אין אַן אָוונט, דינה און תמר זענען געגאַנגען אין קאָנסומהויז אַריין און געשמועסט. פלוצעם האָט תמר איבערגעריסן דעם שמועס. זי האָט דינהן דערקלערט ווי אַזוי מען קאָכט איין אין אייל סאַרדינען. אַ ווײַלע האָט אויך דינה געשוויגן. זי האָט געוואַרט תמר זאָל ממשיך זיין. תמר האָט אָבער אַראָפּגעקוקט, ווי זי זאָל קוקן ווי זי גייט. מיט אַ מאָל האָט זי געפרעגט דינהן, נישט אויפהייבנ־

דיק די אויגן: — װי האָט אויסגעזען די, װאָס גדעון איז מיט איר אַרויסגעגאַנ־
גען? — דינה האָט זי דערשטוינט אָנגעקוקט פון איבערראַשונג. זי איז געװען
זיכער, אַז תמר װײסט שוין אַלץ. תמר האָט װעגן סמדרן נישט געװוּסט, איר
האָט אָבער געעגבערט דער געדאַנק. גדעון האָט געהאַט אַ ליבע, פון זינט דינה
האָט געגעבן איר אָנצוהערן דערפון.

— אַ בחורה װי אַלע בחורות מיט רויטע האָר — האָט זי שנעל אַ זאָג געטאָן,
װי זי זאָל שלינגען די װערטער — נישט כדאַי זיך הוילן דעם קאָפּ דערמיט —
האָט זי איר שוין געזאָגט אויפן קול. אַ װײַלע שפּעטער האָט זי אויך איר
געזאָגט: — גדעון האָט דיך ליב — און האָט אַ קוק געטאָן תמרן אין די אויגן.
זי האָט געװאָלט פאַרטושן דעם ענין. זי האָט נישט געװאָלט תמר זאָל אַרײַנ־
טראַכטן דערין.

אַהיים איז תמר געגאַנגען שוין אַלײן. זי איז געגאַנגען פאַמעלעך, אַ פאַר־
טראַכטע. דער הימל איז כסדר טונקעלער געװאָרן. דער בין־השמשות איז אַרײַן
אין יניב.

תמר האָט זיך געמיט פון פאַרטאָג ביז אין דער נאַכט אַרײַן. די רײנקײט
האָט געבלאַנקט אין אַלע חדרים. די הינער האָט קײן מאָל נישט פאַרפעלט עסן
אָדער װאַסער. די שטײג איז שטענדיק געװען אויסגערײניקט. זי איז צוגעקומען
אין יעדן װינקל. זי האָט אויפגעפּאַסט און אַלץ געזען. װען גדעון איז אַרײַן אין
שטוב עפּעס נעמען, איז זי שטײן געבליבן מיט אַן אײנגעהאַלטענעם אָטעם און
געקוקט צי ער זעט, איז צופרידן און געװאַרט, געװאָלט הערן אַ גוט װאָרט פון
אים און זען זײַנס אַ שמײכל. זי האָט געלעבט מיט זײַן װילן און פאַרלאַנג. גענוג
געװען ער זאָל אויף איר אַ קוק טאָן און דערבײַ אַ צי טאָן זײַנס אַ שפּיץ װאָנסע
און זי איז געבליבן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און אַלע אירע געדערים זענען
געװאָרן געשפּאַנט.

זי איז געװען גליקלעך. אין איר האָט געשפּרודלט די לעבנספרײד. באַר
נישט אײן מאָל איז איר פּנים געװאָרן טרויעריק, איר האַרץ האָט אַ טיאַכקע
געטאָן פון מורא, װי זי זאָל פאַרפּילן, אַז עפּעס װעט געשען. איר איז שװער
געװען זיך אײַנלעבן אין איר גליק. זי האָט זיך געשראָקן פאַר עפּעס אויסטער־
לישעס. זי איז דאָך אויך איצט געװען עלנט, אַלײן, אָן אַ קרוב און אָן אַ גואל.
אויך די מומע אירע, חינקה, איז אין צװישן געשטאָרבן. דאָס איז געשען קורץ
פאַר איר חתונה.

גדעון איז געװען אויפמערקזאַם צו איר מיט יעדער קלײניקײט. ער האָט
זיך באַמיט איר אַרויסהעלפן, פאַרלאָפן איר אַ װעג. ער האָט געהאַקט דאָס גראָז
און איר פאַרזאָרגט דאָס עסן פאַר די הינער. נישט אײן מאָל האָט ער אויך
אויסגערײניקט די שטײג אָן זי זאָל אים בעטן. װען זי האָט געװאַשן װעש איז
ער אָנגעלאָפן און אַװעקגעטראָגן און אויסגעגאָסן די באַליע מידלינע־װאַסער.
אויך בײַם טיש אין שטוב האָט ער זיך באַמיט, איר אַרויסגעװיזן זײַן אויפמערק־
זאַמקײט בײַ יעדער געלעגנהײט. ער האָט געריימט אירע מאכלים אַפילו װען זײ

האָבן אים נישט געשמעקט. יעקב, דער פאָטער, האָט געשמייכלט אונטער דער נאָז ווען ער האָט עס געזען.

גדעון האָט אַפילו אין קעגנוואָרט פון פאָטער נישט איין מאָל אַריבערגעלייגט זיינס אַן אָרעם איבער אירע אַקסלען און זי צוגעדריקט צו זיך. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און איר קאָפּ איז שטענדיק ליגן געבליבן אויף זיין ברוסט. ער האָט אָבער דערביי קיין מאָל נישט דערפילט דעם ליבע־ציטער. ווען ער איז אַוועקגעפאָרן האָט ער איר געבראַכט אַ מתנה: אַ פּאָר שטרומפּ, אַ שטיקל זייף אָדער שאָקאָלאַד געמישט מיט ניס וואָס זי האָט ליב. זי איז געווען אים נאָענט. זי איז אים געפעלן אַלס פרוי און מענטש, נאָר זיין פּנים איז געבליבן שטאַר. אַ נערוו האָט נישט אַ ציטער געטאָן אין זיין פּנים ווען ער האָט זי אַרומגענומען. אויך דער שמייכל זיינער איז געווען אַן אויבערפלעכלעכער, אַ געצוווּנגענער.

זיין מיין און ווילן, אַז ער וועט פאַרגעסן סמדרן איז נישט מקוים געוואָרן. נישט איין מאָל איז ער שטיין געבליבן אין מיטן דער אַרבעט מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט פאַרקוקט אין חלל, געזען סמדרן. יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך געכאַפּט וואָס עס געשעט, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן, ווי אַ שלאַנג אָדער אַ שרץ זאָל אים האָבן אַ ביס געטאָן, און מיט אימפּעט גענומען אַרבעטן. ער האָט אַזוי אַנאָך זיך דערוווייטערט פון זיך, פון זיינע וויזיעס, פון זיין קאָשמאַר.

אָפט האָט ער זיך אויך איבערגעוועקט אין דער נאַכט און דערפילנדיק תמרן נעבן זיך איז ער געווען איבערצייגט, אַז דאָס ליגט נעבן אים סמדר. דאָס האָט אויך פּאַסירט ווען ער האָט געקושט תמרן. אויך אינעם טאָג־טעגלעכן האָט ער נישט איין מאָל פאַרוועקסלט די נעמען און זי אַ רוף געטאָן סמדר און אַן אויפגעציטערטער געקוקט צי זי האָט געהערט.

זי האָט אים קיין מאָל נישט גענטפערט און אַוודאי אים נישט איבערגעפרעגט, ווי זי זאָל נישט האָבן געהערט, נאָר אין אים האָט זיך פאַרגנבעט דער חשד, אַז זי ווייסט און זי מאַכט זיך נישט הערן. דאָס לעצטע מאָל, ער האָט דאַן געפירט אַ טאַטשקע מיסט. זי איז געגאַנגען צו דער שטייג. ער האָט געוואָלט איר זאָגן, אַז ער האָט איר שוין צוגעגרייט דאָס עסן פאַר די הינער און האָט זי אַ רוף געטאָן „סמדר". די הענטלעך פון דער טאַטשקע זענען אים אַרויסגעפאַלן פון די הענט. ער איז שטיין געבליבן אַן אויפגעציטערטער. תמר איז אַריין אין שטייג. זי האָט אויך דאָס מאָל אפשר נישט געהערט. ער האָט מיט כעס אַ וואָרף געטאָן דעם קאָפּעליוש אויף דער ערד; שנעל אַ נעם געטאָן די טאַטשקע־הענטלעך אין זיינע הענט און זי געפירט ווייטער.

אין די חדרים זייערע האָט די שטילקייט און די רו ווי געגליווערט. מען האָט זי געקענט ווי אָנטאַפּן. איין טאָג איז געווען ענלעך צום אַנדערן. יעדנס אין דער משפחה טאָג איז געווען אויסגעפילט מיט פראַצע. אויך אין הויף איז געווען שטיל. די שטילקייט איז אַריינגעדרונגען אין יעדער שפּאַרע. פלוטאָס איז בדרך־כלל געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נאָר פון מאָל צו מאָל האָט

ער אים אונטערגעהויבן און געקוקט מיט זײַנע אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי ער זאָל זיך וווּנדערן.

די קי זענען געשטאַנען צעקראַטשעט מיט פולע אייטערס און געמעלה־גרהט. מאַנכעס מאָל האָט אַ קו אַ מרוקע געטאָן און דער אויסגעצויגענער „מוו" האָט צעריסן די שטילקייט. אַן אָנגעלאָפּענער ווינט האָט אַ וויג געטאָן די צווייגן און די פאַרוועלקטע בלעטער האָבן אַ שאַרך געטאָן, ווי זיי זאָלן קרעכצן און זענען אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד.

פון זינט תמר איז געקומען אין שטוב איז יעקב געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. ער איז געוואָרן געבוקט, זײַן פּנים אָפּגעצויגן, די הענט דאַרער. נאָר דאָס געמיט זײַנס איז געווען פרײַלעכער און אויך רויִקער. גדעון האָט חתונה געהאַט, געפירט אַ משפּחה־לעבן און יעקב איז געווען שוין זיכער, אַז די שושלת וועט זיך נישט איבעררײַסן, אַז די ערד זײַנע וועט נישט גיין פאַרפאַלן, זי וועט איבערגיין אין דער משפּחה פון דור צו דור. ער האָט צו תמרן, זײַן זונס ווײַב און די צוקונפטיקע מאַמע פון זײַנע אייניקלעך, גערעדט שטיל, מיט שעצונג און ליבע. ער האָט זי געגלעט מיט זײַן בליק, זי האָלט געהאַט. ער האָט בײַ יעדער געלעגנהייט אַ קוק געטאָן בגניבה אויף איר בויך, צי ער איז געוואָרן שוין אָנזעעוודיק.

אַ טאָג האָט געביטן אַ טאָג. אַלע זענען געווען פאַרטאָן אין דער אַרבעט. אַנדערש זענען געווען די אָוונטן ווען אַלע זענען געווען אין שטוב. אָפּט נאָכן עסן זענען אַלע געבליבן זיצן בײַם טיש און אַרומגערעדט די טאָג־געשעענישן. זיי האָבן גערעדט פאַרשידנס נאָר כמעט שטענדיק זענען זיי איבערגעגאַנגען צו אַקטועלע ענינים. ווי לאַנג דער פאָטער האָט גערעדט מיט גדעונען וועגן דער ערד, די סעדער איז תמר געזעסן און געהערט. נאָר ווען עס איז געקומען צו רייד וועגן די בעלי־חיים האָט תמר מיטגעשמועסט: אַז זי גיט די הינער מער געמאָלענע מושלעס, די אייער־שאָלן זאָלן זײַן שטאַרקער, אַז דאָס גרינס איז דאָס יאָר נישט געגנוג זאַפטיק, דערפאַר איז די מילך נישט פעט און די אייער נישט געלבלעך, קליין. דעם פאָטערס אויגן האָבן שטענדיק געפינטלט און זײַנע ליפּן האָבן געשמייכלט. ער האָט באַוווּנדערט איר וויסן און געניטקייט.

ווען גדעון האָט גענומען די צייטונג אין האַנט און זיך אָנגעלענט אין בענקל־אָנלען און אויסגעצויגן די פיס אונטערן טיש, האָט תמר אים צוגעטראָגן אַ קאַלטע פלאַש ביר און אַ געזאַלצענע אוגערקע אָדער אַ טעלער אַליוון. אָפּט האָט זי אים אויך אָנגעגאָסן דאָס ביר אין גלאָז און זי איז שטיין געבליבן הינטער אים, געקוקט ווי ער טרינקט מיט גענוס. דעמאָלט האָט דער פאָטער פּאַמעלעך זיך אויפגעהויבן פון טיש ווי ער זאָל נישט וועלן זיי שטערן און איז אַריין צו זיך אין צימער. אַ דערפרייטער האָט ער אויסגעטרונקען אַ גלעזל אַראַק. מאַנכעס מאָל האָט ער אויך

פאַררויכערט די פּייקע. ער האָט געררויכערט ווייניק. די פּייקע איז געווען אַ מתנה פון אַ בעדויִנער וואָס האָט זי אַליין אויסגעשניצט. ער האָט נאָר עטלעכע מאָל פאַרצויגן, זיך געקוויקט מיטן טאַבאַק־ריח און איז אַוועק זיך מאַכן טיי. ער האָט געטרונקען שטאַרקע, ווי טינט, טיי.

תמר האָט אָפט זיך אַוועקגעזעצט גדעונען אַנטקעגן, געניייט, פאַרראַכטן אָדער געלייענט אַ בוך. נישט זעלטן ווען אַ געשילדערטע אין בוך שטעלע אָדער די אויפפירונג פון אַ העלד איז איר געפעלן, האָט זי מיט התפּעלות אים איבער־געלייענט די שורות. ער האָט כמעט יעדעס מאָל נאָר אַריבערגעקוקט איבער דער צייטונג און פון העפלעכקייט איר נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ווען ער האָט איר אַ מאָל איבערגעגעבן עפּעס אַן ענין אָדער געשעעניש האָט זי געשטראַלט פון דאַנקבאַרקייט און פרייד. ווען ער האָט איר אַ גלעט געטאָן די האַנט האָט זי אַ ציטער געטאָן. ווען ער האָט איר אַ קוש געטאָן האָט זי פאַרמאַכט די אויגן.

ער האָט זיך באַמיט, געטאָן אַלץ, כדי צו שאַפן די משפּחה־נעסט. ער איז מיט איר געקומען צו יעדער אויפפירונג וואָס איז פאַרגעקומען אין פאָלקס־הויז. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין יעדער שמחה וואָס איז פאָרגעקומען אין דאָרף. אָפט זענען זיי מוצאי־שבת געפאָרן קיין עפולה פאַרברענגען. זיי זענען געקומען צו נתנען און אויך אורה מיט נתנען — צו זיי. זייער חברשאַפט פון אַ מאָל איז פאַרבליבן. אויך איצט האָט איינער געוווּסט וואָס ביים צווייטן טוט זיך. איבער־הויפּט אַז עס האָבן זיך אויך צונויפגעלעבט תמר מיט אורהן. איינע האָט נישט געהאַט קיין סוד פאַר דער אַנדערער. אַ מאָל, אַ מאָל אין אַן אָוונט איז תמר אויך אַוועק צו דינהן. זיי האָבן זיך אַדורכגעשמועסט און געמוטלט וועגן אַלץ און אַלעם. תמר האָט זיך צו איר באַצויגן ווי צו אַ גוטער שטיף־מאַמע. ביידע האָבן געוואָלט די מענטשן אין יניב זאָלן זיי זען קומען צו זיך. די אידיליע איז אָבער געווען אַן אויבערפלעכלעכע.

גדעון האָט געלעבט אין זיין איצטיקן מיליע. ער האָט געהאַט געבן זיך זיין יונגע פּרוי, געפירט אַ משפּחה־לעבן, נאָר אָפט האָט זיין האַרץ געטיאַכקעט. אַ מאָל פון אומרו, אַ מאָל פון יאוש. ער האָט נישט געקענט פאַרגעסן סמדרן כאָטש ער האָט אַלץ געטאָן ער זאָל זי פאַרגעסן. ער האָט געלעבט אַ צווייִיק לעבן, ער האָט זיך געראַנגלט מיט דער ליבע און מיט דער אחריות. ער איז געווען צוריקגעהאַלטן, גערעדט ווייניק און זעלטן געשמייכלט. די באַוועגונגען זיינע זענען געווען נערוועזע, ווי ער זאָל זיך האָבן פאַרפלאָנטערט אין אַ נעץ. ער האָט געאַרבעט מיט אימפּעט, אפשר אויך מיט כעס, ער זאָל נישט מוזן טראַכטן און געוואָרט תמר זאָל אים אָנזאָגן די בשורה, אַז זי ווערט אַ מאַמע. אָפט, ווען זי האָט זיך איבערגעטאָן אין זיין קעגנוואַרט און ער האָט געזען אירע געזונטע, קיילעכיקע אָרעמס און אירע קיילעכיקע ברוסטן, האָט ער דווקא אַ קוק געטאָן אויף איר בויך. ווען זי האָט עס דערפילט האָט איר פּנים אַ פלאַם געטאָן און זי האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט נאָך יעדן בליק זיינעם, האָט געוואָרט אויף זיין שמייכל, זי האָט פאַרשטאַנען אויף וואָס ער קוקט, וואָרט. צו

איר שטענדיקער מורא פאַר איר גליק איז איר צוגעקומען די מורא פאַר וואָס זי ווערט נישט שוואַנגער.

זי איז אַרומגעגאַנגען אַן אויסגעשראָקענע פון פּאַרדרוס צו זיך. זי האָט כסדר נאָכגעטראַכט, געוואָלט זיך דערמאָנען, כאָטש זי האָט געוווּסט גאָר ווייניק וועגן איר משפּחה, צי ווער אין דער משפּחה איז געווען קינדערלאָז. עס האָט זיך אין אַ־ר אויך פאַרגנבעט דער געדאַנק, אפשר איז זי חלילה אַ געשטראָפטע. ווען זי האָט דעריבער אַ טראַכט געטאָן האָבן די האַר־וואָרצלען אירע אָנגעהויבן ווי שטעכן. אין אַזאַ פאַל האָט זי זיך געפּרוּווט ווידער פאַרטאָן אין דער אַרבעט. פון שרעק האָט זי נישט איין מאָל אין דער נאַכט זיך איבערגעוועקט, איז ליגן געבליבן מיט אָפענע אויגן און איר האַרץ האָט געצאַפּלט. זי האָט נישט איין מאָל אַ טראַכט געטאָן זיך עצהן מיט דינהן נאָר זי האָט עס אָפּגעשטופּט. זי איז נישט געווען זיכער ווי דינה וועט רעאַגירן. צי זי וועט נישט דערציילן גדעונען? זי איז אויך נישט געווען זיכער וואָס פאַראַ עצות זי וועט איר געבן. זי איז פאַר איר דאָך געווען די פּרוי פון פריִערדיקן דור.

אויך דער פאָטער וואָס האָט געוואַרט אויף דער בשׂורה איז געוואָרן אומ־געדולדיק. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער אויף איר אַ קוק געטאָן פון דער זייט, געוואָלט זיך איבערצייגן און יעדעס מאָל אַ זיפץ געטאָן שטיל, ביז אין אַ נאָכמיטאָג ווען יעקב איז אַריין אין שטוב. ער איז אָפּגעגאַנגען נאָר עטלעכע טריט און איז שטיין געבליבן. ער האָט זיך אומגעקוקט איבער דער דירה. תמר, וואָס האָט נאָר וואָס געענדיקט וואַשן די כלים, איז שטיין געבליבן אים אַנטקעגן און אים אַ פרעג געטאָן: — וואָס ווילסטו פון דער שנור? — ער האָט ווידער אַ מאָל אַ קוק געטאָן אויף איר פון אונטערן שטערן און איר אַ זאָג געטאָן: — אַן אייניקל! — ער האָט אַ שמייכל געטאָן און איז אַריין צו זיך אין צימער אַ פאַרשעמטער.

תמר איז געבליבן געפּלעפּט. די שלייפן אירע האָבן איר אַ האַמער געטאָן. דער קאָפּ איז איר געוואָרן שווער. עס איז איר ענג געוואָרן אין קעל. זי האָט נישט געקענט אַראָפּשלינגען די סלינע. ווען זי האָט זיך באַהערשט איז זי שנעל אַריין צו זיך אין צימער ווי זי זאָל אַנטלויפן.

עטלעכע טעג איז זי אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענע. זי האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. זי האָט געפּרוּווט און נישט געקענט טראַכטן. זי האָט נישט געקענט זיך קאָנצענטרירן. זי האָט עטלעכע מאָל זיך געצוווּנגען, געוואָלט אַ טראַכט טאָן לאָגיש וואָס מיט איר איז און האָט נישט געקענט. דער אינצידענט מיטן פאָטער האָט אויפגעריסן איר ווונד. זי אַליין האָט געוואַרט, געוואָלט ווערן אַ מאַמע פון גדעונס קינד.

עטלעכע טעג שפּעטער. זי האָט זיך צוגעוווינט צו דער געשעעניש און גענומען טראַכטן וואָס זי זאָל און דאַרף טאָן. זי איז געווען שוין גרייט צו אַלעם נאָר נישט צו קיין רחמנות. אַמשווערסטן אומדערטרעגלעך זענען פאַר איר געווען די אָוונטן ווען די מענער זענען געווען אין שטוב. זי האָט זיך נישט געקענט געפינען קיין אָרט. ווי נאָר מען האָט געענדיקט עסן און זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער קיך,

האָט זי זיך אויסגעזוכט עפּעס אַן אַרבעט און זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, ווי אַ פויגל אין אַ שטייג.

די שטימונג אין שטוב איז געוואָרן אַ געדריקטע. זי האָט געשוויגן. די פרייי־לעכקייט איז פון איר פאַרשוווּנדן. גדעון און דער פאָטער האָבן געזען איר געמיט און זיך איבערגענומען דערמיט.ביידע האָבן זיך די מי געגעבן זי וואָס ווייניקער באַלעסטיקן. די שטימונג איז אָבער איר געווען דערווידער. זי האָט געאַרבעט, אַלץ געטאָן, נאָר זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז זי איז פאַרשפּאַרט אין אַ קאַרצער אין וועלכן זי קען זיך נישט רירן. זי האָט געשטאַרט אין איר פּיין. זי האָט געוווּסט, אַז לאַנג קען דער צושטאַנד נישט אָנהאַלטן. זי האָט געוווּסט, אַז זי מוז באַשליסן. זי האָט באַשלאָסן זיך עצהן מיט אורהן. זי איז נאָר נישט געווען זיכער צי זי מעג און דאַרף זיך פאַר איר פאַרטרויען. זי האָט מורא געהאַט, אַז דאָס דאַרף זאָל נישט אָנהייבן זי באַרעדן פון נקמה און רחמנות. זי האָט נאָר געהאָפט, אַז אורה, די יונגע מאַמע, וועט איר מיטפילן און וועט איר העלפן.

עטלעכע טעג האָט תמר זיך געקליבן צו גיין צו אורהן. זי האָט אויסגעקוקט אַ געלעגנהייט. זי איז דאָך נישט געווען זיכער ווי אַזוי אורה וועט זי אויפנעמען. זי האָט זיך געשעמט און געשראָקן פאַר דער רגע ווען זי וועט מגלה זיין אורהן איר חשש.

אין אַ פאַרמיטאָג, ס'רוב מענער אין דאַרף זענען געווען אויף די פעלדער. די גאַסן אין יבנאל זענען געווען ליידיק. תמר איז געווען אויפן וועג אַהיים. זי האָט זיך אומגעקערט פון דער זאַמל־שטעלע. זי האָט אַהין אַוועקגעטראָגן צוויי עמער מיט אייער. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אומגעקוקט צי קיינער זעט זי נישט און האָט פאַרשנעלערט אירע טריט. זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און באַשלאָסן אָפּטרעטן ביי אורהן.

שוין פון ווייטנס האָט תמר אַ זאָג געטאָן: „אורה, שלום” מיט אַ דיק, ווי הייזע־ריק קול. אורה איז גראָד געווען אין הויף. זי האָט צעהאָנגען נאַסע וועש. אורה איז אָפּירגעגאַנגען פון אונטער אַ הענגענדער פּייזשאַמע און איז שטיין געבליבן אַ פאַרוווּנדערטע. זי האָט כמעט נישט דערקענט תמרס פאַרענדערט קול: „שלום תמר!” — האָט זי זיך מיט איר דערפרייט. תמר האָט אַוועקגעשטעלט די עמערס ביים פּלויט און צו איר צוגעגאַנגען. תמר איז שטיין געבליבן פון דער זייט פּיזשאַמע ווי זי זאָל זיך פאַרשטעלן. זי האָט נישט געוואָלט מענטשן זאָלן זי זען.

— קום אין שטוב! — האָט אורה איר פאַרגעשלאָגן.

— איך האָב נישט קיין צייט — האָט תמר זיך פאַרענטפערט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן, די הענט און געוואַרט. זי האָט אויסגעזען שלעכט ווי נישט אויסגעשלאָפן. די באַקן אירע זענען געווען איינגעפאַלן, די ברעמען פאַרצויגן. זי האָט געקוקט אַראָפּ, נישט געוואָגט אורהן קוקן אין די אויגן. אורה האָט פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען. זי האָט געוואַרט תמר זאָל איר דערציילן. זי האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז תמרן איז שווער רעדן און זי האָט זי אַ פרעג געטאָן: — וואָס איז געשען?

תמר האָט באַלד איר נישט געענטפערט. זי האָט געביסן די ליפּן און געשוויגן.

שפּעטער אַ ביסל האָט זי אַ שטאַמל געטאָן: — פּרויען־ענינים. אורה האָט זיך איינגעקוקט אין איר אַן איבעררײַשטע און נייגעריקע. זי האָט געוואָלט וויסן פּרטים נאָר זי האָט זי נישט געפרעגט. — מיר ווילן אַ קינד — האָט תמר איר אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל אַריינרעדן אין אַ הוילער פּאַס און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי זי זאָל זיך באַוויינען.

אורה איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. זי האָט אין מאָמענט דערזען תמרן די עקרה און אויך גדעונען וואָס האָט נישט קיין מזל אין לעבן. זי האָט באַדויערט ביידן, נאָר באַלד האָט זי זיך געפּאַסט און מיט אַ געצוווּנגענעם שמייכל איר געענטפערט גלייכגילטיק ווי עס זאָל זי נישט אַרן: — דער הימל פאַלט נישט אויף דער ערד. עס טרעפט. דו ביסט נישט די איינציקע פרוי. אויך מיר איז געווען שווער פאַרשוואַנגערן — האָט זי איר געזאָגט אַ ליגן, זי געטרייסט.

ערשט איצט האָט תמר אַ קוק געטאָן אויף איר. זי איז איר געווען דאַנקבאַר פאַר דער טרייסט. איר איז גרינגער געוואָרן אויפן האַרץ. זי האָט ווידער געהאָפט. אורה האָט געפילט וואָס זי לעבט איבער. זי האָט אויפגעהאַנגען נאָך אַ שטיקל וועש און איר אַ זאָג געטאָן ווי דרך־אַגב, ווי זי זאָל רעדן סתם אַזוי: — דאָקטאָר עמרם אין חיפה איז אַ פּרויען־ספּעציאַליסט. ער העלפט אַלע. איך בין זיכער, אַז דיין זאָרג איז אַן אומזיסטע.

תמרס קאָפּ איז ווי הענגען געבליבן ווי דער נאַקן זאָל זיך איר האָבן איינ־געבראָכן. זי האָט זיך באַדויערט און נישט געוווּסט ווי אַזוי דאַנקען אורהן פאַר איר עצה און נישט געוואַגט, זיך געשעמט פרעגן דעם דאָקטאָרס אַדרעס.

נאָר אורה האָט איר אויך אַ זאָג געטאָן: — ער וווינט אויפן הדר אויף דער ירושלים גאַס. וועסט זען אַ שילדל פאַר דער טיר — און געוואָלט זיך אָנבייגן, נעמען אין האַנט נאָך אַ שטיקל וועש ווי די עצה אירע זאָל זיין אַ געוויינלעכער טאָג־טעגליכער ענין. תמר האָט זי אַרומגענומען, זיך צוגעטוליעט צו איר און צוגעלייגט איר פּנים צו איר באַק ווי אַ מיידעלע וואָס פּיעשטשעט זיך ביי דער מאַמע. אורה פון גערירטקייט האָט איר אַ קוש געטאָן און שטיל אַ זיפץ געטאָן.

— שלום — האָט תמר אַ זאָג געטאָן און שנעל אַוועק ווי זי זאָל זיך איילן. זי איז געווען אויפגערעגט און זיך געשעמט.

אורה איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און איר נאָכגעקוקט ביז זי איז איר פאַרשוווּנדן פון די אויגן.

# כא

דער הימל איבער יניב איז ווידער בלוי. די זון שפּרייט ווידער אַ גינגאָלד שימער. די לופט איז דורכזיכטיק און מילד. ביי יעקבן אין הויף איז שטיל. נישט נאָר דער צעצווייגטער אייקאַליפּטוס־שאָטן נאָר אויך די מענטשן דאָרט ציִען נאָך זיך אַ שאָטן. די פענצטער זענען אָפן און דער זונשימער שפּאַרט זיך דורך זיי אין שטוב אַריין.

אויך אין די חדרים איז שטיל און אומעטיק. תמר רוט נישט. זי אַרבעט פון פרי ביז אין דער נאַכט אַריין און זי שוויגט. זי קומט גדעונען און דעם פאָטער אַנטקעגן מיט וואָס זי קען נאָר. זי איז זיי ווי אונטערטעניק. ביידע מענען לאָזן אַדורך יעדע פּאַסירונג וואָס קען דערצערנען תמרן. זיי זעען ווי זי איז פאַרביטערט. איר אויבערשטע ליפּ איז צוזאַמענגעצויגן, ווי געריִנצלט. די אויגן אירע זענען מאַט. דאָס פּנים שטאַר. זי שעמט זיך פאַר זיי און פאַר זיך וואָס פאַראַ באַשעפעניש זי איז. זי לעבט אין פּחד. וואָס וועט זיין?

אין משך פון דער צייט איז זי געווען עטלעכע מאָל שוין אין חיפה ביי דאָקטאָר עמרם. דער דאָקטאָר, אַ הויכער, שלאַנקער מאַן מיט אַ גרויען, נידעריק צוגע־שוירענעם קאָפּ און אַ גרוי קמץ בערדל איז באַלד ביי דער ערשטער אונטערזוכונג געווען כמעט זיכער, אַז זי וועט נישט קענען פאַרשוואַנגערן, אַ מאַמע ווערן. ביי דער צווייטער אונטערזוכונג איז ער אַליין מיט איר אַוועק צום רענטגענאָלאָג. פון דער אויפנאַמע איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין טעות, אַז זי איז אַן עקרה. נאָר אויך דאָס מאָל האָט ער איר נישט געזאָגט דעם אמת און געהייסן איר ווידער קומען. ער האָט געוואָלט זי צוגרייטן צו איר אומגליק. ער האָט נישט געוואָלט זי זאָל זיך גייסטיק איינברעכן.

זי איז ביי אים געווען נאָך דריי מאָל. פון איין באַזוך ביזן אַנדערן האָט געדויערט. דאָס לעצטע מאָל האָט ער זיך מיט איר אַוועקגעזעצט און זיך מיט איר פונאַנדערגעשמועסט. אויך דאָס מאָל האָט ער דירעקט איר נישט געזאָגט, אַז זי וועט קיין מאַמע נישט ווערן. ער האָט איר נאָר געזאָגט, אַז ער איז זי מקנא וואָס זי לעבט אין דאָרף מיט דער נאַטור און איר פראַכט. ער איז מיט איר אַריין אין אַ שמועס וועגן דער נאַטור־שיינקייט אין גליל, מיט איר גערעדט וועגן דער פּראַכט פון ירושלים און אירע בערג אַרום און דעם ווילדן און רויען כישוף פון נגב. אַ פאַרבענקטער האָט ער זיך פאַר איר פאַרטרויט, אַז ווי נאָר עס וועט אים זיין מעגלעך וועט ער אויך גיין וווינען אין אַ דאָרף. זי האָט זיך צו אים צוגעהערט מיט רעספּעקט און געפאַלנקייט צו זיך. ווען ער האָט געענדיקט האָט זי אים נאָר אַ זאָג געטאָן: — דאָקטאָר, איר דאַרפט ממשיך זיין, העלפט אומגליקלעכע. דער דאָקטאָר האָט אויף איר אַ קוק געטאָן פון דער זייט. ער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און איר אַ זאָג געטאָן כלאחר־יד: — אויך די נאַטור, וואָס איז פולקאָם, שאַפט פון מאָל צו מאָל אויסטערלישן. דאָס געשעט אויך ביי פרויען — און ער האָט

אַ קוק געטאָן אין פענצטער אָבער נאָר מיט איין אויג. מיטן אַנדערן האָט ער זי אָבסערווירט.

איר האָט אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן. פון שרעק האָט זי צונויפגעדריקט די קניִען. זי האָט געציטערט פון פחד. זי האָט פאַרשטאַנען ווי גרויס איר אומגליק איז. דער דאָקטאָר האָט איר צוגעטראָגן צום מויל אַ גלאָז וואַסער. זי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז זי וויל נישט טרינקען און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט שטיל אים אַ זאָג געטאָן „שלום" און פּאַמעלעך ווי זי זאָל שלעפּן די פיס אַוועק צו דער טיר. דאָקטאָר עמרם האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, שנעל איר געעפנט די טיר און פּאַמעלעך זי צוגעמאַכט נאָך איר.

תמר איז אַריין אין שטוב אָן צו זאָגן אַ וואָרט. זי איז אַדורכגעגאַנגען דאָס קיך־עסצימער ווי אַ שאָטן זאָל זיך שלייכן. גדעון, וואָס איז פּונקט געזעסן ביים טיש האָט אויפגעהויבן די אויגן פון דער צייטונג און זי באַגלייט מיט די אויגן. די צייטונג איז אַרויסגעפאַלן אים פון די הענט. ער האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און פאַרביסן די ליפּן. זי האָט די גאַנצע צייט אים נישט געזאָגט ווו אַהין זי פאָרט אָבער ער האָט געוווסט. אויך ער האָט געוואַרט און געהאָפט. אַז ער האָט זי דערזען, איר אויסגעצויגן פּנים, אירע איינגעפאַלענע באַקן און אירע אויסגעלאָשענע אויגן האָט ער פאַרשטאַנען זיין און איר גזר דין.

אַ צייט לאַנג איז ער געזעסן אָן אַ ריר צו טאָן זיך פון אָרט ווי ער זאָל זיין געליימט. מיט אַ מאָל האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די צייטונג, זי געמאַרשט אין די הענט און מיט כעס זי אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש. ער האָט האַסטיק אַפּירגערוקט פון אונטער זיך דאָס בענקל און איז אַוועקגעלאָפן צו דער טיר. דורך דער אויפ־געפּראַלטער טיר האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן דער בין השמשות. ער האָט פאַרקלאַפּט די טיר און איז אַרויס פון שטוב. דער פאָטער אין לייבל, אַ צעשויבערטער, איז אַרויס אַ קוק טאָן וואָס עס איז געשען און איז צוריק אַריין צו זיך אין צימער.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. אין הויז ביי יעקבן איז געווען שטיל. אַפילו אַ פליג האָט נישט אַ זשומע געטאָן. תמר איז די גאַנצע נאַכט געזעסן אין קיך־עסצימער, אָן אַ ריר צו טאָן זיך. זי איז געזעסן אַ געבוקטע מיט די הענט אויף די קניִען, אַ פאַרזונקענע אין איר צער און נישט געקענט צונויפנעמען די געדאַנקען. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אַ ריר געטאָן. זי האָט אויסגעגליכן איר רוקן און זיך איינגעקוקט אין דער פינצטער. „דאָס איז מיין גורל" האָבן אירע ליפּן אַ פליסטער געטאָן. זי אַליין האָט מער פאַרשטאַנען די רייד אירע ווי זיי געהערט. זי האָט זיך אומגעקוקט, געוואָלט זען צי עס האָט ווער נישט געהערט וואָס זי האָט געזאָגט. זי האָט אָפּגעאָטעמט, זיך באַהערשט און איז אויפגעשטאַנען. דער קאַיאָר האָט גענומען אַריינקוקן אין די פענצטער. זי איז אַריין אין שלאָף־צימער צו גדעונען.

זי איז שטענדיק פאַרנומען. זי טוט איין אַרבעט נאָך דער אַנדערער ווי אַ געדונגענע. זי אַרבעט מיט אימפּעט. דער כעס טרייבט זי. זי וואַשט, רוימט און קאָכט. אַפילו די מילך־קאַנען וואַשט זי. זי טוט דעם פאָטערס אַרבעט. זי גייט אויך אין פעלד אַריין, שניידט גרינס פאַר די הינער. אָפט גייט זי אויך אַריין אין שטאַל, העלפט מעלקן. זי קומט אָן צו זאָגן אַ וואָרט, נעמט גלייך די מילך־קאַן, אַ בענקעלע און זעצט זיך מעלקן אַ קו. זי טוט אַלע אַרבעטן אַבי נישט אַרומגיין ליידיק. זי וויל נישט בלייבן מיט זיך, וויל נישט טראַכטן און וויל אויך וואָס ווייניקער רעדן. זי מיידט אויס דעם פאָטער, זיין בליק שרעקט זי. זי איז ביי זיך מינדערווערטיק. זי שעמט זיך פאַר מענטשן און זיך. נישט איין מאָל אין מיטן דער אַרבעט בלייבט זי שטיין מיט צעשטעלטע פיס און גיט אַ קוק מיט פאַראַכטונג אויף אירע ברוסטן און בויך. זי שווייגט. די אויגן אירע זענען טרוקן נאָר איר האַרץ וויינט.

ווען זי טרעפט אַ מאַמע מיט אַ קינד שטעלט זי זיך אָוועק אין אַ ווינקל און קוקט זיי נאָך. וויפל מאָל זי טרעפט גיין קינדער פון דער שול אָדער פון קינדער־גאָרטן גיט זי אַ זיפץ ווי ס'האַרץ זאָל זיך האָבן איר אָפּגעריסן. זי קוקט און האָרכט ווי די קינדער רעשן און פילדערן. די אויגן אירע זענען מאַט און פייכט. ווען זי האָט זיך געכאַפּט וואָס זי טוט איז זי אַ לויף געטאָן, שנעל געגאַנגען אַ היים ווי מען זאָל זי נאָכיאָגן.

אויך גדעון גייט אַרום אַ דערשלאָגענער. חוץ צו דער אַרבעט איז ער נישט אַרויס פון שטוב. ער האָט געמיטן מענטשן, אַפילו זיך נישט געטראָפן מיט נתנען. ער האָט זיך געערגערט און געשעמט. ער האָט זיך געכעסט פאַר וואָס דער גורל איז אַזוי אַכזריותדיק צו אים? פאַר וואָס איז אים נישט באַשערט האָבן אַ יורש. ער האָט געבענקט נאָך אַ קינד. עס האָט אים געפעלט אין שטוב, פונקט ווי ער האָט געמוזט פילן אונטער זיך די ערד. אים האָט געפעלט דאָס קינד וועמען ער זאָל קענען שענקען זיין ליבע וואָס ער האָט נישט געהאַט וועמען זי אָפּצוגעבן.

ער האָט זיך געשעמט פאַרן פאָטער פאַרוואָס זיין לעבן האָט זיך אַזוי איינ־געשטעלט. ער האָט זיך באַמיט וואָס ווייניקער מיט אים רעדן, אַפילו ביים טיש. ער האָט נישט געוואָלט געבן דעם פאָטער די געלעגנהייט ער זאָל פאַר אים אויס־גיסן זיין ביטער האַרץ.

דער פאָטער האָט געזען וואָס עס קומט פאַר צווישן פאַרפאָלק, אויך ער איז אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער און געשוויגן. ער האָט איצט עפּטער געמאַכט אַ כוסה און געפּיפּקעט די פּייקע. די פרייע צייט זיינע האָט ער כמעט פאַרברענגט ביי זיך אין צימער אָדער איז געזעסן אין הויף אונטערן אייקאַליפּטוס. אויך ער איז אַרומגעגאַנגען מיטן געפיל, אַז ער האָט אין זיין לעבן גאָרנישט דערגרייכט. ער האָט געבענקט נאָך אַן אייניקל, געוואָלט עס פירן ביי דער האַנט און דאָס איז דעם אַלטן גרויען ערד־מענטש נישט באַשערט געוועזן.

גדעון האָט גערעדט ווייניק מיט תמרן נאָר ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער זי אָנגעקוקט פון דער זייט. ער האָט געשעצט איר מי און אַרבעט, איר איבערגעע־בנהייט און ליבע. ער האָט געזען איר פאַרביטערקייט און צער. נישט איינמאָל האָט

אירס אַ זיפֿץ אים איבערגעוועקט אין מיטן דער נאַכט און ער האָט געזען, אַז זי איז וואַך. פֿון מיטלייד האָט ער זי אַרומגענומען. זי האָט זיך צו אים צוגעטוליעט, אים געקושט, נאָר מער ווי תאווה האָט ער איר נישט געגעבן. דיליידן אירע האָט ער נישט געקענט לינדן.

נישט איינמאָל, אַז ער האָט זי געזען אַ צעיאַכמעטע ביי דער אַרבעט איז ער שטיין געבליבן אַ פֿאַרטראַכטער פֿון איר שיינקייט — אָבער דערביי האָט ער יעדעס מאָל זי אַ פֿאַרגלייך געטאָן מיט סמדרן און איז שנעל אַוועק, אַנטלאָפֿן מיט זיינע מחשבות. ער האָט גערעדט צו איר שטיל און צאַרט, נאָר מער ווי רחמנות און זאָרג האָט ער איר נישט געקענט געבן. זי האָט עס געזען און געפֿילט. זי האָט נישט געהאַט צו אים קיין פֿאַראיבל. זי אַליין האָט זיך געהאַסט און באַשולדיקט. צו פֿאַרטרייבן איר צער האָט זי געאַרבעט און געגעסן אָן מאָס. אַ סך מאָל האָט זי דאָס עסן אַפֿילו צוריקגעגעבן. זי האָט אים געליבט מיט אַלע אירע חושים און געפֿילן און געלעבט אין פּחד פֿאַרן מאָרגן.

די זון האָט געשפּרייט איר גינגאָלד־שימער, נאָר ביי די כפּריס אין די צימערן זענען די טעג געווען גרויע און מוטלאָזע. יעדער אין דער משפּחה האָט געלעבט פֿאַר זיך. דער אומעט האָט צעשטערט די משפּחה. דינה איז איצט געקומען זעל־טענער, נאָר עס איז נישט געווען די וואָך זי זאָל נישט קומען אַ קוק טאָן. זי איז געקומען אין מיטן טאָג, ווען די מענער זענען געווען ביי דער אַרבעט. זי האָט זיך שטיל אַריינגעשליכט צו תּמרן ווי זי זאָל זיין באַרוועס. זי איז יעדעס מאָל שטיין געבליבן ביי דער טיר. — שלום — האָט תּמר איר אַ זאָג געטאָן. דינה האָט איר געענטפֿערט נאָר מיט אַ קאָפּ־שאָקל. דער אומעט אין שטוב האָט זיי אָפּגע־נומען דאָס לשון. דינה האָט געליטן צוזאַם מיט אַלע און אויך געשוויגן. זי האָט נישט געוואָלט און נישט געוואַגט פֿרעגן די מענער. זי האָט געוואַרט תּמר זאָל איר דערציילן, זיך אַראָפּרעדן פֿאַר איר.

תּמר האָט געשוויגן. זי האָט מיט איר פֿרויען־אינסטינקט פֿאַרשטאַנען און איבערגעלעבט איר טראַגעדיע. זי איז געווען אויך זיכער, אַז אין דעם משפּחה־פּלאָנטער איז דינה אויף דעם גדעונס זייט. דינה האָט לאַנג זיך נישט געזוימט ביי תּמרן. על פּי רוב האָבן ביידע געשוויגן. דינה האָט געשטעלט נאָר איינצלנע פֿראַגן וועגן דער אַרבעט איןווירטשאַפֿט, תּמר האָט געגעבן אָפּגעהאַקטע תּשובֿות. דינה האָט יעדעס מאָל זיך אַרומגעקוקט איבער די חדרים, אפֿשר וועט זי זיך אַזוי אַנאַך עפּעס דערוויסן. זי האָט שטיל אַ זאָג געטאָן „שלום" און צוריק אַוועק.

תּמר דריקט אין זיך איר ווייטאָג און שווייגט. זי ברעכט זיך אונטער דער לאַסט פֿון איר אומגליק. איר האַרץ צאַפּלט, וואַרט אויף אַ ישועה. איר שווייגן שטיקט זי. זי מוז פֿאַר וועמען זיך אַראָפּרעדן ווען דאָס שווייגן ווערט איר דער־ווידער. ווען זי קען נישט מער גייט זי אַוועק צו אורהן. זי טוט עס ווען קיינער זעט נישט. ווי נאָר אורה זעט זי גיין פֿון וויטן גיט זי נתנען אַ ווונק אויב ער איז אין שטוב ער זאָל אַרויסגיין, זי לאָזן אַליין. תּמר אַ דערשלאָגענע, נישט דרייס־טע איז נישט זיכער אין זיך. איר דאַכט זיך, אַז זי מיט איר צער וואַרפֿט זיך אָן

אורהן. על פּי רוב בלייבן זיי זיצן אין קיך. זי וויל קיינמאָל נישט עפּעס טועם זיין ביי אורהן. ווען זי שלאָגט איר פאָר זי זאָל עפּעס טרינקען אָדער איבערבייסן ענטפערט זי איר „ווער קען עסן". ס'רוב צייט שווייגן זיי. ווען עס פאַרבינדט זיך שוין יאָ אַ געשפּרעך צווישן זיי איז עס נאָר אַ שמועס פון אָפּגעהאַקטע זאַצן. ביידע צווינגען זיך רעדן וועגן טאָג־טעגלעכע ענינים נאָר אונטער זייער געשפּרעך לויערט תמרס אומגליק, איבער וועלכן ביידע ווילן רעדן און מיידן עס אויס.

דעם לעצטן נאָכמיטאָג זענען זיי ווידער געזעסן אין דער קיך און ווידער האָבן זיי געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט תמר אַ זיפץ געטאָן ווי זי זאָל זיך האָבן באַפרייט פון אַ משא און זיך צערעדט. זי האָט גערעדט פּאַמעלעך, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, ווי אַ לערער פאַר אַ קליינעם שילער. פון איין זאַץ ביז דעם אַנדערן האָט געדויערט: — ביידע ווילן מיר אַ קינד. איך קען נישט צוזען ווי גדעון ליידט. איך צעברעך אים זיין לעבן. אים קומט אַ בעסער לעבן. דער טאַטע גייט איין. ער ווערט פון טאָג אויף טאָג שוואַכער. — זי איז שטיל געבליבן. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אַ פרעג געטאָן: — וואָס איז דער אויסוועג און סוף? — און זי איז זיצן געבליבן אַ פאַרשטאַרטע אין איר טרויער און בושה.

אורה האָט זיך צו איר צוגעבויגן ווי זי זאָל וועלן זי אַרומנעמען, זי האָט אָבער זי נאָר אַ טרייסט געטאָן: — שרעק זיך נישט. פון אַזוי פיל פרויען האָט גדעון דיך אויסגעקליבן. דו ביסט נישט די איינציקע. פאַראַן אַזוי פיל פאַרפעלקער וואָס האָבן נישט קיין קינדער און לעבן צוזאַם. גדעון איז אַ גוטער און פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש.

תמר האָט זיך צוגעהערט צו אירע רייד און נאָך יעדן זאַץ אַ זיפץ געטאָן. ווי נאָר אורה האָט געענדיקט רעדן האָט זי זיך אויפגעשטעלט און אָן אַ שלום, ווי זיי זאָלן זיין אבלים, אַוועק און צוגעמאַכט נאָך זיך די טיר. אורה האָט אויסגעווישט זיך אַ טרער אין אויג.

תמר איז געגאַנגען שנעל ווי זי זאָל זיך איילן זי זאָל עפּעס נישט פאַרשפּעטיקן.

דאָס אַלעס האָט געווירקט אויפן פאָטער. ער איז געוואָרן איינגעהויקערט און פאַרדאַרט. זיינע פּנים־ביינער האָבן אים אַרויסגעשטאַרט. די אויגן זיינע זענען געוואָרן גלייזיק ווי זיי זאָלן נישט זען. די האָר זיינע זענען געוואָרן שטייף און שיטער. ער האָט געשלעפּט די פיס און איז געווען אַפּאַטיש. אים האָט מער גאָרנישט אינטערעסירט. אַ מאָל, אַ מאָל האָט ער זיך צוגעשלייכט צום פענצטער און געקוקט אין הויף אַריין ווי אַ פרעמדער. מערסטן איז ער געלעגן. ער האָט געאָטעמט שווער.

אין אַ געוויסן טאָג איז ער געבליבן ליגן אין בעט. ביידע גדעון און תמר זענען נישט אָפּגעטראָטן פון זיין בעט. יעדער האָט נאָר געטאָן זיין נויטיקסטע אַרבעט. ביידע האָבן געשוויגן און געשטאַרט אין זייער צער. די שטילקייט אין די חדרים האָט אויף זיי געדריקט. זיי האָבן מיטאַמאָל דערפילט אַ טוכלען ערד־ריח. זיי זענען געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער. תמר האָט כסדר זיך איבערגעבויגן איבערן בעט און אים יעדעס מאָל אַ פרעג געטאָן: „עס טוט די עפּעס ווי? וואָס ווילסטו?" ער האָט זי נאָר אָנגעקוקט. גדעון איז געשטאַנען אין דער זייט און נישט אַראָפּ־

גענומען פון אים די אויגן, ווי ער זאָל זיך אײַנקריצן אין מוח ווי ער זעט אויס. תמר האָט זיך צוגעזעצט צו אים אויפן בעט און אים געקאָרמעט, נאָר מער ווי צוויי לעפעלעך גרישיק האָט ער נישט אַראָפּגעשלונגען. זי האָט יעדע ווײַלע אים אונטערגעהויבן די קישנס אונטערן קאָפּ, אַזוי האָט געהייסן דער דאָקטאָר, אים צוגעדעקט און געטאַפּט אים די פיס צי זיי זענען נישט קאַלט. זי איז אַרומגעגאַנגען אין שטוב אַ באָרוועסע זי זאָל נישט קלאַפּן מיט די שיך. ווען תמר מיט גדעונען האָבן זיך געטראָפן ביים פּאָטערס בעט האָבן זיי זיך געשעמט אָנקוקן.

דער אָוונט איז געווען אַ הייסער, די לופט אַ דעמפּיקע. אַ בלעטל אויף אַ צווייג האָט זיך נישט אַ ריר געטאָן. ביי כפרין אין די חדרים איז געווען שטיל. די שטילקייט איז געווען אַן אימהדיקע. תמר האָט זיך געשלײַכט איבער די חדרים. זי האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. זי האָט געפּרוּווט אַרבעטן, געוואָלט דערמיט לינדערן איר צער און אויפרעגונג נאָר וואָס זי האָט גענומען טאָן האָט זי באַלד אויפגעהערט. אויך גדעון האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. ער האָט זיך געשלײַכט איבער די צימערן אַ דערשלאָגענער ווי אַ שאָטן. ער איז כסדר געגאַנגען אַ קוק טאָן אין שטאַל און באַלד צוריק געקומען. זײַן פּנים איז געווען אַ מאָל גרוי אַ מאָל גרין. אפילו אין דער צייטונג האָט ער נאָר אַרײַנגעקוקט, איבערגעבלייענט אַ קעפּל־אויפשריפט און זי צוריק אַוועקגעלייגט. יעדעס מאָל ווען ער איז צוריק אַרײַן אין שטוב איז ער שטיין געבליבן ביי דער טיר, געהאָרכט און שטיל אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צום קראַנקן טאַטן. ער האָט איצט נישט געטראָגן די אַרבעטס־שיך. אין אַ פאַרמיטאָג ווען ער איז אַרײַן פון הויף האָט תמר אים אַ זאָג געטאָן: — מען דאַרף ברענגען נאָכאַמאָל דאָקטאָר יופה. — גדעון האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן פול פּחד. תמר האָט זיך דערשראָקן. זי האָט אַ כליפּע געטאָן און אַרײַנגעלאָפן אין שלאָף־צימער.

אַ צייט שפּעטער ווען זי האָט זיך אומגעקוקט איז גדעון געשטאַנען ביים פענצטער ווי ער זאָל אַרויסקוקן. תמר איז צוגעגאַנגען צום פּאָטער. אַ ווײַלע האָט זי צוגעהאָרכט. זי האָט געוואָלט הערן זײַן אָטעם. אַן אויפגעציטערטע האָט זי אים אָנגעקוקט. זײַן פּנים איז געווען שטאַר, די אויגן פאַרמאַכט, דאָס מויל אָפן. זי האָט זיך איבער אים איבערגעבויגן, געוואָלט הערן און פילן צי ער אָטעמט. — גדעון! — האָט זי יאָמערלעך אַ שריי געטאָן און זיך צעוויינט. גדעון איז צוגעלאָפן צום בעט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן פּאָטער און האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און דעם קאָפּ. ער האָט נישט געקענט וויינען.

— ער איז טויט! — האָט תמר אַ יאָמער געטאָן און האָט זיך צעוויינט אויפן קול. ערשט איצט האָט גדעון פאַרמאַכט דעם פּאָטער דאָס מויל און מיט דער קאָלדרע איבערגעדעקט דעם מת.

# כב

דער הימל איז אַ בלויער, די לופט דורכזיכטיק און די זון־שטראַלן שימערן, נאָר גדעון און תמר גייען אַרום דערשלאָגן. תמר גייט שטיל ווי זי זאָל זיך היטן נישט שטערן גדעונען, נאָר דער טריט אירער איז אַ שווערער. זי גייט אַרום אַן אַנגעדראָלטע. פון זינט דער פּאָטער איז געשטאָרבן זענען זייערע חדרים ווי גרעסער און ליידיקער געוואָרן. עס פעלט אין זיי דעם פּאָטערס געשטאַלט. גדעונען איז קלאָר געוואָרן, אַז דער טאַטע האָט אויפגעהאַלטן די משפּחה. זיין געשטאַלט גייט זיי נאָך ווי אַ שאָטן, וואָס באַגלייט זייער אומעט.

ער מיט תמרן האָבן נישט געשאַפן זייער משפּחה. צווישן אים מיט תמרן איז דאָ די נאָענטקייט פון אַ יונג פּאָרפּאָלק וואָס שלאָפן, אַרבעטן און ווירטשאַפטן צוזאַם, האָבן שותפותע באַדערפעניש און פאַרלאַנגען. ער שעצט איר פלייס און איר איבערגעגעבנהייט. נאָר ער האָט פאַר איר נישט קיין גוט וואָרט. נישט איין מאָל איז ער שטיין געבליבן היגטער איר, געקוקט ווי זי האָרעוועט אַ צעפלאַמטע. מאַנכעס מאָל האָט ער יאָ געוואָלט איר זאָגן אַ גוט וואָרט נאָר נישט געפונען די ווערטער. ער איז נאָר צוגעגאַנגען צו איר און אַוועקגעלייגט זיין האַנט אויף איר אַקסל אָדער צוגויפגענומען אירע האָר אין אַ הויפן. זי האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן, פול ליבע. ער האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַוועק צו זיין אַרבעט.

זי האָט פאַרשטאַנען זיין צער און זי האָט זיך באַמיט זיין וואָס ווייטער פון זיינע אויגן. זי איז פאַרפאַלן געוואָרן אויף שעהן. זי האָט געאַרבעט אין דער הינערשטייג, אָנגעסדרט די בינטן שטרוי אין שייער, געררומט דעם הויף, באַאַרבעט די בייטן בלומען און אַפילו געשניטן דעם איסביסקוס־פּלויט. אָפט ווען גדעון איז אַוועק אין פעלד האָט זי אויך געטאָן זיין אַרבעט. די ריינקייט האָט ביי זיי געבלאַנקט אין יעדן ווינקל. אַ סך מאָל אַז ער איז אַרויס אין הויף, איז ער שטיין געבליבן, זי געזוכט. ווען ער האָט זי דערזען און געזען ווי זי האָרעוועט האָט ער געוואָלט צוגיין, זי נעמען ביי דער האַנט, אַריינפירן אין שטוב זי זאָל זיך אָפּרוען, נאָר ער האָט עס נישט געטאָן.

זי טראָגט אויס איר פּיין. זי האַסט זיך און כעסט זיך פאַר וואָס איז זי אַ געשטראָפטע און קען נישט באַגליקן גדעונען. ער איז ביי איר אַפילו ווען ער איז ווייט פון איר. זי לעבט אין פּחד. איר שרעקט דער מאָרגן. נישט איינמאָל בלייבט זי שטיין אַ דערשראָקענע, קען נישט כאַפּן דעם אָטעם און אירע שטאַרע אויגן בלאָנדזשען ווי זי זאָל זען דעם פּחד. שוואַרצע רייפלעך רעמען אירע אויגן. אירע אויגנלעפּלעך זענען בלוי און ציטערן. אירע ליפּן זענען צעביסן, ווי אויסגעזויגן. איר פּנים איז אָפּגעצויגן און אָן אַ שמייכל. איר מאַטערט דער געדאַנק, זי וועט גדעונען נישט קענען מאַכן פאַר אַ טאַטע און זי וועט נישט זיין די מאַמע פון זיין קינד.

ער גייט נישט אַרויס פון שטוב און פאַרטוט זיין צער אין דער אַרבעט. אַפילו

אין פעלד מײדט ער זײַנע גרענעץ־שבֿנים. ער שעמט זיך. ער איז זיכער, אַז אַלע אין דאָרף געדענקען אים און סמדרן און איצט לאַכן זײ פֿון אים. אַ „בעזדזעטניק״. ער איז זיכער, אַז דאָס איז ער געשטראָפֿט געוואָרן. ער שווײַגט, רעדט כמעט נישט מיט תמרן, נאָר דאָס נױטיקסטע. ער אַרבעט מיט אימפּעט, פֿאַרטוט אין אים זײַן כּעס. זײַנע שפּיץ פּאות זענען גרוי געוואָרן. זײַנע קינבאַקן זענען שטענדיק בולט. אָפֿט בלײַבט ער שטײן אין הויף, קוקט אין הימל אַרײַן אָדער באַטראַכט דעם אײקאַליפּטוס־בוים נאָר דאָס טראַכט ער וועגן זיך, באַדויערט זיך.

זי, ווי ווײַט נאָר מעגלעך, באַמיט זיך אים נישט קומען אויף די אויגן. זי שלאָפֿט נישט די נעכט. אירע אויגן זענען רויט, זי דריקט אין זיך איר באַליידיקונג. זי פֿילט זײַן פֿרעמדקייט צו איר און דעם חסד וואָס ער טוט איר. זי איז עלנט. נישט איין מאָל וויל זי שרײַען, וויינען און פֿאַלן אים צו זײַנע פֿיס, נאָר זי קען עס נישט טאָן. איר ווירדע דערלויבט עס איר נישט. זי פֿאַרשטײט, אַז פֿריִער צי שפּעטער וועט אויך זײַן עלנט אים נמאס ווערן. זי ווייסט געננוי איר גורל. זי ברעכט זיך אונטער דער לאַסט פֿון איר שולד און גורל. זי לעבט מיט פּחד און אימה.

זי מאַטערט זיך. איר פּײַן האָט נישט קײן גרענעץ. זי האָט נישט קײן שליטה איבער זיך. פֿאַראַן טעג ווען זי עסט כמעט נישט און טעג ווען זי עסט איבער דער מאָס. פֿאַראַן טעג ווען זי אַרבעט מיט אימפּעט און טעג ווען זי איז פֿלעגמאַטיש און די הענט אירע לײגן זיך איר נישט צו דער אַרבעט. אָפֿט כאַפּט זי זיך אויף אין מיטן דער נאַכט אַ דערשראָקענע, ליגט מיט אָפֿענע אויגן און פּרוּווט זיך מאַכן אַ סך הכּל פֿון איר צושטאַנד. נאָר זעלטן ווען זי קומט צו עפּעס אַן אויספֿיר.

אין אײנער פֿון די נעכט האָט זי זיך איבערגעוועקט און האַסטיק זיך אויפֿ־געזעצט אין בעט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט געהערט קולות. אַ ווײַלע האָט זי געהאָרכט. אין צימער אײז געווען שטיל, זי האָט נאָר געהערט גדעונען אָטעמען. זי האָט אונטערגעצויגן די פֿיס, אויף די קניִען. אָנגעשפּאַרט אירע עלנ־בויגנס און איר קאָפּ אַרײַנגעלײגט אין די הענט. אַ צײַט שפּעטער איז זי אַראָפּ־געשפּרונגען פֿון בעט און שטײן געבליבן ווי אַ וואַנזיניקע. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי גענומען זיך שלײַכן איבערן צימער און געוויינט אַן טרערן. זי האָט געשטאַרט פֿון אימה פֿון וועלכער זי האָט זיך נישט געקענט באַפֿרײַען. מיט אַ מאָל איז זי ווידער שטײן געבליבן. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט ווי זי זאָל זיך מיט וועמען אַמפּערן און אַ פֿליסטער געטאָן „זיך אָפּגטן פֿון אים״ און איר קאָפּ איז געבליבן הענגען.

אַ האָן האָט אַ קרײ געטאָן, אַ צווייטער האָט אים געענטפֿערט. זי האָט דער־פֿילט דעם נאַכט־פֿלאַטער. זי איז מיד געוואָרן און איז צוריק אַרײַן אין בעט.

דער אײנציקער מענטש וואָס קומט איצט צו זײ אין שטוב איז דינה. זי האַלט אָן מיט זײ קאָנטאַקט. זי איז געקומען כמעט שטענדיק פֿאַרמיטאָג ווען גדעון האָט זיך געפּאָרעט אין הויף אָדער געווען אין שטאַל. זי האָט יעדעס מאָל גערעדט נאָר

מיט איינעם פון זיי. איר געשפרעך מיט תמרן איז געווען סתם אַ שמועס וואָס האָט צו גאָרנישט געפירט. על פּי רוב האָבן זיי זיך באַגריסט און געשוויגן. איינע איז געווען איבעריק דער צווייטער. נאָר, עס זאָל נישט אויסקומען, אַז זי איז אַוועק אַ באַליידיקטע האָט דינה פאַרן אַוועקגיין איר שנעל איבערגעגעבן וואָס פאַראַ פּראָוויאַנטן עס זענען אָנגעקומען אין קאָנסום־הויז, איר אויך אַן עצה געגעבן וואָס זי זאָל קויפן און ווי אַזוי קאָכן. איר האָט נישט געאַרט וואָס תמר הערט נישט וואָס זי זאָגט. זי האָט געדאַרפן איר עפּעס זאָגן. אַ צווייט מאָל האָט זי איר איבער־געגעבן וואָס פאַראַ פאַסאָן מלבושים האָבן ווייבער פון יניב איינגעקויפט אין שטאָט. אויך איצט האָט תמר איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז זי האָט געהערט.

אויך דינה איז אַרומגעגאַנגען אַ טרויעריקע ווי אַ שאָטן. איר האָט אויך געשראָקן די שטילקייט און ריינקייט ביי תמרן אין די חדרים. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז זי זעט דעם צער און פאַרדרוס וואָס האָט געהערשט ביי גדעונען אין הויז. אויך זי האָט איבערגעלעבט גדעונס משפחה־פּלאָנטער. ווען זי איז אַריין צו זיי האָט זי געפינטלט מיט די אויגן, געוואָלט אַריינדרינגען, דערגיין זייער טראַ־געדיע. זי האָט איצט ביי זיי אין שטוב זיך געפילט נישט באַקוועם אַזוי ווי אַמאָל.

תמר איז איצט דווקא געווען צופרידן וואָס כאָטש זי קומט צו זיי, אָבער ווי נאָר זי האָט דערהערט אירע טריט האָט זי אויפגעציטערט. זי האָט איבערגעריסן די אַרבעט און שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. און איר האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן. זי האָט מיט איר פרויען־אינסטינקט געפילט, אַז דינה איז דער שאָטן אין איר גורל. לעצטנס איז זי בכלל קאַרג געווען אין אַ וואָרט. זי האָט געשטאַרט אין איר צער און געליטן פאַר זיך און גדעונען. זי האָט געוואָלט אים און זיך העלפן. זי האָט זיך געהאַסט און אים באַדויערט.

דינה האָט אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט און פריינדשאַפט מיט ביידע. פון מאָל צו מאָל איז זי אַרויס אין הויף צו גדעונען. זי האָט אים אָפּגעזוכט און געפּרוווט מיט אים פאַרפירן אַ שמועס. זי האָט אים אויסגעפרעגט ווי די קי מעלקן זיך, ווען אביבה דאַרף זיך קעלבן און אים אַ פרעג געטאָן: — ווייסט האָדעווען דאָס קעלבל? אין מאָל האָט זי אים אויך אַ פרעג געטאָן: — ווען הייבט זיך אָן מעלקן די שוואַרצע? — אָדער — ווען קלערסטו אַראָפּנעמען די טאָמאַטן? — און באַלד אים אויך אַ פרעג געטאָן: — ווייסט דאַרפן הילף? — יעדעס מאָל, ווען זי האָט גענומען מיט אים רעדן, האָט זי באַשלאָסן, אַז דאָס מאָל מוז זי זיך מיט אים פונאַנדעררעדן כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז ביידע באַהאַלטן פאַר איר אויס זייער סוד. נאָר באַלד נאָך איר ערשטער פראַגע האָט זי פאַרלוירן איר מוט זעענדיק ווי שווער עס קומט אָן גדעונען איר ענטפערן.

אין אַ פאַרמיטאָג איז דינה געקומען צו תמרן אין שטוב. זי האָט געוווּסט, אַז גדעון איז אין פעלד. — שלום, תמר! — האָט זי איר אַ זאָג געטאָן האָפערדיק ווי זי זאָל זיין גוט געשטימט. — שלום! — האָט תמר שטיל איר געענטפערט און אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט נייגעריק פאַר וואָס זי איז געקומען איצט

און וואָס זי איז אויסן. תמר האָט געגרייט מיטאָג. זי האָט אָפּגערוקט דאָס ברעטל מיט די קאָטלעטן און זיך גענומען שיילן די קאַרטאָפּל. דינה האָט אַוועקגעשטעלט דאָס קיישל מיט די איינגעקויפטע פּראָדוקטן. זי האָט זיך צוגעגלעט אירע גרויע האָר און איר אַ זאָג געטאָן: — איך בין דורשטיק — און אַליין גענומען אַ גלאָז און זי אַוועק צו דער קילשאַנק. זי האָט זיך אָנגעגאָסן אַ גלאָז קאַלט וואַסער און אָפּגעטרונקען אַ ביסל. זי האָט דאָס געטאָן מיט כוונה, געוואָלט ווייזן תמרן, אַז זי איז דאָ אַ שטוביקע, אַז זי געהערט צו דער משפּחה. תמר האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און ווייטער געשיילט.

דינה איז צו איר צוגעגאַנגען און זי אַ פרעג געטאָן: — וואָס הערט זיך? תמר האָט זי נאָר אָנגעקוקט. דינה האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז איר ענטפער. זי האָט נאָר נישט פאַרשטאַנען, אַז תמר וווּנדערט זיך פאַרוואָס זי דערציילט איר אויך איצט נישט די נייעסן ווי יעדעס מאָל. דינה האָט דערפילט מיטלייד צו איר און זי האָט שטיל איר אַ זאָג געטאָן, איר אויסגערעדט: — אַזוי איז דאָס לעבן, יעדער מיט זיין גורל. איר זייט נישט די איינציקע, פאַראַן נאָך אַזעלכע משפּחות. — דינה די פרוי מיט לעבנס־חכמה האָט לויט די פאַרהעלטעניש פון דעם פּאַרפאַלק שוין געוווּסט דעם גורם פון זייער צער.

תמרס אויגן־לעפּלעך זענען ווי אַראָפּגעפאַלן. זי האָט אָפּגעאָטעמט, ווי זי זאָל האָבן אַראָפּגעשלונגען איר צער. זי האָט דאָס מעסער אין האַנט קוים באַוויגן. דינהס טרייסט האָט זי אויפגעטרייסלט.

דינה האָט זי געטרייסט נאָר אויך געוואָלט איר ווי טאָן. זי האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, זיך צוגערוקט צו איר און אַ זאָג געטאָן: — פאַראַן פּאָרפעלקער וואָס גייען זיך פונאַנדער און יעדער באַזונדער געפינט זיין וועג אין לעבן. זי האָט גערעדט שטיל און מאַנאָטאָן נאָר אָנגעדייט יעדעס וואָרט.

תמר איז שטיין געבליבן אַ געליימטע מיטן מעסער אין האַנט. ס'בלוט איז איר אָפּגערונען פון קאָפּ. די הענט און די ליפּן אירע האָבן געציטערט. זי האָט געוואָלט רעדן און נישט געקענט. זי האָט געוויינט אָן טרערן. איר ראיה איז געוואָרן פאַרנעפּלט.

דינה האָט אַ שלונג געטאָן פון גלאָז, מיט דער צונג אַרומגעווישט זיך די ליפּן און באַטראַכט תמרן פון דער זייט מיט איין אויג, ווי אירע ווערטער האָבן געווירקט אויף איר. זי האָט זיך אָפּגערוקט, ווי אַרונטערגערוקט אונטער איר און האָט איר אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל איר זאָגן אַ סוד: — דו ווייסט דאָך, אַז גדעון איז אַרומגע־גאַנגען מיט סמדרן — זי האָט דאָס ערשטע מאָל איר געזאָגט דעם נאָמען סמדר.

דאָס מעסער איז תמרן אַרויסגעפאַלן פון האַנט. דער אַריינגעפאַלענער אין טאָפּ וואַסער נישט דערשיילטער קאַרטאָפּל האָט אַ פּלוך געטאָן, איבערגעריסן די אימהדיקע שטילקייט. גרויסע, לויטערע, איינגעהאַלטענע טרערן האָבן געטראָפּט פון אירע אויגן.

דינה האָט די גאַנצע צייט געשאָקלט מיטן קאָפּ. די געניטע פרוי האָט ווידער באַדויערט די יונגע, נישט דערפאַרענע, אומגליקלעכע פרוי. זי האָט אַוועקגעשטעלט

די גלאָז און אָנגענומען תמרן ביי דער האַנט, זי אַריינגעפירט צו איר אין צימער און זי אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע. אַ צייט איז זי געשטאַנען איבער תמרן, זי באַטראַכט, געקוקט ווי זי פילט זיך. ווען תמר האָט זיך באַרויִקט איז זי אַרויס פון צימער אָן צו זאָגן איר „שלום".

נאָך דעם אינצידענט איז דינה ווייטער געקומען צו זיי. זי האָט געשוויגן, נאָר ווי זי איז אַריין אין שטוב האָט זי אַ זאָג געטאָן „שלום" און אַ שפּאַן געטאָן איבער די חדרים ווי זי זאָל זוכן, פאָרשן וואָס עס איז ביי זיי פאָרגעקומען אין צווישן. זי איז געשטאַנען מיט אונטערגעשפּאַרטע הענט און זיך אַרומגעקוקט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי ווידער אַ זאָג געטאָן „שלום" און אַוועק אַהיים. ביידע האָבן אַוועקגעקוקט, נישט געוואָלט זיך זען.

תמר האָט געהאַסט דינהן און זיך געשעמט פאַר איר. דינה האָט די גאַנצע צייט געוואָרט תמר זאָל איר דערציילן, פאַר איר זיך אַראָפּרעדן. דינה האָט געוואָלט וויסן ווי זיי האַלטן מיט זיך און געוואָרט זי זאָל זיך קענען אַדורכרעדן מיט גדעונען. ער האָט זי געמיטן. אין איינעם פון די אָוונטן איז דינה זיך פאַרזעסן בכוונה. זי האָט געוואָרט אויף גדעונען און געשוויגן. נישט קענענדיק זיך דער־וואַרטן אויף אים איז זי אַוועק אַהיים.

אין דרויסן אויף דער גאַס איז דינה שטיין געבליבן. זי האָט זיך איינגעקוקט אין דער פֿינצטער, אַ רוף געטאָן „גדעון!" און שנעל צו אים צוגעגאַנגען.

גדעון האָט שפּאַצירט הין און צוריק. ער האָט נישט געוואָלט אַריינגיין אין שטוב, זי טרעפן איצט. לויט תמרס באַנעמען זיך די לעצטע טעג האָט ער פאַר־שטאַנען, אַז זי האָט געהאַט אַ שמועס מיט תמרן. ער האָט אויך פאַרגעפילט, אַז זי וויל אויך מיט אים רעדן. ער איז שטיין געבליבן.

— פיר מיך אונטער, עס איז שפּעט — האָט זי אים געזאָגט און גענומען גיין. ער איז מיטגעגאַנגען און געשוויגן. זי האָט זיך איינגעקוקט אין אים און אים אַ זאָג געטאָן — גדעון, דו דאַרפסט מיך נישט מיידן. איך וויל נאָר דיין גוטס. איך זע ווי איר פּייניקט זיך ביידע — זי האָט אָפּגעאָטעמט ווי זי זאָל אָננעמען כוח און ממשיך געווען — זי איז מיר אַ רחמנות נאָר איך וויל דיין גליק. ווייטער קען עס אַזוי נישט זיין. אַ צייט לאַנג זענען זיי געגאַנגען און געשוויגן. ביידע האָבן געהערט ווי די נאַכט שאָרכט. גייענדיק האָט זי זיך צו אים צוגעבויגן און אים אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל אים איינרוימען — גט זי!

— ניין! — האָט ער אַ שריי געטאָן אַן אויפגעטרייסלטער. דער אָפּהילך פון זיין קול האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דער סביבה.

פון מורא האָט זי זיך אָפּגערוקט פון אים כאָטש זי האָט נישט געזען, אַז ער ביילט די פויסטן. אַ צייט האָבן ביידע געשוויגן. ערשט איצט האָט ער אַדורכגעזויגן דורך די ציין די עטלעכע ווערטער — מיש זיך נישט! — זי האָט באַלד אים נישט געענטפערט. נאָר שפּעטער האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים צי ער האָט זיך שוין באַרויִקט. זי האָט ווידער אַ מאָל זיך צו אים צוגעבויגן און שטיל ווי זי זאָל פליסטערן אים אַ זאָג געטאָן: — סמדר האָט נאָך נישט חתונה געהאַט.

ער איז שטיין געבליבן ווי ער זאָל האָבן אַריינגעוואַקסן אין דער ערד. דאָס בלוט האָט אים אַ שטראָם געטאָן אין קאָפּ אַריין. ער האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. עס איז אים שווער געווען אָטעמען. אַ צייט לאַנג איז ער געשטאַנען און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער זינקט. ווען ער איז צו זיך געקומען האָט ער טיף אָפּגעאָטעמט און געגאַנגען ווייטער. זי איז געגאַנגען מיטן קאָפּ צווישן די אַקסלען און יעדע ווײַלע אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט. נישט ווייט פון איר הויז האָט זי אים אַ זאָג געטאָן: — גדעון, שלום! — ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן פאָרגעקומען צווישן זיי און זי איז אַוועק אַהיים.

ער איז געבליבן אַליין ווי אַן אויסבאַהאַלפן קינד וואָס ווייסט נישט וואָס עס זאָל טאָן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אויסגעדרייט און אויך געגאַנגען אַהיים.

# כג

אַ טאָג האָט געביטן אַ טאָג. די טעג זענען געווען הייסע, די נעכט קילע, פול טוי. דער הימלבלוי איז כסדר געוואָרן טונקעלער. פון מאָל צו מאָל האָט שוין אויך אַ בלאָז געטאָן אַ ווינטל וואָס האָט אָפּגעפרישט די לופט. די תבואה־פעלדער זענען געווען שוין נאַקעט. די גאַנצע צייט פון זינט דינה האָט אָפּגעשטעלט גדעונען, מיט אים גערעדט, שלאָפט ער נישט רויק, וואַרפט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער. ער גייט אַרום אַן אויפגערעגטער און שווייגט. ער קוקט אַראָפּ, קוקט תמרן נישט אין די אויגן. ער ליידט איצט טאָפּלט: פון זיין מצב און פון זיין נישט פאַרגלידערטער ווונד וואָס דינה האָט אויפגעריסן.

ער קען זיך נישט העלפן. ער פּייניקט זיך און איז פאַרמאַטערט פונעם קאַמף וואָס ער פירט מיט זיך. זיין פּנים איז אָפּגעצערט. די אויגן זיינע קוקן דערשטוינט. די קינבאַקן זיינע זענען בולט. זיין האַלדז איז ווי לענגער געוואָרן. אים איז טרוקן אין מויל און ער טרינקט אָן אַ סוף צו שטילן דעם דורשט. ער איז באַליידיקט. פון כעס גיט ער נישט איין מאָל אַ קריץ מיט די ציין, ווי ער זאָל קרישלען אַ שטיין. ער איז פול ספקות און אַרבעט מיט אימפּעט, נאָר אָפט גיט ער זיך אַ פאַרטראַכט און בלייבט שטיין ווי עס זאָל אים האָבן אָפּגענומען די הענט. דאָס געשעעט ווען ער גיט זיך אַ פרעג: „וואָס וועט זיין מיט תמרן?" „ווו אַהין וועט זי גיין?" ער האָט אַזוי לאַנג אַריינגעטראַכט ביז ער האָט גענומען זיך מרחם זיין אויף איר.

גדעונען האָט אויך געמאַטערט דער געדאַנק „וואָס וועלן זאָגן די מענטשן אין יניב? אַ הפקר־יונג, גענומען אַ יתומה און זי פאַרטריבן". נאָר באַלד האָט ער אַליין זיך באַדויערט און זיך אַ פרעג געטאָן: „בלייבן אָן אַ קינד?" און זיך געענטפערט: „כ׳וועל נישט טאָן קיין פאַרברעכן, איך וועל זיין אַ טאַטע! ווען

וועל איך לאָזן די ערד ?״ און ווייטער געאַרבעט. נאָר נישט אויף לאַנג. באַלד האָט ער זיך אַ פרעג געטאָן מיט מורא: „ווי וועט מיך אויפנעמען סמדר ?״ פון אויפרעגונג האָט ער פאַרמאַכט די אויגן און דערזען סצענעס, יעדעס מאָל אַן אַנדערע, ווי ער שפּאַצירט און פאַרברענגט מיט איר.

ער האָט מיט זיך געקעמפט. זיין וועזן איז געווען געשפּאָלטן. ער האָט מיט אַלע כוחות געטריבן פון זיך די פאַרניאַרעטע אין אים ליבע וואָס האָט פאַרטושט זיינע חושים. ער האָט געטראָגן אין זיך דעם טרויער וואָס האָט גענאָגט זיין געמיט, דעם מאַרך פון זיינע ביינער. די איינציקע טרייסט זיינע איז געווען די ערד זיינע. אויף איר האָט ער זיך אָפּגעפונען, באַקומען זיין גלייכגעוויכט. אויף די פעלדער זיינע, וווּ ער איז געוואַקסן מיט דער אַרבעט און איר גערעטעניש, האָט ער פאַרגעסן אין אַלע זיינע צרות.

דער הימל און די לופט זענען געווען גרוילעך. די זון צעפלאַסן, אַן אַ שטראַל. די אינזעקטן אין דער לופט האָבן געזשומעט, האָבן אויסגעשפּילט זייער מעלאָדיע. גדעון, אין אַ צעכראַסטעטע העמד מיט אַ פייכטע פון שווייס ברוסט, דעם קאַפּעליוש אויפן קאָפּ אַרויפגערוקט, מיט טראָפּנס שווייס אויף זיין שטערן, וואָס האָבן געשימערט ווי טוי־טראָפּנס אויף אַ פלאַנץ ביינאַכט. ער האָט מיט כוח געדריקט אין די הענט די שטילן פון אַקעראייזן וואָס פלוטאָס האָט געצויגן מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ און אויסגעביילטע פּאַשלאַדקעס. ער, מיט איבערגעוואָרפענע איבערן האַלדז לייצעס, האָט געהאַלטן די שטילן אין די הענט און געפירט דעם איינגעשניטענעם אין דער ערד אַקעראייזן. דאָס מוילאייזל האָט געשטעלט אַ פוס הינטער אַ פוס, געשניטן די ערד און אָפּגעלייגט גלייכע ווי אַ ווירע ערד־סקיבעס, וואָס האָבן געשימערט דער זון אַנטקעגן.

גדעון איז נאָכגעגאַנגען פלוטאָסן טריט נאָך טריט, געאָטעמט מיט דער פולער ברוסט, זיך געזעטיקט מיטן ריח פון פריש אויפגעאַקערטער ערד. דאָס האָט ער צוזאַמען מיטן מוילאייזל געגרייט די ערד פאַר די ווינטער־ירקות.

אין דער אַרבעט האָט גדעון עטלעכע מאָל פאַרהאַלטן פלוטאָסן און יעדעס מאָל מיט גאווה און פרייד אַרומגענומען מיטן בליק דעם אויפגעאַקערטן שטח.

דאָס לעצטע מאָל ווען ער האָט פאַרהאַלטן דאָס מוילאייזל איז ער אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן מיט דער אורוויטאַליטעט פון דער ערד, אַז ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אָנגענומען אַ זשמעניע ערד, צו איר געשמעקט און דערנאָך אַדורכגעזייט זי דורך די פינגער, ווי זי זאָל אים אַ שאָד זיין אַוועקצוּוואַרפן. פון פרייד און דאַנקבאַרקייט האָט ער פלוטאָסן אַ גלעט געטאָן זיין סאַמעט ווייכע צעיאַכמערטע מאַרדע. אויך פלוטאָס האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אַ ניוכע געטאָן. גדעון האָט איבערגעשטעלט דאָס אַקעראייזן, אַ צי געטאָן די לייצעס. פלוטאָס האָט ווידער אַ צי געטאָן נאָך זיך דאָס אַקעראייזן. גדעון איז אים נאָכגעגאַנגען מיט ברייטע טריט, ווי ער אַליין זאָל זיין איינגעוואַקסן אין דער ערד.

שפּעט אין אָוונט האָט ער פלוטאָסן אַ זאָג געטאָן: „אויס !״ דאָס מוילאייזל און ער זענען שטיין געבליבן. פלוטאָס האָט זיך אָפּגעטרייסלט. די פעל זיינע האָט אַ

ציטער געטאָן. גדעון האָט אָפּגעאָטעמט און נאָך אַ מאָל מיטן בליק אַרומגענומען דעם שטח. זיין אָנגעשטרענגט פּנים איז מילד געוואָרן. גדעון האָט אַרויסגעצויגן די אַקערשאַרף פון דער ערד. ער האָט דאָס אַקעראייזן איבערגעדרייט מיט דער שאַרף אַרויף און האָט פּלוטאָסן אַ זאָג געטאָן: „דיאָ!" און מיט אים אַוועק צום וואָגן שפּאַנען און מיט אים פאָרן אַהיים.

אויך תמר מאַטערט זיך, ליידט. זי רעדט נישט נאָר איר געמיט ברויזט. זי שטאַרט פון פאַרצווייפלונג. די פּיין שטיקט זי. נישט איין מאָל וויל זי אַ שפּיי טאָן און אויסשרייען איר צאַרן, זיך פאַרלייכטערן. זי האָט מורא און שעמט זיך. זי אַרבעט מיט אימפּעט. זי איז ביי די כוחות, נאָר זי האָט נישט קיין מנוחה. יעדעס מאָל ווען זי איבערלייגט זיך איר מעמד, בלייבט זי שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און אָפן מויל, ווי זי זאָל נישט קענען כאַפּן דעם אָטעם.

נישט איין מאָל בלייבט זי שטיין אַ פאַרצווייפלטע און גיט זיך אַ פרעג: „פאַר וואָס בין איך פאַרשאָלטן? פאַר וועלכע זינד קען איך נישט ווערן אַ מאַמע?" די כוחות אירע שפּאַרן פון איר, נאָר די ליפּן אירע זענען פאַרצויגן און טרוקן. אירע גרינע, גרויסע אויגן זענען טרויעריק. איר לענגלעך פּנים איז אומעטיק. אָפט, ווען גדעון קומט אַריין אין שטוב און שלייכט זיך פאַרביי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, גיט איר האַרץ אַ צאַפּל. זי וויל צו אים צולויפן, אים אַרומנעמען, אַנלענען איר קאָפּ אויף זיין ברוסט און וויינען. נאָר זי וואַגט נישט. זי האַסט זיך און ליבט אים. דער צער יאָדעט זי און זי שלאָפט נישט די נעכט. ווי נאָר גדעון שלאָפט איין שפּרינגט זי אַראָפּ פון בעט און שלייכט זיך אַרויס פון צימער. אַ באָרוועסע האָט זי זיך געשלייכט איבערן אויפנאַם־צימער אָדער געזעסן אויף אַ שטול אויף אונטער־געלייגטע פיס און אַן ווערטער און טרערן געקלאָגט איבער איר גורל. זי איז געווען פאַרצווייפלט. זי האָט נישט געוווסט וואָס זי זאָל טאָן און וואָס גדעון וועט מיט איר טאָן.

אַ סך נעכט איז זי אַזוי געזעסן אַ פאַרשטייפטע. די שלייפן אירע האָבן געהאַ־מערט. די אויגן האָבן איר געברענט און זי האָט געאָטעמט מיט אַן אָפן מויל. כמעט אַלע מאָל איז זי אַזוי געזעסן ביז אירע פאַרטריקנטע ליפּן האָבן גענומען פּרעפּלען. זי האָט גערעדט צו זיך, איבערגעחזרט דאָס וואָס זי האָט געטראַכט פריִער: „אַזוי געפאַלן ביי זיך. ווו איז מיין ווירדע? איך וועל אים באַפרייען. זאָל ער דערגרייכן זיין גליק. פאַר וואָס מוז ער ליידן? גענוג אַז איך לייד. ער האָט דאָך אויך אַן אַנדערע" און זי איז זיצן געבליבן אַ פאַרגליווערטע. מיט אַ מאָל האָט זי אַ קרעכץ געטאָן „אַה!" און אויפגעהאָרכט צי גדעון האָט נישט געהערט. זי איז אויפגעשטאַנען. די הענט אירע זענען געבליבן הענגען, דער קאָפּ אירער איז ליגן געבליבן אויף די אַקסלען, זי איז געווען דערשיטערט און רעזיגנירט. אַ צייט שפּעטער האָט זי זיך אויסגעגליכן. זי איז אַוועק און צוריק אַריין אין בעט.

זי איז די נעכט נישט געשלאָפן. אָבער ווי נאָר דער טאָג האָט גענומען גרויען האָט זי שנעל זיך אָנגעטאָן און אויף אים אַ קוק געטאָן ווי ער שלאָפט. די אויגן אירע זענען געוואָרן פייכט. זי האָט אויף אַ ווילע איינגעהאַלטן איר אָטעם און

שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, אַרויס פון צימער. זי האָט געאַרבעט פּאַמעלעך, געטראַכט און זיך געמאַטערט. די באַקן אירע זענען געווען איינגעפאַלן. שוואַרצע רייפלעך האָבן גערעמט אירע אויגן. זי האָט געשוויגן און אים נאָכגעקוקט פון דער זייט.

נאָר אין משך פון דער צייט, איבערהויפּט די עטלעכע לעצטע טעג, האָט זי כמעט זיך באַרויִקט. די פּלייצע אירע האָט זיך אויסגעגליכן. זי איז מיט אַ מאָל ווי גרויס געוואָרן. די באַוועגונגען אירע זענען ווידער געווען פרייע. אויך איר בליק איז געווען צוריק קלאָר. זי האָט באַדויערט גדעונען. ער האָט איר לייד געטאָן.

אין אַן אָוונט. אין קיך־עסצימער האָט געברענט דער לאָמפּ. די פענצטער זענען געווען אָפן. אַ קיל מילד נאַכט־ווינטל האָט יעדעס מאָל אַ ווייע געטאָן און זיך איבערשפּאַצירט איבערן צימער. תמר האָט אַראָפּגענומען די עס־כלים פון טיש. גדעון איז געזעסן ביים טיש מיט אַראָפּגעלאָזטע איבער די אויגן לעפּלעך, ווי ער זאָל דרימלען. ווי נאָר זי איז פאַרטיק געוואָרן איז זי צוגעגאַנגען און אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין אַקסל. ער האָט אַ ציטער געטאָן פון איבעררעשונג און פרייד. זי האָט דאָס שוין לאַנג נישט געטאָן. ער האָט אויסגעדרייט צו איר דעם קאָפּ און זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן. זי האָט אים געענטפערט מיט אַ בליק וואָס האָט אים אַדורכגענומען. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, איז שטיין געבליבן איר אַנטקעגן און אַ דערשטוינטער געוואָרט. זי האָט אָפּגעאָטעמט, זיך באַהערשט און אים אַ זאָג געטאָן: — גדעון — נאָר מער האָט זי נישט געקענט זאָגן. איר קול האָט געציטערט. איר האָט פאַרפעלט אָטעם.

ער האָט געקוקט אויף איר מיט גרויסע אויגן, אַ דערשיטערטער און דערשטוינטער.

זי האָט אַ זיפץ געטאָן און אָפּגעאָטעמט. אירע אַראָפּגעלאָזטע לעפּלעך איבער די אויגן זענען געווען בלוי. די נאָז־לעפּלעך אירע האָבן געפלאַטערט און זי האָט אים דאָך געזאָגט: — דאָס איז מיין גורל, דו מוזסט נישטליידן. — די עטלעכע ווערטער זענען איר ווי אַרויסגעפאַלן פון מויל.

פון דערשטוינונג זענען זיינע שוין גרויסע אויגן נאָך גרעסער געוואָרן. ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל. ער האָט געעפנט דאָס מויל ווי ער זאָל וועלן רעדן, נאָר אין דער זעלבער צייט האָט תמר אָנגעלענט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל און זיך צעהעשעט. זי האָט געוויינט אָן טרערן.

— וואָס ווילסטו? — האָט ער צאַרט זי אַ פרעג געטאָן.

— אַ גט — האָט זי אַ פליסטער געטאָן, ווי זי זאָל זיך געפינען אין אַ דעליריום.

גדעון האָט אַ שפּרונג געטאָן ווי ער זאָל פון איר אַוועקלויפן. ער איז שטיין געבליבן איר אַנטקעגן און מיט פאַרמרוזשעטע אויגן זי באַטראַכט. די וויִעס זיינע

האָבן געציטערט. ער האָט געזען נאָר איר סילועט. די שלייפן זיינע האָבן געהאַ־מערט. מיט אַ מאָל האָט ער אַ פאַרבייל געטאָן די פויסטן און האָט אַ רעווע געטאָן:
— ביין! ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביי די האָר, זי געצווונגען אויפהייבן דעם קאָפּ און זיך איינגעקוקט אין איר. אירע אויגן זענען געווען צו און זי האָט געוואָרפן מיטן קאָפּ, געוואָלט באַפרייען איר קאָפּ פון זיין האַנט. זי האָט מיט כוח אַרויסגעריסן איר קאָפּ און איז אַרויפגעפאַלן אויף אים און זיך צעיאָמערט, געסקאָמלעט ווי אַ פאַר־ווונדעטער הונט וואָס קען נישט רעדן. ער האָט געפינטלט מיט די אויגן אָן אומ־באַהאָלפענער. ער האָט זי אַרומגענומען און באַלד צוריק אָפּגעלאָזט. ער איז געווען פול פחד פון דעם וואָס זי פאַרלאַנגט און וואָס אים שטייט פאָר. ער האָט דערפילט די שטילקייט אַרום און זיין עלנט.

זי האָט זיך באַרויקט. אַ צייט איז איר קאָפּ געלעגן אויף אים ווי זי זאָל שלאָפן. זי האָט געוואָלט שרייען און נישט געקענט. מיט אַ מאָל האָט זי אַ זיפץ געטאָן. עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און שטיין געבליבן אים אַנטקעגן.

פאַר וואָס ווילסטו אַוועקגיין? ווו אַהין וועסטו גיין? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן שטיל, ווי ער זאָל די ווערטער אַדורכזייען דורך די ציין.

זי האָט געסאָפּעט און געשוויגן. ערשט שפּעטער האָט זי זיך צוזאַמענגענומען. זי האָט זיך אויסגעגליכן, זיך אָנגעלייגט אירע צעשויבערטע האָר און אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זיך אָפּטרייסלען פון איר אומבאַהאָלפנקייט. זי איז ווידער געווען תמר. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. דאָס איז ווידער געווען תמרס קוק און זי האָט אים אַ פרעג געטאָן ווי אַ מאַמע אַ זון, וואָס וויל זי נישט הערן:
— פאַר וואָס עקשנסטו זיך? — איר שטימע איז געווען דיק און ווייך פון דער־שיטערונג און געפיל.

ער האָט איר נישט געענטפערט און אויך נישט געקוקט אויף איר. ער האָט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ביין.

זי האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און אַריינגעשטעקט איר שפּיץ צונג צווישן די ליפּן און געאָטעמט ווי זי זאָל סאָפּען. מיט אַ מאָל האָט זי אים אַ פרעג געטאָן:
— מיר זענען דאָך דערוואַקסענע מענטשן. ווי עס זאָל נישט וויי טאָן מוז דער מענטש גיין זיין גורל אַנטקעגן. איך בין אַ געשטראָפטע, פאַר וואָס דאַרפסטו ליידן? — זי האָט גערעדט שטיל און פאַמעלעך. פון איין וואָרט ביז דעם אַנדערן האָט געדויערט. יעדעס וואָרט וואָס זי האָט אַרויסגערעדט האָט זיך אין איר איינ־געשניטן ווי אַ שאַרף אין אַ לייב.

ער האָט געקוקט אויף איר מיט גרויסע, שאַרפע, דערשטוינטע אויגן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ער זיך נישט אַזוי מצער איבער איר גורל, נאָר ווי אַזוי דאָס וועט זיין? וואָס וועט מען זאָגן? זי האָט עס אים נישט געזאָגט. זי האָט נישט געוואָלט אים וויי טאָן.

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויסגעשטרעקט דעם האַלדז ווי אַ דורש־טיקער ווען ער דערפילט וואַסער. ער האָט נישט געבעטן אַ טרונק. ער האָט זי

נאָר אַ פרעג געטאָן, ווי ער זאָל האָבן אַ סיקע געטאָן: — אַזוי שלעכט בין איך צו דיר?

זי האָט געוואָלט אים אַרומנעמען, זיך צוטוליען צו אים, אים קושן. זי האָט זיך געצווונגען און זיך נישט אַ ריר געטאָן פון אָרט. זי האָט אים נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, זי אַרומגענומען מיט כוח, ווי ער זאָל זי װעלן אַדורכברעכן. זי האָט צוגעמאַכט די אויגן, זיך אַ טרייסל געטאָן ווי אין קאַנוולסיע און אים אַ זאָג געטאָן: — סמדר וואַרט אויף דיר.

ער האָט זי אָפּגעלאָזט. זי איז ווי אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט. ער איז גע־שטאַנען מיט אַן אָפן מויל און אויפגעריסענע אויגן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ גולם. ער האָט זיך געשעמט פאַר איר. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ שטאַמל געטאָן, ווי ער זאָל זיך קרעקן מיט די ווערטער: — סמדר איז געווען — דו ביסט מיין פרוי. — ער האָט געוווסט, אַז ער זאָגט ליגן, נישט נאָר איר, נאָר אויך זיך. פון אויפרעגונג האָט ער געסאָפּעט ווי אַ בלאָזזאַק.

זי האָט זיך אָפּגערוקט פון אים און זיך אָנגעלענט אויף דער וואַנט. די קני אירע האָבן זיך געבראָכן אונטער איר. זי האָט זיך באַהערשט און מיט שטאָלץ אים אַ זאָג געטאָן: — מיר מוזן זיך פונאַנדערגיין!

ער האָט געעפנט דאָס מויל, געוואָלט כאַפּן אָטעם און אַ שטאַמל געטאָן: — וווּ אַהין וועסטו גיין? ווער וועט מיר פירן די ווירטשאַפט? — פון די רייד זיינע האָט זיך געפילט זאָרג און פחד.

זי האָט זיך אָפּגעריסן פון דער וואַנט און איז שטיין געבליבן ווי אַ סטאַטוע. אַ נערוו האָט נישט קיין ציטער געטאָן אין איר אויסגעצויגן פנים. זי האָט געפילט אויף זיין עלנט. איר האָט וויי געטאָן וואָס איר גדעון, גדעון דער מאַן, איז אַזוי אומבאַהאָלפן און דערנידעריקט. — איך וועל דיר פירן די ווירטשאַפט, נאָר ווינען וועלן מיר באַזונדער — האָט זי אים פאַרגעשלאָגן. זי האָט גערעדט פּאַמעלעך, יעדעס וואָרט באַזונדער, ווי זי זאָל זיי ציילן ער זאָל פאַרשטיין. יעדעס וואָרט וואָס זי האָט אַ זאָג געטאָן האָט פון ווייטאָג איר אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ.

ער האָט זיך איינגעקוקט אין רוים ווי ער זאָל עפּעס זוכן. די אויגן זיינע זענען געווען פאַרגלייזט. מיט אַ מאָל האָט ער זיי צוגעמאַכט, פאַרביילט די פויסטן און זיך אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ.

— גדעון — האָט זי צאַרט אים אַ זאָג געטאָן. איר קול האָט געציטערט פון אויפרעגונג. זי האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און אים צוגעפירט צום שלאָפצימער. זי האָט אים אַריינגעפירט און אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע ווי אַ מאַמע איר יינגל. זי האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער. אַלע זאַכן זענען געווען איר נאָענט און אויך שוין פרעמד. זי האָט פאַרביסן די ליפּן. זי איז אַרויסגעלאָפן פון צימער און אַרויס אויפן הויף.

די נאַכט־קילקייט האָט זי אָפּגעפרישט. זי האָט אָפּגעאָטעמט און זיך באַרויִקט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן הויף, ווי זי זאָל וועמען זוכן. עס איז געווען

פינצטער און שטיל. אַן אויסגעצויגענער מרוק פון אַ קו: „מווו" האָט זי אויפגע־טרייסלט. זי איז שנעל אַריין אין שטאַל. די דעמפּיקע שטאַל־וואַרעמקייט האָט פאַרכאַפּט איר אָטעם. זי האָט זיך אַרומגעקוקט און איבערגעלייגט זיך די הענט איבער די ברוסטן, ווי זי זאָל זיך אונטערהאַלטן ס'האַרץ. זי איז געשטאַנען און געקוקט ווי דאַנאַ, די רויטע, ווייס־געפּלעקטע קו לעקט איר יונג קעלבל וואָס זייגט זי. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן ווי אַ בוים וואָס מען זעגט אים אונטער און זיך צעוויינט אויפן קול.

אַ צעבראָכענע, אַ מידע איז זי מיט שווערע טריט, ווי זי זאָל שלעפּן די פיס, אַרויס פון שטאַל און איז אַוועק אין שטוב.

# כד

דער הימל איז גרוי און פאַרוואָלקנט. די לופט געדיכט. קאַלטע פון די בערג ווינטן געמען אַדורך. דער האַרבסט איז געענדיקט. תמר וווינט שוין סעפּאַראַט. פון זינט זי האָט זיך אַדורכגערעדט מיט גדעונען, אים צו וויסן געטאָן, אַז זי מוז זיך פון אים שיידן, זענען שוין אַדורך עטלעכע וואָכן.

גדעון שווייגט. ער, דער שטאַרקער, דרייסטער מאַן, איז מיט אַ מאָל ווי איינ־געשרומפּן געוואָרן. די אַקסלען זיינע זענען אַראָפּגעלאָזט. דער קאָפּ זיינער איז איבערגעבויגן, ווי ער זאָל אַראָפּקוקן. ער באַוועגט זיך פּאַמעלעך ווי אַ שאָטן. די ליפּן זיינע זענען כסדר אָפּגעלענט, ווי עס זאָל אים פעלן אָטעם. ער וויל רעדן און שווייגט. אַנומלט איז דאָס שווייגן געוואָרן אים דערווידער. ער איז שטיין געבליבן אין מיטן הויף מיט אַן אָפן מויל און געסאָפּעט. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אויס־געדרייט און איז אַוועק צו פּלוטאָסן. ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט. זייערע אויגן זענען געווען פייכט. אומעטיק. גדעון האָט אים אַ גלעט געטאָן זיין פייכטע מאָרדע און איז צוריק אַוועק. פּלוטאָסעס קאָפּ איז הענגען געבליבן ווי ער זאָל טרויערן צוזאַם מיט גדעונען.

גדעון, ווי נאָר ער האָט דערהערט תמרס טריט האָט אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן און איז אַוועק אין אַ זייט, ער זאָל זיך מיט איר נישט טרעפן. נאָר אָפט איז ער שטיין געבליבן אין אַ זייט און זי באַטראַכט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, וואָס האָבן געקענט אויסדריקן באַדויער פּונקט ווי כעס. זיין פּנים איז איינגע־שרומפּן, ווי קלענער געוואָרן פון ווייטאָג. אויף דער עטאַזשערקע, פאַררוקט אונ־טער די ביכער, שטייט ווידער אַ פלאַש קאָניאַק און ער האָט געזשליאָקעט פון איר.

עטלעכע מאָל איז ער אַריין אין דער שטאַל און אַן אַ פּאַרוואָס געגאַנגען פון איין קו צו דער אַנדערער, זיי געקלאַפּט אין די פּאַשלאַדקעס, זיי געגלעט איבער די העלדזער און איז צוריק אַוועק. נאָר טאָמער האָט אין צווישן אַ קו אַ מרוקע געטאָן, איז זיין אָנגעשטרענגט פּנים מילדער געוואָרן. איין מאָל איז ער אויך אַריין

אין דער הינערשטייג. די איבערגעשראָקענע, צעפּלאָשעטע הינער האָבן אַ צעפּיר געטאָן און אַ פּאָכע געטאָן מיט די פליגל און האָבן אַ פלי געטאָן אין דער הויך און צוריק זיך אַראָפּגעלאָזט, ווי זיי זאָלן זיין אַנגעצויגענע מאַריאָנעטן. אויך דאָ איז ער געשטאַנען אַ ווײַלע און איז צוריק אַרויס פון שטייג.

גאָר פּיינלעך זענען פאַר אים געווען די שעהן ווען ביידע זענען געווען אין שטוב. יעדער פון זיי וויל רעדן און ביידע שווייגן. ער האָט כסדר געפּרווּט לייענען די צייטונג און יעדעס מאָל זי אַוועקגעוואָרפן אומגעדולדיק. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער ווידער גענומען די צייטונג אין האַנט און אַ ביסל געלייענט. ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. אים האָט גענאָגט ביים האַרץ ווי ער זאָל זיין הונגעריק. פון מאָל צו מאָל איז ער אַוועק צום קילשאַנק און געכאַפּט אַ קיי אָדער אַ טרונק. יעדעס מאָל האָט ער אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן, געזוכט אָדער געזען תמרן. ווען ער האָט פאַרלוירן דאָס געדולד איז ער אַריין צו זיך אין צימער און זיך אויסגעצויגן אויף דער סאָפע.

זי האָט שטענדיק זיך געפּאָרעט, זיך פאַרטאָן ביי עפּעס זי זאָל נישט דאַרפן טראַכטן און נישט רעדן. זי איז געווען רויִק אָבער נאָר אויסערלעך. די נערוון אין איר פּנים האָבן כסדר געצוקט. זי האָט זיך געשראָקן פאַר דעם וואָס איר שטייט פאָר. נישט איין מאָל איז זי שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און אויפגעריסענע אויגן, זיך אַרומגעקוקט און איר האַרץ האָט געצאַפּלט. זי האָט שוין געפילט דעם אָנקומענדיקן אָפּשייד וואָס זי האָט פאַרגעשלאָגן און אַזוי נישט געוואָלט. זי האָט זיך געפּאָרעט ביז שפּעט. זי איז איצט געשלאָפן אין פאָטערס צימער. דאָס האָט זי געוואָלט דעם צימער. זי האָט געוווּסט, אַז גדעונען וועט זיין שווער צו שלאָפן אין פאָטערס צימער. זי האָט דאָס צימער געלאָזט אַזוי ווי עס איז געווען. זי האָט אַהין נאָר איבערגעפירט איר סאָפע.

זי האָט זיך געלייגט שלאָפן, נאָר יעדע נאַכט איז זי געלעגן מיט אָפענע אויגן ווי לאַנג. זי האָט נאַכט־נאַכט געפילט די ליידיקייט נעבן זיך אין דעם טונקעלן חלל איבער זיך. נישט איין מאָל האָט זי אין שלאָף אַרומגענומען גדעונען. ער האָט אַוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף איר ברוסט. זי האָט געוואָלט אים צודריקן צו זיך און זי האָט זיך איבערגעוועקט, געוואָרן וואַך. זי האָט געוואָלט אַ שריי טאָן „גדעון!" נאָר זי איז געלעגן ווי געליימט און געוויינט אָן טרערן.

איר איז שווער געווען טראַכטן. דער קאָפּ אירער איז געווען אויסגעהוילט. זי האָט זיך געשטיקט מיט איר פּיין און געבויגן אונטער איר לאַסט. אָפט האָט זי אין מיטן דער אַרבעט אַ זיפץ געטאָן: „אוי!" און זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי זי זאָל פאַרלירן איר גלייכגעוויכט. זי האָט אָבער איר גורל געטראָגן מיט שטאָלץ. אין דער צייט האָבן צוויי אַרבעטער רענאָווירט איר נייע וווינונג, דאָס אַלטע הייזל אין הויף. אויך דאָס איז געווען איר פאַרשלאָג. טעג האָט געדויערט ביז גדעון האָט מסכים געווען דערויף.

ער האָט אָפּגעזוכט אַן אַרבעטער און מיט אים אָפּגערעדט וואָס און ווי אַזוי ער זאָל מאַכן די אַרבעט, נאָר דאָס האָט ער געטאָן מיטן געדאַנק, אַז ער רעסטאַוו־

רירט די אַלטע הייזקע זי זאָל זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַ רויִנע און נישט אַז ער סטראָיעט אַ דירה פאַר תמרן. בשעת דער אַרבעט זענען ביידע, ער און תמר, טאָג־טאָג געגאַנגען זען וואָס די אַרבעטער האָבן היינט אָפּגעטאָן, נאָר ביידע האָבן מקפּיד געווען זיי זאָלן דאָרט זיך נישט טרעפן.

אַ צייט לאַנג איז די רענאָווירטע הייזקע געשטאַנען ליידיק. זי האָט אין די פאַרנאַכטן אויסגעזען ווי אַ פאַרלאָשענער לאַמטער. גדעון איז כסדר געקומען זי זען, זי אַרומגעגאַנגען, באַקוקט פון אַלע זייטן און אַ בליק געטאָן ווי זי זעט אויס אינעווייניק. דאָס אַלץ האָט ער געטאָן פון ווייטן, ווי ער זאָל מורא האָבן צוגיין צו דער הייזקע. נאָר ווען תמר האָט אָפּגעריינִיקט די לאַקירטע טירן, פענצטער, אויס־געוואַשן די פאָלן, האָט ער צומאַרגנס אויך אַרומגערייניקט דעם באָדן אַרום און האָט אַרומגעשניטן דעם פעפערבוים וואָס איז דאָרט געוואַקסן. ער האָט אויפגע־אַקערט צוויי בייטן ערד פון ביידע זייטן איינגאַנג און פאַרזעצט עטלעכע געראַ־ניום־קוסטעס. די הייזקע האָט אים געדינט ביז איצט אַלס שפּייכלער. מיט יאָרן צוריק, ווי נאָר יעקב איז אַרויף אויפן באָדן, איז דאָס געווען זייער וווינהויז. דאָס הייזל איז געווען אַ לאַנגע, שמאָלע געביידע מיט אַ שיפּן קאַרמיט־דאַך אונטער וועלכן עס האָט זיך געפונען אַ לאַנג צימער מיט צוויי פענצטער און אַ קליינער פּירקאַנטיקער קאָרידאָר, אַ שמאָל קיכל און אַ קליינע צעלע — דער טוש.

ביידע האָבן אָפּגעשטופּט די געשעעניש. איינער האָט נישט געזאָגט דעם אַנדערן אַז דאָס הייזל איז פאַרטיק. נאָר צוויי טעג נאָך דעם ווי אַלץ איז געווען פאַרטיק, האָט תמר אין אַן אָוונט איינגעפּאַקט אַ וואַליזקע מיט אירע זאַכן און זי אַוועקגעטראָגן אַהין. גדעון האָט געזען און געשוויגן. ווען זי איז צוריקגעקומען האָט ער איר אַ זאָג געטאָן מיט אַ הייזעריקער שטימע, אָן צו קוקן אויף איר: — נעם פון שטוב וואָס דו ווילסט! — ער האָט אַרויפגעלייגט די עלנבויגנס אויפן טיש און זיך אָנגעלענט אויף זיי. זיין קאָפּ איז ווי געבליבן הענגען.

זי האָט פון הינטער זיין פּלייצע אים געענטפערט: — שטעל אַריין וואָס דו ווילסט. — איר שטימע איז געווען אַן אויסגעצויגענע און האָט געציטערט. זי האָט נישט געקענט אים זאָגן „קויף מיר”. דאָס איז געווען זייער ערשטער שמועס נאָך אַ לענגערער צייט.

צו מאָרגן נאָך מיטאָג האָט גדעון אַוועקגעפירט מיטן טענדער אין קילהויז די נאָכמיטאָג־מילך און פון דאָרט גלייך אַוועקגעפאָרן קיין עפולה. ער איז צוריקגעקומען ביינאַכט. ער האָט נישט געוואָלט מענטשן זאָלן זען, אַז ער האָט געקויפט מעבל. אָבער מענטשן אין יניב האָבן דאָך געזען.

ווען ער איז אַריינגעפאָרן אין הויף און פאַרהאַלטן די מאַשין, האָט ער אַ רעווע געטאָן „תמר!” זי אַ רוף געטאָן ווי אים זאָל האָבן עפּעס געשען. אָן אויפ־געציטערטע איז תמר צוגעלאָפן צום פענצטער. דער טענדער איז שוין געפאָרן ווייטער. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט ער זי גערופן. עס האָט געדויערט ביז ער האָט אויפגעשלאָסן די טיר. די האַנט איז אים געווען פאַרשטייפט פון אויפ־רעגונג. ער האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט און שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע

הענט, ווי זיי זאָלן אים זיין איבעריק. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל עפּעס זוכן, און מיט שטײַפע פּיס, נישט אײַנבײַגנדיק די קני, געשטאָמפּעט איבער דער דירה, געקוקט. ווען ער איז צוריקגעקומען איז ער שטיין געבליבן אונטער דער לאָמפּן־שײַן. די שײַן האָט אים אַ בלענד געטאָן. ער האָט זיך אויסגעדרייט און זיך אַ פּאָרע געטאָן. דאָס ערשטע האָט ער אָנגעטאָן אויפן לעמפּל דעם געברענגטן אַבאַזשור.

ווען תמר איז אָנגעקומען האָט ער שוין געוואַרט. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און געשוויגן. „וואָס שטייסטו?" האָט זי אים אַ פרעג געטאָן. איר קול איז געווען ווייך. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן־לעפּלעך און איז אַרויס אין דרויסן. זי איז אים נאָכגעגאַנגען.

גדעון האָט אויף דער פּלייצע איבערגעטראָגן איין מעבל־שטיק נאָכן אַנדערן. זי איז אים נאָכגעגאַנגען און אונטערגעהאַלטן די משא עס זאָל אים זיין גרינגער. אויך איצט האָט זי געשוויגן, נאָר זי האָט אים אַזוי געפירט, אַז ער האָט יעדע זאַך אַוועקגעשטעלט דאָרט ווו זי האָט געוואָלט. ווען ער האָט געענדיקט האָט ער אַ קוק געטאָן אויף איר און איז שטיין געבליבן אומבאַהאָלפן. ער האָט געוואַרט זי זאָל אים עפּעס זאָגן. זי האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף אים ווי די זאַך ווירקט אויף אים. ביי ביידע זענען די אויגן־לעפּלעך געווען פאַרשוויצט. פון איבערראַשונג האָט ער מיט דער שפּיץ צונג זיך געווישט די ליפּן וואָס זענען געווען פאַרטריקנט. ער האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל איר זאָגן. ביידע האָבן זיך פאַרלוירן. זיי האָבן געהאַט אַזוי פיל זיך צו זאָגן און דאָך געשוויגן. — „דאָס איז אַלץ. די רעשט נויטיקע זאַכן זענען פאַראַן ביי אונדז אין שטוב — האָט ער סוף־סוף איר אַ זאָג געטאָן. זיין שטימע איז געווען הייזעריק פון כעס. ער האָט זיך געכעסט אויף זיך אַליין און איז אַרויס פון שטוב אָן אַ „שלום", ווי עס זאָל זיין ביי זיך אין שטוב.

תמר איז שטיין געבליבן מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז. זי האָט געוואָלט אים אַ רוף טאָן ער זאָל זיך אומקערן, כאָטש זי האָט געהערט, אַז ער פאָרט שוין אַוועק. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אויסגעדרייט און אַרומגעקוקט זיך איבערן צימער. זי האָט אָנגעקוקט די אויף קרעם געקאַלכטע ווענט (דאָס האָט גדעון געהייסן אַזוי קאַלכן די ווענט, ווייל קרעם איז געווען איר באַליבטסטער קאָליר). די צוויי־טיריקע שאַנק, דעם טיש מיט די צוויי בענקלעך און די טעאַזשערקע וואָס ער האָט געברענגט.

נישט נאָר די שאַנק מיט דער טעאַזשערקע זענען געווען ליידיק. אויך דאָס צימער האָט ביי איר אין די אויגן אויסגעזען ליידיק. זי האָט דערפילט די ליידיקייט, ווי זי זאָל איר ליגן אויף די אַקסלען. זי איז געווען אומבאַהאָלפן, אַזוי ווי אין דער צייט ווען אירע עלטערן זענען געשטאָרבן און זי האָט געדאַרפט גיין וווינען צו דער מומע אין טבריה. זי האָט אַ שפּאַן געטאָן און איז שטיין געבליבן אין דער אויפגעפּראַלטער טיר, וואָס זי האָט געעפנט. זי האָט מורא געהאַט פאַר דער ליידיקייט אין שטוב. זי האָט זיך איינגעקוקט אין דער פינצטער וואָס די בלאַסע ליכטשיין פון שטוב האָט באַלויכטן.

זי האָט זיך איבערגענומען מיר איר מצב. זי האָט זיך דערשראָקן פאַר איר באַשלוס. זי האָט צוריק צוגעמאַכט די טיר און מיט אַ פּאַמעלעכן און שלאַבעריקן טראָט צוריק אַריין אין שטוב. זי איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. זי האָט מורא געהאַט זיך אומקוקן. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט און אין זיי אַריינגעלייגט איר קאָפּ. זי איז געשטאַנען און געהערט איר בלוט־פּולס און די שטילקייט וואָס האָט איר געקלונגען אין די אויערן. פון שרעק האָט זי אַ שפּאַן געטאָן און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער סאָפע. זי האָט זיך געטרייסלט ווי אין אַ קאָנוווּלסיע, געוויינט.

באַגינען האָט זי זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ שווערן חלום. זי איז די גאַנצע נאַכט געלעגן אין די בגדים. דאָס ליכט האָט געברענט. זי האָט נישט געוווּסט צי זי איז געשלאָפן, געדרימלט צי וואַך געווען. זי האָט שנעל זיך אָפּגעפונען אין איר מצב. זי איז אַראָפּ פון דער סאָפע און אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זיך אָפּשאָקלען. זי האָט שנעל זיך אַרומגעוואַשן און דרייסט אַוועק צו גדעונען.

אויסערלעך האָט זיך ביי זיי גאָרנישט געענדערט. זי פּירט ווייטער די שטוב־ווירטשאַפט, באַזאָרגט די הינער, קאָכט, באַקט, פאַרזאָרגט גדעונען, נאָר זי דער־לאַנגט אים נישט ווי פריִער דאָס העמד. זי הענגט עס נאָר אַרויס. דאָס זעלבע מיט די הויזן ווען זי וויל ער זאָל זיי בייטן. זיי עסן צוזאַם ביי איין טיש, נאָר ביידע זענען זיי קאַרג אין אַ וואָרט. ווען זיי רעדן שוין יאָ איז עס אָפּגעהאַקטע זאַצן. יעדן שמועס זייערן באַמיִען זיי צו פאַרוואַנדלען אין אַ שפּאַס, ווילן פאַרהוילן די צעטומלטקייט זייערע.

אין אַ שבת אין דער פרי האָט גדעון אַ נעם געטאָן אין האַנט דאָס העמד וואָס זי האָט אים צוגעגרייט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן קאָלנער. זי, וואָס האָט נאָכגעקוקט נאָך יעדע זיינע באַוועגונג, האָט אַ שפּאַס געטאָן:

— וואָס קענסטו שוין פאַרלאַנגען פון אַ געדונגענער פרוי?"

— דו האָסט עס אַזוי געוואָלט! — האָט ער איר אָפּגעענטפערט.

— נישט קיין אומגליק, פאַראַן אַנדערע — האָט זי אים אַ שטאָכעליר געטאָן.

— וואָס דען — האָט ער זיך מיט איר אַ רייץ געטאָן. ער האָט נישט געוווּסט צי זי מיינט סמדרן צי בכלל אַנדערע פרויען. זי האָט געשפּאַסט מיט אים, נאָר איר פנים איז געווען גרין.

ביים פרישטיק האָט ער זיך פאַרקרימט ביים סאַלאַט.

— נישט געשמאַק? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַז יאָ.

— איך באַמי מיך — האָט זי ווידער אים געזאָגט.

— נאָך ווי — האָט ער איר אָפּגעענטפערט.

— נישט מיין שולד — האָט זי אַ זאָג געטאָן און שטיל אַ זיפץ געטאָן.

ער האָט מיט די פינגער נערוועז אַ באַמבל געטאָן אויפן טיש. זי איז אויפ־געשטאַנען פון טיש, געוואָלט גיין אין שלאָפצימער נאָר באַלד האָט זי זיך דער־

מאָנט, אַז דאָס איז שוין נישט איר שלאָפּצימער און זי איז אַרויס אויפן הויף. איצט האָט זי דאָס צימער נאָר געררוימט.

יעדעס מאָל, ווען זי האָט געדאַרפט גיין צו זיך אין שטוב, איז זי געגאַנגען פּאַמעלעך, ווי אָן חשק, און זיך אומגעקוקט צי עס קוקט איר ווער נאָך. זי איז נישט געקומען צו קיינעם, אַפילו נישט צו אורהן. זי האָט איצט זיך געפילט ביי אורהן אין שטוב נישט באַקוועם. אורה האָט זי באַדויערט און מורא געהאַט טאָמער איז זי איר מקנא.

תמר איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן געשטעלטער. זי האָט זיך צוגעוווינט צו איר לאַגע. זי האָט געוווּסט אַז מענטשן רעדן, זענען נייגעריק. יעדעס מאָל ווען זי איז געגאַנגען אין קאָנסום־הויז איינקויפן, איז זי געגאַנגען מיטן קאָפּ אַרויף, ווי גאָרנישט זאָל זי אָנגיין. זי האָט יעדער געטראָפענער פרוי גוטמוטיק געענטפערט אויף איר באַגריסונג און געגאַנגען ווייטער. די ווייבער האָבן איר נאָכגעקוקט, זי באַטראַכט פון דער זייט. זי האָט נישט געלייגט קיין אַכט. נישט איין פרוי האָט געוואָלט מיט איר פאַרפירן אַ שמועס, נאָר קיינע פון זיי האָט נישט געוואַגט. ווען זי איז פאַרבייגעגאַנגען צוויי פרויען האָט איינע באַלד אַ פרעג געטאָן די צווייטע שטיל, זי זאָל נישט הערן — וואָס איז מיט איר?.

די מענטשן אין יניב האָבן זיך אָנגעשטויסן און געפרוווט טרעפן, נאָר נישט פאַרשטאַנען וואָס ביי זיי געשעט. זיי האָבן געזען ווען גדעון האָט געסטראָיעט דאָס הייזל, ווען ער האָט געברענגט דאָס מעבל. אַ סך מענטשן האָבן זי געזען גיין און קומען פון איר איצטיקער וווינונג. געוווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך פאַר־גנבעט הינטערן פּלויט אַ קוק טאָן וואָס עס קומט דאָרט פאָר. קיינעם פון זיי האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל, אַז דאָס קען פּאַסירן אין יניב. זיי האָבן געוווּסט, אַז מען האָט חתונה, אַז מען קען זיך אויך גטן, נאָר אַז אַ פאָרפאָלק זאָל לעבן אָפּגעזונדערט, דאָס האָבן זיי נישט באַגריפן. זיי האָבן געוווּסט, אַז אין די שטעט קומען פאָר אַזעלכע זאַכן, נאָר אַז דאָס זאָל געשען אין יניב האָבן זיי זיך נישט פאָרגעשטעלט.

די איינציקע וואָס איז צו זיי געקומען איז געווען דינה. זי איז געקומען אין מיטן טאָג ווען גדעון איז געווען ביי דער אַרבעט. זי האָט יעדעס מאָל זיך אַריינ־געכאַפּט אַ קוק טאָן וואָס עס הערט זיך ביי זיי. זי האָט לאַנג זיך נישט געזוימט ביי זיי. זי איז שטענדיק אַריין צו תמרן פּאַמעלעך, מיט פאַרלייגטע הענט איבערן בויך, ווי זי זאָל זיין די בעל־הביתטע דאָ. זי האָט שנעל אַ זאָג געטאָן תמרן „שלום", כמעט יעדעס מאָל זיך אַ פאַרלייג געטאָן אירע גרויע האָר אונטער די אויערן זי זאָל בעסער הערן. אירע ברוינע אויגן האָבן שנעל זיך אַ באַוועג געטאָן, געקוקט און זי אַ פרעג געטאָן: — תמר, וואָס הערט זיך? געררוימט די וווינונג? — אָדער איר אַ זאָג געטאָן — עס שמעקט, קאָכסט פיש? גדעון האָט ליב שטאַרק געפעפערט — האָט זי אַ דערמאָן געטאָן. אַ מאָל ווען זי האָט געטראָפן זי פרעסן העמדער, האָט זי אַ פרעג געטאָן: — האָסט געוואַשן וועש? גדעון פאַרטראָגט נישט אַ פאַרפרעסטן קנייטש.

תמר האָט איר נישט געענטפערט נאָר צוגעשאָקלט איר מיטן קאָפּ, אָבער דינה האָט זי נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט איר שמועס געצויגן. זי האָט אַזוי גערעדט, אַז תמר האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וויל וויסן וואָס וועט זיין ווייטער. תמר לײדט זי איצט נישט. זי פילט צו איר אַן אָפּשיי. זי פילט אַז אין דער פרוי איז פאַראַן איצט רשעות. זי פילט עס אַרויס פון אירע רייד.

דעם טאָג איז געפאַלן אַ דינער, שיטערער רעגן. דינה איז אַריין אין שטוב ווי יעדעס מאָל. זי האָט שטיל, ווי צווישן די ציין, אַ זאָג געטאָן „שלום" און פונאַנדערגעקנעפּלט איר קורטקע. זי האָט צוגעגלעט זיך די נאַסע האָר און ווידער אַ מאָל זיך אַרומגעקוקט איבערן קיך־עסצימער. תמר האָט געגרייט מיטאָג. זי האָט געשיילט קאַרטאָפל. — וואָס קאָכסטו היינט ? — האָט דינה זי אַ פרעג געטאָן און נישט וואַרטנדיק אויף אַ תשובה ממשיך געווען — פאַראַן אין קאָנסום־הויז פרישע טונע. גדעון עסט גערן קאָטלעטן פון טונע — אויך איצט האָט תמר נאָר אַ שאָקל געטאָן איר מיטן קאָפּ.

אַ ווײַלע האָט דינה געשוויגן. אין שטוב איז געווען שטיל. מיט אַ מאָל האָט דינה אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער: — מענטשן האָבן מײַלער, רעדן אויס ! — און זי האָט אַ קוק געטאָן צי גדעון איז נישט אונטערגעקומען און געהערט וואָס זי האָט געזאָגט.

תמרס האַרץ האָט זיך פאַרקראַמפּט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דינהן, זי אַדורכגענומען מיטן בליק. זי האָט איבערגעריסן איר אַרבעט און גענומען זיך פאַרען ביי די טעפּ וואָס האָבן געקאָכט. זי האָט נישט געוואָלט זען דינהס פּרצוף. דינה איז אָבער איר נאָכגעגאַנגען מיט אַ דריבנעם טראָט און ממשיך געווען : — נישט גוט אַז מענטשן באַרעדן. מען דאַרף זיך אויסהיטן. — זי האָט גערעדט פּאַמעלעך און באַטאָנט יעדעס וואָרט. תמר האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, דינה האָט ווייטער גערעדט : — דאַרפסט זיך צוזאַמענעמען, זיך באַהערשן, עס זענען שוין געשען אַזעלכע זאַכן. אַזוי קען עס דאָך נישט בלייבן. אַ שאָד דיינע יונגע יאָרן. — נאָך יעדן וואָרט וואָס זי האָט אַרויסגעזאָגט האָבן אירע ליפּן ווי אַ פיף געטאָן, ווי זי זאָל שלייפן די צונג אויף די ציין.

דאָס מאָל האָט תמר איר אָפּגעענטפערט : — איך בין שוין דערוואַקסן און ווייס וואָס איך האָב צו טאָן. איך וועל זיך ביי קיינעם נישט לערנען !

דינה האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט און אַ זאָג געטאָן : — זיך פאַררעדט, די אַרבעט וואַרט אויף מיר. שלום ! — און זי איז אַוועק פון שטוב.

תמר האָט אָנגעלענט אויף דער וואַנט אירע עלנבויגנס און האָט דעם קאָפּ אַריינגעלייגט אין די אונטערגעשטעלטע הענט.

# כה

אויך מיט גדעונען האָט דינה כסדר גערעדט, אָבער נישט דעמאָלט ווען זי איז געקומען צו תמרן. זי האָט אים אָפּגעוואָרט אין דרויסן בגניבה, אַז תמר אָדער מענטשן זאָל זי נישט זען.

אין איינעם פון די טעג האָט דינה זיך געמיטן אין וועג מיט תמרן. דינה האָט נאָך אַ מאָל זיך אומגעקוקט צי תמר האָט זי נישט געזען און זי איז אַוועק צו גדעונען. זי איז שנעל אַוועק אין שטאַל. — שלום, גדעון! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן. די וואַרעמקייט אין שטאַל האָט זי אַרומגענומען. גדעון האָט אונטערגעשפּרייט פריש שטרוי אונטער די קי. — וואָס הערט זיך? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן. ער האָט איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — דו אַרבעטסט אַ סך, זי העלפט דיר? — האָט זי אים געפרעגט. ער האָט אויף איר בייז אַ קוק געטאָן פון אונטער דעם שטערן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס מיינט ער „מיש דיך נישט". נאָר זי האָט דערמיט זיך נישט איבערגענומען. זי האָט געוואָלט אירס דערגרייכן און אים אַ פרעג געטאָן: — וואָס וועט זיין דער סוף? דו מוזט דאָך אַ טראַכט טאָן וועגן תכלית. די יאָרן גייען. האָסט געמאַכט אַ שריט אין לעבן, נאָר בלייב נישט שטיין, גיי ווייטער! דו מוזט האָבן אַ ווייב און ווערן אַ טאַטע. דאָס ביסטו שולדיק דיין טאַטן... — זי האָט גערעדט שנעל, מורא געהאַט אַז ער וועט זי אָפּשטעלן און עס קען איר פאַרפעלן מוט.

בשעת זי האָט גערעדט האָט גדעון איבערגעריסן די אַרבעט. ער איז שטיין געבליבן מיטן גאָפּל אין האַנט און זי אויסגעהערט. ווען זי האָט געענדיקט האָט ער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און מיט כעס איר אַ זאָג געטאָן: — איך בין נישט דיין זון!

זי איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל ווי אַ פיש אויף דער יבשה. עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם. אירע אויגן זענען געווען גלייזיק, נאָר מיט אַ מאָל האָט זי אים אַ זאָג געטאָן מיט כעס:

— יעקבס זון טאָר נישט פירן אַ הפקר־לעבן!

ער האָט זי אָנגעקוקט אַ דערשטוינטער.

זי האָט געוואָלט, אַז אירע רייד זאָלן זיין די טראָפּנס וואַסער וואָס קרישלען דעם שטיין און זי האָט שטיל, ווי זי זאָל אים מפייס זיין, אַ פרעג געטאָן:

— אפשר פאָרסטו צו סמדרן?

זיינע אויגן זענען געוואָרן שטאַר, זיין פּנים אַ מאַסקע, נאָר אַ נערוו האָט געציטערט אונטער זיין לינק אויג.

— זיי געזונט! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און איז אַרויס פון שטאַל.

אַ צייט לאַנג איז גדעון געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער, נישט מסוגל געווען זיך אומקערן צו זיין אַרבעט.

אויך נתן איז פון מאָל צו מאָל צו זיי געקומען אין די שפּעטע אָוונט־שעהן.

אַנומלט, די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. נתן איז געגאַנגען שנעל. אַ שאַרפער ווינט האָט געשמיסן זיין פּנים. אַ מעת־לעת ווי עס האָט שוין נישט גערעגנט. ווי יעדעס מאָל האָט אויך איצט נתן אַ פייף געטאָן צווישן די ציין, אַנגעזאָגט גדעונען, אַז ער קומט. גדעון האָט אויפגעפּראַלט די טיר און אים אַ צי געטאָן ביי דער האַנט, אים ווי אַריינגעשלעפּט אין שטוב. — איך בין דאָ — האָט נתן שפּאַסיק אים אַ זאָג געטאָן אָן צו זאָגן אים „שלום".

אַ ווײַלע זענען ביידע געשטאַנען זיך אַנטקעגן, ווי זיי זאָלן זיך באַטראַכטן.

— זעץ זיך! — האָט גדעון אים אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק. ער האָט זיך אַ פּאָרע געטאָן ביים קיך־שענקל. נתן האָט זיך אַפּירגערוקט אַ בענקל, זיך אַוועקגע־זעצט און אַרומגעקוקט צי אין קיך־עסצימער איז אַלץ ווי געווען. אין צימער האָט געברענט נאָר איין לעמפּל; די שיין פון דער ליכט איז געווען אַ גרינע. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס צימער איז ליידיק.

גדעון איז צוריקגעקומען און געברענגט אַ פלאַש קאָניאַק און צוויי גלעזלעך. ער האָט אָנגעגאָסן די גלעזלעך און זיך אַוועקגעזעצט. — מען דאַרף זיך דערוואַ־רעמען — האָט ער אַ זאָג געטאָן אָן אַ קוק צו טאָן אויף נתנען.

— אַ קרירה אין דרויסן — האָט נתן אים אונטערגעהאַלטן.

— יאָ! לאָמיר טרינקען לחיים! — האָט גדעון אים געענטפערט און מיט איין לאַנגן שלונג אויסגעטרונקען זיין גלעזל. ערשט איצט האָט נתן אים געענטפערט: — לחיים! — און אָפּגעטרונקען פון זיין גלעזל.

— עס איז קאַלט אויך אויף דער נשמה — האָט גדעון אים געזאָגט.

נתן האָט אַ טראַכט געטאָן וואָס ער זאָל אים ענטפערן, עס זאָל אים נישט ווײ טאָן, און האָט אים אַ זאָג געטאָן מיט איראָניע: — טרינקט מען נאָך אַ גלעזל!

— ווען דאָס זאָל העלפן — האָט גדעון זיך אַ קלאָג געטאָן.

— וואָס דו ווילסט זיך אַליין נישט טאָן וועט קיינער דיר נישט טאָן — האָט נתן אים געענטפערט.

גדעון האָט זיך געפילט געטראָפן פון נתנס באַמערקונג און האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— איך בויטיק זיך נישט אין הילף. איך האָב געזונטע הענט.

נתן האָט אַ זופּ געטאָן פון גלעזל און אַ קוק געטאָן אויף אים צי ער איז אין כעס און אים אַ זאָג געטאָן „יאָ", נאָר מער האָט ער שוין נישט געזאָגט.

די שטילקייט אין שטוב איז געוואָרן אומהיימלעך. איבער דער שטוב האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ קילקייט, ווי די פייכטקייט זאָל האָבן אַריינגעדרונגען אין שטוב. — נישט שטענדיק איז דער מענטש אַ בעל־הבית איבער זיינע געפילן און מחשבות — האָט ערשט איצט גדעון געענטפערט אים אויף זיין „יאָ!" ער האָט געוווּסט וואָס נתן האָט געמיינט מיט דעם איינציקן וואָרט „יאָ".

נתן האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אים געענטפערט: — דער מענטש איז נישט קיין גיבור אָבער ער מוז דעם גורל גיין אַנטקעגן.

גדעון האָט פאַרביסן די ליפּן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער געזאָגט ווי צו זיך:

— נישט געדאַרפט זיין אַ חכם. ביסט געבוירן אין דאָרף, לעב אויף דיין ערד ווי די רעשט יידן אין יניב. — ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, מיט ווייטיק. ער האָט זיך איינגעבראָכן.

פון אויפרעגונג האָט נתן אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז. אים האָט פאַרדראָסן וואָס ער איז געווען דער גורם דערצו. אַ צייט האָבןביידע געשוויגן און יעדער האָט געקוקט אין אַן אַנדערער זייט. — פּאַה! — האָט גדעון אַ הוקע געטאָן און דערמיט זיך באַפרייט פון זיין מרה־שחורה. נתן האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. גדעון האָט אַ נעם געטאָן ס'פלעשל אין האַנט און מיט די אויגן אים אַ פרעג געטאָן צי ער זאָל אים אַריינגיסן. נתן האָט מיט אַ פינגער אים אַ ווייז געטאָן אַז ער האָט נישט אויסגעטרונקען דאָס גלעזל. גדעון האָט זיך אַריינגעגאָסן נאָך אַ גלעזל און נאָר אָפּגעטרונקען דערפון: — ווען דאַרף זיך ביי דיר קעלבן די קו? — האָט גדעון אים אַ פרעג געטאָן. ער האָט געוואָלט ענדערן די טעמע פון געשפּרעך.

— לויט מיין רעכענונג אין צוויי וואָכן אַרום — האָט נתן אים געענטפערט.

— וועסט עס איבערלאָזן? — האָט גדעון געפרעגט אים.

— אפשר וועט עס זיין אַ ביקל, וואָס שוין אַריינטראַכטן — האָט נתן אים געענטפערט.

— אַפילו אַ קעלבל אויך כדאי פאַרקויפן — היינט אַ שטאָל איז נישט אַ שטאָל אַמאָל — האָט גדעון זיך אַ קלאָג געטאָן.

— גדעון, זינדיק נישט. מיר מאַכן אַ לעבן דערפון — האָט נתן אים אויס־גערעדט.

גדעון האָט אַ זופּ געטאָן פון גלעזל, נתן אויך. — איך קלויב זיך פאָרן אין כפר מרום, געהערט אַז דאָרט האָדעווען זיי קעלבער אויף פלייש. אפשר כדאי עס טאָן? — האָט נתן זיך אַ פרעג געטאָן.

— אייל זיך נישט. פאַראַן געגנוג זאַכן וואָס האָבן זיך נישט איינגעגעבן. וויפל האָבן יידן פאַרלוירן ביי האָדעווען געגנדז? — האָט גדעון אים אַ פרעג געטאָן.

נתן האָט אַ טרייסל געטאָן דעם קאָפּ אַז ער איז נישט מסכים.

— און וויפל האָבן יידן פאַרלוירן ביי ציכטן באַנאַנעס? — האָט גדעון אים געפרעגט, געוואָלט איבערצייגן, אַז ער איז גערעכט.

— גוט! אָבער באַנאַנעס וואַקסן יאָ — האָט נתן אים אַנטקעגנגערעדט.

— טו ווי דו פאַרשטייסט — האָט גדעון באַשלאָסן און אויסגעטרונקען זיין גלעזל ביזן סוף. אַ צייט לאַנג האָבן זיי געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט גדעון אַ זאָג געטאָן: — איך האָב איצט נישט קיין קאָפּ צו גאָר — ווי ער זאָל זיך פאַרענטפערן.

— פאָל נישט איבער די הענט — האָט נתן אים געמוטיקט און אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. — אָ, שפּעט! מען דאַרף גיין, מאָרגן ווידער אַ טאָג פון אַרבעט — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט. ער האָט נישט געוואָלט זיך פאַר־פלאָנטערן אין אַ געשפּרעך מיט גדעונען איבער זיין מצב. ער איז געווען זיכער, אַז גדעון איז דאָס אויסן.

— זיי געזונט! גריס אורהן! — האָט גדעון אים אַ זאָג געטאָן שוין נאָכגייענ־

דיק אים. ווען זיי זענען אַרויס פון הויף האָט נתן אים אַ זאָג געטאָן — אַ גוטע נאַכט — און איז אַוועק.

— אַ גוטע נאַכט! — האָט גדעון קוים באַוויזן אים אַ זאָג טאָן און איז אַוועק אין שטאַל אַ קוק טאָן צי אַלץ איז אין אָרדענונג.

אויף תמרן האָט נתן געטראָפן אויפן הויף עטלעכע מאָל. זיי האָבן זיך געזאָגט נאָר „שלום". איינער האָט דעם אַנדערן אַ פרעג געטאָן ווי עס גייט אים און יעדער איז זיך געגאַנגען זיין וועג. ביידע האָבן נישט געוואָלט געבן גדעונען אַ געלעגנהייט איבערצוקלערן. נתן האָט אויך נישט געוואָלט מיט תמרן פאַרפירן אַ שמועס, אפשר וועט זי זיך פאַר אים קלאָגן און אפשר גאָר אויסרעדן אויף גדעונען. ער האָט אָבער באַוווּנדערט איר האַלטן זיך. זי האָט טאַקע געהאַט אונטערגעהאַקטע אויגן און איר פּנים האָט איצט נישט אַ שמייכל געטאָן, נאָר זי איז געגאַנגען שטראַם, דעם קאָפּ אַרויף. ער האָט נישט געקענט איר קוקן אין די אויגן. ער האָט זי באַדויערט, אים האָט ווי געטאָן איר טראַגעדיע. אויך אים האָט געמאַטערט די מחשבה וואָס וועט זיין ווייטער? ער האָט יעדעס מאָל איינגעביסן די אונטערשטע ליפּ און געגאַנגען ווייטער.

אין אַ דאָנערשטיק פאַר מיטאָג, די מילדע ווינטער־זון האָט געגלעט אַלץ. זי האָט אַפילו געפּרוּווט אַפּירקריכן פון אונטער אַ וואָלקן. נתן, אין די אַרבעט־בגדים, איז אַרויס פון קאָנסום־הויז מיט אַ צונויפגעלייגטן שטריק אין האַנט, וואָס ער האָט געקויפט. תמר, מיטן קיישל אין האַנט, איז אים אַנטקעגנגעקומען. זיי האָבן נישט געקענט זיך אויסמיידן. — שלום נתן! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און איז שטיין געבליבן.

— שלום תמר! — האָט ער איר געענטפערט און איז שטיין געבליבן מיט איר. ער האָט זיך געצווּנגען און אַ שמייכל געטאָן. ער איז נישט געווען צופרידן פון דער באַגעגעניש, דערצו נאָך אונטער אַלעמענס אויגן.

— וואָס מאַכט אורה און דער קליינער — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן.

— קום צו גיין, וועסטו זען — האָט ער איר אָפּגעענטפערט ווי אָפּצוקומען.

— עס קומט נישט אויס — האָט זי אַ שטאַמל געטאָן, נאָר באַלד האָט זי אים אַ זאָג געטאָן — איך וויל נישט זיין אַן אָנגעוואָרפענער גאַסט. איך וויל נישט קיין רחמנות. איך לעב איבער אָבער כ'וועל נישט אונטערגיין. — זי האָט גערעדט פאַמעלעך, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט. זי אַליין האָט זיך צוגעהערט צו אירע רייד. זיי האָבן באַשטעטיקט אירע גערדאַנקען פון אַ סך טעג.

נתנס שטרענג פּנים איז מילד געוואָרן. זי האָט אים לייד געטאָן. ער וואָלט איר געהאָלפן, נאָר נישט געוווּסט ווי אַזוי. — קום צו גיין, נישט דאָ איז דאָס אָרט זיך אַדורכשמועסן — האָט ער איר פאַרגעשלאָגן. זי, פון איר זייט, האָט געפילט, אַז ער וויל וואָס שנעלער פאַרענדיקן זייער שמועס. זי האָט געזען ווי ער קוקט כסדר ווער עס זעט זיי. — גיב איבער אַ גרוס אורהן — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן.

— אַ דאַנק, נאָר קום צו גיין — האָט ער זי געבעטן.

— שלום! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און געגאַנגען ווייטער. ער האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַוועק אַהיים.

די גאַנצע צייט וואָס זיי האָבן גערעדט האָט ער זי באַטראַכט פון דער זייט. זי איז געווען באַחנט, שענער ווי ווען זי איז געקומען נאָך יניב. ער איז געגאַנגען און נאָכגעטראַכט. ביידע מאַטערן זיי זיך, ווי וועט דאָס זיך ענדיקן? און ווי אַזוי? גדעון, דער קרעפּטיקער מאַן, וועט זיך אָפּזוכן אַ פרוי, וואָס וועט זי טאָן אַ פרוי אַליין? ווּ וועט זי זיך אַהין טאָן? גיין אַרבעטן צו יענעם? ווי וועט זי איבער־טראָגן איר בושה און עגמת־נפש? אָן אויפגערעגטער האָט ער גענומען גיין שנעלער. ווען ער איז אָפּגעגאַנגען אַ היפּש שטיקל וועג האָט ער צוריק פאַרקלע־נערט זיינע טריט. ער האָט געטראַכט ווייטער: גדעון וועט זי זיכער נישט אַרויס־לאָזן מיט ליידיקע הענט, נאָר ווי אַזוי וועט זי זיך איינאָרדענען? ער האָט אַ קוק געטאָן אין דער הויך. אַ העלער נאָר געדיכטער וואָלקן האָט זיך פאַרצויגן איבערן הימל. ער האָט ווידער פאַרשנעלערט זיין שריט. אַ צייט שפּעטער איז ער שטיין געבליבן און איבערגעלייגט די אונטערשטע ליפּ איבער דער אויבערשטער. אַ ווײַלע האָט ער זיך איבערגעלייגט. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן: — יאָ! — אויפן קול און גענומען גיין שנעל.

ער איז געגאַנגען אַ פאַרטראַכטער. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן: — דאָס איז דער אויסוועג. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער ווי אַ ברום געטאָן — שאול!

ער איז שוין נישט געגאַנגען אַהיים, נאָר צו שאולן. ער האָט דערזען שאולן אין הויף. שאול איז געגאַנגען מיט אַ פולן זאַק אויף דער פּלייצע. ווען נתן איז אַדורכגעגאַנגען שאולס פאַרטקע איז שאול שוין צוריקגעגאַנגען פון שפּייכלער אָן דעם זאַק. — שלום נתן! — האָט שאול אים באַגריסט אויפן קול.

— שלום וברכה — האָט נתן אים געענטפערט.

— וועלכע מלאָכים האָבן דיך אַהערגעבראַכט אין מיטן טאָג — האָט שאול זיך געוווּנדערט.

— כ׳בין געקומען זען צי איציק, דיין שכן, איז אין שטוב — האָט נתן געפונען אַ תירוץ.

שאול, אַ הויכער, קאָרפּולענטער מאַן מיט שטאַרקע און אויסגעאַרבעטע הענט, פליישיקן קאָפּ און לענגלעך פּנים, וואָס האָט געהאַט אַ קאַנטיקע גאָמבע וואָס האָט צוגעגעבן זיין אויסזען האַרטקייט. דערפאַר האָבן זיינע גרויע אויגן געקוקט גוט־מוטיק. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַן אָנגעלאָדנטן וואָגן מיט זעק פאַשע און ליידיקע מילך־קאַנען. אין וואָגן איז געווען איינגעשפּאַנט אַ שוואַרץ מוילאייזל. נתן האָט זיך אַרויפגערוקט זיין לייוונטענעם קאַפּעליוש, שאול זיין קאַשקעט, ווי איינער זאָל וועלן אָנקוקן דעם אַנדערן. נתן האָט זיך אַוועקגעשטעלט אים אַנטקעגן פון דער זייט און אַ פרעג געטאָן: — וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכט די טאָכטער? אַנומלט האָב איך זי געזען. שוין אַ פריילין — האָט נתן זי אַ רים געטאָן.

— נאָך אַ ביסל וועט זי זיין ראויה לחופּה — האָט שאול אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל און אַ קוק געטאָן אויף נתנען מיט איין אויג.

— ווי האַדעווען זיך דיינע שעפּסן? — האָט נתן אים אַ פרעג געטאָן. שאול איז געווען דער פּערטער דור אין לאַנד. זורח, זיין פאָטער, האָט געשטאַמט פון טבריה. שאול האָט שוין געלערנט אין מקוה־ישראל. — זיי פאַרשאַפן מיר פרייד. כ'האָב גערן קוקן ווי זיי טוליען זיך צונויף און איין שעפּס לייגט איבער דעם קאָפּ איבער דעם אַנדערן. זיי מעקען און קוקן מיט זייערע תמימותדיקע אויגן ווי קינדער — האָט שאול זיך גערימט און געקוויקט.

— זיי ברענגען דיך אַריין עפּעס? — האָט נתן אים אַ פרעג געטאָן.

— נישט ווייניקער ווי יעדע אַנדערע ווירטשאַפטס־צווייג: די וואָל אין סעזאָן — פאַרקויפט מען אַ פּאָר שטיקלעך אויף פליש. אַ ביסל דער קעז. נישקשה. דאָס יאָר האָב איך אויך פאַרגרעסערט די סטאַדע מיט פינף קעפּ — האָט שאול אים איבערגעגעבן. אַ שעפּס האָט אַ מעקע געטאָן. שאול האָט זיך אומגעקוקט, מיט אים צוזאַם אויך נתן. אונטער אַ נידעריקן דאַך מיט אַ הילצערנעם פאַרצוים איז געשטאַנען זיין סטאַדע שעפּסן.

— שיקסט זיי בכלל נישט אין פעלד אַריין זיך פּאַשען? — האָט נתן אים געפרעגט.

— איך גיב זיי וואָס עס געהערט זיי. איך טו זיי נישט קיין עוולה — האָט שאול אים באַרויִקט. דאָס מוילאייזל האָט גענומען וואַרפן מיטן קאָפּ. ביידע האָבן אויף אים אַ קוק געטאָן און געשוויגן אַ ווײַלע. נתן האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן הויף. שאול האָט יעדע ווײַלע אַ קוק געטאָן אויף נתנען פון אונטערן שטערן אַפּיר. אַ קוים מערקבאַרער שמייכל איז געלעגן אויף זיין אויבערשטער ליפּ.

— ווי לעבט זיך דיר? ווי גיסטו זיך אַן עצה? — האָט נתן אים נישט דרייסט געפרעגט.

— שווער, וואָס קען מען טאָן. אַזוי איז דאָס לעבן — האָט שאול זיך פאַר־קלאָגט.

— איצט איז די טאָכטער אונטערגעוואַקסן — האָט נתן אַ זאָג געטאָן, נאָר ער האָט נישט געענדיקט דעם זאַץ. ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף שאולן צי ער האָט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט אים געוואָלט זאָגן. אין זעלבן מאָמענט האָט שאול אַ קוק געטאָן אויף נתנען מיט חשד. זייערע בליקן האָבן זיך געקרייצט. נתן האָט אַ שמייכל געטאָן און אים אַ זאָג געטאָן: — שאול, וואָס ווער איך זיך מיט דיר שפּילן אין באַהעלטערלעך. מיר זענען דאָך מענער און צוזאַם אויסגעוואַקסן.

שאול איז געווען עטלעכע יאָר עלטער פון נתנען. ער איז געווען פון די ערשטע זין אין יבנה: — רעד ווי אַ פויער צו אַ פויער — האָט ער זיך אַ ווײַצל געטאָן מיט נתנען.

— שאול, מיר איז נישט קלאָר פאַר וואָס דו ביסט אַזוי פיל יאָרן אַליין, — האָט נתן זיך צו אים אַ ווענד געטאָן.

— איך האָב נישט געוואָלט טלן ברענגען אין שטוב אַ שטיף־מאַמע — האָט שאול אים אויפגעקלערט.

נתן האָט אָפּגעוואַרט. ער איז געווען נישט זיכער צי ער דאַרף ממשיך זיין פירן ווייטער זיין שמועס. דאָך האָט ער זיך צו אים אַ ווענד געטאָן: — שאול, דו ביסט אַן אַרבעטס־מענטש און אַ גוטער טאַטע. דו ווייסט, אַז אין יניב שעצט מען דיך. אַוודאי ווייסטו וואָס דו טוסט, נאָר איצט, אַז טל איז אונטערגעוואַקסן איז אין יניב פאַר דיר פאַראַן אַ פּאַסיקע נישט פרעמדע פרוי.

שאול האָט זיך איינגעקוקט אין נתנען ווי ער זאָל אים שפּיזן. קענטיק געווען אויף זיין פּנים, אַז ער צעגערט, לייגט זיך איבער. נתן האָט דאָס געזען, נאָר האָט ממשיך געווען: — דו ווייסט וואָס איך ווייס און וואָס אַלע אין יניב ווייסן, וואָס ביי גדעונען איז געשען און פאַר וואָס. איך וועל דיר נישט פאָרשטעלן תמרן. דו קענסט זי אַזוי ווי איך. אַ שאָד די פרוי זאָל דאַרפן אַוועק פון יניב. — ער איז שטיל געבליבן, ווי עס זאָל אים האָבן פאַרפעלט אָטעם און ער האָט אַ קוק געטאָן אויף שאולן.

פון איבערראַשונג האָט שאול אָנגעבלאָזן די באַקן זיינע. די גרויע אויגן זיינע זענען געווען דורכזיכטיק און האָבן דערשטוינט געקוקט אויף נתנען. אַ ווייַלע שפּעטער האָט ער מיטביידע הענט אַ קראַץ געטאָן זיך אין קאָפּ און אַ זאָג געטאָן אויפן קול: „נעה!״.

— שאול, איך בין דיר נישט קיין שונא אַזוי ווי אַלע אין יניב נישט. תמר איז די פרוי פאַר דיר. זי איז שיין, באַחנט, קען די אַרבעט. נישט יעדן טאָג קומט אונטער אַזאַ פרוי — האָט נתן זי אַ לויב געטאָן און אים צוגערעדט.

שאול האָט נאָך אַלץ געשוויגן, נאָר זיינע צוויי שלייפן זענען געווען בולט און רויט.

נתן האָט אַ קוק געטאָן אין הימל אַריין און זיך אַ ווענד געטאָן צו אים: — שאול, דו דאַרפסט ענדיקן דיין אַרבעט און איך דאַרף צוריקגיין צו מיין אַרבעט. מיר האָבן גערעדט ווי צוויי מענער. באַמי זיך צו טרעפן מיט איר.

שאול האָט נאָר קוים מערקבאַר אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— שלום שאול! — האָט נתן אים אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק אַהיים.

— שלום נתן — האָט שאול שטיל געזאָגט און ווייטער געשטאַנען, ווי ער זאָל זיך נישט קענען רירן פון אָרט.

# כו

דער הימל אין יניב העננט ווי אַ שווערער טונקעלער באַלדאַכים. כמעט נאַכט־נאַכט רעגנט. די רעגנס זענען געדיכטע און שטילע. די טעג זענען גרויע און קילע.

שוין עטלעכע טעג ווי שאול זוכט אַ געלעגנהייט, וויל זיך טרעפן מיט תמרן. פון זינט נתן איז געווען ביי אים איז ער געוואָרן פאַרשטומט. זיין פנים גיט נישט קיין שמייכל, אַפילו ווען זיינע שעפּסן צעמעקען זיך שרייט ער נישט צו זיי — עט נאַפּאַס, עט נאַפּאַס (באַרויִקט זיי נישט). ער האָט זיך אַנטשלאָסן טאָן דעם שריט אין לעבן וואָס ער האָט יאָרן אָפּגעיאָגט פון זיך.

דער נאָכמיטאָג איז געווען אַ פייכטער. דער נאַכט־רעגן האָט אויפגעהערט ערשט אין די שפּעטע מאָרגן־שעהן. שאול איז געשטאַנען אויפן פעלד וואָס האָט זיך געפונען הינטער זיין הויז, ווען ער האָט דערזען פון ווייטן גדעונען. ער איז געפאָרן אין פעלד אַריין. אין מאָמענט האָט שאול אין די אַרבעטס־בגדים זיך געלאָזט שפּאַנען.

ער איז געגאַנגען מיט זייטיקע פעלד־שטעגן. די פעטע, צעווייקטע ערד האָט זיך געקלעפּט צו זיינע שווערע שיך.

ער איז אָנגעקומען הינטן אַרום. ער האָט געמוזט אַרומגיין גדעונס פלויט אַרום הויז. ווען ער איז אַריין אין הויף, האָט ער געגומען גיין פּאַמעלעך און פאָרזיכטיק זיך אַרומגעקוקט. ער האָט אַ קוק געטאָן אין די פענצטער. אַריינגיין אין שטוב האָט ער נישט געוואַגט. — גדעון! — האָט ער אים אַ רוף געטאָן. תמר איז שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר פון דער הינערשטייג און נייגעריק אים אָנגעקוקט.

— שלום תמר! — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן ווי זיי זאָלן זיין נאָענטע באַקאַנטע וואָס טרעפן זיך אָפט. ער איז צו איר צוגעגאַנגען מיט אַ שנעלן טריט, איר פאַרשטעלט דעם וועג, זי נישט אַרויסגעלאָזט פון טיר. אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען זיך אַנטקעגן און געשוויגן. ער האָט זי געגלעט מיטן בליק. תמר האָט אַ פאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט נישט געוווּסט נאָך וואָס ער איז געקומען. זי איז געוואָרן אומרויִק. ער האָט געזען איר איבעררַאַשונג און פאַר־שטאַנען איר חשד. — איך דאַרף באַשטעלן הינדלעך. אפשר באַשטעלן מיר צוזאַמען אַ סטאַדע — האָט ער איר פאַרגעשלאָגן.

תמר האָט אָפּגעאָטעמט. — דאָס מוזט איר רעדן מיט גדעונען — האָט זי אים אָפּגעענטפערט.

— עס וועט קאָסטן ביליקער — האָט ער געפּרוּווט אויף איר ווירקן.

— קען זיין — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן, געוואָלט אים שטיין לאָזן און צוריק־גיין טאָן איר אַרבעט. ער האָט זי פאַרהאַלטן מיטן בליק. זי האָט ווידער אַראָפּגע־לאָזט די אויגן. זי האָט זיך דערפילט נישט באַקוועם.

— תמר איך וויל מיר זאָלן זיך טרעפן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר אַקסל. די האַנט זיינע האָט ווי אַ ברי געטאָן דאָס אָרט ווי זי איז געלעגן, נאָר זי האָט זי נישט אַראָפּגענומען פון זיך. זי האָט נאָר אַראָפּגעלאָזט אירע אויגן־לעפּלעך און פאַרשעמט שטיל אים אַ זאָג געטאָן — איך האָב דאָך אַ מאַן — און איר פנים האָט אַ פלאַם געטאָן פון בושה. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער ווייסט דעם אמת ווי אַלע אין יניב.

ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן און שטיל איר געענטט־

פערט וואָרט נאָך וואָרט. — תמר איך ווייס אַלעס. איך שעץ דיין האַנדלען און באַנעמען זיך. דו ווייסט, אַז איך בין נישט פון דער גאַס. דו געפעלסט מיר — האָט ער איר ווי איינגערוימט דעם סוד.

איר פּנים איז געוואָרן נאָך רויטער, האָט געברענט. אירע אונטערגעהאַקטע אויגן האָבן געגלאַנצט. די רויטע האָר אירע האָבן געגלימערט. זי איז געווען שיין. זי האָט געאָטעמט שנעל. — דו ביסט שיין — האָט ער איר אַ פליסטער געטאָן און זיך אין איר איינגעקוקט מיט פאַרמרוזשעטע אויגן. זי האָט אָפּגעאָטעמט ווי זי זאָל אויף זיך האָבן אַ משא און אים אַ זאָג געטאָן — דאָס אַלץ זענען נעבן־זאַכן. מזל דאַרף אַ מענטש האָבן.

ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט, זי געקושט מיט די אויגן. זי האָט נערוועז זיך אומגעקוקט, געזוכט אַן אויסוועג. אַ הון וואָס איז געשטאַנען אויף איין פוס האָט פאַרמאַכט די אויגן און גענומען דריוולען קאַאַאַאַ. זי האָט זיך דערפרייט וואָס זי איז נישט אַליין מיט אים. — מיר ראָמאַנסירן ווי צוציקעס, מען וועט אונדז נאָך חושד זיין — האָט זי אַ שפּאַס געטאָן און איז ווידער רויט געוואָרן.

— קיינער וועט אויף דיר קיין שלעכטס נישט רעדן. איך בין אויך נישט פון די ערגסטע אין יניב — האָט ער זיך פאַרטיידיקט און באַלד ממשיך געווען. — איך וויל זיך מיט דיר טרעפן, זיך מיט דיר אַדורכרעדן — און זי אַדורכגענומען מיטן בליק. זי האָט אויסגעהאַלטן זיין בליק. אירע אויגן האָבן קוים, קוים אַ שמייכל געטאָן. אין איר צעפלאַמט פּנים האָט אַ נערוו אַ ציטער געטאָן. אַ צייט שפּעטער האָבן אירע אויגן־לעפלעך זיך אַראָפּגעלאָזט און זי האָט שטיל אַ זאָג געטאָן: — אפשר אַמאָל.

— תמר, איך בין נישט געקומען סתם צו דיר. איך האָב זיך איבערגעלייגט און איבערגעטראַכט וואָס איך גיי טאָן — האָט ער זי נישט אָפּגעלאָזט.

— איך ברענג מיט זיך נישט קיין מזל — האָט זי אים געוואָרנט.

— תמר, אָן יאוש. מיר האָבן ביידע פאַרשפּילט. לאָמיר פּרווון אָפּגעווינען. זאָלן מיר זיך טרעפן — האָט ער זי געבעטן, אויף איר געוואָלט ווירקן.

זי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין נאָר באַלד האָט זי אים אַ זאָג געטאָן — איך וויל נישט אַריינפאַלן אין מענטשנס מיילער.

— מיר וועלן דאָס טאָן געהיים — איז ער געשטאַנען אויף זיינס.

זי האָט ווידער אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין נאָר אַ ווײַלע שפּעטער שטיל אים אַ זאָג געטאָן נאָכאַמאָל — אפשר אַמאָל?

— תמר, איך מיין זיך, נאָר אויך נישט דיין שלעכטס. דו געפעלסט מיר און שטופּ מיך נישט אָפּ — האָט ער זיך געבעטן ביי איר.

זי האָט באַלד אים נישט געענטפערט. אירע ברעמען האָבן זיך צונויפגעצויגן. די ווײַעס אירע האָבן געציטערט און זי האָט געמרוזשעט די אויגן. מיט אַ מאָל האָט זי אים אַ זאָג געטאָן — מיר וועלן זיך זען פאַרבייגייענדיק — און איז בלייך געוואָרן. זי האָט זיך דערשראָקן וואָס זי האָט אים געזאָגט.

ער האָט האַסטיק זיך אָנגעבויגן און זי אַרומגענומען.

— שאול! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן. איר קול האָט געציטערט פון איבער־ראַשונג און מורא נאָר זי האָט נישט געפּרוווט זיך באַפרייען פון זיינע אָרעמס. ער האָט זי אָפּגעלאָזט. ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט, זיך איינגעקוקט אין איר און אַ זאָג געטאָן — תמר, שלום! — און איז אַוועק.

זי איז געשטאַנען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. מיט אַ מאָל האָט זי פאַרמאַכט די אויגן און אָנגעלענט דעם קאָפּ אין דער פּוטרינגע.

פון דאַמאָלס אָן טרעפן זיי זיך אָפט. אַ מאָל אויפן וועג צום קאָנסום־הויז אָדער אין קאָנסום־הויז. ווען זיי האָבן זיך געטראָפן איז דאָס פאָרגעקומען אַזוי ווי זיי זאָלן זיך זיין צוויי פרעמדע מענטשן. זי האָט דערויף אויפגעפּאַסט. זי האָט נישט געוואָלט די מענטשן געבן די געלעגנהייט צו פּליאַטקעס. ער האָט אויסגעפירט איר ווילן. זיי האָבן גערעדט ווייניק, נאָר ווי נאָענטע חברים. על פּי רוב האָט ער גערעדט. ער האָט געפרעגט און יעדעס מאָל אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט. זיינע פראַגן זענען געווען אפשר באַנאַלע — ביסט געקומען, ווידער זיך געטראָפן, כ'האָב געוווסט אַז דו ביסט דאָ. געזען דיך גיין, כ'בין דיר נאָכגעגאַנגען. מאָרגן קומסטו אויך? האָב גערעדט מיט טלן, אַ קלוגע מויד. מאָרגן וועל איך אַ גאַנצן טאָג זיין אין פעלד... זי האָט אים נאָר געענטפערט יאָ, ניין, אַזוי, אפשר און כסדר זיך אומגעקוקט צי עס הערט זיי ווער נישט אונטער. עטלעכע מאָל האָט ער זי אויך אַ פרעג געטאָן: — וואָס הערט זיך? — איך באַמי מיך — האָט זי אים געענטפערט. ער האָט געמיינט ווי זי האַלט מיט גדעונען.

איין מאָל האָט ער איר אויך אַ זאָג געטאָן: — איך פאָר אין שטאָט, וואָס זאָל איך דיר ברענגען?

— גאָרנישט — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן אויפן קול, נאָר באַלד האָט זי שטיל און פאַרשעמט אים אַ זאָג געטאָן: — אַ בוך צום לייענען. שלום — האָט זי נאָך שנעלער אים געזאָגט און איז אַוועק פון אים.

ער האָט געלעבט אין שפּאַנונג. ער האָט געהערט און זיך צוגעהערט אין דאָרף צו אַלע שמועות און רכילותן: אַז גדעון וויל זי נישט גטן. אַז זי וויל מיט אים נישט ווויגען. אַז זי וווינט באַזונדער און גדעון קומט צו איר. אַז ער פאַרלאַנגט זי זאָל פאָרן נאָך ירושלים צום פּראָפעסאָר. ער האָט אויך באַמערקט, אַז דינה האָט אָנגעהויבן אים נאָכקוקן. אים האָט זיך אויך געדאַכט, אַז גדעון מיידט אים, וויל אים נישט טרעפן.

תמר האָט זיך צוגעווינט צו אים. ער האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען אַן אָרט ביי איר. נישט איין מאָל איז זי אַוועק אין קאָנסום־הויז אפשר וועט זי אים דאָרט טרעפן און געגאַנגען אַן אַנטוישטע צוריק ווען זי האָט אים נישט געטראָפן.

ווען שאול איז אַרויס פון גדעונס הויף, ס'ערשטע מאָל זיך געטראָפן מיט תמרן, איז דינה וואָס איז געגאַנגען אַהין, שטיין געבליבן פון ווייטנס און נאָכגעקוקט ווער איז דאָס אַרויס פון גדעונס הויף. איר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז שאול.

זי האָט געוווּסט, אַז גדעון דאַרף איצט זיין אין פעלד. זי איז איילִיק אַ גיי געטאָן. זי איז געווען נייגעריק וויסן נאָך וואָס ער איז געקומען.

זי איז אַריין אין שטוב און קיינעם נישט געטראָפן. זי איז אַרויס אויפן הויף, זיך אומגעקוקט און איז אַוועק אין שטאַל. אויך דאָרט האָט זי קיינעם נישט געטראָפן. זי איז אַרויס און גענומען אים זוכן איבערן הויף. תמר האָט אַרויס־געשטעקט דעם קאָפּ פון דער הינער־שטייג. זי האָט געהערט טריט.

— שלום, תמר — האָט דינה איר אַ זאָג געטאָן און מיט אַ לאַנגן שריט אַריין אין דער שטייג.

— שלום — האָט תמר איר געענטפערט אָפּצוקומען.

דינה האָט זיך אַרומגעקוקט ווי זי זאָל וועמען זוכן און זי אַ פרעג געטאָן — ווו איז גדעון.

— אין פעלד.

— שוין לאַנג?

— יאָ.

— דינה האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן פון איבערראַשונג. באַלד זענען אירע אויגן קליין געוואָרן פון חשד. זיי טרעפן זיך — האָט איר אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק אין מוח. זי האָט פאַרפּרעסט די ליפּן, די נאָז אירע איז געוואָרן שפּיציק נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי לאַקאָניש אַ פרעג געטאָן — וואָס הערט זיך?

— דו ווייסט דאָך — האָט תמר איר געענטפערט אויך לאַקאָניש.

— גדעון דאַרף באַלד קומען? — האָט דינה זי אַ פרעג געטאָן. זי האָט געוואָלט בלייבן מיט תמרן וואָס לענגער. אפשר וועט זי זיך עפּעס פון איר דערוויסן.

— ער איז געפאָרן ברענגען גרינס פאַר די בהמות — האָט תמר גלייכגילטיק איר געענטפערט און זי אָנגעקוקט.

תמר זאָל זי נישט חושד זיין האָט דינה אַ זאָג געטאָן: — געווען אין קאָנסום־הויז. פאַראַן גוטע טערקישע לאַקערדע.

— לעצטנס וויל גדעון נישט עסן קיין לאַקערדע — האָט תמר איר געענטפערט. זי האָט געוווּסט פאַרוואָס דינה האָט איר דאָס געזאָגט.

— זיין טעם האָט זיך געענדערט — האָט דינה זי אַ שטאָכעליר געטאָן.

תמר האָט אויפגענומען איר וואָרט־קאַמף און איר אָפּגעענטפערט — אַ מאַן גייט נאָך אַ ווייב.

דינה האָט פאַרשטאַנען איר ענטפער — זיי געזונט — האָט זי איר אַ זאָג געטאָן און איז אַרויס פון שטייג.

— גיי געזונט — האָט תמר געענטפערט און איר נאָכגעגאַנגען. זי איז געגאַנגען אין שטאַל אַריין אַ קוק טאָן.

דינה איז עטלעכע טעג נישט געווען ביי גדעונען. זי איז עטלעכע מאָל געגאַנגען צו אים נאָר יעדעס מאָל זיך אומגעקערט פון מיטן וועג. זי האָט נישט געקענט זיך באַרויִקן. זי האָט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל זיך געפרעגט — איז טאַקע

שאול געווען ביי תמרן? צי קומט ער אויך צו איר אין שטוב? — כאַטש זי איז געווען נישט זיכער האָט זי זיך געענטפערט — וואָס דען, אַ יונגע פרוי...

דינה איז אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטע. זי האָט אויף יעדער זאַך אָפּגע־ענטפערט אפרימען איר מאַן. אין דער אַרבעט זענען די כלים איר געפאַלן פון די הענט. זי האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען. איר האָט פאַרדראָסן וואָס תמר מאַכט גדעונען „הערנער" און זי שפּילט די ראָל פון דער געליטענער, באַשיידענער און האַרציקער פרוי. פון דער אַנדערער זייט איז זי געווען צופרידן פון אַזאַ מצב. זי איז געווען איבערצייגט, אַז ווען גדעון וועט זיך דערוויסן ווי זי פירט זיך אויף, וועט ער ענדערן זיין מיינונג וועגן תמרן און זי גטן. זי איז נאָר נישט געווען זיכער צי דאָס אַלעס וואָס זי מיינט און האָט באַשלאָסן וועט דערפירן דערצו.

זי האָט זיך געפּאָרעט אַ גאַנצן טאָג ביי זיך אין שטוב. זי איז געווען פאַרטאָן אין דער אַרבעט און נאָכגעטראַכט. מיט אַ מאָל איז זי שטיין געבליבן און אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך: — ער מוז צוריק אויפבויען זיך אַ משפּחה, ווערן אַ טאַטע. איך וועל נישט האָבן קיין רו אין קבר, נאָר פאַר יעקבן, פאַר זיין אָנדענק, מוז איך עס טאָן. זי האָט גערעדט צו זיך, געוואָלט זיך אויסרעדן, זיך איבערצייגן.

שפּעט אין אָוונט דעם זעלבן טאָג. זי איז געווען זיכער, אַז תמר איז שוין ביי זיך אין שטוב, איז זי אַוועק צו גדעונען. דער הימל איז געווען טונקל ווי אין דער נאַכט. יעדע ווײַלע האָט אַ שאַרפער ווינט איר אַ שמיץ געטאָן אין פּנים. זי האָט מיט אַ רעש אויסגעריבן אירע שיך אויף די ווערענדע־באַלאַטן, גדעון זאָל הערן אַז מען גייט. זי האָט אָנגעקלאַפּט און אָן צו וואַרטן אַריין אין שטוב, אייליק נאָך זיך פאַרמאַכט די טיר ווי זי זאָל נישט וועלן די ווינטן זאָלן איר נאָכקומען. אירע אויגן האָבן אייליק אַ שפּאַציר געטאָן איבערן צימער, געקוקט ווי עס זעט אויס.

גדעון איז געזעסן אין קיך־עסצימער ביים טיש און געמאַכט חשבונות.

— שלום גדעון! — האָט זי ערשט איצט אים אַ זאָג געטאָן. איר קול איז געווען ווייך. זי האָט פונאַנדערגעקנעפּלט דעם פאַלטן אויף זיך און זיך אַוועקגעזעצט אים אַנטקעגן.

גדעון אַ פאַרוווּנדערטער האָט זי אַ פרעג געטאָן: — אַזוי שפּעט? עפּעס געשען?

— בין נישט געקומען פאַרברענגען, האָב דערצו נישט קיין צייט. אפרים שלאָפט האָב איך זיך צוגעכאַפּט אויף אַ ווײַלע — האָט זי אים געענטפערט און זיך באַמיט שמייכלען.

— וואָס איז? — האָט ער נייגעריק זי שוין אַ פרעג געטאָן.

— ס'איז געשען און געשען — האָט זי אים אָפּגעענטפערט מיט אַ טאָן און מיטן קאָפּ צוגעשאָקלט אַז אַזוי איז עס.

— וואָס!? — האָט ער אַן איבערראַשטער זי אַ פרעג געטאָן.

— דו ביסט מיר אַ זון — איר קול איז ווידער געווען ווייך און די ווערטער צעצויגן. ערשט איצט האָט זי זיך אַ קלאָג געטאָן פאַר אים — איך קרענק עס איבער, וועל עס נישט אויסהאַלטן.

— זאָג שוין וואָס! — האָט ער אַן איבערגעשראָקענער אַ פּאָדער געטאָן.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און די הענט אויסגעשטרעקט אין דער הויך און מיט פּאַטשאָס אים אַ שטראָף געטאָן: — זי מאַכט דיך צו נאַר! באַלד וועט גאַנץ יניב וועגן דיר רעדן! מענטשן וועלן ווייזן אויף דיר מיט די פינגער! — און זי איז שטיל געבליבן, אָפּגעהאַקט. זי האָט איר ראָל אויסגעשפּילט.

גדעון האָט זיך פאַרקוקט אין איין פּונקט אויפן טיש. ער האָט נאָכגעטראַכט צי אירע רייד האָבן אַ צוזאַמענהאַנג מיט תמרן. דאָס פּנים זיינס איז געווען אָנגעשטרענגט. דינה האָט דאָס געזען און האָט באַשלאָסן פאַרשטאַרקן איר אינטריגע. זי האָט ממשיך געווען — זי שפּילט די צניעה און דו גלויבסט איר. האָסט נישט קיין האַרץ זי גטן ווייל זי איז אַ יתומה און האָט קיינעם נישט, אָבער זי טרעפט זיך מיט שאולן הינטער דיינע פּלייצעס!

ער איז אויפגעשפּרונגען און זי אָנגעקוקט ווי ער זאָל זיין וואַנזיניק נאָר באַלד האָט ער אַ פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער געעפנט ס׳מויל ווי ער זאָל זיך שטיקן און האָט אַ שטאַמל געטאָן — דינה, וואָס רעדסטו? — און זי אָנגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. דער קוק זיינער איז געווען פול געבעט. דער קאָפּ איז אים געלעגן אין די אַקסלען.

זי האָט זיך נישט גערעכנט מיט זיין אויסזען און צושטאַנד און האָט אים אַ זאָג געטאָן: — גדעון, יעדער קען דיר איינרעדן און דיר איבעררעדן. דו דאַרפסט און מוזט האַנדלען ווי אַ מאַן — האָט זי געפּאָדערט פון אים.

אַ צייט האָט ער געשוויגן און געביסן די ליפּן. די קינבאַקן זיינע האָבן זיך באַוועגן אַראָפּ און אַרויף. פּלוצעם האָט ער זי אַ פרעג געטאָן מיט כעס — אויך דו? — און אַ קוק געטאָן אויף איר פון אונטערן שטערן. זיין קול איז געווען האַרט און טרוקן.

זי האָט פאַרצויגן די ליפּן, ווי אַ קינד וואָס וויל וויינען, עס האָט איר פאַרדראָסן וואָס ער איז איר חושד. זי האָט זיך אויך דערשראָקן פאַר אים, נאָר זי האָט שוין נישט געקענט איבעררייסן דאָס געשפּרעך. זי האָט זיך צו אים צוגעברוקט און אַ זאָג געטאָן, אַקצענטירנדיק יעדעס וואָרט: — איך האָב אים געזען גיין פון איר, ווען דו ביסט געווען אין פעלד — און זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט איין אויג, ווי אירע רייד האָבן געווירקט אויף אים.

ער האָט געגלאָצט די אויגן אויף איר און זיין פּנים איז געווען טעמפּ. אַ צייט שפּעטער האָבן זיינע אויגן זיך אַ באַוועג געטאָן. ער האָט אַ קוק געטאָן אַרויף און באַלד אין אַ זייט און האָט אַ ברום געטאָן ווי ער זאָל זיך שטיקן. דערנאָך האָט ער זיך איינגעקוקט אין איר און געוואַרט. ער האָט געוואָלט זי זאָל אים זאָגן — נישט אמת, איך האָב דיך אָנגעצויגן. זי האָט די גאַנצע צייט אים געהאַט אויפן אויג. זי האָט זיך אויף אים מרחם געווען, געוואָלט אים פאַרלייכטערן זיינע יסורים נאָר זי האָט אים אַ זאָג געטאָן: — האָב חתונה!

ער האָט איר באַלד נישט געענטפערט. ער האָט געביסן מיט די ציין ווי ער זאָל קייען און נישט קענען אַראָפּשלינגען. די אויגן זיינע האָבן נאַריש געקוקט. די

פּלײצע זײַנע איז געװען אױסגעבױגן. ער אַלײן איז װי קלענער געװאָרן. דינה האָט דאָס אַלץ געזען און האָט זיך בײַ אים אַ בעט געטאָן: — האָב רחמנות אױף זיך, קענסט דאָך אַזױ נישט לעבן — נאָר ער, האָט װײַטער געשװיגן. זי האָט נישט געװוּסט צי ער האָט זיך צו איר צוגעהערט און האָט אים נאָך אַ מאָל אַ זאָג געטאָן — האָב חתונה!

ערשט איצט האָט ער איר געענטפערט: — קײנער פון די בחורות װעט מיך נישט װעלן. יעדעס װאָרט זײַנס האָט אַ הילך געטאָן װי ער זאָל אַרײַנרעדן אין אַ הױלער פּאַס. זי האָט זיך צו אים צוגעבױגן און אים אַ זאָג געטאָן װי זי זאָל אים פּאַרטרױען אַ סוד. — סמדר! — און אירע אױגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פול נקמה.

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר אױסגעגלאָצטע אױגן פול שטױנונג און איבערראַשונג — װאָס? — האָט ער אַ שטאָמל געטאָן.

זי איז צוריקגעטראָטן אַ טראָט, זי זאָל אים בעסער זען און אים אַ זאָג געטאָן: — זי װעט דיך אױפנעמען מיט אָפענע אָרעמס!

זײַן קאָפּ האָט זיך אַ טרײסל געטאָן. זײַן טשופּרינע האָט זיך צעשױבערט. ער האָט כסדר פאַרמאַכט און געעפנט די אױגן. װען ער האָט זיך באַהערשט האָט ער אַ פּליסטער געטאָן — װאָס דינהן פאַלט אײַן...

— דינה װײסט, אַז דו האָסט זי נישט פאַרגעסן. דינה װײסט אױך, אַז סמדר האָט דיך נישט פאַרגעסן — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און אױף אים אַ קוק געטאָן פון דער זײַט. די װיִעס זײַנע האָבן געציטערט. זײַנע נאָז־לעפלעך האָבן געפלאַטערט. די אױגן זײַנע זענען אַ מאָל געװען דערשטױנט גרױס, אַ מאָל קלײן פול כעס. דינה האָט פאַרשטאַנען, אַז ער קעמפט מיט זיך. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף מער נישט רעדן און האָט אַ זאָג געטאָן — איך גײ, שױן שפּעט, אפרים װעט זיך איבערװעקן און נישט װיסן װוּ איך בין אַהינגעקומען. ער האָט זי אָנגעקוקט דער־שטױנט פון נײַגער.

— אַ גוטע נאַכט! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און איז אַװעק צו דער טיר. זי האָט מיט אימפּעט זי געעפנט און צוגעמאַכט נאָך זיך װי זי זאָל פאַרשטעלן דעם װינט דעם װעג. ער האָט אױפגעהױבן דעם קאָפּ און איז געשטאַנען װי ער זאָל װאַרטן זי זאָל צוריקקומען. אַ צײַט שפּעטער האָט ער אױסגעלאָשן דאָס ליכט און איז אַרײַן אין שלאָפצימער.

דינה איז שלעכט געשלאָפן. זי איז געװען אומרויִק אין שלאָף און כסדר זיך געװעקט און נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל זיך איבערגעלײגט דעם ענין. צומאָרגנס אין אָװנט איז זי אַװעק צו תמרן. זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך, װי זי זאָל שפּאַצירן כאָטש אַ װינט האָט געריסן און עס זענען געפאַלן אײנצלנע טראָפּנס רעגן. הינטערן פּלױט איז זי שטײן געבליבן, געװאָלט זען װאָס עס טוט זיך בײַ גדעונען אין הױף. אַלע פענצטער זענען געװען באַלױכטן. זי האָט פאַרשטאַנען אַז גדעון איז שױן אין שטוב.

זי האָט זיך אַדורכגעשלײכט דורך דער פאַרטקע און מיט אַ שנעלן טראָט אַװעק צו תמרן. זי האָט אָנגעקלאַפּט און איז אַרײַן אין צימער אָן צו װאַרטן אױף

ענטפער. תמר איז געזעסן אויף דער סאָפע און געשטריקט אויף אַ שפּיז. תמר, אַן איבערראַשטע האָט דערשטוינט זי אָנגעקוקט. — שלום, תמר! בין געווען ביי גדעונען, בין אויך געקומען אַ קוק טאָן וואָס דו מאַכסט? — האָט זי איר אַ זאָג געטאָן. זי האָט די ווערטער געצויגן ווי האָניק זאָל איר רינען פון מויל. זי האָט זיך באַמיט זיין האַרציק. זי האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן אויף תמרן און האָט זיך צוגעזעצט צו איר. זי האָט פיינט געהאַט תמרן, זי האָט אָבער ליב געהאַט גדעונען.

— דינה, שלום — האָט תמר איר געענטפערט אַ צעררייצטע ווי זי זאָל די ווערטער אַדורכשטופּן דורך די ציין מער מיט ווייטאָג ווי פון האַס. זי האָט פאַר־שטאַנען און פאַרגעפילט, אַז דינה איז צו איר אַריין נישט סתם.

— ווייסט, אין קאָנסום־הויז האָט מען געברענגט קליידער־שטאָפן. איך וואָלט געוואָלט זיך מיט דיר טרעפן דאָרט, זיך מיט דיר באַראָטן צי עס איז דאָ אַ פּאַסיקער שטאָף פאַר „מיר" — האָט דינה איר פאַרגעשלאָגן ווי דאָס זאָל זיין דער אמת. תמר האָט איר נישט געענטפערט ווייל זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס פּלוצעם וויל זי זי זאָל זיין דער מבין. זי האָט נאָר אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ וואָס האָט געקענט באַדייטן יאָ און אפשר. זי האָט געוווסט, אַז נישט דאָס איז זי אויסן.

אויך דינה האָט פאַרשטאַנען, אַז תמר איז זי חושד. זי האָט געוווסט, אַז באַלד איר אָנהויב געשפּרעך איז געווען נישט ריכטיק און זי האָט אַ זאָג געטאָן תמרן: — ביסט מיר אַ שאָד — און אַ קוק געטאָן אויף איר ווי אַזוי אירע איצטיקע רייד האָבן געווירקט אויף איר און האָט ממשיך געווען — בין געקומען דיר אויסרעדן. דיין צוגאַנג אין לעבן איז נישט קיין ריכטיקער — און אַ קוק געטאָן אויף איר מיט איין אויג פון דער זייט.

— אַזוי וויל דער גורל — האָט תמר איר אָפּגעענטפערט באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט. זי האָט געוואָלט איבערגיין צו אַ צווייטער טעמע, נישט געבן דינהן די מעגלעכקייט זיך אַדורכשמועסן מיט איר און געפרווט ווייטער שטריקן.

דינה האָט פאַרשטאַנען תמרס צוגאַנג און האָט זי אַ פרעג געטאָן: — וואָס וועט דאָך זיין דער סוף?

— איך האָב אַ קליינעם קאָפּ און אַ גרויס האַרץ — האָט תמר איר אָפּגעע־ענטפערט מיט סאַרקאַזם אָן אַ קוק צו טאָן אויף איר. זי האָט געוואָלט דינה זאָל מער זי נישט פרעגן.

אַ צייט האָט דינה געשוויגן נאָר די אויגן־לעפלעך אירע האָבן זיך באַוויגן ווי זיי זאָלן ציטערן און געקוקט ווי תמר שטריקט. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אַ בעט געטאָן ביי תמרן — תמר, איך בין עלטער פון דיר, האָב מער פּראַקטיק פון דיר. האַרך זיך צו וואָס איך זאָג דיר. זונדער זיך נישט אָפּ, קום צווישן מענטשן. וועסט זיך אָפּרייסן פון די מענטשן וועלן זיי דיך פאַרגעסן — האָט זי איר געוואָרנט.

— איך קום אויס אָן מענטשן! — האָט זי איר געענטפערט גלייכגילטיק כאָטש זי האָט געזאָטן פון כעס.

דינה האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזוי אַנאָך וועט זי קענען איר זאָגן דאָס וואָס

זי איז געקומען איר זאָגן און האָט שטיל אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער: — אויך גדעון האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין, טרעפט זיך מיט מענטשן — זי האָט זיך צו איר צוגעבויגן און איר אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל איר זאָגן אַ סוד — קלויבט זיך אויך פאָרן צו סמדרן — און זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מיט איין אויג, צי אירע רייד האָבן געווירקט, צי זי האָט איר ווײ געטאָן.

תמר איז געבליבן זיצן מיטן שפּיזל אין האַנט ווי זי זאָל זי ווערלן אין איר אַרײַנשטעכן. נישט נאָר די ווײַעס אירע האָבן געציטערט נאָר אַלע אירע אברים. די שפּיצן פינגער האָבן איר געשטאָכן. די האָר־וואָרצלען אויפן קאָפּ האָבן איר ווײ געטאָן. דינה האָט געזען אין וואָס פאַראַ צושטאַנד זי געפינט זיך. זי האָט איר לייד געטאָן. זי האָט אָבער געוואָלט זי אײַנברעכן און האָט מיט אַן אָנגעשטעלטע תמימות אַ זאָג געטאָן — ער קען זיך נישט פאַרשליסן.

תמר האָט אויפגעהויבן די אויגן, זי אָנגעקוקט. די אויגן אירע זענען געווען שטאַר ווי פון גלאָז. ערשט אַ צייט שפּעטער האָט זי שטיל זיך אַ זאָג געטאָן — יאָ.

דינה האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט נישט געקאָנט איר קוקן אין די אויגן און געוווּסט, אַז זי דאַרף שוין שווייגן. — גיי שלאָפן, דו ביסט מיד, מאָרגן מוז מען ווידער אַרבעטן — האָט זי תמרן אַ זאָג געטאָן כמעט צאַרט ווי אַ מאַמע. זי האָט זיך אויפגעשטעלט, איר געזאָגט — אַ גוטע נאַכט — און איז אַוועק צו דער טיר. ווען תמר האָט דערהערט דעם קלאַפּ פון דער צוגעמאַכטער טיר איז דאָס שפּיזל אַרויסגעפאַלן איר פון די הענט. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ. די כוחות האָבן זי אָפּגעלאָזט און זי האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער סאָפע. זי איז געלעגן ווי אַ מאַנעקין. זי האָט נישט געקענט טראַכטן, דער קאָפּ איז איר געווען שווער.

אַ צייט שפּעטער האָט זי אַ פליסטער געטאָן — ווו וועל איך זיך אַהין טאָן? אַ גרושה? אַליין? — אַ פאַרמאַטערטע האָט זי אײַנגעדרימלט.

# כז

תמר, פון זינט דינה איז געווען ביי איר, איז אַן אַנדערער מענטש. עטלעכע נעכט איז זי געלעגן און די אויגן האָבן זיך איר נישט צוגעמאַכט. זי האָט געקוקט אין דער פינצטער אַרײַן ווי זי זאָל זען ווייט. פון איבערטראַכטן איז איר מוח געוואָרן ווי אויסגעטריקנט און איז נישט אין שטאַנד געווען באַשליסן. זי איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז די געדאַנקען אירע האָבן זיך איר שוין געפּלאָנטערט. זי האָט פאַרביטן און צונויפגעמישט גדעונען מיט שאולן.

זי איז געלעגן וואַך, אַן אײַנגעהאָרכטע אין איר האַרץ־טיאַך, און אין איר אָטעם־שאָרך. זי האָט געפילט איר קאָפּשווינדל, ווי עס זאָל קנאַקן. זי איז אײַנגעשלאָפן נישט ווייל זי איז געווען שלעפעריק, נאָר פון מידקייט.

שוין באַגינען איז זי אַרויס פון צימער, געגאַנגען אַרבעטן. זי איז אין די טעג נישט אַריין צוערשט צו גדעונען ווי פריִער. זי האָט נישט געוואָלט זיך מיט אים טרעפן. זי איז אַריין גלייך אין דער הינערשטייג. זי האָט געאַרבעט אָן חשק נאָר פון געוווינהייט. זי האָט זיך באַוויגן פלעגמאַטיש ווי זי זאָל זיין אומבאַהאָלפן. זי האָט זיך געפילט דערנידעריקט.

זי האָט געטאָן נאָר דאָס נויטיקסטע. זי האָט געגעבן די הינער צו עסן און טרינקען און צונויפגענומען זייערע אייער. דאָך איז זי יעדעס מאָל שטיין געבליבן און האָט אָפּגעאָטעמט ווי זי זאָל נישט האָבן קיין כוח. דערביי האָט זי אַ קוק געטאָן אויף די הינער ווי זיי דזשאָבען די קערנער אָדער גיבן אַ שלונג אַ קאָפּ וואַסער. די הינער זענען איצט געווען די איינציקע באַשעפענישן מיט וועלכע זי איז געקומען אין קאָנטאַקט.

דעם פרימאָרגן איז זי אויך שטיין געבליבן און אַ קוק געטאָן אויף דער סטאַדע הינער. אַ הון האָט אַ קוואָקע געטאָן קאָ, קאָ, קאָ! אַ צווייטע הון האָט געענטפערט קאָ, קאָ, קאָ! אַ הויכער האָן מיט אַ פּאַרריסענעם ווידל האָט זיי אָפּגעענטפערט אויפן קול קוקוריקו! זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט זיך דערפילט עלנט.

— אַה! — האָט זי אַ זיפץ געטאָן און צוגעקלאַפּט הינטער זיך די טיר.

זי איז אַריין אין שטוב. די חדרים זענען געווען ליידיק. גדעון איז געווען אין שטאַל. אויך די אַרבעט אין שטוב האָט זי געטאָן אָן חשק, אָפּצוקומען. זי איז אין די צימערן איצט ווי אַנטקומען. אַ מאָל איז דאָס צימער פאַר איר געווען קליין, אַ קאַרצער פון וועלכן זי קען נישט אַרויס. אַ מאָל איז אַ צימער געווען פאַר איר אַ לאַבירינט וואָס זי האָט געוואָלט בייקומען. אַ מאָל האָט זי געאַרבעט פּאַמעלעך, געווען פויל, אַ מאָל ווידער האָט זי געאַרבעט שנעל, געקלאַפּט מיט די טעפּ, גערוקט די בענקלעך, געריבן און אויסגעדרייט דאָס נאַסע שטיקל וועש ווי זי זאָל עס וועלן איבעררייסן. דאָס אַלץ האָט זי געטאָן מיט כעס. זי האָט געוואָלט זיך איבער־צייגן, אַז זי איז די בעל־הביתטע דאָ.

אָבער ווי נאָר גדעון איז אַריין אין שטוב איז זי ווי איינגעשרומפּן. די אויגן־לעפּלעך אירע האָבן זיך ווי אַראָפּגעלאָזט. די הענט אירע זענען איר ווי אָפּגענומען געוואָרן. זי האָט אים געגרייט צום טיש, אים דערלאַנגט, נאָר צוזאַם מיט אים האָט זי נישט געגעסן. זי האָט איצט כמעט נישט געגעסן. ווען דער הונגער האָט אַ נאָג געטאָן איר האַרץ האָט זי געגעסן שטייענדיק און טרוקנס.

אויך גדעונס פּנים איז געווען פאַרכמורעט. ער האָט געזען וואָס מיט איר קומט פאָר נאָר ער האָט נישט געוואַגט זי פרעגן. איר פּנים איז ווי קלענער געוואָרן. אירע אונטערגעהאַקטע אויגן זענען איר ווי אַריינגעפאַלן אין פּנים. אַ מאָל האָבן זיי געגלאַנצט ווי אין פיבער, אַ צווייט מאָל זענען זיי געווען מאַט, אויס־געלאָשן. זי האָט אים לייד געטאָן. ער האָט זיך אויף איר מרחם געווען. נישט איין מאָל האָט ער אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט און אים האָט זיך פאַרוואָלט צו איר צוגיין, זי אָננעמען ביי דער האַנט, זי צופירן און אַוועקזעצן און איר זאָגן „נעם דיר נישט צום האַרץ" נאָר באַלד האָט אין אים אַ ברויז געטאָן די נקמה

און ער האָט אַ טראַכט געטאָן „זי איז זיך אַליין שולדיק״. נאָר אַ מינוט שפּעטער האָט ער ווידער אַ מאָל זיך אַ פרעג געטאָן אָן צו רעדן „אמת וואָס דינה זאָגט ?״ און איז אַרויס פון צימער.

די עטלעכע טעג פון זינט דינה איז געווען בײַ תמרן האָט געדעגנט. דער הימל איז געווען טונקל און שווער ווי אַ בלײַ און איז געווען נידעריק ווי ער זאָל ווילן צודעקן די ערד. די טראָפּנס רעגן זענען געווען דינע און האָבן געזאָפּט אין דער ערד. די נעץ האָט זיך אײַנגעגעסן אין די בײנער פון די מענטשן. דאָס וועטער האָט אויך באַשווערט תמרס געמיט. זי האָט טאַקע באַשלאָסן באַפרײַען גדעונען, געגומען אויף זיך איר גורל. דאָך האָט זי אין די טעג נישט געקענט איבער־שמערצן איר באַשלוס. אײן געדאַנק פון וועלכן זי האָט זיך נישט געקענט באַפרײַען האָט געעקבערט איר מוח: „איך בין בײַ אים געווען נאָר דער במקום, ליב האָט ער סמדרן״. דאָס האָט אַרויסגעדרונגען פון דינהס רייד. זי האָט דאָס אים נישט געקענט מוחל זײַן ווײַל אויך איצט האָט זי אים ליב.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט דאָס וועטער זיך אויסגעלײַטערט. אויך די וואָלקנס זענען געוואָרן שיטער און העלער. דער מאָרגן איז געווען אַ דורכזיכטיקער. תמר איז שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר. זי האָט אָפּגעאָטעמט און אין זיך אײַנ־געאָטעמט די מאָרגן־פרישקייט. אַ מילד ווינטל וואָס האָט געטריקנט די רעגנגנעץ האָט אויך אַ וויש געטאָן איר פּנים. אויך זי, איר געמיט האָט זיך באַרויִקט. זי איז געשטאַנען אַן אײַנגעקוקטע אין דער ווײַט. מיט אַ מאָל זענען אירע אויגן גרויס געוואָרן, איר ברייטער שטערן געפּעלבלט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי דער נאַקן זאָל זיך איר האָבן איבערגעבראָכן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף דער פּוטריגע און אויף איר אָנגעלענט דעם קאָפּ. אַ צײַט לאַנג האָט זי זיך נישט אַ ריר געטאָן פון אָרט ווי זי זאָל זײַן פאַרחלשט. נאָר די אַקסלען אירע האָבן קאָנוולסיוו זיך געטרייסלט. זי האָט געוויינט אָן טרערן.

דאָס וועטער האָט אויף איר אָנגעוואָרפן אַ בענקשאַפט. אַ צײַט שפּעטער האָט זי צוריק אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אויסגעגליכן און האָט אַ קוק געטאָן אין דער ווײַט ווי זי זאָל ווילן זי אַדורכקוקן. זי האָט געמרוזשעט די אויגן, די וויִעס אירע האָבן געציטערט. אירע נאָזלעפלעך האָבן געפלאַטערט און זי האָט געביסן די ליפּן און שטיל זיך אַ זאָג געטאָן „שאול״. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און פאַרביסן די ציין.

זי האָט באַלד צוריק געעפנט די אויגן און זיך אומגעקוקט ווי זי זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט צי גאָר געזוכט שאולן און אפשר צי עס האָט ווער געהערט וואָס זי האָט געזאָגט. זי האָט אויסגעגליכן די פּלייצע, פאַרקלעמט איר שפּיץ צונג צווישן די ציין און איז אַוועק צו דער אַרבעט.

דער נאָכמיטאָג איז געווען טרוקן און ווינטיק, דער הימל אויסגעלײַטערט. תמר איז אַרײַן אין קאָנסום־הויז מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און מיט אַ געמאַכטן שמייכל אויפן פּנים. זי איז שטיין געבליבן בײַ דער טיר, זיך אומגעקוקט און באַלד געגאַנגען פאָרויס. אין קאָנסום־הויז האָט זיך געפּילדערט. מענטשן, איבערהויפּט

ווייבער, האָבן אָנגעקליבן סחורות, געקויפט, באַצאָלט. מענטשן זענען געקומען און געגאַנגען. די קולות זייערע האָבן זיך צונויפגעגאָסן. עס האָט זיך געהערט אַ זשום ווי ביי אַ בינשטאָק ווען די בינען ברענגען זייער אויסגעצויגענעם בלי־זאַפט.

תמר האָט זיך געטאָרעוועט אַ וועג. די ווייבער האָבן נייגעריק איר נאָכגעקוקט.

— שלום, שאול — האָט זי דעמאָנסטראַטיוו אים באַגעגנט.

שאול, וואָס האָט אין אַן אָפענעם זאַק געזיפּט דורך די פינגער קוקורוזע־קערנער, געוואָלט זיך איבערצייגן צי זיי זענען טרוקן, האָט האַסטיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און איז שטיין געבליבן אַן איבערראַשטער.

— וואָס הערט זיך? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן דרייסט און איז שטיין געבליבן אים אַנטקעגן. זי האָט געפילט אויף זיך די בליקן פון אַלע אַרום. שאול האָט געקוקט אויף איר מיט גרויסע אויגן. די איבערראַשונג האָט אַרויסגעקוקט פון זיי. ער איז געווען פאַראינטריגירט און נישט פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען און פאַרוואָס תמר האָט זיך דערלויבט און זיך צו אים געוואָנדן בפרהסיה. פון פרייד איז זיין פנים רויט געוואָרן. ער האָט זיך צעלאַכט און האַרציק איר אַ זאָג געטאָן — גוט! דאָך האָט ער זיך נישט איינגעהאַלטן און זי אַ פרעג געטאָן — פאַרוואָס האָט מען דיך נישט געזען די גאַנצע צייט?

אויך זי האָט געפרווט שמייכלען, זיך געצוווּנגען אים ענטפערן און נישט געקענט פון אויפרעגונג. ער האָט זי באַטראַכט און געוואַרט. זי איז געווען בלייך, דער האַלדז אירער אויסגעצויגן, הויך. זי איז געווען באַחנט. די ליידן אירע האָבן זי אָפּגעצערט. איר פנים איז געווען ווי דורכזיכטיק. איר גרויער, אויסגעפּאַסטעטער אויף איר מאַנטל האָט אָנגעדייט איר פיגור. ער האָט געזען, אַז זי איז אויפגערעגט. אויך ער האָט נישט געקענט זיך באַהערשן און אַ פרעג זי געטאָן — וואָס איז געשען?

— קום צו מיר אין אָוונט — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער. איר פנים האָט אַ פלאַם געטאָן. זי האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין, פון איר אויפפירן זיך.

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע פון איבערראַשונג אויגן און שטיפעריש איר אַ זאָג געטאָן — גוט! זיין לענגלעך קאַנטיק פנים האָט זיך צעצויגן פון פרייד.

— שלום! — האָט זי שטיל שוין אים אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. די ווייבער פון אַרום האָבן זיך אומגעקוקט ווי איינע זאָל פרעגן די אַנדערע „האָסט געזען”? זיי האָבן אויך געזען, אַז זי איז צוריק אַוועק אָן עפּעס צו קויפן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זי איז געקומען זיך זען מיט שאולן.

ביילע, אַ הויכע דאַרע פרוי מיט צוויי קוישן אין די הענט, האָט אויך אַ זאָג געטאָן אויפן קול: — זי איז אַפילו נישט געקומען מיט קיין קיישל אין האַנט. די ווייבער אַרום האָבן זיך איבערגעקוקט.

שאול האָט נאָכגעקוקט תמרן ביז זי האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר. אַ ווײַלע איז ער נאָך געשטאַנען און זיך איבערגעלייגט. באַלד האָט ער זיך אויסגעדרייט און אַרויס דורך דער הינטערשטער טיר.

# כח

אין אָוונט ווי נאָר עס איז טונקל געוואָרן איז שאול אַוועק צו תמרן. ער איז געגאַנגען מיט אַ שנעלן און אויסגעצויגענעם טראָט. דער שטאַרקער נאַכטווינט האָט אים אונטערגעטריבן.

ער האָט אָנגעקלאַפּט מיט דער גאַנצער האַנט פינגער אַזוי ווי ער איז געווינט און אָן צו וואַרטן אַריין צו איר אין שטוב. אין שטוב איז געווען פינצטער. ער האָט פאַרמאַכט די טיר און אַ זאָג געטאָן אויפן קול: — שלום תמר!

זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער סאָפע און אָנגעצונדן דאָס ליכט. די ליכטשיין האָטביידן אַ בלענד געטאָן. זי האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און אים אַ פרעג געטאָן: — דאָס ביסטו? — ווי זי זאָל זיך וווּנדערן, אַז ער איז געקומען, נאָר באַלד האָט זי אים געזאָגט: שלום שאול! — און פאַראַכטן אויף זיך ס׳קליידל.

שאול האָט זי אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ און זיך אַ ווייצל געטאָן: — באַשטעלט אַ מענטש און לייגט זיך שלאָפן.

— איך בין סתם געלעגן — האָט זי זיך פאַרענטפערט.

— מען דאַרף אַזוי פיל נישט איבערטראַכטן, וועסט גאָרנישט אויסטראַכטן — האָט ער ווידער מיט איר זיך אַ ווייצל געטאָן און מיט איין האַנט זי אַרומגענומען אין דער טאַליע. אין מאָמענט האָט ער צוריק אַראָפּגעלאָזט די האַנט און אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט צי זי איז נישט בייז. זי ווידער האָט נאָר אַראָפּ־געלאָזט די אויגן. ביידע האָבן זיך געפילט נישט באַקוועם. ער האָט איבערגעפירט אַ פינגער איבער זיין גאָמבע ווי ער זאָל זיך קראַצן און זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער. זיין בליק האָט שפּאַצירט איבערן צימער ביז ער האָט זיך פאַרהאַלטן אויף איר. זי איז געשטאַנען אים אַנטקעגן און אָן אויפהער אָנגעצויגן אויף זיך איר גראַנאַט שעוויאָט־קליידל.

דאָס קליידל האָט זי אָנגעטאָן לכבוד אים. דאָס קליידל איז געווען דעקאָלטירט און אויסגעפּאַסט אויף איר. זי האָט אויך געטראָגן שיך אויף הויכע קלעצלעך. זי איז געווען ממש עלעגאַנט און באַחנט. ער האָט געמרוזשעט די אויגן. די הויט אין זייערע אויגן־ווינקלען האָט זיך געפּעלבלט. די נאָזלעפלעך זיינע האָבן געפּלאַ־טערט. — אוף, ס׳איז הייס! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און צעקנעפּלט אויף זיך זיין גרויען באַטלדרעס. ער האָט אויך געטראָגן בלויע הויזן. דער ווינט האָט צעשוי־בערט זיין שוואַרצע טשופּרינע.

תמר האָט יעדע ווילע אַ קוק געטאָן אויף אים און פאַרשעמט צוריק אַראָפּ־געלאָזט די אויגן. פון אים האָט געשפּאַרט גברישקייט. אַ ווילע האָבן ביידע געשוויגן. זיי איז שווער געווען אָנהייבן דאָס געשפּרעך. מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן: — די בעל־הביתטע איז פאַראַן אין יעדן ווינקל.

זי האָט נאָר אויפגעהויבן די אויגן־לעפלעך און אים געענטפערט: — אויך דאָס איז נישט וויכטיק, ווי אַ סך אַנדערע זאַכן זענען נישט וויכטיק.

— וואָס איז יאָ וויכטיק — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן און באַדויערט זיין פראַגע.

אָבער זי האָט אים געענטפערט: — מזל.

ער האָט פאַרשטאַנען וואָס זי איז אויסן און האָט איר אַ זאָג געטאָן: מזל איז קיילעכיק אַזוי ווי געלט און קיינער ווייסט נישט וועמענס דער מאָרגן איז.

זי האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט נאָר אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זאָגן „ווער ווייסט" און ערשט איצט האָט זי צוגעגעבן: — האָסט שוין געזען שענערע סאַלאָנען — און באַלד זיך אויך פאַרענטפערט: — איך האָב דאָס צימער איינגעאָרדנט נאָר צייטווייליק — און אַ קוק געטאָן אויף אים ווי ער האָט אויפֿגענומען איר דערקלערונג. זי האָט שטיל אַ זיפץ געטאָן און אים געזאָגט — זעץ זיך — און אַליין זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע.

ער האָט זיך צוגעזעצט צו איר. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך איבערגעזעצט אויף אַ בענקל איר אַנטקעגן. ביידע האָבן אָפּגעאָטעמט, ווי זיי זאָלן זיך האָבן באַפרייט פון אַ משא.

אַ צייט לאַנג האָבן ביידע געשוויגן און אַפילו זיך נישט אָנגעקוקט. דאָס ליכט איז געווען גרין און געשפּרייט אין צימער שאָטן. ביידע האָבן זיי געהערט די שטילקייט, נאָר ווען די פאַרבלאָנדזשעטע אין ווינטער פליג האָט גענומען אַרומקרייזן אַרום דעם ליכט, האָט זי אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זיך האָבן עפּעס דערמאָנט און גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן, ווי צו זיך: — איך וועל מכבד זיין דעם גאַסט — און זיך אויפגעשטעלט.

— איך בין נישט געקומען זיין אַ גאַסט ביי דיר — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און געקוקט ווי זי פּאַרעט זיך ביים שענקל.

אַ צייט שפּעטער איז זי צוריקגעקומען אַ באַלאַדנטע. זי האָט מיטן פוס אים צוגערוקט אַ טאַבורעט און אַרויפגעשטעלט די טאַץ וואָס זי האָט מיט זיך געבראַכט. אויף דער טאַץ איז געשטאַנען אַ פלאַש ביר, אַ טעלערל אַליוון, אַ טעלערל מיט געזאַלצענע שטעקעלעך און אַ טיף שיסעלע מיט געזאַלצענע ערדניסעלעך. — זיי זיך מכבד — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן און מיט איראָניע צוגעגעבן — בסך־הכל האָב איך אַלץ געבערענגט פון גדעונען. — ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט, זיך אַדורכגענומען מיט די בליקן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זיי האָבן ווידער זיך דערפילט נישט באַקוועם. ביידע האָבן זיך דערמאָנט אין זייער מצב.

שאול האָט געוואָלט פונאַנדערטרייבן די פיינלעכקייט און האָט אַ זאָג געטאָן: — מען דאַרף עפּעס טועם זיין — און זיך צוגעבויגן צום טאַבורעט. אַ ווײַלע האָט ער מיט צוויי פינגער געשיילט ניסלעך און זיי געלייגט זיך אין מויל. מיט אַ מאָל האָט ער איר אונטערגעטראָגן דאָס טעלערל מיט ניסלעך און אַ פרעג געטאָן: — און דו?

— איך קען נישט — האָט זי זיך אַ בעט געטאָן ביי אים.

ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טעלערל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער געעפנט די פלאַש און אָנגעגאָסן זיך אַ גלאָז ביר. — לחיים! — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן

און אָפּגעטרונקען מיט איין שלוק אַ דריטל גלאָז. ער האָט מיט דער אונטערשטער ליפּ אָפּגעווישט זיך די שוים וואָס איז אים געבליבן אויף דער אויבערשטער ליפּ און נישט אַרויסגעלאָזט די גלאָז פון האַנט. ער האָט זיך אָפּגעבויגן פון טאַבורעט און זיך איינגעקוקט אין איר, געוואַרט.

זי האָט אויסגעהאַלטן זיין בליק. ער האָט ווידער זיך צוגעבויגן צו איר און אונטערגעשטעלט איר די גלאָז ביר אָן איר צו זאָגן אַ וואָרט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן ווי פון פּחד. זי האָט נישט געוווּסט ווי זי דאַרף האַנדלען. ער האָט זי געשפּיזט מיט זיין איצט שאַרפן, ווי ביי אַן אָדלער, בליק. זי האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און איינגענעצט די ליפּן אין גלאָז ביר.

ער האָט אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז און אויסגעטרונקען די רעשט. ער האָט מיט דער שפּיץ צונג זיך אָפּגעווישט די ליפּן און זי אַ פרעג געטאָן: — ווי האַלט עס? ער האָט געמיינט גדעונען.

— פאַר וואָס פרעגסטו? — האָט זי אים געענטפערט מיט אַ פראַגע.

ער האָט באַלד איר נישט געענטפערט. איר פראַגע אויף זיינער האָט אים צעטומלט. ער האָט שוין אַ צווייפל געטאָן נאָך וואָס זי האָט אים באַשטעלט. פון פאַרלעגנהייט האָט ער געקאָלערט אין די הענט די ליידיקע גלאָז, נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זי אַ פרעג געטאָן: — האָסט מיר וואָס צו זאָגן? — זיך איינגעקוקט אין איר און געוואַרט.

זי האָט אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע. זי האָט יאָ געוואָלט אים זאָגן נאָך וואָס זי האָט אים באַשטעלט, נאָר זי האָט נישט געקענט ברענגען די ווערטער איבערן מויל. זי האָט פאַרביסן די ליפּן און שווער געאָטעמט. מיט אַ מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי עס זאָל אַרויסרעדן פון איר און ווי זי זאָל עס זאָגן זיך: — איך וועל אַוועק פון דאַנען. גדעון קלייבט זיך חתונה האָבן.

זיינע אויגן זענען גרויס געוואָרן פון איבעררראַשונג. באַלד זענען זיי קליין געוואָרן פון אָנשטרענגונג און צווייפל. זיין פּנים האָט זיך אויסגעצויגן און ער האָט איר אַ זאָג געטאָן מיט פאַרדרוס: — דאָס צו זאָגן האָסטו געדאַרפט מיך איינלאַדן?

— יאָ — האָט זי אַ שטאַמל געטאָן, נאָר מער האָט זי נישט געזאָגט.

ער האָט פאַרצויגן, ווי אויסגעדעמט, די ליפּן. ער האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל טראַכטן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט אים נאָך נישט געזאָגט אַלץ און האָט זי אַ פרעג געטאָן: — ווו אַהין גייסטו?

זי האָט אַ ציטער געטאָן. זיין פראַגע האָט זי אויפגעטרייסלט. זי האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם וואָס זי האָט אים געזאָגט און אויך פאַר דעם וואָס זי האָט אים נישט געזאָגט. זי האָט זיך באַהערשט און אים געענטפערט דרייסט: — איך האָב געזונטע הענט, וועל זיך פאַרדינען.

— קום צו מיר אַרבעטן — האָט ער איר פאַרגעשלאָגן און אַ קוק געטאָן אויף איר פון אונטערן שטערן. געוואַרט.

אויך זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט, געוואָלט זיך איבערצייגן

צי ער מיינט עס ערנסט און אים געענטפערט מיט דער זעלבער ערנסט: — איך וועל אַ טראַכט טאָן.

מער האָט ער שוין נישט געקענט אָפּהאַלטן, האָט זיך צעשמייכלט און גוט־מוטיק פון האַרץ אַוועק איר אַ זאָג געטאָן: — געננוג געשפּילט טעאַטער. נעם די מאַנאַטקעס און קום!

— לייכט דיר זאָגן — האָט זי אַ מורמל געטאָן און אַראָפּגעשלונגען אַ זיפץ.

ער האָט געוואָלט ענדערן די שטימונג און דאָס אַרט רעדן זייערס און ער האָט זיך אַ וויצל געטאָן: — איך וועל פאַרפאַרן מיטן דיליזשאַנס און דיך נעמען.

— אַ דאַנק דיר — האָט זי ווידער אַ מאָל אַ מורמל געטאָן און איז זיצן געבליבן אומבאַהאָלפן. איר פּנים איז געווען בלייך, די וויִעס אירע האָבן געציטערט. אַ פאַלד האָט איבערגעשניטן איר שטערן. אויך ער האָט זי נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. די שטילקייט אין שטוב איז געווען אומהיימלעך. ביידע איז קיל געוואָרן ווי אַ ווינט זאָל זיך האָבן אַריינגעריסן פון דרויסן. ער האָט זיך איבערגעבויגן אויף היינטערווילעכץ, ווי ער זאָל זי וועלן זען אָדער איר עפּעס זאָגן. ער האָט אָבער באַלד זיך צוגעבויגן צום טיש. ער האָט אַוועקגעשטעלט די גלאָז און זיך פאַרקוקט, ווי ער זאָל עפּעס זען אין ווינקל אים אַנטקעגן. מיט אַ מאָל האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און זיך איינגעקוקט אין איר. די באַקן אירע זענען געוואָרן אָפּגעצערט. די ליפּן אירע זענען געווען בלוי. זי האָט אים לייד געטאָן און ער האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— דו מיינסט, אַז מיר איז אין די אַלע יאָרן גרינגער געווען. די גאַנצע אַרבעט און די משפּחה־לאַסט איז געלעגן אויף מיר. איך בין פאַר טלן געווען דער טאַטע און די מאַמע. — די אויגן זיינע האָבן געגלאַנצט. זי האָט אים געקוקט אין די אויגן. איצט זענען אירע אויגן געווען אויפגעריסן, גרויס. זי האָט אים מיטגעפילט.

ער האָט עס געזען נאָר געשוויגן. ער האָט נישט געוואָלט זיין ביי איר דער נעבעך און האָט ממשיך געווען נאָר מיט אַן אַנדערן טאָן שוין: — נאָר די פרייד וואָס איך האָב פון מיינע שעפסן: איך זע ווי זיי וואַקסן אונטער די אויגן. ווען איך הער זיי מעקען נעמט מיך ביים האַרץ. די פרייד וואָס דער מתישב האָט ווען ער שניידט איין דעם אַקעראייזן אין דער ערד און די אויפגעשניטענע ערד לייגט זיך אַוועק אַ סקיבע נאָך אַ סקיבע, דעם ציטער און צאַפּל וואָס דו פילסט ווען דו זעסט, אַז דיינע פאַרזייטע זוימען גייען אויף דאַרף איך דיר נישט זאָגן און אַוודאי נישט וועגן מיין טאָכטער. זי איבערפולט מיין האַרץ. — די בליקן זייערע האָבן זיך אַ קרייץ געטאָן.

— דאָס אַלץ איז מיר נישט באַשערט — האָט זי זיך אַ קלאָג געטאָן פאַר אים און אים אָנגעקוקט, באַוווּנדערט זיין ענטוזיאַזם און זיין גבֿרישקייט. ער האָט געאָטעמט שנעל, ווי זיין ברייטער ברוסטקאַסטן זאָל אָט־אָט אויפרייסן זיין פאַר־קנעפּלט העמד.

ווידער האָבן זיי געשוויגן. די שטילקייט אין צימער איז געווען אָנגעדראָלט. ער האָט געפילט וואָס זי לעבט איבער. ער האָט געוואָלט איר העלפן און איז

געװען איבערצײיגט, אַז נאָר ער איז דער װאָס קען איר העלפן. ער האָט געװאָלט איר עס זאָגן, נאָר ער האָט נישט געװאָגט און נישט געװוּסט װי אַזױ ער זאָל עס איר זאָגן. ער האָט זיך געהיט מיט אַ װאָרט, ער זאָל חלילה נישט צעשטערן זײַן פּאַרלאַנג. ער האָט אױפגעהױבן די פלאַש, אַ קוק געטאָן װיפל עס איז אין איר נאָך געבליבן. ער האָט אײַנגעגאָסן זיך נאָך אַ גלאָז און אָפּגעטרונקען.

זי איז געזעסן מיט די הענט אין דער שױס אַ פּאַרטראַכטע, װי זי זאָל זײַן װײַט פון אים.

— אַלץ גײט פאַרבײ — האָט ער אַ זאָג געטאָן װי סתם, נאָר באַלד האָט ער צוגעגעבן — איך בין געבליבן לעבן און דו װעסט בלײַבן לעבן — און זיך אײַנגעקוקט אין איר מיט אַ בליק װאָס האָט זי דורכגענומען.

אױך זי האָט אים אָנגעקוקט. אירע אױגן זענען געװען טרױעריק: — די װעלט איז נישט אונטערגעגאַנגען און װעט נישט אונטערגײן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן. ער האָט אױסגעשטרעקט די האַנט, אונטערגעהױבן איר גאָמבע און אַרײַנגעקוקט איר אין די אױגן. זי האָט אים נישט געשטערט און געװאַרט ער זאָל איר זאָגן „האָב חתונה מיט מיר״.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך װי אַראָפּגעגליטשט פון בענקל, זיך צוגעזעצט צו איר. ער האָט אַרומגעאָרעמט איר האַלדז װי מיט אַ פּעטלע, איר קאָפּ צוגעדריקט צו זײַן ברוסט און שטיל איר װי אַרײַנגערעדט אין אױער: — איך װײס װער דו ביסט און װאָס דיר איז געשען. דו װײסט װאָס מיר איז געשען. אױב דו ביסט מסכים האָבן מיר חתונה. — ער האָט אױסגעדרײט דעם קאָפּ און זיך אײַנגעקוקט און געװאַרט װאָס זי װעט אים ענטפערן. זײַן פּנים איז געװען אָנגעצױגן, די קינבאַקן בולט.

זי האָט געװאָלט און נישט געקענט אים ענטפערן ביז זי האָט אַ שטאַמל געטאָן: — איך קען נישט האָבן קײן קינדער — און זי האָט זיך צעהעשעט. אַ װײַלע שפּעטער האָט זי זיך צעיאָמערט און זיך אַרױפגעװאָרפן אױף דער סאָפע. ער איז אױפגעשפּרונגען און שטײן געבליבן איבער איר װי בײ אַן אָבל. ער האָט געװאָלט זי אַרומנעמען, זי טרײסטן און נישט געװוּסט װי אַזױ. ער איז געװען אומבאַהאָלפן כלפּי איר.

אַ צײַט שפּעטער האָט זי זיך באַרויִקט. זי האָט זיך אױפגעזעצט, שנעל זיך אױסגעװישט די אױגן און אַ שטאַמל געטאָן: — איך שעם זיך — און דערױף אױך אַ זאָג געטאָן — יעדער און זײַנע שװאַכקײטן, אָן צו קוקן אױף אים. ער האָט אַרומגענומען איר קאָפּ, צאַרט אים צוגעדריקט צו זײַן היפּט און געגלעט אירע האָר.

שפּעטער האָט ער זי אָפּגעלאָזט און זיך אַװעקגעזעצט אױפן בענקל. ער האָט צעשפּרײט די פּיס, זיך צוגעבױגן צו איר און שטיל איר אַ זאָג געטאָן: — דיר איז שװער רעדן, װעל איך רעדן. מיר זענען דערװאַקסענע און דערפאַרענע מענטשן. דו האָסט מיטגעמאַכט און מאַכסט מיט, איך נישט װײניקער אױף אַן אַנדערן אופן. אונדזער בײדנס בעכער איז איבערפולט. ער האָט אָפּגעװאַרט אַ װײַלע און האָט

אַ זאָג געטאָן: — געקומען די צייט. איך האָב שוין באַשלאָסן, באַשליס דו אויך.
— ער האָט גערעדט אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, ווי צוזאַמענגעשטעלט דעם זאַץ.

זי האָט אַ זיפץ געטאָן און פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געוואָלט אים ענטפערן, זי האָט אָבער נאָר צוגעמאַכט די אויגן און איז זיצן געבליבן ווי זי זאָל האָבן איינגעדרימלט.

— תמר, איך באַדויער דיך — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן מיט ווייטאָג.

— אַלע באַדויערן מיך און דו אויך — האָט זי אַ זאָג געטאָן ווי עס זאָל פון איר אויסרעדן. זי האָט געעפנט די אויגן און מיט שטאָלץ אַ זאָג געטאָן: — איך נויטיק זיך נישט דערין, האָב הענט וואָס קענען אַרבעטן און גיי מיין גורל אַנטקעגן.
— זי האָט גערעדט שטיל, נאָר מיט זיכערקייט.

— דערפאַר האָב איך דיך אויסגעקליבן — האָט ער איר געענטפערט.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. איר בליק האָט אים אַ גלעט געטאָן. זי איז אים געווען דאַנקבאַר. זי האָט זיך אונטערגעהויבן ווי זי זאָל וועלן אים אַ קוש טאָן אָדער אַרומנעמען, נאָר זי איז זיצן געבליבן. זי איז נישט געווען מסוגל עס טאָן.

ער האָט איבערגעלייגט זיין אונטערשטע ליפּ איבער דער אויבערשטער און זיך אַ ווענד געטאָן צו איר: — תמר, אין משך פון דער צייט האָב איך געטראָפן פאַרשידענע פּרויען און קיינעם פון זיי נישט געברענגט אין שטוב. טאַקע נישט געוואָלט טל זאָל האָבן אַ שטיפמוטער, אָבער דאָס איז געווען נאָר איינע פון די ספקות.

זי האָט אָפּגעוואָרט און אים שטיל אַ פרעג געטאָן אָן צו קוקן אויף אים: — איצט ביסטו זיך נישט טועה?

ער האָט אָפּגעאָטעמט און איר אַ זאָג געטאָן: — תמר, דו ביסט נישט פון דער פרעמד. דו געפעלסט מיר — ער האָט זיך איבערגעבויגן, געוואָלט זי אַרומנעמען, נאָר ער האָט זיך צוריק אויסגעגליכן און איז זיצן געבליבן.

אַ צייט לאַנג האָבן ביידע געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט זי זיך פונאַנדערגערעדט, ווי זי זאָל זיך דערמאָנען: — געלערנט אין דער פּרויען־פאַרם. גדעון איז געקומען. מיט אים אַרומגעגאַנגען, געהאָפט. איצט בין איך געבליבן ווידער עלנט, אַליין.

ער האָט אויסגעשטראָמט די ברוסט, ווי ער זאָל זי איר אונטערשטעלן, און איר אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל זיך ביי איר בעטן: — איך גיי דיר אַנטקעגן, קום מיט מיר אין איינעם. איך האָב אַ טאָכטער. זי וועט דיר זיין אַ חברטע און אַ טאָכטער.

זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ זיפץ געטאָן פון ווייטאָג. זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן. איר מויל איז געווען פאַרצויגן. די הויט אַרום אירע מויל־ווינקלען איז געווען געפּעלבלט. זי האָט אַ שלוקעכץ געטאָן און שטיל אים אַ זאָג געטאָן:
— יאָ — אים אויסגעשטרעקט די הענט און זיך צעוויינט.

ער האָט אַראָפּגעצויגן אירע הענט, געקושט די שפּיץ פינגער אירע, זי אַרומגענומען און מיט כוח זי צוגעדריקט צו זיך: — אוי! — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן.

ער האָט זי געקושט, געהאַלדזט, געניאַרעט זײַנע ליפּן אין אירע ברוסטן. די טרערן אויף איר צעפלאַמט פּנים האָבן שנעל געטריקנט. בײדע האָבן געסאָפּעט. זײער אָטעם האָט געבריט. מיט אַ מאָל האָט זי אַ שטאַמל געטאָן: — שאול, שאול.

ער האָט זי אָפּגעלאָזט. ער האָט אױפגעהױבן און אַ װאָרף געטאָן דעם קאָפּ װי ער זאָל זיך אָפּטרײסלען. זײַנע אױגן־װײַסאַפּלען זענען געװען בלוט רױט. דער בליק זײַנער שטאַר, די ליפּן אַנגעשװאָלן און דער קאָפּ צעשױבערט. אַ דינער װי טױ שװײס האָט באַדעקט זײַן צעיאַכמעט פּנים. זי האָט אַ גלעט געטאָן זײַן קאָפּ, מיט בײדע הענט אַנגענומען זײַן פּנים, אים אַ קוש געטאָן אין די אױגן און זיך אָפּגערוקט פון אים. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט זײַנע מיט בלוט פאַרלאָפענע אױגן. זי האָט אים צוגעטראָגן צום מױל זײַן גלאָז ביר. ער האָט געטרונקען פון איר האַנט װי אַ דורשטיק קינד.

לאַנג־לאַנג זענען זײ געזעסן און געשװיגן. בײדע האָבן געהערט זײער האַרץ־צאַפּל. די שטילקײט האָט זײ געקלונגען אין די אױערן. נאָר די װינטער־פליג האָט נאָך אַלץ געזשומעט, געפלױגן אַרום דעם לעמפּל. אין צװישן האָט ער זיך באַהערשט און זיך אַ װענד געטאָן צו איר: — תמר, זאָרג נישט און דאגה נישט. קום צו מיר װאָס שנעלער. — זײַן קול איז געװען װײך און הײזעריק. ער איז פאַמעלעך אױפגעשטאַנען װי ער זאָל אױף זיך האָבן אַ משא און די קני זאָלן זיך אים אונטערברעכן. ער האָט אַרױפגעלײגט אַ האַנט אױף איר קאָפּ און גוטמוטיק איר אַ זאָג געטאָן: — שבת קום איך דיך נעמען צו אונדז.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט גרױסע אױגן און אַ הײב געטאָן אַן אַקסל, װי אַ מײדעלע װאָס עקשנט זיך און אים אַ בעט געטאָן: — בײַן.

— דו מוזט זען די װירטשאַפט — איז ער געשטאַנען אױף זײַנס.

— איך קען דײַנע שעפּסן און דײַנע קי — האָט זי זיך פאַרטײדיקט, נאָר פאַקטיש האָט זי זיך געװערט, נישט געװאָלט מענטשן זאָלן זי זען בײַ אים. זי האָט זיך אױך געהיטן גדעון זאָל זײ נישט זען און זי האָט אים פאַרגעשלאָגן: — קומט איר צו מיר שבת פאַר מיטאָג.

זײַן שטערן האָט זיך פאַרפעלבלט און ער האָט אַ קוק געטאָן אױף איר פון אונטערן שטערן אַפּיר. ער האָט איר נישט געענטפערט. ער האָט איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער איז מסכים. ער האָט זיך צו איר צוגערוקט, געװאָלט זי אַרומנעמען. ער האָט אָבער נאָר אַרױפגעלײגט אַ האַנט אױף איר אַקסל און איר אַ זאָג געטאָן: — זײ געזונט און טראַכט װעגן מיר. איך װעל חלומען װעגן דיר.

זי האָט אים קוים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט איר אַ קוש געטאָן אין אָרעם און איז אַװעק צו דער טיר.

— גריס טלן! — האָט זי אים נאָכגעזאָגט. ער האָט אױסגעדרײט צו איר דעם קאָפּ, זי נאָך אַ מאָל אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן איר: — גוט! — און איז אַרױס פון שטוב.

זי איז שטײן געבליבן אַ פאַרטראַכטע װי אַ סטאַטוע. זי האָט אַפילו נישט געהערט, אַז ער האָט צוגעמאַכט נאָך זיך די טיר. װען זי האָט צוריק אױפגעהױבן

די אויגן און דאָס ליכט האָט זי אַ בלענד געטאָן, האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט, עס אויסגעלאָשן און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע. זי איז געזעסן אין דער פינצטער ביז שפּעט און נאָכגעטראַכט.

# כט

דער שבת־פאַרמיטאָג איז געווען אַן אויסגעלייטערטער. אַן אויסגעמאַטערטע זון האָט אַפילו אַ פּרווו געטאָן אַפּירקריכן פון אונטער די וואָלקנס און אַפילו זיך אויך באַמיט אַ וואַרעם טאָן. די מילך־ און די מיסט־ריחות אין הויף האָבן זיך געמישט מיטן ערד־ריח.

שאול מיט טלן זענען אַרײַן צו גדעונען אין הויף. שאול איז געגאַנגען מיטן קאָפּ אַרויף און מיט אַן אויסגעצויגענעם שריט. דאָך האָט ער אין גאַנג כמעט נישט אײַנגעבויגן די קני און געקוקט פון אונטערן שטערן אַפּיר. ער האָט געוואָלט זען צי גדעון געפינט זיך אין הויף.

גדעון, דערהערנדיק טריט, איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. ער איז שטיין געבליבן אַ געפּלעפטער. ער האָט פון כעס פאַרביסן די ציין און זײַנע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט. ער האָט זיך אַוועקגערוקט אין אַ זײַט און געקוקט ווו אַהין שאול מיט דער טאָכטער גייען. ער האָט נישט געגלויבט זײַנע אייגענע אויגן.

טל האָט אָן אויפהער זיך איבערגעקעמט מיט די פינגער, אירע קורץ אונטער־געשוירענע שאַטענע האָר, ווי זיי זאָלן זײַן צעשויבערט. זי איז געגאַנגען און זיך אומגעקוקט צי תמר גייט זיי נישט אַנטקעגן. זי האָט געוואַרט אויף דער רגע ווען זיי וועלן זיך טרעפן און האָט זיך געשראָקן פאַר דער רגע. זי האָט יאָרן געוואַרט און געוואָלט דער פאָטער זאָל ברענגען אַ פרוי אין שטוב, אַפילו אַ שטיפמוטער וואָס זאָל דערגענצן זייער משפחה און דאָך האָט זי איצט מורא געהאַט פאַר דער פרעמדער פרוי, וואָס זי קען. זי איז געווען נישט זיכער ווי אַזוי וועט דער פאָטער פאַרטיילן זײַן אויפמערקזאַמקייט און ליבע פאַר ביידע.

פון אויפרעגונג האָט זי זיך אונטערגעברומט „יפים הלילות בארץ כנען״. זי האָט זיך געמוטיקט, אָפּגעוואָגדן איר מחשבה און געדריקט אונטערן אָרעם די באַנבאַניערע וואָס זי האָט געטראָגן תמרן. טל האָט געשעצט תמרן און אויך געוווּסט איר טראַגעדיע ווי אַלע אין יניב. דאָך האָט זי איבערגעלעבט, געווען נישט רויִק. זי האָט געוווּסט, אַז איר באַזוך איצט איז נישט סתם אַ באַזוך ביי תמרן. זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט מיט איר מוזן לעבן אונטער איין דאַך אין די זעלבע חדרים, מוזן מיט איר טיילן איר לעבן און זי האָט נישט געוווּסט און נישט געווען זיכער ווי אַזוי די שותפות וועט זיך צווישן זיי אײַנשטעלן. זי איז אויך געווען געשפּאַנט ווי אַזוי וועט פאַרקומען זייער ערשטע באַגעגעניש.

שאול האָט אָנגעקלאַפּט מיט דער גאַנצער האַנט פינגער און געעפנט די טיר.

ער האָט ווי אַריינגעשטופּט טלן פאַר זיך. ער האָט צוגעמאַכט די טיר און מיט זיין באַסשטימע אַ זאָג געטאָן: — שלום, תמר! אָט זענען מיר געקומען — און זיך צעשמייכלט.

— שלום! שלום! קומט ווייטער — האָט תמר זיי אַ בעט געטאָן און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון טלן.

— דאָס איז מיין בת־יחידה — האָט שאול זי פאָרגעשטעלט און אַ קוק געטאָן אויף טלן מיט איין אויג פון דער זייט.

טל האָט זיך באַפרייט פון איר העמונג. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און זיך אַ וויצל געטאָן — און דאָס איז מיין טאַטע.

— און דאָס בין איך תמר — האָט זי אונטערגעהאַלטן דעם טאָן און געפּרוּווט שמייכלען.

די ערשטע מינוטן פון דער קאָנטשאַפט וואָס אַלע האָבן אַזוי געוואָלט איבער־קומען איז אַדורך לייכט נאָר די פרעמדקייט צווישן זיי איז דערווייל געבליבן. אַלע און יעדער פון זיי האָט זיך געפילט נישט באַקוועם. אַ ווײַלע האָט איינער אָנגעקוקט דעם אַנדערן. די שטילקייט אין צימער איז געווען אַן אָנגעדראָלטע. טל האָט אַ קוק געטאָן אויפן סערווירטן טיש וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט. זי האָט אַ שפּאַן געטאָן און איך צוגעלייגט די באַנבאָניערע. ערשט איצט האָט תמר אַ שמייכל געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף שאולן. שאול האָט איר געענטפערט מיט אַן אויגן־גלאָץ. די געשפּאַנטקייט האָט אָפּגעלאָזט.

— וואָס שטייען מיר? זעצט איך! — האָט תמר זיי אַ בעט געטאָן.

— טל וויל נאָך וואַקסן — האָט שאול זיך אַ וויצל געטאָן און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע און אַ זאָג געטאָן — איך זיץ שוין! טל און תמר האָבן זיך אַוועק־געזעצט אויף די צוויי בענקלעך וואָס זענען פאַראַן אין שטוב. שאול האָט אויס־געשטרעקט דעם קאָפּ ווי ער זאָל אַריבערקוקן. ער האָט געקוקט וואָס אַלץ עס איז פאַראַן אויפן טיש. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ טאָרט געפּוצט מיט שאָקאָלאַד, אַן אָנגעהויבענע פלאַש וויין און אַ טערמאָס טיי, אַ טעלערל מיט קליינע צוקערלעך און אַ טעלערל מיט ערד־ניסלעך. דעם גאַנצן כיבוד האָט זי צוגעגרייט ביי גדעונען אין שטוב. אויך די גלעזער און גלעזלעך האָט זי געבערענגט פון אים.

— טל, כדאי געווען קומען, פאַראַן גוטע זאַכן — האָט דער פאָטער איר געזאָגט.

— דאָס וועט איר וויסן ערשט נאָכן עסן — האָט תמר אים געענטפערט.

טל האָט אַ שמייכל געטאָן, אַראָפּגענומען פון זיך דעם גראָבן גראַנאַטענעם סוועטער און זיך אים איבערגעלייגט איבער די קניִען. אין צווישן האָט תמר זי באַטראַכט. זי איז געווען הויך און שלאַנק, געהאַט אַ לענגלעך פנים מיט נאַרמאַלע שטריכן, קורצע נאָז און אַ קליין מויל מיט גרויסע, ווייסע ציין. זי האָט געטראָגן אַ שוואַרצן סאַראַפאַן און אַ ווייס בלוזקעלע מיט לאַנגע אַרבל.

שאול האָט געזען ווי תמר באַטראַכט זי און האָט שטאָלץ און אויך איראָניש אַ זאָג געטאָן: — דאָס איז מיין טל!

טל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט דער פֿאָטער געענטפֿערט תמרן כאָטש זי האָט נישט געוווּסט אויף וואָס. תמר האָט אויפֿגעהויבן די האַנט ווי זי זאָל וועלן איר אַ גלעט טאָן אָבער זי האָט נאָר אַ ווונק געטאָן שאולן און אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז זי געפֿעלט איר. טל האָט אינס־טינקטיוו אַ קוק געטאָן אויף תמרן. זי האָט געפֿילט, אַז זיי קוקן זיך איבער און אַז זי איז דער גורם. איצט האָט טל זי באַטראַכט. תמר האָט געטראָגן אַ גרוי אויס־געפּאַסט, דעקאָלטירט דזשערסי־קליידל וואָס האָט איר געפּאַסט. זי איז פֿון דער נאָענט איצט נאָך מער געפֿעלן טלן ווי שטענדיק. אויך תמר האָט געפֿילט, אַז טל באַטראַכט זי און איר איז געוואָרן וואַרעם ביים האַרץ. זי האָט געפֿילט און פֿאַרשטאַנען וואָס דאָס יונגע מיידל לעבט איצט איבער: — האָסט שוין אַ דער־וואַקסענע טאָכטער — האָט זי אַ זאָג געטאָן אין חלל אַריין.

שאול האָט באַלד איר נישט געענטפֿערט. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אַ וויצל געטאָן: — זי וועט באַלד נישט וועלן רעדן מיטן טאַטן.

טל האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט פֿאַרדראָס.

— איך שטעל זיך דאָס נישט פֿאָר, דו האָסט זי זיכער דערצויגן — האָט תמר אים געענטפֿערט אויך מיט שפּאָס נאָר גענוג ערנסט און האָט אַ קוק געטאָן אויף טלן. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז טל איז נערוועז. זי האָט געוואָלט פֿאַרגרינגערן איר יונג געמיט און האָט זי אַ פֿרעג געטאָן: — ווי גייט עס דיר אין דער לערע?

— איך בין נישט פֿון די ערגסטע אין דער קלאַס — האָט זי איר געענטפֿערט און מיט אַ שמייכל זי אָנגעקוקט פֿון אונטערן שטערן.

— איך ווייס אַפֿילו נישט ווען זי מאַכט די לעקציעס. זי האָט אַ גוטן קאָפּ — האָט שאול זי גערימט.

— דײַן טאָכטער איז אַ גאון — האָט טל זיך אַ וויצל געטאָן.

— תמר האָט זיך איבערגעקוקט מיט שאולן און אַ פֿרעג געטאָן טלן: — האָסט חברטעס און חברים?

— זיי קומען צו איר איבערשרײַבן די אויפֿגאַבן. די חדרים זענען דאָך ליידיק. קיינער שטערט זיי נישט, פֿאַרברענגט מען — האָט שאול איר געענטפֿערט.

— אָבער מיר שטערן דיר נישט — האָט טל זיך פֿאַרטיידיקט.

— מיר זענען אַ מאָל אויך יונג געווען — האָט תמר אַ זאָג געטאָן.

— איך בין יונג! — האָט שאול פּראָטעסטירט. אַ שמייכל האָט אויסגעקרימט תמרס אויבערשטע ליפּ און זי האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו טלן — ווי פֿאַרברענגסטו?

טל האָט באַלד איר נישט געענטפֿערט. זי איז נישט געווען זיכער צי זי דאַרף מיט איר זײַן אָפֿנהאַרציק, נאָר אין איר האָט גובר געווען דער ווילן צו רעדן מיט דער פֿרוי וואָס אינטערעסירט זיך מיט איר און זי האָט איר דערציילט: — איך קום אין פֿאָלקס־הויז טאַנצן פֿאָלקס־טענץ. איך גיי צו רפֿאלן דעם מוזיק־לערער און שפּיל פֿלייט. חברה טרעפֿן זיך יעדעס מאָל ביי אַן אַנדערן אין שטוב.

— זי שיקט מיך כסדר שלאָפֿן, אַ נס וואָס איך האָב אַ געזונטן שלאָף — האָט

שאול אַ זאָג געטאָן און דערמיט געגעבן איר אָנצוהערן אַז מערסטנס קומען פאַר די טרעפונגען ביי זיי אין שטוב.

תמר האָט אַ שמייכל געטאָן און האָט גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן: — יוגנט.

— צו פיל צייט האָב איך נישט, איך מוז אויך טאָן אין שטוב — האָט טל געזאָגט ווי זי זאָל זיך קלאָגן.

— מיר טוען אַלעס בשותפות — האָט שאול איר אויסגעבעסערט.

— דער טאַטע באַוווּלט מיך נישט — האָט טל זיך פאַרטיידיקט.

— דער טאַטע גיט אויך אַן עצה ווו און ווען — האָט תמר אַ זאָג געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף שאולן.

— זי גיט מיר עצות — האָט שאול אַ זאָג געטאָן מיט סאַטיספאַקציע. טל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— אַ דערוואַקסענער מענטש — האָט תמר קאָנסטאַטירט.

— זי איז דאָך אַלט שוין פופצן יאָר — האָט שאול אַ זאָג געטאָן מיט גאַווה.

— די הויפּטזאַך, דו גיסט זיך אַן עצה — האָט תמר איר אַ זאָג געטאָן.

טל האָט אויף איר אַ קוק געטאָן מיט דאַנקבאַרקייט. זי האָט געוואָלט זיך פונאַנדעררעדן מיט תמרן, זיך פאַרטרויען פאַר איר נאָר זי האָט נישט געוואַגט. זי האָט נאָר אַ זאָג געטאָן: — עס איז נישט גרינג אַ מיידל אַליין — און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

איצט האָט תמר שוין נישט געקענט זיך באַהערשן און אַ גלעט געטאָן איר קאָפּ. שאול האָט אַ שמייכל געטאָן. ער איז געווען צופרידן פונעם געשפּרעך. ער האָט נאָר אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט נישט געוואָלט זיי זאָלן זען זיין שמייכל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אַ קראַץ געטאָן דעם קאָפּ ווי עס זאָל אים בייסן און מיט אַן אינספּירירטער גלייכגילטיקייט אַ פרעג געטאָן: — די זאַכן זענען צום באַשיינען צי אויך צום פאַרזוכן — און ער האָט אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער אויפן סערווירטן טיש.

— אוי! זיך פאַררעדט און נאָך נישט מכבד געווען די געסט — האָט תמר זיך פאַרגעוואָרפן און גענומען זיך פּאָרען.

— נאָך וואָס פאַראַ געסט — האָט שאול אַ שפּאַס געטאָן. ער האָט נישט געוואָלט זיי זאָלן זיך אומקערן צו דער פריערדיקער טעמע. תמר האָט אַ שמייכל געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט. ער איז אויך איצט געווען אָנגעטאָן ווי ביי זיין ערשטן באַזוך ביי איר. תמר האָט געשניטן און יעדן דערלאַנגט אַ פּאָרציע קוכן. שאול האָט באַטראַכט די פלאַש צו זען וואָס פאַראַ ווײַן דאָס איז און גענומען אָנפילן די גלעזלעך. זי האָט צוגעוואַרט ביז ער האָט געענדיקט און דערווייל באַטראַכט יעדע זיינע באַוועגונג.

ער האָט אָפּגעטעמט ווי ער זאָל האָבן אָפּגעטאָן אַ שווערע אַרבעט. אים איז שווער אָנגעקומען דאָס אָנגיסן די קליינע גלעזלעך. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף תמרן און אַ זאָג געטאָן אויפן קול: — לחיים! עס זאָל זיין גוט!ביידע תמר און טל האָבן אים געענטפערט נאָר מיט אַ לייכטן קאָפּשאָקל. אַלע האָבן אָפּגעטרונקען

און פאַרביסן. אין צימער איז געווען שטיל, מען האָט נאָר געהערט דעם קלאַנג ווען אַ גאָפּל האָט אָנגערירט אַ טעלער. אַ צייט שפּעטער האָט תמר אַ פרעג געטאָן ווי זי זאָל זיך רייצן: — ווי שמעקט אייך דער קוכן?

— איך ווייס שוין פון לאַנג, אַז דו קענסט — האָט שאול זי אַ רים געטאָן.

— אַזאַ טאָרט קען איך נישט מאַכן — האָט טל שטיל אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך.

— איך וועל דיך אויסלערנען — האָט תמר איר אַ זאָג געטאָן און איז רויט געוואָרן אויפן פּנים. זי האָט זיך פאַרשעמט ווי אַ מיידעלע וואָס מען כאַפּט אויף אַן עבירה.

— יאָ, יאָ — האָט שאול איר צוגעהאָלפן.

תמר האָט צוגערוקט יעדן אַ גלאָז און זיך געגרייט זיי איינגיסן טיי. — מיר נישט — האָט שאול אַ זאָג געטאָן און זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל ווייַן.

— איך וויל אַ גלאָז טיי — האָט טל שטיפעריש איר אַ זאָג געטאָן.

— ביטע! זי איז שוין אָפּגעצוקערט — האָט תמר איר געזאָגט, אָנגעגאָסן איר אַ גלאָז טיי און זי איר דערלאַנגט מיט אַ שמייכל. שאול האָט געטרונקען און נאָר אויפגעגעסן אַ כזית קוכן. תמר האָט נאָר איינגענעצט אירע ליפּן אין איר גלעזל ווייַן און אויך נאָר אויפגעגעסן דעם שפּיץ פון איר פּאָרציע קוכן. פון אויפרעגונג האָט זי נישט געקענט שלינגען. די טיי האָט זי שנעל אויסגעטרונקען, כאָטש זי איז געווען הייס. טל האָט געגעסן פּאַמעלעך, זיך באַלעקט, כאָטש זי האָט געוואָלט ענדיקן וואָס שנעלער. אי דער פאָטער אי תמר האָבן געוואָלט זי זאָל ענדיקן נאָר אַז זי האָט געענדיקט האָט זי נישט אַוועקגערוקט דאָס טעלערל פון זיך. זי האָט אַ קוק געטאָן צי מען קוקט אויף איר און וויפל עס איז נאָך פאַראַן קוכן אויפן טעלער, און האָט אַ זאָג געטאָן נישט קרעמפּירט — איך וויל נאָך אַ שטיקל.

— ביטע, ביטע — האָט תמר זיך דערפרייט און איר דערלאַנגט נאָך אַ פּאָרציע.

— איך האָב ליב זיסוואַרג — האָט טל זיך פאַרענטפערט ווי זי זאָל זיך פּיעשטשען.

אַ צעשמייכלטע האָט תמר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איר אַ זאָג געטאָן — צום געזונט! די פּאָרציע האָט טל שנעל אויפגעגעסן. זי האָט אַוועקגערוקט דאָס טעלערל פון זיך און אַ קוק געטאָן אויף די צוקערלעך. זי האָט זיך אויסגעקליבן אַ רויט קנעפּל־צוקערל און עס געגריזשעט מיט די ציין. שאול און תמר האָבן זי באַטראַכט. ביידנס אויגן האָבן געגלאַנצט פון פרייד.

תמר האָט זיך ווי צוגעבויגן צו טלן. זי איז איר געוואָרן נאָענט. אין איר האָבן אַ ברויז געטאָן אירע מוטער־געפילן און זי האָט זי אַ פרעג געטאָן: — וואָס קלערסטו טאָן נאָך דער שול? איר קול איז געווען ווייך ווי ביי אַ מאַמע ווען זי פרעגט איר טאָכטער וועגן תכלית.

אויך טל האָט דערפילט אַ באַדערפעניש זיך פונאַנדערשמועסן מיט תמרן, נאָר זי האָט נישט געוואָלט. זי האָט איר נאָר געזאָגט ווי זי זאָל זיך פּיעשטשען: — איך האָב אַ סך פּלענער נאָר איך וויל דעם טאַטן נישט לאָזן אַליין.

— טאָכטער, דו גיי דיר דיין וועג נאָר מיט גלייכע וועגן און איך וועל פאַר דיר זאָרגן — האָט דער פאָטער איר אָפּגעענטפערט מיט שטאָלץ און אַ קוק געטאָן אויף תמרן. דווקא דאָס מאָל האָט זי נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט געקוקט אויף אים ווי זי זאָל אויף עפּעס וואַרטן.

אַ צייט האָבן אַלע געשוויגן. דאָס שווייגן איז געווען פּיינלעך פאַר אַלע. מיט אַ מאָל האָט שאול זיך אַ ווענד געטאָן צו טלן: — טאָכטער דו ביסט שוין נישט קיין קינד. איך האָב דיר שוין געזאָגט. איך מיט תמרן ווילן חתונה האָבן — און ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, געוואַרט אויף אַ תשובה.

תמר האָט זיך אַ שטיק געטאָן. ס׳האָט איר אַ קרעל געטאָן אין האַלדז און האָט זיך פאַרהוסט. אַ שווייס איז אַרויס אויף איר שטערן און זי האָט פאַרמאַכט די אויגן. טל האָט געשוויגן. זי האָט זיך פאַרלוירן, נישט געוווּסט וואָס זי דאַרף ענטפערן נאָר אינסטינקטיוו האָט זי אַ שפּאַן געטאָן און זיך צוגעטוליעט צו תמרן. תמר האָט זי אַרומגענומען מיט ביידע הענט און זי געדריקט צו זיך מיט מאַמע־ליבע. טל האָט צוגעטוליעט איר קאָפּ צו תמרס פּנים און איר אַ קוש געטאָן. תמר האָט צוגעלייגט אירע ליפּן צו טלס אויגן נאָר זי האָט זיי נישט געקושט. טרערן האָבן זי אַ שטיק געטאָן און באַנעצט אירע באַקן.

שאול האָט אויסגעגלאָצט די אויגן. אים האָט אַ קלעם געטאָן ביים האַרץ ווי עס זאָל אים האָבן שלעכט געוואָרן. דער גוידער זיינער האָט זיך צוזאַמענגעצויגן און אין מויל איז אים געוואָרן אַליק. ער האָט צוזאַם מיט תמרן און דער טאָכטער איבערגעלעבט זייער יתומים־עלנט. נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אויפ־געשטעלט. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ ווי ער זאָל זיך אָפּשאָקלען פון זיין איבערלעבעניש און האָט אַ זאָג געטאָן ווי עס זאָל גאַרנישט האָבן פאַסירט:

— איך בין אַ הפקר, אַזוי זיך פאַרזעסן, געלאָזט די סטאַדע אויף גאָטס באַראָט — און ער איז אַרויס אין מיטן שטוב און אַ זאָג געטאָן — אַ קורצער אָבער אָנגענעמער וויזיט.

טל האָט ווי בגניבה נאָך אַ קוש געטאָן תמרן. זי האָט שנעל אויפגעהויבן פון פאָל איר סוועטער וואָס איז אומבאַמערקט אַראָפּגעפאַלן און איז צוגעגאַנגען צום פאָטער.

אויך תמר האָט זיך אויפגעשטעלט נאָר פאַמעלעך. זי איז געווען זיך שווער. זי האָט זיך אָפּגעווישט די באַקן, זיך צוגעגלעט די האָר און איז שטיין געבליבן זיי אַנטקעגן. אַ ווײַלע זענען אַלע דריי געשטאַנען ווי זיי זאָלן וואַרטן און נישט וויסן וואָס זיי דאַרפן טאָן.

מיט אַ מאָל האָט שאול אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף תמרס אַקסל און איר אַ זאָג געטאָן: — עס איז גוט מיט דיר. זיין דיק קול איז איצט געווען נאָך דיקער ווי הייזעריק.

— מיר אַוודאי — האָט זי אַ שטאַמל געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף אים. אירע אויגן זענען געווען פול געבעט.

שאול איז אַרויס אויף דער גאַס. תמר און טל זענען אים נאָכגעגאַנגען. ביים

הויזווינקל איז שאול שטיין געבליבן. ער איז צוריקגעגאַנגען אַ טריט און זיי אין איינעם אַרומגענומען אוןביידן אַ קוש געטאָן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער און ווי ער זאָל באַפעלן איר אַ זאָג געטאָן: — טל! מאָרגן קומסטו און נעמסט צו אונדז תמרן!

— יאָ! גוט! — האָט טל זיך דערפרייט און זיי זענען געגאַנגען ווייטער. ווען ער איז מיט זיי אַרויס אויפן הויף האָט ער זיי אָפּגעלאָזט און אַ קוק געטאָן צי גדעון שטייט ערגעצוווּ.

תמר האָט זיי צוגעפירט ביז דער פאָרטקע און איז שטיין געבליבן. זיי מיט איר. זי האָט זיך איבערגעקוקט מיט אים. זי איז געווען זיכער, אַז גדעון קוקט זיי נאָך. שאול האָט ווידער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר אַקסל און זיך איינגעקוקט אין איר ווי ער זאָל זי אַדורכקוקן און שטיל נאָר אָנדייטנדיק יעדעס וואָרט איר אַ זאָג געטאָן: — זיי נישט געפּאַלן ביי זיך. קום עס איבער און וואָס שנעלער.

זי האָט נאָר אָפּגעזיפצט.

ער האָט איר אַ קוש געטאָן אין אויער און אַ זאָג געטאָן — טל קום! און איז אַרויס אויף דער גאַס. טל איז צוגעפאַלן צו תמרן, שנעל איר אַ קוש געטאָן און אייליק אַוועק צום פאָטער.

אַ ווײַלע האָט תמר זיי נאָכגעקוקט ביז זי האָט זיך אויסגעדרייט און אַוועק צוריק אין שטוב.

# ל

תמר איז געגאַנגען פּאַמעלעך אַ טראָט נאָך אַ טראָט אַ פאַרטראַכטע. דער קאָפּ אירער איז איר ווי איבערגעהאַנגען איבער זיך ווי זי זאָל עפּעס זוכן אויף דער ערד. נאָענט צו איר ווינקל איז זי שטיין געבליבן. נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ האָט זי זיך אויסגעדרייט און אַוועק צו גדעונען אין שטוב. אין מיטן גאַנג האָט זי פאַרשנעלערט איר טראָט. זי האָט דערזען, אַז גדעון שטייט אין פענצטער. זי האָט געוואָלט און אויך באַשלאָסן איבערקומען וואָס שנעלער דאָס אומפאַרמיידלעכע.

זי האָט שטיל פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר. זי איז אָפּגעגאַנגען נאָר צוויי טריט און איז שטיין געבליבן. גדעון איז שוין געשטאַנען מיטן פּנים אין צימער אַריין און זי געשפּיזט מיט די אויגן. זיין פּנים איז געווען צעצויגן ווי עס זאָל זיין אָנגעשוואָלן פון כעס. דער בליק זיינער האָט זי געשראָקן נאָר זי האָט זיין שאַרפן ווילדן קוק אויסגעהאַלטן. זי האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און אים אַ פרעג געטאָן: — וואָס ביסטו בייז? דו האָסט דאָך געוואַרט דערויף. דיר איז גאָרנישט געשען, געשען איז מיר. זי האָט גערעדט געלאַסן אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט.

גדעון איז געשטאַנען אָן אַ ריר צו טאָן זיך פון אָרט ווי ער זאָל האָבן צוגע־

וואַקסן און געשוויגן. ערשט שפּעטער האָט ער זי אַ פרעג געטאָן ווי ער זאָל די ווערטער דורכזייען דורך די ציין: — איך בין דער שולדיקער?

— איך באַשולדיק דיך נישט, נאָר וויל נישט זיין די באַוואָלטע. דערפירט דערצו האָסטו — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן דרייסט ווי זי זאָל אים שליידערן די ווערטער אין פּנים.

ער האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז ווי ער זאָל פאַררייסן דעם קאָפּ. די אויגן זיינע זענען געווען גרויס און דערשטוינט פון איבעררעשונג. איצט האָט זי אים אָנגעקוקט. זי איז געווען איבערצייגט, אַז נישט נאָר ער וווּנדערט זיך, נאָר שעמט זיך אויך. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אים אַ זאָג געטאָן: — גדעון, נישט אַזוי דאַרפן מיר זיך פונאַנדערגיין. נישט אַזוי האָב איך מיר פאָרגעשטעלט וועט עס זיין. צו מיין גאַנצן ווייטאָג דערלייגסטו מיר נאָך אַ שמערץ — זי האָט אָפּגעוואַרט און ממשיך געווען — אָבער — און זי איז שטיל געבליבן. ביידע האָבן געהערט די שטילקייט וואָס האָט געגליווערט ווי אַן אימה. ערשט אַ צייט שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן דרייסט: — איך וויל אַ גט!

גדעון האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. די עטלעכע ווערטער אירע האָבן אים אויפגעטרייסלט. ער האָט געברענט פון כעס. מיט אַ מאָל איז זיין פּנים געוואָרן שטאַר ווי אַ מאַסקע. די אַקסלען זיינע האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזט נאָר אין דעם מאָמענט האָט ער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין ווי ער זאָל קרישלען אַ שטיין. די קינבאַקן זיינע האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן. זיינע אויגן זענען געווען רויט מיט בלוט פאַרלאָפן און ער האָט אַ סיקע געטאָן ווי אַ שלאַנג: — דאָס קומט מיר? ער האָט נישט געקענט איבערטראָגן איר דרייסטקייט און חוצפּה.

זי האָט פאַרביסן די ליפּן. זי האָט באַשלאָסן בשום אופן אים נישט אָפּענטפערן. זי האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט און זיך צו אים אַ ווענד געטאָן: — גדעון. אַרויסזאָגנדיק זיין נאָמען האָט איר קול אַ ציטער געטאָן נאָר תיכף האָט זי זיך באַהערשט און ממשיך געווען — איך טו דאָס פאַר דיר, אַזוי האָט עס נישט געקענט בלייבן. דו האָסט אויך נישט געוואָלט עס זאָל אַזוי בלייבן. איך וועל גיין מיין וועג, דו דיינעם.

— וואָס וויל איך? — האָט ער ווי אַ וואָרטשע געטאָן און אפילו נישט אַ קוק געטאָן אויף איר.

— דינה האָט מיר אַלעס דערציילט — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן.

ער האָט אויסגעגלאָצט אויף איר אַ פּאָר גלייזיקע אויגן. איר האָט פאַרדראָסן אויף זיך פאַרוואָס זי האָט עס אים געזאָגט און אויך אין אים געווען נקמה.

אַ צייט שפּעטער האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. די פּלייצע זיינע איז געוואָרן קיילעכיק און ער האָט מיט אַ הייזעריקע שטימע אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך: — מיר גטן זיך.

אויך זי האָט זיך געפּאַסט. זי האָט זיך אויסגעגליכן. זי איז ווי גרעסער געוואָרן און געלאַסן נאָר מיט ווייטאָג אים אַ בעט געטאָן: שלעפּ נישט אָפּ, גרייט צו אַלע פאָרמאַליטעטן. איר קול האָט געציטערט ווי זי זאָל וויינען. זי האָט אַ זיפץ

געטאָן, אָפּגעאָטעמט און ערשט איצט שטיל אַ זאָג געטאָן: — אַזוי וויל דער גורל.

— דאָס איז אַלץ וואָס דו האָסט מיר צו זאָגן? — האָט ער אַ שטאַמל געטאָן און דער קאָפּ זיינער איז ווי העגנגען געבליבן.

אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן, אים נישט געענטפערט. ערשט שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל זיך האָבן קלאָר געמאַכט איר מצב: — דאָס איז דער סוף פון אונדזער משפחה וואָס האָט נישט מצליח געווען.

— איך בין דער שולדיקער? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן און זי אָנגעקוקט.

די ליפּן אירע האָבן עטלעכע מאָל זיך אַ באַוועג געטאָן ווי זי זאָל וועלן רעדן נאָר זי האָט געשוויגן. אַ צייט שפּעטער האָט זי אים יאָ געענטפערט אָן כעס און אָן געפיל פון נקמה: — זיכער בין איך דער גורם און איך בין נישט אין כעס אויף דיר. איך וועל דיך שטענדיק געדענקען — זי האָט זיך צעיאָמערט נאָר באַלד האָט זי פאַרביסן די ליפּן און פאַרביילט די פויסטן, זיך געצוווּנגען נישט וויינען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן: — ווען מיר האָבן זיך באַקענט — איר אונ־טערשטע ליפּ האָט אַ ציטער געטאָן, זי האָט אַ זיפץ געטאָן און אַריינגעשטופּט זיך אַ פויסט אין מויל, איינגעביסן די ציין אין איר. דאָך האָט זי זיך איינגעבראָכן. זי האָט זיך צעוויינט אויפן קול און איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

ער האָט מיט ביידע פויסטן זיך אַ זעץ געטאָן אין ברוסטקאַסטן. דער קלאַפּ האָט אָפּגעהילכט איבערן צימער און ער האָט אַ ריטשע געטאָן: — וואָס אַלץ איז מיר באַשערט — און ער האָט אַ קרעכץ געטאָן — אָהה! — ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים וואָס פאַלט.

# לא

עס האָט גערעגנט מיט איבעררייסן. דער הימל איז כסדר געוואָרן באַלייגט מיט געדיכטע וואָלקנס. ווי נאָר דער רעגן האָט אויפגעהערט און אַ פלעק אויפן הימל האָט זיך אויסגעלייטערט האָט אַ קאַלטער ווינט אַ ריס געטאָן. די טעג זענען געווען טריבע און נאַסע. תמר איז שוין עטלעכע טעג אין שטוב. פון דעם שבת אָן פון זינט זי האָט אָפּגערעדט מיט גדעונען אַז זיי גטן זיך איז זי מער נישט אַרויס צו דער אַרבעט. זי האָט זיך געשלייכט איבערן צימער ווי אין אַ שטייג. זי איז געווען איבעריק זיך אַליין, נישט געהאַט זיך ווו אַהין צו טאָן. ווען זי איז מיד געוואָרן, דערפילט די פוסטקייט פון איר צייט האָט זי זיך אויסגעצויגן אויף דער סאָפע מיט די אויגן צו דער סטעליע אַרויף. זי איז אַזוי געלעגן ביז עס איז איר נמאס געוואָרן און זי האָט זיך איינגעקאָרטשעט, ווי אַריינגעקראָכן אין זיך, נישט געוואָלט זען איר אַרום, דאָס צימער. נאָר באַלד איז זי אויפגעשפּרונגען נישט געקענט איינליגן. זי איז צו צום פענצטער און געקוקט, געזוכט קאָנטאַקט מיטן לעבן, זיך געשראָקן זיין אַליין. אין איר האָט געברויזט אַן אומרו. זי האָט זיך געשראָקן פאַר דעם אַלעם וואָס עס דערוואַרט איר.

זי איז אין משך פון דער צייט געווען עטלעכע מאָל ביי שאולן אין שטוב. טל און אויך שאול זענען געקומען און זי געגומען פון שטוב. אין איינעם אַ בין־השמשות, זי האָט נישט געקענט איבערטראָגן איר זאָרג און איר עלנט, זי איז זיך אַליין געוואָרן איבערדריסיק, איז זי אַליין אַוועק צו שאולן. ביי אים אין שטוב האָט זי געפונען די משפחה־היימישקייט נאָר נישט איר רו. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע אירע כוחות זי זאָל זיין האַרציק. זי האָט געוווּסט, אַז זי מוז עס טאָן, אָבער מער ווי קאָרעקט האָט זי נישט געקענט זיין צו זיי. אירע געדאַנקען זענען נישט געווען דאָ מיט זיי. שאול האָט פאַרשטאַנען איר געמיט. ער האָט זי נישט געקוועלט מיט פּראָבלעמען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי מוז עס איבערקומען און זיך אָפּקומען.

טל איז אַרום איר אַרומגעגאַנגען, איר דערלאַנגט און זי געבעטן עסן און פון דער זייט זי באַטראַכט. טל האָט זיך אויך באַמיט איר לייסטן געזעלשאַפט. זי האָט איר דערציילט, אַז זי האָט זיך געקויפט אַ ניי בוך נאָטן, שוין דאָס דריטע נאָטנבוך, האָט זי איר אויפגעקלערט, אַז זי מאַכט פאַרשריטן אין שפּילן. זי האָט איר אויך דערציילט, אַז ורדה, איר שול־חברטע, האָט געבורטסטאָג און די עלטערן אירע מאַכן איר מוצאי־שבת אַן אָוונט און זי וועט שפּילן. זי האָט כסדר איר דערציילט און דערציילט. זי איז געווען צופרידן, אַז זי האָט וועמען צו דערציילן.

תמר האָט זי אויסגעהערט מיט אינטערעס. איר פּנים איז דערביי געווען רויִק און גוטמוטיק. תוך כדי דיבור האָט טל נישט איין מאָל איר אַ זאָג געטאָן: תמר ווייסט אָדער תמר איך זאָג דיר. ווען טל האָט זי גערופן ביים נאָמען האָט תמר אַ שמייכל געטאָן. טל האָט זיך שוין דערלויבט און איין מאָל איר אַראָפּגענומען אַ פעדעמל פון קליידל, אַ צווייט מאָל האָט זי איר אויסגעגליכן דאָס קעלנערל פון קליידל. דאָס לעצטע מאָל ווען טל האָט איר אַ זאָג געטאָן: — תמר, איך וועל דיר דערלאַנגען אַ סענדוויטש — האָט תמר אַ גלעט געטאָן איר פּנים און איר געענטפערט — ניין, מיין קינד — און זיך אויך צעשמייכלט. תמר האָט ביי זיי ביז איצט קיין מאָל נישט געגעסן. זי האָט נאָר געטרונקען אַ גלאָז טיי. צו וואָס טל האָט זי מאַנכעס מאָל יאָ געצווּוּנגען אַז זי האָט גענומען אין מויל אַ צוקערל אָדער אַ שאָקאָלאַדקע.

תמר האָט זיך קיין מאָל ביי זיי נישט פאַרזוימט. זי האָט נישט געקענט אייַנזיצן. אַן אומרו האָט זי געטריבן. איר האָט זיך געדאַכטן כסדר, אַז זי פאַרשפּעטיקט עפּעס. נאָר ווען זי איז זיצן געבליבן אַ פאַרטראַכטע האָט נישט טל און נישט שאול וואָס איז אַריינגעקומען פון הויף זען וואָס זי טוט, איר נישט געשטערט. זי איז געזעסן מיט זיי און איז געווען אַליין מיט זיך. ווען זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן וואָס מיט איר קומט פאָר האָט זי אַ קוק געטאָן אויף שאולן ווי אַ שולדיקע און אים געדאַנקט מיטן בליק און שטיל אַ זאָג געטאָן: — זיך ווידער פאַרטראַכט.

שאול האָט איר נישט געענטפערט. ער האָט נאָר גוטמוטיק אַ שמייכל געטאָן און אַ שאָקל געטאָן איר מיטן קאָפּ. ער האָט נישט געוואָלט זי צווינגען צו רעדן. ער האָט געוווּסט וואָס זי לעבט איבער. ער האָט געוואָלט און זיך באַמיט זי זאָל

איבערקומען דאָס אַלעס. ער האָט געלאָזט רעדן טלן זי זאָל פאַררעדן תמרן, זי אָפּרייסן פון אירע מחשבות. טלן איז טאַקע געלונגען שטילן תמרס מוטער־געפילן.

תמר האָט מיט פרייד מיט איין האַנט געהאַלטן אַרומגענומען טלן אין דער טאַליע און זי געהערט דערציילן: — צום זומער וועל איך זיך קויפן אַ פּאָר תנ"ך־סאַנדאַלן. ביים ענדע שול־יאָר וועט אונדזער קלאַס מאַכן אַן אויספלוג אין די הרי ירושלים. זי האָט אויסגעהערט מיט אינטערעס און דאַנקבאַרקייט און צו אַלעם איר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. תמר האָט נישט געקענט אַרויסברענגען פון זיך, איר זאָגן אַ וואָרט.

זי איז געווען נישט זיכער. זי האָט געלעבט מיט דעם געפיל, אַז אַלץ איז נאָר אויף דערווייל. שאול האָט זיך אויך צוגעהערט צו טלס פלוידערייען און געשוויגן, נאָר ווען אין איינעם פון די געשפּרעכן האָט טל אַ זאָג געטאָן „דרוריתס עלטערן" (דרורית איז געווען איר שול־חברטע) — האָבן זיך געברענגט אַ פּאַרנירטן טיש מיט געבעטענע בענקלעך — און זי האָט אויך תמרן פאַרגעשלאָגן — ווען דו וועסט קומען צו אונדז וועלן מיר אויך ענדערן די צימערן — האָט שאול שטרענג איר אַ זאָג געטאָן „טל" ווי ער זאָל זי אויפמערקזאַם מאַכן און אויף איר אַ קוק געטאָן מיט פאַרוואורף. טל איז רויט געוואָרן און איז אַרויס פון צימער ווי זי זאָל גיין עפּעס דערליידיקן. „דאָך אַ קינד" — האָט שאול אַ זאָג געטאָן, זי פאַרטיידיקט.

— און אַ גוט קינד — האָט תמר אים געענטפערט.

שאול האָט פאַרמרוזשעט די אויגן. די הויט אין די אויגן־ווינקלען האָט זיך אים אַ פעלבל געטאָן פון פרייד. על פּי רוב האָט ער געשוויגן נאָר פון מאָל צו מאָל ביי אַ געלעגנהייט האָט ער זי אַ פרעג געטאָן: — ווי האַלט עס? ער איז געווען נייגעריק וויסן ווי ווייט זי האַלט מיטן גט.

ער טוט דערין — האָט זי יעדעס מאָל אים געענטפערט. ער האָט געוווּסט, אַז איר איז שווער וועגן דעם צו רעדן און האָט מער נישט געפרעגט.

נאָר ביי איר לעצטן באַזוך, ווען טל איז אַריין אין קיך אָפּוואַשן די כלים פון מיטאָג, האָט זי אַליין אים אַ זאָג געטאָן: — די טעג וועט גדעון שוין וויסן ווען דער גט וועט צו שטאַנד קומען. זי האָט גערעדט שטיל, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, ווי זי זאָל אַריינרעדן אין אַ ליידיקע פאַס.

שאול איז אויפגעשפּרונגען און איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל ווי עס זאָל אים האָבן פאַרפעלט אָטעם. ער האָט געשטעלט אַ טריט, זי אָנגענומען ביי ביידע הענט און זי אויפגעשטעלט. ער האָט זי אַרומגענומען און זי האָט אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט. ער האָט זיין פליישיקן קאָפּ אָנגעלענט אויף איר קאָפּ און געסאָפּעט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוריק אויפגעהויבן זיין קאָפּ. די אויגן זיינע זענען געווען רויט ווי אָנגעשוואָלן און ער האָט איר אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל איר אויפקלערן, זי איבערצייגן: — אויך איך האָב שוין אַלעס צוגעגרייט. דעם זעלבן טאָג נאָכן גט וועלן מיר חתונה האָבן.

זי האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ ווי ער זאָל זי האָבן איבערגעוועקט. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע פול שטוינונג אויגן ווי ערשט איצט זאָל איר

האָבן קלאָר געוואָרן פּאַרוואָס זי גט זיך. שאול האָט געוואָלט איר נאָך עפּעס זאָגן נאָר ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין דער ווײַט ווי ער זאָל אַריבערקוקן איבער איר. ערשט שפּעטער האָט ער איר שטיל אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל זי נישט וועלן איבער־ראַשן: — קום עס איבער.

— אַזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן און אים אָנגעקוקט, געוואָלט זײַן זיכער.

— יאָ — האָט ער איר געענטפערט.

זי האָט אים אָנגענומען בײַם האַלדז, זיך צוגעבויגן צו אים און אים אַ קוש געטאָן. ער האָט מיט בײדע הענט אַרומגענומען איר פּנים און איר אויסגעקושט די אויגן. טל איז שטיין געבליבן הינטער זײ. זי האָט נישט געוואָגט גײן ווײַטער. שאול, וואָס האָט מער געהערט אירע טריט ווי זי געזען, האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט, זי אַ ציִ געטאָן צו זיך און אויך אַ קוש געטאָן טלן. תּמר האָט ווידער אַ קוש געטאָן שאולן און אויך טלן. טל האָט זיך צו איר געטוליעט ווי צו אַ מאַמע.

# לב

ווען סמדר האָט איבערגעריסן מיט גדעונען אין טבריה איז זי אַהײמגעפאָרן. זי איז אָנגעקומען קײן רבד שוין אין דער נאַכט. זי איז שטײן געבליבן בײַם אײַנגאַנג־טויער ווי אַ געלײמטע און נישט געקענט אים איבערשפּרײזן. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. זי האָט נאָר געזען פון ווײַטנס די בנינים־קאָנטורן און די ליכטשײַן אין די פענצטער. זי איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפטע און נישט געדענקט, אַז זי דאַרף גײן ווײַטער. זי האָט געציטערט פון שרעק און אומבאַהאָלפנקײט.

סמדר האָט זיך געפילט עלנט, פאַרלאָזן און פאַרמאַטערט פון וועג און אירע איבערלעבונגען. זי איז אַוועק פון גדעונען נאָר מיט די געדאַנקען און געפילן איז זי געבליבן בײַ אים. די גאַנצע צײַט וואָס זי איז געפאָרן אין אויטאָ האָט זי געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן און איבערגעלעבט די אָנרעגונגען וואָס זי האָט געהאַט מיט אים. זי האָט ווידער געזען ווי ער קומט צו איר אין קיבוץ און דערנאָך אין טבריה און ווי זײ זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס און ווי ער האָט יעדעס מאָל אײַנגע־פרעסט זײַנע צעבריטע ליפּן אין איר הײסן האַלדז. זי האָט ממש געפילט זײַנע פינגער וואָס האָבן געגלעט אירע האָר ווי ער זאָל זײ אָנלײגן, זיך געשפּילט מיט איר. זי האָט געזען ווי ער שפּרינגט אויף פון בענקל, בײלט די פויסטן און קריצט מיט די צײן פול רציחה, פּראַלט אויף די טיר און לויפט אַרויס, זי געלאָזט אַלײן. איר קלינגט אין די אויערן זײַן לעצטע פראַגע וואָס גײט איר נאָך, באַגלײט זי:

— וואָס האָסטו באַשלאָסן? — און איר ענטפער: — דערווײַל פאָר איך אַהײם.

דער רוקזאַק וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך און דאָס רענצל וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט האָבן זי אַ ציִ געטאָן צו דער ערד. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן

און אַנידערגעקניט אַ מידע. אַ צייט לאַנג האָט זי געקניט אַן אַנגעלענטע אויפן רענצל און די פינצטערע נאַכט איבער איר. נאָר ווען די קעלט האָט איר אַדורכ־געמומען און זי האָט אַ ציטער געטאָן האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

אירע אויגן האָבן אַ בלאַנדזשע געטאָן איבער דער סביבה. זי איז געווען פינצטער. זי האָט זיך אויפגעשטעלט, גענומען גיין. זי איז געגאַנגען ווי אַ שאָטן זאָל זיך שלייכן. זי איז געגאַנגען מיט זייטיקע שטעגן נישט געוואָלט טרעפן מענטשן. מענטשן פון קיבוץ וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען האָבן אַפילו נישט אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס איז סמדר.

זי איז געגאַנגען און געציטערט. אַלעס אין איר האָט געוויינט. זי איז געגאַנגען און זיך איינגעחזרט: „דאָס איז די היים פון וועלכער איך קען נישט אַוועק אַפילו מיט גדעונען און דאָך איז איצט אַלעס מיר אַזוי פרעמד".

די טיר איז געווען אָפן. זי איז ווי אַריינגעפאַלן צו די עלטערן אין שטוב. אלעזר, איר פאָטער אַ ייִד וואָס די אַרבעט האָט אים שטאַרק געמאַכט און די צייט גרוי, איז געזעסן ביים טיש. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. די צייטונג איז אים אַרויסגעפאַלן פון די הענט. זיינע אויגן זענען געווען דערשטוינט, זיין מויל צעדזאָוועט. סמדר איז געשטאַנען ביי דער טיר ווי עפּעס אַ פרעמדע. איר קלייד איז אויף איר געהאַנגען. דאָס פּנים אירס איז געווען גרוי, די אויגן מאַט, אויסגעלאָשן.

— פירה! — האָט דער פאָטער יאָמערלעך אַ שריי געטאָן ווי ער זאָל קרייען. זיין קול האָט זיך איינגעבראָכן.

די מוטער אין שלאָפראָק איז איילִיק אַרויס פון באַדצימער אַן אויסגעצוואָ־גענע. זי האָט אַ קוק געטאָן ווער עס איז געקומען און האָט אויך יאָמערלעך אַ שריי געטאָן: — סמדר! — און פאַרבראָכן די הענט. דער פאָטער האָט זיך אויפגעשטעלט ווי ער זאָל אויף זיך האָבן אַ משא. פירה די מוטער איז צוגעפאַלן צו דער טאָכטער און זי געהאַלדזט. דאָס רענצל איז סמדרן אַרויסגעפאַלן פון האַנט. דער פאָטער וואָס האָט די גאַנצע צייט זי באַטראַכט האָט איצט אַ זאָג געטאָן: „גענוג!"

פירה האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע פאַרטרערטע אויגן. איר טרער האָט נישט געהאַט קיין כוח זיך אויסגיסן.

— לייג זי אַוועק, זאָל זי זיך אָפּרוען — האָט דער פאָטער ווי באַפוילן. די מוטער האָט פון איר אַראָפּגענומען דעם רוקזאַק, זי אַריינגעפירט אין צווייטן צימער און אין דער פינצטער זי אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע.

ווען די מוטער איז צוריקגעקומען איז זי שטיין געבליבן דעם פאָטער אַנטקעגן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און נישט געזאָגט זיך אַ וואָרט. זייערע בליקן זענען געווען איבערגעשראָקענע, דערשטוינט פון דאגה.

ביידע, סיי דער טאַטע, סיי די מאַמע זענען די נאַכט נישט געשלאָפן. זיי זענען געלעגן מיט אָפענע אויגן איינגעקוקט אין דער פינצטער. די מוטער האָט זיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער און די ברייטע סאָפע איז איצט

געוועזן איר קליין. זי האָט נישט געאָטעמט נאָר געפּרייכט. זי האָט יעדע ווײַלע אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, געהאָרכט צי סמדר שלאָפט. דער פאָטער איז געלעגן מיט איבערגעוואָרפענע הענט איבערן קאָפּ ווי ער זאָל זיך ווערן פאַר אַ שטורעם־ווינט און געשטיקט זײַן אָטעם קיינער פון די בײַשלעפער זאָל נישט הערן, אַז ער איז וואַך. ער איז געלעגן מיט פאַרביסענע ציין און נישט געקענט זיך שענקען פאַר וואָס ער האָט געלאָזט די טאָכטער אין דער פרעמד אַריין, פאַר וואָס ער איז נישט געשטאַנען דערויף, אַז גדעון זאָל קומען צו אים אין שטוב מיט אים רעדן. ער האָט אויך זיך פאַרגעוואָרפן אַז ער האָט נישט געהאַנדלט ווי אַ טאַטע, פאַר וואָס ער איז נישט צוגעפאָרן צו דער טאָכטער קיין טבריה אַדורכרעדן זיך מיט איר נאָך דעם ווען פירה איז צוריקגעקומען און אים דערציילט דעם אמת. ער האָט אָן אויפהער איבערגעטראַכט ווי אַזוי ער דאַרף זיך נוהג זײַן ער זאָל סמדרן אַרײַנפירן צוריק אין קיבוץ־לעבן זי זאָל פאַרגעסן איר דורכפאַל. ער איז געלעגן וואַך און נאָכגעקלערט ביז ער האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ און האָט אײַנגעדרימלט.

סמדר איז געלעגן אָן אײַנגעקאָרטשעטע ווי אַ מושלע ווען זי דערפילט געפאַר. זי איז געלעגן און זיך נישט אַ ריר געטאָן. איר קערפּער איז געוועזן שטאַר ווי זי זאָל זײַן געליימט. זי איז געלעגן מיט אָן אָפן מויל און געפיבערט. זי איז געוועזן פול טרערן און נישט געקענט וויינען. די אברים אירע האָבן געציטערט פון ווייטאָג, פון בענקשאַפט און פון אימה. פון אומבאַהאָלפנקייט האָט זי געביסן די פינגער.

זי האָט געהערט ווי טאַטע־מאַמע וואַלגערן זיך אויף די געלעגערס און נישט געקענט צו זיי רעדן. זי האָט געוואָלט אַראָפּ פון בעט, געוואָלט לויפן און שרייען. זי האָט אָבער נישט געקענט אויפהייבן דעם קאָפּ. זי האָט געוואָלט יאָמערן פון ווייטאָג און נישט געוואַגט. זי איז געווען עלנט און פאַרמאַטערט אָן יעדן מעגלעכן אויסוועג.

שוין מיטן קאַיאָר האָט דער פאָטער אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ פינגער אין יאיר׳ס פענצטער. דאָס איז געוועזן דער קעגנזײַטיקער פאַראַל צווישן טאַטן און דער זון. יאיר, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער יונגערמאַן מיט אַ לענגלעך פליישיק פנים, מיט דער טונקל בלאָנדער טשופּרינע, איז געוועזן ענלעך צו דער מוטער. ער האָט דערשטוינט אַ קוק געטאָן אין פענצטער. נאָך אַ פאַרשלאָפענער האָט ער שנעל פאַרצויגן דעם הויזן־רימען איבער די אַרויפגעצויגענע אויף זיך הויזן און אַ באַרוועסער אַרויס צום פאָטער.

אַ ווײַלע האָבן בײדע געשוויגן. דער פאָטער האָט געוואָלט אים אַלעס דערציילן נאָר ער האָט נישט געקענט רעדן, אים איבערגעבן דער טאָכטערס צער און טראַגעדיע.

— טאַטע! — וואָס איז געשען?! — האָט יאיר אָן אויפגעציטערטער אים אַ פרעג געטאָן.

— סמדר איז צוריקגעקומען — האָט דער פאָטער אַ שטאַמל געטאָן. זײַן קול האָט געציטערט פון אויפרעגונג. באַלד האָט ער שטיל צוגעגעבן ווי ער זאָל רעדן

צו זיך: — זי איז אויס מענטש. נישט מער די סמדר וואָס געווען. ער האָט גערעדט און געשטיקט אין זיך זיין געוויין.

יאיר האָט יאָ וועגן אַלץ געוווּסט. אים האָט די מוטער יאָ דערציילט וואָס סמדר לעבט איבער ווען זי איז צוריקגעקומען פון טבריה. אין מאָמענט איז דער שלאָף פאַרשוווּנדן פון זיינע אויגן. — עס איז גאָרנישט געשען. גוט וואָס זי איז שוין אין דער היים — האָט ער ווי גלייכגילטיק געענטפערט דעם פאָטער.

דער פאָטער האָט דערשטוינט אים אָנגעקוקט. יאיר האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, נישט געקענט זען דעם פאָטערס איבערגעשראָקענעם קוק. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אים אַ זאָג געטאָן: — טאַטע, גיי אין שטוב. אַלעס וועט זיך איינאָרדענען. סמדר איז גענוג קלוג. זי וועט אַלעס איבערקומען.

— הלוואי! — האָט דער פאָטער אַ שטאָמל געטאָן און אַוועק צוריק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

יאיר איז אַריין אין שטוב און באַלד צוריקגעקומען אַ באַרוועסער נאָר מיט אַ לייבל און די הויזן אויף זיך און רויכנדע פּייקע צווישן די ציין. ער האָט זיך אָנגעלענט אין דער איינגאַנגס־טיר. די אויגן זיינע זענען געווען פאַרגליווערט. ער האָט געקוקט ווי אין זיך אַריין און געפּיפּקעט די פּייקע. די קנוילן רויך האָבן געשוועבט אַרום אים און געהילט זיין קאָפּ אין אַ רויך־וואָלקע.

ערשט ווען דער נידעריקער באַלייבטער ייִד, וואָס האָט אין גיין אויסגעזען ווי אַ פּניאַק וואָס קאָלערט זיך, האָט אים אַ זאָג געטאָן: — יאיר, גוט מאָרגן! — האָט ער זיך אָפּגעריסן פון דער פּוטרינע און אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ ווי ער זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט און אייליק אים געענטפערט: — אַ ליכטיקן מאָרגן דיר שרגא — און איז שנעל אַריין אין שטוב.

טעג איז סמדר נישט אַרויס פון שטוב. זי האָט זיך געשלייכט ווי אַ שאָטן איבער דער קליינער דירה ווי אַ חיה אין אַ שטייג און געשוויגן. זי איז נישט געשלאָפן נאָר געדרימלט. דער טאָג מיט דער נאַכט האָבן זיך ביי איר צונויפֿ־געגאָסן. זי האָט פאַרגעסן די צייט, נישט געדענקט דעם טאָג. ווי לאַנג טאַטע־מאַמע האָבן זיך געפּאָרעט אין שטוב איז זי געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן זי זאָל זיי נישט זען און זיי זאָלן מיט איר נישט רעדן.

ווי נאָר זיי זענען אַרויס פון שטוב האָט זי זיך אַ ריס געטאָן פון דער סאָפע ווי זי זאָל זיך איילן, נישט וועלן פאַרשפּעטיקן. זי האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך די גרינע לייוונטענע הויזן און דאָס סיצענע אָן אַרבל בלוזקעלע, שנעל זיך פאַר־קעמט און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שפּיץ געזעס אָדער זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער, געקוקט, געוואָרט גדעון זאָל קומען.

איר פּנים איז געוואָרן לענגער, אירע באַקן אָפּגעצערט, די ליפּן אירע בלוי, און די אויגן מאַט. אפילו אירע רויטע האָר האָבן פאַרלוירן זייער גלימער. זי האָט זיך נישט נאָר נישט געניטיקט אין מענטשן נאָר געווען זיך אַליין איבעריק. אי דער טאַטע און אי די מאַמע זענען אין משך פון טאָג אַריינגעלאָפן עטלעכע מאָל אַ קוק טאָן וואָס זי טוט, ווי זי פירט זיך אויף און יעדעס מאָל זיך אַ פּאָרע געטאָן

ווי זיי זאָלן האָבן געקומען עפּעס נעמען. סמדר האָט געביסן די ליפּן און געשוויגן. זי איז געווען אַריינגעטאָן אין זיך ווי זי זאָל זיי נישט זען. אויך ווען דער פֿאָטער האָט געפּרוּווט מיט איר פֿאַרפֿירן אַ שמועס אָדער זי אַ פֿרעג טאָן: — סמדר, ווילסט עפּעס? — האָט זי אים אָנגעקוקט מיט גרויסע, אויסגעגלאָצטע אויגן ווי אַ פֿרעמדן. זי האָט נישט פֿאַרשטאַנען וואָס ער וויל. אַ פֿאַרצווייפֿלטער האָט ער פֿאַררויכערט אַ סיגאַר, זיך פֿאַרצויגן, כמעט אַראָפּגעשלונגען דעם רויך און אַ דערשלאָגענער צוריק אַרויס פֿון שטוב.

די מוטער האָט איר געטראָגן עסן ווי פֿאַר אַ קראַנקן און זיך געהיטן און זיך איינגערעדט, אַז קיינער פֿון די חברים זעט נישט און ווייסט נישט, אַז סמדר געפֿינט זיך ביי זיי אין שטוב. יעדעס מאָל ווען די מוטער האָט איר סערווירט דאָס עסן האָט זי אַ רוף געטאָן און געזאָגט: — סמדר, גיי עסן — און באַלד אַוועק פֿון שטוב. פּירה האָט געוווּסט, אַז אין איר אָנוועזנהייט וועט זי נישט עסן. דאָס עסן איז געשטאַנען, געוואָרן געסטאַיעט און זי האָט זיך נישט צוגערירט דערצו. ערשט ווען זי האָט שוין נישט געקענט איבערטראָגן מער איר הונגער האָט זי זיך אַוועק־געשטעלט עסן. זי האָט געגעסן שנעל, געשלונגען ניט צעקייעטע שטיקער, ווי זי זאָל מורא האָבן, אַז מען וועט עס איר אַוועקנעמען.

אַ פֿאַרמאַטערטע פֿון איר פּיין און בענקשאַפֿט האָט זי אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די בגדים און זיך אַרונטערגעשטעלט אונטערן טוש, זיך געצוואָגן ווי זי זאָל וועלן די טראָפּנס וואַסער זאָלן פֿון איר אָפּשווענקען איר צער און בענקשאַפֿט. שטייענדיק אונטערן וואַסער־שפּריץ האָט זי זיך געטאַפּט איר בויך און די ברוסטן. זי האָט פּשוט געוואָלט פֿילן, זיך איבערצייגן, אַז זי עקזיסטירט. זי האָט אָבער זיך געהיטן אַ קוק טאָן אין שפּיגל אויף דער וואַנט. זי האָט זיך נישט געוואָגט זען איר אייגן פּנים.

עטלעכע טעג שפּעטער איז יאיר אין אַ צעכראַסטעטע העמד, די הויזן אַריינ־געלאָזט אין די גומענע שטיוול, שטיין געבליבן אונטער אַ ווינקל פֿון אַ מויער און געוואַרט. ווי נאָר ער האָט באַמערקט די מוטער, וואָס איז געגאַנגען צו דער אַרבעט, איז ער שנעל, קיינער זאָל נישט מערקן, אַריין צו סמדרן.

ער איז שטיין געבליבן אין דער טיר, נישט געקענט איבערשפּרייזן די שוועל. סמדר איז געזעסן אַ געבוקטע מיט צונויפֿגעדריקטע קניען, איין האַנט פֿינגער פֿאַרפֿלאָכטן אין דער אַנדערער, פֿאַרקוקט אין רוים ווי עס זאָל זיצן אַן אַלטע פֿרוי. זי האָט מער אים דערפֿילט ווי געזען. זי האָט אויפֿגעהויבן אירע שטאַרע, אויסגע־גלאָצטע אויגן און דערשטוינט אים באַטראַכט. אַ ווײַלע האָבן ביידע זיך אָנגעקוקט אָן אַ ריר צו טאָן זיך פֿון אָרט און אָן צו זאָגן זיך אַ וואָרט. מיט אַ מאָל האָט ער היסטעריש אַ שריי געטאָן: — סמדר! ווי עס זאָל פֿון אים האָבן אַרויסגעשריגן. זי האָט אַפֿילו נישט אַ ריר געטאָן מיט אַ פֿינגער. אַ צייט האָבן ביידע געשוויגן. די שטילקייט אין דעם לענגלעכן צימער מיט דער פֿאַרגלאָזטער טיר און דעם פֿענצטער אַנטקעגן איז געווען אימהדיק.

אינסטינקטיוו האָט יאיר זיך צוריקגערוקט אַ טריט, נאָר אין מאָמענט האָט

ער זיך צוריק צוגערוקט צו איר און איז שטיין געבליבן איר אַנטקעגן און שטיל איר אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל זיך ביי איר בעטן: — סמדר, געשען, פאַרגעס, ביסט יונג און שיין, נישט איין בחור איין רבד וואַרט אויף דיר. ערשט איצט האָט אַ יאָמערלעך געוויין אַ טרייסל געטאָן זי ווי אין אַ קאָנוולסיע. זי האָט נישט געקענט רעדן און נישט וויינען. זי האָט נאָר אַנגעלענט איר קאָפּ אין דער וואַנט און געבליבן ווי אַ פאַרחלשטע.

ער האָט זי פאָרזיכטיק אַרומגענומען צאַרט ווי ער זאָל האַלטן גלאָז אין די הענט און פון צער געביסן די ליפּן. זי האָט שטיל געזיפצט ווי עס זאָל איר שווער זיין אָטעמען. זי האָט דערפילט אַ דערלייכטערונג. זי, אין איר עלנט, האָט זיך געגוויטיקט אין דעם ביסל צאַרטקייט.

מיט אַ מאָל איז זי שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און שטאַרע, פאַרגלייזטע אויגן. יאיר איז שטיין געבליבן אַ דערשיטערטער און באַלד איז ער מיט קליינע, פּאַמעלעכע טריט אַרויס פון שטוב ווי ער זאָל אַוועקגיין פון אַ מת.

ווי נאָר זי איז ווידער געבליבן אַליין האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער סאָפע און ליגן געבליבן ווי אַן אָנגעוואָרפענע קופּע.

יאיר איז אַוועק צו דער אַרבעט נאָר אויפן וועג איז ער אָפּגעטרעטן ביים ווייב.

חסיה, אַ הויכע, פליישיקע פרוי מיט גרויסע שוואַרצע אויגן און שוואַרצע אונטערגעשוירענע האָר, האָט געאַרבעט אין פּראָדוקטן־שפּייכלער. ווי נאָר זי האָט דערהערט זיין פייף, האָט זי אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון פענצטער. — וואָס איז? — האָט זי נייגעריק אים אַ פרעג געטאָן. איינזעענדיק זיין פאַרזאָרגט פּנים האָט זי אים געפרעגט: עפּעס געשען?

— סמדר הערשט נישט איבער זיך — האָט ער שטיל איר געענטפערט און אַ קוק געטאָן צי קיינער האָט נישט געהערט.

פון איבעררעשונג האָט חסיה פאַרצויגן די ליפּן און אַן אויפגעטרייסלטע אים אַ פרעג געטאָן: — ווי קען עס זיין?

ער האָט איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, באַשטעטיקט זיינע רייד און באַדויערט זיין שוועסטער. נאָר באַלד האָט ער זי אַ בעט געטאָן: גיי צו איר אַריין, מען מוז איר העלפן.

חסיה האָט אויסגעדעמט אירע ליפּן. די נאָז אירע איז געוואָרן שפּיציק און אַ פאַרקלערטע האָט זי אים געזאָגט ווי זי זאָל ציילן יעדעס וואָרט און רעדן צו זיך: — ניין, דאָס וועל איך טאָן אין אַ פּאַסיקן דערצו מאָמענט.

יאיר האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, שטיל איר אַ זאָג געטאָן „שלום" און איז אַוועק צו דער אַרבעט. זי איז שטיין געבליבן אַ פאַרקלערטע. ווען זי האָט אים געענטפערט שלום איז ער שוין געווען ווייט. זי איז אַוועק צו איר אַרבעט.

ווער עס איז יאָ געקומען צו סמדרן איז עס געווען מאַיאַ, איר אַמאָליקע שכנה אין צימער. פון צער און עגמת נפש האָבן סמדרס עלטערן געשוויגן. זיי האָבן פּשוט זיך געשעמט רעדן מיט מאַיאַן. זיי האָבן אויף איר באַגריסונג געענטפערט „שלום" און זענען אַרויס פון צימער. זיי האָבן זיי געלאָזט אַליין און אין האַרצן

געבעטן, אַז מאַיאַן זאָל געלינגען אויף איר ווירקן, נאָר זייער געשפּרעך איז געווען איינזייטיק, גערעדט האָט מאַיאַ. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט, זי האָט געוואָלט סמדרן צוריק אַריינפירן אינעם לעבן. עטלעכע מאָל האָט מאַיאַ אַ פּרווו געטאָן, זי געוואָלט פאַראינטערעסירן און איר דערציילט: „אַז מען בויט אַ גרויסע שטייג פאַר אינ־דיקעס, אַז מען פאַרגרעסערט די הינערשטייג און אַז רבד וועט האָדעווען הינער אויף פלייש און זי וועט פירן די שטייג". זי האָט איר דערציילט, אַז בועז מיכלס זון וועט זיין אַ פליִער אין צה"ל, אַז שי באַפרייט זיך די טעג פון מיליטער, אַז אין קורצן וועט מען אין רבד אָנהייבן בויען אַ נייעם גרויסן עס־זאַל. זי האָט איר אויך דערציילט, אַז מען פאַרגרעסערט די קינדערהיים און נאָך בחורות וועלן אַריין אין דער אַרבעט. דערמיט האָט זי געגעבן איר אָנצוהערן, אַז אויך זי קען דאָרט אַרבעטן. זי האָט זיך געהיטן און איר נישט דערציילט ווער עס האָט חתונה געהאַט און ביי וועמען עס איז געבוירן געוואָרן אַ קינד אָדער אַן איניקל. זי האָט פאַר־שטאַנען, אַז אַזאַ נייעס קען זי נאָר מער דערשלאָגן.

סמדר איז כסדר געזעסן אַ פאַרשטאַרטע, זיך נישט אַ ריר געטאָן און אַפילו נישט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג. מאַיאַ האָט קיין מאָל נישט געוווסט צי סמדר הערט זיך צו צו אירע רייד. מאַיאַ איז יעדעס מאָל זיצן געבליבן ווי די כוחות אירע זאָלן זי האָבן פאַרלאָזט און געוואַרט. דאָס זיצן איז געוואָרן איר איבערדריסיק. זי האָט אַ קוק געטאָן צי עס איז ווער דאָ אין שטוב אַ חוץ איר. ווי נאָר זי האָט געהערט, אַז עס פאַרעט זיך ווער אין צווייטן צימער האָט זי סמדרן אַ זאָג געטאָן „שלום" און איז אַוועק.

אַלע אין רבד האָבן געוווסט און געזען ווי פּירה נעמט אין קיך עסן און טראָגט עס אַוועק אין שטוב מיט געאייל עס זאָל זי ווער נישט אָפּשטעלן אין מיטן וועג. קיינער האָט זי נישט איבערגעפרעגט אָבער יעדער וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען זייער וווינונג האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער און געזען זיצן סמדרן אַ פאַר־טראָגענע אָדער ווי זי שלייכט זיך איבערן צימער. אַלע אין קיבוץ האָבן געשוויגן. קיינער האָט נישט געפרעגט ביי אירע עלטערן וואָס עס איז מיט איר געשען. די איינציקע אין קיבוץ, וואָס האָט זיך משער געווען און פאַרשטאַנען וואָס סמדרן איז געשען, איז געווען מאַיאַ, נאָר אויך זי האָט געשוויגן.

אין איינעם פון די טעג. דער מאָרגן איז געווען אַ זוניקער האָט מאַיאַ ווידער אַ מאָל אַ באַטראַכט געטאָן איר סטאַדע הינער, צי זיי פעלט גאָרנישט. צי אַלעס אין דער שטייג איז אויפן פלאַץ און זי איז אַוועק. מאַיאַ אין אירע בלויע, פאַר־שטויבטע הויזן און אין אַ ווייסן אָן אַרבל סוועטער האָט מיט אַ פאַמעלעכן און אויסגעצויגענע שריט זיך פאַרגנבעט און אַ קוק געטאָן דורכן פענצטער וואָס סמדר טוט. זי האָט אויפגעפּראַלט די טיר, אויפן קול איר אַ זאָג געטאָן „שלום!" און זי אַ פרעג געטאָן: — וואָס מאַכסטו? — ווי קיין מאָל גאָרנישט.

סמדר האָט זי אָנגעקוקט ווי זי זאָל זיך האָבן דערשראָקן און איז ווייטער געזעסן ווי אַ מומיע נאָר אירס אַ פּנים־נערוו האָט אַ ציטער געטאָן. מאַיאַס קומען און איר פראַגע האָבן זי דערמאָנט, אַז זי געפינט זיך אין רבד.

— וואָס הערט זיך אין דער גרויסער וועלט און אין די ווייטע שטעט — האָט מאַיאַ איראָניש זי אַ פֿרעג געטאָן. זי האָט געוואָלט מיט איר פֿאַרבינדן אַ שמועס און אין צווישן זי באַטראַכט פֿון דער זייט.

סמדרס גרויסע אויסגעגלאָצטע אויגן זענען געוואָרן מאַט, אויסגעלאָשן. זי האָט אין מאָמענט ווידער אַ מאָל דערזען ווי גדעון שפּרינגט אויף פֿון בענקל, פֿראַלט אויף די טיר און לויפֿט אַרויס, זי געלאָזט. זי איז אָבער געזעסן אויפֿן בענקל און זיך אַפֿילו נישט אַ ריר געטאָן, נאָר די אויגן אירע האָבן געפֿינטלט, און מיט אַ מאָל אַן עפֿן געטאָן ס׳מויל און פֿון איר האָט זיך אַרויסגעריסן אַ קלאַנג: — געענדיקט.

מאַיאַ האָט פֿאַרביסן די ליפּן. זי האָט זיך דערפֿילט שולדיק. איר האָט פֿאַר־דראָסן אויף זיך פֿאַר וואָס זי האָט פֿריִער נישט אַ טראַכט געטאָן וואָס זי זאָגט איר. אַ ווײַלע האָט מאַיאַ געשוויגן און נאָכגעטראַכט וואָס סמדר האָט סוף, סוף גערעדט. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף סמדרן צוריקברענגען מיט די געדאַנקען קיין רבד און צוריק זי אַרײַנפֿירן אינעם לעבן פֿון קיבוץ און האָט איר אַ זאָג געטאָן מיט חניפה: — איציק קומט צו מיר כסדר און פֿרעגט זיך נאָך אויף דיר.

אויך איצט האָט סמדר נישט רעאַגירט ווי זי זאָל נישט האָבן געהערט וואָס מאַיאַ האָט איר געזאָגט. אַ ווײַלע איז מאַיאַ געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפֿענע. זי האָט נישט געוווּסט ווי זי דאַרף האַנדלען. סמדר האָט איר לייד געטאָן, זי האָט געוואָלט איר העלפֿן און נישט געוווּסט ווי אַזוי. זי האָט געוואַרט, אויסגעקוקט אַ מאָמענט זי זאָל שוין קענען אַוועקגיין נאָר אין דער רגע האָט זי זיך אַ ווענד געטאָן צו איר: — סמדר, קום ווױנען מיט מיר — ווי זי זאָל ממשיך זײַן זייער איבערגעריסענעם שמועס.

סמדרס וויִעס איבער אירע מידע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן נאָר אַ ציטער געטאָן. מאַיאַ האָט זיך דערפֿילט נישט באַקוועם. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף זי מער נישט קוועלן און האָט אַ שטאַמל געטאָן, זיך פֿאַרענטפֿערט: — כ׳בין פֿאַרבײַגעגאַנגען, בין איך אַרײַן אַ קוק טאָן. איצט מוז איך שוין צוריק גיין צו דער אַרבעט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף סמדרן, שטיל איר אַ זאָג געטאָן „שלום״ און איז אַרויס פֿון שטוב.

דערבײַ האָט סמדר נישט אַ ריר געטאָן מיט אַן אבר ווי זי זאָל זײַן געליימט.

אויך בײַ סמדרס משפּחה איז די לאַגע געוועזן אַ באַדויערנדע. די חברים האָבן זיך באַמיט און זײַ געגאַנגען פֿון וועג. האָט ווער פֿון די חברים געמוזט פֿאַרבײַגיין זייער וווינונג האָט ער אַ קוק געטאָן אויף פּירהן צי אליעזרן פֿון אונטערן שטערן, האָט שנעל אַ מורמל געטאָן „שלום״ און איז אַוועק ווייטער. נישט געוועזן דאָס מאָל ווען ווער פֿון זײַ איז אַרײַן אין עס־זאַל און די ווײַבער וואָס זענען געזעסן בײַ איין טיש זאָלן זיך נישט אַ שושקע טאָן, ספּעציעל ווען זײַ האָבן אײַנגעזען פּירהן גיין. פּירה האָט קיין מאָל נישט געהערט וועגן וואָס די ווײַבער האָבן זיך געשושקעט, זי האָט אָבער געפֿילט, אַז דאָס שושקען זײַ זיך איבער סמדרן.

פּירה האָט אַלעס פֿאַרשוויגן נאָר זי האָט דאָס איבערגעקרענקט פּונקט ווי

אליעזר דער פּאָטער. ווען פּירה איז אַרײַן אין עס־זאַל האָט זי שוין בײַ דער טיר זיך אָפּגעזוכט מיט די אויגן אַן אָרט זי זאָל קענען זיצן אַליין. זי האָט אײַליק אָפּגעגעסן און אַוועק נעמען עסן פֿאַר סמדרן.

די צײַט וואָס זי און אליעזר האָבן זיך געפֿונען אין שטוב איז פֿאַר בײדן געווען אַן אָפּקומעניש. זײ האָבן צוזאַם מיט דער טאָכטער געליטן. בײדע האָבן געשוויגן, נישט געזאָגט זיך אַ וואָרט נאָר ווען פּירה האָט אַ קרעכץ געטאָן האָט אליעזר פֿאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן אַן אומבאַהאָלפֿענער. די לאַגע בײַ זײ אין שטוב איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז ווען פּירה האָט אַ זיפֿץ געטאָן האָט אליעזר פֿאַרביסן די צײן פֿון כּעס און עגמת־נפֿש. בײדע, וואָס זענען געווען שוין באַבע־זײדע, זענען געוווען זיך איבעריק. איבערן צימער האָט זיך געהערט דער אָפּהילך פֿון דער טאָכטערס טריט וואָס האָט געצוויקט זײער געוויסן און געריסן זײער געדולד ביז יאוש.

נאַכט, נאַכט איז סמדר געלעגן ביז שפּעט אַ וואַכע. די אויגן האָבן זיך איר פֿאַרמאַכט נאָר פֿון מידקײט. דעמאָלס האָט זי אַ דרימל געטאָן. טאָג, טאָג איז זי געזעסן אַ פֿאַרשמאַכטע אָדער זיך געשלײכט איבערן צימער אַן אָפּגעריסענע פֿון דער סבֿיבֿה, אָן וועלכן עס איז ווילן און פֿאַרלאַנג. זי האָט געבענקט און געשטאַרט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג און זיך געשטיקט אין די דלת אמות.

אין אײנעם פֿון די נעכט איז זי אַראָפּ פֿון בעט. אַ צײַט לאַנג איז זי געשטאַנען ווי אַ וואַנזיניקע מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ, אויסגעגלאָצטע אויגן און פֿונאַנ־דערגעלייגטע הענט. מיט אַ מאָל האָט זי זיך צעשלוכצט, געוויינט אָן טרערן. זי איז געווען אויסגעטריקנט, נישט געהאַט קײן טרערן שוין און איז אַרויס פֿון שטוב. „אַהה" — האָט זי אָפּגעאָטעמט. די נאַכט־קילקײט האָט זי אָפּגעפֿרישט און זי האָט זיך געלאָזט גײן אין דער אומענדלעכער נאַכט־פֿינצטער.

זי האָט דורכגעשפּרייזט דעם שלאָפֿנדן קיבוץ און זי איז אַרויס אויף די ברייטע פֿעלד־שטחים. זי האָט געשפּאַנט איבער די שטעגן און אַרײַנגעאָטעמט דעם נאַכט־טוי און דעם אויסגעשטאַנענעם פּלאַנצן־ריח. זי איז שטײן געבליבן אויפֿן זאַמד־ברעג און זיך אײַנגעהאָרכט אינעם שאָרך פֿון די כוואַליעס וואָס זענען אָן אויפֿהער פּאַמעלעך צוגעשווומען צום ברעג ווי זײ זאָלן אים וואַשן. זי איז געשטאַנען, געקוקט און מיט אַ מאָל ווי דערפֿילט די מרחקים פֿון אַרום און דערזען די אויפֿגייענדע לבֿנה.

די שפּאַצירן אירע האָבן אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. שוין די ערשטע נאַכט ווי נאָר דער פֿאָטער האָט דערפֿילט, אַז זי איז אַרויס פֿון שטוב האָט ער שנעל זיך אָנגעטאָן און איר נאָכגעגאַנגען פֿון ווײַטנס. בײדע, דער טאַטע און דער ברודער האָבן זיך געביטן. אײן נאַכט איז איר נאָכגעגאַנגען דער טאַטע — די צווייטע נאַכט — דער ברודער. ערשט מיטן קאַיאָר ווען זי האָט זיך אומגעקערט אין שטוב אַ פֿאַרמאַטערטע האָט זי זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף דער סאָפֿע און איז אײַנגעשלאָפֿן.

אין אײנעם אַ טאָג איז זי אַרויס פֿון שטוב ווי נאָר די זון האָט זיך געזעצט.

זי האָט געוואָלט זען דעם בין השמשות אויף די ברייטע פעלד־שטחים. ווי נאָר זי איז אַריבער די גרענעץ פון די קיבוץ־פעלדער, איז איר אַנטקעגנגעקומען שלמה. ער איז געווען דאַר און הויך ווי אויסגעצויגן, אַ מענטש אין די מיטלסטע יאָרן. זיין נאָז איז געווען דין און שיף, דער שטערן ברייט, פון אונטער וועלכן עס האָבן אַפּירגעקוקט צוויי שוואַרצע, טיף איינגעזעצטע אויגן. ער איז געווען דער אַרבעטס־פאַרטיילער. ער איז איר פאַרגאַנגען דעם וועג און שוין פון ווייטנס איר אַ זאָג געטאָן: — שלום סמדר! זי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.ביידע זענען שטיין געבליבן. ער האָט זיך אין איר איינגעקוקט און אַ זאָג געטאָן — גוט וואָס איך האָב דיך געטראָפן, איך דאַרף נייטיק אויף מאָרגן צוויי אַרבעטס־הענט — ווי מיט איר זאָל גאָרנישט האָבן פּאַסירט און ער זאָל פון גאָרנישט וויסן. ער האָט געוואַרט און זי באַטראַכט פון דער זייט מיט איין אויג. ער האָט געוואָלט זיך איבערצייגן צי זיין טריק האָט זיך איינגעגעבן.

סמדר האָט דערשטוינט אים אָנגעקוקט ווי זי זאָל אים נישט האָבן דערקענט. באַלד האָט זי זיך אומגעקוקט צי עס שטייט נישט נאָך ווער נעבן איר און האָט גלייכגילטיק אים געענטפערט: — איך קום צו דער אַרבעט. שלמה האָט אָפּגע־אָטעמט. ער איז נישט געווען גרייט הערן, אַז זי איז מסכים, כאָטש ער האָט עס געוואָלט.

ווו ווילסטו אַרבעטן? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן. זי האָט באַלד אים נישט געענטפערט. זי האָט געביסן די ליפּן און געפּינטלט מיט די אויגן. מיט אַ מאָל האָט זי אים שנעל אַ זאָג געטאָן: — אין דער וועשעריי — און זי האָט אָפּגעזיפצט ווי זי זאָל נישט קענען כאַפּן דעם אָטעם.

— פאַר וואָס אין דער וועשעריי? פאַראַן אינטערעסאַנטערע אַרבעטן — האָט ער זי פאַראינטריגירט.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אים אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל אַריינרעדן אין דער ערד: — נישט וויכטיק ביי וואָס, אַבי זיין פאַרנומען און נישט טראַכטן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך „דאָס איז עס" און דערביי פאַרמאַכט די אויגן.

אָ קעי! — האָט שלמה איר געענטפערט צעציִענדיק דאָס וואָרט. אַ ווײַלע האָט ער אונטערגעוואַרט צי זי וועט נישט חרטה קריגן. באַלד האָט ער איר אַ זאָג געטאָן: — שלום סמדר — און איז אַוועק מיט זיין וועג.

זי איז שטיין געבליבן ווי זי זאָל נישט וויסן ווו אַהין זי וויל גיין. ערשט ווען זי האָט איינגעזען, אַז די צעגאַסענע ווי אַ פייער־לאַווע זון אויפן ווייטן האָרי־זאָנט זינקט אין ים, האָט זי געלאָזט זיך גיין ווייטער.

# לג

צומאָרגנס נאָך דעם ווי תמר האָט פאַרלאַנגט פון גדעונען אַ גט איז זי מער נישט אַרויס צו דער אַרבעט. גדעון האָט געמאָלקן די קי און כסדר אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ ווי ער זאָל אַריבערקוקן איבער דער קו וואָס ער האָט געמאָלקן. ער האָט אויפגעהאָרכט צי תמר גייט. ער האָט נאָך נישט תופס געווען, אַז ער איז געבליבן אַליין אָן תמרן. ווען ער איז אַרויס אויפן הויף האָט ער זיך אַרומגעקוקט, זי געזוכט. ער האָט אָבער נאָר געהערט די הינער אין שטייג קוואָקען אומרויִק: קאָ, קאָה, קאָ! ער איז אַריין צו זיי און זיי אַ באַטראַכט געטאָן. די הינער האָבן זיך אים אויסגעוויזן נעבעכדיק, פאַרלאָזן. פון כעס האָט ער אַ וואָרף געטאָן דעם קאָפּ. ער האָט עס נישט געקענט איבערטראָגן. דאָס האָט ער זיך אויך געכעסט אויף זיך אַליין און זיך באַדויערט. ער האָט זיי צוגעשאָטן נאָך אַ ביסל קערנער, זיי צוגעגאָסן וואַסער און איז אַרויס פון שטייג.

ער איז אַריין אין שטוב, איז דורכגעגאַנגען די חדרים ווי ער זאָל אין זיי זוכן תמרן און צוריק אַרויס אין הויף. פונעם מאָמענט ווען אים איז קלאָר געוואָרן, אַז ער איז געבליבן אַליין איז ער געוואָרן אומרויִק. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז נישט נאָר זיין ווייב איז פון אים אַוועק נאָר אויך זיין לעבן האָט זיך געשפּאָלטן. ער איז געגאַנגען פאַמעלעך ווי ער זאָל זיך באַמִיען שטעלן פעסט דעם פוס.

דעם גאַנצן פאַרמיטאָג האָט ער געאַרבעט מיט אימפעט, געוואָלט מאַכן די גאַנצע אַרבעט נאָר ער האָט נישט באַוויזן. ער האָט די הינערשטייג נישט אויסגערייניקט, פלוטאָסן האָט ער געגעבן שפּעט צו עסן און אים נישט אונטערגעהאַלטן נאָר אַוועקגעשטעלט דעם קיבל וואַסער ער זאָל טרינקען. ער האָט אַפילו זיך פאַרשפּעטיקט מיטן אַוועקפירן די מילך. ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט נישט מיט וועמען צו לאָזן די בעלי חיים, האָט ער אַ קוק געטאָן אין הימל אַריין. כאָטש דער טאָג איז געווען אַ טריבער האָט ער געוווסט, אַז עס איז שוין מיטאָג. אַ צייט לאַנג איז ער געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער. מיטאַמאָל האָט ער איבערגעוואָרפן זיך איבער די אַקסלען די קורטקע און זיך אַ לאָז געטאָן גיין ווי ער זאָל לויפן.

ער איז געגאַנגען מיט די פעלדער הינטן אַרום. דריי הייזער ווייט פון אים איז ער אַריין צו פּנחסן. פּנחס, אַ קרעפּטיקער ייד מיט אַ ברייט און קיילעכיק פּנים, אַ בעל־הבית פון אַ שטאַל מיט קי, אַ פּאָר מוילאייזלען מיט וועלכע ער אַרבעט ביי מענטשן אין דאָרף, איז געווען אַ טאַטע פון פינף זין. ער איז אַפילו נישט אַריין צו פּנחסן אין הויף נאָר צו אים אַריבערגעשריגן איבערן פּלויט אַריבער: — פּנחס, גיב מיר יוספן צו דער אַרבעט!

ביידע, פּנחס און יוסף, זענען אַרויס פון הינטערן שטרוי־שייער. פּנחס האָט אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט: — פּנחס, איך מוז האָבן אַ הילף — האָט גדעון אים אַ זאָג געטאָן איילִיק.

פּנחס האָט אַ קוק געטאָן אויפן זון פון דער זייט און אים געזאָגט: — יוסף, גיי!

— גיי, גדעון, איך קום שוין נאָך — האָט יוסף אים אַ זאָג געטאָן. גדעון איז שוין געגאַנגען צוריק.

יוסף אַ הויכער, שלאַנקער מוסקולירטער בחור האָט היי־יאָר געענדיקט די שול. ער האָט איצט אַרויסגעהאָלפן דעם פאָטער און אויך געגאַנגען אַרבעטן צו יענעם. ווי נאָר יוסף איז אַריין אין הויף האָט גדעון אים אַ זאָג געטאָן: — יוסף, איך פאַר אַוועקפירן די מילך. דו שטעל זיך רייניקן די הינערשטייג. יוסף איז אַוועק צו דער אַרבעט אָן צו זאָגן אַ וואָרט. טאָג, טאָג איז יוסף געקומען מיטן מאָרגנגרוי צו דער אַרבעט. אַ מאָל האָבן זיי געאַרבעט צוזאַמען, אַ מאָל באַזונדער.ביידע האָבן געשוויגן. יוסף האָט אים נישט געפרעגט פאַר וואָס ער האָט אים גענומען צו דער אַרבעט כאָטש ער האָט זיך געוווּנדערט וואָס ער זעט נישט תמרן. ער איז געווען איבערצייגט, אַז זי איז געפאָרן זיך היילן. ער האָט ווי אַלע אין יניב געוווּסט, אַז זי פאָרט צו דאָקטוירים.

אויך גדעון האָט אים נישט געזאָגט פאַרוואָס ער דאַרף אים צו דער אַרבעט. גדעון האָט געאַרבעט נישט אַזוי מיט פלייס ווי מיט עקשנות. ער האָט געשוויגן, געווען אין כעס אויף זיך אַליין און אויף אַלע. יעדעס מאָל, ווען ער איז אין מיטן טאָג אַריין אין שטוב, האָט ער ווייטער זיך אַ שלייך געטאָן איבער די חדרים. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז די צימערן זענען ליידיק און גרויס און איז צוריק אַרויס אויפן הויף. דער אומעט האָט אים אַרויסגעיאָגט. אים האָט געמאַטערט דער געדאַנק „וואָס זאָגן און וועלן זאָגן די מענטשן?״ ער האָט געאַרבעט אָן איבעררייס נאָר ווען ער איז געווען הונגעריק איז ער אַריין אין שטוב, איז צוגעפאַלן צו דער קיל־שאַנק און שטייענדיק אַרויסגעגעסן פון די טעפּ און שאַלן וואָס תמר האָט נאָך צוגעגרייט. דאָס עסן איז געווען קאַלט און איבערגעשטאַנען, אָן טעם. ווען ער האָט דערשפּירט אין מויל די געסטאַיענקייט איז ער אַוועק, אַ זשליאָקע געטאָן פון פלעשל קאָניאַק און צוריק אַרויס אין שטאַל.

דינה איז אויך איצט געקומען אַ קוק טאָן צוויי, דריי מאָל אין דער וואָך וואָס עס הערט זיך ביי אים. אויך זי האָט געשוויגן נאָר אַרומגעגאַנגען אָן אָנגעברוגזטע. זי האָט מיט אומגעדולד געוואַרט און אויסגעקוקט ווי וועלן זיך לייזן די פּראָבלעמען ביי גדעונען. גדעון האָט איר נישט דערציילט וואָס צווישן אים מיט תמרן איז פאָרגעקומען. דינה האָט אים נאָכגעקוקט וואָס ער טוט און ווו ער גייט.

דעם לעצטן אָוונט וואָס זי איז צו אים געקומען האָט זי אים נישט געטראָפן אין שטוב. זי האָט געוואָלט אַרויס אין הויף אים אָפּזוכן נאָר אין צווישן איז ער אָנגעקומען. ער האָט געהערט טריט איז ער געקומען זען ווער עס איז געקומען כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז דאָס מוז זיין דינה. ער האָט זי נישט באַגריסט נאָר אַ שאָקל געטאָן איר מיטן קאָפּ און געוואָלט זי פאַרבייגיין. ווי נאָר ער איז אָבער אַריבער די שוועל האָט זי פון זיין פנים אַראָפּגעלייענט, אַז עפּעס איז געשען: — גדעון, די שיפן זענען דיר אונטערגעגאַנגען? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן און געפּרוּווט שמייכלען.

ער איז שטיין געבליבן און זי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

נו זאָג, דערציייל דינהן וואָס האָט פּאַסירט? — האָט זי אים אַ רייץ געטאָן.

— דו האָסט דאָס אָנגעבריייעט און איך מוז עס אויפעסן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן מיט געצוימטן כעס ווי ער זאָל איר וואַרפן די ווערטער פאַר די פיס.

זי האָט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט. זי האָט געהערט אין דאַרף רעדן, נאָר זי האָט אים גלייכגילטיק אַ זאָג געטאָן: — אַלעס איז צום גוטן.

ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן פון דער זייט און זיך צעשריגן: נישט געקענט זיך איינהאַלטן. געמוזט אַלעס דערציילן תמרן.

— שאַ! שאַ! די וועלט גייט נישט אונטער. אויך זי וועט זיך באַרויִקן — האָט זי אים פאַרזיכערט.

— זי וויל אַ גט! — האָט ער אויפן קול איר אַ זאָג געטאָן אַ צעכעסטער און אַ טרייסל געטאָן מיט די הענט ווי ער זאָל מיט זיי האַלטן עפּעס וואָס ער וויל צעברעכן.

זי האָט אים אָנגעקוקט דערשטוינט און איבערראַשט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן — אַזוי? אַ קלוגע פרוי — ווי זי זאָל ערשט איצט זיך האָבן וואָס דערוווּסט.

ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן ווי ער זאָל זיך וועלן אויף איר וואַרפן. פון שרעק האָט זי זיך אָפּגערוקט פון אים נאָר אין דעם מאָמענט האָט זי אים אַ פרעג געטאָן ווי זי זאָל זיין באַזאָרגט: — נויטיקסט זיך אין הילף? — כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז יוסף אַרבעט ביי אים.

— יוסף, פּנחסעס זון קומט מיר העלפן — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן שוין מיט איינגעהאַלטענעם כעס ווי ער זאָל זיך מיט איר רייצן.

איצט האָט זיך איר פּנים אויסגעקרימט פון כעס, נאָר זי האָט אים אַ זאָג געטאָן: — אָבער אין שטוב!

— איך גיב זיך אַן עצה — האָט ער זיך נישט אונטערגעגעבן.

זי האָט אַראָפּגעשלונגען איר מויל־שפּייעכץ. זיין באַנעמען זיך צו איר האָט איר פאַרדראָסן און זי האָט אים אַ זאָג געטאָן אויך מיט אַן איינגעהאַלטענעם כעס: — מאַכט נישט אויס, וועסט מיר נאָך נישט איין מאָל דאַנקען.

— גדעון איז געבליבן ביי דינהן נאָך אַלץ דאָס קליינע יינגל — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן מיט סאַרקאַזם.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט דערפילט, אַז ער האָט איר געזאָגט דעם אמת. ער האָט זי נישט אָפּגעלאָזט און מיט כעס איר אַ זאָג געטאָן: — איר האָט געפירט מיין לעבן. ער האָט געמיינט זי און דעם פאָטער.

זי האָט אים נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ ווי זי זאָל אים באַדויערן. זי האָט זיך אַרונטערגעלייגט אונטער די אויערן אירע אַרויסגעלאָזטע האָר. זי האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער און אַ שפּאַציר געטאָן איבער דער וווינונג, געוואָלט זען ווי די צימערן זעען אויס. זי איז אויך צוגעגאַנגען צו דער קיל־שאַנק, געוואָלט זען וואָס אין איר געפינט זיך. ווען זי האָט שוין אַלעס געוווּסט האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים און האָט אים אַ זאָג געטאָן: — אַ גוטן אָוונט דיר, איך

וועל קומען מאָרגן — און זי איז אַוועק אַהיים. אַ ווײַלע האָט גדעון איר נאָכגעקוקט אַן אויפגעטרייסלטער און מיט שווערע טריט אַרײַן צו זיך אין צימער.

דינה איז געקומען צומאָרגנס. באַלד אין דער פרי. זי האָט גלייך אָן צו פרעגן געשטעלט זיך גרייטן און קאָכן. זי האָט גערוימט די דירה און געוואַשן זיינע אַרבעטס־מלבושים. זי איז צוריק אַרײַן אין איר אַרבעט ווי אַמאָל ביים פּאָטער. זי האָט איבערגענומען די ווירטשאַפט אָן גדעון זאָל זי האָבן געבעטן. זי האָט זיך צו אים אין הויז ווי אַרײַנגעשלייכט. ער האָט זי געדולדעט נאָר זי געמיטן. ער האָט נישט געוואָלט ער זאָל זיך מוזן מיט איר אַדורכרעדן.

נאָר באַלד דעם צווייטן טאָג, ער איז אַרײַן אין קיך־עסצימער, געוואָלט זיך שטעלן גרייטן אַ טעפל קאַווע, האָט זי אים אַ זאָג געטאָן: — זעץ זיך, איך וועל דיר שוין דערלאַנגען — און נאָך איידער ער האָט זיך אַוועקגעזעצט האָט זי אים שוין דערלאַנגט אַ טעפל קאַווע וואָס זי האָט געהאַט גרייט. ער האָט געטרונקען און געשוויגן. זי האָט זיך געפּאָרעט. זי האָט אויפגעדעקט אַ טאָפּ און אַ קוק געטאָן צום געקעכטס. איבער דער שטוב האָט זיך צעטראָגן אַ קרויט־ריח. זי האָט שנעל צוריק צוגעדעקט דעם טאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט און זיך צו אים אַ ווענד געטאָן: — זיי נישט געפאַלן ביי זיך, דאָס האָט דאָך געמוזט געשען. דו מוזט דאָך ברענגען קינדער, ווער וועט דיר ירשענען? אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוגעגעבן — דו וועסט נאָך אַלץ דערציילן אין פריידן.

ער האָט איר נישט געענטפערט. ער האָט נאָר אַ זופּ געטאָן פון דער קאַווע. זי האָט געוווּסט און געפילט, אַז ער איז איר נאָך נישט מוחל. זי האָט געוואָלט אים מפייס זיין און פאַרגרינגערן זיין געמיט און האָט אים אַ זאָג געטאָן: — זי וועט זיך אויך איינאָרדענען. זי איז אַ פרוי מיט מעלות נאָר אַ געטראָפּענע.

ער האָט צו איר דערפילט אַן איבל. ער האָט שנעל אויסגעטרונקען די רעשט קאַווע, האַסטיק זיך אויפגעשטעלט און מיט אימפּעט אַרויס פון שטוב.

דינה איז געבליבן אַן אויפגעציטערטע. זי האָט זיך נישט געקענט אַ ריר טאָן, נאָר די ליפּן אירע האָבן געציטערט און זי האָט געפינטלט מיט די אויגן. זי איז אַזוי געשטאַנען ווי לאַנג. מיט אַ מאָל האָט זי אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט, נישט געוואָלט לאָזן אַ טרער. זי האָט זיך באַהערשט, אַ פאַרלייג געטאָן זיך די הענט איבערן בויך און געבליבן שטיין אַ פאַרקלערטע ווי זי זאָל זיין אַ מומיע. אַ צייט שפּעטער האָט זי צוריק אַראָפּגעלאָזט די הענט און אַנטשלאָסן זיך אַ זאָג געטאָן: — יאָ! איך דאַרף צופּאָרן מיט איר רעדן. זי האָט אַ קוק געטאָן אין הויף אַרײַן, געוואָלט זען גדעונען און איז אַוועק צו איר אַרבעט.

# לד

דינה האָט איבערשריטן דאָס טויער פון רבד אַ דערשראָקענע. זי, וואָס האָט די גאַנצע צייט געהעצט און גערייצט גדעונען, אַז סמדר וואַרט אויף אים, האָט נישט געוווּסט און איז נישט געווען זיכער ווי אַזוי סמדר וועט זי אויפנעמען און אַוודאי האָט זי נישט געוווּסט ווי אַזוי עס וועט אויספאַלן איר שליחות וואָס זי אַליין האָט אויף זיך גענומען אַן גדעונס וויסן.

זי איז געגאַנגען מיט די גראָז־שטעגן און געקוקט אַן צו וויסן ווו אַהין זי גייט. זי האָט קיינעם נישט געטראָפן. זי האָט נאָר געזען די אָנגעזעצטע אויף די קוסטעס און ביימער טראָפּנס פונעם נאַכט־רעגן. זי איז געגאַנגען און זיך אומגע־קוקט ווי זי זאָל בלאָנדזשען. די פּאָלעס פון איר ראָק האָבן זיך איר געפּלאָנטערט צווישן די פיס. פון אויפרעגונג האָט זי יעדע ווײַלע פונסניי זיך אַ פאַרלייג געטאָן אונטער די אויערן אירע אַפּירגעלאָזטע האָר. זי איז געגאַנגען און געזוכט.

דער מאָרגן איז געווען אַ ווינטיקער. אַן אָנגעטראָגענער שאַרפער ווינט האָט יעדע ווײַלע אַ וואָיִע געטאָן און צעטריבן די וואָלקנס. אויף דעם טונקעלן ווי קויטיקן הימל. זי איז געגאַנגען צו סמדרן און אַפילו נישט געוווּסט ווו זי זאָל זי זוכן נאָר ווען איר איז אַנטקעגנגעקומען אַ זקן מיט אַ געשטריקט היטל אויפן קאָפּ און מיט די הענט זיך אונטערגעהאַלטן זיינע פאַרלייגטע פּאָלעס, איינע אויף די אַנדערע דער ווינט זאָל אים נישט אַדורכנעמען איז זי שטיין געבליבן אַן צו וויסן פאַרוואָס.

— ווּעמען זוכט איר? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן.

דינהס אויגן האָבן אַ לאַך געטאָן. זי האָט זיך דערפריייט וואָס עס האָט ווער צו איר גערעדט און זי האָט אים אַ זאָג געטאָן: — איך זוך סמדרן.

דער זקן האָט זי אָנגעקוקט. ער האָט געהאַט אַ לאַנג פּנים מיט אַ דינער הויט וואָס האָט אויסגעזען ווי עס זאָל זיין איבערצויגן מיט פּאַפּיר און אַ לאַנגע דינע באָרד.

דינה האָט זיך געכאַפּט, אַז ער ווייסט נישט ווּעמען זי מיינט און זי האָט אַ זאָג געטאָן: — פּירהס טאָכטער — ווי זי זאָל אויף איר פרעגן און אויך באַ־שטעטיקן.

— גייט מיט דעם אַ שטעג ביזן סוף — האָט ער איר אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט, דאָרט געפינט זיך די וועשעריי, זי אַרבעט דאָרט — האָט ער איר אָנגעוויזן.

— אַ דאַנק! — האָט זי אים שנעל אַ זאָג געטאָן און אייליק אַוועק אַהין.

דינה האָט באַלד דערזען אַן איינשטאָקיקע געביידע מיט דעם הויכן קוימען פון וועלכן עס האָט געזעצט אַ שוואַרצער, געדיכטער רויך. אין פראָנט פון דער געביידע האָבן עטלעכע פרויען צעהאַנגען איבער די אויסגעצויגענע דראָטן אויס־געוואַשענע וועש. דינה איז שטיין געבליבן און אַ פרעג געטאָן, אַן זיך צו ווענדן צו ווּעמען פון די פרויען: — ווער איז דאָ סמדר?

סמדר, אין אַ פּאָר שווערע אַרבעטס־שיך, לאַנגע האָקי־הויזן און אין אַ פוטער־

פּעלצל אָן אַרבל, האָט מיט אויסגעווייקטע הענט צעהאַנגען בלויע און גרינע נאַסע הויזן. זי האָט דערשטוינט אָנגעקוקט דינהן.ביידע פרויען האָבן זיך נישט געקענט, נאָר סמדרן האָט דאָס האַרץ אַ צאַפּל געטאָן. זי האָט מיט אירע חושים אינסטינקטיוו דערפילט, אַז די פרעמדע פרוי איז אין קאָנטאַקט מיט גדעונען. אירע הענט זענען ווי הענגען געבליבן צוזאַם מיט די הויזן, וואָס זי האָט אויפגעהאַנגען אויף די דראָטן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און אויף די דראָטן אָנגעלענט איר צעהיצטן קאָפּ, כאָטש עס איז געווען קאַלט.

דינהן איז דאָס לשון געוואָרן אָפּגענומען. עס האָט געדויערט ביז זי האָט איר אַ זאָג געטאָן: — גדעון וועט זיין ביי דיר. — זי האָט גערעדט שנעל, ווי זי זאָל אַרויסוואַרפן די ווערטער פון מויל. זי האָט געוואָלט אָפּקומען איר מיסיע.

ערשט איצט האָט זי דערזען, אַז סמדרס קאָפּ ליגט אויף דער דראָט, ווי זי זאָל זיין פאַרחלשט. זי האָט דערמיט זיך נישט איבערגענומען. זי האָט זי נאָר באַטראַכט ווי זי זעט אויס. זי איז געווען בלייך, נאָר איר רויטע לאָקן האָבן געשימערט. איר האָט געפעלט וואָס סמדר איז אַ שיינע.

דינה האָט מיט דער צונג אַרומגעווישט זיך די ליפּן און האָט אַ קוק געטאָן אַרום זיך ווו זי געפינט זיך. די פרויען, וואָס האָבן צוזאַם מיט סמדרן צעהאַנגען די וועש, האָבן נייגעריק באַטראַכט דינהן. זיי האָבן געוואָלט וויסן ווער זי איז און נאָך וואָס זי איז געקומען.

דינה האָט עס באַמערקט. זי האָט נישט געוואָלט זיי זאָלן זי אָנהייבן אויס־פרעגן. זי האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף סמדרן. אַ פאַרשטיקט געוויין האָט קאָנוווּלסיוו זי געטרייסלט. דינה האָט אויך מיט דעם זיך נישט איבערגענומען. זי האָט נאָר הויך אויפן קול אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל רעדן צו זיך: — איך גיי! זי דאַרף אַרבעטן! זיי געזונט! — און איז אַוועק צוריק.

אַ צייט שפּעטער האָט ניצה, אַ הויכע, דיקע שטאַרקע פרוי, זי אַ רוף געטאָן: — סמדר! — סמדר האָט ווי אַוועקגעריסן איר קאָפּ פון דעם דראָט אויף וועלכן ער איז געלעגן. זי האָט זיך אויסגעווישט די אויגן, זיך אָפּגעווישט דאָס פּנים און ווידער צעהאַנגען די נאַסע הויזן. אָבער די אַרבעט איז איר נישט געגאַנגען. זי האָט ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט דינהס עטלעכע ווערטער: „גדעון וועט זיין ביי דיר". זי האָט כסדר געהערט דעם קלאַנג פון די עטלעכע ווערטער. זיי האָבן איר געקלונגען אין די אויערן.

זי האָט נאָכגעטראַכט און יעדע ווײַלע זיך אַ פרעג געטאָן: — איז דאָס מעגלעך? איז די פרוי טאַקע געווען ביי מיר? וועט ער טאַקע נאָך קומען צו מיר? — זי האָט געלעבט ווי אין אַ חלום און דערביי זיך געמאַטערט, געצווייפלט און געהאָפט. אָפט האָט זי אויך אַ פרעג געטאָן מיט פאַרוווּרף צו זיך: „פאַר וואָס האָב איך זי געלאָזט אַוועקגיין? פאַר וואָס האָב איך זי נישט פאַרהאַלטן?"

פון דעם מאָרגן אָן וואָס דינה איז ביי איר געווען, האָט סמדר איבערגעקלערט. זי איז געווען אומרויִק און אויפגעטרייסלט. זי האָט נישט געקענט זיך פאַסן, זיך צוזאַמענעמען. זי האָט געפיבערט אָן צו האָבן היץ. די אַרבעט אירע האָט כסדר

זיך פֿאַרצויגן. זי האָט אַלץ געטאָן אויטאָמאַטיש. נישט איין מאָל האָט זי געמוזט די אַרבעט מאַכן גאָך אַ מאָל. זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי טוט.

זי האָט געלעבט ווי אין אַ חלום און ווי אין אַ קאָשמאַר. זי האָט זיך מיט גאָרנישט גערעכנט. גלייך פֿון דער אַרבעט איז זי, אין די אַרבעטס־בגדים, אַריין אין עסזאַל. זי האָט זיך אָפּגעזוכט אַ ווינקל און געגעסן פֿון אַלעם וואָס עס האָט זיך געפֿונען אויפֿן טיש. זי האָט געגעסן שנעל, געשלונגען גאַנצע שטיקער. די מענטשן אַרום האָבן, דערשטוינטע, זי באַטראַכט. זיי האָבן געזען, אַז אין איר איז ווידער פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג. אַ סך האָבן אַפֿילו געמיינט, אַז זי איז ווילד געוואָרן, נאָר קיינער האָט עס נישט געוואַגט זאָגן.

ווי נאָר זי האָט אָפּגעגעסן איז זי אַוועק אַהיים. נישט איין מאָל האָט זי אויפֿן וועג אָפּגעגעבן צוריק דאָס עסן וואָס זי האָט נישט פֿאַרדייעט. אַז זי איז אַריין אין איר שמאָל צימער האָט זי פֿאַרהאַקט נאָך זיך די טיר און זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף דער סאָפֿע. אַ מאָל איז זי געלעגן מיט אויפֿגעריסענע אויגן פֿאַרקוקט אין דער סטעליע, אַ מאָל ווידער איז זי געלעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, ווי זי זאָל דרימלען. דער קאָפּ אירער איז איר געווען אַ מאָל שווער, אַ מאָל אויסגעהוילט. איר איז שווער געווען טראַכטן. זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי דאַרף טאָן, ווי אַזוי זי זאָל האַנדלען.

דער פֿאַרהאַנג אויפֿן פֿענצטער איז איצט כסדר געווען פֿאַררוקט. אין שטוב איז געווען פֿינצטער. נישט איין מאָל איז זי זיצן געבליבן אַ געבוקטע איבער זיך מיט פֿאַרלייגטע הענט איבער די קני, אַ פֿאַרחלומטע געזען איר גדעונען יעדעס מאָל ביי אַן אַנדער געשעעניש און צושטאַנד. ווען דאָס טרוימען איז איר דער־גאַנגען צום האַרץ און זי האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן, איז זי אויפֿ־געשפּרונגען און אַוועק צום פֿענצטער. זי איז געשטאַנען און אים אויסגעקוקט. אָפֿט, אַז זי האָט דערהערט טריט, האָט זי אַ צאַפּל געטאָן און געוואַרט ער זאָל קומען. זי איז אין דער נאַכט עטלעכע מאָל אַראָפּ פֿון בעט און זיך געשלייכט אַרום דעם טישל מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי זי זאָל טאַפּן די פֿינצטער. ווען זי האָט זיך פֿאַרמאַטערט, דער קאָפּ האָט זיך איר פֿאַרדרייט, האָט זי יאָמערלעך אַ קרעכץ געטאָן: „אוי!" און זיך צוריק אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף דער סאָפֿע.

אין איר צעטראָגנקייט איז זי אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז אויך שוין זי אַליין האָט זיך דערשראָקן פֿאַר איר שגעון. זי האָט עס נישט געקענט איבערטראָגן. זי איז אַוועק וווינען מיט די עלטערן.

אין איינער פֿון אירע שלאָפֿלאָזע נעכט איז זי אין מיטן דער נאַכט אַריין צו דער מוטער אין בעט. זי האָט זיך צוגעטוליעט צו דער מוטער ווי אַ קליין מיידעלע. די מוטער האָט אַ שטילן קרעכץ געטאָן און זי אַרומגענומען. ביידע, דער פֿאָטער און די מוטער, זענען געווען וואַך און האָבן געשוויגן. אויך די עלטערן האָבן געזען ווי זי האַלט זיך לעצטנס און האָבן געלעבט אין שרעק, וואָס געשעט מיט זייער טאָכטער.

אירע ליפּן זענען געווען בלוי, די אויגן אונטערגעהאַקט. אויך איצט איז זי

געזעסן נאָך דער אַרבעט שעהן אַריינגעטאָן אין זיך און אָפּגעריסן פון דער סביבה. נאָר איצט האָט זי זיך געפּוצט. יעדן אָוונט האָט זי אָנגעטאָן אַן אַנדער קלייד, זיך געקעמט, אָנגעלייגט אירע רויטע לאָקן און כסדר געשטאַנען ביים שפּיגל. זי האָט זיך באַטראַכט, געוואָלט זיין שיין און אַן אויפהער צוגעהאָרכט. ווי נאָר צו איר איז דערגאַנגען דער מינדסטער שאָרך, האָט זי איינגעהאַלטן דעם אָטעם, געקוקט מיט איבערגעשראָקענע אויגן און געוואַרט.

# לה

אויך די מענטשן אין יניב זענען געווען נייגעריק און אויפגעציטערט. אַלע אין דאָרף האָבן געוווּסט וואָס עס איז געשען צווישן גדעונען און תמרן און וואָס עס קומט פאַר צווישן שאולן און תמרן. געווען אַפילו ווייבער וואָס האָבן חושד געווען שאולן, אַז דאָס האָט ער אָפּגערעדט תמרן. מענטשן וואָס האָבן אים געטראָפן האָבן איילִיק אים אַ זאָג געטאָן „שלום" און אים אַ קוק געטאָן אין פּנים אַריין, געוואָלט זיך איבערצייגן צי עס איז טאַקע אמת וואָס מען זאָגט.

האָט אַ פרוי געזען תמרן צי שאולן, איז זי שטיין געבליבן און מיט אויסגע־גלאָצטע אויגן און פאַרבראָכענע הענט איר נאָכגעקוקט און שנעל אַריין צו דער שכנה איר איבערגעבן וואָס זי האָט געזען. די מענטשן אין יניב האָבן געוווּסט, אַז תמר ווינט אָפּגעזונדערט, גייט נישט אַרויס צו דער אַרבעט און פאַרלאַנגט אַ גט. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ביי גדעונען אַרבעט יוסף, נאָר דאָס אַלץ זענען געווען איבערראַשנדע געשעענישן פאַר יניב. זיי, די דאָרפס־מענטשן, האָבן דאָס נישט באַנומען. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן די ווייבער אין דאָרף, ווי נאָר צוויי האָבן זיך געטראָפן, האָט איינע פון זיי אַ קוק געטאָן אין אַלע זייטן צי עס הערט זיי ווער נישט אונטער און זיך אַ סודע געטאָן מיט דער אַנדערער. אַ פאַרבייגייער האָט געקענט נאָר הערן איינצלנע ווערטער: „זי, ער, זיי". דאָס האָבן זיי איבער־גערעדט די געשעעניש.

אין אַ פאַרמיטאָג. אַ שאַרפער צפון־ווינט האָט געוואָיעט און צעטריבן די וואָלקנס אויפן הימל. עס זענען געפאַלן נאָר איינצלנע טראָפּנס רעגן, וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו אַלץ. צילה, אַ הויכע שטאַרקע פרוי מיט אַ קיילעכיק פּנים און שפּיציקער נאָז, איז געשטאַנען מיט מלכהן, אַ נידעריקע, דיקע פרוי מיט אַ פליישיקן פּנים, פאַררוקט אונטער אַ דעכל און האָבן זיך דורכגעשמועסט. זיי זענען געווען שכנות, נאָר דאָ זענען זיי געווען אַליין און זיכער, אַז קיינער הערט זיי נישט. דאָך האָט מלכה זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און ווי בגניבה אַ זאָג געטאָן: — שאול מיט תמרן טרעפן זיך טאַקע.

— ער קריכט צו איר — האָט צילה איר געענטפערט מיט איבל.

— דאָס איז די מענערס ליבע — האָט מלכה אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך. — אַ

ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ זאָג געטאָן צילהן — זי איז נישט סתם אַוועק פון גדעונען.

צילה האָט באַלד איר נישט געענטפערט. ערשט שפּעטער האָט זי איר אַ זאָג געטאָן: — זי איז אַן עקרה און רײַסט וועלטן.

מלכה האָט זי אָנגעקוקט. זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זי מיינט דערמיט און האָט איר אַ זאָג געטאָן: — נישט געהערטע זאַכן. אַז דאָס געשעט אין תּל־אָבֿיבֿ פאַרשטיי איך, נאָר אַז דאָס זאָל פּאַסירן אין יבֿנה — עק וועלט!

— אויך אין יבֿנה לעבן מענטשן — האָט צילה איר אָפּגעענטפערט.

מלכה האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און צילהן אַ זאָג געטאָן:

— שלום! איך גיי צוריק אין קאָנסום־הויז, האָב פאַרגעסן נאָך עפּעס קויפן.

— מלכה, שלום! — האָט צילה איר געענטפערט און אַוועק אַהיים. זי האָט, פּונקט ווי מלכה, געזען גיין דינהן און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז מלכה וויל מיט איר כאַפּן אַ שמועס.

מלכה איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג און זיך אומגעקוקט. אַז זי האָט געזען, אַז צילה איז שוין ווײַט אַוועק, האָט זי זיך אומגעקערט און שטיין געבליבן אונטערן זעלבן דעכל ווי פריִער און געוואַרט. שוין פון ווײַטנס האָט זי אַ זאָג געטאָן: — שלום, דינה! — דינה האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך נעבן איר פאַרהאַלטן. זי האָט אויך געוואָלט הערן וואָס מען רעדט אין דאָרף. זי האָט געוווּסט, אַז זי דאַרף מלכהן נישט אויסמיידן. זי האָט געוווּסט, אַז דאָס וואָס זי וועט זאָגן וועלן באַלד אַ סך ווײַבער אין יבֿנה וויסן. זי האָט געוואָלט, אַז גדעונס פּרעסטיזש זאָל נישט געמינערט ווערן אין יבֿנה: — גוט וואָס איך האָב דיך געטראָפן. שוין לאַנג דיך נישט געזען, ווי דו זאָלסט מיך אויסמיידן — האָט דינה איר אַ זאָג געטאָן.

מלכה האָט זיך פאַרלוירן. זי איז נישט געווען גרייט צו אַזאַ באַגעגעניש.

— וואָס האָב איך צו דיר? — האָט מלכה זיך פאַרטיידיקט.

— צו וועמען יאָ? — האָט דינה אַ פרעג געטאָן.

מלכה האָט זיך אָפּגעווישט מיט דער האַנט די ליפּן. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און איר אַ זאָג געטאָן: — מען רעדט פאַרשידנס.

— בייזע צינגער און ווערעמדיקע מײַלער — האָט דינה סאַרקאַסטיש איר אָפּגעענטפערט. און אירע אויגן האָבן אַ גלי געטאָן פון כעס — וואָס איז די רבותא? — האָט דינה זי אַ פרעג געטאָן און באַלד ממשיך געווען — זי איז אַן עקרה. שאול איז אַן אַלמן, האָט אַ טאָכטער און זיי האָבן זיך צונויפגערעדט. גדעון וועט זי גטן, שאול וועט מיט איר חתונה האָבן און אַלע וועלן זײַן גליקלעך, יעדער אויף זײַן שטייגער.

מלכה איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי עס זאָל איר פעלן אָטעם, און האָט אָנגעקוקט דינהן מיט גרויסע אויסגעגלאָצטע אויגן. דינה האָט אַ קלער געטאָן און באַשלאָסן, אַז זי האָט שוין אירס געטאָן. זי האָט מלכהן נאָר אַ זאָג געטאָן „זײַ געזונט" און געגאַנגען ווײַטער. מלכה האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אַ פאַרוווּנדערטע

און איז אויך אַוועק אַהיים. זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט אַ קליינעם און שווערן טראָט, און געקוקט אַראָפּ. גייענדיק האָט זי אַ זאָג געטאָן זיך: „גוטע צייטן".

דינה האָט געפירט גדעונס ווירטשאַפט. זי איז ווידער געווען די בעל־הביתטע ביי אים אין שטוב, ווי אין די צייטן ווען יעקב האָט געלעבט. זי האָט אויך איצט געקאָכט און געבאַקן, געגרייט פאַר צוויי מענער ווי פריִער, נאָר איצט איז דער צווייטער געווען יוסף. זי האָט זיך געפּאָרעט און געגרייט, נאָר זי האָט נישט געהאַט מיט וועמען אויסרעדן אַ וואָרט. גדעון האָט זיך די מי געגעבן און כמעט נישט געקומען אין שטוב ווי לאַנג זי איז געווען.

נאָר די שווערסטע פאַר איר צייט איז געווען די מיטאָגצייט ווען די צוויי מענער זענען אַריין עסן. ביידע האָבן געגעסן און געשוויגן. יוסף האָט געשוויגן ווייל ער האָט געגעסן ביי אַ פרעמדן טיש און אַפילו געגעסן די מאכלים וואָס ער האָט נישט גערן און געוווסט, אַז גדעון איז אָנגעשטרענגט צוליב זיינע משפחה־ענינים. גדעון האָט נישט געוואָלט רעדן מיט דינהן, דערפאַר האָט ער אויך נישט גערעדט מיט יוספן. אין שטוב האָט זיך נאָר געהערט דער קלאַנג פון די גאָפּל־מעסער וואָס האָבן באַרירט אַ טעלער. דינה האָט זיי דערלאַנגט און אויך געשוויגן. זי האָט דווקא יאָ געוואָלט רעדן מיט גדעונען, נאָר נישט אין יוספס אָנוועזנהייט. זי האָט געהאַט פאַרדראָס אויף יוספן. זי האָט ביי יעדן מיטאָג געוואַרט ער זאָל ענדיקן עסן און אַרויס צוריק צו דער אַרבעט. ער האָט אָבער געוואַרט און געגאַנגען מיט גדעונען צוזאַמען.

גדעון האָט געהאָרעוועט פון באַגינען. ווי פרי דינה איז נישט געקומען, איז ער שוין געווען אויפן הויף. ער האָט נישט געוואָלט זיך טרעפן מיט איר אויג אויף אויג אַליין. ער האָט געפילט, אַז זי וויל זיך מיט אים פונאַנדעררעדן, אים אויסרעדן און אים אונטעראיילן. ער האָט געוווסט, אַז זי וויל וויסן ווי ער האַלט. ער האָט מיט כוונה נישט געוואָלט שטילן איר נייגער. ער האָט געוווסט, אַז זי איז נישט שולדיק אין זיין טראַגעדיע. ער האָט אָבער געטראָגן אַ האַס אויף איר פאַר אירע אינטריגעס. ער האָט נישט געוואָלט, אַז אַזוי זאָל זיך ענדיקן זיין אָפּשייד מיט תמרן.

זי, דינה, איז בכלל איצט אים געווען איבעריק אין שטוב, כאָטש זי האָט אים אויפגעצויגן און אים געפירט ס'הויז. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטער און פאַרשעמטער. זי, אָבער, האָט אים נאָכגעקוקט, נישט נאָר ווו אַהין ער פאָרט, נאָר וואָס ער פירט אַוועק אָדער ברענגט מיטן טענדער.

אין איינעם פון די טעג, ווען זי האָט געזען אַז ער האָט זיך שנעל איבערגעטאָן און איז אַוועק אַן אויסגעפּוצטער, איז זי געבליבן שטיין אַן איבערראַשטע. צו דער נאָכמיטאָג־געמעלק איז זי אַרויס אין שטאַל אַן מען זאָל איר זאָגן. אָן צו זאָגן אַ וואָרט, ווי אין שטאַל זאָל זיך נישט געפינען יוסף, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקעלע און צוזאַם מיט אים געמאָלקן די קי. איר האָט פאַרדראָסן פאַר וואָס גדעון האָט איר נישט געזאָגט, אַז ער וועט נישט קומען צו דער מעלק, כאָטש זי האָט געוווסט אַז ער היט זיך פאַר איר.

װי נאָר גדעון איז צוריקגעקומען און איז אַרױס פון טענדער, געװאָלט גײן אין שטוב זיך איבערטאָן, האָט זי אים שװין אױף דער שװעל אַ זאָג געטאָן: — מענטשן לאַכן שוין פון דיר אין די פױסטן. װי לאַנג איז דער שיִער אַזױ זיך פירן? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן מיט כעס.

ער האָט פאַרמרוזשעט די אױגן, געװאָלט איר אָפּענטפערן, נאָר אים האָט הנאה געטאָן װאָס זי איז בײז. ער האָט אױך פאַרשטאַנען פאַר װאָס און האָט איר פאַרשװיגן. איר האָט געצאַרט זײן שװײגן און זי האָט אים אַ זאָג געטאָן: — זי האָט דאָך דיר שוין אָנגעשפּיגן אין פּנים און דו באַגײסט זיך מיט איר װי מיט אַן אײן און אײנציקע.

גדעון האָט פאַרביסן די ליפּן און געשטעלט אַ פוס, געװאָלט גײן װײטער, נאָר זי האָט אים נישט אָפּגעלאָזט און מיט שפּאָט אים אַ פרעג געטאָן: — דו דאַרפסט אַ שדכן?

ער איז שטײן געבליבן װי צוגעשמידט. ער האָט נאָר אַ קריץ געטאָן מיט די צײן, װי ער זאָל זײ קרישלען, און מיט אַ שװערן טראָט אַרײן אין צימער. דינה האָט דערױף נישט געלײגט קײן אַכט. זי איז אים נאָכגעגאַנגען און װען ער האָט זיך פאַרהאַלטן האָט זי זיך צו אים צוגעבױגן און שטיל, װי זי זאָל שלינגען די װערטער, אים אַ זאָג געטאָן: — איך בין געװען אין רבד.

— װער האָט דיר געהײסן?! — האָט ער אַ רעװע געטאָן װי אַ שיכור. זײנע אױגן זענען געװען אױפגעריסן און װילד, די אָדערן אױף זײן האַלדז אָנגעשװאָלן.

זי איז פאַרגליװערט געװאָרן פון פּחד. זי האָט זיך פאַר אים דערשראָקן, נאָר באַלד איז זי געקומען צו זיך און האָט אים אַ זאָג געטאָן, װי זי זאָל אים פאַר־װאָרפן: — סמדר האָט נישט קײן לעבן, װערט אױסגעריסן, זי װאַרט נאָך אַלץ אױף דיר — און בעת מעשׂה אַראָפּגעלאָזט די אױגן. זי האָט מורא געהאַט זען װי אירע רײד האָבן געװירקט אױף אים.

ער האָט פאַרבײלט די פױסטן און זיך מיט זײ אַ זעץ געטאָן אין ברוסטקאַסטן. דער קלאַפּ האָט אָפּגעהילכט װי ער זאָל האָבן אַ קלאַפּ געטאָן אין אַ הױלער זאַך. ער האָט מיט כעס געדריקט די פױסטן, װי ער זאָל װעמען שטיקן, און האָט אַ רעװע געטאָן: — פאַרשאָלטן איז געװען די רגע װען כ'בין געבױרן געװאָרן. — זײן פּנים איז געװען רױט, זײן האַלדז אָנגעשװאָלן, די מױל־װינקלען זײנע זענען געװען פאַרשױמט, די אױגן שטאַר און האָבן געבלאַנדזשעט.

זי האָט זיך דערשראָקן פון זײן אױסזען, נאָר געלאָזן אים אַ זאָג געטאָן: — עקשן זיך נישט — און איז אַװעק.

ער האָט זיך אַ װאַקל געטאָן װי אַ שיכור. ער האָט אַ שלעפּ געטאָן די פיס נאָך זיך װי אַ זקן. ער איז אַרײן צו זיך אין צימער און זיך אַנידערגעװאָרפן אױפן פּאָל. ער איז אַנידערגעפאַלן װי אַ שװערער, פולער זאַק.

עטלעכע טעג שפּעטער, אין אַ נאָכמיטאָג, װען גדעון איז אַװעקגעפאָרן מיט דער מילך, האָט דינה אָנגעקלאַפּט בײ תמרן. תמר האָט זי געזען גײן און נישט געעפנט איר די טיר. תמר האָט זי קײן מאָל נישט גערן געהאַט. זי האָט זי נאָר

געדולדעט, ווייל זי האָט אויפגעצויגן גדעונען און זיי זענען געבליבן זיך נאָענט. איצט האָט תמר זי געהאַסט. זי איז געווען איבערצייגט אַז ווען נישט דינה וואָלט צו דעם אַלעם נישט געקומען.

תמר האָט זיך נישט געקענט באַרויִקן. זי האָט געדאַרפט זיך שיידן מיטן מאַן וואָס זי האָט ליב און געדאַרפט אַוועקגיין צו אַ מאַן וואָס, אין בעסטן פאַל, איז ער בלויז געווען איר נאָענט. זי האָט נישט געקאָכט און כמעט נישט געגעסן. דער ביסן איז איר שטיין געבליבן אין האַלדז, אים נישט געקענט אַראָפּשלינגען. זי האָט געגעסן איבערגעשטאַנען עסן וואָס שאול האָט איר געבערענגט אָדער געשיקט מיט טלן. פון לאַנגווייל און אומבאַהאָלפנקייט האָט זי כסדר איבערגעלייגט, צונויפגעלייגט און צוריק פונאַנדערגענומען איר וועש און איבערגעהאַנגען אירע מלבושים, ווי זי זאָל זיך שוין פּאַקן.

זי איז נישט געשלאָפן די נעכט, זיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער, געפילט אונטער זיך די סאָפּע ווי זי זאָל ליגן אויף אַ טיש און געפילט אירע אָנגעלעגענע ביינער. זי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, געקוקט אין דער פינצטער און געפילט דעם קאָפּ. ער איז געווען שווער און הויל. זי האָט איינגעדרימלט ערשט מיטן קאַיאָר. די באַקן אירע זענען איינגעפאַלן, די אויגן אירע זענען געווען אונטערגעהאַקט. זי איז נישט געשלאָפן און אויך נישט געווען וואַך. זי האָט געלעבט ווי אויף אַן עולם־הדמיון. זי איז זיך אַליין געווען איבעריק.

די מענטשן אין יניב האָבן געלעבט זייער ווינטער־שטייגער ווי יידן אין אַ דאָרף אין ישראל. די אַרבעט האָט זיי נישט געאיילט. אַ ייד האָט אַוועקגעפירט די מילך אין קילהויז, אַוועקגעטראָגן די אייער אויף דער זאַמל־שטעלע אָדער איז צוגעגאַנגען אין קאָנסום־הויז נאָך עפּעס אַ מכשיר וואָס איז אים נויטיק געווען צו דער אַרבעט, איצט אָדער אין סעזאָן. זיי האָבן געהאַט צייט זיך דורכשמועסן איינער מיטן אַנדערן: ווי די קי מעלקן זיך, ווי די הינער לייגן זיך, אַז די רעגנס זענען גוט פאַרטיילט און אַז דער ווינטער זאָגט אָן אַ גערעטעניש, וואָס אַ ייד קלערט פאַרזייען אָדער פאַרזעצן. אין אָוונט זענען זיי אויך געקומען איינער צום אַנדערן.

גדעון איז געקומען אויף די אַלע פּלעצער גאָר פרי, דער ערשטער אָדער גאָר שפּעט ווען אַלע אַלע זענען שוין געהאַט אַוועק. ער האָט נישט געוואָלט זיך טרעפן מיט מענטשן, זיך געשעמט און נישט געוואָלט זיי געבן אַ געלעגנהייט זיי זאָלן אים פרעגן, ווערלן וויסן און דערגיין, אים באַדויערן און אויף אים אויסרעדן. זיין באַנעמען זיך איז געווען אויפפאַלנד די מענטשן. זיי האָבן אים נאָכגעקוקט און געשוויגן ווען זיי האָבן אים דערזען.

אַנומלט, אין אַ בין־השמשות, איז ער פאַרביי דאָס פאָלקס־הויז מיט אַ האַלב אָנגעפילט זעקל אונטערן אָרעם. צוויי בייכיקע יידן זענען געשטאַנען אָפּגערוקט

פון זיך, ווי די בייכער זייערע זאָלן זיי שטערן. גדעון האָט זיי אָנגעקוקט, זיי געזאָגט „שלום" און געגאַנגען ווייטער.

— שלום! שלום! — האָבן זיי שנעל אים געענטפערט און איינער האָט אָנגע־קוקט דעם אַנדערן פאַרווונדערט — געהערט? — האָט איינער אַ פרעג געטאָן דעם אַנדערן.

— וואָס זאָגסטו? — האָט דער געפרעגטער נייגעריק אַ פרעג געטאָן דעם פרעגער. ביידע האָבן נייגעריק זיך אָנגעקוקט, נישט געוואָגט רעדן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער ערשטער אַ זאָג געטאָן: — פּנחסעס זון יוסף אַרבעט ביי אים — און זיך אומגעקוקט צי גדעון האָט נישט געהערט.

תמר האָט זיך נישט געוויזן אין גאַס. שאול האָט געאַרבעט מיט אימפּעט און איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער. אויך טל, די טאָכטער זיינע, איז געווען נערוועז און זיך נישט געגאַנגען טרעפן מיט אירע חברים און חברטעס. נתן האָט געשוויגן. ער האָט געוווסט וועגן אַלעם. ער האָט כסדר זיך געטראָפן מיט אַלע דריי, נאָר ער איז געווען געשפּאַנט ווי אַזוי די ענינים צווישן זיי וועלן זיך ענדיקן. ער האָט זיך געפילט פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעכן. זיין הויפּט־זאָרג איז געווען תמר. ער האָט אויך געוואַרט, געווען נייגעריק, צי גדעון וועט איר עפּעס געבן און צי תמר וועט נעמען.

ער איז נישט איין מאָל אַריין צו גדעונען בשעת דער אַרבעט און פון ווייטנס שוין אים אַ זאָג געטאָן: „גדעון, שלום!" נאָר איז באַלד שטיל געבליבן, ווי ער זאָל זיך האָבן פאַרשעמט. ער האָט געזען ווי גדעון איז פאַרטאָן אין דער אַרבעט: אַ מאָל האָט ער געמישט דאָס מיסט אין גרוב, אָדער איבערגעשלעפּט און אָנגע־לייגט די פּעק שטרוי, צי גאָר אַ פאַרשוויצטער געפּוצט די קי. אַ ווײַלע האָט ער באַטראַכט גדעונען ווי ער האָרעוועט פאַרביסן ווי ער זאָל זיין פאַרמאַטערט. ביידע האָבן געשוויגן. נתן האָט נישט געוואָגט אים פרעגן. ער האָט געוווסט, אַז גדעון וויל נישט און קען נישט רעדן. נתן האָט עטלעכע מאָל אים נאָר אַ פרעג געטאָן אויף אָפּצוקומען: — דאַרפסט עפּעס האָבן? — גדעון האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין אָן אַ קוק צו טאָן אויף אים. נתן האָט אונטערגעוואַרט אַ ווײַלע, שטיל אים אַ זאָג געטאָן „שלום" און צוריק אַוועק. גדעון האָט געאַרבעט מיט כעס. ער האָט זיך געשעמט פאַר נתנען וואָס ער האָט אים נישט געענטפערט קיין „שלום" און פאַר זיך אַליין, צו וואָס פאַראַ מדרגה ער איז דערגאַנגען.

אין איינעם פון די אָוונטן איז נתן ווידער אַריין צו גדעונען אין הויף אַ קוק טאָן וואָס ביי אים הערט זיך. ער האָט אַפילו אַ רגע נישט אַ טראַכט געטאָן, אַז ער קען גדעונען טרעפן אין הויף אַזוי שפּעט. ביי גדעונען אין הויף איז געווען פינצטער. נתן האָט זיך איבערשפּאַצירט איבערן הויף. עס איז געווען שטיל. אינסטינקטיוו איז ער צוגעגאַנגען זען וואָס ביי תמרן הערט זיך. ער איז שטיין געבליבן פון ווייטנס, געקוקט אין פענצטער וואָס איז געווען באַלויכטן. ער איז געשטאַנען און געוואַרט, אפשר וועט ער הערן עפּעס אַ שאָרך פון אינעווייניק. ער האָט באַדויערט תמרן, איר מיטגעפילט, ווייל אים איז געווען קלאָר, אַז דער

קרבן איז זי. אַ צייט שפּעטער איז ער צוריק אַוועק. ער איז געגאַנגען ביים פּלויט ווי ער זאָל זיך היטן קיינער זאָל אים נישט זען.

איין מאָל איז ער צוגעגאַנגען צו שאולן. ער האָט געוואָלט זיך ביי אים דער־וויסן ווי עס האַלטן די ענינים. שאול, וואָס האָט גראָד אַריינגעלאָזט די שעפּסן אין זייער שטאַל, האָט, דערזעענדיק נתנען פון ווייטנס, שנעל פאַרשפּאַרט די שעפּסן אונטערן פּרענט און געבליבן שטיין. געוואַרט.

— שלום, שאול! — האָט נתן אים אַ זאָג געטאָן איבערן פּלויט אַריבער און געגאַנגען ווייטער. ער האָט געזען, אַז שאול וואַרט אים שוין אָפּ, נאָר ער האָט אין דער לעצטער רגע באַשלאָסן צו אים נישט אַריינגיין. ער האָט זיך באַזינען, אַז אים איז נישט כדאי זיך מיט אים אַריינלאָזן אין אַ שמועס אָן גדעונס וויסן. ער איז אויך נישט געווען זיכער ווי אַזוי שאול וועט אים אויפנעמען און וואָס ער וועט אים זאָגן און צי ער וועט נישט אויסרעדן אויף גדעונען.

שאול איז שטיין געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן פול שטוינונג. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס נתן איז נישט אַריין צו אים. ער האָט מיט ביידע הענט זיך אַ קראַץ געטאָן די באַקן, ווי ער זאָל האָבן אַ באָרד, און אַ מידער, אַ פאַרטראַכטער, אַריין צוריק צו די שעפּסן.

# לו

גדעון האָט מיטן פוס אָנגעדריקט די ברעמזע. דער טענדער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און איז שטיין געבליבן אין דעם שמאָלן, ווי אַ דורכגאַנג, געסל. ביידע, תמר און גדעון, זענען זיצן געבליבן פאַרקוקטע, ווי זיי זאָלן וואַרטן אויף וועמען. זיי איז געווען שווער אויפשטיין. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט גדעון אַ זאָג געטאָן, ווי עס זאָל אים אַ שאָד זיין זי איבערוועקן: — מיר זענען אָנגעקומען. זי האָט אים אָנגעקוקט דערשטוינט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אים איז געווען נישט אָנגענעם. אָן צו קוקן אויף איר האָט ער געעפנט די טיר. זיי זענען אויסגעשטיגן. גדעון איז געגאַנגען, זי נאָך אים.

דער הימל איז געווען טונקל און נידעריק, ווי אַ געדיכטער וואָלקן זאָל הענגען איבער טבריה. כאָטש אַ גאַנצע נאַכט האָט גערעגנט איז דער פאַרמיטאָג געווען אַ דעמפּיקער. זיי זענען שטיין געבליבן פאַר אַ שמאָלן טויער פון אַן איינשטאָקיק הויז. די ווענט זענען געווען פון שוואַרצן גליל־שטיין. אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען ווי זיי זאָלן נישט וויסן צי זיי דאַרפן דאָ אַריינגיין. פּלוצעם האָט גדעון אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז, ווי ער זאָל האָבן דערשמעקט עפּעס. דאָס האָט ער דערפילט דעם ריח פונעם כנרת און דערהערט דעם אָפּהילך פון די כוואַליעס־קלעפּ. דאָס האָט אים ווידער דערמאָנט סמדרן.

אָן איבערראַשטער האָט ער אַ קוק געטאָן אויף תמרן, ווי ער זאָל זיך וווּנדערן

וואָס זי שטייט נעבן אים: — קום — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן און זי אַריינגע־לאָזט אינעווייניק די ערשטע. זי איז געגאַנגען מיט דעם שמאָלן און לאַנגן אייגאַנג און געקוקט אַראָפּ. אויך זי איז געגאַנגען נעבן אים אַ פּאַרטראַגענע. זי האָט געזען זיך אין דער ראָל פון אַמאָל: ווי גדעון איז געקומען, זי אויפגעזוכט דאָס ערשטע מאָל. די נאַכט ווען זי האָט פאַר אים פונאַנדערגעשפּרייט דעם קאָץ אונטער דעם פאַרצווייגטן פיקוס. אירע ברעמען זענען געווען צונויפגעקאַרטשעט, איר פּנים פאַרכמורעט. זי האָט געטריבן פון זיך די דערינערונגען. זי זאָל זיי וואָס שנעלער פאַרגעסן האָט זי זיך געצווונגען טראַכטן וועגן אירע עלטערן, דער מומע חינקה. אויך איצט האָט זי געמאַטערט אַ געדאַנק: „ווען זיי זאָלן לעבן, וואָס וואָלטן זיי געזאָגט צו אירע ליידן און איבערלעבונגען.

גדעון איז איר נאָכגעגאַנגען. ער איז שטיין געבליבן פאַר אַ ברוינער טיר. מיט אים תמר. ביידע האָבן אַוועקגעקוקט, ווי זיי זאָלן זיך שעמען. מיט אַ מאָל האָט די טיר זיך געעפנט און אַ ייד מיט אַ לאַנגער, שמאָלער, שוואַרצער באָרד, מיט אַ קאַפּל אויפן קאָפּ, האָט אויסגערופן: — גדעון כפּרי! — גדעון האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז דאָס איז ער, און אַ ווונק געטאָן תמרן זי זאָל אַריינגיין. תמר האָט אין געאייל זיך אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ טיכל און איז אַדורך די טיר. גדעון איז איר נאָכגעגאַנגען. דער ייד האָט צוגעמאַכט די טיר.

תמרן האָט פאַרפּעלט אָטעם. זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און דערפילט די טוכלע ווינטער־פייכטקייט. איר אַנטקעגן, ביי אַ לאַנגן, הילצערנעם טיש, וואָס איז געווען פאַרלייגט מיט ספרים, זענען געזעסן דריי רבנים מיט לאַנגע בערד, מיט קאַפּלעך אויף די קעפּ. דער מיטלסטער רב, אַ זקן מיט אַ ווייסער באָרד, האָט געלייענט מיט די אויגן די פּאַפּירן וואָס זענען געלעגן פאַר אים. אינסטינקטיוו האָט תמר זיך אומגעקוקט, ווי זי זאָל זוכן גדעונען. ער איז געשטאַנען הינטער איר. די אַנדערע צוויי רבנים האָבן אַריינגעקוקט אין ספרים. גדעון האָט געקוקט אַראָפּ, געוואַרט. די טוכלע ווינטער־פייכטקייט אין שטוב האָט נאָך פאַרשטאַרקט די שטילקייט. זי איז געווען אַנגעדראָלט און פּיינלעך.

דער אַלטער רב האָט אָפּגעאָטעמט ווי ער זאָל אַ קרעכץ טאָן און אַ פרעג געטאָן תמרן: — נאָך וואָס ביסטו אַהערגעקומען?

תמר האָט דערשטוינט אָנגעקוקט גדעונען. — זאָג — האָט ער שטיל איר אַ זאָג געטאָן.

— אַ גט נעמען — האָט זי שטיל געענטפערט און געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי זי זאָל זיך שטיקן.

פאַר וואָס? — האָט דער אַלטער רב זי ווידער אַ פרעג געטאָן.

תמר האָט פאַרמאַכט די אויגן. איר פּנים איז געוואָרן גרין. איר אָטעם אָפּגע־האַקט און זי האָט אַ שטאַמל געטאָן: — איך בין אַן עקרה — און זיך צעהעשעט. זי האָט נישט געקענט וויינען.

— אוי! — האָט דער אַלטער רב אַ קרעכץ געטאָן און זי אַ פרעג געטאָן נישט קוקנדיק אויף איר — ער צווינגט דיך?

זי האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

דער רב, וואָס האָט שוין געוווּסט זייער לעבנס־פּאַרלויף, האָט ביי איר גע־פאָדערט: — זאָג!

זי האָט זיך אויסגעגליכן, האָט אָפּגעאָטעמט און מיט שטאָלץ שוין אַ זאָג געטאָן: — איך וויל אים באַפרייען.

דער רב האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער פאַרשטייט. ער האָט אָנגעקוקט די צוויי רבנים פון ביידע זייטן. זייערע אויגן זענען געווען פול טרויער.

— שרייבט אונטער — האָט דער אַלטער רב זיי אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל ברומען. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיי אונטערגערוקט דעם הסכם. ביידע האָבן אונטערגעשריבן.

— גייט אַרויס און וואַרט ביז מען וועט אייך רופן — האָט דער רב פון לינקס זיי געזאָגט. ביידע זענען אַרויס פון בית־דין.

אין דרויסן, אין קאָרידאָר, זענען זיי שטיין געבליבן זיך אַנטקעגן. תמר האָט פאַרמאַכט די אויגן און אָנגעלענט איר קאָפּ אויף דער וואַנט, ווי זי זאָל נישט וועלן אָדער נישט קענען זען גדעונען. ער איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי ער זאָל זיך שעמען וואָס ער געפינט זיך דאָ. ביידע האָבן עס שווער איבערגעלעבט. זיי האָבן נישט געקענט און נישט געוואָלט רעדן. זיי האָבן פאַרשוויגן דעם סוף פון זייער אומגליק.

ווען זי האָט געעפנט די אויגן, ווי זי זאָל אים אָנקוקן, האָט ער איינגעביסן זיין אונטערשטע ליפּ און נערוועז זיך אַ צופּ געטאָן אַ שפּיץ וואָנסע. פון מאָל צו מאָל האָט זי שטיל אַ זיפץ געטאָן. דעמאָלט האָט ער אויף איר אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן מיט פאַרמרוזשעטע אויגן, ווי ער זאָל וועלן איר עפּעס זאָגן.

ווען דער ייד מיט דער שוואַרצער באָרד האָט געעפנט די טיר און גדעונען אַ וויז געטאָן מיט דער האַנט זיי זאָלן אַריינגיין, האָט גדעון זי אַ רוף געטאָן: — תמר! — זי האָט אָפּגעריסן דעם קאָפּ פון דער וואַנט, ווי זי זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט.

דער אַלטער, גרויער רב האָט גדעונען דערלאַנגט דעם גט און אים אַ זאָג געטאָן: — גיב איר דעם גט און זאָג איר: הרי אַת מגורשת.

גדעון איז געבליבן מיטן גט אין האַנט. עס האָט געדויערט ביז ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט. ער האָט איר דערלאַנגט דעם גט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט מיט די שפּיץ פינגער אָנגענומען דאָס שטיקל פּאַרמעט און פאַרמאַכט די אויגן.

— הרי אַת מגורשת — האָט ער אַ שטאַמל געטאָן.

זי האָט זיך צעהעשעט. זי האָט שוין לאַנג נישט געהאַט קיין טרערן צום וויינען.

דער אַלטער, גרויער רב האָט אַ נעם געטאָן דעם גט פון איר האַנט און איר אַ זאָג געטאָן: — אישה, אַת פטורה. — דער זעלבער רב, וואָס האָט פריִער זיי געהייסן אַרויסגיין און וואַרטן, האָט יעדן פון זיי דערלאַנגט אַן אָפּשריפט פון גט.

תמר האָט אױסגעשטרעקט די האַנט, װי זי זאָל זײַן געלײמט. איר האָט אַ קלעם געטאָן בײַם האַרץ און אַלע גלידערים אין איר האָבן געציטערט. זי האָט אַ שלוקעכץ געטאָן, נאָר מיט דער צװײטער האַנט האָט זי זיך פֿאַרשטופּט דאָס מױל, מיט אַלע כּוחות געװאָלט זיך באַהערשן נישט שלוכצן און נישט װײנען.

זי איז אַרױסגעלאָפֿן פֿון צימער. גדעון איז שנעל איר נאָכגעגאַנגען. אױף דער גאַס האָבן זײ זיך פֿאַרהאַלטן. זי האָט אים אָנגעקוקט. אירע אױגן זענען געװען בײז און טרױעריק. אַמאָל זענען זײ געװען גרױס, אױפֿגעריסן, אַמאָל קלײן, פֿאַר־מרוזשעט. יעדעס מאָל האָט אַן אַנדערער נערװו אין פּנים איר אַ ציטער געטאָן.

— קום פֿאָרן אַהײם — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן.

זי האָט באַלד אים נישט געענטפֿערט. ערשט אַ װײַלע שפּעטער האָט זי אים אָנגעקוקט מיט שטױנונג און האָט אַ שטאַמל געטאָן: — אַהײם? — ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אױגן און פֿאַרביסן די ליפּן. ער האָט זיך געכאַפּט װאָס ער האָט איר געזאָגט. זײ זענען געשטאַנען אײנער נעבן אַנדערן און זיך נישט אָנגעקוקט װי זײ זאָלן װאַרטן אױף װעמען. דאָך האָט ער ריזיקירט און איר פֿאָרגעשלאָגן:

— קום טרינקען אַ גלאָז טײ — און אַ קוק געטאָן אױף איר.

זי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אױף נײן און אַפֿילו נישט אַ קוק געטאָן אױף אים. איר איז געװען פֿריקרע װאָס זי זאָגט אים אָפּ. אין מאָמענט האָט ער נישט געדענקט, אַז זײ זענען נאָר װאָס אַרױס פֿון בית־דין װוּ ער האָט זי אָפּגעגט.

— קום! — האָט ער איר װידער אַ מאָל אַ זאָג געטאָן און פֿאַמעלעך גענומען גײן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אים נאָכגעגאַנגען.

זײ זענען געגאַנגען און געשװיגן. מיט אַ מאָל איז ער שטײן געבליבן. זי מיט אים. ער האָט זי אָנגעקוקט, מיט דער האַנט אױפֿגעהױבן איר קאָפּ און אַ קוק געטאָן איר אין די אױגן. זי האָט אַ װאָרף געטאָן מיטן קאָפּ, זיך באַפֿרײַט פֿון אים.

— אַה! — האָט ער אַ זיפֿץ געטאָן, װי עפּעס זאָל זיך אין אים האָבן אָפּגע־ריסן. אים איז קלאָר געװאָרן, אַז זײ זענען געגט און אַז זײ מוזן זיך איצט צעגײן. ער האָט זיך אָנגעבױגן, געװאָלט איר אַ קוש טאָן. זי האָט זיך פֿון אים אָפּגערוקט. אַ װײַלע זענען זײ געשטאַנען און געשװיגן. דאָס שװײַגן איז פֿאַר בײדע געװען פּײַנלעך. בײדע האָבן געװאָלט רעדן, זײ האָבן געהאַט אַ סך זיך צו זאָגן, נאָר בײדע האָבן אַלץ פֿאַרשװיגן. די ענגשאַפֿט אין געסל האָט אױף זײ געדריקט. בײדע האָבן געהאַט דאָס געפֿיל, אַז זײ געפֿינען זיך אין אַ טורמע־הױף.

מיט אַ מאָל האָט זי אים אױסגעשטרעקט די האַנט און זיך אין אים אײַנגע־קוקט, װי זי זאָל אים זען דאָס לעצטע מאָל. ער האָט איר נישט דערלאַנגט די האַנט. אַן איבערראַשטער האָט ער דערשטױנט זי אָנגעקוקט. ער האָט נישט געװוּסט װאָס זי װיל. ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, אַז זי װיל זיך מיט אים געזעגענען. זי האָט זיך פֿאַרלױרן.

אַ װײַלע שפּעטער האָט זי אױסגעשטרעקט איר קאָפּ, אים אָנגעקוקט מיט װירדע. אירע אױגן האָבן געגלאַנצט, געװען פֿײַכט. — גדעון, שלום! — האָט זי

אים אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק פון אים. זי איז געגאַנגען שנעל און די קני האָבן זיך אונטער איר געבראָכן.

ווי נאָר תמר איז אַרויסגעקומען פון הינטערן ראָג־הויז איז זי אַריין אין דעם קורצן און געַנוג ברייטן געסל. די נידעריקע שטיינערנע הייזער פון ביידע זייטן האָבן מיט זייערע לײדיקע פענצטער אויסגעזען ווי אויסגעלאָשענע לאַמטערנס אין מיטן טאָג. שאול איז איר אַנטקעגנגעקומען. ער האָט איר אויסגעשטרעקט די הענט, ווי ער זאָל זי וועלן שיצן. ער האָט לויט איר הולך געזען און פאַרשטאַנען וואָס זי לעבט איבער. זי האָט מיטן טיכל אויפן קאָפּ אויסגעזען פאַרעלטערט. דאָס פּנים אירס איז געווען גרין און אָפּגעצערט. די אויגן אירע זענען געווען שוואַרץ, אונטערגעהאַקט.

זי איז אים אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס. ער האָט זי אַרומגענומען. זי האָט אָפּגעאָטעמט און זיך צוגעטוליעט צו אים. ער האָט זי געהאַלטן און זי געפירט אָן צו זען ווו ער שטעלט די פיס. דער אָטעם זיינער איז געווען אַ צוגעאיילטער.

ער איז מיט איר געגאַנגען פון איין געסל אין אַנדערן. מיט אַ מאָל האָט זיך פאַר זיי באַוויזן דער צעשטורעמטער כנרת. נאָר ביידע האָבן אים נישט געזען. ביידע זענען געווען פאַרנומען מיט זיך. שאול האָט זי צאַרט אַרומגענומען און צאַרט איר אַ זאָג געטאָן: מיין תמר״, איר אַ קוש געטאָן אין אויער און אין האַלדז. זי האָט מיט ביידע הענט אַנגענומען זיין קאָפּ, אים אַ קוש געטאָן אין די ליפּן און האָט זיך צעוויינט.

— תמר, דאָס זענען טרערן פון גליק — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן, צאַרט.

זי האָט אים אָנגעקוקט און אַ שמייכל געטאָן דורך די טרערן. ער האָט זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און זי געפירט.

גדעון איז געבליבן אַ געפּלעפּטער, ווי עס זאָל אים ווער האָבן דערלאַנגט מיט אַ דראָנג איבערן קאָפּ. ער האָט געפילט ווי דאָס בלוט אין אים רינט פון אים אָפּ. ער האָט געהאָרכט זיין האַרץ־טיאַך און אַ היץ האָט אים באַשיט. ווען ער איז געקומען צו זיך האָט ער אַ הויך געטאָן: „האַאַ!״ ווי די געדערעם אין אים זאָלן ברענען. ער האָט זיך דערפילט עלנט. ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, ווי ער זאָל קרישלען אַ שטיין און האָט זיך אַ זאָג געטאָן: „אַ פאַרשאָלטן נפש מיט אַ הינטיש מזל!״ — ווי ער זאָל אַדורכזייען די ווערטער דורך די ציין. ער האָט אַ פאַרבייל געטאָן די פויסטן און זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ. — אוי! אוי! — האָט ער ווי אַ וואָיע געטאָן און זיך צעוויגט ווי אַ בוים אין אַ שטורעם.

מיט אַ מאָל איז ער שטיין געבליבן אַן איינגעהויקערטער. אַ צייט שפּעטער האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט אויסגעשטרעקטע פויסטן, ווי ער זאָל וועלן אָנגרייפן, האָט ער זיך איינגעקוקט אין דער ווייט, ווי ער זאָל וועמען זען, און האָט אַ סילאַביזיר געטאָן, ווי אַ קינד וואָס לערנט זיך רעדן: — סמ־דר! —

אין דעם מאָמענט האָט ער אַ פֿאַרוווּנדערטער זיך אומגעקוקט צי עס האָט ווער געהערט וואָס ער האָט געזאָגט.

— יוסף און דינה וועלן זאָרגן פֿאַר די בעלי־חיים — האָט ער זיך געזאָגט. ער האָט זיך אויסגעדרייט און געגאַנגען צוריק.

ער האָט אויפֿגעפּראַלט, ווי ער זאָל אויפֿרײַסן די טיר פֿון טענדער. ער איז אַרײַנגעשפּרונגען און צוגעקלאַפּט נאָך זיך די טיר. ער האָט אָנגעצונדן דעם מאָטאָר און אײַנגעשטעלט דעם גאַנג. די מאַשין האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿאָרויס.

דער אויטאָ האָט געקרעכצט און פֿאַמעלעך געשטיגן, געפֿאָרן אַרויף. ווען דער אויטאָ איז אַרויף אויפֿן באַרג, געלאָזט אונטן דעם כנרת, האָט גדעון געגעבן גאַז און דער אויטאָ איז אַ לויף געטאָן איבער דעם גלײַכן, אַספֿאַלטירטן וועג.

גדעון איז געפֿאָרן צו סמדרן...



אינהאַלט: